# פון
# דור
# צו
# דור

פון

## לייבוש לעהרער

פאַרלאַג מתנות ניו יאָרק

אַרויסגעגעבן פון
פאַרלאַג „מתנות״
ביים
שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט

# FUN DOR TSU DOR

## FROM GENERATION TO GENERATION

*Essays by*

LEIBUSH LEHRER



*Published by*
FARLAG MATONES
41 Union Square, New York 3, N. Y.

Printed in U. S. A. by
SHULSINGER BROS., New York 3, N. Y.

 253

# אינהאַלט

## שנאה און חורבן

# הקדמה

עס איז מסתמא ניט געווען אַזאַ צייט אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע ווען דער איבערגאַנג פון איין דור צום צווייטן איז געווען אַזוי שווער און פיינלעך ווי מיר זעען עס איצט. וואָרעם צווישן דעם נעכטן און דעם היינט אין יידישן לעבן ליגט איצט אַזאַ מורא׳דיקער תהום אַז אין פלוג איז שווער צו באַנעמען ווי אַזוי מיר קענען אים אַריבערשפרייזן אָן ערנסטע סכנות.

איז קיין חידוש ניט וואָס אַלע גרויסע יידישע פּראָבלעמען, די וואָס האָבן תמיד אויפגערודערט דעם יידישן געדאַנק, האָבן איצט באַקומען אַן אַנדער אויסזען און פאָדערן אַן אַנדער צוגאַנג. דעריבער הייבט זיך אָן דאָס דאָזיקע בוך מיטן סאַמע פונדאַמענט פון אונדזער קיום, מיט יידישער דערציאונג. יעדער בר דעת קען לייכט פאַרשטיין אַז אין דעם, בפרט אין אַמעריקע, האָבן מיר צו טאָן מיט עפּעס אַזויגס וואָס אונדזערע אבות־אבותינו האָבן פון דעם ניט געוואוסט. אַזעלכע האַרבע און ניי־פאָרמירטע שאלות וואָס יידישער חינוך רוקט אַרויס, לייגט אויף אונדז אַרויף די שווערסטע אחריות וואָס מיר זענען געצוואונגען צו טראָגן אין דער איצטיקער ערנסטער צייט. איך האָב געהאַלטן פאַר מיין חוב זיך צו קאָנצענטרירן קודם כל אויף דעם וואָס דער נייער דור שטעלט מיט זיך פאָר און וואָסערע שטרויכלונגען מיר דאַרפן בייקומען אין דער יידישער דערציאונג פון אַזאַ דור.

פונקט ווי אַלץ אין דער איצטיקער צייט איז אַנדערש, אַזוי האָט אויך אונדזער גורל געבראַכט דערצו אַז די היסטאָרישע יסורים אונדזערע זאָלן דערפירט ווערן צו אַ „חורבן". ממילא איז אויך נייטיק געווען אונטערצושטרייכן דעם ספּעציעלן זינען וואָס „שנאה און חורבן" האָבן פאַר אונדז באַקומען אין דער קריטישסטער צייט פון היסטאָרישער אוממענטשלעכקייט.

פאַראַן נאָך אַ טעמע אין דעם בוך וואָס קען, אין פלוג, מאַכן אַן איינדרוק פון אַן אַבסטראַקטן ענין, ווייל עס האָט בלויז צו טאָן מיט געפיל און באַציאונג. דאָך ליגט אין דעם ממש קריטישע ערנסטקייט פאַרן גאַנג פון יידישן לעבן. איך האָב דאָ אין זינען דעם באַגריף גלות וואָס מיר דאַרפן אויף ס׳ניי פאָרמולירן און צופּאַסן צו אונדזער לאַגע אין דער איצטיקער צייט בכלל און צו אַמעריקע בפרט.

די היציקע וויכוחים אַרום דער פראַגע צי אַמעריקע איז יאָ גלות אָדער ניט, האָט אומדירעקט אַנגעוואונקען אויף אַן אינטערעסאַנטן פּסיכישן צו־

שטאַנד. פון איין זייט לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט פאַרוואַרפן אַ טערמין וואָס האָט תמיד אויסגעדריקט אַ וואָרצלדיקן אמת פון אונדזער היסטאָרישער רעאַליטעט. פון דער אַנדער זייט שיקט זיך ניט אַנצואווענדן אַ ריין נעגאַ־טיווע כאַראַקטעריסטיק אויפן וואונדערלעכן ישוב, וואָס מיליאָנען ברידער און שוועסטער אונדזערע האָבן אויפגעבויט אין דער דעמאָקראַטישער און פרייער אַמעריקע. קענטיק אַז אויך דעם דאָזיקן באַגריף דאַרפן מיר איבער־פאָרמולירן לויט די פאָדערונגען פון צייט, לעבנס־תנאים און קולטור־סביבה וואָס רינגלען אונדז אַרום. אָט דאָס איז די אויפגאַבע וואָס איך האָב זיך געשטעלט ביים אַנאַליזירן אונדזער קוק אויף גלות.

די עסייען וואָס גייען אַריין אין דעם בוך זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן צווישן 1930—1958. איך האָב זיך אַליין ניט געריכט אַז, ניט געקוקט אויף דעם גרויסן צייט־אָפּשטאַנד, וועט זיך אַרויסווייזן אַזאַ פולע איינהייטלעכקייט. אין משך פון די 28 יאָר זענען אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען און השערות באַקרעפטיקט געוואָרן און זיי קייטלען זיך קאָנסעקווענט אַריין איינע אין דער אַנדערער. דאָס וואָס זיי דערשיינען איצט צוזאַמען אין אַ בוך הייבט נאָך בולטער אַרויס אָט די כאַראַקטעריסטיק. דאָס איז טאַקע געווען איינע פון די כוונות פונעם מחבר.

זאָל דאָ אויך באַמערקט ווערן אַז איך האָב געמאַכט געוויסע קליינע ענדערונגען אין די עסייען; טיילמאָל בנוגע אויסלייג, אַן אַנדערש מאָל אין דער קאָנסטרוקציע פון זאַצן. אין געוויסע פאַלן האָב איך אויך געמאַכט קירצונגען וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר סטיליסטיש נייטיק. איך האָב זיך אָבער תמיד געהיט ניט אָנצורירן די געדאַנקען און כוונות פון עסייען ווי זיי זענען לכתחילה אויסגעדריקט געוואָרן. דאָס זעלביקע איז ריכטיק וועגן די אַנדערע ביכער וואו מיינע שוין געדרוקטע עסייען זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן.

**לייבוש לעהרער**

ניו־יאָרק, דעצעמבער, 1959

# דער איינפלוס פון יידיש אויפן ענגליש
# פון אונדזערע קינדער

אינעם זשורנאַל „סקול לאַיף“, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן פון דער „ביוראָ אָוו עדיוקיישאָן“ פון דער פעדעראַלער רעגירונג, האָב איך מיט איבער אַכט יאָר צוריק (פעברואַר, 1921) געלייענט אַן אַרטיקל פון אַ געוויסער עליזאַבעט א. וואודוואַרד. אין יענעם אַרטיקל ווערט געבראַכט אַ דערקלערונג פון אַ „פּראָבעישאָן אָפיסער“ פונעם ניו יאָרקער קינדער־געריכט מיטן נאָמען בערנאַרד דזש. פעיגאַן. אָט וואָס ער זאָגט: „אין משך פון לעצטן יאָר האָט מען אין ניו יאָרקער קינדער־געריכט געבראַכט 15,000 קינדער. פון זיי האָט מען 6,621 קינדער איבערגעגעבן צום פּראָבעישאָן דעפּאַרטמענט צו מאַכן אַן אונטערזוכונג און אַ געזעלשאַפטלעכן אַנאַליז. דאָס האָט איינגע־שלאָסן אַלע קלאַסן פאַרברעכער. דער סך־הכל פון טאַבולירן געבוירן־פּלעצער באַווייזט: אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער פון פרעמד־געבוירענע עלטערן — 3,899, אָדער 58.8 פּראָצענט. פרעמד־געבוירענע קינדער פון פרעמד־געבוירענע עלטערן — 751, אָדער 11.4 פּראָצענט“. ברענגענדיק די דאָזיקע ציפערן, ווערט ווייטער צוגעגעבן אין מר. פעיגאַנס נאָמען: „איך קווענקל זיך לחלוטין ניט צו זאָגן, אַז די עלטערנס אומפייאיקייט צו רעדן ענגליש איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ סך קינדער־פאַרברעכער אינעם דאָזיקן געריכט“.

לכתחילה איז מיר באמת שווער געווען צו פאַרשטיין דעם סמיכת הפרשה. ס'איז אמת, אַז לויט די דאָזיקע ציפערן קומט טאַקע אויס, אַז די גרעסטע צאָל קינדער־פאַרברעכער שטאַמט פון פרעמד־געבוירענע עלטערן. אָבער ערשטנס איז פרעמד־געבוירנקייט ניט תמיד פאַרבונדן מיט ניט־קענען רעדן ענגליש, און צווייטנס, וואו ליגט דאָך דער שכל, אַז ווען עלטערן קענען ניט קיין ענגליש, זאָל דאָס ברענגען דערצו, אַז די קינדער זאָלן ווערן פאַרברעכער?

ווען איך האָב זיך נאָכדעם באַגעגנט מיט אַ „פּראָבעישאָן אָפיסער“, האָב איך אים איבערגעגעבן פעיגאַנס טעאָריע און געבעטן, ער זאָל זי מיר געבן צו פאַרשטיין, אויב ער פאַרשטייט זי אַליין. לויט זיין השערה האָט פעיגאַן געקענט מיינען אַזוי: ווען די עלטערן — ספּעציעל די מוטער — רעדן ניט קיין ענגליש, מוזן דאָך די קינדער מיט זיי רעדן אויף דער פרעמדער שפּראַך, און דאָס אַליין מאַכט קאַליע די קינדערס ענגליש. דערמיט ווערן זיי אָפּגעזונ־דערט פון חברים, וואָס רעדן אַן עכט־אַמעריקאַנער ענגליש. אָט די אָפּגע־זונדערטקייט רופט ביי זיי אַרויס אַ מין ווידערווילן צו דער אַרומיקער אַנער־קענטער, אָנשטענדיקער געזעלשאַפט. און דאָס גרייט צו אַ פּסיכישן באָדן, אַז זיי זאָלן מיט אַ לייכט געמיט קענען ברעכן אַן אָנגענומענעם געזעלשאַפט־לעכן איינפיר, ווען זייערע מאָמענטאַלע אינטערעסן פאָדערן עס.

מילא, די טעאָריע גופא איז ניט וויכטיק. פון די אַלע רייד האָט מיך בלויז פאַרטשעפּעט דער געדאַנק, אַז וויבאַלד די עלטערן און די קינדער אַליין רעדן אויף אַ פרעמדער שפּראַך, מוז דאָס האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף זייער ענגליש. איז דאָס אמת?

פון דעמאָלט אָן האָב איך זייער אָפט געהערט אין אונדזער אייגענעם לאַגער וועגן דער נאַטירלעכער שלעכטער ווירקונג וואָס יידיש האָט אויף די קינדערס ענגליש. געוועז אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אויסגעדריקט זייער אומצופרידנקייט מיט די יידישן שולן, ווייל מען קען ניט דערלאָזן, אַז אונדזע־רע קינדער, וואָס דאַרפן דאָס גאַנצע לעבן זייערס פאַרברענגען אין אַמעריקע, זאָלן רעדן ענגליש מיט אַ פרעמדער אויסשפּראַך. דערויף פלעגן אַ סך ענטפערן, אַז יידיש איז אַ טיפער לעבנס־ענין און אַז מען קען ניט אויפגעבן די קולטור פון אַ פאָלק צוליב אַ פראַגע פון אויסשפּראַך אין ענגליש. און כאָטש דער ענין גופא איז נישט געענוי דיסקוטירט געוואָרן, האָבן אָבער כמעט אַלע צוגעגעבן, אַז די מעגלעכקייט פון אַ שלעכטן איינפלוס פון יידיש אויף ענגליש לייגט זיך זייער שטאַרק אויפן שכל.

ווי ווייט איך ווייס, האָט מען תמיד גערעדט וועגן דעם ענין פון שטאַנד־פונקט פון איינדרוקן און סברות. קיין אונטערזוכונג איז ניט געמאַכט געוואָרן. אָבער מיר ווייסן דאָך אַלע, אַז מיר האָבן אַזוי אָפט געליטן פון פאַרלאָזן זיך אויף דעם וואָס דער „שכל הישר" איז מחייב, אַז סתם אָננעמען אַן אמת איידער מען פּרובירט אים אויס, איז פשוט אַ זינד. טאָ לאָמיר זיך אויך דאָ אָפּהאַלטן פון ענדגילטיקע מיינונגען, ביז מיר דערגרייכן רעזולטאַטן פון פאַסיקע טעסטן.

נאָר ווען מיר קומען אַ ביסל נענטער צום ענין, דערזעען מיר גלייך, אַז די פראַגע איז ניט אַזאַ פשוטע ווי עס קען זיך אין פלוג אויסווייזן. ערשטנס, ניט אַלע פרעמדע שפּראַכן זענען גלייך פרעמד פון ענגליש. איטאַ־ליעניש איז אַ סך ווייטער פון ענגליש איידער יידיש. נאָרוועגיש איז אַ סך נעענטער צו ענגליש איידער טשעכיש און אַזוי. אויב מיר וועלן דעם ענין געענוי אויספאָרשן, איז דאָך מעגלעך, אַז די שלעכטע ווירקונג פון געוויסע שפּראַכן אויף ענגליש וועט זיין אַזוי נישטיק, אַז מיר וועלן זיי גאַנץ לייכט קענען אַרויסלאָזן פון חשבון. צווייטנס, אין וואָס באַשטייט די „שלעכטקייט" פון דער „שלעכטער ווירקונג"? האָט דאָס צו טאָן מיט גראַמאַטיק, מיט אידיאָם, מיט קאָמפּאָזיציע, מיט פליסיקייט אין רעדן, מיט אינטאָנאַציע, מיט אויסשפּראַך, אָדער מיט אַ טייל פון זיי, אָדער מיט אַלע צוזאַמען? ווען מען זאָגט אַזוי אַגולנע „שלעכטע ווירקונג", נעמט דאָס אַריין אין זיך אַזוי פיל פּרטים און אַזוי פיל עלעמענטן פון יעדן פּרט, אַז עס קען גאָר קיין האָפע־נונג ניט זיין מיר זאָלן וועגן דעם ענין קלאָר ווערן.

ווי עס ווייזט אויס, איז די פּראָבלעם אַ גאַנץ־קאָמפּליצירטע. זי האָט

צו טאָן מיט דער אַלגעמיינער פראַגע פון צוויי־שפּראַכיקער דערציאונג, וואָס ווערט אַלץ וויכטיקער און אַנזעעוודיקער אין דער וועלט. דאָס איז אַן אויפגאַבע וואָס פאָדערט אַ סך גרינטלעכע און יאָרנלאַנגע אַרבעט.

די אונטערזוכונג וואָס ווערט דאָ געבראַכט, האָט זיך געשטעלט אַ סך באַשיידענערע אויפגאַבען און איז פון אַ דערוויילינקן כאַראַקטער. דאָ וועט זיך האַנדלען בלויז וועגן דער ווירקונג פון יידיש אויף ענגליש, און שטיצט זיך, אין געוויסע פאַלן, אויף אומדירעקטע באַווייזן דאָרט וואו קיין דירעקטע זיינען ניט מעגלעך געווען.

כדי צו באַשטימען צי די קינדערס יידיש קען שעדיקן זייער ענגליש, איז קודם־כל נויטיק צו נעמען אַזעלכע קינדער, וואָס אין זייערע היימען רעדט מען בלויז יידיש, אָדער, ווינציקסטנס, אויך יידיש. צווייטנס דאַרפן די דאָזיקע קינדער זיין עלטערע. וואָרעם אין העכערן עלטער וועט מעגלעך זיין צו זען ווי גרויס די שלעכטע ווירקונג איז. מען דאַרף, הייסט עס, אויסקלייבן אַזאַ עלטער, אין וועלכער דער פרעמד־שפּראַכיקער פאַקטאָר זאָל האָבן געהאַט גענוג צייט אויף אַרויסצוברענגען זיין איינפלוס. דריטנס דאַרף מען נעמען אַזעלכע קינדער וואָס גייען אין ענגלישע שולן, כדי מען זאָל זיך קענען רעכענען מיט זייער אַרבעט אין ענגליש און מיט די מיינונגען פון זייערע ענגלישע לערער. פערטנס וואָלט געווען גוט צו נעמען קינדער וואָס האָבן שוין אַ לאַנגע צייט געלערנט אין יידישע שולן. וואָרעם די יידישע שול — וואו די יידישע שפּראַך איז די נשמה פון די לימודים און טעטיקייטן — וואָלט געדאַרפט פאַרגרעסערן די ווירקונג פונעם יידיש־שפּראַכיקן פאַקטאָר. דאָס איז ספּעציעל אמת בנוגע די קינדער וואָס באַזוכן זי אַ לענגערע צייט. די יידישע שול איז בכלל אַן אינטים ווינקל פאַר די קינדער. די קינדער וואָס באַזוכן זי לאַנג גענוג ווערן מיט איר אַזוי נאָענט פאַרבונדן, אַז די שפּראַכיקע ווירקונג וואָלט זיך געדאַרפט זייער שטאַרק אַרויסזען.

האָב איך זיך ממילא געווענדט צו די קינדער פון אַ העכערער יידישער שול, פון אַ מיטלשול, ווייל זיי קומען נאָך די אַלע דערמאָנטע פאָדערונגען. אין דעם פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט די קינדער פון דער שלום עליכם מיטלשול, זיי האָבן געענטפערט אויף דער ווייטערדיקער אַנקעטע.

געשלעכט....... עלטער.......

1) ווי לאַנג לערנסטו אין יידישע שולן?

2) אויף וואָסער שפּראַך רעדסטו מיט דיינע עלטערן? יידיש, ענגליש,ביידע.

3) אויף וואָסער שפּראַך רעדן די עלטערן צו דיר? יידיש, ענגליש, ביידע.

4) רעדט דיין מוטער אַ קאָרעקטן ענגליש? זייער גוט, גוט, נישקשה, שלעכט.

5) רעדט דיין פאָטער אַ קאָרעקטן ענגליש? זייער גוט, גוט, נישקשה, שלעכט.

6) ווי איז דיין מוטערס אויסשפּראַך אין ענגליש? זייער גוט, גוט, נישקשה, שלעכט.

7) ווי איז דיין פאָטערס אויסשפּראַך אין ענגליש? זייער גוט, גוט, נישקשה, שלעכט.

8) ווי איז דיין אויסשפּראַך אין ענגליש? זייער גוט, גוט, נישקשה, שלעכט.

9) אויב דו האָסט שוועריקייטן אין דיין ענגלישער אויסשפּראַך, אין וואָס באַשטייען די שוועריקייטן?

10) גיב אָן דיינע סקול־צייכנס פאַר ענגליש אין די לעצטע דריי באַריכט־קאַרטלעך.

ווי מען קען זען, האָבן די קינדער ניט געדאַרפט אָנגעבן זייערע נעמען. דער געדאַנק איז געווען, זיי זאָלן זיך פילן פריי בעת זיי רעדן וועגן דעם ענגליש פון זייערע עלטערן אָדער פון זיך אַליין. וויכטיק איז אויך צו באַמערקן, אַז כדי צו ענטפערן אויף דער אַנקעטע, האָט מען כמעט גאָרניט געדאַרפט שרייבן. וואָרעם שרייבן איז, אין אַזעלכע פאַלן, אַ לאַסט וואָס מען וויל גיכער פּטור ווערן. דאָס וואָס שרייבן ווערט אויסגעמיטן, מאַכט אַז דער ענטפער זאָל זיין קלאָרער און אמתדיקער.

די ערשטע און די צענטע פראַגע פאָדערן בלויז ציפערן. אַלע פראַגן פון דער צווייטער ביז דער ניינטער ווערן פאַרענטפערט בלויז מיט אונטערשטרייכן אַ וואָרט. אמת, די ניינטע פראַגע וועגן שוועריקייטן אין ענגלישער אויסשפּראַך פאָדערט יאָ עטלעכע געשריבענע ווערטער, אָבער דאָס איז בלויז דעמאָלט ווען אויסשפּראַך־שוועריקייט איז פאַראַן, און אין יעדן פאַל האַנדלט זיך טאַקע ניט מער ווי וועגן עטלעכע ווערטער.

בנוגע דער אַכטער און ניינטער פראַגע, האָב איך פאַר די קינדער קלאָר געמאַכט, אַז עס האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן זייערע אייגענע אָפּשאַצונגען, נאָר אויך וועגן די מיינונגען פון פריינד און דער עיקר, פון ענגלישע לערער. טאָמער האָט מען זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זייער אויסשפּראַך אין ענגליש איז אַ שלעכטער, אָדער ליידט פון דעם אָדער יענעם חסרון, דאַרפן זיי דאָס אָנגעבן. פאַרשטייט זיך, אַז געוויסע קינדער וועלן זיך אפשר צוריקהאַלטן פון דערציילן אַזעלכע זאַכן, אָבער אַזוי ווי מען האָט קיין נעמען ניט געדאַרפט אָנגעבן אויף דער אַנקעטע, ווערט שוין דערמיט שטאַרק פאַרקלענערט די דאָזיקע געפאַר.

בנוגע דער צענטער פראַגע איז קלאָר פאַרשטאַנען געוואָרן, אַז דאָס נעמט אַריין אַלע טיילן פון דער ענגלישער שפּראַך, אויך רעדנעריי (עלאָקיושאָן). עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די צייכנס פאַר רעדנעריי זענען

אין יעדן פאַל אַזוי נאָענט געוועזן צום אַלגעמיינעם: צייכן פאַר ענגליש, אַז איך באַטראַכט זיי שפּעטער אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען „ענגליש", וואָס נעמט אַריין אין זיך אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו דער ענגלישער שפּראַך.

אויף דער דאָזיקער אַנקעטע האָבן געענטפערט 85 קינדער, 53 יינגלעך און 32 מיידלעך. טאַבעלע 1 וועט ווייזן, ערשטנס, דעם עלטער פון די קינדער, און צווייטנס, ווי לאַנג זיי באַזוכן שוין יידישע שולן.

טאַבעלע 1

| עלטער | צאָל קינדער | יאָרן אין שול | צאָל קינדער |
|---|---|---|---|
| 12 | 2 | 1 | 2 |
| 12.5 | 1 | 2 | 3 |
| 13 | 13 | 2.5 | 3 |
| 13.5 | 5 | 3 | 5 |
| 14 | 21 | 3.5 | 5 |
| 14.5 | 11 | 4 | 21 |
| 15 | 20 | 4.5 | 9 |
| 15.5 | 2 | 5 | 13 |
| 16 | 6 | 5.5 | 4 |
| 16.5 | 1 | 6 | 9 |
| 17 | 3 | 7 | 5 |

ווי מיר זעען פון דער דאָזיקער טאַבעלע, האָבן מיר צו טאָן מערסטנס מיט 14—15 יאָריקע קינדער, פון וועלכע די גרעסטע צאָל גייט אין יידישע שולן 4 און 5 יאָר. בנוגע דער שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט אין די היימען פון די דאָזיקע קינדער, וועט אונדז ענטפערן טאַבעלע 2.

טאַבעלע 2

| עלטערן רעדן מיט קינדער | צאָל עלטערן | קינדער רעדן מיט עלטערן | צאָל קינדער |
|---|---|---|---|
| ענגליש | 0 | ענגליש | 5 |
| יידיש | 52 | יידיש | 25 |
|ביידע | 33 | ביידע | 55 |

דאָ זעען מיר, אַז אין די היימען פון די 85 קינדער איז ניט פאַראַן קיין איין פאַל וואו עלטערן זאָלן רעדן צו קינדער בלויז ענגליש. די גרעסטע צאָל רעדט יידיש. בעת צווישן די קינדער זענען פאַראַן בלויז 5 וואָס רעדן צו

זייערע עלטערן תמיד ענגליש, און די גרעסטע צאָל רעדט בײדע. אויב רעדן ייִדיש זאָל האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף די קינדערס ענגליש, וואָלט זיך עס באַדאַרפט אַרויסווײַזן אויפן בולטסטן אופן בײַ אַזאַ גרופּע, וואו ייִדיש איז אַזאַ אָפטער, אַזאַ שטענדיקער גאַסט.

עס וואָלט, נאַטירלעך, בעסער געווען ווען מען קען אויספּרובירן דעם ענגליש פון אַזעלכע קינדער דורך די אַזוי־גערופענע סטאַנדאַריזירטע טעסטן. פאַראַן הײַנטיקע צײַטן ספּעציעלע וויסנשאַפטלעך־אויסגעאַרבעטע עקזאַמענס, דורך וועלכע מען געפינט אויס די קינדערס ידיעות אין פאַרשיידענע לימודים. וואָלט, פאַרשטייט זיך, גוט געווען, ווען מען קען טאָן די זעלביקע זאַך בנוגע יעדן פון די עלעמענטן, וואָס גייען אַריין אינעם אַלגעמיינעם באַגריף „ענגליש״ פאַר קינדער וואָס געפינען זיך אונטערן שטענדיקן אײַנפלוס פון ייִדיש. איז ראשית, זענען פּשוט ניטאָ אַזעלכע טעסטן אין דעם פאַל. קיין טעסט פאַר אויסשפּראַך, למשל, איז נאָך ביז איצט אין גאַנצן ניט געשאַפן געוואָרן. און אַפילו ווען עס זאָל יאָ זײַן, קען עס אונדז אין אונדזער ענין ווייניק וואָס העלפן. וואָרעם מיר זענען דאָך ניט פאַראינטערעסירט אין סתם אומפּינקטלעכקייטן אין אויסשפּראַך. מיר ווילן וויסן וואָסער ראָלע ייִדיש שפּילט אין דער דאָזיקער דערשיינונג. הײַנט וואָס קען אונדז דאָ לאָזן הערן אַן אַלגעמיינער טעסט? דאָס זעלביקע איז, נאַטירלעך, אויך אמת וועגן אַלע אַנדערע עלעמענטן וואָס גייען אַריין אינעם באַגריף „ענגליש״. ווען, למשל, עס וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער ענגליש פון די אַלע קינדער איז אַ שלעכטער, וואָלט מען דערין געקענט באַשולדיקן די ספּעציעלע באַדינגונגען פון דער שטאָט ניו־יאָרק, אָדער די פּראָגראַם פון די ענגלישע שולן, אָדער די מעטאָדן פון די ענגלישע לערער. דאָס וואָלט אָבער באַין אופן ניט דערוויזן אויף וויפל ייִדיש איז דערין שולדיק, אָדער צי ייִדיש איז בכלל שולדיק. הײַנט אויב מיר האָבן ניט קיין ספּעציפיש ייִדיש־ענגלישע טעסטן, און אַפילו קיין אַלגעמיינע טעסטן אויך ניט, וואָס זאָלן דעקן דאָס גאַנצע פעלד, מוז מען אָנקומען צו אַנדערע מיטלען.

ווי שוין באַמערקט, האָט אונדזער אַנקעטע אַרײַנגענומען אַלע עלעמענטן פון ענגליש, אײַנגעשלאָסן אויך רעדנערײַ, וואו עס איז נאָר מעגלעך געווען. עס איז אויך וויכטיק נאָכאַמאָל צו באַמערקן, אַז די צײַכנס פאַר רעדנערײַ — וואו פליסיקייט אין רעדן, אויסשפּראַך, צוזאַמען מיט אַלע שפּראַך־אײַגנשאַפטן זענען אַזוי וויכטיק — זענען אין אַלע פאַלן געווען כמעט די זעלביקע ווי צײַכנס פאַר ענגליש בכלל. ממילא זענען די דאָזיקע צײַכנס אַ גאַנץ נישקשהדיקע מאָס צו מאַכן זיך אַ באַגריף ווי די דאָזיקע קינדער האַלטן אין זייער ענגליש. מאַכנדיק אַ דורכשניט, פון יעדן קינד, פון די צײַכנס פאַר ענגליש פון די לעצטע דרײַ באַריכט־קאַרטלעך, באַקומען מיר די פאָלגנדיקע ציפערן:

טאַבעלע 3

| דורכשניט־צייכנס פאַר ענגליש אין די לעצטע דריי באַריכט־קאַרטלעך | צאָל קינדער |
|---|---|
| פון 85 ביז 95 און העכער | 36 |
| פון 75 ביז 85 און העכער | 38 |
| פון 70 ביז 75 און העכער | 6 |
| פון 60 ביז 70 און העכער | 5 |

די דאָזיקע טאַבעלע באַווייזט אונדז, אַז די ווייט־גרעסטע צאָל קינדער גלייכט זיך גאַנץ גוט אויס אין זייערע צייכנס פאַר ענגליש מיט יענע וואָס רעדן בלויז ענגליש, און עס ווייזט זיך דאָ קיין שום סימן ניט פון וועלכער ניט איז שלעכטער ווירקונג וואָס יידיש זאָל קענען האָבן. די דאָזיקע רע־זולטאַטן ווייזן זיך אַרויס נאָך בולטער, ווען מען פאַרגלייכט די צייכנס פון די קינדער וואָס געפינען זיך אַ קלענערע צייט אין יידישע שולן מיט די וואָס געפינען זיך דאָרט שוין אַ סך לענגער.

ווי טאַבעלע 1 ווייזט אונדז, געפינט זיך די ווייט־גרעסטע צאָל קינדער אין דער יידישער שול שוין פיר יאָר און מער. לאָמיר דעריבער פאַרגלייכן זייערע צייכנס מיט די צייכנס פון די קינדער וואָס גייען אין יידישע שולן צווישן איין יאָר און 3½. דאָס ברענגט אונדז צו אַזעלכע רעזולטאַטן: אַרום און אַרום זענען פאַראַן 18 קינדער וואָס לערנען אין יידישע שולן צווישן איין יאָר און 3½. צוזאַמען האָבן זיי פאַרבראַכט אין די שולן 48 יאָר. דורכשניטלעך מאַכט דאָס אויס אויף יעדן קינד 2.66 יאָר. פון די אַנדערע וואָס גייען אין די שולן שוין פיר יאָר און העכער געפינען זיך 67. געגאַנגען זענען זיי אין יידישע שולן צוזאַמען 349.5 יאָר. דורכשניטלעך מאַכט דאָס אויס 5.22 יאָר. אויף אַזאַ אופן — אויב יידיש זאָל האָבן אַ ווירקונג אויף ענגליש, וואָלט עס זיך געדאַרפט באַזונדערס בולט אַרויסווייזן אין די דאָ־זיקע צוויי פאַלן. פונקט ווי עס איז פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן די יאָרן פון פאַרברענגען אין אַ יידישער שול, אַזוי דאַרף אויך זיין אַן אונטערשייד אין די צייכנס פאַר ענגליש פאַר די דאָזיקע צוויי גרופּעס. ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז —

טאַבעלע 4

| דורכשניט פון יאָרן אין דער יידישער שול | דורכשניט פון צייכנס פאַר ענגליש |
|---|---|
| 2.66 | 83.33 |
| 5.22 | 82.59 |

וואָס דאָס הייסט, אַז ביט געקוקט אויף דעם גרויסן חילוק אין יאָרן פון געפינען זיך אונטערן שטאַרקסטן איינפלוס פון יידיש, איז אָבער כמעט ניטאָ קיין שום חילוק אין די צייכנס פאַר ענגליש.

אַ פאַרגלייך צווישן די צייכנס פון די קינדער און זייערע עלטערנס קענטעניש און אויסשפּראַך אין ענגליש ברענגט אויך קיין באַזונדערע אונ־טערשיידן ניט אַרויס. די צייכנס זענען כמעט גלייך אין אַלע פאַלן. די טאַ־בעלע וועגן דעם לוינט זיך אין גאַנצן ניט צו באַטראַכטן, ווייל דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַ סך גרופּעס — פאָטערס קענטעניש, מוטערס קענטעניש, פאָטערס אויסשפּראַך, מוטערס אויסשפּראַך, קענטעניש און אויסשפּראַך צע־טיילט אויף „זייער גוט״, „גוט״, „נישקשה״ און „שלעכט״ — און יעדע גרופּע איז אַזוי קליין אין צאָל, אַז מיר קענען גאָרניט אַרויסדרינגען פון די רעזולטאַטן.

עפּעס ענלעכס קען געזאָגט ווערן וועגן אַ פאַרגלייך צווישן די קינדערס צייכנס, לויט דער שפּראַך וואָס זיי און זייערע עלטערן רעדן אין דער היים. דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט גרעסערע גרופּעס. די קליינע גרופּע קינדער (5), וואָס רעדט בלויז ענגליש אין דער היים, האָב איך, צוליב דער קליינער צאָל, אין גאַנצן אויסגעלאָזן.

טאַבעלע 5

| שפּראַך פון קינדער אין דער היים | דורכשניט־צייכנס פאַר ענגליש | צאָל קינדער | שפּראַך פון עלטערן אין דער היים | דורכשניט־צייכנס פון קינדער | צאָל עלטערן |
|---|---|---|---|---|---|
| בלויז אידיש | 83.44 | 25 | בלויז אידיש | 82 | 52 |
|ביידע | 81.70 | 55 | ביידע | 83 | 33 |

דאָ זעען מיר, אַז קינדער וואָס רעדן אין דער היים בלויז יידיש, שטייען כמעט מיט צוויי פונקטן העכער אין זייערע צייכנס (פאַר ענגליש), איידער די וואָס רעדן ביידע שפּראַכן. פאַרקערט, ווידער, דאָרט וואו די עלטערן רעדן בלויז יידיש, שטייען די קינדער נידעריקער מיט איין פונקט אין זייערע צייכנס (פאַר ענגליש), איידער יענע וואָס זייערע עלטערן רעדן ביידע שפּראַכן. די אונטערשיידן אין ביידע פאַלן זענען אָבער אַלץ צו־קליין, אַז מיר זאָלן דערפון קענען עפּעס פּאָזיטיווס דרינגען.

עס איז נאָך נייטיק צוצוגעבן, אַז בנוגע דער ביינטער פראַגע, וואו עס האַנדלט זיך וועגן די קינדערס אויסשפּראַך אין ענגליש, האָבן בלויז דריי קינדער פאַרצייכנט שוועריקייטן וואָס געהערן גיכער צו דער קאַטעגאָריע

פון שטאַמלען, ניט פון אויסשפּראַך, און בלויז איינער האָט זיך באַקלאָגט אויף דעם עכט־יידישן פעלער פון זאָגן dat אנשטאט that. דאָס הייסט, אַז 82 פון די 85 קינדער ווייסן ניט פון קיין שום שוועריקייטן אין ענגלישער אויסשפּראַך, אָן אונטערשייד ווי זיי אַליין אָדער זייערע עלטערן האָלטן אין דער ענגלישער שפּראַך, אָדער וואָסער שפּראַך עס הערשט אין דער היים.

פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן, אַז יידיש דאַרף האָבן אַ גוטע ווירקונג אויף די ענגלישע קענטעניש. דאָס איז זייער מעגלעך. אַזאַ ווירקונג האָט מסתמא בלויז אַ שייכות צו געוויסע שפּראַך־עלעמענטן, און דאָס האָט אונדזער אַנקעטע ניט געקענט אַרויסברענגען, ווייל זי האָט דאָך געהאַט צו טאָן מיט ענגליש בכלל. אָבער אַז יידיש זאָל האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף ענגליש, וואָלט זיך זיכער געדאַרפט אַרויסווייזן ביי 85 קינדער, וואָס לעבן אין אַ יידישער סביבה אין דער היים און געפינען זיך שוין יאָרנלאַנג אונטערן איינפלוס פון דער יידישער שול. די רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער דערווייליקער אונטערזוכונג לייקענען אָפּ גאַנץ קאַטעגאָריש אַזאַ מין השערה.

עס ווייזט אויס, אַז ענגליש בכלל, און ענגלישע אויסשפּראַך בפרט, זענען אַ סך מער אָפּהענגיק פון הערן אָפּט געזנוג פיינע מוסטערן פון ענגליש, איידער פון ניט רעדן יידיש. עס איז דעריבער זייער מעגלעך, אַז דאָרט וואו קינדער רעדן מיט אַ שלעכטער אויסשפּראַך, נעמט זיך עס פון דעם וואָס זיי הערן פון זייערע עלטערן און אין זייער סביבה אַ שלעכטן ענגליש. פון דעם שטאַנדפּונקט קומט אויס, אַז די עלטערן, וואָס ווילן זיך אויסלערנען ענגליש דורך רעדן די שפּראַך מיט זייערע קינדער, דערגרייכן צוויי רעזולטאַטן: זיי וואַרפן אַוועק זייער גוטן יידיש און פאַרדאַרבן זייערע קינדערס ענגליש.

די וואָס זייַנען אויסן די קינדערס ענגליש, וואָלטן זיך געדאַרפט שטעלן אויפן שטאַנדפּונקט, אַז דאָרט וואו די עלטערנס ענגליש איז ניט קיין גע־העריקער שפּראַך־מוסטער, זאָלן זיי גלייכער רעדן מיט די קינדער זייער מוטער־שפּראַך, אין אונדזער פאַל — יידיש. וואָרעם אויב עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט, אַז אַ שלעכטער ענגליש זאָל ברענגען שאָדן, וועט אָבער יידיש זיכער ניט האָבן קיין שלעכטע ווירקונג אויף די קינדערס ענגליש. יעדנפאַלס איז דאָס דער קלאָרסטער רעזולטאַט פון דער דאָזיקער דערוויי־ליקער אונטערזוכונג. איך קען נאָך צוגעבן, אַז פערזענלעכע באַאָבאַכטונגען לייקענען בשום אופן ניט אָפּ דעם דאָזיקן אויספיר.

(1930)

# צוויי יידישע דורות אין אַמעריקע

די יוגנט, די ליכטיקע צייט פון לעבן, די האָפענונג און טרייסט פון אַ פאָלק — ווער איז דען ניט גרייט צו באַשיטן מיט בלומען און לויב־ווערטער די גאָלדענע יוגנט? דאָס איז אַ נאַטירלעכע באַציאונג פון עלטערן דור צום ייִנגערן. מיר קוקן אויף דער יוגנט אי ווי אויף דעם זאַפטיקסטן, פולבלוטיקסטן אויסדרוק פון לעבן, אי ווי אויף דעם דור וואָס דאַרף איבערנעמען די גרויסע פאָלקס־ירושה. ממילא איז אונדזער האַרץ אויך טיף באַזאָרגט וועגן דער ספּעציעלער ראָלע פון דער יוגנט אין דעם אָדער יענעם מאָמענט און וועגן דעם כאַראַקטער פון די טעטיקייטן מיט וועלכע זי גיט זיך אָפּ.

אין אַמעריקאַניש־יידישן לעבן האָבן מיר אַ גאַנץ באַזונדער אַנגעווייטיקטע פּראָבלעם, ווען עס קומט צום נייעם רייף־ווערנדיקן דור: דאָס איז די פּראָבלעם פונעם טיפן ריס צווישן די צוויי דורות, דער עלטערער מיט זיין איינגעוואָרצלטקייט אין דער אַלטער היים, מיט אירע מעלות און חסרונות, און דער ייִנגערער מיט זיין נייעם לעבנס־אופן און די נייע דרכים, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַמעריקע.

אַ ריס צווישן צוויי דורות — ווי טיף ער זאָל ניט ווי טאָן, וואָסערע טראַגישע דערשיינונגען ער זאָל ניט אַרויסרופן — איז אָפט זייער אַ גע־וואונטשענע זאַך. די גאַנצע פראַגע איז נאָר צי דער נייער ריס איז אַ טראָט פאָרויס, אַ באַנייאונג פון לעבן, צי אַ דעגענעראַציע, אַ צוריקגאַנג. דערצו קומט נאָך די האַרבע קשיה: פון וועלכן שטאַנדפּונקט זאָלן מיר די גאַנצע פראַגע באַטראַכטן? די וואָס ווילן זען אַ געזונט, לעבנדיק און שאַפנדיק יידיש פאָלק, וועלן זיכער קוקן מיט אַנדערע אויגן און מעסטן מיט אַן אַנ־דער מאָס איידער די, וואָס דאָס לעבן פון אַ יידיש פאָלק אין אַמעריקע איז ביי זיי העכסטנס אַ מהיכי תיתי־זאַך.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אַלע באַוואוסטזיניקע קאָנ־סטרוקטיווע כוחות אין יידישן לעבן, פון דעם אָרטאָדאָקס ביזן עקסטרעמען רעפאָרמער, פונעם איינזייטיקן יידישיסט ביזן פאַנאַטישן העברעאיסט, האָבן זיך תמיד געשראָקן פאַר דער יידישער יוגנט פון אונדזער נייעם לאַנד. טייל האָבן גאַנץ אָפן אויסגעדריקט אַ מורא, אַנדערע האָבן בלויז גע־וואָרפן אַ חשד, אַז אונדזער היגע יוגנט גייט אויף אַזעלכע וועגן וואָס פון אַ יידישן שטאַנדפּונקט טראָגן זיי אין זיך סימנים פון דעגענעראַציע. כדי ניט צו לאָזן גיין דעם פּראָצעס מיט זיין נאַטירלעכן וועג, זענען געבויט געוואָרן די „יאָנג מענס היברוס”, די „דזשואיש סענטערס” מיט זייער באַ־זונדערער זאָרג פאַר יוגנטלעכע טעטיקייטן. אויך די אָרטאָדאָקסישע יידן

זענען ניט אָפּגעשטאַנען פון דער באַוועגונג, כאָטש זיי האָבן אַ סך ווייניקער געטאָן ווי די אַנדערע. די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע יידן האָבן אין דעם פּרט זיך זייער פאַרשפּעטיקט — אונדזערע שולן האָבן דערפירט אונדזערע קינדער ביז צו דער ליכטיקער שפּילנדיקער יוגנט, און ווייטער האָבן מיר נאָך, ליידער, ניט באַוויזן צו גיין. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, איז דאָ ניט דער פּלאַץ צו רעדן דערפון. עס איז אַ פאַרפלאָנטערטער ענין, וואָס פאָדערט באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט. אָבער דער פאַקט איז, אַז פון אונדזערע שולן און קעמפּס איז אויסגעוואַקסן אַ נייער דור, אַ יוגנט וואָס האָט אַן אייגנאַרטיק אַמעריקאַניש־יידיש פּנים. ווי האָבן אונדזערע שולן געווירקט אויף די דאָזיקע יונגעלייט און מיידלעך? וואָס זענען זיי פאַר אונדז פון אַ יידישגעזעלשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט? זענען זיי אַ פאַרשטאַרקונג אָדער אַן אָפּשוואַכונג פון אונדזער פּאָזיציע אין דער וועלט?

דאָרט וואו קיין אויסגעפאָרשטע, קאָנטראָלירטע פאַקטן זענען ניטאָ, ווענדט מען זיך, געוויינטלעך, צו די מיינונגען און איינדרוקן פון עקספּערטן, פון די וואָס גיבן זיך כסדר אָפּ מיט דעם ענין. דאָס איז אָפּט גאָר ניט קיין זיכערער וועג. עקספּערטן זענען דאָך ניט מער ווי מענטשן און אויך אויף זיי האָט אַ שליטה דאָס ווערטל, אַז „דער וואונטש איז דער פאָטער פון געדאַנק". עס איז מעגלעך, אַז זייערע איינדרוקן זאָלן זיך נעמען ניט פון דעם וואָס זיי זעען, נאָר פון דעם וואָס זיי וואָלטן געוואָלט אַז עס זאָל זיין. אויך זיי קענען נעמען איינצלנע פאַלן און זיי גענעראַליזירן אַזוי, אַז אָנשטאָט אַ בילד פון אַ פאַקטישער לאַגע, זאָלן מיר האָבן פאַר זיך טעאָרעטישע פּילפּולים, געבויט אויף סענטימענטן. און גראַד זענען דאָ די פּראָבלעמען אַזעלכע האַרבע, און אַזוי פיל פון אונדזער נאַציאָנאַל לעבן שטייט אין קאָן, אַז מיר קענען זיך ניט פאַרגינען דעם לוקסוס פון האָבן צו־גרויסע טעות׳ן.

מען טענהט צו אונדז פון אַלע זייטן, אַז די היגע יוגנט אונדזערע איז פּסיכאָלאָגיש ווייט און דערווייטערט פון אונדז, אימיגראַנטן. אונדזערע היי־געבוירענע זין און טעכטער האָבן אין זיך אַזעלכע זיטן, כאַראַקטער־שטריכן, געפיל־אויסדרוקן און געדאַנקן־ניואַנסן, וואָס מיר, פון יענער זייט ים, קענען ניט גרינגלעך באַנעמען, קענען ניט מיטפילן, קענען אַפילו ניט ריכטיק דערזען ווי נאָענט מיר זאָלן צו זיי ניט זיין. דערפון נעמען זיך אָפּטע מיספאַרשטענדענישן, פאַלשע אויסטייטשונגען און די ספּעציעלע שוועריקייטן, וואָס מיר האָבן בעת מיר ווילן זיך צו זיי דערנענטערן.

פאַראַן צווישן אונדז אַזעלכע עקשנים, וואָס לאַכן זיך אויס פון דעם אַלעם, זענען געצייגט דאָס אַלץ אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, און גייען צו צו דער זאַך מיט אַן איינזייטיקן איינגעגלויבטן אידעאַליזם, וואָס האַלט אַז יעדע קלייניקייט וואָס איז אַנדערש ווי מיר ווילן, איז שלעכט און דאַרף און קען באַזייטיקט ווערן. איך מוז מודה זיין, אַז קיין גוטס קען פון אַזאַ

שטאַנדפּונקט ניט אַרויסקומען. די אַמעריקאַניש־יידישע יוגנט האָט אין זיך בלי־ספק עפּעס וואָס איז אַנדערש, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש אַמעריקאַניש און וואָס מען דאַרף דורכויס פאַרשטיין. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיך אָבער אונדזערע קריטיקער תמיד באַנוגנט מיט הוילע אַבסטראַקטע ווערטער, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען בלויז אַ טעמע צו דעבאַטירן און ניט קאָנקרעט צו העלפן ריכטן דאָס לעבן פון אַ דור. מען דאַרף זיך גענוי שטעלן די פראַגע: אין וואָס באַשטייט די אַנדערשקייט פון אָט דעם כאַראַקטעריסטיש אַמעריקאַנישן? וואָס איז אין דער דאָזיקער אַנדערשקייט בלויז צופאַל, אָדער שוים אויף דער אויבערפלאַך און וואָס איז טאַקע טיף פאַרבונדן מיטן גאַנצן לעבן פון דער נייער סביבה? וואָס אין אָט די שטריכן זענען לייכטע געוואוינהייטן, וואָס מען קען באַזייטיקן, אויב זיי ווייזן זיך אַרויס צו זיין נאַציאָנאַל שעדלעך, און וואָס איז טאַקע וואָרצלדיק, וואָס מוז גערעכנט ווערן ווי אַ נויטווענדיקער לעבנס־פאַקטאָר?

עס קען זיך אפשר אויסדוכטן, אַז אויף די דאָזיקע פראַגן וואָלט ניט געדאַרפט זיין שווער צו ענטפערן. וואָרעם מיר האָבן דאָ אין לאַנד קינדער, וואָס האָבן שוין אַ סך יאָרן געלעבט אין אונדזער סביבה; זיי האָבן זיך אָנגעזאַפּט מיט אונדזערע געפילן, געדאַנקען, אידעאַלן, לעבנס־שטייגער, אאַז״וו. וואָלטן מיר פשוט געדאַרפט אויסגעפינען וואָס איז דאָס עכט־אַמעריקאַנישע וואָס איז ביי זיי פאָרט געבליבן ניט געקוקט אויף אונדזער „גרינעם״ איינפלוס. אויב מיר ווען אויך ביי אַזעלכע יונגעלייט און מיידלעך געפינען גאַנץ־באַשטימטע אַנדערשקייטן, וואָלטן מיר געדאַרפט אָננעמען, אַז דאָס זענען עכטע אַמעריקאַנישע פּראָדוקטן מיט וועלכע מיר מוזן זיך רעכענען און וועלכע מיר טאָרן ניט איגנאָרירן.

יעדער מענטש, וואָס איז כאָטש אַ האַרעלע באַקאַנט מיט דעם ווי אַזוי אַזעלכע פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען ווערן דורכגעפירט, וועט פאַרשטיין, אַז דער ענין איז גאָר ניט אַזוי איינפאַך ווי ער ווייזט זיך אויס אויפן ערשטן קוק. דאָס איז אַן אומגעהייער קאָמפּליצירטע אַרבעט, גאָרניט אַזוי לייכט פאַר אונדזערע כוחות. אָבער ווען אַפילו מיר זאָלן וועלן מאַכן אַן אָנהויב אויף אַ פּרימיטיוון אופן, זענען אויך פאַראַן גרויסע שוועריקייטן. די קינדער וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין אונדזערע שולן, זענען צעשפּרייט איבער אַלע עקן פון אונדזער ריזיקער וועלט־שטאָט (וואָרעם אַן אויספאָרשונג דאַרף געמאַכט ווערן אויף גרעסערע צאָלן, מוז מען זיך אָפּשטעלן, אין דער ערשטער שורה אויף ניו יאָרק). ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע און קיין געלעגנהייט וואָס זאָל זיי צוזאַמענברענגען. און זיך פאַרלאָזן אויף איינדרוקן איז, ווי שוין באַמערקט, זייער אַ פאַרפירערישער וועג.

איך האָב זיך אָבער געכאַפּט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ שטיקל אויסוועג. איינעם קעמפּ פון די שלום עליכם שולן, „בויבעריק״, איז פאַראַן אַן אַלטער

מנהג, אַז אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט אין יידיש־וועלטלעכע שולן און קעמפּס קומט אַהין צופאָרן און פאַרברענגט דאָרט די לעצטע צוויי וואָכן פון דער זומער־וואַקאַציע. איך האָב גערעכנט, אַז אין אונדזערע אומשטענדן איז דאָס בעסטע אויסצונוצן דעם דאָזיקן מאָמענט אויף צו מאַכן אַן אָנהייב. די ווייטער־געבראַכטע פאַקטן, ציפערן און באַטראַכטונגען זענען דעריבער טאַקע ניט מער ווי אַן אָנהייב, אָבער שוין זעען זיך אַרויס געוויסע טענדענצן מיט וועלכע עס וועט זיך דאַרפן רעכענען יעדער איינער, וואָס וויל אינטעליגענט באַנעמען אונדזער יוגנט־פּראָבלעם.

געוויינטלעך ווערן אַזעלכע אויספאָרשונגען געפירט מיט דער הילף פון אַנקעטעס, פון גאַנץ באַשט־מט געשריבענע פראַגעס און געשריבענע ענטפערס. פון שטאַנדפונקט פון סטאַטיסטיק איז אַזאַ מעטאָדע די בעסטע. אין דעם פאַל וואָלט דאָס אָבער בלויז געקענט פירן צו פּינקטלעכע ציפערן, אָבער ניט צו דער פאַרשיידנקייט און צאָלרייכקייט פון די איינצלהייטן. די בעסטע זאַך וואָלט דאָ געווען אָנצונעמען די אַזוי גערופענע אינטערוויו־מעטאָדע, ד״ה, האָבן אַ פערזענלעכן שמועס מיט יעדן פון די יונגעלייט און מיידלעך, פירן דעם שמועס לויט אַ באַשטימטער פריער־אויסגעאַרבעטן פּלאַן, און פאַרצייכענען די ענטפערס, באַמערקונגען, לויב־ווערטער, קריטיק, אאַז״וו.

איך האָב זיך צונויפגער־עדט מיט דריי יונגע מענטשן, אויסגעהאָדע־וועטע אין אונדזערע שול־קרייזן, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די אינטער־וויוער זאָלן זיין פון די הי־געבוירענער יוגנט און ניט קיין מענטשן פון עלטערן, אימיגראַנטן דור. וואָרעם דאָ איז נויטיק אַן אַטמאָספערע פון פרייקייט, צוטרוי, אינטימקייט און ניט דאָס געפיל אַז מען האָט צו טאָן מיט אַן עלטערן און העכערן פון זיך, וואָס עס איז אומאָנגענעם ניט מסכים צו זיין מיט זיינע אידייען. אָט די דריי מיט וועלכע איך האָב זיך צונויפגערעדט, האָבן טאַקע דורכגעפירט די אַרבעט לויט אַן אַלגעמיינעם פּלאַן, וואָס האָט אַנטהאַלטן 21 פּרטים. אייגנטלעך וואָלט נויטיק געווען אויסצוגעפינען אַ סך מער איינצלהייטן, אָבער ס׳איז אַ כלל גדול, אַז אין אַזעלכע פאַלן איז ניט גוט צו פירן צו־לאַנגע שמועסן, בפרט באַך איבער פונקטן וואָס האָבן ניט קיין אָנזעעוודיקע שייכות צווישן זיך פון שטאַנדפּונקט פונעם אינטער־וויואירטן.

די גאַנצע אַרבעט האָט אַרומגענומען 53 יונגע מענטשן, 33 בחורים און 20 מיידלעך. זייער עלטער איז פון 14.5 אָדער 15 יאָר ביז 22 אָדער 22.5. דאָס איז אַזוי אי ביי בחורים, אי ביי מיידלעך. בלויז איינער, אַ 24־יאָרי־קער, האָט זיך געפונען צווישן די בחורים. אָבער אַזוי ווי ער איז איינער פון 33 קען דאָס ממילא ניט האָבן קיין ווירקונג אויף די רעזולטאַטן.

עס איז וויכטיק צו האָבן אַ גענויע טאַבעלע פון די פאַרשיידענע עלטערס.

| עלטער פון אינטערוויואירטע | | |
| --- | --- | --- |
| עלטער | בחורים | מיידלעך |
| 14. | — | 1 |
| 15. | 4 | 2 |
| 15. | 1 | — |
| 16. | 6 | 4 |
| 16.5 | 2 | — |
| 17. | 7 | 3 |
| 18. | 4 | 1 |
| 18.5 | 3 | 3 |
| 19. | 1 | 1 |
| 20. | 1 | 2 |
| 21. | 2 | 1 |
| 22. | 1 | 1 |
| 22.5 | — | 1 |
| 24. | 1 | — |
| | 33 | 20 |

פון דער דאָזיקער טאַבעלע קענען מיר זען, אַז בנוגע עלטער איז אַ קנאַפּער חילוק צווישן די בחורים און מיידלעך. פּאַקטיש ליגט די שווער־געוויכט אויף די יאָרן צווישן 15 און 21. ביי די בחורים באַטרעפן זיי 94 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל און ביי די מיידלעך 90. אַן אונטערשייד איז יאָ פאַראַן, ווען עס קומט צו דער פראַגע וויפיל פון זיי האָבן גע־לערנט אין אונדזערע שולן. דאָ געפינען מיר שוין, אַז 90 פּראָצענט פון די מיידלעך זענען גע־ווען שול־קינדער, בעת די בחורים זענען אַזעלכע פאַראַן בלויז אַרום 73 פּראָצענט. דער־פאַר אָבער קערט זיך איבער די פּראָפּאָרציע, ווען מיר צעטיילן זיי אויף געוועזענע קעמפּערס און אַזעלכע וואָס זענען אין אונדזערן אַ קעמפּ ניט געווען, ביי די מיידלעך געפינען מיר אַזעלכע 80 פּראָצענט און ביי די בחורים 94 פּראָצענט.

דאָ איז אָבער ניט וויכטיק אַזוי ווייט צו וויסן ווי לאַנג זיי האָבן געלערנט אין שולן, אָדער געווען אין קעמפּס, נאָר בכלל ווי לאַנג זיי האָבן זיך געפונען אינעם קרייז, צו וועלכן די שולן און קעמפּס געהערן (וואָס מיר וועלן ווייטער אָנרופן „אונדזער קרייז"). עס איז וויכטיק צו דערגיין ווי לאַנג זיי האָבן זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון אַ היים, פריינד, געזעלשאַפטלעכן פאַר־ברענגען אאַז"וו, וואָס אָטעמען מיטן גייסט פון אונדזער קרייז. אויך דאָ געפינען מיר אַ נפקא מינה צווישן די בחורים און די מיידלעך. וואָרעם עס קומט אויס, אַז אין דורכשניט האָט יעדער בחור געלעבט אין אונדזער קרייז 6.33 יאָר, און יעדעס מיידל 8.21 יאָר. אין דעם גייט, פאַרשטייט זיך, אויך אַריין דאָס לערנען אין אַ יידישער שול אָדער פאַרברענגען זומער־צייט אין אַ קעמפּ. וואָרעם אַזעלכע, וואָס זענען ניט געווען פאַרבונדן ניט מיט שולן און ניט מיט קעמפּס, זענען אין דער גאַנצער ליסטע ניטאָ, ניט צווישן די בחורים, ניט צווישן די מיידלעך.

מיר האָבן, אויף אַזאַ אופן דאָ צו טאָן מיט אַ גאַנץ אָפּגעקליבענער גרופּע. אויב דער איינפלוס פון אונדזערע שולן, און פון אונדזער קרייז בכלל, קען איבערלאָזן שפּורן אין דער יוגנט, וואָלט זיך דער דאָזיקער איינפלוס גאַנץ קלאָר באַדאַרפט אַרויסזען ביי אַזאַ גרופּע. אמת, די צאָל איז ניט גרויס גענוג, און דורך דער אינטערוויו־מעטאָדע אַליין קען מען ניט

אַלץ אויסגעפינען. מען דאַרף זיך דעריבער היטן ניט צו מאַכן קיין צו איבער־געאיילטע גענעראַליזאַציעס. איך גלויב אָבער, אַז פאַר אַן אָנהייב האָבן מיר דאָ אַ גאַנץ פיינעם באָדן, און, דער עיקר, שוין דאָ קענען מיר זען אַזעלכע בולטע, זיכערע טענדענצן, פון וועלכע מיר קענען אַ סך לערנען.

פון די 53 האָבן 46 באַזוכט יידיש טעאַטער, און זענען בכלל פאַר־אינטערעסירט צו וויסן וואָס מען שפּילט אויף דער יידישער בינע. עס וועט אפשר זיין ניט איבעריק צו באַמערקן, אַז פון די 46 טעאַטער־באַזוכער האָבן 35 אָנגעגעבן שוואַרצס טעאַטער, 6 האָבן דערמאָנט „די ווילנער״, און די איבעריקע טעאַטערס ווערן דערמאָנט נאָך ווייניקער. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן דאָ מענטשן פון פאַרשיידענע עלטערס, איז אינטערעסאַנט צו זען צי דאָס באַזוכן יידיש טעאַטער שטייגט, האַלט אָן, אָדער פאַלט מיטן גאַנג פון די יאָרן. דאָס וועט אונדז ווייזן די ווייטערדיקע טאַבעלע.

| עלטער | צאָל ענטפערס | באַזוכן יידיש טעאַטער | עלטער | צאָל ענטפערס | באַזוכן יידיש טעאַטער |
|---|---|---|---|---|---|
| אינטערעס אין יידישן טעאַטער | | | | | |
| 14.5 | 1 | 1 | 18.5 | 6 | 6 |
| 15 | 6 | 6 | 19 | 2 | 2 |
| 15.5 | 1 | — | 20 | 3 | 3 |
| 16 | 10 | 8 | 21 | 3 | 3 |
| 16.5 | 2 | 1 | 22 | 2 | 2 |
| 17 | 10 | 8 | 22.5 | 1 | 1 |
| 18 | 5 | 4 | 24 | 1 | 1 |

ווי מיר זעען איז פאַראַן אַ גלייכמאָסיקער אינטערעס צום יידישן טעאַטער אין אַלע יאָרן, אין די עלטערע ניט ווייניקער ווי אין די יינגערע, און דאָס וואָס די גרעסטע צאָל באַזוכט דאָס בעסערע טעאַטער, איז זיכער אַ גוטער סימן. וועגן אַ שטייגנדיקן אינטערעס קען דאָך, נאַטירלעך, קיין רייד ניט זיין, וואָרעם שוין אין אָנהייב באַזוכן דאָס יידישע טעאַטער כמעט אַלע אינטערוויואירטע. די 7 וואָס פעלן (46 פון די 53) פאַלן אַרויס פון דער מיט, און 7 פון 53 איז דאָך באמת זייער אַ קליינע צאָל.

אַן ענלעכן פּאָזיטיוון צייכן געפינען מיר אינעם אינטערעס צו יידישע ענינים. פולע 49 פון די 53 לייענען וועגן יידן און יידישע פּראָבלעמען. דאָס איז ספּעציעל וויכטיק אין אַמעריקע, וואו אַ גרויסע טייל פון דער יוגנט איז לחלוטין גלייכגילטיק צו אַזעלכע זאַכן. טוערס און פירער פון די יאָנג מענס היברו אַסאָסיאיישאָנס און ענלעכע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך

פאַר מיר אָפּט באַקלאָגט וועגן דעם און דערציילט זייערע טרויעריקע דער־פאַרונגען. מען קען די היגע יונגעלייט, זאָגן זיי, העכסטנס אַריינציען אין שמועסן וועגן די אָנגעווייטיקטע יידישע פּראָבלעמען. זיי וועלן אויפמערק־זאַם לייענען אין די צייטונגען וועגן זאַכן וואָס האָבן אַ שייכות צו יידן און יידישקייט, אָבער עס איז שווער צו פּועלן ביי זיי, אַז זיי זאָלן לייענען, און זוכן ביכער צו לייענען, ווי אַ טייל פון זייערע אַלגעמיינע גייסטיקע אינטע־רעסן. דאָ, אָבער, זעט די זאַך אויס אַ סך ליכטיקער, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט דער יוגנט וואָס איז פאַרבונדן, אָדער געווען לאַנג גענוג פאַרבונדן, מיט אונדזער קרייז. און דאָ איז ווידער אמאָל אינטערעסאַנט צו באַאָבאַכטן, וואָס עס ווערט מיט אָט דעם אינטערעס אין גאַנג פון די יאָרן.

אינטערעס אין יידישע ענינים

| עלטער | אַלע ענטפֿערס | לייענען וועגן ייִדישע ענינים | עלטער | אַלע ענטפֿערס | לייענען וועגן ייִדישע ענינים |
|---|---|---|---|---|---|
| 14.5 | 1 | 1 | 18.5 | 6 | 5 |
| 15 | 6 | 6 | 19 | 2 | 2 |
| 15.5 | 1 | 1 | 20 | 3 | 3 |
| 16 | 10 | 7 | 21 | 3 | 3 |
| 16.5 | 2 | 2 | 22 | 2 | 2 |
| 17 | 10 | 10 | 22.5 | 1 | 1 |
| 18 | 5 | 5 | 24 | 1 | 1 |

די פיר וואָס פעלן אינעם צעטל פון לייענער וועגן יידישע ענינים, זענען דריי 16־יאָריקע און איינער אַ 18.5־יאָריקער. הייסט עס, אַז דער דאָזיקער אינטערעס איז ניט אָפּגעפאַלן אין די העכערע עלטערס, און דאָס איז בלי ספק אַ פאַרדינסט, ווען מען האָט אין זינען די סביבה, אין וועלכער אונדזער יוגנט קומט אויס צו לעבן. דאָס וועט קלאָרער ווערן, ווען מיר וועלן אויסגעפינען, אַז 47 פון די 53 זענען אויך פאַרבונדן מיט קלובן און פאַרשיידענע אַנדערע אָרגאַניזירטע גרופּעס אַזעלכע וואָס זענען זייער ווייט פון אונדזער קרייז און האָבן מיט קיין שום פאָרם פון „יידישקייט" גאָר־ניט וואָס צו טאָן.

עס וואַרפט זיך אָבער אין די אויגן מער ווי אַלץ דער אומגעהייערער אונטערשייד צווישן די בחורים און מיידלעך. וואָרעם די ציפערן ווייזן, אַז אונדזער איינפלוס אויף די לעצטע איז אַ סך, אַ סך גרעסער ווי אויף די ערשטע. אמת, ווי איך האָב פריער אָנגעוויזן, האָבן די מיידלעך פאַר־

בראַכט מיט צוויי יאָר לענגער (אין דורכשניט) אין אונדזער קרייז. ביי די מיידלעך זענען אויך פאַראַן מיט אַרום 20 פּראָצענט מער געוועזענע שול־קינדער. פונדעסטוועגן קען דאָס אַלץ ניט דערקלערן די אומגלייכקייט, וועגן וועלכער איך וועל באַלד רעדן. דאָ מוזן זיין פאַרוויקלט אויך אַנ־דערע פאַקטאָרן, און עס ווייזט אויס, אַז מען וועט זיך מיט זיי דאַרפן זייער שטאַרק רעכענען אין יעדער טעטיקייט וואָס איז אויסגערעכנט אויף צו באַאיינפלוסן אונדזער יוגנט.

איך האָב פריער געבראַכט אַ טאַבעלע, וואָס ווייזט אָן אויפן אינטערעס אין לייענען וועגן יידישע ענינים. אָבער וויפיל לייענען יידיש, ניט דווקא וועגן יידישע ענינים, נאָר בכלל יידישע צייטונגען און ביכער? די יידישע צייטונגען האָבן אַ שלעכטע מערכה ביי ביידע געשלעכטער און אַלע על־טערס. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, דאַרף מען באַזונדער אויספאָרשן און ניט פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אויפן ערשטען איינדרוק אָדער געדאַנק וואָס קומט צופעליק אַריין אין קאָפּ. אַנדערש איז אָבער מיט יידישע ביכער. 85 פּראָ־צענט פון די מיידלעך לייענען יידישע ביכער, פון די יינגלעך בלויז 45 פּראָצענט. ווען איך רייד דאָ וועגן „לייענען יידיש", דאַרף פאַרשטאַנען ווערן, אַז עס מיינט אַ שטענדיקער פּונקט אין אַ פּראָגראַם פון גייסטיקן פאַרברענגען. און דאָס איז ווייט ניט דער איינציקער פּונקט, וואו די מייד־לעך שטייגן אַריבער די בחורים אין פּרט פון נאָענטקייט צו אונדזער קרייז און זיינע אינטערעסן.

ווען איך האָב פריער געזאָגט, אַז 47 פון די 53 זענען אויך פאַרבונדן מיט אַנדערע קרייזן, בלייבט נאָך די פראַגע אין וועלכן קרייז זיי פילן זיך בעסער, היימישער, און פאַרברענגען אין אים מיט פאַרגעניגן. ווייזט זיך אַרויס, אַז ביי 85 פּראָצענט פון די מיידלעך איז אונדזער קרייז בילכער, ביי די בחורים בלויז 55 פּראָצענט. אינעם גאַנג פון די באַוועגונגען, וואָס ווירקן און ריכטן דאָס יידישע לעבן, זענען פאַראינטערעסירט 80 פּראָצענט פון די מיידלעך און 73 פּראָצענט פון די בחורים. אויף דער פראַגע, צי עס איז מעגלעך, אַז יידיש זאָל האָבן אַ צוקונפט אין אַמעריקע, האָבן מיר אָט וועלכע ענטפערס:

האָט יידיש אַ צוקונפט אין אַמעריקע?

| | בחורים | מיידלעך |
|---|---|---|
| יאָ — — — — — — — — | 49.0% | 75% |
| ניין — — — — — — — — | 42.5% | 20% |
| ספק — — — — — — | 8.5% | 5% |

ווען מיר ווילן וויסן דירעקט, צי זענען די דאָזיקע יונגע מענטשן פאַר־אינטערעסירט אין דער אַרבעט פאַר יידישער קולטור, באַקומען מיר ווײ־דער אַן ענטפער, וואו דער אונטערשייד צווישן בחורים און מיידלעך וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן.

| אינטערעס אין דער אַרבעט פון יידישער קולטור | | |
|---|---|---|
| | בחורים | מיידלעך |
| יאָ — — — — — — — | 57.6% | 90% |
| ניין — — — — — — — | 39.4% | 10% |
| ווייס ניט — — — — — | 3.0% | —— |

איינע פון די פראַגן וואָס די אינטערוויוער האָבן געשטעלט איז באַ־שטאַנען אין דעם צי די אויסגעפרעגטע האָבן שוין אַ פאָרשטעלונג, מיט וועמען זיי וואָלטן געוואָלט חתונה האָבן, מיט אַ מענטשן פון אונדזער קרייז אָדער פון אַן אַנדער קרייז.

| מיט וועמען חתונה האָבן | | |
|---|---|---|
| | בחורים | מיידלעך |
| אונדזער קרייז — — — | 63.6% | 80% |
| אַנדער קרייז — — — — | 24.3% | 10% |
| אומבאַשטימט — — — | 12.1% | 10% |

די ענטפערס אויף דער דאָזיקער פראַגע — וואָס האָבן צו טאָן אי מיט די אינטימערע ווינקלען פון לעבן, אי מיט אַ פאָרשטעלונג פון פער־זענלעכער צוקונפט — באַווייזן, אַז „אונדזער קרייז" איז ניט קיין פראַזע אויסגעטראַכט ספּעציעל פאַר דעם דאָזיקן אַרטיקל, נאָר אַז דאָס איז שוין געוואָרן אַ באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע גרופּירונג מיט אַ גאַנץ באַזונדערן כאַראַקטער און אייגנאַרטיק פּנים. די יוגנט אונדזערע פילט אָט די באַזונ־דערקייט און ווייס מיט וואָס עס איז דאָ פאַראַן זיך צו רעכענען. אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך גאַנץ ווינציק פון דעם וואָס „אונדזער קרייז" פאַרמאָגט, ווייסן זיי אָבער, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַן אידע־אַלער טיפּ פון דאָזיקן קרייז, און קענען אים סימפּאַטיש אָפּשאַצן ווען אַפילו זיי אַליין קענען ניט אָדער ווילן גאָרניט דערגרייכן אַזאַ מדרגה. דאָס דערקלערט וואָס ניט געקוקט אויף די 45 פּראָצענט וואָס לייענען יידיש, זענען אָבער פאַראַן 63 פּראָצענט פון די בחורים, וואָס וואָלטן געוואָלט חתונה האָבן מיט מיידלעך דווקא פון דעם קרייז, וואו יידיש קענטעניש און איבער־געבנקייט צו יידיש איז אַ הויפּט־כאַראַקטעריסטיק.

אַלע טאַבעלעס, וואָס ווייזן אָן אויף דער הינטערשטעליקייט פון די בחורים לגבי די מיידלעך, פון שטאַנדפונקט פון די התחייבותן וואָס יידישע דערציאונג דאַרף אויף זיך נעמען, קאָן באין אופן ניט דערקלערט ווערן מיטן פאַקט, וואָס די בחורים, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָ, זענען אויך הינטערשטעליק לגבי די מיידלעך אין זייער פאַרבינדונג מיט דער יידי־שער שול אָדער אין לעבן מיט אונדזער קרייז. וואָרעם לאָמיר ניט פאַרגעסן, אַז פולע 74 פּראָצענט פון די בחורים זענען יאָ געוועזענע שול־קינדער און דער פּראָצענט אין כמעט אַלע נעגאַטיווע פאַלן — ד״ה, וואו מיידלעך שטייגן זיי אַריבער — איז אַ סך, אַ סך קלענער פונעם דאָזיקן ציפער. ווען מען לייענט די פאַרשיידענע באַמערקונגען, וואָס די בחורים האָבן געמאַכט אין משך פון די אינטערוויוען, ווערט דאָס בילד נאָך קלאָרער. אַזעלכע אויסדרוקן ווי „מיר אַרט ניט״, „איך ווייס ניט״, „האָב ניט קיין מיינונג״ אדג״ל, געפינט מען גאַנץ אָפט ביי די בחורים און זייער זעלטן ביי די מיידלעך. ווען דער אינטערוויוער פרעגט, ווער עס וואָלט וועלן זיך אָנשליסן אין אַ קלוב צו אַרבעטן פאַר די אידעאַלן פון אונדזער קרייז, באַקומען מיר אָט וועלכע ענטפערס:

| אַריינטרעטן אין אַ קלוב | | |
|---|---|---|
| | בחורים | מיידלעך |
| ווילן זיך אָנשליסן — | 45% | 95% |
| ווילן זיך ניט אָנשליסן | 55% | 5% |

די לעצטע פראַגע האָט שוין צו טאָן מיט אַקטיווער מיטהילף, מיט אַרבעט. און דאָ איז טאַקע דער אונטערשייד צווישן אינגלעך און מיידלעך דער סאַמע גרעסטער.

מען דאַרף דאָס דערקלערן מיט אַ סך סיבות. קודם כל ווייזן אַלע פאָרשונגען, אַז אין די ערשטע יוגנט־יאָרן שטייגן די מיידלעך אַריבער די בחורים סיי אין אינטעליגענץ, סיי אין זעלבסטשטענדיקייט, סיי אין געזעצטקייט. פאַרבונדקייט מיט אונדזער קרייז פאָדערט אַ היפּשע מדרגה פון ערנסטקייט, וואָס פאַלט גאַנץ שווער אויפן יוגנטלעכן געמיט. דער אינטערעס אין ספּאָרט־ענינים איז אַ צווייטער, און מיר דאַכט זיך, זייער אַ שטאַרקער פאַקטאָר. פאַר בחורים פון יוגנט־עלטער איז דאָס אין אַמעריקע אַ גרויסע קראַפט וואָס ציט צו זייער פיל אויפמערקזאַמקייט. אונדזערע קאַלעדזשעס און אוניווערסיטעטן ליידן פון דעם אָן אַ שיעור; גענוג פירער פון העכערע לערנאַנשטאַלטן האָבן שוין געפּרובירט זיך צו ראַנגלען מיט דער דאָזיקער מכה. פאַרשטייט זיך, ניט ספּאָרט איז דאָ שולדיק, פאַר אַ נאָרמאַלער יוגנט איז ספּאָרט־טעטיקייט זייער אַ וויכטיקער צייט־פאַרטרייב סיי פיזיש, סיי גייסטיק. די צרה ליגט אינעם אופן ווי עס ווערט געטאָן.

די שרעקלעכע איבערטרייבונג פון דער דאָזיקער טעטיקייט, דאָס וואָס פון אַ צייט־פאַרטרייב ווערט אַ קולט, דאָס וואָס אַ מאָמענטאַלע באַפרידיקונג, ווי ווינטשנסווערט זי זאָל ניט זייַן, שטייגט כמעט צו דער מדרגה פון אַ לעבנס־אידעאַל. דער פאַקט וואָס מיידלעך זענען ווייט פון ספּאָרט־זאַכן, העלפט זיכער אין דעם, אַז אונדזער איינפלוס איבער זיי זאָל זיך בעסער אָננעמען און טיפער אַרייַנדרינגען.

פון דעם אַליין לאָזט זיך לייכט שליסן, אַז די חסרונות וואָס ליגן אין אונדזער ניט־אַמעריקאַנישקייט — און מיר וועלן באַלד זען אין וואָס דאָס באַשטייט — זאָלן גיכער אָפּשטויסן די ייִנגלעך איידער די מיידלעך. ווארעם פאַר די ייִנגלעך זענען פאַראַן מער דרויסנדיקע געלעגנהייטן, וואָס ציען זיי צו זיך, רופן זיי פון אַלע זייטן, אַזוי אַז דאָס מינדסטע געפיל פון אומהיימלעכקייט צעשטערט זייער גלייכגעוויכט און פאַרטרייבט זיי פון אונדזער סביבה. און פון די פאַרשיידענע פאַרצייכנטע באַמערקונגען און איינדרוקן וואָס די דאָזיקע אַרבעט האָט געבראַכט, ווערט אויך קלאָר, אַז די ייִנגלעך וואָס זענען שוין מיט אונדז, זענען דאָס רוב פון זיי ניט אַזוי איינגעוואָרצלט ביי אונדז, מיר פילן ניט אַזאַ זיכערע נאָענטקייט אין זיי ווי אינעם רוב מיידלעך. פון דער אַנדער זייט ברענגט די דאָזיקע אומ־גלייכקייט געוויסע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען, וואָס לויערן, ליידער, אין דער טונקלקייט, וועלכע עס קען אָבער קלאָר דערזען יעדעס אויפמערקזאַמע אויג. אויב מיר ווילן אויף אַ ווייַלע אָנרופן יענע יונגע מענטשן, וואָס זענען באמת נאָענט צו אונדז, ווי „בעסער" אָדער „בעסטע", וועט אויס־קומען, אַז ביי אונדז איז פאַראַן אַ גרעסערע צאָל „בעסטע" מיידלעך, איידער „בעסטע" בחורים, שאַפט דאָס אַ דערדריקט געמיט ביי די מיידלעך, וואָס ווערן דאָך פריער רייף און בייטיקן זיך גיכער אין פריינטשאַפט פון מיט־גלידער פון אַנדערן געשלעכט איידער בחורים. בכלל, אומגלייכקייט אין צאָל אָדער קוואַליטעט פון די צוויי געשלעכטער איז זייער אַן אומגעזונטער צושטאַנד אין די יוגנט־יאָרן.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צי די דאָזיקע יונגע מענטשן, די וואָס האָבן זיך ביי אונדז אויסגעהאָדעוועט, געפינען עפּעס כאַראַקטעריסטישע פעלערן אין אונדזער סביבה, און אויב יאָ, אין וואָס זיי באַשטייען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז 60 פּראָצענט מיידלעך און 54 פּראָצענט ייִנגלעך געפינען אין אונדז ספּעציעלע חסרונות, וואָס זיי איז שווער צו פאַרטראָגן. אַזאַ איינ־שטימיקייט צווישן די בחורים און די מיידלעך אין ערגעץ ניטאָ, דאַרף מען זיך מיט באַזונדערן אינטערעס אָפּשטעלן אויף אַזאַ פּונקט. דער אמת איז, אַז ניט אַלע האָבן געענוי אָנגעגעבן וואָסערע שטריכן זיי האָבן אין אונדז ניט ליב. בלויז 23 האָבן דאָס געטאָן. מעגלעך, אַז ביי אַ טייל איז געווען שווער צו פאָרמולירן, אָדער זיך אַליין קלאָר מאַכן וואָס זיי ווילן,

כאַטש זיי פילן, אַז עפּעס איז ניט ווי געהעריק.. דאָס איז פאַרבונדן מיט נאָך אַ פּונקט. מען האָט געוואָלט אויסגעפינען וואָס עס איז די איצטיקע באַציאונג פון די דאָזיקע געוועזענע שול־קינדער און מיטגלידער פון אונד־זער קרייז צו זייערע אַמאָליקע לערער און פירער, אָדער טוער פון דער יידיש־באַוועגונג. איז די מיינונג זייערע פּונקט די זעלביקע וואָס אַמאָל? טראַכטן זיי איצט וועגן די אַמאָליקע פירער און טוער, מיט וועלכע זיי זענען געווען פריינדלעך פאַרבונדן, בעסער אָדער ערגער ווי אַמאָל? וועגן דעם האָבן מיר פאָלגנדיקן ענטפער:

| מיינונגען וועגן פירער | | |
|---|---|---|
| | צאָל בחורים | צאָל מיידלעך |
| זעלביקע מיינונג ווי פריער | 60% | 40% |
| געביטן אויף בעסער — — | 9% | 20% |
| געביטן אויף ערגער — — | 31% | 50% |

מיינונגען וועגן געוועזענע לערער און פירער בייטן זיך זייער אָפט צום בעסערן. די סיבה דערפון איז אַ גאַנץ פשוטע. ווען מען איז ניט מער נאָענט צום מענטשן, קען מען גיכער מוחל זיין די קליינינקייטן, די טאָג־טעגלעכע צונויפשטויסן, מחלוקתן און פאַרשוויגענע עוולות; מען קען דעמאָלט גיכער אָפּשאַצן דעם מענטשן לויטן אויפטו און לויט זיינע אַלגעמיינע מעלות. דאָ איז פּונקט פאַרקערט. דאָ איז פאַראַן אַ גאַנץ גרויסע צאָל סיי צווישן די בחורים, סיי צווישן די מיידלעך וואָס זייערע אַמאָליקע דערציער זענען ביי זיי געפאַלן אין די אויגן. קענטיק, אַז די חסרונות האָבן זיך זיי געמוזט גוט איינעסן אין די ביינער ווען זיי האָבן איבערגעלאָזן אַזעלכע טיפע שפּורן. נאָכמער, דאָס איז איינציקע מאָל ווען אַ גרעסערער פּראָצענט מיידלעך נעמט אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו אונדזער קרייז. מוזן מיר קומען צו דער מסקנא, אַז די וואָס זענען געווען נענטער צו אונדז האָבן וועגן דעם מער געטראַכט, זיך מער פאַראינטערעסירט דערמיט ווי מיט אַ פּראָבלעם, ממילא ווערט זייער נעגאַטיווע מיינונג בולטער אַרויסגעבראַכט איידער ביי די מער גלייכגילטיקע בחורים. ווי עס זאָל ניט זיין, זענען מיר איצט צוגעקומען צו זייער אַ וויכטיקן פּונקט אין דער אונטערזוכונג, אַ פּונקט וואָס פאַרדינט, אַז מיר זאָלן מיטן גאַנצן הארצן, און אַזוי אָביעקטיוו ווי מעגלעך, אים באַטראַכטן, כדי אויסצוגעפינען וואָס אונדזערע דערוואַקסענע קינדער טראַכ־טן וועגן אונדז.

און גראָד זענען דאָ, מעשה שטן, אונדזערע אינפאָרמאַציעס ניט אַזוי רייך ווי מיר וואָלטן דאָס געוואָלט. אָבער פון דער קליינער צאָל באַשטימטע מיינונגען, און פון דער גרעסערער צאָל אומקלאָרע רייד לאָזן זיך אַרויס־

שיילן עטלעכע געדאַנקען, וואָס וואַרפן אַ ליכט אויף דער דאָזיקער פראַגע. אי ביי די בחורים, אי ביי די מיידלעך וואַרפן זיך אין די אויגן אַזעלכע ווערטער ווי „איינזייטיק" (דריי מאָל), „פאַנאַטיש" (פיר מאָל). איך רעכן, אַז אַזעלכע ווערטער ווי „גרויסהאַלטערס" און „סנאָבס" געהערן אויך צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע. אין עטלעכע פאַלן זענען די רייד נאָך קלאָרער: „זיי זענען מבטל די אַמעריקאַנער קולטור, אָבער זיי הייבן זי ניט אָן צו קענען"; „זיי האַלטן תמיד אין איין שרייען אַזוי הויך ווי אַ חוץ זייערס וואָלט קיין זאַך אויף דער וועלט גאָרניט ווערט געווען"; „קען ניט פאַר־טראָגן זייערע מאַניערן"; „זיי זענען שרעקלעך אומטאָלעראַנט צו די מיינונגען פון אַנדערע"; „האָבן ניט קיין בילדונג, אָבער ווילן מאַכן דעם איינדרוק, אַז זיי ווייסן אַלץ". דריי באַקלאָגן זיך, אַז אין אונדזער קרייז איז פאַראַן צופיל פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע, כאָטש איינער ווייזט אָן, ווי אַ חסרון, וואָס אונדזערע מענטשן זענען ניט גענוג ראַדיקאַל.

די דאָזיקע פראַגע האָט אַרויסגערופן די לענגסטע קאָמענטאַרן. פון די רייד פון עטלעכע זעט עס אויס אַזוי ווי זיי וואָלטן באַקומען אַ לאַנג־געהאָפּטע מעגלעכקייט צו „וואַרפן דעם אמת אין פּנים אַריין". ביי דער פראַגע וואָלט מען געקענט אייגזען, מער ווי אומעטום, ווי ריכטיק עס איז געווען דער פּלאַן, אַז די שמועסן זאָלן געפירט ווערן דורך מענטשן פון די אייגענע יוגנטלעכע רייען, אַז קיין עלטערער זאָל זיך ניט אַריינמישן. אָבער ווי זאָל מען דאָס אַלץ אויסטייטשן? נאָך מער: כמעט אַלע די, וואָס זייערע רייד האָב איך פריער ציטירט, זענען מסכּים מיט די געדאַנקען און אידעאַלן פון „אונדזער קרייז"; זיי האָבן געגעבן כמעט בלויז פּאָזיטיווע ענטפערס אויף אַלע אַנדערע געשטעלטע פראַגן, היינט ווי זאָלן מיר פאַר־שטיין זייער קריטיק? און דאָ ליגט, ווי מיר דאַכט זיך, די גרעסטע צאָל שוועריקייטן, וואָס דערלאָזן ניט, אָדער שוואַכן אָפּ אונדזער איינפלוס אויף דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט.

מיר זענען נאָך פון דער אַלטער היים געוואוינט איבערצוגעבן געדאַנקען און געפילן צו אַ רויער מאַסע, צו מענטשן, וואָס די באַדינגונגען פון זייער לעבן האָט געשאַפן דעם פּאַסיקן געמיט־צושטאַנד, אין וועלכן מען זאָל אַריינקריצן, „אַריינשרייען", „אַריינשרויפן" די געדאַנקען און אידעאַלן אונ־דזערע. צי מיר האָבן געהאַט צו טאָן מיט ציוניזם, אָדער סאָציאַליזם, אָדער פרייהייט, אומעטום איז דער אַפּעליר־מאָטיוו געווען אַ באַלדיקע, כמעט פערזענלעכע לעבנס־נויט, און דער צוגאַנג האָט געמוזט זיין זייער עלעמענטאַר און פּרימיטיוו. דאָס איז ניט געלעגן בלויז אינעם כאַראַקטער פון דער אַרגומענטאַציע, נאָר אַפילו אין די פיזישע באַ־וועגונגען, אינעם אופן פון רעדן, אין דער באַציאונג צו אַלע אַנדערע מענטשן און אידייען, בקיצור, עס איז געווען אַ פּראָווינציעלער צוגאַנג וואָס די אומ־

שטענדן האָבן אַרויפגעצוואונגען. מען זאָגט, אַז אָט דער „פאַנאַטיזם" אָדער „איינזייטיקייט" אָדער זעלבסט־זיכערקייט ליגט אינעם יידישן טעמפּעראַמענט. איך בין שטאַרק מסופק אין דעם. דאָ, אין אַמעריקע, מאַכט אָט די היציקייט גיכער דעם איינדרוק פון גרינקייט, איידער פון יידישקייט. בכל אופן, אויב דאָס קען נאָך אָנגיין ווען מען האָט צו טאָן מיט היגע קליינע קינדער, איז דאָס לחלוטין ניט צוגעפּאַסט צו דער אַמעריקאַניש־יידישער יוגנט, וועלכע לעבט אין דער ספערע פון געוויסע אַקאַדעמישע טראַדיציעס. מיר דאַכט זיך, אַז אַפילו די פריער־ציטירטע טענות אַנטקעגן צופיל פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע מיינען אויך ניט געוויסע וואָס זיי זאָגן. אונדזערע היגע דערוואַקסענע זין און טעכטער זענען גאַנץ גוט צוגעוואוינט צו פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע אין גאַס, אין דער צייטונג און אַפילו אין די לערן־אַנשטאַלטן. עס קען זיי גאָרניט זיין אַזוי דערווידער ווען מענטשן פרעדיקן אידייען און אידעאַלן, וואָס איז, נאָך אַלעמען אַזוי כאַראַקטעריסטיש מענטשלעך. אָבער די אַקאַדעמישע אַטמאָספערע רופט אַרויס אַ ווידערווילן אַנטקעגן דער מעטאָדע פון שרייענדיקן איבעררעדן, עקשנותדיקן האַמערן אין אַ נאַאיוון מוסר־טאָן, און דאָס אַוועקמאַכן מיט דער האַנט און גרינגשעצן אַנדערש־דענקענדיקע. ווען אַן אַקאַדעמיש־געשולטער און טאַקטישער מענטש פּראָפּאַגאַנדירט זיינע געדאַנקען און טרעט צו מיט אַזעלכע התנצלותן ווי: „לויטן איצטיקן צושטאַנד פון אונדזער וויסן", „ווי ווייט עס איז מעגלעך צו דערגיין", „אויף וויפיל איך האָב דעם ענין אויסגעפאָרשט" — מאַכט ער דערמיט ניט שוואַכער, נאָר שטאַרקער זיין אַרגומענטאַציע אין די אויגן פון מענטשן, וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די איבערצייגונג און דאָס געפיל, אַז וועלט און לעבן זענען אַ צו האַרטער ביסן פאַרן מענטשלעכן מוח. אַזעלכע מענטשן פילן, ווי מען וואָלט זיך מיט זיי ניט גערעכנט, ווי מען וואָלט זיי דערנידעריקט און באַליידיקט, ווען מען דערלאַנגט זיי אַ צעטל מיט אַבסאָלוטע אמתן מיט אַ טאָן פון ענדגילטיקייט. און דאָס האָט ניט קיין שייכות בלויז צו גרויסע וועלט־אידייען אָדער נאַציאָנאַלע אידעאַלן, נאָר צו אַלע פשוטע אויסדרוקן פון איבטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן לעבן אין טעגלעכן אומגאַנג. די דערמאָנטע התנצלותן, וואָס וואָלטן זיכער ביי אַ רויער מאַסע, ספּעציעל דאָרט, וואו געדאַנק און האַנדלונג ווערן דיקטירט פון עלעמענטאַרע נויטן, באַטראַכט געוואָרן ווי שוואַכקייט, ווי אומזיכערקייט אין זיך אַליין, ווי קווענקלען זיך גראָד דאָרט וואו פעסטקייט איז אַזוי נויטיק, וואָלטן זיי אָבער געלאָזט פונקט אַ פאַרקערטן איינדרוק ביי די בחורים און מיידלעך אונדזערע, וועלכע זענען דערצויגן געוואָרן אין גאָר אַן אַנדער אַטמאָספערע, און צו וועלכע מיר קענען דאָך ניט קומען אין נאָמען פון עלעמענטאַרע באַדערפענישן.

די איינגעוואָרצלטע קאַטעגאָריעס, וואָס מיר האָבן געבראַכט מיט זיך, און וואָס שרייט אַרויס פון אַלע אונדזערע רייד און טעטיקייטן, דערוועקט

גאָר ביי אונדזער יוגנט דאָס געפיל, אַז מיר זענען גרויסהאַלטערס, „סנאָבס״, עס מאַכט אויך דעם איינדרוק ווי מיר וואָלטן געזאָגט צו זיי: „וואָס ווייסט איר וועגן דעם אַלעם?״, „הערט וואָס מיר זאָגן אייך און פאָלגט״, „איר פאַרשטייט דאָך קינדערלעך, אַז איר ווייסט גאָרניט״, אאַז״וו. און ווען זיי ווערן גענוג אַלט, זעלבסטשטענדיק און דערפילן אין זיך די רייפקייט אָפּ־צושאַצן מענטשלעכע באַציאונגען און מענטשלעכן אויפפיר, מוזן זיי קוקן קרום אויף דער דאָזיקער טבע אונדזערע סיי ווען זי ווייזט זיך אַרויס אין אונדזערע באַציאונגען צו זיי, סיי ווען זי נעמט אָן די פאָרמען פון אומטאָ־לעראַנץ וואָס מיר האָבן איינער צום צווייטן.

ניט געקוקט אָבער אויף דער שאַרפער קריטיק, וואָס זיי האָבן אַרויס־געבראַכט אַנטקעגן אונדז, האָבן זיי ניט פאַרפעלט אָנצואווייזן, אַז זיי שאַצן אָפּ מיט פאַרגעניגן דאָס, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין אונדזערע אינסטיטוציעס און אין אונדזער קרייז בכלל. 46 פון די 53 האָבן אַרויסגעבראַכט דעם גע־דאַנק, אַז אונדזער קרייז איז אַ זייער וויכטיקער פאַקטאָר אין זייער איצטיקן לעבן און דענקען. די גרעסטע צאָל שטרייכט אונטער, אַז „מיר האָבן זיך אויסגעלערנט יידיש״, „זיך דערנענטערט צום יידישן פאָלק״, „פאַרשטיי איצט ווער מיר זענען״, „דער קרייז האָט מיך געפירט צו וויסן אַ סך זאַכן, וואָס זענען זייער וויכטיק״, מיינע שטרעבונגען ווי אַ ייד און ווי אַ מענטש זענען געוואָקסן אין אונדזער קרייז און פון אים באַאיינפלוסט געוואָרן״, „בין גליקלעך וואָס איך האָב זיך באַקענט מיט אונדזער געשיכטע״ אאַז״וו. ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דאָס זענען די זעלביקע וואָס האָבן אונדז באַגעגנט מיט די פריערדיקע טענות, קענען מיר שוין קלאָר איינזען וויפיל גרעסער עס וואָלט געקענט ווערן אונדזער איינפלוס אויף זיי, ווען עס זאָל זיך איינ־געבן די דאָזיקע מחיצה אָפּצושאַפן.

מיר מעגן זיך אויך פון זיי לערנען אין דער אָנגעווייטיקטער שפּראַך־פראַגע. עס איז שוין פריער באַמערקט געוואָרן, אַז מען האָט ביי זיי גע־פרעגט, צי זיי וואָלטן זיך געוואָלט פאַרבינדן מיט אַ קלוב, וואָס זאָל לעבן מיט די אידעאַלן פון „אונדזער קרייז״. 45 פראָצענט פון די בחורים און 95 פראָצענט פון די מיידלעך זענען באַשטאַנען אַריינצוטרעטן אין אַזאַ קלוב. וואָס זאָל זיין די שפּראַך פון אַט דעם קלוב?

| | בחורים | מיידלעך | אַלע צוזאַמען | |
|---|---|---|---|---|
| יידיש — | 21.4% | 31.6% | יידיש — — | 27.3% |
| ענגליש — | —% | 5.2% | ענגליש — — | 3.3% |
| ביידע — | 78.6% | 63.2% | ביידע — — | 69.4% |

אמת, דאָ ווייזט זיך אויך אַרויס — כאָטש אַ סך שוואַכער — דער גע־ווינטלעכער אונטערשייד צווישן די בחורים און די מיידלעך. עס איז אָבער אינטערעסאַנט איינצוזען די באַציאונג צום גאַנצן ענין. ניט אַלע פון דער גרויסער מערהייט, וואָס זאָגן „ביידע", פאַרשטייען דאָס וואָרט אויפן זעלביקן אופן. טייל האַלטן, אַז די אָפיציעלע שפּראַך זאָל זיין יידיש און אַלע טעטיקייטן זאָלן בלויז אין יידיש געפירט ווערן. טייל ווילן, אַז עס איז אַ מאָראַלער חוב אויף די, וואָס פילן זיך פריי אין יידיש, בעת די אַנדערע זאָלן ניט פילן, אַז מען קוקט אויף זיי פון אויבן אַראָפּ ווען זיי רעדן ניט קיין יידיש. נאָך אַנדערע מיינען גאָר, אַז די רוטינע אַרבעט זאָל געפירט ווערן אין ענגליש און די קולטורעלע אין יידיש. דאָס איז אָבער ניט וויכטיק. פאַר אונדז דאָ איז בלויז וויכטיק דער פאַקט, אַז דער ענין איז לחלוטין ניט אַזוי פּשוט, און קען ניט אַזוי לייכט באַשלאָסן ווערן, ווי עס רעדט זיך אין אַ געוויסער איינזייטיקער, פאַנאַטישער טיפּ פונעם יידישיסטישן לאַגער. כ'פּיל אַז אַט די יונגע מענטשן זענען אינגאַנצן גערעכט, ווען זיי רעדן וועגן געוויסע שפּראַך־פּשרות אין פּראַקטישער אַרבעט צווישן דער יוגנט, אויב מיר ווילן באמת זיין אַ ווירקנדיקער כוח אין זייער לעבן. די אַמעריקאַנער באַדינגונגען זענען אַזעלכע, אַז אויך אין דעם פּרט וועט איינזייטיקייט זיך אויסלאָזן מיט קליינזייטיקייט — מיר וועלן אַלץ פאַרלירן.

עס קען קיין ספק ניט זיין, אַז ווען אַזעלכע אונטערזוכונגען זאָלן געפירט ווערן אָפטער, ברייטער, אונטער פאַרשיידענע באַדינגונגען און מיט גרעסערע צאָלן, וואָלטן זיי געקענט אַרויסברענגען אָן אַ שיעור וויכטיקע איינצלהייטן, וואָס וואָלטן באַלויכטן דעם וועג פון אונדזער גאַנצער יוגנט־באַוועגונג, ווען אַזאַ זאָל זיך באמת פאַנאַנדערבליען מיטן געהעריקן אימפּעט. דאָס דאָזיקע אַרטיקל גיט איבער בלויז אַן אָנהייב אין אַ פעלד, וואָס איז נאָך, ליידער, אינגאַנצן רוי און ווי אַן אָנהייב זענען דאָ פאַראַן, ווי איך זע, גענוג פאַקטן, מיט וועלכע מיר דאַרפן זיך רעכענען.

צום שלוס זאָל מיר דערלויבט זיין אויסצודריקן אַ האַרציקן דאַנק די דריי יונגע פריינד מיינע, בעסי יאַקירא, סידני מענט און חנה שמוקלער, פאַר זייער באַגייסטערטער מיטהילף אין דער דאָזיקער אַרבעט.

(1931)

# אַ פאַל פון אַנטיסעמיטיזם ביי אַ יידיש קינד

איך געדענק, מיט יאָרן צוריק, ווי פאַרחידושט איך בין געוואָרן פון אַ שטעל אין טשעימבערלעינס בוך „די גרונדלאַגן דעם נוינצענטען יאָר־הונדערטס״. אין יענעם בוך האָט דער באַרימטער פּאָעט־מוזיקער־פילאָסאָף געוואָלט באַווייזן אַז ראַסע איז דער וויכטיקסטער היסטאָרישער פאַקטאָר אין היסטאָרישער אַנטוויקלונג און אַז די הויכע מדרגה פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע נעמט זיך פון די באַזונדערע אייגנשאַפטן פון דער גערמאַנישער ראַסע. אַזאַ געדאַנקענגאַנג מוז גאַנץ לאָגיש פירן צו אַנטיסעמיטיזם, און האַוסטאָן סטיוואַרט טשעימבערלעין איז עס טאַקע געווען אין דער פולער מאָס, פונקט ווי זיין שווער ריכאַרד וואַגנער.

פונדעסטוועגן האָט מיך געוואונדערט יענע שטעל וואו עס רעדט זיך אַזוי פריי וועגן ראַסע־אינסטינקטן ביי קינדער. דער חידוש איז מסתמא אויך געקומען דערפון וואָס גראָד דאָרט רירט ער אָן אונדז, יידן. ער האַלט, „אַז קינדער, ספּעציעל מיידלעך, האָבן אָפט קענטיקע ראַסע־אינסטינקטן. עס טרעפט אָפט אַז קינדער וואָס האָבן קיין באַגריף ניט וואָס עס באַטייט „ייד״, אָדער אַז עס איז גאָר דאָ אַזאַ מין זאַך אויף דער וועלט, הייבן אָן צו וויינען גלייך ווי אָן עכטער ייד, אָדער אַ יידישע פרוי, דערנענטערט זיך צו זיי. די געלערנטע קענען אָפטמאָל ניט אונטערשיידן צווישן אַ ייד און אַ ניט־ייד, אָבער דאָס קינד וואָס קען קוים רעדן באַמערקט דעם חילוק״.

אין פלוג, און פון אַ פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, קען דאָס אויסקוקן געוואָלטיק אינטערעסאַנט. זאָלן מיר טאַקע אָננעמען אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי „ראַסע־אינסטינקטן״, און אַז זיי ווייזן זיך שאַרף אַרויס אין לעבן פון קינדער? אינטערעסאַנט, זיכער, אָבער ניט טשעימבערלעין קען אונדז וועגן דעם עפּעס לאָזן וויסן און ניט מיר קענען עפּעס שטעלן אויף זיינע רייד. ער איז ניט געווען קיין וויסנשאַפטלער און האָט אפשר בכלל ניט איינגעזען די מוראדיקע אחריות וואָס מען נעמט אויף זיך דורך אַזעלכע השערות. ממילא קען מען דעם גאַנצן ענין גאַנץ רואיק פאַרבייגיין. אין ליכט פון דעם וואָס מיר ווייסן היינט וועגן דעם ענין איז לחלוטין ניט נייטיק צוצושרייבן ראַסע־אינסטינקטן צו קינדער כדי מען זאָל דערקלערן טשעימבערלעינס פאַקטן, אַפילו ווען מיר זאָלן טאַקע גלייבן אַז זיי זענען פאַקטן.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן. געקומען איז מיר די דאָזיקע מעשה אויפן זינען בעת איך האָב זיך פאַרנומען מיט אַן אַרבעט פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. געהאַנדלט האָט זיך עס וועגן אויסגעפינען געוויסע פּסיכישע פּראָצעסן אין באַוואוסטזיין פון יידישע קינדער און גאַנץ פּלוצלונג האָב איך

זיך אָנגעשטויסן אָן עפּעס וואָס איז פאַר מיר געווען אַזוי ניי, אַזוי אומגע־ריכט, אַז איך האָב לכתחילה עפּעס ווי געצווייפלט אין דער אמתדיקייט פון דעם אַלעם וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר מיינע אויגן.

פאָרגעקומען איז עס בעת אַ שמועס מיט אַ קליין קינד, אַ יידיש מיידל פון פינף און אַ האַלב יאָר, און ווען איך וועל איבערגעבן אַ טייל פונעם אינ־האַלט פונעם שמועס וועט גלייך קלאָר ווערן אין וואָס די רעטעניש איז באַשטאַנען.

לכתחילה האָט זיך דער שמועס געדרייט אַרום אַלגעמיינע זאַכן און, בינו לבינו, האָב איך אַריינגעוואָרפן עטלעכע פראַגן וואָס געפינען זיך אין די אינטעליגענץ־טעסטן פאַר קינדער פון דעם עלטער. פון דעם אַלעם האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן אַז אין אינטעליגענץ שטייט זי אַביסל העכער פונעם דורכשניט. נאָך דעם האָט זיך דער שמועס פאַרקירעוועט צו יידישע ענינים. דאָ זענען שוין די רעזולטאַטן געווען גאַנץ אַנדערע. אויף מיין פראַגע צי אירע עלטערן זענען יידן האָט זי געענטפערט אַז זי ווייס ניט. זי ווייס אויך ניט צי זי אַליין איז אַ יידיש קינד. זי ווייס בלויז אַז זי איז אַן אַמעריקאַנער, כאָטש זי קען בשום אופן ניט זאָגן וואָס זי מיינט מיט דעם וואָרט „אַמע־ריקאַנער“.

קען מען טאַקע אָפּט טרעפן אַ קינד פון פינף און אַ האַלב יאָר זאָל ניט וויסן אַז עס איז אַ יידיש קינד? זיכער ניט. קינדער פון דעם עלטער האָבן בדרך כלל גאַנץ באַשטימטע ידיעות וועגן זייער נאַציאָנאַליטעט. דאָך איז ניט שווער צו פאַרשטיין דעם פאַל וועגן וועלכן איך דערצייל. דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ קינד וואָס שטאַמט פון אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן, און גראָד פון אַזעלכע וואָס זענען דערווייטערט אי פון אַ יידישער סביבה אי פון יידישע ענינים. דאָס קינד רעדט ניט קיין יידיש, פאַרשטייט ניט קיין יידיש, איז אַפילו ניט באַקאַנט מיט דעם וואָרט „יידיש“. אמת, „יידיש“, ווי דער נאָמען פון אַ שפּראַך, איז אין ענגליש ניט קיין פּאָפּולער וואָרט, דאָך איז דאָס קינד געווען דאָס איינציקע פון עטלעכע צענדליק פון זעלביקן על־טער וואָס איז מיט דעם וואָרט ניט געווען באַקאַנט.

אָבער באַלד האָט דער שמועס מיך אַוועקגעפירט אויף אַנדערע דרכים און עס האָבן זיך גענומען ווייזן זייער מאָדנע באַגריפן אינעם קינדס באַ־וואוסטזיין.

איך: האָסטו אַמאָל געזען יידן?
זי: ניין.
איך: זענען טאַקע פאַראַן יידן אין דער וועלט?
זי: איך רעכן אַז יאָ.
איך: זענען פאַראַן יידן אין אַמעריקע?
זי: ניין.

איך: וואו דען קען מען טרעפן יידן?

זי: מען קען זיי טרעפן אין דער היים און אויך אין די וועלדער.

איך: וואָס טוען יידן אין די וועלדער?

דער שמועס ציט זיך, שלענגלט זיך אין פאַרשיידענע זייטן און ריכטונגען. צום סוף קומט אויס אַז יידן קלייבן אין די וועלדער גיפטיקע פלאַנצן, באַשמירן זיך די הענט מיטן גיפט כדי צו פאַרסמען קינדער. פאַרוואָס טוען יידן אַזעלכע זאַכן? דערויף קען זי קיין קלאָרן ענטפער ניט געבן. זי ווייס בלויז צו זאָגן אַז יידן טוען דאָס ווייל זיי האָבן דאָס ליב. און נאָך דעם ווי זי פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע באַשליסט זי אַז אייגנטלעך קען מען ניט אַלע יידן באַשולדיקן. עס זענען פאַראַן גוטע יידן און שלעכטע יידן, און די עובדא פון פאַרסמען קינדער געהערט בלויז צו די שלעכטע. אָבער דער שמועס ציט זיך נאָך ווייטער.

איך: ווי זעען אויס יידן?

זי: זיי האָבן שוואַרצע פנימער און זיי הרגענען יעדן.

איך: אַזעלכע שוואַרצע פנימער ווי ביי נעגערס?

זי: ניין, ניט ווי ביי נעגערס, ווייל זיי טראָגן מאַסקעס, ווילדע מאַסקעס.

איך: ווי זעען אויס די מאַסקעס וואָס די יידן טראָגן?

זי: זיי זעען אויס זייער שלעכט (ווערי בעד), און זיי טראָגן שטענדיק די שלעכטע מאַסקעס.

איך: פון וואָסער קאָליר זענען די מאַסקעס?

זי: שוואַרצע, אַזעלכע מאָדנע שוואַרצע מאַסקעס.

איך האָב גערעדט וועגן יידן בכלל, ניט וועגן די „שלעכטע" בלויז, און זי האָט מיר אויך געענטפערט וועגן יידן בכלל, און האָט צוגעשריבן די חסרונות פון די פאַנטאַסטישע שלעכטע צו אַלע יידן. קענטיק אַז די קלאַסיפיקאַציע פון „גוטע" און „שלעכטע" איז אירס אַ שפּעטערדיקער קאָרעקטיוו צו אַן אָנגענומענער פאַנטאַסטישער פאָרשטעלונג וועגן יידן בכלל. מיר טרעפן אַן ענלעכן פּראָצעס ביי דערוואַקסענע אַנטיסעמיטן, ספּעציעל ווען זיי שטרייכן אונטער די גרויסע מעלות פונעם יידן מיט וועלכן זיי טרעפן זיך גראָד צוזאַמען, און באַדויערן וואָס אַלע אַנדערע יידן זענען ניט אַזוי גוט.

און אָט גייען מיר איבער אין אונזער שמועס צו אַזאַ מין ענין:

איך: זיינען אויך פאַראַן שלעכטע אַמעריקאַנער?

זי: די גאַנצע וועלט איז גוט אַחוץ די שלעכטע יידן.

איך: וואָלסטו געוואָלט זיין אַ שלעכטער ייד?

זי: ניין.

איך: וואָלסטו געוואָלט זיין אַ גוטער ייד?

זי: איך וויל אין גאַנצן קיין ייד ניט זיין.

איך: ווען דו געפֿינסט אויס אַז דיינע עלטערן זענען יידן וואָלסטו זיי ליב געהאַט?

זי: אויב גוטע יידן וואָלט איך זיי ליב געהאַט, אויב שלעכטע — ניט.

איך: ווען דו געפֿינסט אויס אַז דו אַליין ביסט אַ יידיש מיידל וואָלט עס דיר געשמעקט?

זי: ניין, עס וואָלט מיר שוין גאָר ניט געשמעקט.

פֿון די אַלע ווייטערדיקע פּרטים מוז איך אַרויסנעמען נאָך איין טעמע וואָס איך האָב באַרירט, כדי דאָס בילד זאָל זיין פֿולער און קלאָרער.

איך: ביסטו אַמאָל געווען אין אַ קירך?

זי: יאָ, איין מאָל; איך בין אויך געווען איין מאָל אין אַ שול.

איך: וואָס האָסטו ליבער, די קירך צי די שול?

זי: די קירך.

איך: פֿאַרוואָס האָסטו ליבער די קירך?

זי: ווייל איך האָב זי ליבער.

איך: האָסטו ליבער די מענטשן וואָס גייען אין קירך אָדער די וואָס גייען אין שול?

זי: די וואָס גייען אין קירך.

איך: פֿאַרוואָס?

זי: ווייל אַזוי (ביקאָז).

ניט דאָ איז דער פּלאַץ אַריינצולאָזן זיך אין אַ טיפֿערן אַנאַליז וועגן די אַלע פֿראַגן, און דער עיקר וועגן די אָפֿענע סתירות וואָס ווייזן זיך אַזוי בולט אַרויס אין דעם קינדס טענות. דאָ זענען פֿאַרוויקלט זייער קאָמפּליצירטע מעכאַניזמען וואָס עס איז גאָר ניט אַזוי לייכט אויפֿצודעקן. אָבער ווען איך וועל איבערגעבן נאָך עטלעכע פּרטים פֿון דעם קינדס לעבן וועלן מיר גלייך דערפֿילן אַז עס ווייזט זיך אַ שליסל צו דער גאַנצער לאַגע.

קודם כל האָב איך אויסגעפֿונען אַז דאָס קינד לעבט בלויז מיט איר מוטער. קיין פֿאָטער איז אין דער היים ניטאָ. די מוטער איז אַ יונגע אַמעריקאַניש־יידישע טאָכטער פֿון אַ גאַנץ טיפּישן סאָרט. מען וואָלט דאָס אפֿשר געקענט באַצייכענען: אַ זייער דורכשניטלעכע טאָכטער פֿון זייער דורכשניטלעכע עלטערן. פֿאַראַן אָבער איין וויכטיקער צוגאָב: ביי דער יונגער מוטערס גאַנץ פּשוטע יידישע עלטערן האָט זיך — צוליב געוויסע סיבות — אַריינגעריסן אַ שטאַרקער פֿאַרלאַנג אָפּצומעקן אויף ווי וויט מעגלעך די דרויסנדיקע סימנים פֿון יידישן אָפּשטאַם. דאָס איז געווען די סביבה פֿון דער מוטער. קען מען שוין אַליין פֿאַרשטיין אַז אין איר הויז, וואָס זי פֿירט איצט זעלבסטשטענדיק, איז ניטאָ קיין שום סימן ניט פֿון טראַדיציע, ניט פֿון אַנדערע מעגלעכע סימנים אַז דאָס איז אַ יידישע פֿאַמיליע אין וואָסער זינען פֿון וואָרט דאָס זאָל ניט זיין.

דאָס איז אָבער ניט אַלץ. די געגנט וואו דאָס קליינע מיידעלע האָדע־וועט זיך איז דורך און דורך אַ קריסטלעכע, ניט בלויז אַ גויאישע. איך מיין אַ געגנט וואו רעליגיעזע קריסטלעכקייט זעט זיך שטאַרק אָן, און מען קען זיך פאָרשטעלן — קיין פאַקטן זענען מיר ניט באַקאַנט — אַז אין אַזאַ געגנט זאָלן זיך ערגעץ וואו אַרומוואַלגערן מיטלעלטערלעכע גויאישע אבערגלויבנס וועגן יידן.

דאָס קליינע מיידעלע האָט בלויז איין חברטע אין דער געגנט, און דאָס איז אַ קריסטלעך קינד פון אַ פרום־רעליגיעזער היים. דער איינציקער ייד פון וועלכן דאָס קינד וויס אין דער געגנט איז אַ קצב, וואָס די קליינע קינדער האַלטן אים פאַר אַ מענטשן מיט אַ שטיינערן האַרץ, אַפילו פאַר אַ מערדער, ווען מען זעט ווי ער האָט תמיד צו טאָן מיט בלוט און טויטע באַשעפענישן.

די עטלעכע פאַקטן זענען, דאַכט זיך מיר, גאַנץ גענוג מען זאָל זיך קענען משער זיין פון וואַנען עס נעמען זיך אַזעלכע אומגעלומפּערטע באַגריפן ביי אַזאַ יונג קינד. אָבער פון דעם איז געדרונגען נאָך עפּעס, וואָס דאָס איז דער עיקר, צוליב וואָס איך האָב די גאַנצע מעשה דערציילט. קינדער גייען אָפּט אַרום מיט באַגריפן און פאָרשטעלונגען וואָס רירן אָן די וויכטיקסטע אינטערעסן פון זייער סביבה און זייערע עלטערן, און דאָך קענען זיי דאָס אַלץ האַלטן אין זיך אין טיפן שטילשווייגן, ספּעציעל אין זייערע שייכותן צו דערוואַקסענע.

דאָס וואָס איך האָב אויסגעפונען איז געווען אַ ריינער צופאַל. און די פאַקטן האָבן באַוויזן אַז בלויז נאָך עטלעכע חדשים פון געהעריקער אויפ־מערקזאַמקייט איז פאָרגעקומען ממש אַן איבערקערעניש אין דער פּסיכיק פון קינד. פאַרשטייט זיך, אַז עס ניט געבליבן קיין שריד ופליט פון די אַנטיסעמיטישע באָבע־מעשות וואָס זענען געלעגן ווי אַ שוואַרצער שאָטן אינעם קינדס נשמה און געשאַפן פאַר אירע דערציער אַ שווייגנדיקן אבן נגף, איבער וועלכן מען איז געפאַלן און מען האָט זיך לכתחילה אַפילו ניט געקענט אָנשטויסן וואָס די סיבה דערפון איז.

אַ שאָד וואָס טשעימבערלעין האָט ניט געוואוסט אַז אויך ביי יידישע קינדער קען מען אַמאָל געפינען אַנטי־יידישע „אינסטינקטן”. וואָלט ער דאָס געוואוסט וואָלט ער זיך אפשר טיפער אַריינגעטראַכט אין דער גאַנ־צער „אינסטינקטיווקייט” פון אַזעלכע סאָרטן „ראַסע־אינסטינקטן”.

(1933)

# די יידישע פאַרגאַנגענהייט און די יידישע שול

דאָס ערשטע אָריגינעלע און אייגנאַרטיקע ווערק פון אַ פאָלק איז, נאַטירלעך, זיין געשיכטע, דער כאַראַקטעריסטישער זיגזאַגישער וועג, אויף וועלכן זיין מזל האָט אים געפירט פון עפּאָכע צו עפּאָכע. און פונקט אַזוי אָריגינעל און־אייגנאַרטיק איז די אַנטוויקלונג פון דער שול־סיסטעם פון אַ פאָלק, וואו עס שאַפט זיך, וואו עס פאָרמירט זיך די מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע פערזענלעכקייט פון די וואַקסנדיקע דורות. עס איז גענוג אַריבער־צוטרעטן די שוועל פון אַ קינדער־שול אין וועלכן לאַנד איר ווילט, ביי יעדן פאָלק אין דער וועלט, און גלייך דערפילט מען דעם אָטעם פון אַלטע, איינגעוואָרצלטע ירושות. מען דערהערט דעם פולס־קלאַפּ פון דער לויפנ־דיקער צייט, און אַ געניט אויג וועט אויך קענען דערבליקן כאָטש אַ שאָטן, אַ פלעק פונעם מאָרגן, וואָס קומט אָן. אַזוי איז עס ביי אַלע פעלקער אויף דער ערד; אַזוי איז עס תמיד אויך געווען ביי אונדז.

עס איז ניט נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז אונדזער יידישע געשיכטע פאַרמאָגט אַן אייגנאַרטיקייט, אַן אַנדערשקייט, וואָס האָט קיין גלייכן ניט צו זיך. ווי האָט די טראַדיציאָנעלע יידישע שול־סיסטעם אָפּגעשפּיגלט דעם דאָזיקן פּשוטן פאַקט? אין וואָס איז באַשטאַנען די באַזונדערקייט פונעם אינהאַלט און פון די מעטאָדן פון אַמאָליקער יידישער דערציאונג, וואָס האָט זיי געמאַכט פאַר כאַראַקטעריסטיש יידיש?

זינט עס האָט זיך אין אונדזער וועלט אויפגעהויבן די צעטיילונג צווישן רעליגיע און וועלטלעכקייט, זענען פאַראַן אַ סך צווישן אונדזערע ראַדיקאַלע פריינד, וועלכע ווילן אויסשעפּן דעם גאַנצן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער פונעם אַלטן חדר מיטן וואָרט „רעליגיע״. דער חדר, הייסט עס, איז געווען אַ רעליגיעזע לערן־אינסטיטוציע, און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע וואָס מיר קענען וועגן אים זאָגן. און ווען מיר זאָגן דאָס, רירן מיר אָן דאָס סאַמע פּינטעלע פון זיין נשמה.

מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַן אויבערפלעכלעכער בליק אויף דער זאַך, און זייער אַ שעדלעכער בליק, בעת מיר טראַכטן וועגן רעפאָרמירן און פאַרוועלטלעכן דאָס יידישע שול־וועזן. אַוודאי איז דער חדר געווען דורכגעדרונגען מיט אַ רעליגיעזן גייסט, זיכער. אָבער בעת מיר זאָגן דאָס, דערקלערן מיר פונקט אַזוי פיל וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע ווי, לאָמיר זאָגן, ווען אַ קריטיקער, שרייבנדיק וועגן שלום־עליכמען, זאָל מאַכן די טיפזיניקע באַמערקונג, אַז ער איז געווען אַ פּראָזע־שרייבער. דאָס איז בלי ספק אמת, אָבער איינער פון יענע אמתן, וואָס זאָגן צו־ווייניק, אַז זיי זאָלן האָבן עפּעס אַ ווערט. און, צוריקגעשמועסט, איז טאַקע דער אינהאַלט

פון דער חדר־פּראָגראַם הוילע רעליגיע, ווי מען וויל מאַכן דעם איינדרוק? דאָ איז שוין, ווי מיר דאַכט זיך, דער אמת ניט בלויז אַ צו אַלגעמיינער, נאָר פּשוט קיין אמת ניט.

דער אינהאַלט פון דער חדר־פּראָגראַם באַשטייט דער עיקר אין חומש, גמרא און פּוסקים. חומש איז אין דער ערשטער שורה, אַלגעמיין מענטש־לעכע מאָראַל, געזעצגעבונג, פּראָזע־ליטעראַטור און פּאָעזיע, ביאָגראַפיעס פון נאַציאָנאַלע העלדן, געשיכטע, פּאַרגלייכט, למשל, די ראָלע פונעם היי־ליקן פּעטריק ביי די אירלענדער מיט דער ראָלע פון אברהמען אין דער יידישער לעגענדע. דער הייליקער פּעטריק, ווי באַקאַנט, איז געווען צווישן די ערשטע אַריינצוברענגען די קריסטלעכע רעליגיע אין אירלאַנד אין דער ערשטער העלפט פון פינפטן יאָרהונדערט. איז ער דעריבער אויך אַן „ערשטער", ווי אברהם איז פאַר אונדז. אָבער דער חילוק איז אַן אומגע־הייערער. אברהמס ערשטקייט איז ניט בלויז קיין רעליגיעזע, נאָר אויך אַ ביאָלאָגישע. מיר האָבן מיט אים, פריער פון אַלץ, אַ בלוט־שייכות, מיר שטאַמען אָפּ פון אים דורך אַ לאַנגער קייט פון כסדרדיקע דורות. און אויף וויפל די פּאָטער־אידייע — אין שייכות צו אברהמען — האָט געקענט אַריינ־דרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון חדר־יינגלעך — ווי מיר געדענקען דאָס אַלע פון אונדזערע קינדער־יאָרן — איז דאָס געווען אַן אידייע, וואָס איז גיכער פאַרבונדן מיט ביאָלאָגיזם איידער מיט מאָנאָטעאיזם. אברהם איז קודם כל אַ פּאָטער אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט, ניט בלויז אַן ערשטער אויסטראַכטער פון אַ גרויסן געדאַנק. דעם הייליקן פּעטריק קען מען ניט אָנרופן סתם אַזוי „פּעטריק", ווייל זיין הויפּט־ווערט ליגט אין זיין רעלי־גיעזן אינהאַלט. ער איז אַ „הייליקער". אברהמען קענען מיר גאַנץ גוט אָנרופן ביים ערשטן נאָמען, ווי אַן אייגענעם טאַטן, וואָס צו אים האָבן מיר קודם כל אַ פּערזענלעכע שייכות.

אָט דער פּשוטער פאַקט, וואָס יעדער תלמיד פון חדר האָט געפילט, אַז די העלדן פון וועלכע ער ווערט באַגייסטערט — די הויפּט־פיגורן פון תנ"ך און תלמוד — זענען זיינע בלוט־קרובים, דער דאָזיקער פאַקט בייט אינגאַנצן די לאַגע. דאָס מאַכט אוממעגלעך, אַז די פּסיכישע ווירקונג זאָל האָבן געווען אַ ריין־רעליגיעזע, ווי מיר געפינען עס, למשל, אין קריסט־לעכע לערן־אינסטיטוציעס. ביים קריסטלעכן תלמיד איז דער גרויסער מענטש געוואָרן אייגן צוליב זיין ראָלע אין אַ באַשטימטער געדאַנקען־סיסטעם; ביים יידישן תלמיד איז דער אייגענער מענטש געוואָרן נאָך אייגענער אי צוליב זיין ראָלע אין אַ געדאַנקען־סיסטעם, אי צוליב זיין היסטאָרישער ראָלע אין לעבן פונעם פאָלק. די „אייגנקייט" גופא האָט זיך ניט גענייטיקט אין קיין מענטשלעכע אָדער געטלעכע אני־מאַמינס כדי זי זאָל געבוירן ווערן. זי איז געקומען פון זיך אַליין, אַזוי צו זאָגן, זי איז געווען דער סאַמע פונדאַמענט,

פון וועלכן אַלץ הייבט זיך אָן. דאָ ווייזט זיך קלאָר אַרויס די גרויסע נפקא מינה צווישן דעם ריין־רעליגיעזן, און אַ־רעליגיעזע, אָדער וועלטלעכע פאַקטן, וואָס לעבן אין אַ רעליגיעזער ספערע.

ווען עס קומט צום תלמוד, דערצו נאָך יענע טיילן פון תלמוד וואו קינדער האָבן געלערנט אין חדר, איז דאָס פשוט אומגערעכטע מיסרעפּרע־זענטאַציע, ווען מען כאַראַקטעריזירט דעם דאָזיקן לימוד ווי אַ רעליגיעזן. וואָסער שייכות האָבן די אַלע רעגולאַציעס פון טאָג־טעגלעכן ציווילן לעבן, מיט וועלכע עס איז אָנגעפילט „נשים" און נזיקין", צו רעליגיע? איז דאָס אפשר דערפאַר, ווייל דאָרט ווערן דערמאָנט רעליגיעזע ענינים און באַגריפן? אויב אַזוי, וואָלטן מיר געדאַרפט זאָגן, אַז אַן אַמעריקאַנער מטבע איז אַ רעליגיעזער חפץ, ווייל עס געפינען זיך דאָרטן די ווערטער: „מיר האָבן בטחון אין גאָט".

דער הויפּט־סימן פונעם חדר־אינהאַלט ליגט, ווי איך זע, אין דעם ספּעציפישן, כאַראַקטעריסטישן אופן, אויף וועלכן אונדזערע קינדער זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן אין דער ספערע פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט. פאַרן חדר איז, אייגנטלעך, אונדזער פאַרגאַנגענהייט ניט געווען דאָס, וואָס זי איז פאַר אונדז, היינטיקע, מיט אונדזערע היסטאָרישע באַגריפן פון צייט און אַנטוויקלונג. איך קען ניט געפינען קיין פּאַסיק וואָרט — איך בין ניט זיכער צי אַ מאָדערנע שפּראַך פאַרמאָגט גאָר אַזאַ וואָרט — וואָס זאָל אויסדריקן דעם זינען פון „פאַרגאַנגענהייט", אויף וויפיל זי איז געווען פאַרטראָטן אין חדר. דאָס איז אַ גרופּע פאַסירונגען, וואָס דאַרפן, ריין־פאָרמעל באַצייכנט ווערן מיט „אַמאָל איז געווען", וואָס זענען אָבער אויך אין דער זעלביקער צייט אַן איצטיקער פסיכישער צושטאַנד. די פאַרבונדנ־קייט פון די דאָזיקע פאַסירונגען מיט צייט, זייער „אַמאָליקייט", שפּילט ניט קיין וויכטיקע ראָלע. דער עיקר איז, וואָס זייער אַריינקומען אין לעבן איז געווען אַזוי פונדאַמענטאַל פאַר גאַנצן וועלט־גאַנג, אַז זיי האָבן אַריינ־געבראַכט אַ באַזונדערע אַטמאָספערע, אין וועלכער מען קען לעבן היינט און מאָרגן, פּונקט ווי מען האָט געלעבט נעכטן. פון דעם שטאַנדפּונקט זענען די ידיעות וועגן משכן פּונקט אַזוי ביישטיק ווי דער געבאָט, אַז מען דאַרף אָפּהיטן שבת, און די דינים וועגן קרבן־פסח זענען אַזוי וויכטיק, ווי די דינים וועגן בויען אַ סוכה, כאָטש די ערשטע האָבן צו טאָן מיט אַמאָליקע פאַקטן און די צווייטע מיט אַן איצטיקער פּראַקטיק. אָט דער געמיש פון אַמאָל און איצט, פון פאַקט און פסיכישן צושטאַנד, פון וויסן וועגן געשע־ענישן און די געשעענישן גופא, דאָס איז געווען די כאַראַקטעריסטישע חדר־מעטאָדע פון פאַרוואַנדלען די יידישע פאַרגאַנגענהייט אין אַן איצטיקער איבערלעבעניש, פון פאַרטונקלען צייט־גרענעצן אויף וויפיל דאָס איז נאָר

מעגלעך, כדי דער גלאַטער אַנגאַנג פון אָט דעם פּראָצעס זאָל וואָס ווייניקער געשטערט ווערן.

די נוצן פון אַזאַ צוגאַנג צום ענין זענען געווען אומגעהייער גרויס. דאָס יידישע פּאָלק, אויף וויפיל עס איז, און וויל זיין, יידיש, איז תמיד מחויב צו שעפּן וואָס טיפער און וואָס פולער פון אַלע זיינע קולטורעלע קוואַלן. ביי אַ נאָרמאַל פּאָלק ווערן די נאַציאָנאַלע כוחות געשטאַרקט אין יעדן מאָמענט פון לעבן. דאָס קומט פאַר אויף אומדירעקטע אופנים און על־פּי רוב גאַנץ אומבאַמערקט. אַ נאָרמאַל פּאָלק וואַרפט זיין בליק אויפן אַרומיקן שטח, וואָס רינגלט אים אַרום, דעם שטח, אויף וועלכן דאָס פּאָלק לעבט קאָמפּאַקט, אייגנאַרטיק, זעלבסשטענדיק, און אומעטום שפּראָצן, בליען און וואַקסן געזונטע פּרוכט, וואָס זעטיקן און קרעפטיקן. די איינהייטלעכע שפּראַך, די אַלגעמיינע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, די אייגן־געשאַפענע שול־סיסטעם, די דעה איבער דער אַנטוויקלונג פון דער מאַטעריעלער קולטור, די זעלבסט־פאַרשטענדלעכע נאַציאָנאַלע פאָרם פון גאַנצן לעבן, יעדע שטאָט שטייט אויף דער וואַך און יעדעס פעלד באַשיצט און באַהיט. אין צייטן פון רו און זיכערקייט ווערט טונקל דאָס נאַציאָנאַלע באַוואוסטזיין, ווייל דאָס נאַ־ציאָנאַלע אויסזען פונעם לעבן ווערט אַ טאָג־טעגלעכע געוואוינהייט, פליסט מיט אַ נאַטירלעכן גאַנג, וואָס באַוועגט זיך ווי פון זיך אַליין. דער איצטיקער מאָמענט, גיט אי דאָס לעבן אי די כוחות צום לעבן — נאַציאָנאַל, פאַרשטייט זיך. עס איז, וואָלט מען געקענט זאָגן, אַ האָריזאָנטאַל לעבן, אַ לעבן וואָס ציט זיך אין דער גלייכער ליניע פונעם איצטיקן מאָמענט און פון דער דירעקטער אַרומיקער סביבה. עס איז, נאַטירלעך, ניטאָ קיין איין פּאָלק וואָס זאָל דערגיין די מדרגה פון אַזאַ אַבסאָלוטער „נאָרמאַלקייט", ביי וועלכן אַלץ זאָל גיין אַזוי גלאַטיק, אַזוי ווערדיק, אָן שום שטערונגען, אָבער דאָס איז די טענדענץ פון אַ פּאָלק, וואָס לעבט אַ געזונט לעבן.

איז אויב מען קען אַזאַ לעבן אָנרופן האָריזאָנטאַל, וואָלט מען דאָס לעבן פון יידישן פּאָלק געדאַרפט אָנרופן ווערטיקאַל, אויף דער ליניע, וואָס ציט זיך ניט אין דער ווייט, אין רוים, נאָר „אַרויף" און „אַראָפּ", אין צייט — פאַרגאַנגענהייט־צוקונפט. די צוקונפט איז פאַרבונדן מיט גרויסע חלומות, אידעאַלן, וועלן מיר עס דאָ ניט אָנרירן, אָבער די פאַרגאַנגענהייט, דאָ איז תמיד געלעגן דער גרויסער רעזערוואואַר פון כוחות, וואָס האָבן גע־געבן טרייסט, בטחון און האָפענונג.

און וואָלט דאָס יידישע פּאָלק ניט פאַרמאָגט אין זיין ווייטער פאַרגאַנ־גענהייט אַזעלכע אומגעהייערע, אַזעלכע ריזיקע קולטור־אוצרות ווי תנ"ך און תלמוד, ווען יענע צייט וואָלט זיך בלויז אויסגעצייכנט מיט נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט און אייגנאַרטיקן שאַפן אַפילו אויף אַ פיל נידעריקער מדרגה, וואָלט עס אויך געווען נאַטירלעך און פּסיכיש־בויטוועגדיק, אַז

אונדזער פאָלק זאָל אָפּט וואַרפן זיין בליק צו יענער צייט, צו די גליקלעכע מאָמענטן פון אונדזער לעבן, צו דער דראַמאַטיק פון יענע איבעווייניקסטע און דרויסנדיקע קאָנפליקטן און צו דער טראַגיק פונעם סוף. יענע צייט מיט אירע שוימענדיקע כוואַליעס פון שטייגן און פאַלן, פון נצחונות און מפלות, ציט ווי אַ קעסלגרוב אין זיך אַריין דאָס געפיל און באַוואוסטזיין פון יעדן יידן, וואָס לעבט עס איבער; עס מאַכט אונדז מער פאַר אינעווייניקסטע, פאַר אַזעלכע וואָס באַטייליקן זיך פערזענלעך אינעם גאַנצן ווייטן און נאָענטן היסטאָרישן מזל פון פאָלק; עס צינדט אָן און צעפלאַקערט דעם פּאַטאָס, וואָס בלוט־קרובהשאַפט איז בכוח אַרויסצורופן און פאַרוועבט נאָך ענגער און אומצעררייסבאַרער די שייכות פונעם יחיד צום כלל. יעדער איינצלנער מענטש וואָלט געווען אַ טרוקענער, צעפּאַלנדיקער דאָרן, ווען ער וואָלט קיין קינדהייט ניט געהאַט, ווען ער וואָלט קיינמאָל ניט געקענט פילן דעם וואַרעמען אָטעם פונעם פריילעכן און אומעטיקן פון זיין אייגענער קינדהייט. די קינדהייט ווייזט אָן דעם זאַפטיקן וואָרצל פון דער אייגענער פערזענלעכקייט. די קינדהייט שאַפט אַ באַוואוסטזיין פון טיפער אַריינגעוואָקסנקייט אין זיך אַליין. מען דאַרף ניט די קינדהייט בלויז לויבן און פאַרגעטערן. ניט אין די דאָזיקע אָפּט־איבערגעטריבענע סענטימענטאַליטעטן ליגט איר כוח. איר קראַפט ליגט שוין אינעם פאַקט, וואָס זי איז אַ אָנהייב און פאַרמאָגט מעגלעכקייטן פול מיט אייגנאַרטיקן חן און רייכקייט. און ווען דאָס לעבן ווערט שווער, ווי אָפּט קערן מיר זיך דעמאָלט אום צו דער אייגענער קינדהייט און פאַרזינקען אין די ליכטיקע און טונקעלע זכרונות פונעם אַמאָל.

פונקט אַזוי קומט עס פאָר אינעם לעבן פון אַ פאָלק. פעלקער, פונקט ווי איינצלנע מענטשן, ציען זיך אַוועק פון דער האָריזאָנטאַלער ליניע און פירן זייער גייסטיקן בליק אין אַ ווערטיקאַלער ריכטונג, ווען דאָס לעבן ווערט שווער און די אומרואיקייט סטראַשעט פון אַלע זייטן. איז דעריבער, ווען דער „זמן שבית־המקדש היה קיים” וואָלט קיין אייביקע מענטשלעכע ווערטן ניט אַרויסגעבראַכט פון זיך, וואָלט אויך געווען נאַטירלעך, און אין הסכם מיטן נאַטירלעכן לעבנס־דראַנג, אַז די יידישע פאַרגאַנגענהייט זאָל שפּילן אַן ערשטע ראָלע אין יעדער מעגלעכער סיסטעם פון יידישער דערציאונג. אָבער ווי דער אמת איז, שטענדיק פּנים אל פּנים מיט אַזאַ אידייען־רייכער, אַזאַ גייסטיק־אָנגעזעטיקטער קולטור, ווי אונדזער פאָלק האָט באַשאַפן אי אין דער צייט פון זיין פּאָליטיש־זעלבסשטענדיקן לעבן, אי אַ סך יאָרן נאָך דעם, וואָלט עס דאָך פשוט געווען אַן אַקט פון נאַציאָנאַלן זעלבסטמאָרד, ווען די יידישע דערציאונג־סיסטעם וואָלט דאָס ניט אויסגענוצט אַזוי ברייט און מיט אַזאַ ליידנשאַפט, ווי זי האָט עס געטאָן.

אָבער אָט איז פאָרגעקומען אַ טיפע ענדערונג אין אונדזער לעבן.

דער אויפשטייג און די רייכע אַנטוויקלונג פון יידיש, האָט געעפנט נייע קוואַלן פאַר יידיש־קולטורעלן אויסדרוק. דער גייסט פון דער נייער צייט, וועלכן די משכילים האָבן געוועקט מיט אַזאַ ליידנשאַפט — אָפט מיט אַ צו איינזייטיקער, פאַנאַטישער ליידנשאַפט — אין אונדזער לעבן, האָט גערעגט און גערייצט דעם קולטור־ווילן און דעם שלאָפנדיקן זשעני צו געשטאַלטן אונדזער לעבן אין קינסטלערישע פאָרמען. אַזוי איז געבוירן געוואָרן די נייע יידישע ליטעראַטור.

ווען עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ מאָדערניזירטע און פאַרוועלטלעכטע יידישע שול, איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז יידיש און די יידישע ליטעראַטור זאָלן ווערן אַנזעעוודיקע פונקטן אין איר אינהאַלט. יידיש — די שפּראַך פון פאָלק, און יידישע ליטעראַטור — אַ חוץ וואָס זי איז אַ גרויסער קולטור־כוח, פאַרמאָגט זי אויך אין זיך געניוג, וואָס זאָל קענען פאַרנעמען אַ פּלאַץ אַפילו אין די ערשטע מדרגות פון דער עלעמענטאַר־שול. אָבער ניט בלויז אין דעם איז באַשטאַנען דאָס נייע אין דער דאָזיקער שול. אַ גרינטלעך נייע שול, לגבי דעם חדר, איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס די יידישע פאַרגאַנגענהייט איז געוואָרן יידישע געשיכטע. די יידישע פאַר־גאַנגענהייט, לויט דעם ווי זי איז פאַרטראַכטן געוואָרן אין חדר, איז סיי פּאַקטיש, סיי לויט איר פּסיכאָלאָגישער ווירקונג, לחלוטין עפּעס אַנדערש פון די פאַקטן און באַגריפן, וואָס פאַרבינדן זיך מיטן נאָמען „געשיכטע". אינעם חדר, ווי מיר ווייסן, האָט די יידישע געשיכטע, וואָס ווערט ניט באַשריבן אין תנ"ך און תלמוד, אינגאַנצן אויסגעפעלט. ניט האָבנדיק הינטער זיך קיין קייט פון פּאַסירונגען פון דער מיטלעלטער און דער מאָדערנער צייט, האָט זיך באַקומען אַ דירעקטע פאַרבינדונג צווישן די היינטיקע און די ביבלישע און תלמודישע מענטשן און געשעענישן. מיר האָבן שוין איינגעזען וואָסערע גרויסע נוצן דאָס האָט געבראַכט.

אָבער פאַרן מאָדערנעם מענטשן איז אַזאַ דרך אוממעגלעך. פאַר אונדז איז געשיכטע אַ קאָמפּלעקס פון גאַנץ באַשטימטע באַגריפן, מיט אַ געהע־ריקער צייט־פאַרטיילונג, מיט אַ „מוקדם" און אַ „מאוחר", מיט סיבות און פּועל־יוצאס. מיר קענען ניט איבערגעבן די יידישע פאַרגאַנגענהייט אַזוי, אַז אברהם זאָל זיך פאָרשטעלן ווי אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט פּאותן, און „ויצא יצחק לשוח בשדה" זאָל קענען מיינען, אַז ער איז געגאַנגען דאַוונען מנחה. פאַר אונדז מוז זיך דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן אַריינפּאַסן אין אַ היסטאָריש געוועב. אָבער ווי אַזוי קען דאָס געטאָן ווערן אין אַזאַ אופן, אַז די הויפּט־פונקציע פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין דער דערציאונג פון אונדזערע קינדער זאָל ניט פאַרלוירן ווערן? ווי אַזוי קען מען אי אַריינפירן נייע מעטאָדן, אי אָפּהיטן דעם ווערטיקאַלן כאַראַקטער פון יידישן פאָלק? דאָס איז בלי שום ספק זייער אַ שווערע

פּראָבלעם. מען קען דאָך ניט פאַרלייכטערן קיין שוועריקייטן ווען מען זעט זיי ניט, ווען די אויפגאַבן וואָס מען שטעלט זיך, האָבן גאָרניט קיין שייכות צו זיי. און מען מוז, לײַדער, קאָנסטאַטירן, אַז דאָס רוב טאָן־געבער פון דער יידיש־וועלטלעכער שול האָבן די פּראָבלעם אינגאַנצן ניט געזען, האָבן אפשר באַוואוסטזיניק ניט געוואָלט זיך שטעלן אַזעלכע אויפ־גאַבן. דערפאַר האָבן אונדזערע מענטשן אַזוי אָפט געלאָזט הערן זייערע שטימען סיי אין רעדעס, סיי אין שריפט, אַז אפשר איז בכלל איבעריק דאָס צופיל אָפּגעבן זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט, און טייל האָבן אַפילו פאַר־געלייגט זי אינגאַנצן דורכצולאָזן אין דער עלעמענטאַר־שול. בפרט אין דער לעצטער צייט, ווען „אַלט" און „שימל" זענען געוואָרן סינאָנימען אויף די ראַדיקאַלע פּלאַטפאָרמעס, איז גאַנץ לאָגיש, אַז אַזאַ בליק זאָל אויך באַפאַרבן די אויפפאַסונג וועגן די אויפגאַבן פון דער יידיש־וועלטלעכער שול. ווי עס ווייזט אויס, איז די דאָזיקע מענטשן אין זינען ניט געלעגן, עס האָט זיך זיי אַפילו ניט געחלומט, אַז דאָס יידישע פאָלק איז אייגנאַרטיק דערמיט, וואָס די געשיכטע אונדזערע, דאָס איז אונדזער לאַנד, און שפּילט אין אונדזער לעבן און באַוואוסטזיין אַן ענלעכע ראָלע, ווי די פיזישע, די רוימלעכע, טעריטאָריע ביי נאָרמאַלע פעלקער.

טעאָרעטיש לאָזט זיך דאָס אַרויסזען אין די אויפפאַסונגען וועגן דעם צוועק פון יידישער געשיכטע אין דער יידישער שול. וואָס איז דער צוועק פונעם לימוד פון געשיכטע? אויף פאַרשיידענע אופנים האָבן די טעאָרעטיקער פון די אומות־העולם דאָס פאָרמולירט. פאַר מיר ליגן איצט אַ צענדליק ביכער, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע. זאָגט איינער: „גע־שיכטע דעקט אויף אַלע סאָרטן אורזאַכן און רעזולטאַטן אינעם סדר פון פאַרגאַנגענע געשעעענישן, און אָט די אויפדעקונגען דינען ווי אַ באַזיס מען זאָל קענען פאָרויסזאָגן, ווען ענלעכע אומשטענדן וועלן זיך באַווייזן איבעם גאַנג פונעם סאָציאַלן פּראָצעס". פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע ידיעות זענען סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש נוצלעך פאַר יעדן מענטשן. ממילא מוז געשיכטע האָבן אַ פּלאַץ אין דער שול. אַלע אַנדערע ניט־יידישע טעאָרעטיקער רעדן אויף אַן ענלעכן אופן. יעדער גיט־צו זיינע אייגענע פּרטים. אָבער אַלע האָבן אין זינען בלויז דעם אַלגעמיינעם דערציאונג־צוועק. זאָל זיך דערמיט אַליין אויך באַגרענעצן דער צוועק פון יידישער געשיכטע אין דער יידישער שול? לייגט זיך עס אויפן שכל, אַז די טראַגישע אייגנאַרטי־קייט פון אונדזער לעבן זאָל ניט דערציערניש אַרויפצווינגען אירע אייגענע פאָדערונגען אינעם געשיכטע־לימוד? שיקט זיך עס צו זאָגן, אַז אַ פאָלק וואָס זיין סאַמע קיום הענגט תמיד אויף דער וואָגשאָל, זאָל זיך דאָס אינ־גאַנצן ניט אָפּשפּיגלען אין דער פּסיכיק פון זיינע קינדער און ממילא פאָ־דערן אַן אַנדער צוגאַנג צום אינטימסטן לימוד?

און דאָך, אָט ליגט פאַר מיר אַ „פּראָגראַם פון געשיכטע־לימוד" (פּראָ־יעקטן), אַרויסגעגעבן פון דער יידישער שול־אָרגאַניזאַציעס אין פּוילן (וואַרשע, 1926). געפינען מיר דאָרט אין איין פּראָיעקט (צונויפגעשטעלט דורכן חבר טורבאָוויטש, רעדאַגירט דורך אַ קאָמיסיע ווילנער לערער) אַזאַ מין פאָרמולירונג פונעם צוועק פון געשיכטע: „דער לימוד פון געשיכטע אין דער פאָלקשול דאַרף איינשליסן אין זיך נאָר כאַראַקטערפולע מאָמענטן פון אַלגעמיינער און פאָלק־געשיכטע, וואָס זענען אומבאַדינגט נייטיק כדי צו געבן אונדזערע קינדער צו פאַרשטיין די הויפּט־יסודות פון דעם מאָ־דערנעם קולטור־לעבן און צו פלעגן ביי זיי דעם סאָציאַלן חוש. דער ווערט פון לימוד באַשטייט אויסשליסלעך אין זיין דערציערישער ווירקונג". דער לעצטער זאַץ מיט דער באַטאָנונג אויף „אויסשליסלעך" איז מסתמא געצילט אַנטקעגן יענע, וואָס שטעלן זיך אויך יידיש־דערציערישע אויפגאַבן.

אַן אַנדער פּראָיעקט, פון א. גאָלאָמב, פאָרמולירט די צוועקן אַזוי: „1) אויסבילדן ביי די תלמידים אַ געשיכטלעכן צוגאַנג צו דערשיינונגען און לעבנס־פאָרמען; 2) געוואוינען די תלמידים צו אַ געשיכטלעכן מעטאָד פון דענקען, ד"ה קאָנסטרואירן בילדער פון אַמאָליקן לעבן לויט רעשטן, שפּורן וכדומה אַנדערע מקורים".

און טאָמער קען מען נאָך מאַכן אַ טעות, גיט דער שרייבער צו: „קיין אַנדערע צוועקן ווי „נאַציאָנאַליזירונג", „פלאַנצן ליבע", וכדומה, שטעלט ניט די פּראָגראַם". מען דאַרף מודה זיין, אַז די באַוואוסטזיניקע „נאַציאָ־נאַליזירונג", פלאַנצן ליבע" און בכלל פּראָפּאַגאַנדע איז אַ שעדלעכע מעטאָדע אין דערציאונג. אָבער וואָסערע שייכות האָבן אַזעלכע צוועקן, פון ריין־דערציערישן שטאַנדפּונקט, מיט דער באַזונדערקייט פון יידישן לעבן? בלויז ווען מען וויל באַין אופן ניט אָנערקענען, אַז עס איז פאַראַן אַזאַ און ניט קיין אַנדער יידיש פאָלק אויף דער וועלט, קען מען זיך באַנוגענען אין געשיכטע־לימוד מיט דייטשישע, ענגלישע אָדער אַמעריקאַנישע פאָרמולעס.

דאָס איז אַלץ גערעדט וועגן טעאָריע, די פּראַקטיק איז סיי לויט געוויסע פּראָיעקטן, סיי ווי מען לערנט טאַקע אין טייל שולן, נאָך ערגער. יידישע און אַלגעמיינע געשיכטע ווערן צונויפגעמישט. פאַרוואָס? ווייל „די צעשפּליטערונג פון קורס אין יידישער און אַלגעמיינער געשיכטע, דאָס רוב אין די הענט פון פאַרשיידענע לערער, שטערט דעם נאָרמאַלן גאַנג פונעם לימוד" (דאָרט, זייט 9). די שוועריקייט, אויף וועלכער עס ווערט דאָ אָנגעוויזן, איז בלי ספק אַ וויכטיקע, אָבער דער אויסוועג איז כאַראַק־טעריסטיש. דער שרייבער פילט ניט, אַז דורך אַזאַ מין צונויפמיש איז ער מקריב די אַנטוויקלונג פון אַ באַוואוסטזיין פון דער נאַציאָנאַל־היסטאָרישער קאָנטינואיטעט פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע קינד, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט טויזנטער דענאַציאָנאַליזירנדיקע איינפלוסן, קען בלויז אויפלעבן און

זיך אויסלעבן אין דער ווערטיקאַלער ספערע פון אַן אייגענעם היסטאָרישן סדר. דער צונויפמיש פון יידישער און וועלט־געשיכטע פירט אַריין אין נאַר־מאַלע געשעענישן דאָס אומנאַרמאַלע, דאָס קרענקלעכע פון טאָג־טעגלעכן יידישן לעבן, ניט וועלנדיק שטערן „דעם נאָרמאַלן גאַנג פונעם לימוד" ווערט דורך דעם געשטערט דער נאָרמאַלער גאַנג פון לעבן.

עס וואָלט זיך גיכער געלייגט אויפן שכל מען זאָל אין דער פאָלקשול אָנהייבן מיט יידישער געשיכטע און פאַרבייגייענדיק אָנרירן אַלגעמיין־היסטאָרישע פאַקטן, איידער פאַרקערט. סתם אַ צונויפמיש איז אַ באַדויערלעכער אומזין פון שטאַנדפונקט פון יידישער דערציאונג. טייל פּראָיעקטן פּלאַנעווען טאַקע אַזוי ווי עס ווערט דאָ פאָרגעלייגט, אָבער זיי דערקלערן ניט פאַרוואָס זיי טוען אַזוי. דער יידישער שטאַנדפונקט ווערט אין ערגעץ ניט אַרויסגעבראַכט.

ווען מען באַמערקט נאָר דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן און יידיש־דערציערישן ווערט פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, דעמאָלט שיינען אַרויס מיט אַ באַזונדער גלאַנץ און פּראַכט די אידייען און אידעאַלן וואָס די אַלטע יידישע קולטור האָט אַרויסגעבראַכט און וואָס קענען מיט אַזאַ וואַרעמקייט, מיט אַזאַ פייערדיקער באַגייסטערונג אַריינגעוועבט ווערן אין די העכערע מענטשלעכע שטרעבונגען, די שטרעבונגען וואָס וואָלטן געדאַרפט זיין די אידעאַלן פון היינטיקן יונגן דור. דאָס יידישע פאָלק איז ניט קיין אָרגאַניזאַציע אָן וועלכער מיר האָבן זיך באַוואוסטזיניק אָנגעשלאָסן און פון וועלכער מיר קענען פריי אַרויסטרעטן. מיר זענען געבונדן, קודם־כל, דורך די וואַרעמע, מיטרייסנדיקע געפילן פון אַ געזעלשאַפטלעכער גאַנצקייט, דורך אַ באַוואוסטזיין פון אַ לאַנגער היסטאָרישער צונויפגעוועבטקייט. מיר זענען געבונדן אויף אַ סך אַנדערע אופנים. אָבער דאָס אַלץ איז צו ווייניק, בפרט אין אַ צייט, ווען דער רעליגיעזער מאָמענט האָט אויפגעהערט צו שפּילן זיין אַמאָליקע ראָלע. אין דער שול, ביי דער קינדהייט און דער יוגנט, זענען די רויע געפילן פון „פינטעלע ייד" טאַקע אַ ריזיקע קראַפט, אָבער ניט אַלעמאָל אַ פּאָזיטיווע קראַפט, און אַלעמאָל אַן איינזייטיקע קראַפט וואָס קען אין איר הוילקייט און רויקייט ניט לאַנג פאַרבלייבן אין האַרצן פון וואַקסנדיקן דור. דאָ שיינען אויף די אידייען און אידעאַלן פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט און טוען אויף זייער גרויסע אַרבעט.

שוין דאָס וואָס זיי זענען פאַרבונדן מיט גרויסע פּערזענלעכקייטן און געשעענישן, צו וועלכע עס ציען זיך אונדזערע כמעט־פּערזענלעכע יחוס־בריוו, דאָס אַליין גיט זיי כוחות אַרויסצורופן אַן עמאָציאָנעלן אויפשוואונג, וואָס דערהייבט און קרעפטיקט. אָבער זייער הויך־עטישער, אַלמענטשלעכער כאַראַקטער ווירקט, אַז די אַריינגעלעבטקייט אין יידישן פאָלק זאָל אויך האָבן אַ זינען, אַן אינטעלעקטועלע באַפרידיקונג. פונקט ווי דער לופט־

שטויב שפּאַרט אונטער די וואָלקנס, האַלט אויף איבער אונדז די בלאָע הימלען, און צעהענגט איבער די בערג פון דער ערד די גליענדיקע לאַנד־שאַפטן אין קלאָרע פאַרבאַכטן, אַזוי שטייגן אויף אין אונדז די בילדער, געדאַנקען און חלומות פון אונדזער גרויסן אַמאָל און שפּרייטן אויס אין אונדזער גייסטיקן לעבן אַן אומצעטיילטע יידישקייט און מענטשלעכקייט, וואָס טראָגט אין זיך דעם כוח פון אַלע דורות הינטער אונדז, און די שיינקייט פון די העכסטע עטישע אידעאַלן פון היינט און מאָרגן.

די מעטאָדן וואָס דער חדר האָט באַנוצט כדי אַריינצוברענגען אונדזער פאַרגאַנגענהייט איבעם באַוואוסטזיין פון יידישן קינד זענען געווען אַזעלכע, וואָס קענען זיך אין קיין מאָדערנער שול מער ניט האַלטן. אָבער דער תוך — פון אים האָבן מיר זייער פיל צו לערנען, און צו טייער וועלן מיר באַצאָלן, ווען מיר וועלן די דאָזיקע לעקציע איגנאָרירן.

(1935)

# קינדער, און יידישע קינדער, אין מלחמה־צייט

אין דער מאוימדיקער טראַגעדיע פון דער מלחמה האָבן אָנגעהויבן אויפגיין ליכטיקע, טרייסטנדיקע טעג. די באַטויבנדיקע קולות פון די שלאַכט־פעלדער לעכערן די הימלען איבער אַלע קאָנטינענטן, אָבער אין דער זעלביקער צייט רייסן זיך אַרויס אַלץ העכער און קלאָרער די זיסע קלאַנגען פון ענדגילטיקן נצחון. קיינער קען ניט זאָגן גענוי ווען דער גרויסער טאָג וועט קומען. אָבער די זיכערקייט, אַז ער דערנעענטערט זיך צו אונדז אַלץ מער און מער, פילט אָן דאָס האַרץ מיט טרייסט און האָפענונג.

איז קיין חידוש ניט, וואָס דער טיפערער בליק פון די פּאַראייניקטע פעלקער לאָזט ניט דורך קיין געלעגנהייט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די פּראָבלעמען פון שלום, וועגן איינאָרדענען די בעל־הבתישקייט פון דער וועלט צומאָרגנס נאָך דער מלחמה, און שאַפן די באַדינגונגען, ביי וועלכע די שווערד וועט ניט דאַרפן זיין דאָס איינציקע מיטל אויסצוגלייכן אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן. אָבער אַזוי שנעל ווי מיר טרעטן אַריין אין דער דאָזיקער געדאַנקען־וועלט, דערזעען מיר פאַר זיך אַ נייעם באַרג פּלאָנ־טערס און רעטענישן, פון וועלכע דער אויסוועג איז אפשר נאָך שווערער ווי פון דער מלחמה גופא. וואָרעם אין מלחמה ווייס כאָטש יעדער גאַנץ גענוי וואָס ער וויל, און ער באַנוצט זיך מיט די בעסטע אינסטרומענטן, וואָס ער גלייבט, אַז ער קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. ווען עס קומט אָבער צו שאַפן פּלענער פאַר אַ וועלט פון „שבת אחים גם יחד", זענען פאַראַן אַזוי פיל שטרויכלונגען און אומזיכערקייטן, אַז אַפילו דער איינגעשפּאַרטסטער דאָג־מאַטיקער קען ניט פאַרבאַהאַלטן די שרייענדיקע פרעג־צייכנס, וואָס באַוועגן זיך אומרואיק אין דער טיפעניש פון זיין נשמה.

וואָרעם די שוועריקייטן ליגן ניט בלויז אין די פּלענער וואָס מען וויל שאַפן. ניט ווייניקער ליגן זיי אינעם סאָרט מענטש, וואָס נעמט זיך אונטער זיי צו שאַפן, און אין די וואָס דאַרפן די פּלענער דורכפירן אין לעבן. די טענה איז, אַז מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט אַ מלחמה, בפרט נאָך אַזאַ מלחמה ווי די איצטיקע, קענען ניט בייקומען אין זיך די טראַגישע סימנים וואָס דער וועלט־בראַנד האָט געלאָזן אין זייערע נשמות. מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט אַזעלכע שחיטות, אַזעלכע בילדער פון טויט, בלוט און פּיין, אַזעלכע מענטשן קענען זיך פּסיכיש נישט אַריינלעבן אין די נויטן פון אַ פרידלעכער וועלט.

נאָך ערגער איז מיט די וואָס זענען איצט קינדער און זיי וועלן, אין זייערע דערוואַקסענע יאָרן, דאַרפן דורכפירן די פרידלעכע וועלט־פּלענער, וואָס מען וועט פאַר זיי שאַפן נאָך דער מלחמה. קינדערשע נשמות זענען

זייער סענסיטיוו. דאָס לעבן אין אַ מלחמה־צעריסענער וועלט טעמפּט אָפּ יענע פיינערע ווייכקייטן וואָס מיר פאַרמאָגן, וואָס אָן זיי ווערן מיר סאָציאַל הינטערשטעליק; מיר ווערן ביטער און פאַרביטערט; עס כאַפּט זיך אַריין אַ פאַרהאַרטעוועטע רויקייט אין אונדזערע באַציאונגען צו אַלץ און אַלעמען.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב די דאָזיקע ווירקונג פון מלחמה אויף מענטשן בכלל און קינדער בפרט זאָל זיין ריכטיק, שטייען מיר פאַר אַ באַרג זייער טראַגישע פּראָבלעמען. באמת ווערן מיר אַרומגערינגלט פון אַ צויבער־קרייז, פון וועלכן עס איז אפשר קיין אויסוועג ניטאָ. מיר קענען ניט שאַפן קיין עכט־מענטשלעכן שלום, ווייל מיר זענען אַ מלחמה־דור; מיר קענען זיך ניט באַפרייען פונעם בלוטיקן מלחמה־שאָטן, ווייל מיר האָבן פריער קיין עכטן שלום ניט אויפגעבויט, איז אוי לי מיצרי ואוי לי מיוצרי.

ווען מיר טראַגן אַריבער די אַלע מיינונגען און געפילן אין דער יידישער וועלט אַריין, הייבן זיך אויף פּראָבלעמען אויך פון אַן אַנדער מין. וואָרעם צווישן די אַלע מעגלעכע ווירקונגען פון דער מלחמה אויף יידן בכלל און אויף יידישע קינדער בפרט, זענען אויך פאַראַן אַזעלכע וואָס — אויב זיי קומען טאַקע באמת פאָר — זענען טיף פאַרבונדן מיט אונדזער נאַציאָנאַלן גורל אין די נאָענטסטע טעג פון גרויסן נאַציאָנאַלן יום־הדין. אָבער לאָמיר אָפּלייגן אויף אַ ביסל שפּעטער די ספּעציעלע יידישע זייטן פון דער פראַגע. קודם־כל איז וויכטיק צו דערגיין, וויפיל אמת עס ליגט בכלל אינעם געדאַנק, אַז מלחמה האָט אַזאַ און אַזאַ ווירקונג אויף מענטשן וואָס לעבן זי איבער מיט מער אָדער ווייניקער דירעקטקייט.

## די פּסיכאָלאָגישע ווירקונג פון מלחמה

די מיינונג אַז מלחמה האָט אַ גוואַלדיקן צעשטערנדיקן איינפלוס אויפן מענטשלעכן געמיט און כאַראַקטער, איז באמת זייער פאַרשפּרייט. ווען מיר נעמען אויף אַ ביסל גלייכגילטיק די נייעס פון טויזנטער געפאַלענע און פאַרוואונדעטע אויף די שלאַכטפעלדער, דערקלערט מען אונדזער רואיקייט דערמיט, וואָס מיר זענען געוואָרן טעמפּ, מיר האָבן פאַרלוירן דעם אינעווייניקסטן ציטער ביים אָנגעזיכט פון מענטשלעכן אומגליק. רעמאַרק לאָזט אונדז וויסן אין זיין באַרימט בוך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה („אויפן מערב — נישטאָ קיין נייעס"), אַז דאָס דריקט ער אויס די געדאַנקען און געפילן פון אַ פאַרלוירענעם דור, אַ דור וואָס די מלחמה האָט ביי אים צוגענומען אַלץ וואָס האָט אַ ווערט אין לעבן, און וואָס קיין זאַך אין אַלע שפּעטערדיקע יאָרן קען דאָס אים שוין מער ניט אומקערן. ער האָט געמיינט די, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אויף די שלאַכטפעלדער; אָבער טויזנטער אַנדערע — פילאָסאָפירנדיקע בעלעטריסטן, פּובליציסטן און סתם

דענקענדיקע מענטשן — האָבן דאָס זעלביקע געזאָגט אויף פאַרשיידענע אופנים וועגן אַלע טיילן פון דער באַפעלקערונג.

פּראָפ׳ ראַלף האַרלאָו, פון סמיט קאַלעדזש, האָט עטלעכע יאָרן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געבעטן ביי 200 סטודענטן, אַז זיי זאָלן אויפשרייבן זייערע קינדהייט־זכרונות פון דער מלחמה [1]). דאָס רוב פון זיי האָט איבערגעגעבן געפילן פון אומבאַשרייבלעכן האַס צו די דייטשן. ביי איינעם איז אויסגעקומען, אַז די דייטשן זענען „ריזיקע קינדער־פרעסער, מיט שטייפע בלאָנדע בערד און שפּיציקע ציין". אַן אַנדערער דערציילט: „מיר איז געפעלן די יום־טובדיקע זייט פון דער מלחמה, דער קאָך, די פאָנען, די פּאַראַדן... צו טראַכטן, אַז איך געהער צו אַ וואונדערלעך לאַנד, צו אַ העכערער ראַסע". און אַזוי גייט עס כסדר. גיפטיקער האַס צו די דייטשן, אָדער ווילדע איינגעגלויבטקייט אין אייגענעם פאָלק, אָדער ביידע צוזאַמען. דער שרייבער וויל אין דעם זען דעם גרויסן שעדלעכן איינפלוס פון מלחמה אויף די מוחות און די הערצער פון אונדזערע קינדער.

האַרלאָו וואָלט מסתמא ניט געהאַלטן די דאָזיקע לאָגע פאַר צו־ערנסט, ווען ער זאָל מיינען, אַז די אַלע בייזע געפילן און געדאַנקען און די גאַנצע נערוועזע צעטראָגנקייט פון קינדער אין דער צייט פון אַ מלחמה לאָזן ניט איבער קיין קענטיקע שפּורן אין שפּעטערדיקן לעבן. אָבער זיין אומרואיקייט נעמט זיך, ווייזט אויס, דערפון וואָס ער פילט, אַז ער האָט אַ גרונט צו זיין באַזאָרגט פון די באַשריבענע קינדהייט־זכרונות, וואָס זיינע יוגנטלעכע סטודענטן האָבן אים געגעבן. ער האַלט מסתמא, אַז אַזעלכע איבערלעבענישן אין דער קינדהייט לאָזן איבער טרויעריקע סימנים אויפן ווייטערדיקן לעבן און זיי רופן זיך אָפּ ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן אויפן אינדיווידועלן פּסיכישן צושטאַנד און אין סאָציאַלע באַציאונגען.

דאָס ערגסטע אין אַזעלכע פאַלן איז זיך צו פאַרלאָזן אויף דעם וואָס „דער שכל איז מחייב". אָפּטמאָל איז דאָס וואָס מיר רופן „שכל" גאָרניט אַזוי שכלדיק ווי מען מיינט. עס טראָגן זיך אַרום אין דער לופט מיינונגען און געדאַנקען, וואָס מיר נעמען איבער פאַר גוט געלט, כאָטש קיינער האָט זייער ריכטיקייט ניט באַוויזן, ניט דורך לאָגישער אויסרעכענונג, ניט דורך זיכערע דערפאַרונגען. נאָך מער, מיר נעמען אָפּט אָן אַזעלכע מיינונגען ווי אַ מאָס פון אַבסאָלוטן אמת, כאָטש פּערזענלעכע און סאָציאַלע דערפאַרונגען באַווייזן אַקוראַט דעם היפּוך. פון די סטאָיקער איז אונדז געבליבן אַ ווערטל: „מענטשן ליידן מער פון די מיינונגען וואָס זיי האָבן וועגן זאַכן, ווי פון די זאַכן גופא".

עס איז היינטיקע צייטן איבעריק זיך אָפּצושטעלן אויף דער מוראדיקער טראַגעדיע וואָס מלחמה שטעלט מיט זיך פאָר. די אַמאָליקע מיינונג פון קאָמפּעטענטע ביאָלאָגן, אַז מלחמה האָט אַ פּאָזיטיוון ווערט פאַר דער

אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן מין, אָט די מיינונג איז היינטיקע צייטן בלויז אַ היסטאָרישער קוריאָז, אַ מיינונג, וואָס קיינער, אַ חוץ עפּעס אַ קרענק־לעכער נאַצי, וועט זיך ניט אונטערנעמען צו פאַרטיידיקן. דער מאַטעריעלער חורבן, די גייסטיקע צערודערונג, די אויפטרייסלונג אין סאָציאַלער אָרגאַ־ניזאַציע, די שווערע קרבנות צווישן די געזינטסטע און בליענדיקסטע טיילן פון פאָלק — ווער וועט דאָס וואַגן צו זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר אַזעלכע גע־זעלשאַפטלעכע קאַטאַסטראָפעס.

און דאָך איז שווער אָנצונעמען, אַז מלחמה האָט אָן ערנסטע און בלייבנדיקע צעשטערערישע ווירקונג אויף דער פּסיכיק פון אַ פאָלק. קענטיק, אַז דער מענטשלעכער אָרגאַניזם איז אַנדערש געבויט ווי מען שטעלט זיך געוויינטלעך פאָר. ווען דאָס זאָל ניט זיין ריכטיק, וואָלט אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין דעם גאַנצן גאַנג פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע. סוף־כל־סוף איז מלחמה, ליידער, ניט קיין נייעס און ניט קיין זעלטנקייט. צו אונדזער אומגליק איז מלחמה, פונקט ווי פרידלעכע צייטן, ניט קיין אורח, נאָר ממש אַ פאַמיליע־מיטגליד אין מענטשלעכער געשיכטע. כמעט יעדער אויפטו אין אונדזער געשיכטע און אין אונדזער קולטור, אין יעדן ווינקל פון דער ערד, איז אָפט געשאַפן און דורכגעפירט געוואָרן פון אַ מלחמה־דור. אויב אַזאַ דור זאָל אין וואָסער ניט איז זינען באַטראַכט ווערן פאַר „אומנאָרמאַל", דעמאָלט וואָלט מען געדאַרפט פסקענען, אַז „אומנאָרמאַלקייט" איז דער נאָרמאַלער צושטאַנד פון מענטשלעכן מין.

דער באַוואוסטער סאָציאָלאָג סאָראָקין ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, אין זיינס אַ זייער אינטערעסאַנטער אַרבעט, וואָס מען וואָלט געקענט אויס־דריקן אומגעפער אַזוי: קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן מאַכן, אַז גוטע מענטשן זאָלן ווערן בעסער, שלעכטע — ערגער [2]). דאָס וועט הייסן, אַז אַנטיסאָציאַלע עלעמענטן וועלן אין אומגליק־צייטן נאָך מער ווערן אָפּגעריסן פון זייער סביבה, קאָנצענטרירן זייערע טעטיקייטן פאַר זייער אייגענער טובה, און וועלן בונטאַריש צעשטערן אַלע נייטיקע סאָציאַלע נאָרמען. אָבער די וואָס געפינען זיך אויף אַ העכערער עטישער מדרגה וועלן זיך מאָראַליש נאָך מער דערהייבן, אַרויסגעבן פון זיך אַ גרויסע צאָל מענטשן וואָס זענען פעאיק אויף די גרעסטע קרבנות. אויף אַזאַן אופן איז שוין מעגלעך צו פאַרשטיין די גרויסע גייסטיקע און מאָראַלע אויפלעבונג, וואָס יעדע רעקאָנסטרוקציע־צייט — אויב זי איז נאָר געגנוג לאַנג און פריי זיך אויסצודריקן — רופט אַרויס.

ווי עס זאָל ניט זיין, איז קלאָר, אַז מיר קענען צו ווייט פאַרבלאָנדזשען, ווען מען זאָל אין אַזעלכע פאַלן זיך נאַאיוו איבערגעבן צו דעם, וואָס „דער שכל איז מחייב". און דאָס וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן דערוואַקסענע, איז אויך אמת וועגן קינדער. וואָרעם צווישן אָט די צוויי וועלט־מלחמות, האָבן געלעבט און געווירקט די קינדער וואָס האָבן אין זיך איינגעזאַפּט די

גאַנצע בלוטיקע אַטמאָספערע, וואָס די יאָרן 1914—1918 האָבן צעשפּרייט איבער לענדער און פעלקער. דאָך, ווען די וועלט איז אַ ביסל געקומען צו זיך, איז געווען שווער צו דערקענען, אַז דער אויסגעוואַקסענער יונגער מענטש זאָל זיין ערגער, צעשרויפטער, נערוועזער, ווי דער געוויינטלעכער דורכשניט פון אַט דעם עלטער. מיר אַלע קענען גאַנץ גוט די היגע וועטע־ראַנען פון יענער מלחמה, מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט צענדליקער טויזנטער פון זיי, מיר האָבן זיי געזען אין זייער אָרגאַניזירטער אַרבעט, אין ערנסט און שפּאַס; קיינער קען ניט זאָגן, אַז זיי זענען אַנדערש — אַ חוץ אַ קליינע צאָל פּערמאַנענטע פּסיכישע קרבנות, וואָס זענען אומפאַרמיידלעך אין יעדער קאַטאַסטראָפע — פונעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער יונגן מענטש, וואָס זיין איינציקע באַקאַנטשאַפט מיט מלחמה שטאַמט בלויז פון די מואוויז. די קינדער וואָס האָבן געלעבט דאָ, און צו זיי איז דערגאַנגען בלויז אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון די פראַנצויזישע שלאַכטפעלדער, קענען דאָך זיכער ניט אַרויסווייזן קיין ערגערע סימנים, ווי די וואָס האָבן זיך אַליין באַטייליקט אין שלאַכטן.

די מיינונג אַז שלעכטע בשורות, אָדער טרויעריקע געשעענישן, אָדער אויפטרייסלענדיקע איבערלעבענישן, וואָס קומען פאָר אין דער קינדהייט, האָבן געוויינטלעך אַ ווירקונג אויפן גאַנצן לעבן, איז גוואַלטיק פאַרשפּרייט. מען רעדט וועגן דעם מיט אַזאַ זיכערקייט, אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַטאַלער מוז, וואָס מען קען גאָרניט אויסמיידן. נאָך מער, מען נעמט געוויינטלעך אָן אויף אַ נאַאיוון אופן, אַז די ווירקונג מוז דווקא זיין אַ גלייכע, דירעקטע, און די רעזולטאַטן מוזן זיין ענלעך אין כאַראַקטער צו די סיבות וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן. גוטע געשעענישן פירן צו גוטע רעזולטאַטן, שלעכטע — צו שלעכטע. עס איז ניט שווער צו פאַרשטיין, פאַר־וואָס אַט די מיינונג זאָל זיין אַזוי פאַרשפּרייט. דאָס איז אַ טיפּישע כאַראַק־טעריסטיק פונעם אופן, אויף וועלכן דער נאַאיווער בליק זעט זאַכן אין דער וועלט בכלל.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דער אומגעהייערער איינפלוס פון די פּסיכאָאַנאַליטישע ספּעקולאַציעס, וואָס זענען אויף אַן אומקריטישן אופן אַריבערגעבראַכט געוואָרן אין דער וועלט פון נאָרמאַלע מענטשן בכלל און נאָרמאַלע קינדער בפרט. עס קומט אויס, אַז אויב ביי נערוועזע און פּסיכיש־קרענקלעכע קינדער שפּילן געשעענישן אין דער קינדהייט אַזאַ און אַזאַ ראָלע — אָנגענומען, אַז די פּסיכאָאַנאַליטיקער באַשרייבן טאַקע ריכטיק די דאָזיקע ראָלע — מוז דאָס שוין זיין אמת פאַרן דורכשניטלעכן נאָרמאַלן קינד. דער דאָזיקער געדאַנק איז אַזוי ברייט אָנגענומען געוואָרן אין דער וועלט, אַז ס׳איז קיין חידוש ניט, ווען מען האָט זיך גענומען ערנסט שרעקן פאַר דער מעגלעכער ווירקונג פון מלחמה אויף דער פּסיכיק פון נאָרמאַלן קינד.

## אין ליכט פון וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג

דעטאַלע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען זענען נאַטירלעך דער איינציקער וועג דאָס פעסטצושטעלן. אַזעלכע פאָרשונגען זענען נאָך ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה געמאַכט געוואָרן, דער עיקר אין דייטשלאַנד און אַ ביסל אויך אין פראַנקרייך. אין ענגלאַנד און אַמעריקע האָט מען זיך דעמאָלט מיט דעם ענין כמעט אינגאַנצן ניט אָפּגעגעבן. דאָס נעמט זיך מסתמא דערפון, וואָס ניט בלויז אַמעריקע, נאָר אַפילו ענגלאַנד איז געווען גאַנץ ווייט פון די אמתע געשעענישן פון אומקום און חורבן. אָבער אין דייטשלאַנד, וואו אַ היפּשע צאָל פּראָבעס זענען יאָ געמאַכט געוואָרן פעסטצושטעלן די ווירקונג פון מלחמה־געשעענישן אויף קינדער, איז דער טראָפּ געלעגן אויף די מעטאָדן, וואָס מען דאַרף ביי אַזעלכע פאָרשונגען באַנוצן. וואָרעם אין וויסנשאַפט איז נאָך ווייניק, וואָס מען דערזעט די וויכטיקייט פון אַ פּראָבלעם, נאָך וויכטיקער איז צו געפינען די געהעריקע מעטאָדן וואָס זאָלן געבן פאַרלאָזלעכע רעזולטאַטן.

דאָך, אויף וויפיל מיר קענען רעדן וועגן אַ באַשטימטן סך־הכל פון יענע פאָרשונגען, איז דער אויספיר געווען, אַז אויף פּסיכיש־געזונטע קינדער לאָזן איבער די מלחמה־געשעענישן גאַנץ שוואַכע סימנים. פּראָפ׳ פּישל שניאורסאָן, וואָס האָט אין יענער צייט פאַרעפנטלעכט אַ גרינטלעכע אַרבעט וועגן דעם דאָזיקן ענין, קומט צום באַשלוס, אַז „קאַטאַסטראָפאַלע געשעע־נישן רופן אַרויס געוויינטלעך ביים נאָרמאַלן קינד אַ לפי־ערך שוואַכע, ניט לאַנג דויערנדיקע עמאָציאָנעלע רעאַקציע״ [3]). די דאָזיקע ווערטער סומירן אייגנטלעך דאָס וואָס איז דעמאָלט אָנגענומען געוואָרן פון אַ סך אַנדערע קינדער־פּסיכאָלאָגן, וואָס האָבן זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע באַשעפטיקט. שניאורסאָנס רעזולטאַטן זענען אויך וויכטיק דערמיט, וואָס בעת די אַנדערע פּסיכאָלאָגן האָבן בלויז געפאָרשט קינדער, וואָס זענען געווען ווייט פון די פראָנטן, האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט יידישע פּאָגראָם־יתומים און אַנדערע, וואָס האָבן אַליין צוגעזען די שחיטות אויף יידן אין אוקראַינע אין יענער צייט. ווייזט אויס, אַז אַפילו די בלוט־פאַרגליווערנדיקע ברוטאַלקייט, וואָס אונדזערע אייגענע קינדער האָבן צוגעזען אין 1919—1920, אַפילו די מער־דערייען אויף אייגענע משפּחה־מענטשן, וואָס זיי האָבן אַליין בייגעוואוינט, האָבן ניט געהאַט דעם כוח צו צעשטערן זייער פּסיכישע גלייכוואָג; לכל הפּחות אויף די גייסטיק־געזונטע צווישן זיי האָט דאָס זיך ניט צו שווער אָפּגערופן.

אין דער צייט פון דער איצטיקער מלחמה האָבן זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע זייער איבטענסיוו פאַרנומען די קינדער־פּסיכאָלאָגן פון אַנגלאָ־סאַק־סישע לענדער, דער עיקר ענגלאַנד. די ליטעראַטור פון דעם מין האַלט אין איין וואַקסן סיי אין ענגלאַנד, סיי אין אַמעריקע.

די סיבה פאַרוואָס די דאָזיקע פּראָבלעם איז אין ענגלאַנד געוואָרן אַזאַ אָנגעווייטיקטע איז גאַנץ לייכט צו פאַרשטיין. אין דער איצטיקער מלחמה האָט דער „פראָנט״ פאַרלוירן דעם זינען פון אַמאָל. מיט דער באָמבאַר־דירונג פון שטעט איז דאָס גאַנצע לאַנד געוואָרן איין גרויסער פראָנט. אַ לופט־אָנפאַל קען פאַרוואַנדלען יעדע שטאָט אין אַ מוראדיק שלאַכטפעלד, און אַ ווייטע גאַס פון ציווילע איינוואוינער קען יעדע רגע זיך געפינען אין סאַמע פייער פון בלוטיקסטע שלאַכטן. וואָס עס איז פאָרגעקומען אין ענגלאַנד אין 1940 ווייסן מיר אַלע. דעמאָלט, אין דער צייט פון דער אַזוי גערופענער „שלאַכט פאַר ענגלאַנד״, איז אין יענער מדינה אַלץ שאַרפער און האַרבער געוואָרן די נויט צו עוואַקואירן די קינדער פון די גרעסערע שטעט, ספּעציעל פון יענע פלעצער, וואו עס זענען פאַראַן בנינים פון אַ מיליטערישן ווערט.

אָט די נויט צו עוואַקואירן קינדער, אָפּרייסן זיי פון היים, פריינד און סביבה, האָט נאַטירלעך אַרויסגערופן מוראדיקע פּראָבלעמען, וואָס קיין שום פריערדיקע מלחמה האָט ניט געהאַט פאַר זיך. ווי האָט דאָס אַלץ געווירקט אויף די קינדער? ווי האָבן געווירקט די לופט־אָנפאַלן און די עוואַקואַציעס? דער ענטפער אויף אַזעלכע פראַגעס קען ניט זיין אַזוי גלייכמאָסיק און פּשוט, אַז מען זאָל אים קענען אָנווענדן אין יעדן באַזונ־דערן פאַל. אַ חוץ דעם, לופט־אָנפאַלן און עוואַקואַציעס רופן אַרויס פּראָב־לעמען וואָס זענען גאַנץ ניי און וואָס מיר זענען גאָרניט געוואוינט צו פאַרבינדן זיי דווקא מיט מלחמה. דאָך וועלן עטלעכע באַמערקונגען פון פאָרשער אונדז אַרויסהעלפן בעסער צו פאַרשטיין דעם גאַנצן ענין.

יעדער מענטש וואָס קוקט מיט אָפענע אויגן אויף וועלט און מענטשן ווייס, אַז דער כוח פון מענטשלעכן אָרגאַניזם זיך צוצופּאַסן צו נייע באַ־דינגונגען, הן פיזיש, הן פּסיכיש, איז ממש אין לשער. דאָס איז אמת ביי דערוואַקסענע און נאָך מער ביי קינדער. אפילו צו לופט־אָנפאַלן קען מען געוואוינט ווערן, אַזוי אַז מיט דער צייט הערט אויף די נערוועזע צעטראָגענע לויפעניש צו זוכן שוץ. בכלל גענומען ווערט מען קילער און מען איז ביים פולן שכל אַפילו ווען די סכנה הענגט איבערן קאָפּ [4]. נאָך מער, אָפט איז דאָס אָפּגעריסן ווערן פון דער היים אַזוי שווער אַריבערצוטראָגן, אַז קינדער וואָלטן שוין גיכער געוואָלט זיין אין געפאַר פון אַ לופט־אָנפאַל, איידער עוואַקואירט צו ווערן.

עוואַקואַציע איז נאַטירלעך זייער אַן ערנסטער איבערבראָך אין אַ קינדס לעבן. דאָס שליסט איין אַזעלכע איבערלעבענישן ווי מורא פאַר פרעמד־קייט, היים־בענקשאַפט, די נויט זיך צוצופּאַסן צו נייע מענטשן און נייע פאָדערונגען, און דאָך באַמערקט דזשווירסיילד, אַ היגער קינדער־פּסיכאָלאָג, וואָס האָט דורכגעקוקט די גאַנצע ליטעראַטור וועגן דעם ענין, אַז דאָס רוב

קינדער וויזט ניט אַרויס קיין שום ערנסטן סימן, אַז דאָס אַריבערגעפירט ווערן אין אַן עוואַקואַציע־צענטער זאָל האָבן געהאַט אויף זיי אַ שלעכטע ווירקונג. ער גיט צו, אַז דאָרטן, וואו אַזעלכע סימנים זעען זיך יאָ אָן, געפינט מען אויס, אַז זייערע עלטערן האָבן אַרויסגעוויזן שטאַרקע עמאָציִ־אָנעלע אויפטרייסלונגען אין דער צייט פון אַ באָמבאַרדירונג [5]. ער וויזט אויך אָן, אַז בדרך־כּלל געוועמען פילן זיך עוואַקואירטע קינדער בעסער, ווען מען פאָרט זיי צונויף מיט אַנדערע, וואָס קומען פון ענלעכע היימען, דאָס הייסט, וואו די עקאָנאָמישע לאַגע און קולטורעלע אַטמאָספערע פון וואַנען זיי קומען, טיילט זיי ניט ווייט פאַנאַנדער. עס וויזט זיך אויך אַרויס, אַז קינדער וואָס זענען צופרידן און גוט איינגעאָרדנט אין דער אייגענער היים, זענען די ערשטע זיך צוצופאַסן צו די נייע באַדינגונגען, וואָס די עוואַקוּ־אַציע צווינגט אַרויף.

דער גרינטלעכסטער באַריכט פון דער לאַגע אין עוואַקואַציע־צענטערן איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין 1941 אונטער דער רעדאַקציע פון דער באַרימטער קינדער־פאָרשערין סוזאַן אייזעקס, אין קעימברידזש, ענגלאַנד [6]. דער צונויפגעקליבענער מאַטעריאַל ווערט דורכגעאַרבעט פון פאַרשיידענע זייטן. איך וועל זיך דאָ באַנוגענען מיט עטלעכע ענטפערס פון די לערער בעת זיי האָבן איבערגעגעבן זייערע איינדרוקן. לאָמיר, אַגב, ניט פאַרגעסן, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן קינדער וואָס האָבן דירעקט געליטן פון די באָמ־באַרדירונגען אין די גרעסערע ענגלישע שטעט.

1. די באַציאונגען פון די עוואַקואירטע קינדער צו זייערע לערער זענען בעסער און אינטימער.
2. די קינדערס זעלבסטשטענדיקייט איז געוואַלדיק געשטיגן.
3. זייערע באַציאונגען צווישן זיך האָבן זיך אויך פאַרבעסערט.
4. זייער אַלגעמיינער בליק אויף דער וועלט איז געוואָרן ברייטער און זייערע אינטערעסן זענען געוואָרן מער פאַרשיידנאַרטיק.
5. עס איז געוואָרן אַ ביסל שווערער זיי צו דיסציפּלינירן.
6. זייערע כּוחות זיך צו קאָנצענטרירן אין זייער לערנען זענען געוואָרן קלענער.
7. זייער פּעולה אין געוויינטלעכער שול־אַרבעט איז געפאַלן.

יעדער איינער וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט קינדער בעת זיי ווערן אַוועקגענומען פון זייערע היימען, וועט דערקענען סיי אין די פּאָזיטיווע, סיי אין די נעגאַטיווע איינדרוקן, וואָס ווערן דאָ אָנגעגעבן, אַז דאָס זענען גאַנץ געוויינטלעכע לעבנס־אויסדרוקן פון קינדער אונטער ענלעכע אומ־שטענדן.

מען וואָלט אפשר געקענט מיינען, אַז בלויז נאָרמאַלע קינדער וויזן אַרויס שוואַכע סימנים פון נערוועזע אויפטרייסלונגען ווי אַ רעזולטאַט פון מלחמה־איבערלעבענישן. דאָס זענען טאַקע די אויספירן, צו וועלכע עס איז

געקומען פראָפ׳ שניאורסאָן. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אַפילו מיט נעווראָטישע קינדער איז עס אויך ניט קיין סך ערגער. די ראַיות פאַר דעם קומען פון עטלעכע פאָרשער. איך וועל זיך דאָ באַנוגענען מיט אַן אַרבעט פון בענדער און פראָש. זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט קינדער־פּאַציענטן פון אַ פּסיכאָלאָגישן קליניק; דאָס זענען געווען גראָד גאַנץ יונגע קינדער, אין עלטער פון 7—13 יאָר, וואָס זענען, ווי טייל נעמען אָן, מער עלול באַווירקט צו ווערן פון גרויליקע איבערלעבענישן. זיי האָבן אויך באַנוצט פאַרשיידענע מעטאָדן, כדי צו זיין וואָס זיכערער אין די רעזולטאַטן. אָבער ווי זיי גיבן איבער, האָבן זיי כמעט ווי ניט געפונען קיין סימנים פון אַן אינעװייניקסטן פחד, וואָס זאָל זיין אַ דירעקטער רעזולטאַט פון דער מלחמה. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געפונען איז „די מורא, אַז מען וועט זיי אַוועקנעמען פון דער היים“ [7]. אַן ענלעכע מיינונג לאָזט זיך לייכט אַרויסדרינגען פון דזשוירסיילדס ווערטער, וואָס איך האָב פריער ציטירט.

מלחמה איז פאַר אונדז, דערוואַקסענע, ניט סתם אַזוי אַ קאַטאַסטראָפע, ווי למשל, אַן ערד־ציטערניש, אַ מגפה, אָדער אַפילו אַ פּאָגראָם. דאָס איז אַ גאַנץ ספּעציפישע אומגליקלעכע דערשיינונג, וואָס ווירקט אויף אונדז אויף גאַנץ טיפּישע אופנים. ווען מען רעדט אָבער וועגן קינדער, איז בכלל שווער צו טראַכטן וועגן דער ווירקונג פון מלחמה לויט ווי מיר פאַרשטייען דאָס דאָזיקע וואָרט. אויף אונדז האָט אַן ערד־ציטערניש אין טערקיי געמאַכט אַ שוואַכערן איינדרוק ווי טשוירטשילס באַזוך אין יענער מדינה נאָך דער קאָנפערענץ אין קאַסאַבלאַנקאַ. אַזאַ צוגאַנג איז נאַטירלעך פאַר מענטשן, וואָס כאַפּן אויף די אַלע אומגעהייערע קאָמפּליקאַציעס וואָס ליגן אינעם באַגריף מלחמה. ביי קינדער איז מלחמה דאָס זעלביקע וואָס פאַר אונדז אַן ערד־ציטערניש, אָדער אַ מגפה. ממילא איז זייער ריכטיק ווען מען מאַכט אַן אונטערשייד צווישן אַזעלכע, וואָס געפינען זיך באָענט צום פלאַץ פון די שלאַכטן און אַזעלכע, וואָס הערן בלויז וועגן דעם, אָדער וואָס זעען דאָס אַפילו אויפן מואווי־לייוונט צווישן איין קאָמעדיע און אַ צווייטער. אַפילו ווען אייגענע דערוואַקסענע ברידער ווערן גענומען אין דער אַרמיי, איז מלחמה אויך דעמאָלט פאַר די געבליבענע ברידערלעך און שוועסטערלעך ניט מער ווי אַן אַבסטראַקציע פון אַ גאַנץ טונקעלן באַגריף. היינט אויב די וואָס האָבן אַליין בייגעוואוינט קאַטאַסטראָפעס פון קריג ווערן בלויז מאָמענטאַל באַווירקט, איז דאָך שוין לייכט זיך אויסצומאָלן ווי עס מוז זיין די ווירקונג אויף יענע קינדער וואָס שטייען פון דער ווייטנס, אַזוי צו זאָגן, און כאַפּן בלויז אָפּגעריסענע קלאַנגען פון געשעענישן, וואָס זיי קענען ניט באַנעמען.

אין אַ פיינער מאָנאָגראַפיע וואָס איז ניט לאַנג צוריק פאַרעפנטלעכט געוואָרן, האָט פרעסטאָן באַהאַנדלט אַ ריי פּראָבלעמען אין שייכות צו דעם

„ווי קינדער רופן זיך אָפּ אויף אַ היינטצייטיקער מלחמה־לאַגע" [8]. די דאָזיקע פאָרשונג נעמט אַרום 581 קינדער אין ניו־יאָרק פון אַלע קלאַסן פון פּאַבליק־סקול. ווען פּראָפעסאָר אַנאַליזירט זיינע רעזולטאַטן, ווייזט זיך אַרויס אייגנטלעך דאָס, אויף וואָס יעדער שכלדיקער מענטש וואָלט זיך קענען ריכטן. ער שרייבט:

„די דראַמאַטישע זייטן פון מלחמה, די פּאָפּולערע פירער, די פּיקאַנטע מיליטערישע אויפטועך און אויבערפלעכלעכע קאָנסעקווענצן פון אַ סענסאַציאָנעלן כאַראַקטער, זענען באַזונדערס געלעגן אויף דער צונג, און די קינדער האָבן זיי בעסער פאַרדייט ווי די וויכטיקער סענסאַציאָנעלע, אָבער אָפּט טיפערע פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און מיליטערישע אַנטוויקלונגען".

עטלעכע ביישפּילן פון די קינדערס ענטפערס אויף דער אַבסטראַקטער פראַגע וועגן דעם, וואָס עס איז אַזוינס אַ מלחמה, וועלן דאָס צום בעסטן אילוסטרירן. אַ ייִנגל פון זעקס יאָר זאָגט: „ווען קינדער זענען קליין, הייבן זיי זיך אָן שלאָגן, ווען זיי ווערן גרעסער און גרעסער שלאָגן זיי זיך נאָך אַלץ, און שפּעטער הייבן זיי אָן אַ מלחמה". אַ ניין־יאָריק ייִנגל דערקלערט: „איין לאַנד קומט אַריין אין אַן אַנדער לאַנד און וואַרפט אַרויס די מענטשן פון דער אַרבעט, ווערן זיי בייז און זיי הייבן אָן אַ מלחמה". און אַזוי גייט עס כסדר. אַ מיידל פון 12 יאָר האָט שוין עפּעס געהערט קלינגען, אָבער זי ווייס ניט, אין וועלכן וואַלד. טענהט זי אַזוי: „דאָס זענען די פירער. זיי האָבן זיך עפּעס פיינט און זיי רעכענען, אַז ס'איז לייכטער אָנצוהייבן אַ מלחמה".

אין 1916 האָט אין דייטשלאַנד וולאַדימיר דוואָרניקאָוויטש געהאַלטן עטלעכע פאָרטראַגן וועגן דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַר קינדער פון 10—13 יאָר. ער האָט צו זיי גערעדט איבער אַזעלכע טעמעס ווי „די ערשטע סיבות וואָס האָבן געפירט צו דער איצטיקער וועלט־מלחמה", און ענלעכע ענינים. נאָך דעם האָט ער אויסגעפאָרשט, וואָסער ווירקונג זיינע פאָרטראָגן האָבן געהאַט, און פאַרעפנטלעכט די רעזולטאַטן פון זיינע אַכטגעבונגען [9]. עס קומט אויס, אַז די קינדער האָבן אינגאַנצן ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. זיי האָבן געכאַפּט עטלעכע קאָנקרעטע פאַקטן, צופעליקע עפּיזאָדן, אַלץ פיצלעך און ברעקלעך, אָבער דעם תוך פון זיינע פאָרטראַגן האָבן זיי ניט געקענט באַנעמען.

כדי צו פאַרשטיין דעם זינען פון מלחמה און ווערן ווי געהעריק באַווירקט פון אַלץ וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן, זענען פּשוט נייטיק איבערמאַציעס, וואָס קינדער האָבן ניט, קענען ניט האָבן, און זענען לחלוטין ניט פאַראינטערעסירט אין זיי אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן. אין 1933 האָט לימבערט פאַרעפנטלעכט די רעזולטאַטן פון אַ טעסט, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 373 קינדער פון זעקסטן ביז צענטן קלאַס [10]. אַזעלכע קינדער

האָבן שוין געהאַט געגוג געלעגנהייטן צו הערן און לייענען וועגן וועלט־פּאָליטיק. 60% האָבן געזאָגט, אַז די פּאַראייניקטע שטאַטן זענען אַ מיט־גליד פון דער פעלקער־ליג. 33% האָבן געזאָגט, אַז דער קעלאָג־אָפּמאַך איז „אַ קאָמפּאַניע וואָס מאַכט שפּייז אויף פּרישטיק". 94% האָבן געהאַלטן, אַז דער פאַרלאַנג אָפּצושאַפן מלחמות וועט צו גאָרניט פירן „ווייל מענטשן האָבן זיך ליב צו שלאָגן". עס וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז דער לעצטער ענטפער איז געבויט אויף די זעלביקע הנחות ווי אַן ענלעכע מיי־נונג, וואָס מען הערט טיילמאָל פון דערוואַקסענע. ער איז גיכער אַ פּועל־יוצא פון דער אָרעמקייט פון באַגריפן, וואָס רעדוצירן מלחמה צו „שלאָגן זיך", אַזוי ווי מען זעט דאָס אין גאַס צווישן קינדער.

מהאי טעמא איז לייכט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס אַ סך קינדער זענען באַגייסטערט פאַר מלחמות. 33% פון לימבערטס קינדער האָבן דערקלערט, אַז דער גרעסטער כבוד פאַר אַ מענטשן איז אַ מיליטערישע אוניפאָרם. גרוענבערג גיט איבער זייער אַ כאַראַקטעריסטישע באַמערקונג פון אַ יינגל פון עלף יאָר. ער קאָכט זיך אין די נייעס פון דער מלחמה, זיינע ווענט זענען באַהאָנגען מיט מאַפּעס. די מלחמה געפעלט אים ביז גאָר, כאָטש ער באַדויערט: „מיין מזל, גראַד דאַרף איך זיין דאָרט, וואו קיין שלאַכטן קומען ניט פאָר. אוי, ווי שטאַרק מיר וואָלט זיך געגלוסט צו האָבן אַ לופט־אַטאַקע" [11]).

## די ווירקונג אויף יידישע קינדער

ווי רופט זיך אָפּ די מלחמה אויף יידישע קינדער? צי באַמערקט זיך עפּעס אַן אונטערשייד צווישן יידישע און ניט־יידישע קינדער אין זייער פּסיכישן צושטאַנד, ווי אַ רעזולטאַט פון דער מלחמה? דאָס איז אַן אַלגע־מיינע פראַגע. עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ ספּעציפישע פראַגע, אין וועלכער מיר זענען נאָך אפשר מער פאַראינטערעסירט.

מלחמה, ווי יעדע קריטישע צייט אין לעבן פון אַ פאָלק, רופט געוויינט־לעך אַרויס מער וואַרעמקייט, אינטענסיווערע געטריישאַפט צו נאַציאָנאַלע אינטערעסן, צום לעבן און וואוילזיין פון אייגענע. ווי איז עס ביי יידישע קינדער? זעט מען עפּעס צווישן היגע יידישע קינדער אַ שטאַרקערע דער־נענטערונג צום פאָלק ווי אַ רעזולטאַט פון אונדזער איצטיקן מוראדיקן אומגליק?

וועלן מיר קודם־כל זיך פאַרנעמען מיט דער ערשטער פראַגע.

ווען איך זאָל זיך וועלן סומך זיין אויף מיינע אייגענע אַכטגעבונגען, און אויף דער גבית־עדות פון אַ סך אַנדערע, וואָס באַגעגענען זיך תמיד מיט אונדזער יונגן דור פון פאַרשיידענע עלטערס, איז דער אינערלעכער צושטאַנד פון אונדזערע היגע יידישע קינדער אַקוראַט דער זעלביקער

ווי דער וואָס כאַראַקטעריזירט די ניט־יידישע, לויט דער פריערדיקער באַשרייבונג. ניט פאַראַן, דאַכט זיך, ביי זיי קיין באַזונדערע צערודערט־קייט, בכל־אופן ניט פונעם לאַנג־דויערנדיקן מין. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט וועגן דעם ביי אַזעלכע וואָס פירן אָן פאַרשיידענע טעטיקייטן צווישן יידישע קינדער — אין שולן, קעמפּס, קלובן — און קיינער האָט ניט באַמערקט ביי זיי קיין נערוועזע אומרו, וואָס זאָל קענען פאַררעכנט ווערן ווי אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון דער מלחמה. איך אַליין האָב גאַנץ גענוג נאָענטע פאַרבינדונגען מיט יידישע קינדער, און אַלע מיינע דערפאַרונגען מיט זיי פירן מיך צו דער זעלביקער מיינונג.

אָן אַנדער מיינונג וועגן יידישע קינדער האָב איך באַגעגנט אין צוויי פון די פריער דערמאָנטע פאָרשונגען, לימבערט און פּרעסטאָן. לימבערט, ווי שוין באַמערקט, האָט פאַרעפנטלעכט זיין אַרבעט אין 1933. זיין עיקר־אויפ־גאַבע איז געווען אויסצוגעפינען די קינדערס פּאָליטישע אינפאָרמאַציע. ער שרייבט:

„די גרופּע וואָס האָט זיך צום בעסטן אויסגעצייכנט אויפן טעסט, איז געקומען פון אַ „היברו סקול". אָבער אָן אַנדער גרופּע יידישע קינדער האָט פאַרנומען אַן אונטערשטן פּלאַץ אויף דער ליסט. אין ערשטן פאַל זענען דאָס געווען קינדער פון ראַפינירטע יידישע היימען און זייער ראַביי איז אַ טיף־פאַרשטענדיקער מענטש מיט אַ ברייטן בליק. אין צווייטן פאַל זענען די קינדער שוין ניט פון אַזאַ פּריווילעגירטער יידישער סביבה".

אויב מיר זאָלן אָננעמען, אַז ברייטערע פּאָליטישע אינפאָרמאַציע קען פירן צו אַ טיפערער אויפטרייסלונג פון מלחמה־געשעענישן, דעמאָלט וועט עס הייסן, אַז ביי יידישע קינדער קען מען גיכער טרעפן דעם נערוועזן אָפּקלאַנג ווי אַ פּועל־יוצא פון דער מלחמה. לכל־הפחות וועט עס זיין ריכטיק בנוגע יידישע קינדער וואָס קומען פון אינטעליגענטע היימען.

פּרעסטאָנס רעזולטאַטן זענען שוין מער דירעקט. איין פּרט פון זיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַ פראַגע וואָס ער האָט געפרעגט ביי לערער: „ווי וואָלט איר באַשריבן דעם אָפּרוף פון אייערע תלמידים אויף איצטיקע וועלט־געשעענישן, באַטראַכטן זיי די נייעס מיט אָביעקטיווקייט, אָדער זעען זיי אויס צו זיין עמאָציאָנעל צערודערט?" דער רעזולטאַט איז געווען, אַז פון אַכט קלאַסן, וואָס זייער גרעסטער רוב איז באַשטאַנען פון יידישע תלמידים, זענען פינף פון זיי באַצייכנט געוואָרן פון זייערע לערער ווי „עמאָציאָנעל". נאָך מער: „אין איין יידישער גרופּע האָבן טייל קינדער געבעטן, ווי די לערער גיבן איבער, אַז מען זאָל פאַרווערן צו שמועסן אין סקול וועגן דער מלחמה".

אין לעצטן סך־הכל, דערציילט פּרעסטאָן, אַז: „סימנים פון פּחד זענען געווען וויניק, כאָטש טיילמאָל האָט מען דאָס יאָ באַמערקט ביי יוגנטלעכע

קינדער פון דער יידישער ראַסע. דער גרעסטער אויפשטייג פון געפיל האָט זיך אַרויסגעוויזן בעת מען האָט געשמועסט וועגן היטלערן".

מיר דאַכט זיך, אַז די אָנגעגעבענע פאַקטן זענען ווייט ניט גענוג צו באַרעכטיקן דעם שרייבערס דיאַגנאָזע וועגן יידישע קינדער. ראשית, קען זיין, אַז די לערער האָבן אַריינגעטייטשט אין דעם, וואָס זיי האָבן געזען ביי זייערע יידישע תלמידים, דאָס אויף וואָס זיי האָבן זיך פריער גערעכט. זיי ווייסן דאָך וואָס עס געשעט איצט מיט יידן אין דער וועלט; פאַרוואָס זאָלן יידישע קינדער ניט ווערן אינערלעך צעטרייסלט פון דעם? שנית, אויב עטלעכע יידישע קינדער האָבן געבעטן, מען זאָל ניט רעדן וועגן מלחמה, איז דאָס נאַטירלעך פאַר אַ סך גויאישע קינדער אויך. דאָס רוב קינדער האָט פיינט פיינלעכע מעשות אָדער טרויעריקע מוזיק. דאָס איז זיכער ניט קיין ספּעציעלע אייגנשאַפט פון יידישע קינדער. אָבער דער עיקר שטעקט אין דעם גאָר עפּעס אַנדערש. אין אַ ניט־יידישער סביבה האָבן יידישע קינדער ניט ליב, אַז מען זאָל באַרירן עפּעס אַזעלכעס, וואָס שטעלט זיי אַרויס ווי אַ באַזונדער גרופּע. ווען אָבער די זעלביקע קינדער געפינען זיך אין אַ יידישער סביבה, באַציִען זיי זיך גאַנץ אַנדערש צו אַזעלכע טעמעס. ממילא האָט דאָס לחלוטין ניט צו טאָן מיט אַ שטענדיקער אינער־לעכער צערודערטקייט, נאָר עס איז אַ ריין־לאָקאַלער אָפּרוף, וואָס פּרעס־טאָנס לערער האָבן יאָ געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַמערקן און די לערער פון יידישע שולן — ניט.

דער לעצטער פּונקט פאַרדינט, מען זאָל זיך אויף אים נאָך אַ ווײַלע אָפּשטעלן. אין קריטישע צייטן ווערט בכלל פאַרשטאַרקט די טענדענץ, אַז מענטשן זאָלן זיך שאַרפער צעטיילן אויף קרובהשע גרופּעס. ווען צו דעם קומט נאָך צו שרייענדיקע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס באַמיט זיך דאָס אונ־טערצושטרייכן, דעמאָלט קען דאָס לייכט פירן צו אַ שרפה פון קעגנזייטיקן האַס צווישן איין גרופּע און דער צווייטער. אויף דעם זאָגט עדות אַן אַרבעט, וואָס איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה דורכגעפירט געוואָרן אין פּוילן אין דער צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע. דאָרט ווערט די לאַגע כאַראַקטעריזירט אַזוי: „די פּוילישע קינדער באַטראַכטן די יידישע, וואָס לערנען מיט זיי אין דער זעלביקער שול, פאַר שונאים. פאַר די יידי־שע קינדער זענען די פּאָליאַקן און די רוסן אַלעמאָל שונאים"[12]). דאָרט וואו אַזאַ צעטיילטקייט ווערט אַ סכנה, איז נאַטירלעך, אַז די מיטגלידער פון דער שוואַכערער גרופּע זאָלן ניט ווען, אַז מען זאָל, אין דער אַטמאָס־פערע פון דער הערשנדיקער גרופּע, דאָס אונטערשטרייכן. דאָס דערקלערט, דאַכט זיך מיר, אַ סך אַנדערע אונטערשיידן אין די באַציאונגען מצד יידישע קינדער אין סקול און אין דער יידישער שול.

דאָס מיינט בשום־אופן ניט, אַז אָט די אַנדערשקייט דאַרף זיין אַן אויס־

גערעכנטע אָדער אַפילו אַ באַוואוסטזיניקע. מיר איז אָפט אויסגעקומען צו באַווייזן ביי אַ סך אַנדערע געלעגנהייטן, אַז צוויי פאַרשיידענע לאַגעס קענען אַרויסרופן ביי מענטשן אַנדערע באַציאונגען, אַפילו מיינונגען. אָט די אינערלעכע סתירות זענען ניט בלויז מעגלעך, נאָר גראָד כאַראַקטע־ריסטיש פאַר מענטשן, ביי קינדער נאָך מער ווי ביי דערוואַקסענע. אָט האָב איך פאַר זיך אַן אַרבעט פון אַ באַקאַנטן פאָרשער וועגן די ענדערונגען אין די באַציאונגען צו מלחמה ביי קאַלעדזש־סטודענטן אין משך פון עלף יאָר צייט[13]). די אַרבעט איז אָנגעהויבן געוואָרן אין 1930 און האָט זיך פאַרענדיקט אין 1941. אין די טעסטן האָבן זיך באַטייליקט 800 סטודענטן. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די באַציאונגען צו מלחמה האָבן אויך אָפּגע־שפּיגלט די ספּעציעלע לאַגע, אין וועלכער די סטודענטן זענען אַוועקגע־שטעלט געוואָרן דורך די פּראַגעס, וואָס מען האָט ביי זיי געפרעגט. אָט זענען זיי קעגנער פון יעדן סאָרט מלחמה, אָט רייסן זיי זיך צו מלחמה. דאָס איז ניט קיין לייכטזיניקייט; בכלל איז דער ענין ניט אַזוי פּשוט. אין דעם ליגט דער עיקר פון דער מענטשלעכער נאַטור, וואָס מיר רעכענען זיך מיט איר ליידער צו ווינציק.

אויב די לאַגע ווערט אַרויסגערופן ניט בלויז דורך פאַרשיידענע פּראַגעס, נאָר אויך אין אַן אַנדער אַטמאָספערע, דעמאָלט ווערן אויך געבוירן אַנדערע באַציאונגען און מיינונגען. ווען מען געפינט זיך אין די גרענעצן פון אַן אייגענער קרובהשער גרופּע אין צייטן פון אַן אַלגעמיינער סכנה, קען דאָס אַרויסרופן אַזאַ מין פּסיכישן צושטאַנד, וואָס זעט זיך לחלוטין ניט אָן, איז טאַקע אינגאַנצן ניטאָ, בעת מען געפינט זיך אין אַן אַנדער, אַ פרעמדער אָדער געמישטער, אַטמאָספערע.

### ווערן יידישע קינדער איצט נענטער צו אונדז?

אָט דאָס צוטוליען זיך מער צו דער אייגענער גרופּע אין קריטישע צייטן פירט דירעקט צו דער צווייטער פּראַגע: אויף וויפיל קען מען דאָס אַרויסזען ביי היגע יידישע קינדער? זענען פאַראַן סימנים, אַז זיי זענען באמת גערירט פון דער הייַנטיקער יידישער טראַגעדיע? זענען יידישע אינטערעסן, יידיש לעבן, בכלל יידישע ענינים, נענטער געוואָרן ווי אַ דירעקטער פועל־יוצא פון איצטיקע געשעענישן?

מיין ערשטער אָפּרוף אויף דער דאָזיקער פּראַגע — וואָס איז געבויט אויף איינדרוקן און אויף טעאָרעטישע אייגזעענישן — איז אומגעפער דער זעלביקער ווי דאָס, וואָס דער דערמאָנטער סאָראָקין זאָגט וועגן מענטשן בכלל אין קאַטאַסטראָפאַלע צייטן. אין אונדזער פאַל וואָלט איך געזאָגט, אַז די נאָענטע ווערן נענטער און די דערווייטערטע ווערן נאָך מער דערווייטערט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר קענען ניט זעלטן אָנטרעפן אַ יוצא־מן־הכלל. אָבער איך האָב דאָס זיכערע געפיל, אַז גיכער קענען מיר טרעפן אַ נאָענטן, וואָס ווערט דערווייטערט, איידער פאַרקערט.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז טעאָרעטישער ישוב־הדעת, און אַפילו לאַנג־יאָריקע איינדרוקן, מעג זיין פון קאָמפּעטענטע מענטשן, זענען ניט גענוג צו קומען צו אַ באַשטימטן אויספיר אין אַזעלכע פאַלן. צום באַדויערן איז נאָך ביז איצט קיין וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג וועגן דעם ענין ניט געמאַכט געוואָרן. אָבער דאָך, אַ שטיקל ראיה־לדבר וואָלט איך יאָ געוואָלט ברענגען.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָב איך זיך געווענדט צו עטלעכע קלאַסן פון אַ היגער מיטלשול מיט אַזאַ מין פראַגע: איר ווייסט דאָך, אַז נאָך דער איצטיקער מלחמה וועלן מיר זיך נייטיקן אין אַ סך אויפבוי־אַרבעט אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אַזוי ווי אַ מענטש קען דאָך ניט טאָן אַלץ, וואָלט יעדער געדאַרפט אויסקלייבן פאַר זיך עפּעס אַ ווינקל וואָס איז אים נענטער, כדי דאָרט אַרויסצוהעלפן אין דער רעקאָנסטרוקציע־צייט. וואָסער אויפבוי־אַרבעט וואָלט איר פאַר זיך געוואָלט אויסקלייבן? אויף דער דאָזיקער פראַגע האָב איך באַקומען 70 שריפטלעכע ענטפערס. עס האָבן זיך אין דעם באַטייליקט קלאַסן פון אַלע פיר יאָר פון דער מיטלשול.

די ענטפערס קענען צעטיילט ווערן אויף דריי סאָרטן: אַזעלכע וואָס האָבן קיין יידן אינגאַנצן ניט דערמאָנט, זיי האָבן בלויז דערמאָנט אַלגעמיינע בויטן, און אַפילו בויטן פון אַנדערע פעלקער. געוועזן אויך אַזעלכע וואָס האָבן דערמאָנט פאַרשיידענע מינים אויפבוי־אַרבעט, אָבער אויך הילף פאַר יידן. לעצטנס האָבן געענטפערט אויך די וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף יידן. עס איז כדאי צו ווייזן די ענטפערס אין טאַבולירטער פאָרם און אויך אָנווייזן, וואָסערע ענטפערס עס האָבן געגעבן די תלמידים לויט די צאָל יאָרן, וואָס זיי לערנען אין דער מיטלשול.

צאָל ענטפערס

| קלאַסן | קיין יידן | אויך יידן | בלויז יידן | סך־הכל |
|---|---|---|---|---|
| פון 1טן יאָר | 18 | 3 | 2 | 23 |
| פון 2טן יאָר | 6 | 2 | 6 | 14 |
| פון 3טן יאָר | 6 | 2 | 9 | 17 |
| פון 4טן יאָר | 7 | 5 | 4 | 16 |
| סך־הכל | 37 | 12 | 21 | 70 |

די דאָזיקע רעזולטאַטן שטימען אַזוי מערקווערדיק מיט לאַנג אָנגעזאַמלטע איינדרוקן, אַז זיי האָבן שוין צוליב דעם אַליין אַ גאַנץ זיכערן ווערט,

כאָטש די צאָל, וואָס איז דאָ פאַרוויקלט, איז זייער קליין. לאָמיר געדענקען, אַז דאָס זענען תלמידים פון אַ מיטלשול, ד״ה אַזעלכע, וואָס האָבן היפּשע עטלעכע יאָר זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון יידישער שול־דערציאונג. די ענטפערס זענען געגעבן געוואָרן אין די ווענט פון אַ יידישער אינסטי־טוציע, אַן אַטמאָספערע, וואָס קען ניט דערוועקן קיין באַוואוסטזיניקן אָדער אומבאַוואוסטזיניקן פאַרלאַנג, מען זאָל וועלן פאַרבאַהאַלטן דאָס יידישע אין זיך. דאָך האָבן איבער 50% ניט פאַרבונדן זייער ווירקלעכקייט צו העלפן אין דער איצטיקער מאָוימדיקער יידישער נויט.

מיר זעען דאָ אויך, אַז די, וואָס האָבן קיין יידן אין גאַנצן ניט דער־מאָנט, געפינען זיך על־פּי־רוב אין ערשטן יאָר. די צאָל וואַקסט אין די ווייטערדיקע צוויי יאָר, אָבער פאַלט צוריק אין פערטן יאָר. דאָס איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש. אין אַ קיבוץ, וואו יידישקייט איז מחויב צו לעבן דער עיקר אויף אַן אינטעלעקטועלער פלאַך, און ווערט ניט געמוג אָנגע־טרונקען פון די זאַפטן פון אַ שטייגער־לעבן, איז נאַטירלעך, אַז די פון ערשטן יאָר, די וואָס האָבן ווייניק אינפאָרמאַציע און אַ קנאַפּערע באַרירונג מיט יידישע קולטור־ווערטן, זאָלן ווייניקער באַאיינפלוסט ווערן פונעם גע־שריי פון אייגענעם פאָלק, בפרט נאָך ווען עס קומט פון ווייטע ערטער און מדינות. די פון לעצטן יאָר האָבן שוין אַנטוויקלט ביי זיך נייע אייגענע און סאָציאַלע אינטערעסן, האָבן שוין געשלאָסן פריינדשאַפטן אין פרעמדע און אָפּגעפרעמדטע קרייזן, און זייער יידיש געפיל הייבט אָן צו פאַרלירן דעם מוח פון אַ מאָראַלן און סאָציאַלן חוב.

בכלל, זינט אונדזער לאַנד, אַמעריקע, איז אַריין אין דער מלחמה, האָט דאָס דאָזיקע וואָרט גענומען אַלץ מער אַרויסרופן אַזעלכע אידייען־פאַרבינ־דונגען, וואָס וואַרפן זיך כסדר אין די אויגן און אין די אויערן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג און טרייבט דעם געדאַנק און דאָס געפיל אין דער ריכטונג פון דער ברייטסטער אַלגעמיינקייט. בלויז אַן אַקטיווע נאָענטקייט צו יידישע ענינים קען ווירקן, אַז דער געדאַנק זאָל זיך ציען מיט ספּעציע־לער פאַראינטערעסירטקייט אין יידישן ווינקל בעת מען רעדט וועגן דער מלחמה. דאָס זעט אויס צו זיין ריכטיק וועגן די כמעט 50%, וואָס האָבן ניט פאַרגעסן אין יידן.

איך האָב זיך שפּעטער צונויפגעטראָפן מיט אַ גרופּע שוין אויסגעוואַק־סענע בחורים און מיידלעך און אויף אַן אומפאָרמעלן אופן זיך דורכגעשמועסט וועגן דעם אייגענעם ענין. צען זענען זיי געווען, אַלע פון אַרום דעם זעלביקן שניט. זיי האָבן געענדיקט אַ יידישע עלעמענטאַר־שול, מיטלשול, און אויך באַקומען ווייטערדיקע יידישע בילדונג דורך קורסן און פּראַקטישער טעטי־קייט. איצט זענען אַכט פון זיי קאַלעדזש־סטודענטן, אָבער אַלע פאַרברענגען זיי ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן אין אָרגאַניזירטע יידישע קרייזן. איך האָב

ביי זיי געפרעגט, צי זיי באַמערקן צווישן זייערע יידישע פריינד עפּעס אַ דערנענטערונג צו יידן ווי אַ פּועל־יוצא פון אונדזער איצטיקער לאַגע.

מיין פראַגע איז פאָרמולירט געוואָרן אַזוי, אַז זיי האָבן לכתחילה גענו־מען טראַכטן וועגן יענע יידישע פריינד זייערע, וואָס זענען תמיד ווייט גע־ווען פון יידן און יידישקייט. דער ענטפער איז געווען אַן איינשטימיקער. זיי האָבן אַלע בפה־אחד געטענהט, אַז זיי האָבן קיין שום דערנענטערונג ניט באַמערקט. נאָך דעם ווי דער שמועס האָט זיך אַביסל פאַרצויגן, האָבן צוויי פון די צען קוואַליפיצירט דעם פריערדיקן ענטפער. זיי האָבן באַמערקט, אַז דאָס וואָס זיי האָבן פריער געזאָגט, האָט בלויז אַ שייכות צו יענער טייל פון דער יידישער יוגנט, וואָס איז תמיד געווען ווייט פון אונדז, די אָבער וואָס לעבן אין אַ יידישן אינטערעסן־קרייז, זענען שטאַרק באַאיינפלוסט גע־וואָרן פון דער איצטיקער יידישער טראַגעדיע. די דאָזיקע מיינונג האָט די גרופּע צעטיילט. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט, אַז זיי האָבן אַזאַ מין איינפלוס ניט געפילט, אין ערגעץ ניט. איינער האָט דאָס אויסגעדריקט אַזוי: „איר, דערוואַקסענע, ווי באַר איר קומט זיך צוזאַמען, רעדט איר באַלד וועגן דער יידישער לאַגע אויף יענער זייט ים. מיר, אַפילו די יידישסטע צווישן אונדז, רירן זעלטן אָן די דאָזיקע טעמע אין אונדזערע שמועסן, כאָטש די פאַקטן זענען אונדז גאַנץ גוט באַקאַנט“. דאָס רוב פון דער גרופּע האָט אָבער געהאַלטן, אַז דער דאָזיקער פּסק־דין איז ניט קיין ריכטיקער.

איך האָב שוין איצט אַ בעסערע מעגלעכקייט קלאָרער אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק וועגן דער ווירקונג פון דער מלחמה אויף אונדזערע יוגנטלעכע קינדער. איך האָב פריער באַמערקט, אַז די, וואָס זענען נאָענט צו אונדזער לעבן, ווערן נאָך מער דערנענטערט ווי אַ דירעקטער פּועל־יוצא פון אונדזער טראַגעדיע. די אָבער, וואָס שטייען פונדערווייטנס, בלייבן גלייכגילטיק אָדער דערווייטערן זיך נאָך מער. דאָס איז לחלוטין ניט שווער צו פאַרשטיין.

וואָרעם אָנגעהעריקייט צו אַ גרופּע האָט בלויז אַ ווערט, ווען דאָס איז אַן אַקטיווער פּראָצעס, ניט קיין פּאַסיווער צושטאַנד. בלוט־שייכות, פיזישע ענלעכקייט און נאָך אַזעלכע סימנים פון מעגלעכע פאַרבינדונגען צווישן מענטשן, קענען זיך יאָ אָדער ניט פאַרוואַנדלען אין אַקטיווער צוזאַמענאַר־בעט. אָבער דער עיקר אָנגעהעריקייט ליגט אין בשותפותדיקע צילן און אין בשותפותדיקע מיטלען זיי צו דערגרייכן. אַזאַ מין אַקטיווע שותפות באַ־שאַפט דעם שטאָף פון לעבעדיקע שייכותן און פּאַסט זיי אַריין אין אַ סיס־טעם פון רעגולירטע לעבעדיקע פונקציעס. דורך דעם ווערט יעדער מיט־גליד פון אַ גרופּע אַן אָרגאַנישער טייל פון אַ סיסטעם פון געבונדענע שייכותן, פון אַ שייכות־סיסטעם, וואָס ווערט פאַר אים אי זיין סאָציאַל לעבן, אי זיין אינדיווידועל לעבן אין דער זעלביקער צייט.

אַזאַ סיסטעם, וואָס מער זי באַאַגעגנט שטרויכלונגען אויף איר וועג, אַלץ

מער רופט זי אַרויס, ביי די וואָס אידענטיפיצירן זיך מיט איר, אינטענ־סיווערע ענערגיע וואָס זוכט צו פּאַרגיטיקן דעם שאָדן. אין פּיזיאָלאָגישן לעבן, ווייסן מיר, שפּילט אַן אומגעהייערע ראָלע די טענדענץ, אַז טאָמער ווערט איין פונקציע אָפּגעשוואַכט, אָדער אין גאַנצן אָפּגעשטעלט, רופט דאָס אַרויס אַ ווידערשטאַנד אָדער אַ קאָמפּענסירנדיקע אָנשטרענגונג מצד אַנדע־רע פונקציעס. דאָס קומט אויך פאָר אין אַ סאָציאַלער שייכות־סיסטעם.

ווען איך רעד וועגן די וואָס זענען נאָענט צו אונדז, קען דאָס בלויז מיינען די וואָס טראָגן אין זיך אַן אַקטיווע יידישע אָנגעהעריקייט, וואָס זענען געבונדן צו אונדז מיט אַ לעבעדיקער שותפות אין פריערדיקן זינען פונעם וואָרט. אַזאַ געפיל פון מיטגלידערשאַפט אין אַ שייכות־סיסטעם קען זיך אויסדריקן אויפן סאַמע קינדישסטן פונקט ווי אויפן סאַמע דערוואַקסנסטן אופן — יפתח בדורו כשמואל בדורו. אין דער צייט פון אַ סכנה איז נאַ־טירלעך, אַז אַזעלכע זאָלן ווערן מער אינערלעך סטימולירט, זאָלן ווערן מער פאַרוועבט אינעם מזל פון דער גאַנצער סיסטעם, וואָס דאָס קען זיך אויסדריקן אין אַ פאַרשטאַרקטער עמאָציאָנעלער גרייטקייט, אָדער אין אָנ־געשטרענגטע אָפענע טעטיקייטן.

די וואָס זענען אָבער געווען דערווייטערט פון אונדז, וואָס זייער אָנגע־העריקייט איז אַ פּאַסיווע, ביי זיי קומט פאָר אַ פאַרקערטער פּראָצעס. אין יידישן לעבן ליגן אויך אויף אָט דעם פּראָצעס גאַנץ ספּעציעלע סימנים וואָס פאַרדינען, מען זאָל זיך אויף זיי באַזונדערס אָפּשטעלן. מיר אַלע ווייסן גאַנץ גוט, אַז צוזאַמען מיט דער איצטיקער מלחמה זענען פאַרשפּרייט גע־וואָרן אַנטי־יידישע שטימונגען אויף אַזאַ ברייטן און געפערלעכן פאַרנעם, וואָס איז אונדזער אַלעמענס שרעק. זיך צו אידענטיפיצירן מיט יידן, באַ־זונדערס אין אַ ניט־יידישער אַטמאָספערע, פאַלט גאַנץ שווער אויף די פּאַסיוו־אָנגעהעריקע און אין געוויסע מאָמענטן אַפילו אויף די שוואַכערע נאַטורן פון די, וואָס זענען מיט אונדז מער אָדער ווייניקער אַקטיוו פאַרבונדן.

לאָמיר אויך האָבן אין זינען, אַז פּאַסיווע צוגעהעריקייט צו יידן פאַרט זיך געוויינטלעך מיט אַקטיווער צוגעהעריקייט צו אַנדערע. אָפט איז די דאָזיקע אַקטיווע שייכות צו אַנדערע גרופּעס איינזייטיק, ד״ה, בלויז דער אָפּגעפרעמדטער ייד וויל דאָס, בעת די אַנדערע, די ניט־יידן, ברעקלען זיך נאָך, אָדער ווילן דאָס ניט. אָפט איז דעם דאָזיקן יידנס אינטימערע פאַר־בינדונג מיט אַנדערע בלויז אַן איינרעדעניש, ער האָט עס דערגרייכט אין זיין פאַנטאַזיע, כאָטש אין דער ווירקלעכקייט איז ער אָפּגעריסן פון ביידע וועלטן. אָבער פאַנטאַזיע צי ווירקלעכקייט, דער פּסיכאָלאָגישער אונטער־שייד איז סיווי אַ קליינער, אויף וויפל דאָס האָט צו טאָן מיטן כאַראַקטער פון זיין יידישער אָנגעהעריקייט. די פעדעם, וואָס פאַרבינדן אים מיט דער שייכות־סיסטעם פון אונדזער לעבן, ווערן סיווי דינער, אָנגעצויגענער. אין

צייטן פון סכנה וועט אַזאַ ייד שטרעבן אי נאָך מער צו פאַרבלאָסן זיין שייכות צו אונדז — אַ סיסטעם וואָס מאָנט און שרעקט אין דער זעלביקער צייט — אי צו פאַרשטאַרקן זיין פאַרבונדנקייט מיט יענע, וואו עס איז פאַראַן מער שוץ און זיכערקייט. אַ דערוואַקסענער מענטש וועט די דאָזיקע געפילן ראַציאָנאַליזירן, ער וועט טענהן, אַז יידן זענען ניט די איינציקע וואָס ליידן, אַז היינט טאָר מען ניט זיין נאַציאָנאַליסטיש, אַז מען דאַרף טראַכטן וועגן דער גאַנצער מענטשהייט, אאַז״וו. אַ קינד אין אַזאַ פסיכישן צושטאַנד וועט בכלל זיך פילן אומבאַקוועם, ווען מען רעדט וועגן יידן, וועט ניט טראַכטנדיק אויסמיידן מענטשן, געלעגנהייטן, טעמעס, וואָס קע־נען אַריינברענגען יידישע ענינים, וועט אַפילו וואַרפן אַן אומחן אויף יידי־שע סימבאָלן, אָדער אויף ראַדיאָ־פּראָגראַמען, וואו יידישע אינפאָרמאַציע שפּילט אַ ראָלע, אָדער אַפילו וואו אַן אומשולדיקער יידישער אַקצענט שטעלט צו דעם הומאָר. סיי דער דערוואַקסענער, סיי דאָס קינד, וועלן אפשר מיט מער חשק זיך איבערגעבן אַלגעמיינע אויפגאַבן, ווערן מער אַלגעמיין פאַטריאָטיש אין דער מלחמה. אָבער פסיכאָלאָגיש וועט דער „אַלגעמיין״ זיין אפשר אַ שטאַרקערער אָפּקלאַנג פון די איבערלעכע פּערזענלעכקייט־קאָנפליקטן ווי דער „פאַטריאָטיזם״.

## סך־הכל

אין לעצטן סך־הכל זעען מיר, אַז בנוגע דער ווירקונג פון מלחמה אויף קינדער בכלל און אויף יידישע קינדער בפרט איז ניטאָ וואָס זיך צו שרעקן. דאָס וועט זיי ניט מאַכן צו נערוועז, זיכער ניט נעוראָטיש. בכלל, דאַכט זיך מיר, אַז מיר האָבן אַ באַזונדערע הנאה איבערצוטרייבן די ווירקונג פון קאַטאַסטראָפעס אויף געזונטע מענטשן. אָפט עצה׳ן מיר ניט אָנצוזאָגן עמעצן די בשורה פון טויט פון זיינס אַ נאָענטן אויס מורא, אַז דאָס וועט אים פסיכיש ממש דערשלאָגן. אָבער אין גרעסטן רוב פאַלן דערקונדיקן מיר זיך גאַנץ שנעל, אַז אָט האָבן מיר אָנגעזאָגט די בשורה, און קיין בייז איז ניט געשען. יענער איז שנעל געקומען צו זיך און האָט עס לייכט אויסגעהאַלטן.

ווייזט אויס, אַז די כוחות, וואָס זיינען ממונה איבערן לעבן פון מענטשן, האָבן לכתחילה פאַרשטאַנען, אַז מסתמא וועלן צווישן אונדז פאָרקומען אַ היפּש ביסל קאַטאַסטראָפעס, האָבן זיי אין אונדז אַריינגעגעבן אַזאַ טבע, אַז מיר זאָלן זיין „שטאַרקער פון אייזן״. די וואָס מיינען, אַז מען טאָר קיין קינדער ניט דערציילן וועגן די אומגליקן פון דער וועלט, אָדער פון זייער אייגן פאָלק, אויס מורא, אַז דאָס קען זיי נאָך חלילה פאַרשאַטן, האָבן אַ גרויסן טעות. ניט בלויז מעגן מיר עס זיי דערציילן, נאָר מיר מעגן עס אַפילו דראַמאַטיזירן פאַר זיי, עס זאָל מאַכן אַ שטאַרקערן איינדרוק. עס איז נאַטירלעך ניט גוט, מיר זאָלן דאָס מגזם זיין מיט גרויל־געשיכטעס

אָדער מיט אומגעלומפּערטע בלוט־און־טויט־פּאַרשטעלונגען. אָבער אַפילו דעמאָלט איז דער שאָדן גיכער אַן עסטעטיש־קינסטלערישער — אויך זייער אַן ערנסטער ענין — איידער אין שייכות צו פּסיכישער באַלאַנסירטקייט. דאָס איז געווען וועגן קאַטאַסטראָפעס, וואָס מען הערט פונדערווייטנס, וואָס קינדער לעבן ניט איבער דירעקט. אָבער אַפילו דאָרט, וואו קינדער לעבן איבער די אומגליקן אויף זיך אַליין, איז אויך די ווירקונג ניט לאַנג־דויערנדיק. דאָס איז לכל־הפּחות ריכטיק אויף וויפל עס האַנדלט זיך וועגן נאָרמאַלע, פּסיכיש־געזונטע קינדער.

עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע ווירקונגען פון מלחמה־געשעענישן אויף קינדער; דער יונגער דור קען ווערן נערוועזער און זיך אָפּרופן וואָרע־מער אויף די אינטערעסן פון פאָלק. אָבער דאָ דאַרף מען שוין די רעזול־טאַטן קוואַליפיצירן, באַזונדערס ווען מיר האָבן אין זינען יידישע קינדער. אַלע מענטשן, קינדער ווי דערוואַקסענע, זוכן שוץ און זיכערקייט אין לעבן, אָבער קיין כוח אין דער וועלט קען ניט געבן אַזאַ קרעפטיק געפיל פון באַשיצטקייט, ווי די סאָציאַלע סביבה, צו וועלכער מען איז סיסטעמאַטיש געבונדן. אַ יידיש קינד, וואָס זיין נאָענטסטע סאָציאַלע שייכות־סיסטעם איז דאָס יידישע לעבן, וועט אין מאָמענטן פון סכנה זיך צוטוליען צו אונדז מיט די לעצטע כוחות פון זיין שוץ־זוכנדיקער פּסיכיק. אַזאַ קינד וועט אין אונדז דערפילן די געטלעכע האַנט, וואָס קען פאַרהאַלטן דעם שטורעם. אָבער אַ יידיש קינד, וואָס איז אָפּגעפרעמדט פון אונדזער סאָציאַלן פונק־ציאָנירן, וועט אין אונדז דערפילן דער עיקר, אַז מיר זענען די שוואַכע און פאַרהאַסטע, פון וועלכע מען דאַרף זיך ראַטעווען. דאָס וועט אים פירן צו וועלן זיך צוטוליען צו אַנדערע, צו זוכן שוץ ביים אָביעקטיוו־שטאַרקערן, ניט וויסנדיק, אַז דאָ עפנט זיך אַ וועג פאַר טראַגישע אַנטוישונגען און טראַגישע קאָנפליקטן.

## ביבליאָגראַפיע


1. Ralph Harlow, *What the War does to the Minds of Children,* The World Tomorrow. Vol. 13 (1930), 488-490.

2. Pititim Sorokin, *Man and Society in Calamity. The Effects of War, Revolution, Famine, Pestilence upon Human Mind, Behavior, Social Organization and Cultural Life* (1942).

3. פּ. שניאורסאָן, די קאַטאַסטראָפּאַלע און די וואַקסנדיקע דורות (בערלין 1924), זייט 56.

4. P. E. Vernon, Psychological Effects of Air Raids, *Journal of Abnormal and Social Psychology.* Vol. 36 (1941), 457-476.

5. Arthur T. Jersild, Children and the War, *Teacher's College Record.* Vol. 44 No. 1, 1942.

6. *The Cambridge Evacuation Survey,* edited by Susan Isaacs, London 1941.

7. L. Bender and J. Frosch, Children's Reactions to War, *American Journal of Orthopsychiatry.* Vol. 12 (1942), 571-587.

8. Ralph C. Preston, Children's Reactions to a Contemporary War Situation. *Child Development Monograph,* No. 28, Bureau of Publications, Teacher's College Columbia University, 1942.

9. Wladimir Dwornikowitch, Psychologtsche Beobachtungen bei Kriegsvorträgen für die Schuljugend, *Zeitschrift für pädagogische Psychologie* (Berlin 1916).

10. Paul M. Limbert, What Children Think about the War, *Progressive Education.* Vol. 10 (1933), 67-71.

11. Sidonte M. Gruenberg, Children in War Time, *The Family in a World at War,* edited by S. M. Gruenberg (1943), 261.

12. Franciska Baumgarten and D. A. Prescott, Why Children Hate. An Experimental Investigation of the Reactions of School Children of Poland to the Enemy Occupation. *Journal of Educational Psychology.* Vol. 19 (1928), 303-312.

13. Vernon Jones, The Nature of Changes in Attitudes of College Students Toward War Over an Eleven-Year Period, *Journal of Educational Psychology.* Vol. 33 (1942), 481-494.

# חינוך און דערציאונג

## גלות

די קלאַסישע אַרבעט „החדר", וואָס א. מ. ליפשיץ האָט פאַרעפנטלעכט אין זיבעטן באַנד „התקופה", הייבט זיך אָן אַזוי: „ווי דער משכן אין משהס טעג וואָס איז געבויט געוואָרן צו באַגלייטן יידן וואו נאָר זיי האָבן גע־צויגן און גערוט, אַזוי איז אויך דער חדר געשאַפן געוואָרן צו וואַנדערן, און אַזוי האָט ער זיך צוגעפּאַסט צו די לעבנס־תנאים פון אַ פאָלק אין גלות, צו זיינע וואַנדערונגען און וואָגלענישן. ער האָט אַ לאַנגע געשיכטע, און עס ליגט אויף אים דער שטעמפּל פון גלות". דאָס איז בלי ספק ריכטיק. אָבער דער איינזייטיקער און קרומער באַגריף פון גלות וואָס די איצטיקע עפּאָכע פון אונדזער געשיכטע האָט אַזוי מוראדיק אונטערגעשטראָכן, און, דער עיקר, די געפילן וואָס דער דאָזיקער באַגריף האָט צו זיך אַרויסגערופן, איז עלול אונדז בלינד צו מאַכן ניט בלויז צו דער גראַנדיעזער אייגנאַרטיקייט פונעם גלות־בילד אין אונדזער געשיכטע נאָר אויך צו די איינצלנע באַשיצנדיקע און באַהיטנדיקע כוחות פון גלות וואָס האָבן אָנגעפילט מיט רעאַלער זאַפט די פּאָעזיע פון נצח ישראל.

אַמאָל, אַמאָל האָבן יידן געלעבט אין אַן אייגן לאַנד, אין ארץ־ישראל, אויפן באָדן פון אַן אייגענער מלוכה. דאָס וואָרט מלוכה ווערט דאָ פאַר־שטאַנען אין זינען פון דער גרעסטער מאָס זעלבסטשטענדיקייט און אינטענ־סיווסטן אויסדרוק פון אייגענעם פאָלקישן איך, וואָס אַן עטנישער קיבוץ איז בכוח אַרויסצואווייזן. איז געקומען אַ שונא און חרוב געמאַכט דאָס לאַנד, פאַרטריבן דאָס פאָלק און עס צעשפּרייט איבער ימים און מדינות. דער מענטשלעכער דמיון איז קוים בכוח זיך אויסצומאָלן וואָסערע טיפע פאָלקישע איבערלעבענישן די יידישע עדה האָט געמוזט דורכטראָגן אין אָט דעם אייגענעם מלוכהשן לעבן. וואָרעם בלויז דאָס האָט געקענט ברענ־גען צום גרויסן נס וואָס איז געשען, אַ נס וואָס איז איינציק אין דער גאַנ־צער מענטשלעכער געשיכטע. קומענדיק אין דער פרעמד האָבן יידן דער־פילט אַז ניט בלויז האָבן זיי מיטגענומען מיט זיך די גאַנצע גייסטיקע עשירות וואָס זיי האָבן געשאַפן און איינגעזאַפּט אין זיך, נאָר אַז זיי האָבן אויך געקענט דאָס לאַנד און די מלוכה גופא פאַרוואַנדלען אין פּסיכישן מאַטעריאַל און זיי מיטנעמען אויפן וואַנדערוועג.

דער קרעפטיקסטער אויסדרוק פון זעלבסטשטענדיקן, מלוכהשן יידישן לעבן פון יענער צייט איז געווען דער בית המקדש, און דער גאַנצער פּיל־פאַרביקער געוועב פון געטלעכע און מענטשלעכע טעטיקייטן פון וועלכע

דער בית המקדש איז געווען דער צענטער. דערמיט זענען אויך פאַרבונדן די געזעצלעכע נאָרמען וואָס האָבן קאָנטראָלירט און רעגולירט סיי די דאָזיקע, סיי אַלע אַנדערע לעבנס־מאָמענטן פון פאָלק. ממילא איז גוט זיך צו באַפרייען פון דער אויבנאויפיקייט וואָס זעט סיי אין דער עבודה פון בית המקדש, סיי אין דער גאַנצער הלכה בלויז דעם ריין רעליגיעזן אַספּעקט, און מער גאָרניט. אין דער אמתן טראָגט זיך פון דעם, אויף אַ געדיכט־קאָנצענטרירטן אופן, דאָס געפיל פון עפּעס וואָס ווערט באַשטימט און דורכגעפירט לויט דער פרייער און פולסטער דעה וואָס מען האָט איבער זיך אַליין. דאָס גיט אַ מעגלעכקייט — און יידן האָבן די מעגלעכקייט אַזוי רירנדיק אויסגענוצט — אַז אויך לאַנד און מלוכה זאָלן קענען פאַרוואַנדלט ווערן אין פּסיכישן אייגנס וואָס ווערט געטראָגן אין קאָפּ און אין האַרצן.

דער יידישער געלערנטער ד״ר קאָופמאַן קאָלער האָט אַמאָל פאַרעפנט־לעכט אַ ליידנשאַפטלעכע פּאָלעמיק אונטערן נאָמען „די פיר איילן פון דער הלכה". ער הייבט אָן מיט אַ מאמר חז״ל וואָס דערקלערט, אַז זינט דער בית המקדש איז חרוב געוואָרן איז גאָטס וואוין־פּלאַץ בלויז אין די פיר איילן פון הלכה. ער ברענגט דעם מאמר כדי אונטערצושטרייכן אַז די אויפמערקזאַמקייט וואָס מען האָט געשאָנקען דער הלכה האָט ניט געהאַט קיין שום פאַרבינדונג מיט וועלכע ניט איז פּראַקטישע נוצן, און אַז דאָס האָט אין גאַנצן אָראָפּגעפירט פון וועג די אַנטוויקלונג פון עכטער יידישער געלערנטקייט. קאָלערס ציל ווערט באַזונדערס קלאָר ווען ער שרייבט: „אַ יידישע טעאָלאָגישע שול וואָס קאָנצענטרירט זיך אויף הלכה איז ענלעך צו אַ מיטלעלטערלעכער פעסטונג וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד אויפן צוקוקער אָבער וואָס קען ניט אויסהאַלטן אַנטקעגן די כלי משחית פון מאָדערנער מלחמה".

עס קומט אויס אַז יידן וואָס גיבן אָפּ אַזוי פיל פון זייער כוח און לעבן צו פאַרשפּרייטן דאָס לערנען גמרא וויַיזן דערמיט אַרויס קודם כל אַ באַ־שטימטן גאַנג אין יידישער טעאָלאָגיע. קאָלער האַלט זיך ביים ריין עטיש־מאָנאָטעאיסטישן צוגאַנג, קומט ביי אים אויס דער הלכהשער לעגאַליזם ווי אַלטפרענקיש און שעדלעך פאַר דער פאַרשטענדעניש פון די העכערע פּרינ־ציפּן פון דער יידישער רעליגיע.

מילא, דער ריין טעאָלאָגישער וויכוח גייט מיך דאָ ניט אָן. אָבער דער דאָזיקער איינזייטיקער בליק אויף דער פונקציע פון לערנען הלכה דער־ווייטערט פון זיך יעדע מעגלעכקייט צו זען אַ דאָמינירנדיקע כאַראַקטע־ריסטיק אין יידישער פּסיכישער דערפאַרונג. עס איז אונדז באַקאַנט פון די תפילות, פון יידישע האָפענונגען און גלויבנס, ווי ברענענדיק עס איז געווען די שטרעבונג פון אונדזער פאָלק ווידער זיך אומצוקערן צום גרויסן היסטאָרישן אַמאָל. אָבער פונקט אַזוי וואַרעם האָט געגליט די טענדענץ שוין

איצט צו לעבן, אויף אַ פּסיכישער פלאַך, דאָס אַמאָליקע אייגענע און פאַר־געטערטע לעבן. דאָס אַריינפלעכטן אין די תפילות דעם סדר, און די דינים פון קרבנות, דאָס בעטן אויף טוי און רעגן, וואָס האָט בלויז אַ שייכות צו ארץ־ישראל, אין דעם אַלעם ליגט אַ טיפערער דאַרשט זיך צו פילן שוין איצט ווי אומגעקערטע, אָדער ווי אַזעלכע וואָס זענען גאָר קיינמאָל ניט פאַרטריבן געוואָרן.

עס איז געווען אָנצואווינקען אויף דער דאָזיקער טענדענץ אַז יעדער ייד זאָל זיך אַליין דערמאָנען צענדליקער מאָמענטן פון אונדזערע תפילות, מנהגים, שטייגער און צערעמאָניאַלן, אין וועלכע יידן אידענטיפיצירן זיך מיטן לאַנד און מיטן זעלבסטשטענדיק געשאַפענעם און געפירטן לעבן אינעם לאַנד, וואָס דאָס איז בלויז מעגלעך געווען ווען דאָס פאָלק האָט געהאַט די פולע דעה, אָדער געווען פּאָליטישע דעה, איבער זיך אַליין. דאָס איז גאָר אַן אַנדער פּסיכישער פּראָצעס ווי האָפן, גלייבן, בענקשאַפט, בטחון, בעטן אויף משיחן, זוכן קאַבאַליסטישע מיטלען צו דערנענטערן די גאולה. עס איז אַן אַריינלעבן זיך אין אַ צושטאַנד און ווערן איינס מיט אים, דער־פילן זיין אָטעם פון אַזאַ נאָענטקייט אַזוי ווי ער וואָלט געווען אַן אומאיבער־געריסענע ווירקלעכקייט. טיילמאָל האָבן יידן געוויינט אויפן חורבן אַזוי ווי ער וואָלט ערשט נעכטן געשען. אַן אַנדערש מאָל האָבן זיי געלערנט וועגן דער אַקוראַט באַשטימטער צייט ווען מען דאַרף לייענען קריאת שמע אין אָוונט: „ווען די כהנים קומען אַריין עסן זייער תרומה", פּונקט ווי זיי וואָלטן געקענט אַרויסגיין פון בית המדרש און גלייך זען מיט די אייגענע אויגן ווען די כהנים קומען עסן תרומה.

אָט דאָס געפיל האָבן יידן מיט זיך גענומען אין דער פרעמד. און כאָטש דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן האָט ניט דערלאָזן אַז אַזעלכע געפילן זאָלן אונדז צו ווייט פאַרפירן, האָבן מיר אָבער געשאַפן ספּעציעלע געלעגנהייטן זיי אויסצודריקן, זיי אָנצוטאָן אין בלוט און פלייש ווי אַ דרויסנדיקע רעאַלי־טעט. געאָגראַפישע פּונקטן, היייליקע פּלעצער, היסטאָרישע געשטאַלטן, ביל־דער פון גליקלעכע צייטן און געשעענישן, געזעצלעכע נאָרמען פון געזעל־שאַפטלעכן לעבן, דאָס זענען די שטאַרקסטע סימבאָלן און פאָרמען וואָס זענען גייסטיק בכוח אונדז אַריבערצוטראָגן ווייט אַריבער די שווערע צאַ־מען פון אַרומיקן לעבן, און לאָזן אונדז אָטעמען פריי אין אַן אייגן געשאַ־פענער יידישער וועלט.

ווען דאָס פיינלעכע אין דער פרעמד בענטשט אונדז מיט מאָראַלישער דערהויבונג, פילט אונדז אָן מיט האָפענונג, גלויבן, און הויכט אין אונדז אויך אַריין עקסטאַטישע רגעס אין וועלכע מיר דערפילן אין זיך דאָס וואַ־רעמע ליכט און דעם קילן שאָטן פון דער אייגענער היים — דער איינצי־קער היים צו וועלכער אונדזער פאָלקיש היסטאָרישער זכרון קען זיך

טוליען — דעמאָלט ווערט די פרעמד אי נענטער, אי ווייטער, אונדזער לעבן אין איר ווערט זיסער און טראַגישער אין דער זעלביקער צייט. עס איז שוין ניט פרעמד, זיכער ניט סתם פרעמד, עס איז גלות, און גלות האָט אויסגעשמידט ריזיקע כוחות אָפּצוהיטן דעם גלות־כאַראַקטער פון דער אייגן־געוואָרענער פרעמד. איינער פון די דאָזיקע כוחות, זיכער צווישן די אָנגעזעענסטע וואָס גלות פאַרמאָגט, איז געווען חינוך, דאָס טראַדיציאָנעלע געוועב פון אינסטיטוציעס, מעטאָדן און אינהאַלט, וואָס האָבן אונדז גע־האָלפן מגדל זיין אונדזערע קינדער לתורה, לחופה, ולמעשים טובים.

פאַלשע אמתן

אין זיין אויטאָביאָגראַפיע דערציילט שלמה מיימון אַזאַ עפּיזאָד: „אַן אַנדערש מאָל האָב איך געלייענט אין חומש די געשיכטע מיט יעקבן און עשון. מיין פאָטער האָט מיר דערביי ציטירט אַ תלמודישע אגדה בזה הלשון: יעקב און עשו האָבן צווישן זיך צעטיילט אַלע גיטער פון דער וועלט. עשו האָט זיך אויסגעקליבן די גיטער פון עולם הזה, יעקב די גי־טער פון עולם הבא. און היות מיר שטאַמען פון יעקבן, מוזן מיר זיך אָפּ־זאָגן פון יעטוועדער פּרעטענזיע אויף די פאַרבייגייענדיקע גליקן פון דער נאַרישער וועלט".

דאָס איז אייגנטלעך אַ פּראָבע צו פאַרענטפערן די אַלטע, מאַטערנדיקע פראַגע וואָס ר' יהודה הלוי שטעלט זיך אויף איר אָפּ אַזוי גענוי אין זיין כוזרי. דאָרט וויל דער מלך פון די כאַזאַרן פאַרשטיין, פאַרוואָס, אויב יידן זענען דאָס וואָס דער יידישער פאַרטיידיקער טראַכט וועגן זיי, פאַרוואָס איז זייער מצב אַזאַ געפאַלענער, אַזאַ טרויעריקער. מיימונס פאָטער פּרובירט דאָס צו ענטפערן מיט אַ תלמודישער אגדה. אָבער דער קליינער שלמה איז דערמיט ניט צופרידן. מעגלעך אַז שוין אין קינדערשן עלטער האָט אים שטאַרק פאַרשמעקט דער ריח פון דער גויאישער וועלט, פון „עשוס וועלט". אפשר האָט ער אין זיינע דערוואַקסענע יאָרן, בעת ער האָט געשריבן די אויטאָביאָגראַפיע, געשריבן אַזוי ווי אַ מענטש וואָס זעט זיין קינדהייט מיט די אויגן פון אַן „אויפקלערער". ווי עס זאָל ניט זיין, ער דערציילט ווייטער אַז ער האָט דעם פאָטער ניט אָפּגעלאָזן: „דערויף האָב איך מיך אָנגערופן מיט כעס אַז עס וואָלט קליגער געווען אויב יעקב וואָלט בעסער אויסגע־קליבן די גיטער פון דער וועלט. דערויף האָט מיר מיין פאָטער צום באַ־דויערן געענטפערט: 'דו ביסט אַ פאַרדאָרבענער יונג', און תיכף נאָך די ווערטער מיך נאָך מכבד געווען מיט אַ פייערדיקן פאַטש".

מילא, דער „פייערדיקע פאַטש" איז אַן ענין פאַר זיך. איך באַמערק אַ מאָדנעם אונטערשייד צווישן פריוואַט דערציילטע און געשריבענע ביאָ־

גראַפיעס פון יידן וואָס האָבן זיך דערצויגן אין אַ טראַדיציאָנעלער סביבה. אין דערציילטע ביאָגראַפיעס זענען טאַקע פאַראַן זייער בייזע מלמדים, אָבער אויך גוטע און ליבהאַרציקע. די טאַטעס זענען על פּי רוב שטרענג, ספּעציעל אין ענינים פון יידישקייט, אָבער סענטימענטאַל און מיט שכל־דיקן קאָנטראָל. זעלטן הייבן זיי אויף אַ האַנט. ווען עס קומט צום שרייבן בייט זיך די גאַנצע לאַגע. אַלע מלמדים — מיט זעלטענע אויסנאַמען — שלאָגן מכות רצח, און די טאַטעס ווייזן אויך ניט אַרויס קיין צופיל רחמנות. ביי שלמה מיימון איז דאָס חדר אַ גיהנום, פול מיט שרעק, אַן אַטמאָספערע פון ווילדע זאַבאָבאָנעס, און מען האַלט אין איין קאַטעווען. ביי יחזקאל קאָטיק ציען זיך לאַנגע פּאַראַגראַפן מיט נאַרישע אַבערגלויבנס, אַ וועלט פון לויטער שדים און רוחות, און די מלמדים זענען פּשוטע רוצחים. ביים לעצטן טרעפט אַפילו אַ מעשה אַז דער רבי דערהרגעט אַ יינגל אויף טויט. ענלעכע שילדערונגען פון דער טראַדיציאָנעלער יידישער וועלט טרעפט מען זייער אָפט ביי די היינטיקע, די מאָדערנע.

די סתירות צווישן די דערציילטע — ווען מען טוט דאָס אויף אַ מער פּריוואַטן אופן — און געשריבענע נוסחאות רופן אַרויס גרויסע ספקות בנוגע דער פּינקטלעכקייט פון די מעשיות ווען זיי ווערן „ליטעראַטור“. ראשית, אין ליכט פון אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן דער מענטשלעכער נאַטור זעט דאָס אויס צו גוזמאדיק. שנית, איז פאַראַן אַ שטאַרקער חשד אַז ביים שרייבן וויל מען זיך צופּאַסן צום בליק פון היינטוועלטיקן לייענער, וואָס קוקט פון אויבן אַראָפּ אויף אַמאָליקע יידן, און דעם גאַנצן לעבן זייערן. בכל אופן, ווייזט זיך דאָ אַרויס אויפן בולטסטן אופן אַז אַן איינזייטיקער, טיילווייזער אמת איז עלול צו צעשטערן יעדע מעגלעכקייט מען זאָל בכלל עפּעס קענען זען.

עס איז אַן אַלטער כלל אַז מען קען באין אופן ניט פאַרשטיין אַנדערע צייטן, אָדער אַנדערע וועלטן, סיידן מיר קענען זיך אָנטאָן אַ כוח און אַראָפּשלעפּן פון זיך די וויטקייט און די פּרעמדקייט בעת מיר דערנענטערן זיך צו זיי. שיין וואָלטן אויסגעזען אַנטראָפּאָלאָגישע באַריכטן פונעם לעבן פון פּרימיטיווע שבטים ווען דער פאָרשער וואָלט געזען בלויז נאַרישקייט אינעם כישוף־מאַכער, אָדער געשמאַקלאָזיקייט און חוזק אין זייערע טענץ, צערעמאָניעס און אומפאַרשטענדלעכע מנהגים. מיר, וואָס שטייען אַזוי נאָענט צו די פריערדיקע דורות, האָבן טיילמאָל אַ סך מער געזינדיקט אין אונדזערע באַשרייבונגען פון זייער לעבן ווי די נאַאיווסטע קריסטלעכע מיסיאָנערן ווען זיי האָבן זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט די ווילדע שבטים פון אַפריקע אָדער אויסטראַליע.

יידישער חינוך האָט געהאַט זיינע ספּעציפישע פונקציעס, האָט אויסגעדריקט אַ היסטאָרישע שליחות וואָס טאָר ניט פאַרזען ווערן. יידן האָבן

געלעבט אין די פאַרשיידנסטע לענדער אונטער די פאַרשיידנסטע באַדינ־גונגען. יידישער חינוך איז אָנגעגאַנגען אין פאַרשיידענע צייטן, אויך אַנ־דערע צייטן און אַנדערע לעבנס־פאָרמען ביי די זעלביקע פעלקער. דאָס לעבן פון די אַרומיקע פעלקער צווישן וועלכע מיר האָבן געלעבט האָט זיך געביטן. אין יידישן לעבן איז ממילא פאָרגעקומען דאָס זעלביקע סיי אונטערן דרוק פון דרויסנדיקע, סיי דורך אינעווייניקסטע פאַקטאָרן. דאָס האָט באַטירלעך געווירקט אויפן גאַנג, אינהאַלט און מעטאָדן פון יידישן חינוך. דאָ דאַרף מען אין זינען האָבן ניט בלויז די געזעלשאַפטלעך־קאָנטראָליר־טע, אָדער, לכל הפחות, עפנטלעכע פאָרמען פון חינוך, ווי חדר, בית המדרש, תלמוד תורה, ישיבה, נאָר אויך די אָפּגעריסענע, פּריוואַטע, צופעליקע, און ווייניקער באַמערקלעכע פאָרמען פון מחנך זיין און מגדל זיין. דאָך איז פאַראַן אַן אויסגעהאַלטענע, איינהייטלעכע לופט מיט וועלכער חינוך האָט געאָטעמט, אַ לופט אַ יידישע, אַזאַ וואָס ווערט דיקטירט פון די ספּעציעלע פאָלקישע איבערלעבענישן און די נויטן פון דער עטנישער קולטור־פּערזענ־לעכקייט, וואָס די יידישע טראַדיציע האָט אויסגעהאַקט ביז צו אַזאַ דינער שאַרפקייט.

דאָס יידישע פאָלק, ווי אַלע פעלקער, האָט געלעבט מיט וואָר און גע אָטעמט מיט חלום; ביי יידן, זייער אַ ביטערע וואָר און זייער אַ זיסער חלום. די נשמה פון יידישן חינוך האָט געצויגן איר יניקה פונעם חלום און פון אַלע אומצייליקע צווישנדיקע מדרגות וואָס פילן אָן דעם ריזיקן שטח וואָס ציט זיך פון חלום ביז וואָר. אין זיין ביאָגראַפיע פון רבי עקיבאן וויל ד״ר פינקלשטיין דערקלערן פאַרוואָס יידן האָבן ניט געשריבן קיין ביאָ־גראַפיע פון אַזאַ אומגעוויינטלעכן גאון ווי רבי עקיבא. ער באַמערקט אַזוי: „די לומדים וואָס האָבן רבי עקיבאן געקענט האָבן קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן שרייבן זיין ביאָגראַפיע. פאַר זיי איז ער ניט געווען קיין פיגור פון וויטן עבר נאָר אַ בן דור. ער איז געווען זייער חבר און זייער אינטימער פריינד. די תלמודישע וועלט אין וועלכער ער האָט זיך באַוועגט איז פונקט אַזוי געווען אַ טייל פון זייער לעבן ווי די וועגן און סטעזשקעס פון זייער אייגן שטעטל. זיי האָבן אַוועקגעגעבן די בעסטע שעהן פון טאָג אויף אויס־צוקוקן אירע באַהאַלטענע פּלעצער. דאָס לערנען איז ניט געווען בלויז אַ רעליגיעזער חוב, נאָר אַ קולטור־תענוג. עס איז געווען זייער ליבהאָבעריי, זייער צייטפאַרטרייב, זייער ספּאָרט, זייער טעאַטער, זייער קאָנצערט־זאַל, זייער קינאָ, זייער צייטונג, זייער ראַדיאָ, זייער לעבן... דער ייד האָט ניט געקענט טראַכטן פון קיין גרעסערן תענוג ווי דער וואָס איז צו אים געקו־מען פון די ספרים, פון די טעקסטן. לערנען גמרא האָט ניט געפירט אין גן עדן אַריין; עס איז געווען דער גן עדן גופא. גאָט אַליין, האָט דער ייד געטראַכט, מוז הנאה האָבן פון לערנען תורה״.

דאָס איז געווען דאָס ממשותדיקע לעבן, די וואָר, אָבער ס׳איז דאָך ניט פשוטעווירקלעכקייט ווען מען לעבט אין אינטימער חברשאַפט מיט אַ פיגור פון ווייטן אַמאָל, און אין אַ וועלט וואָס איז אַזוי עכאָדיק אין כאַראַקטער, אַזוי ניט־דאָאיק אין איר אַמאָליקייט. דאָס האָט אין זיך אַלע טענער און אַלע קאָלירן פון חלום, אָבער ס׳קען דאָך ניט זיין הוילער חלום ווען עס איז אַזוי קאָנקרעט, אַזוי ממשותדיק רעאַל. עס איז ביידע, אָבער אַזאַ מין מערקווערדיקער „ביידע" וואָס איז איינס. עס איז אַ וועלט אַ גאַנצע וואָס לעבט אין זכות פון איר אייגענעם אינהאַלט. זי איז גענוג רעאַל אין איר טראַנס אַז דער גרילץ פון טעגלעכן דרויסן זאָל זי ניט איבעררשרעקן. זי איז גענוג חלומדיק־פאַנטאַסטיש אַז זי זאָל ניט קיין מורא האָבן זיך צו זעטיקן מיט די שאָטנס פון ניט־פאַראַנענקייט. דאָס איז די וועלט אין וועלכער עס האָט געוואָרצלט יידישער חינוך.

## דער גייסט פון חינוך

עס וואָלט געווען אַ גרויסער טעות צו מיינען אַז דערציאונג איז אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון חינוך. דאָס זענען צוויי באַזונדערע באַגריפן וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין צוויי באַזונדערע וועלטן. דער חילוק צווישן חינוך און דערציאונג, איז פונקט ווי דער וואָס צווישן דער אַמאָליקער יידישער וועלט בכלל און דער וואָס די השכלה האָט געשטרעבט צו שאַפן. דער גאַנג פון דער השכלה איז, אין אירע שפּעטערדיקע רעזולטאַטן, געווען ניט צו מאָדערניזירן די יידישע וועלט נאָר זי אָפּצושאַפן. אַריינפּירן דער־ציאונג אויפן אָרט פון חינוך איז געווען איינס פון די מיטלען דאָס צו דערגרייכן.

זינט דעם אָנהייב פון יאָרהונדערט האָט זיך צווישן מאָדערנע טעאָרע־טיקער און פּראַקטיקער פון דערציאונג אָנגעהויבן אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע צום כמעט אַקסיאָמאַטישן פּרינציפּ אַז דערציאונג דאַרף זיין אַ צוגרייטונג צום לעבן. זיי האָבן געהאַלטן אַז יעדער פלאַנירטער וועג אין דערציען קינדער דאַרף זיין אַן אויסדרוק פון קינדערשן לעבן, ניט אַן אויסדרוק פון דערוואַקסענע באַדערפענישן צו וועלכע קינדער דאַרפן זיך גרייטן. די טעאָרעטיקער האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן אַז דער פּרינציפּ פון צוגרייטן איז שעדלעך אין דערציאונג. די פּראַקטיקער האָבן אָנגעווענדט כלערליי המצאות און פאַרטלען אַריינצופירן אין דער שול־פּראָגראַם בלויז דאָס וואָס טראָגט אין זיך אַליין אַן אַפּעלירנדיקן כוח אין קינדערשן לעבן. וואָס איז געוואָרן דער סוף פון יענעם גרויסן, היסטאָרישן וויכוח? איך מיין אַז געביטן האָט זיך אַ סך, אָבער פון דעם וואָס די באַנייער, דער עיקר די ראַדיקאַלע צווישן זיי, האָבן צוגעזאָגט האָט זיך קנאַפּ וואָס אויסגעלאָזן.

די טעאָריע קעגן צוגרייטונג האָט זיך אָפּט רעדוצירט צו הוילער רעטאָריק. די פּראַקטיק האָט איינגעפּירט בעסערע מעטאָדן אין דער שול־פּראָגראַם, אָבער אַלע פּאַסן זיך גאַנץ גוט אַריין אין דער צוגרייט־טעאָריע.

סוף־כל־סוף, ווי מען זאָל זיך טעאָרעטיש ניט ווערן קעגן דעם, איז דערציאונג אַ פּראָצעס דורך וועלכן דער יונגער דור ווערט צוגעגרייט צום לעבן פון דער קאָמפּליצירטער, דערוואַקסענער ציוויליזאַציע. די געוואַלדיקע קאָמפּליצירטקייט פון דערוואַקסענעם לעבן נעמט אין זיך אַריין ידיעות, מאַניערן, שטייגער, עמאָציאָנעלע צוגעבונדנקייט, געניטקייט, פאַר־שיידענע פאָרמען און פעאיקייטן זיך צו פאַרזאָרגן. דאָס זענען אַלץ זאַכן וואָס קומען טיילוויז ממילא, אָבער צו פּאַמעלעך פאַר אַ מענטשן וואָס לעבט וויניק יאָרן אין אַ צו פאַרפלאָנטערטער וועלט. דערציאונג פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס. איר אָריענטאַציע איז די צוקונפט און איר זאָרג איז די אינטערעסן פונעם איינצלנעם קינד אין זיין דערוואַקסענעם לעבן.

דער ציל פון חינוך איז אַריינצוברענגען קינדער אין אַ וועלט וואָס האָט אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות מיטן קאָנקרעטן דרויסן. עס איז אַן אַמאָ־ליקע רעאַלע וועלט פון אַן אַמאָליקן רעאַלן פאַקט, וואָס איז געוואָרן בלויז אַ פּסיכיש אייגנס פאַרקערפּערט אין וואָרט און דמיון. כאָטש דאָס דרויסנדיק־רעאַלע פון אָט דער וועלט געהערט צום עבר, קען מען אָבער ניט זאָגן אַז חינוך איז אָריענטירט אויף דער פאַרגאַנגענהייט. חינוך האָט בכלל מיט צייט ניט צו טאָן. פאַר חינוך איז דאָס גאַנצע יידישע לעבן אין לאַנגער איצט, אַן איבעררייס. ער איז אָריענטירט אויפן אינוויייניק, אויף דער נשמה. דער טראָפּ פון חינוך ליגט אויף תורה. דער אידעאַל איז תורה לשמה, און תורה, אין חינוך, קאָנצענטרירט זיך אויף תנ״ך און תלמוד. תנ״ך שטעלט פעסט די גאַנצע יידישע אייגנקייט. תלמוד פאַרפעסטיקט און עגבערט אַריין אין געדאַנק די יורידישע נאָרמען, און די העכערע סאַנקציעס וואָס די דאָזיקע נאָרמען טראָגן אויף זיך, וואָס רעגולירן און קאָנטראָלירן אַלע פּרטים פון יידישן לעבן, לויטן ווילן פון גאָט און זיין פאָלק.

חינוך ווערט דעריבער באַהויכט מיטן גייסט פון הייליקייט אויפן אָרט פון דערציערישער נוצלעכקייט. עס איז אַ פּראָצעס פון באַהעפטן זיך מיט אַ וועלט אין איר ריין־פּסיכישער עקזיסטענץ, אָבער די איינציקע וועלט אין וועלכער דאָס יידישע פאָלק איז געווען היסטאָריש, און איז נאָך אַלץ פּסיכאָלאָגיש דער איינציקער העכסטער באַלעבאָס איבער זיין דרך און זיין גורל. בלויז אין אַזאַ ליכט באַקומט דער אידעאַל פון לערנער לשם לערנען, פון תורה לשמה, זיין פולן זינען. לערנען ווערט דעמאָלט ניט בלויז אַ וועג וואָס פירט צו קענטעניש, ידיעות, און מקיים זיין מצוות, נאָר אויך, און דער עיקר, צו ווערן פערזענלעך אויפגעלייזט אין אַ ריין־יידישער

וועלט פון פריסטער און העכסטער גייסטיקער עקספּאַנסיע, אָן שום פרעמדע גרענעצן.

אין פּאָרמעלער דערציאונג ליגט נאָך אַלץ דער טראָפּ אויף שפּראַך־קענטעניש. זינט דעם אָנהייב פון יאָרהונדערט האָט מען ניט אויפגעהערט צו מאַכן די געוואַגסטע שול־עקספּערימענטן מיטן צוועק אַוועקצונעמען דעם טראָפּ פון שפּראַך, און אונטערשטרייכן אַנדערע לימודים און פּראָצעסן. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן. אין שולן איז נאָך אַלץ שפּראַך דער צענטער פון לימודים. דאָס איז אויך נאַטירלעך ווען מען טראַכט וועגן דער ראָלע פון שפּראַך אין לעבן און אַז קינדער מוזן אין גאַנץ פריען עלטער זיך באַנוצן מיט אָט דעם אינסטרומענט פון סאָציאַלן פאַרקער.

אין חינוך שפּילט שפּראַך אַ גאַנץ קנאַפּע ראָלע. אין פלוג איז דאָס אַ גרויסער חידוש, יידישע תורה־קולטור דריקט זיך אויס דער עיקר אין לשון. בלויז דאָס האָט געקענט פירן דערצו אַז תפילה זאָל קענען פאַרנעמען דאָס אָרט פון קרבנות. בלויז דאָס האָט געקענט אויפהייבן איבער אונדז ביז צו אַזאַ שווינדלענדיקער הויך דעם כוח פון ספר־הספרים. בלויז דורך דעם האָבן מיר געקענט פאַרוואַנדלען אַפילו דאָס לאַנד און מלוכה גופא אין פּסיכישן מאַטעריאַל און לעבן דערמיט אין חרות בתוך עבדות. און דאָך ווערט שפּראַך כמעט אינגאַנצן איגנאָרירט אין חינוך. די טרייבנדיקע מאָטיוון אין חינוך האָבן ניט קיין געדולד צום פאָרמעלן, אָדער קאָרעקטן אויסדרוק. לשון קודש אַליין איז גאָר קיין שפּראַך ניט געווען פאַר דער חינוכדיקער פּסיכיק. דאָס וואָרט פון חומש, פון משניות איז געווען די פּאָן, די הימנע, דער געפיל־אָנגעלאָדענער סימבאָל פון דער אייגענער היים, פון אייגענעם לעבן. יעדעס וואָרט וואָס ציט אַריין די נשמה אין דער דאָזיקער ספערע פון געפיל און דמיון, דינט דעריבער די הויפּט־פונקציע וואָס חינוך איז באַרופן דורכצופירן. אין חינוך איז שפּראַך ניט קיין קאָמוניקאַציע־מיטל, אין געוויינטלעכן זינען פון וואָרט; ניט קיין סאָציאַלער אינסטרומענט בכלל. עס איז גיכער אַ מיטל אונדז צו באַפרייען פון אַן ערדישער, דרויסנדיקער וועלט וואָס דערנידעריקט און דערשלאָגט. דאָס וואָרט ווערט אַ קוואַל פון גלויבן, פון טרייסט, פון פאַנטאַסטישער זיכערקייט. אין אַזאַ אַטמאָספערע מוז דאָס וואָרט געפילט ווערן ווי אַ צענטער פון אַ באַהאַלטענעם מיין, אַ העכערן זינען. דער פּראָצעס פון קאַטאַלאָגירן ווערטער, קלאַסיפיצירן, אַנאַליזירן שפּראַך, קען נאָר — ווען מען קוקט אויף דעם מיט די אויגן פון חינוך — פאַרשוועכן דאָס פאַרבאָרגענע אינעם וואָרט.

חינוך ווייס ניט פון שפּראַך, געשיכטע, פון פונדאַמענטאַלע צייט־קאַטעגאָריעס, וואָס צעוואַרפן און צעטיילן דאָס בילד פון היסטאָרישע פּראָצעסן. חינוך איז פאַראינטערעסירט צו שאַפן אַ בילד פון יידישן „כזה ראה

וקדש" וואָס איז אַן איינס, אַ צונויפגעגאָסענע גאַנצקייט. ממילא האָבן די טעקסטן געמוזט זיין בלויז די וואָס האָבן אין זיך אויף אייביק פאַרפיקסירט אַזאַ מין בילד, ד"ה, סידור, תנ"ך, תלמוד, פּוסקים. פון אַזאַ שטאַנדפּונקט איז כמעט די איינציקע, זיכער די וויכטיקסטע אויפגאַבע כסדר צו רעקאָנסטרוּירן דאָס פרייע, אומצעטיילטע, און זעלבסט־באַהערשטע יידישע לעבן אויף אַ פסיכישער פלאַך. פאַרשטייט זיך, אַז דאַ דאַרף מען אין זינען האָבן דאָס יידישע לעבן מיט אַלע מאָראַלע און גייסטיקע הויך־פּונקטן וואָס דאָס איז מחייב. אויב דאָס איז דער עיקר אין חינוך מוז שוין ממילא די קינדהייט אינעם קינד זיין בלויז אַ טפל. רייך־טעאָרעטיש איז פאַר חינוך די קינדהייט בכלל אַ ניט־שייכותדיקער צופאַל, אָדער עס ווערט דערטריבן צו אַן איבער־ערדישער, מיסטישער הייליקייט — תינוקות של בית רבן. דאָס איז אָבער בלויז טעאָרעטיש, ווייל אין דער פּראַקטיק האָבן גוטע מלמדים געפילט און פאַרשטאַנען די אייגנאַרטיקייט פון קינדער, און האָבן דורך פאַרשיידענע עצות און תחבולות געפונען אַ וועג אַפילו מיט די זייער ניט־צוגעפּאַסטע טראַדיציאָנעלע טעקסטן.

ווי גוט מיר קענען פאַרשטיין די געדאַנקען און די געפילן פון די חדר־יינגלעך אין שלום עליכמס „ל"ג בעומר". זיי לאָזן זיך אַרויס קיין גאַלאַגאַ־נאָווקע, און טראַכטן פון דער מעגלעכקייט אַז שקצימלעך וועלן אויף זיי אָנפאַלן. וואָס וועלן זיי דעמאָלט טאָן? זיי קוקן אויף זייערע פיילנבויגנס, ראָדביקסלעך, גלאַט שטעקעלעך, און דערפילן זיך גלייך ווי די בני־ישראל, און די שקצימלעך ווי די פלשתים. זיי באַשליסן זיך איינצוטיילן אין צוויי מחנות: יהודה און אפרים, קיינער זאָל ניט מאַכן קיין פליטה, נאָר אַלע צוזאַמען זאָלן שלאָגן די פלשתים עד חרמה.

אין זיין ווערק „החדר בחיי עמנו" הייבט אָן פּראָפ. צבי שאַרפשטיין מיט פאַרצייטיקער יידישער דערציאונג. ער ווייזט אָן אויף געוויסע ענ־לעכקייטן צווישן יידן און אַנדערע פעלקער פון יענער צייט, ווי מצרים און בבל. אָבער מיט איין זאַך, זאָגט ער, איז ביי יידן געווען אַנדערש. שוין אין די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן האָט דאָס יידישע קינד איינגעזאַפּט אין זיך דעם פאָלקישן גייסט וואָס האָט זיך פאַר אים געעפנט אין אונדזער גע־ירשנטער תורה. די תורה, זאָגט ער ווייטער, פאַרמאָגט הויך־מאָראַלישע פּרינציפּן און געזעצן וואָס אַ סך פון זיי ווערן אויסגעדריקט אין קורצע סענ־טענצן, באַזיצן אַ טיפן זינען, און זיינען אויסגעקריצט אויף שטיינער אַז זיי זאָלן קענען זיין דאָס אייגנס פון גאַנצן פאָלק.

מען דאַרף בלויז צוגעבן אַז אין גלות איז אויף דער דאָזיקער ספּע־ציפישקייט פון יידישן חינוך געפאַלן גאָר אַן אַנדער שליחות. וואָרעם ניט בלויז פּסוקים און אויסדרוקן פון אַלגעמיינער מאָראַלער וויכטיקייט — וואָס דאָס איז זיכער בכוח צו דערוועקן נאַציאָנאַלן שטאָלץ ווען מען ווייסט

אַז זיי שטאַמען פון אייגענעם קוואַל — נאָר אַפילו טרוקענע געזעצן, שווער־פאָרמולירטע און קאַלט־אויסגעדריקטע רעגולאַציעס, זאַפּן אין זיך אַריין די נשמה פון אַן אייגנאַרטיקער פּסיכישער ספערע. וואָרעם אויף וויפיל די דאָזיקע סאַנקציאָנירטע נאָרמען האָבן אַ שייכות צום אַמאָליקן לעבן אין אייגענעם לאַנד, איז ווען מען לערנט וועגן זיי — בפרט נאָך מיט דער עכטער יידישער לשמה־כוונה — קען דאָס ווערן אַ דערהויבענע שיבת־ציון־דער־פאַרונג אויף אַ פּסיכישער פלאַך. אַט דאָס איז ממילא געוואָרן, אין די ביטערע טעג פון גלות, די קאָמפּענסירנדיקע און באַפרייענדיקע פונקציע פון אַ בלאָט גמרא אין אונדזער חינוך.

## דער טראַדיציאָנעלער צוגאַנג

ווען חינוך ווערט אַזוי פאַרשטאַנען ווערט רייכער און טיפער דער זינען און די פונקציע פון לערנען, ווי אַ טייל פון גאַנצן יידישן לעבנס־שטייגער. די וויכטיקייט פון יעדן וואָרט פון די טעקסטן, און די הייליקייט פונעם ספר בכלל, אינטענסיפיצירט דעם ווירקונג־כוח פון דער גאַנצער אַטמאָספערע. אָבער ניט ווייניקער וויכטיק איז די פּערזענלעכקייט פונעם לערער. וואָרעם אַזעלכע אומגעוויינטלעכע פּסיכישע קאָנסטרוקציעס הענגען אָפּ צום גרויסן טייל פון יענע דעליקאָטע טענער, פאַרבן, און דינע ניואַנסן וואָס בלויז אַ מענטשלעכע פּערזענלעכקייט קען אַרויסברענגען. דער מלמד דאַרף נאָ־טירלעך האָבן די געהעריקע קענטעניש, אָבער אפשר נאָך מער וואָג ווערט געלייגט אויף דעם אַז ער זאָל זיין אַ מאָראַלע פּערזענלעכקייט, אַ ירא־שמים. ער דאַרף זיין אַן ערלעכער ייד, אַן איידעלער ייד, זיכער טאָר ער ניט זיין קיין גראָבער יונג. עס איז וויכטיק צו געדענקען אַז די דאָזיקע דריי ווערטער — ערלעך, איידל, גראָב — כאָטש דירעקט האָבן זיי אַ שייכות צו מאָראַל און מאַניערן, אָבער ביי יידן זענען זיי אין זיך כולל סיי מאָראַלישקייט, סיי פרומקייט, סיי געלערנטקייט, ביטאָ קיין מחיצה צווישן זיי אין טראַדיציאָנעלן יידישן צוגאַנג.

דער טראַדיציאָנעלער יידישער געדאַנק האָט דעריבער אַ סך מער ווי בלויז אַן אַקאַדעמישן אינטערעס אין אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן ביים לערנען. פון דעם הענגט אָפּ די מאָס פעאיקייט זיך פּסיכיש צו דערהייבן צו העכערע יידישע וועלטן. ווי זאָגן מיר אין פּרק: „פיר מדרגות זענען דאָ ביי תלמידים: דער וואָס באַנעמט גיך און פאַרגעסט גיך... דער וואָס באַנעמט גיך און פאַרגעסט ניט גיך... דער וואָס באַנעמט ניט גיך און פאַרגעסט ניט גיך...״ אָבער דער פּרק איז נאָך ניט צופרידן מיט דער בוכשטעבלעכער פאָרמולע. ער וויל עס מאַכן מער קוואַליטאַטיוו, און אויך מער פאַרכאַפּנדיק, בילדלעך, ווייל צו וויכטיק זענען די דאָזיקע אייגנ־

שאַפטן אין דער יידישער גייסטיקער וועלט: „פיר מינים זענען דאָ צווישן די וואָס זיצן פאַר חכמים: אַ שוואָם וואָס זאַפּט אריין אַלצדינג; אַ לייקע וואָס נעמט אַריין פון איין זייט און לאָזט אַרויס פון דער אַנדערער; אַ זאַיער וואָס לאָזט אַרויס דעם וויין און באַהאַלט די הייוון; און אַ זיפּ וואָס לאָזט אַרויס דאָס גראָבע מעל און באַהאַלט דאָס זעמלמעל״.

די אויסגעברייטערטע און טיפער־געוואָרענע ראָלע פון לערנען אין גלות, צוזאַמען מיט דער געירשנטער היליקייט פון די געטלעך־סאַנקציאָנירטע און ענדגילטיקע טעקסטן, וואַרפן אַ קלאָרע ליכט אויף דער אַנטוויקלונג פון פּילפּול. גידעמאַן זעט אין פּילפּול די ווירקונג פון דער אַרומיקער גויאישער געזעלשאַפט. ער געפינט די ענלעכקייט אין דייטשישן מייסטער־געזאַנג, אין באַראָקאָ־סטיל אין אַרכיטעקטור, אין די קליידער־מאָדעס. מען האָט, הייסט עס, רק געזוכט דאָס פּיקאַנטע, דאָס אומגעריכטע.

איך האָב מורא אַז אַזאַ בליק שטאַמט פון דער טענדענץ צו האַלטן פאַר וויסנשאַפטלעך בלויז אַזאַ דערקלערונג פון דערשיינונגען ביי יידן וואָס דערפירט זיי צו אַרומיקע איינפלוסן; אַז מען דאַרף זיך קנאַפּ וואָס רעכענען מיט די אינעווייניקסטע כוחות פון היסטאָרישן יידישן לעבן, און מיט דער לאָגיק פון זייער אַנגאַנג. איך קען ניט זען די מינדנסטע שייכות צווישן די צוויי פאַקטן וועלכע גידעמאַן וויל פאַרבינדן. אָבער וואָס איז אייגנטלעך פּילפּול? ר' נתן נטע האַנאָווער באַשרייבט עס אין זיין „יון מצולה״ אַזוי: „און דאָס איז געווען דער לערנשטייגער אין דער מדינה פּוילן... די ישיבה־בחורים לערנען גמרא מיט פּירוש רש״י און תוספות מיט גרויס התמדה... זיי פּלעגן זיך מפלפל זיין אין הלכה ביז ס'איז אָנגעקומען דער ראש־הישיבה אַליין. דערמאָלט פּלעגן זיי פרעגן זייערע קשיות וועגן אַלצדינג וואָס ס'איז זיי האַרב געווען אין לערנען, און דער ראש־הישיבה פּלעגט איטלעכן פאַרענטפערן זיין קשיא. דערנאָך פּלעגן אַלע אַנטשוויגן ווערן און דער ראש־הישיבה פּלעגט אָנהייבן זאָגן וואָס ער האָט דאָס מאָל אויפגעטאָן אין דער הלכה. און אָפּגעזאָגט זיינע חידושים פּלעגט דער ראש־הישיבה זאָגן אַ חילוק, דהיינו: ער פּלעגט פרעגן קשיות אין גמרא, רש״י און תוספות, וואו זייערע ווערטער זענען סותר איינער דעם צווייטן, און אויף די דאָזיקע קשיות און סתירות אין גמרא, פּוסקים, תוספות פּלעגט ער געבן תירוצים. נאָר אָט ווייזט זיך אַרויס אַז אויך די תירוצים זענען סותר איינער דעם אַנדערן, און עס בלייבט נאָך אַלץ די אַלטע קשיא. פּלעגט ער אויף איר געבן אַ צווייטן תירוץ ביז די הלכה איז געוואָרן קלאָר און לויטער״. ווי מיר זעען ליגט דער טראָפּ פון פּילפּול אויף אויסגלייכן סתירות, אויף דערגרונטעווען זיך צו אינעווייניקסטער האַרמאָניע אַפילו דאָרט וואו פון אויבן אויף זעט מען בלויז קאָנפליקטירנדיקע ריכטונגען.

דער רעליגיעזער געדאַנק איז בטבע גענייגט זיך צו באַוועגן אין אַ

ספערע פון אַבסאָלוטן. ער קען זיך בלויז סומך זיין אויף ענדגילטיק־סאַנק־ציאָנירטע אַרויסזאָגונגען וואו דיסהאַרמאָניע איז אומדענקבאַר, ווייל דאָס וואָלט דאָך אינגאַנצן צעשטערט די איינציקייט פון אמת מיט וועלכן זיי אָפּערירן. דאָס איז געזאָגט וועגן דער רעליגיעזער וועלט בכלל און די הייליקע טעקסטן אויף וועלכע זיי שפּאַרן זיך אָן. סתירות זענען דאָ ניט דער־לאָזלעך ווייל זיי קומען פון איין איינציקן קוואַל, דערצו נאָך אַ קוואַל וואָס פּערפעקטקייט איז זיין הויפּט־כאַראַקטעריסטיק.

אין יידישן חינוך קומט נאָך צו אַ גאַנץ ספּעציעלע היסטאָריש־פּסי־כאָלאָגישע פונקציע וואָס וואָלט בשום אופן ניט געקענט דערפילן איר אויפגאַבע ווען דער גרויסער און פאַרצווייגטער טראַדיציאָנעלער מאַטעריאַל וואָלט ניט געווען אַבסאָלוט אויסגעהאַלטן, איינהייטלעך ביזן לעצטן אות. וואָרעם כדי עס זאָל געשאַפן ווערן יענע פרייע יידישע וועלט, פון אַ מין ירושלים־של־מעלה, וואו די פאַרגלותטע נשמה זאָל געפינען איר אומבאַ־גרענעצטע עקספּאַנסיע, דאַרף דעם תלמיד אַרומנעמען די גאַנצע וואָרעמקייט און זיכערקייט פון אַן איינהייטלעכער פאָלקישער פּערזענלעכקייט. אַלע מצוות, און דינים, און געדאַנקען, און פּירושים — ווי טראָפּנס אין איין גרויסן ים, באַזונדערע טראָפּנס אָבער די זעלביקע כוואַליע, פאַרשיידענע כוואַליעס, אָבער איין איינציקער ים.

דאָס לכתחילהדיקע באַוואוסטזיין מוז דעריבער זיין אַז ס׳איז איינס, קיין סתירות זענען ניטאָ, קענען ניט זיין. אויב עפּעס דאַכט זיך אַז ס׳איז ניט גלאַטיק, מוז עס זיין בלויז פון אויבן אויף. דאַרף מען זיך אָנשטרענגען דאָס צו באַווייזן, דאַרף מען דורכוואָרפן טעקסטן, צונויפפירן פּסוקים, מאמרים, מיינונגען, תשובות, אַט אַזוי ווערט געבוירן די תלמודישע דיאַלעק־טיק, דאָס פּשטל, אָדער ווי מען האָט עס אויך גערופן חילוק.

אַזאַ פּראָצעס איז תמיד אין סכנה צו ווערן אַ ציל אין זיך אַליין, אַמאָל נאָך צו פאַרלירן זיך אונטערן רייץ פון שפּיל, פון הוילער אינטעלעקטועלער גימנאַסטיק. אַז דאָס איז געשען מיט פּילפּול איז גוט באַקאַנט. איז קיין חידוש ניט וואָס באַרימטע גדולי הדור זענען ביטער אָנגעפאַלן אויף דער דאָזיקער מעטאָדע. דער אָנגעזעענסטער צווישן זיי, ר׳ יהודה ליוואַ, דער מהר״ל פון פּראָג, האָט ניט געשפּאָרט קיין האַרבע דיבורים אָנווייזנדיק אויף דער שעדלעכקייט פון פּילפּוליסטישן דרך. ער, צוזאַמען מיט אַנדערע, האָט געהאַלטן אַז מיט קינדער דאַרף מען אָנהייבן מיט משניות, ניט גמרא. דער תהום וואָס צווישן די פאָדערונגען פון חינוך און דער פּראַקטיק פון טאָג־טעגלעכן לעבן האָט טייל לומדים געבראַכט צו מער רעאַליסטישע רייד. אַזעלכע ווי ר׳ שלמה אפרים לונטשיץ און ר׳ שבתי שעפּטל ב״ר ישעיה הורוויץ, פון זעכצעטן און זיבעצעטן יאָרהונדערט, האָבן געהאַלטן אַז אַפילו אין משניות דאַרף אויך זיין אַ גרענעץ וואָס צו לערנען מיט קינדער. דער

ערשטער האָט פּאַרגעלייגט קדשים און טהרות, דער צווייטער וויל בלויז נזיקין און מועד, און מערקווערדיק, אַלץ ווערט מאָטיווירט דערמיט וואָס לערנען און לעבן דאַרפן מער דערנעענטערט ווערן. אין דער אמתן איז יעדער סדר פון דער משנה געקניפּט און געבונדן מיט דער צייט אין וועלכער ער איז געשאַפן געוואָרן און מיט דער ספּעציפישער פאָרם פונעם לעבן וואָס האָט אים אַרויסגערופן. די גרעסטע צאָל משנה׳ס — ניט דווקא די וואָס האָבן צו טאָן מיטן אַמאָליקן לעבן אין ארץ־ישראל — זענען, סיי לויט די באַשרייבונגען פון די פאַלן מיט וועלכע זיי באַנוצן זיך, סיי לויט די מוסטערן וואָס זיי ברענגען, סיי לויט די עפּיזאָדן וואָס זיי דערציילן, געווען דורכויס פרעמד דעם יידישן יינגל פון פּראָג, פון מהר״לס צייטן. דאָס הייסט זיי וואָלטן אים געדאַרפט זיין פרעמד אויב דאָס דירעקטע, אַרו־מיקע לעבן וואָלט געדאַרפט זיין די איינציקע מאָס פאַר נאָענטקייט און פרעמדקייט.

אָבער אין יידישן חינוך זענען געווען העכערע צילן וואָס האָבן דיקטירט אַן אַנדער צוגאַנג. וואָרעם אַפילו דאָס איינשטעלן זיך פאַר אַזעלכע מילדע רעפאָרמען, און פון גדולי הדור מיט אַזאַ וואָגיקער אויטאָריטעט, האָט געהאַט אַ קנאַפּע פעולה. חינוך איז ביז דער השכלה אָנגעגאַנגען מיט זיין טראַדיציאָנעלן נוסח און דערפילט אַ פונקציע וואָס איז געווען אַזוי לעבנס־נויטיק פאַר אונדזער קיום ווי אַ פאָלק. וואָלט דאָס פּראַקטישע לעבן געהאַט אַ גרעסערע שליטה אויף אונדזער יידישן געמיט וואָלטן זיך צווישן אונדזערע לומדים און מנהיגים זיכער געפונען כאָטש איין קאָמענסקי, דער אַזוי גע־רופענער פאָטער פון מאָדערנער דערציאונג, כאָטש איין פּעסטאַלאָצי, מיט זיין אידעאַל פון קאָמבינירן לערנען מיט אַרבעט, כאָטש איין פעלנבערג, דער בויער פון שולן פאַר פאַך־אַרבעט אין אָנהייב נײַנצנטן יאָרהונדערט. יידן ווערן כאַראַקטעריזירט ווי דאָס טיפּישע האַנדל־פאָלק, אָבער דער הוילער געדאַנק פון וועלן קאָמביבירן חינוך מיט לימודים פון האַנדל קלינגט ווי אַ קאָמישע סתירה. יידן האָבן טאַקע געהאַט אַ גרויסן קלאַס סוחרים, אָבער די האַנדלס־שול איז ניט אונדזער אויפטו.

דאָס וואָרט חינוך

מען ווערט לכתחילה פאַרחידושט ווען מען כאַפּט זיך אַז דאָס וואָרט חינוך איז, רעלאַטיוו גערעדט, אַ גאַנץ נייער אורח אין אונדזער טעגלעכן וואָקאַבולאַר. ערשט די השכלה האָט אים מסתמא צו אונדז געבראַכט ווי אַ טערמין פאַר אַ גענעראַליזירטן באַגריף, דעם באַגריף וואָס שליסט איין אַלע פּראָצעסן פון דירעקטירטן און קאָנטראָלירטן וואוקס פון קינדער. יידן האָבן דאָך אַזוי פיל געטאָן, האָבן דאָך ווייט אַריבערגעשטיגן אַלע שכנים פעלקער אין דער גרויסער זאָרג מחנך צו זיין, מגדל צו זיין, דעם

יונגן דור, האָבן אַוועקגעשטעלט דאָס לערנען מיט קינדער, אַריינברענגען אין זיי דעם גייסט פון תורה און עבודה, ווי אַ היליכן אידעאַל פון דער אומה. וואָסער וואָרט האָט אונדז די טראַדיציע געגעבן צו באַצייכענען דעם דאָזיקן פּראָצעס און די אומגעהייער־רייכע טעטיקייטן וואָס ער האָט אַרויסגערופן?

ניטאָ אַזאַ וואָרט. אַ וואָרט ווערט באַשאַפן ווען דער באַגריף וואָס דאָס וואָרט באַצייכנט ווערט אָפּגעזונדערט, אַרויסגעריסן פון גאַנצן לעבנס־געוועב, און ווערט אַוועקגעשטעלט ווי עפּעס וואָס לאָזט זיך זען אין זיין באַזונדער־קייט. יידן האָבן ניט געזען, ניט געקענט זען דעם דאָזיקן פּראָצעס אין אַזאַ אָפּגעזונדערטער פאָרם. די מצוה פון לערנען — דער הויפּט־עלעמענט פון פאָרמעלער דערציאונג בכלל — איז חל געווען אויף אַלע עלטערס גלייך. מען האָט אָנגעהייבן אָבער קיין מאָל ניט „גראַדואירט". עס איז ניט געווען אַ טייל פון לעבן נאָר בוכשטעבלעך דאָס לעבן גופא. די פונקציע פון חינוך איז געווען אַזאַ באַטירלעך־אָרגאַנישע פון שטאַנדפּונקט פון גאַנצן פאָלקישן לעבן, און זי האָט זיך אויף אַזוי ווייט דורכגעפלאָכטן מיט אַלץ וואָס יידיש לעבן האָט דערמיט געאָטעמט, אַז ס'איז בכלל ניט שייך געווען צו רעדן וועגן דעם ווי עפּעס באַזונדערס וואָס מען קען טייטלען אויף דעם מיטן פינגער. עס איז פּונקט ווי אין די גויאישע לשונות זענען ניטאָ קיין ווער־טער פאַר מילכיקס און פליישיקס כאָטש די עסנס פון די דאָזיקע ביידע מינים זענען זיכער דאָ. ביי גוים איז פּשוט ניטאָ קיין געלעגנהייט וואָס זאָל צווינגען אויסצוטיילן עסנוואַרג אויף אַזאַ מין אופן.

די גאַנצע יידישע טראַדיציע האָט געהאָלפן אַריינבויען אין אונדזערע טיפערע איבערלעבענישן אַ וועלט „אַזוי ווי", ד"ה, אַזוי ווי דאָס וואָלט טאַקע געווען די דרויסנדיקע וועלט וואָס רינגלט אונדז אַרום. חינוך איז געווען דער דרך־המלך וואָס האָט געפירט דערצו, און איז געווען אומצע־טיילבאַר צונויפגעגאָסן מיט דער דאָזיקער וועלט. דערציאונג ציט זיך, טע־אָרעטיש לכל הפחות, ווי אַ ספּעציעלע ריכטונג אין אַ וועלט „אַזוי ווי", ממילא קען זי קלאַסיפיצירט ווערן אונטער אַ באַזונדער רובריק.

איך האָב אָבער דאָ אויסגעקליבן דאָס וואָרט חינוך צו באַצייכענען דעם טראַדיציאָנעלן וועג אינעם פאַרצווייגטן פּראָצעס פון מגדל זיי פלאַנ־מעסיק די יונגע דורות צוליב עטלעכע טעמים. דאָס דאָזיקע וואָרט איז, ווינציקסטנס אין די לעצטע צענדליקער יאָרן, אָפּט באַנוצט געוואָרן אין זעלביקן זינען, צווייטנס, איז דאָס אַן אַלט גמרא־וואָרט וואָס באַטייט דאָס אַריינפירן קינדער אין אַ וועלט פון הייליקע פונקציעס, צוגעוואוינען זיי צו ספּעציעלע לעבנס־פאָרמען, בקיצור, עס איז מער צוגעפּאַסט צום ברייטערן טייטש — ניט דווקא לערנען — אין וועלכן דאָס וואָרט ווערט באַנוצט. לעצטנס, צוליב דעם וואָס דאָס וואָרט שטאַמט פון אַלט־העברעאישן קוואַל פאַרמאָגט עס גיכער אין זיך די פּאַסיקע אידעאישע און עמאָציאָנעלע

אַסאָסיאַציעס אויסצודריקן דעם גייסט וואָס ציט זיך דורך יבנה, פומבדיתא, די ישיבות פון די „חכמי לותרניה" ביז לובלין און וואָלאָזשין.

***

רעדנדיק וועגן ר' יוחנן בן זכאי שרייבט ר' אייזיק הירש ווייס אין זיין דור, דור ודורשיו: „די איינציקע דאגה וואָס איז געווען די טרייב־קראַפט פון זיינע שטרעבונגען און פון זיין ווייטערדיקער טעטיקייט, אָט די זעלביקע מורא אַז די תורה־שבעל־פה קען פאַרגעסן ווערן, האָט דורכגעדרונגען די הערצער פון די איבעריקע געלערנטע פון זיין דור, און האָט אויפגעוועקט זייער גייסט זיי זאָלן זוכן אַ וועג ווי אַזוי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער תורה־שבעל־פה, זי זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, זי זאָל קענען באַשטיין אַנטקעגן אירע קעגנער. די געלערנטע וואָס זענען פון דער קאַטאַסטראָפע געראַטעוועט געוואָרן האָבן באַלד נאָכן חורבן אַזאַ וועג געפונען. די ערשטע זאַך האָבן זיי גענומען זאַמלען די הלכות וואָס יעדערער האָט געהאַט אויפן קאָפּ, צוזאַמענגעשטעלט זיי אין אַ געוויסער אָרדענונג ניט נאָר מיט די הלכות וואָס זענען גילטיק אין אַלע צייטן און אין אַלע ערטער, נאָר אויך מיט יענע הלכות וואָס האָבן נאָכן חורבן ניט מער געהאַט קיין פּראַקטישן באַטייט. טייל געלערנטע האָבן זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן מיט צוזאַמענשטעלן דווקא אַזעלכע הלכות".

וואָס האָט געקענט זיין די כוונה פון יענע גדולי הדור ספּעציעל צו באַוואָרענען מיט אַזאַ גיריקייט, מיט אַזוי פיל מסירת־נפש, אַזעלכע הלכות וואָס האָבן צום פּראַקטישן לעבן אין גלות, אָדער בכלל נאָכן חורבן, קיין שום שייכות ניט געקענט האָבן? די פאָרמולע „זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן" זעט מיר אויס צו זיין אינגאַנצן ניט פּאַסיק פאַר יענער מענטאַליטעט. אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן זיי דערלאָזט בשום אופן ניט מיר זאָלן זיך באַנוגע־נען מיט צושרייבן זיי דעם מאָטיוו פון אַלגעמיינעם יראת־הכבוד, און עמאָ־ציאָנעלער וואַרעמקייט, פאַר אָביעקטן פון אַ היסטאָרישן מוזיי, בעת עס רעדט זיך וועגן דער תורה. כמעט בלויז דאָס וואָלט עס דאָך געדאַרפט זיין אויב עס וואָלט זיך געהאַנדלט ניט מער ווי וועגן דעם פאַרלאַנג עס זאָל ניט פאַרגעסן ווערן.

אַ סך מער דערנענטערט זיך צו זייער פּסיכישער וועלט אַ ווייטערדיקע שטעל אין דור ודור ודורשיו: „די תורה־שבעל־פה איז געוואָרן ביי זיי דער העכסטער ציל... פאַר דעם האָבן זיי מקריב געווען זייער אייגנס. אויף דעם האָבן זיי אָפּגעגעבן אַלע זייערע כוחות און זייער לעבן. די תורה איז געווען זייער האָפענונג. דער וואונטש צו קולטיווירן די תורה, פאַרהיטן זי פון אַלע בייזע שטרויכלונגען וואָס די צייט ברענגט, פון די שטיינער וואָס קעגנער לייגן אָפּט אין וועג, אָט דער וואונטש איז ביי זיי דעמאָלט געווען אַזוי

שטאַרק און פעסט, אַז מיר געפינען ניט קיין גלייכן צו דעם ניט אין די פריער־דיקע, ניט אין די שפּעטערדיקע צייטן".

דאָס דערקלערט אַלץ פון שטאַנדפּונקט פון זייערע דירעקטע איבער־לעבענישן. עס איז תורה. עס איז גאָטס וואָרט, מיט דעם אידענטיפיצירט זיך דאָס הייליקסטע פון דער נשמה. און וואָס איז מיט די הלכות וואָס האָבן מער ניט געקענט אָנגעוווענדעט ווערן אין דער פרעמד, אין גלות, בכלל נאָכן אונטערגאַנג פון דער אייגן־מלוכהשער באַלעבאַטישקייט? צו זיי איז די באַציאונג געווען נאָך אַ מער רירנדיק־געטרייע, אַפילו אַ מיסטיש־עקסטאַטישע, ניט בלויז צוליב דעם וואָס זיי זענען געווען אַ זכר פון עפּעס וואָס איז שוין מער ניטאָ, נאָר ווייל גראָד זיי האָבן אין זיך פאַרקערפּערט די אומה אין איר געטלעכער און ערדישער אייגענער היים. אין זיי האָבן די גייסטיקע מנהיגים פון דער צייט געקענט פילן נאָך טיפער און שאַרפער דאָס גליק צו זיין דאָס וואָס גאָט וויל אַז מיר זאָלן זיין. גוט איז געווען יענע חכמים אונדזערע וואָס זיי האָבן אין תפילה, לערנען, אין וואָרט־קולטור, געקענט פילן אַזאַ אינטענסיווע פאָרם פון לעבן גופא, האָבן זיי דעריבער אין זייער גייסטיקער אַרבעט געקענט שפּירן בחוש אַז זיי בויען אויף אַ ממשותדיקע וועלט אויף וועלכער די שטאַרקע האַנט פון שונא קען האָבן בלויז אַ באַגרענעצטע שליטה.

האָבן זיי געטראַכט אַז גראָד די אומפּראַקטישע אַספּעקטן פון אונדזער טראַדיציע זענען בכוח צו פאַרגרינגערן דעם צער פון גלות דורך אויפבויען פאַר אונדז אַ וועלט „אַזוי ווי"? מסתמא ניט. דער דאָזיקער לעבנס־אויסדרוק זייערער איז ביי זיי געווען צופיל הייליקער ציל אַז זיי זאָלן קענען זען אין דעם אויך אַ מיטל פאַר עפּעס אַנדערש, ווי וויכטיק דער דאָזיקער אַנדערש זאָל ניט זיין.

אָבער דאָס איז סיי ווי געווען דער פּועל־יוצא. ווען מיר קוקן אויף דעם מיט היינטיקע, מאָדערנע, דערציאונג־אָריענטירטע אויגן, זעט מען אויך די געוואַלטיקע חסרונות וואָס יעדער טראָט אין חינוך האָט אַרויסגע־וויזן. אַנדערש האָט עס דאָך ניט געקענט זיין דאָרט וואו די באַדערפעניש פון קינד האָבן ניט געשפּילט קיין ראָלע פון אַן ערשטער זאָרג, זענען בכלל כמעט ווי ניט געווען צווישן די מאָטיווירנדיקע כוחות וואָס האָבן די גאַנצע טעטיקייט אַרויסגערופן. וואָרעם חינוך האָט געהאַט אַנדערע זאָרג, מער קריטישע זאָרג פון שטאַנדפּונקט פון יידישן קיום. ער איז געווען באַלאָדן מיט אַ מערקווערדיקער היסטאָרישער שליחות וואָס איז געווען איין און איינציק צווישן פעלקער, און באַזאָרגט האָט ער מיט אַ פּסיכיש־געבויטער, אייגענער היים די דורות פון אַ פאָלק וואָס איז אויך איין און איינציק צווישן פעלקער.

(1948)

# די אַמעריקאַנער יידישע היים

— 1 —

היים און שול

אין דעם פעברואַר נומער „דזשואיש עדיוקיישאַן" 1946 איז פאַראַן אַ באַריכט פון ד"ר נח נאַרדי, פּסיכאָלאָג פון יידישן דערציאונג־קאָמיטעט אין ניו יאָרק, פון זיינע טעסטן וועגן דעם יידישן כאַראַקטער פון דער היים־סביבה. די טעסטן ווערן צעטיילט אויף צוויי חלקים: פאַר קינדער און פאַר דערוואַקסענע, און זיי זוכן צו קריגן אינפאָרמאַציע וועגן דעם אויף וויפיל די יידישע טראַדיציע ווערט אָפּגעהיט אין דער היים; אויף ווי ווייט מען היט אָפּ כשרות, שבת, יום־טובים; צי עס ווערן געלייענט יידישע אָדער העברעאישע אויסגאַבעס; צי עס זענען פאַראַן ענגלישע ביכער מיט יידישן אינהאַלט, אאַז"וו. צווישן די אויספירן צו וועלכע ד"ר נאַרדי קומט איז פאַראַן איינער וואָס האָט געצוואונגען דעם רעדאַקטאָר צו מאַכן אַ ספּעציעלע באַמערקונג צום אַרטיקל. די באַמערקונג פרעגט: „קענען מיר אָננעמען ווי אַ פאַקט, אָן קיין שום וויטערדיקער אויספאָרשונג, דעם אויספיר אַז די היים האָט אַ קנאַפּן איינפלוס אויף די באַציאונגען און דעם לערנען פונעם קינד אין שול? איז אפשר מעגלעך אַז דעם מחברס אויספירן זענען געבויט אויף צו ווייניק אויסגעפאָרשטע פאַלן, אָדער אויף די מעטאָדן וואָס ער באַנוצט צו באַשטימען די פאַקטן?

מען קען זיכער ניט פאַרדענקען דעם רעדאַקטאָר פאַרוואָס ער חידושט זיך און פאַרוואָס ער איז פון דעם אַזוי שטאַרק באַזאָרגט. מיר מיידן זעלטן אויס די געלעגנהייט צו מוסרן יידן פאַרוואָס די היימען זענען צופיל אויס־געטאָן פון יידישקייט. מיר וואָלטן אַזוי שטאַרק געוואָלט אַז יעדע יידישע היים זאָל האָבן וואָס מער יידישע ביכער, ספרים, יידישע חפצים, לעבן לויט יידישע מנהגים, מיר האַלטן אַז דאָס אַלץ האָט אַ דירעקטע שייכות צו דער יידישער דערציאונג פון די קינדער. אויב לערן־פעאיקייט איז אַ גאָט־זאַך זענען מיר לכל־הפּחות אין אַ היים מיט אַ יידישן אינהאַלט אַ כוח וואָס קען אויפוועקן אין קינדער וואַרעמע באַציאונגען צו דער יידישער שול, צו יידישע לימודים. היינט אויב פאָרשונגען זאָלן באַווייזן אַז דער יידישער כאַראַקטער פון דער היים האָט אַ קנאַפּן איינפלוס אויף די יידישע באַצי־אונגען און סענטימענטן אין קינדער, דעמאָלט איז דאָס זיכער זייער אַ ביטערע בשורה. מילא, טעסטן פאַרמאָגן געוויינטלעך געוויסע אָרגאַנישע חסרונות וואָס מען קען ניט אויסמיידן. גרינטלעכע פאָרשונגען באַנוצן זיך

דעריבער אויך מיט אַנדערע מעטאָדן כדי צו זיין זיכערער מיט די רעזול־טאַטן. דער הויפּט־חסרון באַשטייט אינעם דורכויסיקן קוואַנטאַטיוון כאַראַק־טער פונעם טעסט, בעת אַ קוואַליטאַטיווער אַנאַליז איז אַזוי אומגעהייער וויכטיק ווען מ׳דאַרף פעסטשטעלן דעם כאַראַקטער פון „היים״. אָבער ניט אין דעם וויל איך איצט זוכן אַ טרייסט. מיר דאַכט זיך אַז נאַרדיס אויספיר איז גראָד זייער אינסטרוקטיוו. ער לערנט אונדז אַז די גאַנצע היים־פּראָבלעם איז ווייט ניט אַזוי פּשוט ווי מ׳האָט אַמאָל געמיינט. די געוויינטלעכע שכל־הישרדיקע פאָרמולע: „וואָס יידישער די היים אַלץ יידישער דאָס קינד״ דאַרף מען ווי געהעריק וועגן און מעסטן און קוואַליפיצירן. ערשט דעמאָלט לאָזט זיך פון דעם אַרויסדרינגען דעם אמת וואָס שטעקט אין דעם.

שטרענג איך אַביסל אָן מיין זכרון, לאָז דורכלויפן אין מיין דמיון אַ צאָל קינדער וואָס זייערע עלטערן און היימען זענען מיר באַקאַנט, און וויל אויסגעפינען פון דער דאָזיקער קליינער צאָל פּריוואַטע ידיעות וואָס איך קען דרינגען וועגן דער שייכות צווישן דער יידישקייט פון דער היים און איר ווירקונג אויף קינדער. גיי איך אַזוי כסדר פון איין בילד צום צווייטן און ווער אַלץ מער פאַראינטריגירט פון דעם וואָס איך זע.

אמת, די היימען וואָס איך האָב אין זינען געהערן צום אַזוי־גערופענעם וועלטלעכן טיפּ. די דינים און מנהגים פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט זע־נען ביי זיי ווייניק אָנגענומען, כאָטש עפּעס דערפון איז כמעט אומעטום פאַראַן. אָבער עס קען דאָך אַלץ זיין אַ גוואַלטיקע נפקא מינה אין פּרט פון האָבן יידישע ביכער, רעדן יידיש, גיין אין יידישן טעאַטער, זיין אַריינ־געטאָן אין יידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אונטערנעמונגען אאַז״וו. בלעטער איך מיין אַלבאָם פון יידישע היימען, און באַמי זיך אויסצוגעפינען עפּעס אַ רעגולירנדיקן פּרינציפּ אין די אַלע פּרטים וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. לכתחילה ווער איך כמעט ווי דערשראָקן פון אַ מין אומאָרדענונג, פּלאָנטער, כאַאָס. אָט זענען טאַטע־מאַמע מיטן גאַנצן האַרצן אַריינגעטאָן אין יידישער טעטיקייט, העלפן מיט אַלע כוחות טראָגן אויף זיך אַ יאָך פון אַ שול, אָבער זייער קינד וויל די היים־אַרבעט ניט מאַכן, וויל אינגאַנצן אין שול ניט גיין, האָט אַ ווידערווילן צו לייענען אַ יידיש וואָרט, צום גליק טרעפט אויך דאָס פאַרקערטע.

איך האָב זיך באַקאַנט מיט אַן אינטעליגענטער פאַמיליע. די שפּראַך פון דער היים איז דורכויס ענגליש. די מוטער קען בכלל פּליסיק יידיש ניט רעדן. קיין יידישע אָדער העברעאישע ביכער זענען אין דער היים ניטאָ, אַחוץ די עטלעכע לערן־ביכער וואָס די טאָכטער ברענגט פון שול, אָבער קיינער אַחוץ דער טאָכטער אַליין, קוקט אין זיי ניט אַריין. יידישקייט זעט זיך זייער ווייניק אָן אין דער היים. דאָס קענטיקסטע באַשטייט אין געוויסע פאָרמעלע מנהגים און יידישע נייעס וועגן וועלכע מען שמועסט

זיך דורך פון צייט צו צייט. אין שול איז די טאָכטער צווישן די בעסטע תלמידות, רעדט יידיש מיט אַ זעלטענער אָפּגעהיטקייט, אידיאָמאַטיש־פּרעמדלעך, אָבער תמיד באַמיט זי זיך צו זיין גראַמאַטיש קאָרעקט. איר ווילִיקייט אין לערנען, אין אויסער־קלאַס טעטיקייט און אירע באַציאונגען צו אַלץ וואָס איז פאַרבונדן מיט יידן און יידישע אינטערעסן, דריקן אויס אַ וואַרעמקייט וואָס שטייגט ווייט אַריבער דעם דורכשניט. און אָט איז אַן אַנדער פאַל. אויף אַ לעקציע אין יידישער ליטעראַטור אין איינער פון אונדזערע שולן האָט מען געלערנט שלום עליכמס „חוה". עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ שמועס וועגן געמישטע חתונות. פאַרשיידענע מיינונגען זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן. איין מיידל האָט בשום־אופן ניט געקענט פאַרשטיין פאַרוואָס יידן זאָלן האַלטן געמישטע חתונות פאַר אַן עוולה. דאָס איז געווען אַ טאָכטער פון טאַטע־מאַמע וואָס ביידע זענען שוין יאָרן־לאַנג פאַרקאָכט אין דער באַוועגונג פאַר יידישער דערציאונג. זייער אומפאַרמעגלעכקייט האָט זיי ניט געשטערט צו שטיצן פינאַנציעל און מיט אַ סך אַרבעט יעדע אונטערנעמונג אַרום דער שול. פאַראַן נאָך אַן עלטערער זון וואָס האָט פאַרענדיקט אַן עלעמענטאַר־שול און אַ מיטל־שול. אויך דאָס מיידל האָט פאַרענדיקט אַן עלעמענטאַר־שול. איצט לערנט זי אין מיטל־שול. איר אַלגעמיינע ווילִיקייט איז שוואַך, אירע באַציאונגען קאַלט. זעלטן האָט זי אַרויסגעוויזן אַזאַ חשק אין שמועס און אַרגומענטאַציע ווי אין איר פאַרטיידיקונג פון געמישטע חתונות.

די היים אויף וועלכער איך קוק איצט איז דורך־און־דורך יידיש, טייל־וויז אויך אין טראַדיציאָנעלן זינען פון וואָרט. בנוגע דעם קען מען בלויז זאָגן אַז דאָס רוב יום־טובים ווערן אָפּגעהיט, אַפילו מיט ליכט און קידוש, מיט ספּעציעל־געגרייטע מאָלצייטן. די שפּראַך ביי די עלטערן צווישן זיך און צו די קינדער איז דורכויס יידיש. יידישע און העברעאישע ביכער פילן אָן די ספרים־שענק. די יידישע לאַגע, ארץ־ישראל און יידישקייט זענען אָן אָפּטע טעמע אין צופעליקע שמועסן. פריינד און משפחה וואָס ווייזן זיך אין הויז זענען על־פּי רוב פון זעלביקן סאָרט. צוויי קינדער פאַרמאָגט די היים, אַן עלטערן זון און אַ יינגערע טאָכטער. דער זון איז קוים דורכגעקראָכן אַן עלעמענטאַר־שול. ער האָט אויך אָנגעהייבן צו גיין אין מיטל־שול אָבער באַלד אויפגעהערט. די עלטערן האָבן דערפון געהאַט שרעקלעכן עגמת־נפש. אָבער קיין שום מיטלען — מיט גוטן, מיט בייזן — האָבן ניט געהאָלפן.

די טאָכטער האָט זייער גוט פאַרענדיקט די עלעמענטאַר־שול, לערנט זיך ניט ערגער אין מיטלשול. כאָטש זייער גוט אין די לימודים, צייכנט זי זיך אויס גאָר באַזונדער מיט איר וואַרעמער באַציאונג צו אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט יידן און יידיש וויסן.

דאָס פּאָרפּאָלק וועגן וועלכע איך טראַכט איצט זעט מען כמעט ביי אַלע געלעגנהייטן וואו מען קומט זיך צונויף אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן צו באַזאָרגן אינסטיטוציעס פאַר יידישער דערציאונג און יידישער קולטור. זיי באַטייליקן זיך ביידע אַקטיוו אין קאָמיסיעס, אָרגאַניזאַציעס, אונטערנעמונ־גען, קאָנפערענצן, וואָס שטעלן זיך די דערמאָנטע צוועקן. וועגן זייער פּירונג אין דער היים ווייס איך צו־ווייניק. פון דער ענערגישער אַקטיוויטעט קען מען זיך אויסמאָלן לכל־הפּחות די אַטמאָספערע וואָס זיי זוכן אַריינצוברענגען אין זייער פאַמיליע. זיי האָבן דריי קינדער. די עלטערע צוויי האָבן קיין יידישע דערציאונג־אַנשטאַלטן אינגאַנצן ניט באַזוכט. דאָס יינגסטע קינד איז אויך אָפּגעקומען מיט גאַנץ ווייניק, און האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין צופּיל וואַרעמקייט צו יידישער שול־אַרבעט.

לאָמיר דאָ פאַרענדיקן מיטן לעצטן איינדרוק. מיין אָפטסטער קאָרעספּאָנ־דענט פון מלחמה־פראָנט איז געווען אַ יונגערמאַן וואָס האָט עטלעכע יאָר געלערנט אין אַן עלעמענטאַר־שול, דערנאָך אין מיטלשול. זיינע אינטעלעק־טועלע פעאיקייטן זענען היפּשלעך אַריבערן דורכשניט. דאָס האָט ער אַרויס־געוויזן אין זיין יידישן לערנען. בנוגע זיינע אַלגעמיינע באַציאונגען קען מען ניט זאָגן אַז זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט באַזונדער וואַרעמקייט, אָבער אויך אין דעם פּרט איז ער קיינמאָל ניט אָפּגעשטאַנען פון דורכשניט.

אויך דאָ ווייס איך צו־ווייניק פון דער היים־סביבה. איך ווייס בלויז אַז זיינע עלטערן, סיי פאָטער, סיי מוטער, זענען טיפּישע יידישע פאָלקס־מענטשן. זיי פלעגן תמיד רעדן מיט גרויס נחת פון דער פעולה וואָס זייער זון ווייזט אַרויס אין יידישן לערנען. פון זייער רעדן איז אויך קלאָר געווען אַז יידיש איז זייער איינציקע, אינטימע שפּראַך, און איז מסתמא די איינציקע שפּראַך צווישן זיך און צום זון אין דער היים. דאָס יידישע אין זיי איז געווען פון יענעם סאָרט וואָס פאַרמאָגט אין זיך אַלע חנען פון פּשוטסטער נאַטירלעכקייט, אַזאַ וואָס שאַפט וואַרעמע יידישע לופט אַרום זיך אָן אָנ־שטרענגונג. באַלד נאָך די ערשטע צוויי בריוו צווישן אונדז האָט זיך דער בחור פאַרטשעפּעט מיט דער פראַגע פון יידן און יידישקייט. דאָס איז געקומען דערפון וואָס איך האָב אים געפרעגט צי ער פאַרברענגט מיט אַנ־דערע יידישע זעלנער, צי האָט ער באַגעגנט יידן אין די שטעטלעך אַרום פראָנט, אאַז״וו. נאָך דעם האָט ער ניט געשפּאָרט קיין מי, אין אַ סעריע זייער לאַנגע בריוו, צו באַווייזן אַז ניט טראַכטן און ניט וועלן וויסן וועגן יידן איז דער בעסטער וועג וואָס אַ ייד דאַרף פאַר זיך אויסקלייבן. ער האַלט אַז יידישע דערציאונג און יידישע קולטור־אַרבעט בכלל איז אַ שעדלעכע מעטאָדע אָפּצוזונדערן אונדז פון דער וועלט. איצט דאַרף זיין די אויפגאַבע פון יעדן פּראָגרעסיוון מענטש אָפּצומעקן יעדן סימן פון באַזונדערקייט. יעדן שטריך וואָס צעטיילט די וועלט אויף גרופּעס, קליקעס, ראַסן, פעלקער.

וואָס שנעלער מיר וועלן זיך דערנענטערן צום צושטאַנד פון איין גרויסער מענטשהייט אַלץ גליקלעכער וועלן מיר אַלע זיין.

— 2 —

די אַמאָליקע היים

אַזוי טראָגט מיך מיין זכרון פון היים צו היים, פון עלטערן צו עלטערן, פון קינד צו קינד. איך באַמי זיך אַלץ מער צו פאַרגרעסערן מיין אַלבאָם און אָנפילן יעדעס בילד מיט וואָס מער דעטאַלן. איז פאַראַן אַ פּאָזיטיווע שייכות צווישן יידישן כאַראַקטער פון היים און קינד? אין פלוג דאַכט זיך אַז ניט. עפּעס זעט זיך ניט קיין שום זיכערער המשך פון דער געדיכט־יידישער היים־ירושה, אַפילו אין אָפּגעשוואַכטער פאָרם. אין אַ קלענערער צאָל פאַלן איז דאָס אויך אַזוי בנוגע דער היים וואָס איז גלייכגילטיק צו יידן און יידישקייט. וואָרעם איך געפין אויך אַז קינדער פון אַזעלכע היימען קענען אַרויסווייזן אַ יידישע וואַרעמקייט וואָס זיי האָבן דאָס ביי זייערע עלטערן בשום אופן ניט געקענט נעמען.

אָבער אפשר איז דאָס בלויז אין פלוג אַזוי? אפשר וואָלט אַ גרינט־לעכע אויספאָרשונג געגעבן אַנדערע רעזולטאַטן? דער שכל הישר צווינגט ממש אַרויף אַזעלכע סאָרטן פראַגעס, ווייל עפּעס גלויבט זיך ניט אַז די יידישע ווירקונגען פון דער היים זאָלן זיך ניט דירעקט אַריבערטראָגן אויף די קינדער. אין דער וויסנשאַפט ווערט אַלץ מער און מער אונטערגעשטראָכן דער פאָרמירנדיקער כוח פון דער סביבה, און די היים איז דאָך סוף־כל־סוף די אינטימע, די פירנדיקע סביבה. אַחוץ דעם בעט זיך ממש צו ברענגען ראיות פון דעם נאָענטן עבר. דאָס רוב צווישן אונדז פילט אַז מיר וועלן זיך ביזן טיפן עלטער ניט באַפרייען פון די זאַפטן מיט וועלכע די היים האָט אונדז אָנגעטרונקען אויפן גאַנצן לעבן. פאַרוואָס זאָל עס ביי אונדזע־רע קינדער זיין אַנדערש?

דאָס אַלץ איז קודם־כל מחייב מיר זאָלן באַטראַכטן די ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן פון דער אַמאָליקער יידישער היים. וואָרעם עס איז דאָך קלאָר אַז די דערציערישע איינפלוסן פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע ליגן ניט בלויז אין דער בלוט־קרובהשאַפט וואָס איז דער פונדאַמענט פון יעדער פאַמיליע אין אַלע צייטן און קולטורן, נאָר אין די ספּעציעלע פאַר־בינדנדיקע און געשטאַלטנדיקע כוחות וואָס זי פאַרמאָגט אין די באַדינ־גונגען פון אַ באַשטימטער סביבה.

זלמן שעכטער שרייבט וועגן דער צייט פון בן־סיראַן אַז: „יעדער בית־הכנסת איז געווען אַ קליינער בית־המקדש און יעדע היים איז געווען

אַ בית־הכנסת אין מיניאַטור״. עס איז נאָך געגוג געבליבן פון אַט דעם גייסט אין דער היים אין וועלכער מיר האָבן זיך אַלע דערצויגן. זי איז באַהערשט געוואָרן פון אַ פּרעציז־רעגולירנדיקער דיסציפּלין וואָס האָט גענומען איר באַפעלעריש וואָרט ניט פון אַ מענטש־געמאַכטן איינפיר נאָר פון אייבערשטע וועלטן וואָס זענען דער ממונה איבער אַלץ און אַלעמען. יעדע פונקציע פון דער היים איז געווען אַ טייל פון אַ גאַנצקייט וואָס איז פון אייביק אָן געגעבן געוואָרן, און וואָס יעדער האָט זיך איר געדאַרפט אונטערוואַרפן, דער פאָ־טער ניט ווייניקער ווי זיין קינד, דער רבי ניט ווייניקער ווי זיין תלמיד. אַלע האָבן געדאַרפט דאַווענען און לערנען, אַלע האָבן געדאַרפט אָפּהיטן די טאָג־טעגלעכע מצוות און די וואָס האָבן דאַרויף אַכטונג געגעבן האָבן געשאַפן דעם איינדרוק, אַז זיי זענען בלויז וועכטער איבער אַ דעליקאַטן בנין וואָס אויב מען וועט אים צעשטערן וועט דאָס זיין אַ שרעקלעכער שאָדן פאַר אַלעמען.

די שייכות צווישן עלטערן און קינדער איז געווען ווי צווישן שותפים פון איין אונטערנעמונג, בלויז די עלטערן, דער רייפערער צד, זענען מחוייב צו טראָגן דעם יאָך און אַחריות. אָבער די אונטערנעמונג איז געווען אָרגאַ־ניזירט לויט זיכערע כללים. זענען דעריבער קלאָר געווען די לערערשע פונקציעס און די לערערשע צילן פון די פירער פון דער היים. דער דאָזיקער פאַקט, דאָס וואָס אַלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע זענען געווען פאַרפלאָכטן איינעם זעלביקן געוועב פון שטייגער און קולטור, זעט זיך אַרויס מיט באַ־זונדערער בולטקייט אינעם בילד וואָס י. קאַפּילאָוו מאָלט פון זיין קינדהייט אין זיין „אַמאָל איז געווען״: „אין די זאַטע שבתים פלעגט דער טאַטע קומען פון שול זייער אויפגעלייגט, אָפּגעבן אַ פריילעכן כפולדיקן גוט שבת, גוט שבת, מאַכן אַ פיינעם קידוש און כמעט שטענדיק אָפּגעבן מיר אַ שטיק פון זיין חלק קאָרענעם לעקעך. האַלטנדיק מיך פאַר דער שפּיץ מאָרדעטשקע פלעגט ער מיך פרעגן וואָס איך האָב די וואָך געלערנט, פלעגט מיך בכיוון פרעגן עפּעס אַ קשיא, צופרידן זיין מיט מיין תירוץ, און נאָך מער איז ער געווען צופרידן ווען איך האָב געפרעגט קשיות. הכלל, עס איז געווען ששון ושמחה. ביים וואַרעמעס האָט ער צווישן די געריכטן דערציילט אונדז שיינע מעשה־לעך, מעשיות פון גאַטס חסדים און וואונדער. ער האָט דערציילט די שיינע מעשיות פון דער אגדתא, רבה בר בר חנאס מעשיות, עפּעס אַ טשיקאַווע זאַך פון אַ מדרש, אָבער די מערסטע און שענסטע מעשיות זענען געווען פון תנ״ך. ער האָט זיי אונדז גוט מסביר געווען, צעקייט פּשוט און אַריינגעלייגט אין מויל. די מאַמע האָט געגלאָצט מיט די אויגן, אַלע ווילע זיי געהייבן צום באַלקן און נחתדיק אָפּגעזיפצט. ער אַליין, דער טאַטע, האָט גאָר אָנגעקוואָלן, האָט גאָר אָפּגעלעבט און אַריינגעלעבט זיך אין דער מעשה, פונקט ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געווען און ער איז אַליין

דערביי געשטאַנען. אויף אונדז, קינדער, האָבן די מעשיות איבערגעלאָזט אַ טיפן רושם. איך בין ניט זיכער אַז מיר האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען, אָבער די רייד אַליין, דער מאָדנער גוטער אויסדרוק אויפן טאַטנס פּנים, די זיסקייט פון זיין קול, די ווייכקייט פון זיינע בלישטשענדיקע קלוגע אויגן, האָבן דערוואַרעמט אונדזערע הערצעלעך און פאַרשאַפט אונדז גרויס הנאה. עס איז געווען אַ שבת שכולו עונג. עד היום שטייען אַט די דאָזיקע שבתים ווי לייכט־טורעמס פאַר מיינע אויגן, און אין שטורעמדיקע, באַטריבטע צייטן, רוט זיך אויף זיי אָפּ מיין געמיט. זיי שיינען אַרויס מיט דער ריינער, שיינער ליכטיקייט פון מיינע גליקלעכע קינדער־יאָרן".

די בולטסטע כאַראַקטער־שטריכן פון אַזאַ היים דריקן זיך אויס אין פיר הויפּט־מאָמענטן: זי האָט געלעבט לויט אַ קלאָר־אויסגעאַרבעטן, ניט אָפּגעפרעגטן פּלאַן. זי איז געווען באַוואוסטזיניק און שטענדיק אַקטיוו אין דורכפירן דעם פּלאַן. זי האָט אַרומגענומען אַלע זייטן פון לעבן און זיך אויסגעשפּרייט און נאָכגעשיקט אירע איינפלוסן ווייט אַריבער די פיזישע גרענעצן פון שטוב־לעבן. זי האָט געטראָגן אין זיך די טיף־אויסגעקריצטע סאַנקציע פון אַ ווייטער, פון אַ העכערער ירושה, פון אַן אייביקייט. דער פאַקט וואָס אַלע קינדער פון די אַרומיקע פאַמיליעס האָבן געלעבט אין אומגעפער דער זעלביקער היים־סביבה האָט אָנגעפילט מיט אַ מין זיכער־קייט און אימפּולסיווער לעבעדיקייט יעדן איינפיר, יעדע דערציערישע שייכות, וואָס צווישן עלטערן און קינדער.

— 3 —

די נייע היים

איז געקומען אַ צייט ווען מיר האָבן זיך אַלע אַריבערגעטראָגן מיט האַק און פּאַק אין נייעם לאַנד. קיין גרויס אָרגאַניזירט פאַרמעגן האָבן מיר פון דאָרט, פון יענער זייט, ניט געבראַכט, כאָטש אַ סך פון אונדז וואָלטן זיך געפילט גליקלעך ווען דאָס וואָלט אַזוי געווען. טייל האָבן זיך אַפילו אומנייטיק מטריח געווען ניט צו פאַרגעסן בעטגעוואַנט און שטוב־כלים, אָבער די היים האָבן מיר ניט געקענט מיטברענגען. בלויז אירע צעבראָכענע שערבלעך זענען אין אונדז געבליבן. און ווען מיר טראַכטן וועגן „דאָרטן" האָט אַלץ אין אונדז געפּסקנט מיר זאָלן דאָס רופן: „די אַלטע היים", יאָ, אַן אַלטע, אָבער אַ היים. זענען מיר געקומען אַהער און גענומען בויען אַ נייע היים. איז דאָס טאַקע אַ נייע, אָבער בנוגע היים האָט זיך אונדז ניט צופיל איינגעגעבן.

די פאַקטן זענען אונדז צו גוט באַקאַנט מען זאָל זיך דאַרפן אויף זיי געניי אָפּשטעלן. אָבער אַ קורצער סך־הכל קען ניט שאַטן. מיר האָבן

דאָ געבוירן קינדער און זיי דערציִגן, אָבער יעדע היים איז געוואָרן, אין ליִנקאָלנס ווערטער: „אַ הויז צעטיילט קעגן זיך אַליין״, — ניט צוויי דורות נאָר צוויי באַזונדערע וועלטן מיט אַ פעסטער מחיצה צווישן זיי. די מחיצה איז מיט דער צייט דינער געוואָרן, אָפט ניט מער ווי אַ דורכזיכטיקער שלייער. דאָס איז אָבער ניט געקומען פון דעם וואָס אונדזער איינפלוס אויפן נייעם דור איז גרעסער געוואָרן, נאָר ווייל בנוגע יידישן אינהאַלט האָט די „ירושה״ זיך אָנגעהויבן צו טראָגן אויף צוריקוועגס, פון די קינדער צו די עלטערן. דאָס, צוזאַמען מיטן לעבן פון אַמעריקאַנער דרויסן, האָט אָנגעפילט די היים מיט זייער אַן אומ׳חנ׳עווודיקער יידישער ליידיקייט. די פאָרמולע, „ס׳איז אַמעריקע״, האָט פאַר׳נטפערט און באַרואיקט. אַפילו דער וואָס ביי אים איז יידישקייט די צינד־קראַפט פון זיין לעבן, האָט אויך געמוזט אַראָפּלאָזן די הענט. זיין געמיט איז געווען פון איינעם וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין אַ וואַלד און דערפילט אַז אַ באַנדע אומגעזעענע גזלנים רינגלען אים אַרום. אַזאַ מענטש פאַרדעקט זיין אינערלעכע קעלט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל און ער ווערט סכנותדיק „טאָלעראַנט״ צו יעדן פאַרבייגייער.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען קומט אויס יעדן געבליבענעם יידישן איינפיר אין דער היים — כשרות, די פאָטאָגראַפיע פונעם זיידן אויף דער וואַנט, אָדער יידישע ביכער — צו אָטעמען שטיל, אָן סטימולירנדיקן כוח, צו פירן אַ פּאַסיוו לעבן. פאַרן קינד איז די היים אַ צענטער פון באַפרידיקן עלעמענטאַרע באַדערפעניששן, אַמאָל נאָכגעבן אַ ביסל יידישקייט, און נאָך מער צו העלפן באַפרייען די היימישקייט פון הויז פון יידישער גייסטיקייט.

צו יעדער צייט קען מען געפינען אין יידישע דערציאונג־אינסטיטוציעס אַרום 25 פּראָצענט פון אונדזער קינדער־באַפעלקערונג. אָבער אַרום 75 פּראָצענט יידישע קינדער האָבן באַקומען אַ וועלכע עס איז יידישע דערציאונג. פאַרוואָס איז דער אונטערשייד אַזוי גרויס? ווייל דאָס רוב יידישע קינדער האַלט זיך אַ קורצע צייט ביים יידישן לערנען. זיי פאַלן אַרויס פון יידישן תלמידים־קלאַס. די פּאַסיווע היים ווערט נאָך פּאַסיווער צוליב דער אַוועקרייסנדיקער אַקטיווער גאַס, שעפּן זיך אויס די כוחות גאַנץ פרי.

איך האָב פריער אָנגעוויזן אויף פיר הויפּט־מאָמענטן וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט די אַמאָליקע היים. פונקט דער היפּוך דער איז די טענדענץ אין דער אַמעריקאַנער יידישער היים. איר יידישקייט איז דורכויס צופעליק, ניטאָ קיין שום דורכגעטראַכטע איינשטעלונג פאַרוואָס מען זאָל איין פונקט פון יידישקייט יאָ אָפּהיטן, און דעם אַנדערן ניט. די אַזוי־גערופענע וועלטלעכע יידן האָט זיך ביז איצט, נאָך כסדרדיקע באַמיאונגען פון יחידים, פאַרט ניט איינגעגעבן צו שאַפן כאָטש אַ בלאַסן שאָטן פון עפּעס אַן אויסגעהאַלטענעם צוגאַנג. בקיצור, עפּעס וואַלגערן זיך ברעקלעך, שטיקלעך, און בלויז דער צופאַל באַשטימט וואָס מען זאָל אויפהייבן און וואָס פאַרוואַרפן.

די יידישע היים איז פּאַסיוו, האָט ניט קיין אַמביציע צו סטימולירן און זיך אַריבערצוטראָגן אויפן לעבן פון די קינדער, זי איז אינדזולדיק, אירע יידישע עלעמענטן זענען אָפּגעשלאָסן, פאַר זיך. אין דער אַמאָליקער היים, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט ברענענדיקער אַנטיסעמיטישער שנאה, האָט מען געצונדן חנוכה־ליכט אויפן פענצטער. זאָל די וועלט זען. אַזוי וויל דער דין. דאָ וואו קיין מורא איז ניטאָ, וועט מען פונדעסטוועגן ניט ווייזן די ברענענדיקע ליכטלעך אין פענצטער, ווייל יידישקייט איז אַ פּריוואַטער אינדזול, און אַ פענצטער קען צעשטערן דאָס געפיל פון אָפּ־געזונדערטקייט.

די יידישע היים האָט זיך שוין אויך צוגעוואוינט צום געדאַנק פון איר מאָמענטאַלקייט, פון איר דערוויילִיקייט. ממילא טראָגן ניט אירע יידישע עלעמענטן אויף זיך די סאַנקציע פון אַ העכערער גייסטיקייט, וואָס מעגטשן נעמען געוויינטלעך אויף ווי אַן אַבסאָלוטן פּאָזיטיוון ווערט. יידישע ביבליאָ־טעקן האָבן אַ היפּשן חלק ספרים, העברעאישע, יידישע, אַפילו ענגליש־יידישע ביכער, וואָס קינדער שענקען זיי נאָכן טויט פון די עלטערן. סיי עלטערן, סיי קינדער, פילן די דערוויילִיקייט פון דער היים, וואָס דאָס אַליין וואָלט גענוג געווען צו געבן יידישע פונקציעס דעם כאַראַקטער פון „מהיכא תיתי״, אַ צושטאַנד וואָס איז אפשר גענוג צו וועגעטירן אָבער זיכער ניט איינפלאַנצן אַ פולבלוטיק לעבן אין די וואַקסנדיקע דורות.

— 4 —

יידישע מינאָריטעטן צווישן יידן

גוט איז אונדז וואָס מיר האָבן געזונטע מינאָריטעטן צווישן יידן, וואָס יידישע לעבנס־פאָרמען וואָרצלען טיף אין זייערע נשמות, און וואָס מיר זענען דאָ פריי צו וועקן, ווירקן און טאָן. מען מוז מודה זיין אַז ניט אַלע צווישן אָט די מינאָריטעטן האָבן קלאָר דערזען אָדער זעען אַפילו איצט די היים־פּראָבלעם. צום מערסטן האָט געזינדיקט אין דעם דאָס ווינקל פון דער נייער יידישער שול. מיר האָבן דערפילט די נויטן פון יידישער דערציִ־אונג; מיר האָבן קלאָר באַנומען די האַרבע שול־פּראָבלעמען, אָבער מיר האָבן ניט גענוג באַמערקט די שייכות צווישן די שוואַכקייטן פון דער שול און דער אויסגעליידיקטער יידישער היים. מיר האָבן ניט גענוג איינגעזען אַז אונ־דזערע קינדער זענען לחלוטין ניט צעטיילט אַזוי ווי זייערע עלטערן אויף אינ־טענסיוו־יידישע מינאָריטעטן און גלייכגילטיקע מאַיאָריטעטן, און אַז די קעגנ־זייטיקע ווירקונגען צווישן זיי מיט דער הילף פון אַרומיקן לעבן וואָס רייסט אַוועק פון יידישן אינהאַלט, מוז זיך אָפּרופן צום שלעכטן אויף אַלע אונדזערע באַמיאונגען לטובת דער יידישער שול.

עטלעכע ציפערן וועלן ווייזן ווי אַזוי דאָס קומט פאָר אין דער פּראַקטיק. איך האָב געפרעגט צוויי פּראַגעס ביי 55 תלמידים פון אַ היגער מיטלשול, אין עלטער פון 13־17. איך האָב ביי יעדן געפרעגט, ערשטנס, וויפיל אינ־טימע פריינד ער, אָדער זי, האָט. צווייטנס, וויפיל פון די דאָזיקע פריינד באַזוכן אַ יידיש לערן־אַנשטאַלט. איך האָב אויך דעפינירט אַז אַן „אינטימער פריינד" איז אַזאַ אין וועלכן מען פאַרטרויט זיך, און אַזאַ מיט וועלכן מען האָט ליב וואָס אָפטער צו פאַרברענגען. דאָס בילד וואָס עס באַקומט זיך פון די עטלעכע ציפערן איז, דאַכט זיך מיר, זייער אינטערעסאַנט.

פון די ענטפערס זעט מען אַז די 55 יוגנטלעכע האָבן 265 אינטימע פריינד. פון זיי גייען 55 אין פאַרשיידענע יידישע שולן און תלמוד־תורה׳ס, און 211 גייען אין ערגעץ ניט. הייסט עס אַז אין דורכשניט האָט יעדער תלמיד אַרום 5 אינטימע פריינד, וואָס אַרום 4 פון זיי האָבן מיט יידישן לערנען לחלוטין ניט וואָס צוטאָן. דאָס הייסט, אַז אין דער צייט ווען די גע־פרעגטע תלמידים זענען פאַרנומען אין קלאַסן, שרייבן, לייענען, שמועסן וועגן יידישע ענינים, זענען פיר פינפטל פון זייערע אינטימע פריינד — די וועלכע זיי וואָלטן אַזוי שטאַרק געוואָלט זיין מיט זיי און פאַרברענגען צוזאַמען — אינגאַנצן פריי פון יעדער אינטעלעקטועלער און עמאָציאָנעלער פאַר־בינדונג מיט יידן. עס איז אַזוי ווי די פיר וואָלטן געווען לעבעדיקע עדות אַז מען קען זיין אַ גאַנץ גוטער מענטש וואָס פאַרדינט צוטרויעלעכע פריינד־שאַפט און ניט לעבן אונטערן איינפלוס פון יידישער דערציאונג.

גייען מיר אַוועק פון מאַטעמאַטישן דורכשניט און באַקענען זיך מיט דער פּאַקטישער לאַגע, ווייזט זיך אַרויס אַז 28 פון די תלמידים האָבן ניט קיין איינציקן אינטימען פריינד אין אַ יידישער שול, און בלויז 6 האָבן אַזעלכע חברים וואָס לערנען אַלע אין יידישע שולן. די צאָל תלמידים וואָס האָבן מער אינטימע חברים אין אַ שול ווי אויסער אַ שול באַטרעפט 6, אָבער די וואָס האָבן מער אינדרויסן פון אַ שול ווי אין אַ שול, איז 49. מיר קענען זיך לייכט פאָרשטעלן אונטער וואָסער נעגאַטיוון דרוק עס לעבט דאָס יידישע באַוואוסטזיין פון די תלמידים ביי וועלכע איך האָב געפרעגט מיינע פּראַגעס. אמת, די דאָזיקע 55 האַלטן דאָס אויס, לאָמיר בעסער זאָגן, דערוויל האַלטן זיי דאָס אויס. אָבער ווען איך דערמאָן זיך וויפיל עס פאַלן אָפּ פון אַלע יידישע שולן טאָג איין, טאָג אויס, פאַרשטיי איך אַז אָט דער שטענדיקער דרוק האָט מסתמא דערמיט זייער אַ סך צו טאָן. באמת, זיצט אַ קינד אין קלאַס און טראַכט אַז זיינע אינטימע פריינד שפּילן זיך איצט אין גאַס, גע־פינען זיך אין די מואוויז, האָבן ניט אויף זיך דעם בליק, אַפילו ניט דעם טובהדיקן שמייכל פון אַ דערוואַקסענעם. קיינער זאָגט זיי ניט קיין שטראָף־רייד, זיי זענען בלויז מיט זייער גלייכן אָן שום מוז אויף איצט אָדער שפּע־

טער. פאַרן קינד אין קלאַס איז דאָס זיכער אַ נסיון וואָס מען דאַרף האָבן כוח ביישטיין.

עס איז דורכויס נייטיק מיר זאָלן זיך אָפּגעבן אַ קלאָרן דין־וחשבון וועגן די באַדינגונגען אונטער וועלכע מיר לעבן און וועלן לעבן אין אַמעריקע. די אַמאָליקע היים, אַפילו אין אַ היינטוועלטיקן נוסח, וועלן מיר דאָ ניט קענען רעפּראָדוצירן. דאָס איז, אַ חוץ אַנדערע פאַקטאָרן, אויך פאַרבונדן מיט דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע פון אונדזער לעבן דאָ וואָס איז און וועט מוזן בלייבן אַנדערש. מען קען ניט האָפן אַז עס וועט זיך דאָ איינגעבן צו שאַפן אַן איינהייטלעכן טיפּ יידישקייט, אָדער צו געווינען לעגאַלע אָנער־קענונג פאַר אַ קאָרפּאָרירטער יידישער געזעלשאַפט, אַ קהילה. עס קען דערי־בער קיין רייד ניט זיין מיר זאָלן אויף אַ געזעצלעכן אופן קירעווען די יידישע אויסדרוק־פאָרמען. יידן וועלן האָבן די ברירה צו זיין מיט אונדז אָדער אַוועקצוגיין. אָבער עס ליגט אין אונדזערע הענט צו שאַפן געוויסע מינימאַלע פאָדערונגען ביי די וואָס מיר ווילן האַלטן ביי אונדזער געזעלשאַפטלעכן ראָד. ווען מיר זאָלן דאָס אַלע וועלן, און העלפן די פּראָצעסן וואָס פירן דערצו, קענען מיר שאַפן אַ יידישע אויטאָריטעט וואָס זאָל אונדז ווייזן ווער עס איז אינעווייניק און ווער דרויסן, און האַלטן די דרויסנדיקע אין דרויסן.

יידישע קינדער, וואָס באַקומען אַ יידישע דערציאונג, וועלן על־פּי רוב באַזוכן נאָכמיטאָג־שולן. דאָס וועט זיי האַלטן אין אַ יידיש־דערווייטערטער וועלט, אָבער אַזאַ איז דאָס היגע לעבן וואָס קיינער פון אונדז קען ניט בייטן. אויך דערוואַקסענע יידישקייט איז, און מוז זיין, אַ מין נאָכמיטאָג־יידישקייט. יענע יידישע אָפּגעזונדערטקייט וואָס איז געווען אַזוי נאַטירלעך פאַרן אַמאָליקן פּוילן, איז דאָרט אויך געוואָרן אַ סך בלאַסער צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. אַפילו דער רוצחישער אַנטיסעמיטיזם פון אַלע קלאַסן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט אָט דעם פּראָצעס ניט געקענט אָפּשטעלן. דאָ אין אַמעריקע, קען אַוודאי און אַוודאי אַנדערש ניט זיין.

עס קען אויך ניט זיין קיין ספּעציעלע באַוועגונג צו מאַכן אינטענסיווער און אַקטיווער דאָס יידישע געשטאַלט פון דער יידישער היים. וואָרעם היים איז בטבע אַן אינסטיטוציע וואָס שטרעבט זיך אויסצולעבן אין וואָס מער פּריוואַטקייט. אין אַ פרייער דעמאָקראַטיע ווערט דאָס נאָכמער אונטערגע־שטראָכן. דאָס לעבן פון פּריוואַטקייט קען ניט צולאָזן קיין „באַוועגונג“, קען ניט צולאָזן צום פּענצטער דאָס אויג פון געזעלשאַפטלעכער משגיחעריי. מיר קענען אָבער יאָ האָפן צו מאַכן קרעפטיקער און באַפעלערישער אַ געזונטן דעת־הקהל וואָס זאָל ממילא אָנפילן מיט מער לעבעדיקן יידישן אינהאַלט די ד' אמות פון דער יידישער היים. די דאָזיקע אַרבעט ווערט שוין אייגנטלעך איצטער געטאָן, אָבער מען דאַרף אין איר אַריינברענגען מער באַוואוסט־זיניקע כוונה און אַריינציען אין איר וואָס מער כוחות.

די גרויסע פֿאַראייניקונג פֿאַר אַלגעמיינער און לאָקאַלער ייִדישער הילף — עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קולטורעלע — האָט צונויפֿגעבראַכט נע־ענטער און ענגער אַ צעשטויבטע ייִדישע באַפֿעלקערונג. די ריזיקע אַרבעטן פֿאַר ארץ־ישראל האָט אי צונויפֿגעבראַכט, אי אָנגעצונדן גרויסע שטרע־בונגען וואָס אינטענסיפֿיצירן ייִדיש לעבן. די „צענטער"־באַוועגונג, וואָס איז איצט אַזוי ווייט פֿאַרשפּרייט איבער די שטעט און שטעטלעך פֿון אונדזער לאַנד האָט אויפֿגעוועקט אַ שטאַרקן חשק פֿאַר גרעסערע ייִדישע מעג־לעכקייטן. אין גרויסע שטעט האָט די דאָזיקע באַוועגונג נאָך צופֿיל ניט געקענט אויפֿטאָן. אָבער אין קלענערע, און ווייניקער צעשפּרייטע ייִדישע קהילות זעט זיך שוין אָן גאַנץ בולט די טובה דערפֿון. עס זענען שוין פֿאַראַן שטעט וואו דער צענטער איז געוואָרן דער זאַמל־פּלאַץ פֿאַר כמעט דער גאַנצער ייִדישער יוגנטלעכער באַפֿעלקערונג.

דער גאַנג צו אַלץ מער צענטראַליזאַציע פֿאַרמאָגט אין זיך בלי ספק גוטע הבטחות אויף דער צוקונפֿט, נאָך מער צוליב דעם וואָס דאָס איז ניט קיין אַבסטראַקטע פֿילאָסאָפֿיע, נאָר אַן אַרויסגעוואַקסענע פֿון פּראַקטישע ייִדישע נויטן. נאָך וויכטיקער איז דאָס וואָס די צענטראַליזאַציע איז פֿון אַזאַ כאַראַקטער אַז זי שאַפֿט ניט אָפּ די אויטאָנאָמישע עקזיסטענץ פֿון די פֿאַרשיידענע גרופּירונגען, פֿון די רעליגיעזע, קולטורעלע, און אַנדערע ריכטונגען. דאָס לעצטע, אונדזער צעטיילטקייט, איז בלי ספק אַ פֿאַרבלייבנ־דיקע כאַראַקטעריסטיק פֿון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע, און די וואָס ווילן זי אָפּשאַפֿן טוען אונדז ניט ווייניקער שאָדן ווי די וואָס שטערן אונדזער איינקייט ביי אַלגעמיינע קריטישע פּראָבלעמען.

אַזאַ מין צענטראַליזירטע טעטיקייט קען פֿירן צו דער אַנטוויקלונג פֿון אַ גילטיקן דעת־הקהל וואָס זאָל ווערן אַ טרייב־קראַפֿט אין אַלע ווינקלען פֿון אונדזער לעבן. די נאַטירלעכע אַקטיווקייט און אַגרעסיווקייט פֿון די וואָס ייִדישקייט גייט זיי אין לעבן וועט מיט דער צייט — דורך צענטראַליזירטער ייִדישער טעטיקייט — מוזן אָפּשוואַכן די פֿירערישע ראָלע פֿון יענע וואָס ייִדישער קיום איז ביי זיי אַ פֿינפֿטער ראָד צום וואָגן. צום טייל איז דאָס שוין טאַקע פֿאָרגעקומען. אויך די אַנטוויקלונג פֿון די צענטער־פּראָגראַמען איז אַן עדות דערפֿון. אין ייִדישע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציעס איבערן לאַנד, אַרבעטן אַ סך, אַ סך טויזנטער יוגנטלעכע אָנגעשטעלטע. ביי אַ פֿאַרשטאַרקן ייִדישן דעת־הקהל איז מעגלעך אויסצואווירקן מען זאָל אויס־אַרבעטן אַ דיפֿערענציאַלע סקאַלע פֿון מינימום ייִדישער בילדונג וואָס יעדער באַשעפֿטיקטער אין אַ ייִדישער געזעלשאַפֿטלעכער אינסטיטוציע מוז באַפֿרידיקן. דאָס וואָלט ניט בלויז אָנגעפֿילט ייִדישע דערציאונג און בילדונג־אַנשטאַלטן מיט פּראַקטישן ווערט, וואָס דאָס איז אַזוי אומגעהייער וויכטיק, נאָר עס וואָלט אויך געהויבן דעם פֿערזענלעכן פּרעסטיזש און

די סאָציאַלע חשיבות אי פון יידישע קענטעניש, אי פון יידישער געזעל־שאַפטלעכער אַרבעט. דאָס וואָלט אויך געקענט פירן צו דעם אַז אַזעלכע יידישע צענטראַלעס זאָלן שאַפן אַ סיסטעם פון פרייזן פאַר ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע ווערק אין קלאַנג, פאַרב און שטיין. דאָס וואָלט דער־מוטיקט יידישע שאַפנדיקע כוחות, און ממילא געבראַכט צו דעם מען זאָל מער אַכטונג געבן אויף יידישע קינדער וואָס ווייזן אַרויס ספּעציעלע פעאיקייטן, זיי העלפן און פירן אויף אַ וועג אַז זיי זאָלן באַרייכערן און פאַרשענערן די אייגענע וועלט.

איך ווייס, ניט אַזוי שנעל טוט זיך דאָס ווי עס רעדט זיך. אָבער די טענדענצן ציען זיך אין אַזאַ ריכטונג, און די צייט איז רייף אונדז אין דעם צו העלפן. דאָס איז דער וועג וואָס קען אויך באַרייכערן דעם יידישן אינהאַלט פון דער יידישער היים. ניט געבן קינדער קיין יידישע דערציאונג קען ווערן אַ חרפּה, עפּעס וואָס שטעלט יידן אין פאַרלעגנהייט ווען מען דערוויסט זיך דערפון. אויף אַזאַ אופן קען די פאַריידישונג פון דער היים גיין אַהין און צוריק, פון עלטערן צו קינדער און פון קינדער צו עלטערן, צו דער היים בכלל.

— 6 —

## אויפגאַבעס פון יידיש און דער יידישער שול

וואָס קען זיין די ראָלע פון די וואָס זענען זיך מתעסק אַרום דער יידיש־וועלטלעכער שול אין אַזאַ פּראָצעס? זייער אַ וויכטיקע. עס איז געווען אַ צייט ווען דער דאָזיקער קרייז האָט זיך הערמעטיש אָפּגעשלאָסן אין איי־גענעם ווינקל, און זיך נאָך דערצו אַרומגערינגלט מיט שטעכיק דראָט אַז עס זאָל זיין וואָס שווערער צו אים צוצוקומען. דאָס איז געווען די צייט ווען מען האָט זיך געוואָרפן מיט לאָזונגען ווי מיט ברענענדיקע שטורקאַצן, לאָזונ־גען וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין היציקער איבערגעאיילטקייט. אין יענער צייט האָט מען געהערט אַז די יידיש־וועלטלעכע שול דאַרף מען צוליב סאָציאַליזם, צוליב פּראָגרעסיווע דערציערישע מעטאָדן, צוליב וועלטלעכקייט. אָבער וועלטלעכקייט איז פאַרשטאַנען געוואָרן ניט אין אַלטן יידישן טייטש — ניט־געבונדנקייט צו אַ פיקסירטן, דאָגמאַטישן שולחן ערוך, מאָדערן מיט אַ ברייטן וועלט־בליק — נאָר אינעם זינען פון סעקולאַריזם, פון עפּעס וואָס אונטערשיידט זיך פון רעליגיע, וואָס איז אין דער אמתן אָפט געווען אַנטי־רעליגיע.

דער מינדסטער בליק אויפן גאַנג פון דער יידישער שול אין אַמעריקע ווייזט קלאָר אַז די אַלע פריערדיקע לאָזונגען, און די פּאַקטישע לאַגע וואָס האָט זיי געקענט אַרויסרופן, זענען צעגאַנגען ווי רויך. דערהויפּט איז

וויכטיק איינצוזען אַז דער גלויבן אין אַן אויפגעקומענער יידיש־וועלטלעכער סביבה האָט זיך דורכויס ניט באַרעכטיקט. יידן צעטיילן זיך ניט אויף „רעליגיעז" און „וועלטלעך", ד"ה סעקולער, די גאַנצע צעטיילונג איז געקומען פון דרויסן און האָט זיך ביי אונדז לחלוטין ניט איינגעבירגערט. עס איז ניטאָ קיין שום אויסגעהאַלטענער אונטערשייד בנוגע אָפּהיטן טראַדיציעס, צווישן די עלטערן וואָס שיקן זייערע קינדער אין ישיבות, תלמוד־תורה'ס, קאָנגרעגאַציע־שולן, טעמפּלען, אָדער יידישע שולן.

אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט פון גאלוב און נאַרדי („ריקאָנסטראָקשאָניסט" 15טן יוני 1945) פאָרשט אויס די יידישקייט אין היימען פון קינדער וואָס לערנען זיך אין דריי רעליגיעזע שולן. די דאָזיקע היימען ווייזן זיך אַרויס צו זיין שטאַרק „פאַרוועלטלעכט". אין מיינע אייגענע אכטגעבונגען אויף היימען פון קינדער אין יידיש־וועלטלעכע שולן האָב איך געפונען גאַנץ געצוג פון „רעליגיעזן" אינהאַלט. דער צווייטער דור וועט זיך גיכער נאָך מער אויסגלייכן. דאָס וויכטיקסטע איז צו געדענקען אַז די אונטערשיידן, וואו זיי זענען יאָ דאָ, האָבן לחלוטין ניט וואָס צו טאָן מיט טעאָרעטישע הנחות. די צווישן זיי וואָס ציגדן ליכט פרייטיק־צונאַכטס פילן זיך גאַנץ גוט און היימיש מיט די וואָס טוען דאָס ניט. מען פאַרפירט ניט קיין וויכוחים צוליב דעם. דער פּרינציפּיעלער סעקולאַריזם איז געבליבן אין די מוחות פון דאָקטרינערישע אינטעליגענטן, וואָס די היגע יידישע ווירקלעכקייט האָט פאַרניכטנדיק איגנאָרירט.

זינט דעם אָנהייב פון אונדזער שול באַוועגונג ביז אין די צוואַנציקער יאָרן איז באמת געוועזן אַ גרונט צו מיינען אַז עס קומט אויף אַ באַזונדערע וועלטלעכע סביבה, און גרייט זיך צו ווערן אַ כוח אין אונדזער פאָלקישן לעבן. פאַר זיך אַליין מוז איך זאָגן אַז איך האָב אין יענער צייט דאָס געהאַלטן פאַר אַזאַ זיכערן פאַקט אַז איך האָב אויף דעם געבויט דעם גאַנצן טעאָרעטישן צוגאַנג צו יידיש־וועלטלעכער דערציאונג. אָבער די אַנטוויקלונגען פון אונדזער שול־באַוועגונג אויף יענער זייט ים האָט קלאָר דערוויזן אַז יידישער סעקולאַריזם, וואָס קאָנסעקווענטער ער וויל זיין, מוז ער זיך אַלץ מער און מער דערווייטערן פון יעדער פאַרבינדונג מיטן יידישן פאָלק.

אין סאָוויעט־פאַרבאַנד איז דער סעקולאַריזם צווישן יידן דורכגעפירט געוואָרן מיטן כוח פון אַ מלוכה און מיט אַן אומגעהייערן געזעלשאַפטלעכן דרוק. אין דער לעצטער העלפט פון די דרייסיקער יאָרן איז דאָרט פון דער יידישער שול, און פון יידישן קולטור־לעבן כלל, געבליבן אַזוי ווינציק אַז די סכנה פון אַן ענדגילטיקן גייסטיקן חורבן האָט זיך מער ניט געלאָזט פאַרדעקן. די סעקולאַריסטישע פירער פון די סאָוויעטישע יידן — די סאָרטן פירער אונדזערע אין יענעם לאַנד — האָבן זיך ניט שטאַרק מצער געווען צוליב דעם, אויס מורא אָדער אויס פּרינציפּ. זיי האָבן מיט רוגזה

געזידלט אַלע פּשוטע יידן וואָס האָבן אַפילו אויפן אומדירעקטסטן אופן געגעבן צו פילן אַז זיי וואָלטן געוואָלט צובינדן זייערע קינדער צום יידישן פאָלק. דאָס אַלץ איז געגנוג געווען אַז סעקולאַריסטן וואָס האָבן אויך אַ חשק צו בלייבן יידן זאָלן זיך ניט פילן צו האָפערדיק.

ווי געזאָגט, האָבן מיר דאָ אין אַמעריקע, אַמאָל טאַקע געמיינט אַז ס'איז פאַראַן אַ געזונטער פאָלקישער קערן אין אַ פילאָסאָפיע וואָס צעטיילט יידיש לעבן אויף רעליגיע און „ניט־רעליגיע". האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ מורא און אַן אייפערזוכט ביי די וועלטלעכע לגבי אַלע אַנדערע קרייזן פון אונדזער פאָלק. אין יענער צייט, געדענק איך, האָט יעדער רוף מצד אַנדערע סאָרטן יידן זיך צו פאַרבינדן מיט זיי צוליב דער קלענסטער אַל־געמיינער אויפגאַבע אַרויסגערופן די שרעק פון „זיצן ביי איין טיש" מיט די וואָס האָבן זיך „מטמא" געווען מיט רעליגיע.

אָבער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז דער שכל אָפט אַ קריכער בעת די צייט לויפט בליץ־שנעל. היינט זיצט מען שוין געשמאַק ביי איין טיש אָן שום רעזאָלוציעס און טעאָרעטישע הכשרים. די צרה איז נאָר וואָס אַ סך פון אונדז קוקן נאָך אַלץ אויף צענטראַליזירטער יידישער פּלאַנירונג בלויז אויף וויפיל דאָס קען העלפן דעקן דעפיציטן. דערין ליגט אַ בלינדקייט וואָס ברענגט זיכערן שאָדן. מיר באַמערקן ניט אַז מיט אַזאַ באַציאונג גיבן מיר איבער די פירערשאַפט פון יידישן גייסטיקן לעבן אין די הענט פון יענע וואָס דער צענטראַליזירטער אַקט האָט ביי זיי אַ ווערט אין זיך אַליין. עס איז פּונקט ווי מיר וואָלטן געזאָגט: „אונדז גייט ניט אָן וואָס יידן האַנדלען קהילה־מעסיק; מיר קענען גאַנץ גוט באַשטיין צו זיין אין דרויסן, באָר אויב איר ווילט דווקא אונדז האָבן אינעווייניק מוזט איר זען אַז מיר זאָלן האָבן דערפון כך וכך". דאָס איז באַזונדערס טרויעריק ווייל מיר האָבן אַ גרויסע פונקציע צו דערפילן צווישן יידן אויף וועלכער מיר טאָרן ניט מוותר זיין. אמת, אונדזער עולם האָט אין פּריוואַטן לעבן כסדר געבראַכן דעם לעבלעכן אָנזאָג ניט צו פראַטערניזירן זיך מיט „רעליגיע", נאָר צו־שטרענג איז דער דאָזיקער פּרינציפּ אין אַמעריקע ניט געווען. דער סך־הכל איז אַז יידן וואָס שטייען מיט ביידע פיס אין יידישן לעבן צעטיילן זיך איצט, בנוגע יידישקייט, אויף מער און ווייניקער, ניט אויף יאָ און ניין. דער אַמאָליקער פּראָווינציעלער סעקולאַריזם האָט קיין אַריכת־ימים ניט געהאַט. עס איז אָבער יאָ געבליבן, און גאַנץ שטאַרק, דער פאָלקיש־קאָנסטרוקטיווער ווערט פון יידיש. אין דעם פּרט האָבן אונדזערע שולן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די ענגליש־רעדנדיקע יידן. דער עיקר אויף זייער יידיש־לעבנדיקער פירערשאַפט. יידיש, און אַלע ווערטן וואָס זענען אין יידיש געשאַפן געוואָרן, דאָס מאַכט שוין קיינער ניט אַוועק מיט דער האַנט. עס איז אונדז פולשטענדיק געלונגען איבערצוצייגן די אינטעליגענטע קרייזן פון דער ענגליש־יידישער וועלט

אַז עס ליגט אַ ריזיקער פּאָלקישער כּוח אין די ווערטן וואָס יידיש האָט געשאַפן און שאַפט.

דאָס איז בלויז דער אָנהייב, מיר האָבן אָנגערירט ניט קיין סך מער ווי די שפּיצן פון דער יידישער געזעלשאַפט. דאָס איז אויך קיין חידוש ניט. יידיש, ווי אַ קולטור־אוצר אין אונדזער לעבן, איז ניט סתם אַ נייער געדאַנק וואָס דאַרף זיך דורכברעכן אין דער היגער יידישער וועלט. יידיש איז גע־וואַקסן אין אַן אַטמאָספערע פון גרינגשעצונג. די יידן וואָס האָבן ניט, אָדער ווילן ניט האָבן יידיש אויף דער צונג, האָט זיך ביי זיי בלויז אָפּגעשטעלט אַ גרינגשעצונג וואָס גרענעצט זיך מיט אַ באַציאונג פון מיאוסן זיך. אַזעלכע געפילן איז זייער שווער בייצוקומען, ווייל עס איז גאָרניט פון די לייכטע זאַכן צו רעזאָנירן מיט געפילן. אָט דערין באַשטייט אונדזער אַרבעט. עס איז אַ גרויסע פּאָלקישע אַמביציע אויף אַ גרויסן פּאַרנעם.

אַזוי, אויפן געזעלשאַפטלעך־צענטראַליזירטן וועג איז פאַראַן מער האָ־פענונג אַז דער יידיש־געדאַנק זאָל דורכברעכן די ווענט פון דער יידישער היים, און ממילא ווערן אַ טייל פון איר לעבעדיקן יידישן אינהאַלט. וואָרעם די פּראָבלעם פון באַרייכערן דאָס יידישע אין דער היים איז ניט בלויז אַ קוואַנטיטאַטיווע, ניט בלויז אַ פראַגע וועגן פאַרגרעסערן דעם מעניו פון איינצלנע יידישע עלעמענטן, נאָר דער עיקר וועגן די לעבעדיקע כּוחות וואָס זיי פאַרמאָגן אין זיך ווי אַ גאַנצקייט. ממילא דאַרף יעדע נייע הוספה זיין פון אַזאַ מין אַז זי זאָל אַריינגיסן פונקציאָנעלע רירעוודיקייט אין דעם וואָס איז שוין דאָ. דאָס קען פירן צו דעם אַז דער קאַרגער, סטאַבילער פּראָצענט יידישע קינדער וואָס באַקומט אַן אינטענסיווע יידישע דערציאונג זאָל געבראָכן ווערן; אַז די באַלעבטע יידישע היים זאָל דירעקט און אומ־דירעקט ווירקן צו מאַכן שול־דערציאונג פאַר אַ הערשנדיקן פאַקטאָר אינעם לעבן פונעם רוב יידישע קינדער.

(1948)

# דער נייער דור

וואָס וועט ווערן פון אונדז דאָ, אין דאָזיקן אַמעריקע? איך זע כמעט בחוש ווי עס שטייען לאַנגע, לאַנגע רייען יידן ביים אינפאָרמאַציע־טיש פון שר ההיסטאָריע; יעדער וויל וואָס שנעלער אויסגעפינען די סודות פון מאָרגנ־דיקן טאָג. אפשר קען מען פאָרט עפּעס דערגיין וועגן דער צוקונפט פון יידן אין אַמעריקע, און אפשר קענען אַזעלכע געפינסן אָנגעווענדט ווערן ניט בלויז אויף אַמעריקע.

וואָלט זיך עס געהאַנדלט וועגן הוילער נביאות וואָלט קיין שום האָפענונג ניט געווען. ווייסן מיר דאָך אַז זינט דער בית־המקדש איז חרוב געוואָרן האָט זיך אָפּגעטאָן די נבואה פון ישראל, היינט וויל קיינער קיין נביא ניט זיין. היינט וויל מען מעסטן, וועגן, אויסרעכענען וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט געבן. דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין. מען דאַרף, זאָגט מען, בלויז וויסן, און וויסן קלאָר, גענוי, וואָס מיר זענען איצט, וועלן מיר שוין ממילא קענען זיך דערשלאָגן צו דעם וואָס עס וועט פון אונדז ווערן מאָרגן.

אָבער דאָ קומט פאָר אַ מאָדנע זאַך. ווען אַ היסטאָריקער וויל, למשל, וויסן די פאַקטן פונעם לעבן פון אַלטן ספּאַרטאַ, לייענט ער אַ צאָל ביכער, זוכט אויף שייכותדיקע דאָקומענטן, מאַכט פאַרגלייכן מיט אַנדערע לענדער פון יענער צייט. אַזוי קריגט ער אַ בילד פון דעם וואָס ער זוכט און ער דערציילט אונדז די גאַנצע מעשה.

ווען אַ מענטש וויל זיך באַקענען מיטן לעבן פון אַ ווייטער מדינה, למשל, טורקעסטאַן, פאָרט ער אַהין, פאַרברענגט דאָרט עטלעכע וואָכן און פאַרטיק. אויב ער איז אַ צייטונגס־קאָרעספּאָנדענט שרייבט ער אַ לאַנגע סעריע אַרטיקלען, און דאָס גאַנצע לעבן פון דער מדינה, מיט אַלע אירע פּראָבלעמען, צרות און נחתן, ווערן פאַר אייך אַזוי קלאָר און ממשותדיק אַזוי ווי איר וואָלט געשטאַנען דערביי און אַלץ געזען מיט די אייגענע נאַקעטע, חושימ־דיקע אויגן.

אָבער ווען מיר ווילן פאַרשטיין דאָס לעבן פון אַ לאַנד, ניט פון טויזנ־טער יאָרן צוריק אָדער טויזנטער מיילן ווייט, נאָר טאַקע די אייגענע היים, דאָס וואָס רינגלט אונדז אַרום יעדע רגע פון מעת־לעת, דעמאָלט איז שוין דער ענין ניט אַזוי פּשוט און אַזוי לייכט. די אייגענע היים לאָזט זיך אַזוי לייכט ניט אַרומכאַפּן, און ביט אַלע היימישע דערציילן וועגן איר די זעלביקע מעשה.

צו דערגיין וואָס עס טוט זיך איצט אין אַמעריקאַנער יידישן ישוב, וואָלט מען געקענט מיינען, איז זייער אַ גרינגע זאַך. וואָס העכער עס איז אַ ציוויליזאַציע אַלץ לייכטער איז צוצוקומען צו יעדער געשעעניש פון עפנטלעכן

לעבן. גאַס מיט גאַס, שטאָט מיט שטאָט, געגנט מיט געגנט, זיי זענען געבונדן און געפלאָכטן צווישן זיך מיט דראָט און אָן דראָט. אינעם פּריוואַטן בריוו־קעסטל געפינט מען יעדן טאָג ווענדונגען מכל המינים קאָמערציעלע, פי־לאַנטראָפּישע, קולטורעלע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס. מען אינפאָרמירט אונדז, מען פאָדערט, מען לייגט פאָר, מען דערציילט אונדז מיט די שטאַרקסטע אַקצענטן די מעשה פון כסדרדיקן לעבן פון שטאָט און לאַנד, הײנט צו טאָג, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, עס שפּרודלט, עס שווייבלט און גריבלט מיט לעבן פון אַלע זייטן.

בלעטערט דורך אַ צייטונג, לייענט אַרטיקלען און אַנאָנסן, און עס ציט זיך פאַר אייך אַ שנעל־באַוועגלעכע פּאַנאָראַמע פון יידישן לעבן אין לאַנד. אַ קאָכיקער ישוב אין מזרח, אַ ניי־אויסגעוואַקסענער טומלדיקער ישוב אין מערב. די צאָל אָרגאַניזאַציעס, ווי די שטערן אין הימל, ווי זאַמד אויפן באָרטן פון ים; עס ציט זיך אַ ריזיקער שטח פון עקסטרעם אָרטאָדאָקס ביז עקסטרעם רעפאָרם, פון שרעקלעכער אומוויסנדיקייט און גראָבקייט ביז העכסטער לומדות, געלערנטקייט און איידלקייט. קאָנגרעסן, קאָנפערענצן, פאַרזאַמלונגען, מיטינגען, זיצונגען, מסיבות, האַמפּערן זיך, קלערן, טראַכטן וועגן אַלע סאָרטן דאגות און נויטן פון פאָלק ישראל. דרשנים, ראַביים, לעקטאָרן, רעדנער, לאָזן הערן זייערע שטימען און מחשבות אויף טויזנטער פּלאַטפאָרמעס און בינעס; אין אַלע ווינקעלעך פון מזרח, מערב, צפון, דרום, זיצן עולמס פאַרגאַפּט און באַגייסטערט, אָדער אַנטוישט און דערשלאָגן, אַפּלאָדירן אָדער פּראָטעסטירן.

רעפּאָרטערס, זשורנאַליסטן און פּובליציסטן, פעליעטאָניסטן און קאָלומ־ניסטן דריגגען, קאָמענטירן, באַלייכטן און באַווייזן באותות ובמופתים אַז ווען קאָלאָמבוס איז אַוועק פון אונדזער אומגליקלעכער שפּאַניע אין 1492 האָט ער אַנטדעקט אונדזער איצטיקע פרייע אַמעריקע. עס איז אָנגעצייכנט גע־וואָרן אַז לא אלמן ישראל און דער גורל האָט געפסקנט אַז נצח ישראל לא ישקר.

די וואָס האָבן זיך ליב צו טובלען אין היסטאָרישן זכרון זעען אינעם הייגטיקן בילד אַ גאַנץ געוויינטלעכן טראָפּן אין אייביקן יידישן ים וואָס ציט זיך דורך לענדער און דורות, אַ ים וואָס בייט בלויז די קאָליר פון זיין שוים, אָבער ניט פון זיין טיפערן אינהאַלט. פאַר זיי אַנטפּלעקט זיך אַ גלייכע, ניט־אָפּווייכנדיקע ליניע פון פּומבדיתא ביז ישיבה־אוניווערסיטעט, פון אַ חברה ביקור־חולים ביז אַ הײנטיקן ניו יאָרקער יידישן שפּיטאָל, פון די תקנות פון מיטלעלטערלעכע קהילות ביז די באַשלוסן פון אַמעריקאַנער יידישן „וועלפעיר פאָנד״.

מען ווערט אָפט פאַרכאַפּט פון די בלענדנדיקע פאַרבן פון אָט דעם כולל־דיקן בילד. טיילמאָל, ווען מען קוקט אַזוי פאַרגאַפּט אויפן באַוועגלעכן

ספעקטרום פון היגן יידישן לעבן שטעקט מען זיך אָן פון די לייכטע און גרינג־באַלאַנסירטע געמיטער וואָס לעבן צופרידן מיט דער הנאה פון דער פּאַנאָראַמע. מען קען אויך פאַרשטיין די מאָטיווירנדיקע כוחות פון די טיפערע גריבלער בעת זיי ווייזן אַרויס אַזאַ שנעלע גרייטקייט דן צו זיין לכף־זכות אַלע טענדענצן וואָס שניידן זיך אַריין אין אונדזער היגן לעבן. סוף־כל־סוף איז אָפּט פאַראַן מער ליכט ווי שאָטן אין דעם וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן; רייסט אויף אויער און אויג דורך אַלע קאָמוניקאַציע־מיטלען וואָס עפנט־לעך לעבן פאַרמאָגט אין דער וועלט פון מאָדערנער ציוויליזאַציע.

אָבער עס איז פאַראַן אַ גרויס שטיק לעבן, אפשר דער גרעסטער חלק פון לעבן, וואָס אַפילו די בעסטע קאָמוניקאַציע־מיטלען דעקן ניט אויף. ווען מיר הערן אַז מענטשן זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ געוויסן געדאַנק, וועט אָבער די דאָזיקע בשורה בשום אופן אונדז נישט קענען זאָגן — סיידן מען האָט נאָך עפּעס געטאָן, אַ חוץ פאַרשפּרייט די הוילע נייעס — וויפיל מענטשן עס זענען אין דעם פאַרוויקלט. נאָך וויניקער וועט דער פאַקט אַליין אונדז קענען אויפקלערן צי דאָס איז אפשר אַ פאַל וואו אַ קליינע צאָל קען אויך שפּילן אַן אומגעהייערע געזעלשאַפטלעכע ראָלע.

אָדער נעמט למשל אַזאַ פאַל: אַ פאָרשטייער פון אַן אָרגאַניזאַציע איז זיך עפנטלעך מתחייב צו אַרבעטן לטובת אַן אונטערנעמונג וואָס בעט זיין מאָראַלישע הילף. דער פאָרשטייער, אָדער פּרעזידענט, שטרעקט אויס אַ וואַרעמע האַנט אין נאָמען פון די הונדערט טויזנט מיטגלידער פון זיין אָרגאַניזאַציע. דאָס מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק סיי אויף אָנהענגער, סיי אויף קעגנער. אָבער ווי זעט אויס די רעאַליטעט וואָס שטייט הינטער דעם? עס איז דאָך מעגלעך אַז פון די הונדערט טויזנט זענען פאַראַן בלויז אַ קליינע צאָל וואָס האַלט מיטן פאַרטרעטער זייערן, זייער פּרעזידענט. אויב אַזוי, וועט דאָך דעם פּרעזידענטס הבטחה האָבן אַ סך אַ קלענערן ווערט ווי דער אויבנאויפיקער איינדרוק. בכלל, אין דער געזעלשאַפטלעכער וועלט שפּילט אַ געוואַלדיקע ראָלע די פונקציע פון „פאַרטרעטן״, אַפילו ביי געלעגנהייטן ווען מען האָט די פאַרטראָטענע ניט געפרעגט, וואָס דאָס איז ממש אוממעגלעך אין אַלע פאַלן. היינט אויב מיר ווילן וויסן אַקוראַט וועגן די געדאַנקען און באַציאונגען פון די מיטגלידער — וואָס פון דעם הענגט אָפּ די גייסטיקע אַטמאָספערע פון היינט און מאָרגן — איז טאַקע שווער עפּעס צו דרינגען פון די אויסגעדריקטע שטעלונגען פון די פאַרטרעטער, וואָס זיי זאָגן אין נאָמען פון די ניט־געפרעגטע פאַרטראָטענע.

דאָס וויל בשום אופן ניט לייקענען דעם רעלאַטיוון ווערט פון אויבנ־אויפיקן איינדרוק, אָדער די וויכטיקייט פון דער פונקציע פון „פאַרטרעטן״, אָבער עס איז קלאָר אַז דאָס אַליין איז ניט גענוג. צו דעם קומט צו די אַרבעט פון פאָרשן, אונטערזוכן, חוקר ודורש זיין מיט די פאַרשיידנסטע מעטאָדן,

כדי אויסצוגעפינען דאָס וואָס דאָס אויג, אויער און די אַנדערע חושים קענען אין פלוג ניט געבן. דאָס איז ריכטיק ווען מיר האָבן צו טאָן מיט געזעלשאַפט־לעכע ענינים און געשעעענישן, שוין אָפּגערעדט פון דעם ווען עס האַנדלט זיך וועגן מיינונגען, שטימונגען, געפילן און איבערצייגונגען פון איינצלנע מענטשן. יעדער בר־דעת קען פאַרשטיין ווי וויכטיק דאָס לעצטע איז אויב מיר ווילן האָבן אַ קלאָר בילד פון היינט און דערשמעקן די סימפּטאָמען פון מאָרגן אין מענטשלעכן צוזאַמענלעבן.

כדי צו קענען צוקומען צו יידן מיט אַ שטיקל אָביעקטיווער מאָס האָט מען געדאַרפט וואַרטן אַ היפּשע צייט. היינט האַלטן מיר ביי אַ העכערער מדרגה אין דער אַנטוויקלונג פון פיר וויסנשאַפטן: סאָציאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע, אַנט־ראָפּאָלאָגיע און סטאַטיסטיק. איז כאָטש עס האַלט נאָך זייער, זייער ווייט פון קענען זען און פאָרויסזען מיט פולער זיכערקייט, דאָך איז שוין דאָס אַלגעמיינע בילד אַ היפּש ביסל אַנדערש געוואָרן מיט נייע אויפדעקונגען.

די אַרבעט פון מעסטן דעם גייסטיקן מהות פונעם יידישן מענטשן, ספּע־ציעל פון אונדזער יוגנט, האָט זיך אָנגעהייבן שוין גאַנץ לאַנג, דער עיקר אַרום דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דעמאָלט האָבן די פאָרשונ־גען זיך קאָנצענטרירט כמעט בלויז אויף אינטעליגענץ. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער אינטעליגענץ־מדרגה פון יידישע קינדער און יוגנטלעכע אין פאַרגלייך מיט דער יוגנט פון אַנדערע פעלקער. וועלן מיר דאָס פאַרבייגיין ווייל עס האָט ניט קיין נאָענטע שייכות מיט דער איצטיקער טעמע.

בימינו לבינו האָבן זיך אַנטוויקלט אַנדערע טעסטן און מעטאָדן וואָס גיבן אַ מעגלעכקייט זיך צו דערגראָבן צו די טיפערע שיכטן פון אַ מענטשלעכער נשמה. דאָס איז גראָד געווען אין דער צייט ווען גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרנעמען מיט דאגת אַנטיסעמיטיזם. דער אַמעריקאַ־נער יידישער קאָמיטעט האָט אָנגעשטעלט אַ שטאַב געלערנטע וואָס זאָלן מיט מאָדערנע פּסיכאָלאָגישע מעטאָדן אויספאָרשן דעם כאַראַקטער פונעם אַנטי־סעמיט און פון אַנטיסעמיטיזם. דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס האָט, אונ־טערן איינפלוס פונעם באַרימטן פּסיכאָלאָג קורט לעווין, געפירט סיסטעמאַטי־שע פאָרשונגען ניט בלויז וועגן די באַציאונגען פון אַנדערע צו אונדז נאָר אויך וועגן די באַציאונגען פון דער יידישער יוגנט צום אייגענעם פאָלק.

די רעזולטאַטן פון די דאָזיקע פאָרשונגען ווייזן אַרויס אַ ווייטגייענדיקע איינהייטלעכקייט, ווען מיר האָבן אין זינען דעם רוב מנין ורוב בנין. אויף וויפיל יידישקייט פירט צו אַ געוויסער אָפּגעזונדערטקייט — אַנדערש וואָלט דאָך יידישקייט געווען אַ סתירה מיט זיך אַליין — רופט עס אַרויס אַ שטאַרקן ווידערווילן. ממילא וואַקסט אַלץ מער דער פאַרלאַנג צו זיין וואָס נעענ־טער צו דער ניט־יידישער געזעלשאַפט, ד"ה, צו זיין אַזוי ווי דער רוב פון

די וואָס ריינגלען אונדז אַרום. עס אַנטוויקלט אַן אינערלעכע פֿאַרלעגנהייט ווען עס קומט אויס צו זיין אַנדערש פֿון די אַרומיקע שכנים.

עס וואַקסט אַ טענדענץ צוצושרייבן יידן כל'ע מינים חסרונות. אָבער עס איז אינטערעסאַנט וואָס די דאָזיקע זין און טעכטער פֿון יידישע טאַטע־מאַמע געפֿינען ביי יידן די זעלביקע חסרונות וואָס מען הערט טאָג־טעגלעך פֿון עפֿנטלעכע אַנטיסעמיטישע פּלאַטפֿאָרמעס. די גרעסטע צאָל איז ממש פֿאַרביטערט פֿון דעם וואָס יידן זענען רווישיק, האָבן שלעכטע מאַניערן און זענען ניט איבערקלייבעריש אין האַנדל. אין די ביישפּילן און לענגערע אילוסטראַציעס וואָס ווערן געבראַכט אין די דערמאָנטע פֿאָרשונגען, רעדן די יונגעלייט אונדזערע וועגן די אַנטיסעמיטיש־אַנגענומענע יידישע חסרונות מיט אַזאַ אַקסיאָמאַטישער זיכערקייט אַזוי ווי עס וואָלט קיין זינען ניט גע־האַט צו האָבן דעם מינדסטן ספֿק אין דעם. נאָך מער, ווען מען בעט ביי זיי אָנצואווייזן אויף מעגלעכע יידישע מעלות, רופֿט זיך אָפּ זייער אַ קליינע צאָל. אָבער ווען עס קומט צו יידישע חסרונות הייבן זיך אויף הענט — אָדער לאָזן זיך אַראָפּ די פּעדערס אויפֿן פּאַפּיר — פֿון אַלע זייטן. אין די דאָזיקע ענט־פֿערס שווימט אַרויס דאָס גאַנצע בילד פֿון אַ ייד ווי אַן אומסימפּאַטישער טיפּ. דער יידישער שטייגער, דער רעליגיעזער אַריינגערעכנט, פֿאַרמאָגט, לויט דעם, עפּעס דערווידערדיקס אין פֿאַרגלייך מיטן קריסטלעכן.

אין אַלגעמיין ווייזט זיך אַרויס אַז וואָס יינגער די קינדער זענען אַלץ פּאָזיטיווער איז זייער באַציאונג צו יידן און יידישקייט, נאָר מיטן גאַנג פֿון יאָרן ווערן זיי אַלץ מער אָפּגעקילט און דערנאָך קעגנעריש. ווידעראַמאָל, כדי ניט אַריינצופֿאַלן אין טרויעריקע גוזמאות, לאָמיר ניט פֿאַרגעסן אַז דאָס דאָזיקע ניט־פֿריילעכע בילד באַציט זיך בלויז אויפֿן רוב פֿון די אויס־געפֿאָרשטע, און דאָס בעמט אַריין דער עיקר אונדזער שטודירנדיקע יוגנט. עס איז שווער צו לייענען די דאָזיקע ליטעראַטור און ניט ווערן דערדריקט פֿונעם געפֿיל אַז אונדזערע קינדער האָבן אונדז ניט ליב, אַז אונדזער וועלט איז זייער ניט־חבֿ'עוודיק אין זייערע אויגן.

ווי וועט זיין ווען די דאָזיקע יונגע מענטשן וועלן דערגרייכן אַ העכערן עלטער, בויען אייגענע פֿאַמיליעס און בכלל זיין אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין? אַזאַ אויספֿאָרשונג, וואָס זאָל נאָכגיין די זעלבע יונגע מענטשן אין ווייטערדיקן לעבן אַריין, איז מיר ניט באַקאַנט; אַזאַ איז מסתמא ניטאָ. דער שכל איז מחייב אַז עפּעס דאַרף זיך דעמאָלט בייטן צום בעסערן. עס זענען פֿאַראַן גענוג דרויסנדיקע פֿאַקטאָרן וואָס שטופּן די דאָזיקע מענטשן נעענטער צו דער אייגענער היים, זיי וואָלטן פּסיכיש פּשוט ניט געקענט אויסהאַלטן ווען זיי וואָלטן אין דער אייגענער היים ניט אַנטפּלעקט קיין פּאָזיטיווע ווערטן וואָס קענען אינהאַלטלעך באַרייכערן דאָס לעבן. אָבער דער פֿאַקט וואָס זיי אָטעמען אין אַן אינערלעכער ספֿערע פֿון אַנטי־יידישן נעגאַטיוויזם אין משך

פון די גאָלדענע יוגנט־יאָרן, איז געווען אָפּצושוואַכן די צעמענטירנדיקע קראַפט פונעם גאַנצן יידישן ישוב אין לאַנד.

עס איז, ווי מיר זעען, פאַראַן אַ טיפער תהום צווישן דעם בילד פונעם אַמעריקאַנער יידישן ישוב וואָס שפּיגלט אַרויס פון די פאַרעפנטלעכטע, אָרגאַניזירטע און אָפיציעלע אינפאָרמאַציע־קוואַלן, און די פאַקטן וואָס אַנט־פּלעקן זיך פאַר אונדז ווען פאָרשונגען דערגראָבן זיך צו די טיפערע שיכטן פון יידישן לעבנס־אויסדרוק. עס דאַרף אויך געזאָגט ווערן, אַז די איינדרוקן פון קאָמפּעטענטע אָבסערווירער, די וואָס האָבן געווען לאַנג זיך צוגעקוקט צום לעבן פון צווייטן דור, זענען גענייגט צו באַשטעטיקן די רעזולטאַטן פון די פאָרשונגען. אין מיין אייגענער דערפאַרונג האָב איך באַמערקט עפּעס וואָס גייט אַביסל ווייטער. די זעלביקע מענטשן וואָס רעדן ביי איין געלעגנהייט מיטן טאָן און מיט דער לעבעדיקייט פונעם דרויסנדיקן איינדרוק, ברענגען אַרויס ביי אַן אַנדער געלעגנהייט די מער אויסגעניכטערטע שטי־מונג וואָס מען דרינגט אַרויס פון די פאָרשונגען.

צוליב דעם וואַקסן אין דער יידישער אַמעריקע צוויי סאָרטן ליטעראַטור וואָס באַשרייבן און אַנאַליזירן אונדזער לעבן אין לאַנד. מיר האָבן, פון איין זייט, אָפיציעלע ידיעות, באַריכטן פון אָרגאַניזירטער טעטיקייט און אונטער־נעמונגען. צוזאַמען מיט דעם, און געבויט, נאַטירלעך, אויף דער דאָזיקער אינפאָרמאַציע, וואַקסט אַ ליטעראַטור פון זשורנאַליסטישע און פּובליציסטישע אָפּשאַצונגען, מיינונגען, חילוקי דעות און פּאָלעמישע מחלוקתן לשם שמים. פון דער אַנדער זייט הערן מיר אָפט מיינונגען און פעסטשטעלונגען פון אַן אַנדער סאָרט. זיי באַרירן ניט דאָס בילד פונעם „אָרגאַניזירטן" נאָר פונעם פּערזענלעכן יידן. דאָס וואַרפט אָבער אויך אַ העלן שיין אויפן כאַראַקטער פון די פּאָטענציעלע כוחות וואָס שאַפן די נייטיקע תנאים פונעם אָרגאַניזירטן לעבן.

צוויי פאַרשיידענע איינדרוקן פון צוויי פאַרשיידענע בילדער: דאָס אַל־געמיינע בילד פון טעטיקייטן פונעם כלל און די דעטאַלע באַשרייבונג פונעם יידישן אויסזען פונעם פּרט. זיי זענען אַזוי חייט איינס פונעם צווייטן אַז זיי וועקן אין אונדז גאָר אַנדערע, אָפט פאַרקערטע, געפילן. דאָך דאַרף אונדז ניט חידושן ווען מיר באַגעגענען אַ סך מאָל ביידע סאָרטן אָפּשאַצונגען פון יידישן לעבן ביי די זעלביקע מענטשן ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן.

דאָס איז ניט קיין אויסדרוק פון אומקאָנסעקווענטקייט, און ניט דווקא קיין פאַרלאַנג זיך צוצופּאַסן מיט טאַקט צום טאָן פון יעדער באַזונדער געלעגנהייט. וואָרעם עס דאַרף זיין דורכויס קלאָר אַז דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אמת און פאַלש נאָר וועגן צוויי אמתן וואָס יעדער פון זיי כאַפּט אויף דאָס בילד פון אַן אַנדער פּערספּעקטיוו. ביידע זענען פאַקטן, צושטאַנדן אַן וועלכע מען שטויסט זיך אָן. אָבער די פראַגע וועגן זייער וואָג און וויכטיקייט איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. אויב אַזוי, וואָסער זייט פונעם בילד איז די

מיט וועלכער מיר דאַרפן זיך מער רעכענען, וואָס טראָגט אין זיך מער וואָג בעת מיר טראַכטן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג? דאָס איז שוין אַן ענין פון פערזענלעכער אָפּשאַצונג. פאַר מיר איז קלאָר אַז דאָס פּרט־בילד פונעם אַמעריקאַנער יידן פונעם צווייטן דור — די וואָס וועגן זיי האָבן מיר אַ צאָל אויסגעפאָרשטע ידיעות — ווייזט אַרויס בולטער אין וואָסער ריכטונג מיר גייען, וואָס מיר קענען אויסנוצן און פון וואָס מיר דאַרפן זיך היטן.

אין איצטיקן מאָמענט זענען פאַראַן געגוג פאַקטן וואָס טרייבן אונדז צו גיין אַ סך ווייטער. ווי ווייט איך ווייס זענען אין אַנדערע לענדער ניטאָ קיין פאַרלאָזלעכע פאָרשונגען וועגן דעם צווייטן דור, ד״ה, וועגן דעם ערשטן דור איינגעבוירענע. אָבער אָבסערוואַציעס און באַריכטן פון קאָרעספּאָנדענטן און פריוואַטע באַזוכן גיבן אונדז אַ שטאַרקן איינדרוק אַז סדנא דארעא חד הוא; אַז אומעטום ווייזט אַרויס דער צווייטער דור גאַנץ ענלעכע סימפּטאָמען צו דעם וואָס מיר זעען אין אונדזער היגן ישוב. די דאָזיקע באַריכטן קלינגען נאָך גלייבלעכער צוליבן כאַראַקטער פון דער עפּאָכע וואָס יידן לעבן איצט איבער אין דער גאַנצער וועלט. איך האָב דאָ אין זינען דעם פאַקט וואָס אין כמעט אַלע ישובים פון דער היינטיקער צייט איז דער רוב פון דער איינגע־בוירענער יידישער באַפעלקערונג אַן ערשטער דור אין לאַנד, אַן ערשטער דור אין לענדער וואָס יעדעס פון זיי איז היינט אַ סך מער אויסגלייכנדיק, פאַר־שלינגנדיק, און אונדזער אייגן לעבן אַ סך וויניקער קעגן־שטעלעריש, ווי אין די אַלע טויזנטער יאָרן ווען אונדזער היסטאָרישע טראַדיציע האָט זיך פאָרמירט.

דאָס האַרץ זאָגט מיר אַז אַפילו אין ישראל — וואָס דאָרט איז די לאַגע אומגעהייער אַנדערש אין אירע האָפענונגספולע פּאָטענצן — אַפילו דאָרט פאַרמאָגט דער ערשטער געבוירענער דור אַ סך ענלעכקייט צו דעם וואָס מיר געפינען ביים זעלביקן דור אומעטום. מיר הערן אָפט נעגאַטיווע באַריכטן וועגן די סאַברעס. מען רעדט און מען שרייבט וועגן דעם אין ישראל גופא. קאָרעס־פּאָנדענטן און באַזוכער ברענגען אונדז די זעלביקע בשורות. עס זעט מיר אויס קליין און נישטיק ווען מען וויל דאָס אַלץ צושרייבן — ווי אַ סך טוען עס מיט אַזאַ זיכערקייט — צו דער שלעכטער באַציאונג צום גלות מצד די ערשטע עולים. עס ווערט מיר אַלץ קלאָרער און בולטער אַז די נייע איינגע־בוירענע דורות אין אַבסאָלוט אַלע לענדער מיט אַ יידישן ישוב ווייזן אַרויס אַ טענדענץ זיך אָפּצופרעמדן, זיך צו דערווייטערן פון ישראל סבא, אַזוי ווי ער האָט־זיך אַנטפּלעקט און אונדז פאַרבלענדט אין די פייער־פלאַמען פון אונדזער געשיכטע און טראַדיציע.

אויב דאָס איז ריכטיק, שטייען מיר פּנים־אל־פּנים פאַר אַ מוראדיקער פּראָבלעם פון גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער און פון אַ וועלט־פאַרנעם. עס איז שוין ניט אַמעריקע, ניט פראַנקרייך, ניט אַרגענטינע, און אַפילו ניט ארץ־ישראל;

עס איז אַ וועלט. וואָרעם אומעטום, ביט געקוקט אויף אַלע גרינטלעכע פאַר־שיידנקייטן און מעגלעכקייטן פון לאָקאַלן כאַראַקטער, ווייזט אַרויס דער נייער איינגעבוירענער דור געוויסע ענלעכקייטן וואָס טראָגן אין זיך די גרעסטע היסטאָרישע וויכטיקייט פאַר אונדזער מאָרגנדיקן טאָג.

פאַרשטייט זיך אַז דערווייל איז דאָס נאָר אַן איינדרוק, כאָטש דערגרייכט אין פולער רעאַליסטישער ניכטערקייט, וואָס דאַרף נאָך באַשטעטיקט ווערן מיט מאָדערנע מעטאָדן אויסצוגעפינען אַזעלכע זאַכן. צו אונדזער טיפסטן באַדויער האָבן מיר ביט באַזאָרגט אונדזערע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס מיט די נייטיקע פאָנדן אויף אונטערצונעמען אַן אונטערזוכונג פון נייעם איינגעבוירענעם יידישן דור אין אַלע לענדער מיט אַ יידישן ישוב. קענען מיר דערווייל בלויז וועקן די איינצלנע ישובים, אַז דאָרט וואו עס געפינען זיך גענוג אָרטיקע געשולטע מענטשן זאָלן זיי לאָקאַל אויספאָרשן דעם יידישן גייסטיקן צושטאַנד פון צווייטן דור.

דאָ האָבן מיר פאַר זיך אַ צושטאַנד פון וועלכן עס קלינגט אָפּ דאָס קול פון פאָלקישן גורל. דערווייל קען נאָך אַפילו קיין רייד ביט זיין וועגן געפינען אַ תרופה. וואָרעם איידער וואָס־ווען דאַרפן מיר זיך געגוי באַקענען מיט די פאַקטן און אַלע פרטים פון די פאַקטן וואָס זענען פאַרוויקלט אין דער לאַגע.

(1953)

# די יידישע יוגנט אין די פאַראייניקטע שטאַטן

אין 1947, באַלד נאָכדעם ווי די יו־ען האָט אָנגענומען די היסטאָרישע רעזאָלוציע לטובת אַ יידישע מדינה אין ארץ־ישראל, איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען אין אַן אַמעריקאַנער שטעטל ווייט פון אַ יידישן צענטער. ביי יעדן צונויפקום פון אָרטיקע יידישע פריינד איז די טעמע ארץ־ישראל ניט אַראָפּ פון טיש. איין מסיבה אַזאַ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין פאָרמעלער פייערונג לכבוד דעם נייעם קאַפּיטל וואָס עפנט זיך אין דער יידישע געשיכטע.

אַחוץ צוויי, אפשר דריי פון די באַטייליקטע זענען אַלע געווען אַמערי־קאַנער געבוירענע פון ערשטן דור. זיי זענען אַלע געווען יונגע טאַטעס און מאַמעס וואָס האָבן שוין מער ניט געגעבן דעם מינדעסטן אָפענעם סימן אַז זיי שטאַמען פון מזרח־אייראָפּעאישע יידן. אַפילו די פעפערדיקע יידישע אויסדרוקן און פראַזן, וואָס מען הערט אַזוי אָפט צווישן די יונגע אַמעריקאַנער יידן, האָבן אין דעם פאַל אינגאַנצן אויסגעפעלט. עס קען זיין אַז דאָס לעבן אין אַ קליינער יידישער קהילה, צעשאָטן איבער אַ גרויסן ניט־יידישן שטח, האָט אָפּגעווישט די צייכנס פון מער־אויטענטישן יידישן אָפּשטאַם וואָס מיר טרעפן ביים יונגן דור אין גרעסערע יידישע מקומות. דאָס האָט די יידישע שמחה פון מאָמענט געמאַכט וויניקער זאַפטיק. ניט געווען די התלהבות צו וועלכער מיר זענען געווען געוואוינט ביי אַזעלכע געלעגנהייטן אין אַמאָליקן מינסק, ווילנע, וואַרשע. דאָך איז דאָס זיכער געווען אַן אויסדרוק פון פרייד לכבוד אַ גראַנדיעזער יידישער געשעעניש כאָטש אָן די ספּעציפישע יידישע אַקאָמפּאַנימענטן וואָס האָבן אָנגעפילט די לופט פון פריערדיקע דורות.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך באַגעגנט מיט צוויי פון די בייגעוועזענע, יונגעלייט אין די הויכע צוואַנציקער. זיי האָבן ווידער פאַרטשע־פּעט די טעמע ארץ־ישראל, און קאָמענטירט וועגן דעם יום־טובדיקן אָוונט וואו מיר האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט. איינער האָט דערקלערט אַז אַן אומ־אָפּהענגיקע יידישע מדינה נעמט אַראָפּ אַ גרויסן יאָך פון זיין געוויסן. ער האָט גערעדט, און זיך צעהיצט מיט זיינע טענות: „איך האָב תמיד", האָט ער געזאָגט, „געקוקט ממש מיט קנאה אויף מיינע שכנים פון נאָרוועגישן, האָלענדישן און איטאַליענישן אָפּשטאַם. ביי זיי איז די אַלטע היים און דאָס פאָלק פון וועלכן זיי קומען ניט מער ווי אַ בלאַסע געדעכעניש וואָס האָט ניט קיין שום ממשות אין זייער לעבן. דאָ זענען זיי אַמעריקאַנער גלייך מיט אַלע און זיי ווייסן בלויז פון איין נאַציע, פון איין פאָן, פון איין שפּראַך און פון איין נאַציאָנאַלער געשיכטע פאַר זיך און פאַר די דורות נאָך זיי. „פאַרוואָס", קאָכט ער זיך ווייטער, „זאָל איך זיין אַנדערש? מיין שפּראַך איז

ענגליש, און איך דאַרף קיין אַנדערע ניט האָבן. רעליגיע גייט מיך ניט אָן. די יידן מיט די אַלטע יידישע מנהגים זענען מיר פרעמד און איך פיל ניט אַז עס איז פאַראַן די מינדסטע פאַרבינדונג צווישן מיר און זיי. איז צו וואָס זאָל איך אויף זיך פרייוויליק נעמען אַן עול אָן שום זינען אָדער ציל?"

„יאָ", האָט ער צוגעגעבן, „אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן קיין אייגן לאַנד ניט געהאַט וואָס זאָל פאַרזיכערן אַ יידישן המשך, איז מיין געוויסן ניט רואיק געווען. מיינע שכנים האָבן מסתמא אַ טונקל געפיל אַז די אַלטע היים, און דאָס פאָלק פון זייערע עלטערן, וועט אַלץ בלייבן און געדייען אַפילו ווען אין זיי וועט קיין זכר ניט בלייבן פון זייערע היסטאָרישע וואָרצלען. ביי יידן איז ביז איצט געווען אַנדערש. אַוועקצוגיין פון יידן וואָלט ביי מיר געקענט שאַפן דעם איינדרוק אַזוי ווי איך וואָלט פאַרראַטן מיינע ברידער אין אַן עת־צרה און אַנטלאָפן כדי צו באַשיצן זיך אַליין. דאָס ספאָרט־געפיל וואָס איך האָב אין זיך איינגעזאַפּט אין אַמעריקע וואָלט מיר קיין רו ניט געגעבן ווען איך טו דאָס. אָבער איצט, אַז עס פאָרמירט זיך אַ יידישע מדינה ווייטער צו באַפעסטיקן די יידישע עקזיסטענץ, האָבן די אַלע מאָטיוון קיין ווערט ניט. איצט קען איך מיט אַ רואיק געוויסן זיך איבערגעבן אין די הענט פון מיין פרייער ברירה, אַז דער געבוירנער ייד זאָל ווערן אַ פרייער מענטש".

דער צווייטער, וואָס האָט דאָס אַלץ געהערט, האָט הסכמהדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָך האָט ער זיך געריסן צוצוגעבן אַ נופך משלו. האָט ער גענומען ציען דעם זעלביקן פאָדעם אַביסל ווייטער. „מען סטראַשעט אונדז, האָט ער אָנגעהויבן, מיט אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע. ראשית איז מען דאָס שטאַרק מגזם, שנית, האָט דאָס בלויז אַ שייכות צו גרויסע צאָלן, צו מאַסן. מיר האָבן בלויז אין זינען זיך, יחידים. זאָל יעדער אַנדער ייד טאָן וואָס ער וויל. פאַר אונדז קען אַ יידישע מדינה אַלץ פאַרענדיקן. דאָ, אין דעם שטעטל, זענען מיר איבער הונדערט טויזנט גויים און אַ צוויי הונדערט יידישע משפחות. קיין ספּעציעלן יידישן קוואַרטאַל האָבן מיר ניט. צווישן אונדז, די דאָ־געבוירענע יידן, און די איבעריקע פון דער באַפעלקערונג איז כמעט קיין חילוק ניטאָ. איך קען פּשוט, אַזוי צו זאָגן, אַרויסגיין אין גאַס און פאַרלוירן גיין אינעם געמיש פון דער איבעריקער באַפעלקערונג. קיינער וועט אַפילו ניט באַמערקן אַז איך בין פאַרשוואונדן. איך אַליין אויך ניט. וואָרעם ווען איך שטעל עס זיך מיר פאָר אין מיין פאַנטאַזיע, זע איך ניט דעם מינדסטן אונטערשייד צווישן מיין יידישקייט בעת איך בין אַריין צווישן די איבעריקע און דער ניט־יידישקייט וואָס איז פון דאָרט אַרויס".

וואָס עס איז ווייטער געשען איז ניט וויכטיק. אָבער כדי זיך אויסצוהיטן פונעם חשד אַז דאָ באַהאַלט איך עפּעס אַ מעשה־בורא, וועט זיין גענוג צו פאַרענדיקן דערמיט, אַז די דאָזיקע יונגעלייט זענען היינט, מיט זעקס יאָר שפּעטער, פּונקט אַזעלכע גוטע, אָדער שוואַכע, יידן ווי זיי זענען אַלעמאָל

געווען, און זיי גיבן זייערע קינדער פּונקט דעם זעלביקן קאַרגן טראָפּן יידי־שע דערציאונג וואָס זיי האָבן באַקומען, און זיי האַלטן פאַר נאַטירלעך אַז ווען מען זאַמלט פאָנדן פאַר יידישע צוועקן דאַרף מען זיי ניט אויסלאָזן.

היינט, אויב אַלץ איז סיי ווי געבליבן ביים אַלטן, קען מען מיינען אַז זייערע טענות, ראיות, קשיות און תירוצים זענען בלויז געווען אינטעלעקטו־עלע גימנאַסטיק, וואָס דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יוגנט. טייל איז געניגט זיך צו באַפרידיקן מיט אַזאַ אויסטייטש. דער דאָזיקער יידישער ניהיליזם, מיינען זיי, איז ניט מער ווי אַ שפּיל אַזאַ וואָס דער לייכט־באַזאָרגטער יוגנטלעכער מוח האָט אַזוי ליב. דער שאַקירנדיקער אויספיר צו וועלכן די אַרגומענטאַציע פירט זיי בעמט זיך נאַטירלעך דערפון וואָס זיי אָפּערירן מיט די ניט־ריכטיקע כלים. זיי ווענדן אָן די געזעצן פון אַקסיאָמאַטישער לאָגיק אויף אַ פסיכישער ספערע וואָס געהערט צו גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע. עס איז פּונקט ווי מען וואָלט געוואָלט אויסשפּילן אַ צאַרטע מעלאָדיע אויף אַ פּויק. אָבער אַזוי שנעל, זאָגן די אָפּטימיסטישע טרייסטער, ווי זיי טרעטן אַרויס פון דער מאָמענטאַלער לאָגיק און קלייבן זיך אַריבער אין שטענדיקן לעבן, פאַרשווינדט דער פריערדיקער פּסק־דין און זיי בעטן זיך איבער מיט דער רעאַליטעט פון זייער יידישקייט. דער דאָזיקער אויסטייטש זעט מיר אויס צו זיין דורכויס ניט ריכטיק. ווען מען באַקענט זיך מער און טיפער מיט אונדזער היגן אויסגעוואַקסענעם דור, אַלץ בולטער שווימט אַרויס די אומ־היימלעכע מעגלעכקייט, אַז די פריערדיקע אַרגומענטאַציע שטאַמט פון אַן עכטן קוואַל.

צוויי גראַנדיעזע געשעענישן זענען פאָרגעקומען פאַר אונדזערע אויגן. ביידע — יעדע אויף איר אייגענעם אופן — שטעלן מיט זיך פאָר די ווייט־גייענדיקסטע איבערקערעכישן אין דער יידישער געשיכטע. די ערשטע איז אונדז צו־גוט באַקאַנט, דער אויפקום פון מדינת־ישראל. אָבער אויך די צווייטע פאַרדינט אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט ווי זי האָט ביז איצט באַקומען. איך האָב דאָ אין זינען די גרינטלעכע איבערקערעניש אינעם אויסזען, אינעם אינהאַלט און אינעם כאַראַקטער פון די פּאָטענציעלע כוחות פון גלות.

עס איז ווייניק צו זאָגן אַז די אַלטע, איינגעוואָרצלטע היימען זענען אונ־טערגעגאַנגען. מען דאַרף דערצו אויך אַקצענטירן אַז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געקומען אַ צייט ווען יידן האָבן מער ניט קיין איין איינציקן אויטענטישן ישוב אין די תפוצות ישראל. אַן אויטענטישער ישוב איז אַזאַ וואָס טיילווייז לויט זיין צאָל, אָבער דער עיקר לויט זיין עלטער, זיין יידישער שאַפערישקייט און דעם דעפּענסיוון לעבנס־שטייגער וואָס ער האָט אַנט־וויקלט, גיט אים דאָס רעכט צו דינען ווי אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע יידישע ישובים. אַזעלכע ישובים זענען אין די לעצטע צייטן געווען פּוילן, ליטע, רוסלאַנד, אין דער פאַר־באָלשעוויסטישער עפּאָכע. היינט האָבן מיר כמעט

בלויז אַזעלכע לענדער וואו דער רוב מנין ורוב בנין פון דער אָרטיקער יידישער באַפעלקערונג איז אַן ערשטער דור, אַ דור וואָס דאַרף ערשט צוגרייטן, לויט די באַדינגונגען און דעם לעבנס־אופן פונעם לאַנד, די סטראַטעגיע און די טאַקטיק צו פירן די מלחמות־הקיום.

דערביי זענען אָנגעקומען פונדאַמענטאַלע ענדערונגען אין די שייכותן צווישן אונדז און דער אַרומיקער וועלט, אין אַלע לענדער, וואָס האָבן אַ ווייטגייענדיקן איינפלוס אויף אונדזער לעבן אין גלות. די וואַנט וואָס צווישן דער יידישער און דער ניט־יידישער באַפעלקערונג איז געוואָרן אַ סך דינער און וואַקלדיקער. די לאַנד־קולטור ווערט נאָענט און אייגן אומעטום. עס איז מער ניטאָ, און קען ניט זיין, אַזאַ זאַך ווי זיין ווייט פון דער לאַנד־שפּראַך. יידן האָדעווען זיך אויף די צייטונגען, ביכער, טעאַטער, קינאָ, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פון דער הערשנדיקער קולטור. צוואַנגבילדונג ווערט געזעצלעך דורכגעפירט אין דער גאַנצער מאָדערנער וועלט. דאָס הייסט, אַז יידישע קינדער, די וואָס באַקומען שוין יאָ אַ וועלכע ניט איז יידישע דערציאונג, דאַרפן אָפּגעבן אַ סך מער צייט דער אַלגעמיינער שול, און געפינען זיך אַ סך, אַ סך מער אונטער דער השפעה פון אירע רייצנדיקע אַטראַקציעס, ווי אין דער יידישער דערציערישער סביבה.

פון דער אַנדערער זייט, איז נייטיק צו פאַרצייכענען די דירעקטע און אומדירעקטע, דאָך בולטע, סימנים פון אַ יידישער מענטאַליטעט, פון אַ יידישן וועלט־צוגאַנג, און אַן אומרואיק סאָלידאַריטעט־געפיל, וואָס זוכט קאָנקרעטע אופנים אויף וועלכע זיך אויסצודריקן. די באַציאונג צום גאַנג פון די פריערדיקע דורות ציט זיך פון לעבלעכקייט ביז שאַרפן ווידערווילן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דאָס עפנט אַ קוואַל פון פּלאָנטערס, קלעמענישן און טיפע אינערלעכע קאָנפליקטן.

קומענדיק נענטער צו די פאַראייניקטע שטאַטן דאַרף מען קודם־כל געדענקען, אַז דאָ האָט אין דער מאַסן־אימיגראַציע פון סוף ניינצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, דער אַלטמאָדישער ייד, דער אויטענטישער רעפּרעזענטאַנט פון דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישקייט, אָוועקגעלייגט זיין חותם אויף דער קריטעריע פון עכטער יידישער פאָרם. אַפילו די וואָס זענען ווייט פון דאָזיקן יידישן נוסח, אָדער זאָגן זיך אָפּ פון אים מיט פּראָטעסט, האָבן דאָס באַוואוסטזיין אַז דערמיט נייגן זיי אָפּ ניט בלויז פון אַ פאַרשפּרייטן שטייגער, נאָר אויך פון אַן אידעאַלן סטאַנדאַרד. לאָמיר זיך דעריבער נעענטער באַקענען מיט מער פּרטים פון דער סיטואַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

מיט יאָרן צוריק האָב איך אַוועקגעלייגט פאַר אַ קליין יידיש מיידעלע אַ צאָל אויסגעפּרוּוטע פאָטאָגראַפיעס מיט טיפּיש־יידישע און טיפּיש־גויאישע פנימער. איך האָב ביי איר געפרעגט צי זי קען דערקענען ווער עס איז אַ ייד און ווער ניט. זי האָט גליך געטייטלט אויף איינער פון די פאָטאָגראַפיעס

און געזאָגט מיט באַשטימטקייט אַז דאָס איז אַ ייד. ווען איך האָב ווייטער געפרעגט, פאַרוואָס זי מיינט אַזוי, האָט זי געענטפערט: „ער קוקט אַזוי ערנסט, אַזוי ווי אַ ייד". דער דאָזיקער ענטפער איז מיר פאַרבליבן אין געדאַנק. איך האָב אין אים דערזען אַ פיינע קינדישע פאָרמולע פון אַן איינדרוק וואָס יידישע אייגנאַרטיקייט האָט אויף איר געמאַכט.

איר איינדרוק האָט זיך זיכער ניט גענומען פון אַן איינצלנער געשעעניש. ער איז מסתמא געווען אַן אָנגעזאַמלטער סך־הכל פון אויבנאויפיקע און טיפערע איבערלעבונגען, געהערטע שמועסן, געזעענע בילדער און פאַרגלייכן צווישן דעם יידישן און ניט־יידישן אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון לעבן. די שטראָף־רייד פון איר זיידן מיט דער ווייסער באָרד וועגן דעם ווי אַ יידיש קינד דאַרף זיך פירן; דער כאַראַקטער פון די שמועסן אין דער היים ווען מען האָט גערעדט וועגן יידן און יידישקייט — יידישע צרות, יידישן נחת — און דאָס פאַרבונדן מיט געשעענישן אין ווייטע מקומות; דער אונטערשייד צווישן דעם געשטאַלט און דעם צוגאַנג פון דער לערערין אין דער אַלגעמיי־נער שול און דעם יידישן לערער אין תלמוד־תורה; דער פאַרכאַפּנדיקער איב־טערעס אין ספאָרט און דאָס קוקן פון אויבן אַראָפּ אויף דעם גאַנצן ענין וואָס אונדזער ערשטער אַמעריקאַנער דור זעט ביי זיך אין דער היים — דאָס אַלץ, און הונדערטער אַנדערע פּיצלעך און ברעקלעך פון דעם מין, זענען געגנוג צו שאַפן דעם אַלגעמיינעם איינדרוק פון „אַזוי ערנסט". דאָס מיידעלע מיט וועלכער איך האָב גערעדט איז שוין אויך געווען גענוג אַלט צו כאַפּן דעם וועלט־אונטערשייד צווישן ראש־השנה און דעם ניט־יידישן ניי־יאָר.

ווי עס זאָל ניט זיין אינעם לעבן פון די ווייטערדיקע יידישע דורות אין צפון־אַמעריקע, אָבער דער ערשטער דור — און ער איז דאָך דער גרעסטער רוב אין דער הי־געבוירענער יידישער באַפעלקערונג — לעבט געפערלעך נאָענט צו אַ תהום וואָס צווישן צוויי וועלטן. וואָרעם עס זענען פאַראַן אומצאָ־ליקע כאַראַקטער־שטריכן אין וועלכע יעדער באַזונדער פאָלק־שטייגער דריקט זיך אויס, אָבער ניט אַלע שפּילן די זעלביקע ראָלע אַפילו ביי די מהדרין מן המהדרין פון די פאָלקישע איינגעוואָרצלטע דרכים, און ניט אַלע פאַרנעמען די זעלביקע פּאָזיציע פון וויכטיקייט אין פאַרשיידענע צייטן און באַדינגונגען. אין אַמעריקע האָבן די פרומע יידישע אימיגראַנטן ניט איבערגעלעבט קיין טראַגעדיע ווען זיי האָבן געדאַרפט בייטן זייער הלבשה, אָבער דער עקל צו שפיכת־דמים, אָדער די חשיבות פון לערנען און געלערנטקייט, דאָס איז נאָך אַלץ טיף איינגעוואָרצלט.

אָט די טיפע איינגעוואָרצלטע עלעמענטן פון אַ פאָלק־שטייגער ווערן אָנגענומען אַקסיאָמאַטיש, זיי ווערן געפילט ווי עפּעס וואָס דערלאָזט ניט קיין חילוקי־דעות. מען וואָלט זיי געקענט רופן „פּסיכישע אַבסאָלוטן", דאָס הייסט ניט, אַז זיי זענען, נאָר אַז זיי ווערן געפילט, ווי עפּעס וואָס טראָגט זיין

העכערקייט אין זיך אַליין ווייל אַזאַ, זאָגט דאָס געפיל, איז די טבע פונעם סדר־העולם. צווישן אַלע יידישע פסיכישע אַבסאָלוטן איז פאַראַן איינער וואָס האָט אַ באַזונדער שייכות צו אונדזער ענין.

געוויינטלעך, אַז מען רעדט וועגן יידישן טראַדיציאָנעלן לעבן ווערט אַלץ אַרומגענומען מיטן באַגריף רעליגיע. עס זענען דאָ גענוג באַרעכטיקטע סיבות פאַרוואָס דאָס ווערט געטאָן. דאָך, דאַכט זיך מיר, אַז דאָס שטענדיקע און אויסשליסלעכע באַנוצן רעליגיע ווי אַ דערקלער־פרינציפ איז מגלה טפח ומכסה טפחיים; עס פאַרשטעלט פון אונדז אַ וויכטיקן לעבנס־אַספּעקט וואָס מען טאָר ניט אויסלאָזן פון חשבון. וואָרעם פונעם גאַנצן געוועב פון רעליגי־עזער איבערלעבונג וואָס האָט איינגעהילט די געדאַנקען און חלומות פון אונדזער פאָלק, לאָזט זיך לייכט אַרויסציען דעם פאָדעם פון סאָציאַלן אידעאַ־ליזם בכלל, פון אָפּגעבן זיך דעם רייץ פון אוטאָפּיע און טובת הכלל, ניט בלויז ווי אַ שטרעבונג, אָדער אַן אמונה נאָר ווי אַ באַדערפעניש וואָס פאָדערט איר טאָג־טעגלעכע באַפרידיקונג.

דאָס לעבן צוזאַמען אין קאָמפּאַקטע קהילות וואָס האָבן אינטענסיפיצירט דאָס געפיל און געשאַפן די קאָנקרעטע פאָרמען פון „ישראל ערבים זה בזה", די שרעק און די מאַרטיראָלאָגיע וואָס האָט אַלעמען אַרומגענומען; דער כאַראַקטעריסטישער רוחניותדיקער אופן אויף וועלכן יידן האָבן אויסגעפילט זייער פרייע צייט; די פאַרשיידענע חברות פאַר מאַטעריעלער און גייסטיקער הילף וואָס זענען ספּאָנטאַן אויפגעקומען אין אַלע קהילות — דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך פאָר אַ נעץ פון סיבות און פועל־יוצאס פון וועלכע עס הייבט זיך אַרויס דער באַצווינגענדיקער כוח פון העכערע ווערטן ווי אַ שטענדיקע פּראַקטישע נויט.

פאַרשטייט זיך, אַז איבער דעם אַלעם שוועבט די משיח־אידייע וואָס איז געגאַנגען אַ סך ווייטער, און אַרומגענומען אַ סך מער, ווי דאָס ווערט גע־וויינטלעך איינגעשלאָסן אין באַגריף רעליגיע. ממילא איז לייכט צו פאַרשטיין, אַ ציוניזם און סאָציאַליזם, וואָס האָבן זיך, אין איצטיקן יאָרהונדערט, אויסגע־שפּרייט אויפן גאַנצן שטח פון יידישן לעבן, האָבן געקענט בויען אויף אַן אויסגעמויערטן פונדאַמענט וואָס איז אין משך פון הונדערטער, פון טויזנטער יאָרן צוגעגרייט געוואָרן פאַר זיי. עס איז געווען אַ קולטור וואָס איר רעאַליטעט איז געווען דורכגעוועבט מיט אוטאָפּיע און וואָס איר אוטאָפּיע האָט פאַרמאָגט די ממשות פון רעאַליטעט.

מען קען באַטירלעך ניט זאָגן, אַז דאָס יידישע אימיגראַנטישע אַמעריקע האָט דאָס אַלץ אַריבערגעבראַכט אינעם נייעם לאַנד און עס איינגעפלאַנצט אין יעדער היים פונקט ווי אינעם אַמאָליקן שטעטל מיט אַ צוויי דורות צוריק. ביין, ניט נאָר האָבן זיי עס ניט אַריבערגעבראַכט, נאָר זיי זענען נאָך אויף יענער זייט ים אַוועק פון אַ לעבן וואו די אַלטע איינהייטלעכע טראַדיציע איז

שוין געווען אין קלעם פון צעשטערונג. אָבער אידעאַלן, ווערטן, די פּסיכישע אַבסאָלוטן פון אַ קולטור, מעקן זיך ניט אָפּ אַזוי לייכט. דאָס איז ספּעציעל ריכטיק וועגן יענע אידעאַלע אַבסאָלוטן וואָס ניט בלויז האָבן זיי דעם כוח פון זייער אייגענעם אינהאַלט, נאָר זיי גיבן אויך אַ ספּעציעלן כאַראַקטער דער גאַנצקייט וואָס זיי באַדינען. ווען זייער בולטע שייכות צום פּלאַן פון טעגלעכן לעבן ווערט בלאָס, אָדער אַפילו אויסגעווישט, בלייבן זיי נאָך אַלץ דער סטאַנדאַרד וואָס גיט מאָס און ריכטונג.

ווען מיר באַטראַכטן דעם דאָזיקן אַספּעקט פונעם יידישן שטייגער וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אונדזער לעבן פון וואָר און חלום, קען מען לייכט פאַרשטיין, אַז עס האָט געמוזט פאַרקומען אַ טיפער צונויפשטויס צווישן צוויי וועלטן ווען די אידעאַלע מאָסן פון דער אַלטער ירושה האָבן געדאַרפט זיך צופּאַסן צום נייעם לעבן, אין אָנהייב זענען די קאָנפליקטן צווישן עלטערן און קינדער געווען שאַרף, אָפט פאַרבונדן מיט ווייטיק. פאַראַן געניג קינסט־לערישע גבית־עדות וואָס מאָלן די פולע ביטערקייט פונעם דאָזיקן צונויפ־שטויס. עס איז גענוג בייצוואָוואָיבען ה. לייוויקס שמאַטעס, צו דערהערן דעם געשריי פונעם אַלטן מרדכי ווען זיין אידעאַלע וועלט ברעכט זיך בעת זיין זון פאַרנעמט זיך אויף נייע וועגן וואָס זענען אים פרעמד און דערווידער.

די אַמעריקאַנער פרייהייט איז פאַרן אימיגראַנטן־דור געווען אַ ברכה וואָס האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו באַגייסטערן און אַרויסצורופן די טיפסטע דאַנקבאַרקייט. אָבער פרייהייט איז ניט בלויז אַ געזעצלעכער באַגריף, אַ פאַרזיכערונג אַז די מדינה נעמט אויף זיך צו באַשיצן געוויסע פונדאַ־מענטאַלע רעכט פון אירע בירגער, נאָר אויך אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער באַגריף וואָס ווירקט אַז דער שטח פון שטרענגער פּריוואַטקייט אין יחידס לעבן זאָל שטאַרק אויסגעברייטערט ווערן, זאָל דערויף באַקומען די סאַנקציע פון דעת־הקהל און ווערן די נאָרמע פונעם לעבנס־שטייגער. דאָס איז אַ ווייטער מהלך, אין געוויסע פונקטן אַ גרינטלעכע סתירה, צו דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער וואָס האָט געהערשט ביי יידן אין משך פון דער גאַנצער גלות־געשיכטע. די שאַרפע מחלוקתן וואָס האָבן אופגערודערט דאָס אָרגאַניזירטע יידישע לעבן זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה, די היציקע וויכוחים אַרום דער קאָנגרעס־אידייע, וועגן דעמאָקראַטישן קאָנטראָל, ווי וועגן די פאַר־שלאָגן פונעם מעקיוווער־באַריכט, האָבן זיך סוף־כל־סוף געדרייט אַרום דעם דאָזיקן פּונקט. מען האָט אָפט געקענט זען באַשיינפּערלעך, אַז דאָס דעבאַטירן צווישן זיך ניט צוויי צדדים, נאָר צוויי דורות וואָס אָטעמען די לופט פון צוויי אַנדערע קלימאַטן. איין קלימאַט ווערט באַהערשט פונעם פּרינציפּ פון ישראל ערבים זה בזה, דער אַנדערער פון "mind your own business" („גיט אַכטונג אויף אייערע אייגענע עסקים"), כאָטש דאָס לעצטע דאַרף בשום אופן ניט פאַרשטאַנען ווערן אין מגושמדיקן זינען.

אין דער דאָזיקר אַלגעמיינער ראַם איז אויסגעוואַקסן אַ יוגנט און אַנ־געפילט דאָס לעבן מיט אַן אינהאַלט וואָס איז פּונקט אַזוי אַנדערש ווי די ראַם וואָס רינגלט אים אַרום. וואָרעם דאָס לעבן פונעם אַמעריקאַנער דורכ־שניט באַשטייט אין אַלגעמיין פון אַ מין פיר־אייניקייט: באַשעפטיקונג, פאַ־מיליע, צייט־פאַרטרייב, פאַרוויילונג. עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף די דאָזיקע פיר מאָמענטן, און אויף אַלע צוזאַמען ווי איין גאַנצקייט, און באַטראַכטן זייער שייכות צו די פּראָבלעמען וואָס ווערן באַהאַנדלט.

וועגן באַשעפטיקונג, אָדער קלאַס־אַנגעהעריקייט, איז פאַראַן איין פּונקט וואָס איז באַזונדערס וויכטיק. דער איבערגאַנג פון איין דור צום צווייטן, פון אימיגראַנטישן צום הי־געבוירענעם, פירט צו אַ ווייטערדיקן טראָט אין דער ריכטונג פון גרעסערע פאַרדינסטן, מער באַקוועמלעכקייט און העכערן סאָצי־אַלן סטאַטוס. פון דור צו דור, באַטייט אויך, אין אונדזער פאַל, אַן אַרויפ־קלעטערן פון אַ נידעריקערן צו אַ העכערן עקאָנאָמישן קלאַס. דאָס שליסט איין אין זיך באַגלייט־דערשיינונגען פון די פאַרשיידנסטע סאָרטן [1]). דאָס דאָזיקע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע שטייגן פון דור צו דור אין דער יידישער סביבה איז אַ באַקאַנטע דערשיינונג אין אַמעריקע און אַ קלאָר בילד דערפון זעען מיר אין דער באַרימטער פאָרשונג פון „יענקי סיטי" פון וואָרנער און סראָל [2]).

אָבער העכערער סאָציאַלער סטאַטוס, מער אַנזען און פּרעסטיזש אין דער געזעלשאַפט, צווינגט אויך אַרויף גרעסערע פאָדערונגען זיך צוצופּאַסן צום גייסט און צו דער פאָרם פון דער הערשנדיקער אַנגלאָזאַקסיש־פּראָטעס־טאַנטישער קולטור פון אַמעריקע. בלויז אויף אַזאַ אופן קענען מיר פאַרשטיין פאַרוואָס די קריסמעס־פייערונג האָט געצויגן גאַנץ ווייניק אויפמערקזאַמקייט אין דער יידישער סביבה מיט אַ 25 יאָר צוריק. איצט, מיטן אויפשטייג פונעם נייעם דור, איז דאָס געוואָרן אַ פּראָבלעם וואָס רופט אַרויס היציקע וויכוחים, און די ראַביים, די וואָס האָבן נאָך דעם אַלטן גאָט אין האַרצן, געפינען זיך אין אַ שרעקלעכער פאַרלעגנהייט ווען זיי דאַרפן פּסקענען די פאַרשיידענע שאלות אַרום דער דאָזיקער קריסטלעכער פייערונג. זיי טראַכטן אויס די קונציקסטע המצאות צו מאַכן פּשרות.

שוין דאָס רייסן זיך צו העכערע סאָציאַלע שטאַפּלען — וואָס די אַמערי־קאַנער מעגלעכקייטן דערצו רייצן די אַפּעטיטן מיט יצר־הרעדיקער קראַפט — שוין דאָס אַליין איז אַן אַסימילירנדיקער פאַקטאָר פון גרויסן פאַרנעם. די דינאַמישע יאָגעניש צו דערגרייכן, צו ווערן, צו שטייגן אַלץ העכער און העכער אויפן סאָציאַל־עקאָנאָמישן ספּיראַל אין דער ראַם פון אַן אַנדערש־דיקער הערשנדיקער קולטור, רייסט אָפּ אַלץ מער און מער פון די אייגענע גייסטיקע וואָרצלען, אָדער דער פאָדעם וואָס ציט זיך פון די דאָזיקע וואָרצ־לען ווערט אַלץ דינער און דינער. דער חילוק צווישן דעם יידישן און דעם

ניט־יידישן ווערט זייער טרעפלעך פאָרמולירט פון קלאָקהאָן און מאָריי, כאָטש זיי רעדן גאָר פון אַן אַנדער ענין און באַציען זיך בכלל ניט אויף יידן. אָט וואָס זיי זאָגן:

> וויבאַלד די עסטעטישע נויט איז כמעט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון לעבן אין דער מערבדיקער וועלט, ספּעציעל אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, דורך די כוחות פון פּוריטאַניזם, קאָמערציאַליזם און אָנגעווענדעטער וויסנשאַפט, ווען אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָגן עס מסתמא פאַרזען. אָבער אין אַ סך פּרימיטיווע און אָריענטאַלע קולטורן ווערן מער געשעצט דאָס זיין און דאָס איבערלעבן איידער דאָס ווערן און דערגרייכן [3].

די יידישע טראַדיציאָנעלע קוואַלן פון וועלכע מיר ציען נאָך אַלע אונדזער יניקה, זענען זיכער נעענטער אין דעם פּרט צו דעם וואָס די שרייבער רופן פּרימיטיוו און אָריענטאַליש ווי צו דער קולטור פונעם מערב; עס איז אַ קולטור פון זיין און איבערלעבן.

דער צווייטער מאָמענט פון דער פיר־אייניקייט, די פאַמיליע, איז אַ ברייטע ראַם וואָס נעמט אַריין צופיל. וועלן מיר זיך באַגנוגענען מיט דער ראָלע פונעם קינד אין דער היים. דאָס האָט דאָך אַזאַ אינטימע שייכות מיט די איינפלוסן אויף דער פּערזענלעכקייט פונעם אַמעריקאַנער יידישן דור. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אויך אין דעם פּרט האָט די אַמעריקאַנער סביבה געבראַכט געוויסע ענדערונגען וואָס העלפן אונדז צו פאַרשטיין טייל מאַניפעס־טאַציעס פון דער היגער יידישער יוגנט.

אין די לעצטע יאָרן האָבן אַנטראָפּאָלאָגן גענומען אויספאָרשן דעם לעבנס־שטייגער פון מאָדערנע פעלקער. אַן אָנפירערין פון דער דאָזיקער ריכטונג, מאַרגאַרעט מיד, ווייזט דעם קאָנטראַסט צווישן ענגלאַנד און אַמע־ריקע אין שייכות צו עלטערן־קינדער באַציאונגען. אין ענגלאַנד איז דער פאָטער דער ראש־המדברים ביים מאָלצייט־טיש. ער איז דער בר־סמכא וואָס צו אים הערט מען זיך צו. ער איז דער מאָדעל וואָס דינט ווי אַ ביישפּיל. אין אַמעריקע, פאַרקערט, איז דאָס קינד דער יחסן. דאָס קינד איז דער וואָס ווייזט זיך אַרויס, דערציילט וועגן זיינע פעאיקייטן און נצחונות, און וואַרט אַז די אַרומיקע זאָלן אים אַפּלאָדירן [4].

דער דאָזיקער שטריך פון דער אַמעריקאַנער היים — וואָס איז געוואָרן דער הערשנדיקער מוסטער אין לאַנד — פאַרדינט אונדזער פולסטע אויפ־מערקזאַמקייט, ווייל דאָס איז אַ מין פאַרוואָרפן ווינקל וואו מיר קענען געפינען דעם שליסל צום רייפערן לעבן פון די יידישע דורות וואָס וואַקסן אויף דער אַמעריקאַנער ערד. עס לוינט דעריבער צו ציטירן מאַרגאַרעט מידס אַ תלמיד וואָס שטעלט זיך אָפּ גענויער אויף דעם דאָזיקן פּונקט. די אַמעריקאַנער מוטער, זאָגט ער, אַפילו ווען זי וואָלט געווען אינגאַנצן פריי, וואָלט זיך געשעמט צו האַלטן אַ שטענדיק אויג אויף איר קינד... וואָרעם דערמיט וואָלט זי ריזיקירט צו באַגיין דאָס גרעסטע פאַרברעכן וואָס אַמעריקאַנער

עלטערן קענען באַגיין: זי וואָלט ריזיקירט צו פאַרוואַנדלען איר קינד אין אַ sissy (צו צעפּיעשטשעט).

דער באַגריף סיסי איז אַ שליסל־באַגריף צו פאַרשטיין דעם אַמעריקאַנער כאַראַקטער. ער האָט ניט קיין גלייכן אין יעדער אַנדער געזעלשאַפט. ער איז איצט געוואָרן אַ זידל־וואָרט וואָס מען קען אָנווענדן אויף אַלעמען, אויף יעדן עלטער אוןביידע געשלעכטער... עס איז די גרעסטע מורא פון אַלע אַמעריקאַנער עלטערן אַז זייער קינד קען ווערן אַ סיסי [5]).

וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן גלות זענען, דאַכט זיך, קיין חילוקי־דעות ניטאָ אַז די דאָזיקע סיטואַציע טראָגט אין זיך געוואַלדיקע שטרויכלונגען פאַרן פאָלקישן קיום און מיר האָבן געדאַרפט אַרויסברענגען פון זיך די שטאַרקסטע דעפענסיווע מעכאַניזמען בייצוקומען אַזעלכע מיכשולים. די דאָזיקע מעכאַניזמען האָבן געמוזט זיין פון אַזאַ מין וואָס אַקצענטירט די וויכטיקייט פון באַהעפטונג מיט העכערע פאָלקישע ווערטן, וואָס ווישט אָפּ די מחיצה פון רב ישראל און כל ישראל.

ביי אַזאַ לאַגע טאָר דאָס קינד ניט שפּילן די יחסנותדיקע ראָלע „ביים מאָלצייט־טיש". אַפילו דער ענגלישער מוסטער וואו דער פאָטער איז דער מאָדעל איז ווייט צו־ווייניק. עס דאַרף זיין אַזאַ פאַמיליע־סביבה וואו אַבסטראַקטע ווערטן, אידעאַלן, זענען דער צענטער. ביישפּילן פון עלטערן־קינדער באַציאונגען אין פריערדיקע דורות זענען פאַראַן לרוב, סיי אין דער יידישער אויטאָביאָגראַפישער, סיי אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור. לאָמיך ברענגען איין אויטאָביאָגראַפישן מוסטער פונעם פאַרשטאָרבענעם י. קאָפּעלאָוו, ע"ה, ער דערציילט וועגן זיינע יונגע חדר־יאָרן:

אין די זאַטע שבתים פלעגט דער טאַטע קומען פון שול זייער גוט אויפגעלייגט... מאַכן אַ פיינעם קידוש... פלעגט ער מיך פרעגן וואָס איך האָב די וואָך געלערנט, פלעגט מיך בכיוון פרעגן עפּעס אַ קשיא, צופרידן זיין פון מיין תירוץ... הכלל עס איז געווען ששון ושמחה... האָט ער צווישן די געריכטן אונדז דערציילט שיינע מעשהלעך... פון אגדתא, רבה בר בר חנאס מעשיות, עפּעס אַ טשיקאַווע זאַך פון אַ מדרש, אָבער די מערסטע און שענסטע מעשיות זענען געווען פון תנ"ך. ער האָט זיי אונדז מסביר געווען... אויף אונדז, קינדער, האָבן די מעשיות איבערגעלאָזן אַ טיפן רושם... איך בין ניט זיכער אויב מיר האָבן זיי גוט פאַרשטאַנען, אָבער די רייד אַליין, דער מאָדנער גוטער אויסדרוק אויפן טאַטנס פּנים, די זיסקייט פון זיין קול... האָבן דערוואַרעמט אונדזערע הערצעלעך און פאַרשאַפט גרויס הנאָה. עס איז געווען אַ שבת שכולו עונג. עד היום שטייען אָט די דאָזיקע שבתים ווי לייכט־טורעמס פאַר מיינע אויגן און אין שטורעמדיקע, באַטריבטע צייטן רוט זיך אויף זיי אָפּ מיין געמיט [6]).

די קינדער פונעם אימיגראַנטן־דור האָבן נאָך געדאַרפט פירן מלחמות מיט די עלטערן צוליב די סתירותדיקע טענדענצן אין עלטערן־קינדער באַציאונגען. ביי די היגע־געבוירענע טאַטעס און מאַמעס איז שוין מער קיין קאַמף ניטאָ. די דערמאָנטע וואָרנער און סראָל באַריכטן אַז די אָריענטאַציע פון די הי־

געבוירענע יידישע עלטערן איז שוין ניט די אינוויינוקסטע היים ווי ביים פריערדיקן דור:

דער פאַמיליעס אויפפיר איז שוין ניט געווענדט צום אינעווייניק נאָר צום דרויסן... אין דעם פּרט האָט זי דערגרייכט אַ פאָרם וואָס איז נאָענט צו דער מאָדערנער, גרויסשטאָטישער אַמעריקאַנער פאַמיליע פונעם מיטלקלאַס [7].

אויף יענער זייט ים איז פאָרגעקומען דער קאַמף צווישן די צוויי לעצטע דורות אַרום רעליגיעזע ענינים. טייל שרייבער זעען עפּעס ענלעכס אין אַמעריקע, ווייל דער אויבנאויפיקער איינדרוק איז אַזאַ. אָבער די נאָר־וואָס ציטירטע פאָרשער זענען דורכויס גערעכט ווען זיי באַנוצן אַזעלכע טערמינען ווי „אינעווייניק" און „דרויסן", ווייל אין דעם ליגט אייגנטלעך דער קנופּ פונעם פּלאָנטער.

די אַנדערע צוויי עלעמענטן פון דער פיר־אייניקייט — צייט־פאַרטרייב און פאַרוויילונג — זענען פאַרבונדן מיט דעם וואָס מענטשן טוען אומגעצוואונגען, וואָס אויף דעם ליגט ניט דער מוז פון באַשטימטע התחייבותן. עס איז דער אופן אויף וועלכן מיר פילן אויס די פרייע צייט. אויפן דאָזיקן פעלד האָט די יידישע גלות־געשיכטע אויסגעבויט די שטאַרקסטע דעפּענסיווע מעכאַניזמען זיך צו באַשיצן אין גלות. אַזעלכע אינסטיטוציעס ווי שול און בית־המדרש, דאָס לערנען מדרש, עין יעקב, משניות, אין די אָוונטן, אין די שבתים און יום־טובים, דאָס אַלץ איז געווען אַנדערש ניט בלויז אין ווערט און אין ריכטונג פון אַ היינטיקער פּראָגראַם צו פאַרנעמען די פרייע צייט; עס איז אויך געווען אַנדערש אין די אַסאָסיאַציעס מיט וועלכע יעדע פון זיי איז פאַרבונדן. לערנען אין בית־המדרש האָט געפירט זיך טיפער אַריינצולעבן אין דער ספערע פון יידישן שאַפן, פון יידישע מענטשן און געשעענישן, און פון יידישער מאַראַל. עס האָט געווירקט אַז יידן זאָלן זיך פאַרביינדן מיט פריערדיקע דורות, און צוזאַמען אַריינוואַקסן אין אַן ערנסטן, שווער־וואָגיקן צוגאַנג צום לעבן.

די פרייע צייט פון אונדזער היגער יוגנט איז אָפּגעגעבן אויף לייכטקייט, שפּילעוודיקייט. אָבער אַ סך וויכטיקער זענען אַנדערע צוויי אייגנשאַפטן וואָס בייטן גריטלעך דעם כאַראַקטער פון אונדזער היסטאָריש לעבן. ראשית זענען זיי דורכויס געווענדט צום דרויסן, ניטאָ אין זיי קיין מאָמענט פון יידישער ווענדונג. שנית, זיי אינטענסיפיצירן די קולטור פון פּאַסיווער באַטייליקונג. צי דאָס איז טעאַטער, קינאָ, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, בייוואוינען אַ שפּיל פון בייס־באָל, בעסקעט־באָל — אין די אַלע פאַלן איז דאָס די הנאה פון יענעמס אַרבעט, יענעמס אויפטו; מען ווערט בלויז אַ צוקוקער, אַ צוהערער.

אַפילו אין טעמפּל און אין דער סינאַגאָגע האָט זיך אַלץ מער געשטאַרקט דער גייסט פון פּאַסיווער באַטייליקונג. די בעלי־בתים זענען באַזאָרגט וועגן

אַטראַקציעס. דאָס געזאַנג פון קאַנטאָר און כאָר, די אַקטועלקייט און אָראַ־טאָרישקייט פונעם ראַבייס דרשה, און פאַרשיידענע איינריכטונגען וואָס האָבן אַ קנאַפּע שייכות צו די פונקציעס פון אַ בית־תפילה, פאַרשטאַרקן אַלץ מער דעם גייסט פון פּאַסיווער הנאה. פאַראַן ראַביים וואָס טרייבן מיט אַלע כוחות, און מיט אָריגינעלע איינפאַלן, צו אַקטיוויזירן די יוגנטלעכע פון זייערע קאָנגרעגאַציעס. אָבער זיי דאַנקען גאָט ווען עס געלינגט זיי צו ווירקן אויף קליינע צאָלן. די ווינטן פונעם לאַנד טרייבן אין אַן אַנדער ריכטונג.

ווען מיר נעמען אַלע פיר עלעמענטן צוזאַמען זעט זיך צום בולטסטן די טענדענץ אין דער ריכטונג פון וואָס מער פּריוואַטקייט. היינט, ווען די היים איז געוואָרן אַ צענטער פון אַלע פאָרמען פון פאַרווייליונג און צייט־פאַרטרייב — גראַמאָפאָן, ראַדיאָ, טעלעוויזיע — איז די דאָזיקע טענדענץ געטריבן געוואָרן צו נאָך ווייטערע עקסטרעמען. עס בלייבט ווייניק צייט, ווייניק פּלאַץ, ווייניק געלעגנהייט צו מאַניפעסטירן אַקטיווע יידישע שותּפות. די פאָנד־זאַמלונגען, לויט די היינטיקע מעכאַנישע מעטאָדן, זענען היינט אַנדערש פון אַמאָליקער צדקה שוין צוליב דעם וואָס זיי פאַרשטאַרקן דעם גייסט פון פּאַסיווער באַטייליקונג, אָדער צדקה פון דערווייטנס, אַקוראַט ווי זיצן בײַ זיך אין דער היים און זאָגן כל־נדרי יום־כיפּור בײַנאַכט מיטן חזן אויף דער טעלעוויזיע.

ווען מיר באַטראַכטן דעם פאָלקיש־דעפענסיוון אַספּעקט פון אונדזער היסטאָרישן גלות־שטייגער, דעמאָלט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז אַן אומ־היימלעכע טונקלקייט אינעם בילד פון די אַמעריקאַנער כוחות וואָס צע־טרייסלען אַזוי גרינטלעך דעם ווייטערדיקן גאַנג פון יידישן לעבן אין לאַנד. עס ווערט נאָך אומהיימלעכער דערפון וואָס מיר לעבן אין אַ סביבה וואו צענדליקער עטנישע גרופּעס פאַרשווינדן אָן אַ יורש. עס איז דעריבער לייכט זיך צו משער זיין אַז אַן איבערגעאיילטער איינדרוק זאָל פּסקענען: כלו כל הקיצין. דאָס וואָלט אָבער געווען אַ שווערער טעות, ווײַל עס וואָלט געמאַכט דעם ענין צו איינפאַך בעת אין דער אמתן איז ער זייער פאַרפּלאָנ־טערט. מען דאַרף בשום אופן ניט לייקענען די ערנסטקייט פון אונדזער לאַגע ווען מען געפינט זיך אין נעענטערער באַרירונג מיטן הי־געבוירענעם דור, דער עיקר ווען מיר האָבן אין זינען ניט סתם אַזוי לעבן נאָר אַן אינהאַלטפול, אַ שעפעריש לעבן. עס ווייזט אָבער אויס, אַז די ירושה וואָס מיר האָבן אי־בערגענומען, און וואָס מיר גיבן איבער אונדזערע קינדער, פאַרמאָגט אין זיך נאָך לעבעדיקע פּסיכישע אַבסאָלוטן פון אַזאַ מין, אַז ווען זיי קומען אַריין אין אַ לעבעדיקן רוים קענען זיי פון זיך אַליין אַרויסגעבן אַן עלעמענטאַרן סכום לופט אויף זיך צו דערהאַלטן.

לאָמיר זיך באַקענען מיט עטלעכע פאַקטן. אָט געפינען מיר אויס, אין אַן אַרבעט וועגן די קאַטוילישע ליטווינער, אַז די עלטערן זענען פאַראינ־

טערעסירט אין דעם אַז זייערע זין און טעכטער זאָלן חתונה האָבן מיט מיטגלידער פון ליטווישן פאָלק. אָבער עס לאָזט זיך אויס אַז:

אַרום זעקס און זעכציק ליטווינישע יונגע מענער און פרויען פון הונדערט, וואָס האָבן חתונה געהאַט אין ליטווישע קירכעס, זענען אַ געמיש פון פאַר־שיידענע נאַציאָנאַליטעטן. עס איז דעריבער קלאָר אַז די ליטווינישע קולטור־שטריכן מישן זיך אויס אין אַלע ריכטונגען און די ליטווינער פאַרשווינדן זייער שנעל [8].

ביי אונדז וועט זיך מסתמא ניט געפינען קיין ראַביי וואָס זאָל ביי זיך אין טעמפּל געבן חופּה־וקידושין אַ געמישט פּאָרל, און דער לעצטער חשבון פון געמישטע חתונות בכלל איז ביי אונדז צווישן 5 און 10 פּראָצענט [9].

אויך וועגן „פאַרשווינדן" איז געמאַכט געוואָרן אַ שטיקל חשבון. די דערמאָנטע וואָרנער און סראָל האָבן אויסגערעכנט די צייט ווי לאַנג עס דאַרף געדויערן פאַר פאַרשיידענע עטנישע גרופּעס זיך אינגאַנצן אויסצו־מישן מיט דער איבעריקער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. בנוגע יידן מאַכן זיי אַן אונטערשייד צווישן העל־הויטיקע, וואָס קומען אין אַלגעמיין פון מערב־איראָפּע, און טונקל־הויטיקע, די מזרח־איראָפּעאישע יידן. לויט די מחברים קומט אויס, אַז די העל־הויטיקע וועלן פאַרשווינדן אין אַ זעקס דורות אַרום; ביי די טונקלהויטיקע קען עס געדויערן — עד סוף כל הדורות [10].

אין אַלע פאָרשונגען וועגן דער יוגנט ווייזט זיך אַרויס אַז אַן איבער־וועגנדיקער רוב דריקט אויס פּאָזיטיווע סימנים פון יידישער אָנגעהעריקייט און אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צום דאָזיקן פאַקט. אָפט איז דער אינהאַלט פון אַזעלכע יידישקייט־סימנים ממש נישטיק, ווי למשל גיין אין שול אַמאָל אין אַ יובל, אָדער זיין צופרידן דערמיט וואָס אַנדערע יידן היטן כשרות, אָדער בויען מדינת־ישראל. ווען מען שמועסט פערזענלעך מיט אַזעלכע יונגעלייט ווייזט זיך אַרויס גאַנץ אָפט אַז הינטער די בלאָסע סימנים לעבט אַ געדיכ־טערע נעץ וואָס האַלט זיי געפאַנגען.

דער מיליטאַנטישער, אָפט ציניש ער, אַטעאיזם, וואָס איז געווען פאַר־שפּרייט צווישן אונדזער יוגנט מיט אַ פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, זעט זיך היינט כמעט ניט אָן. אָבער דאָס גייט ניט צוזאַמען מיט אויפגעוואַכטע טעאָלאָגישע דאָרשטן, ווי טייל מיינען. גיכער איז דאָס אַ פּסיכאָלאָגישער, כאָטש ניט לאָגישער, פּועל־יוצא פון אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צו יידישער אָנגעהעריקייט. עפּעס ווערט געפילט, אַז יידישקייט גראַמט זיך ניט מיט אַ פיינטלעכן קוק אויף רעליגיעזע ווערטן.

אַוודאי האָט דער אויפקום פון מדינת ישראל געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די פּראָצעסן וואָס ווערן דאָ באַשריבן. אָבער דער איינפלוס האָט זיך אויסגעשפּרייט אין צוויי פאַרקערטע ריכטונגען. ער האָט אויפגעוועקט דעם איינגעשלאָפענעם יונגן יידן אין דער דערמאָנטער געדיכטער נעץ וואו ער איז געלעגן אַ געפאַנגענער. ער האָט אויך געטריבן צו טיפערן טראַכטן

וועגן זיך דערנעענטערן צו יידישער אַנגעהעריקייט אָדער זיך דערווייטערן פון איר. פאַרשטייט זיך אַז אין לעצטן פאַל איז אויך דער וועג אָפן פאַר נעגאַטיווע רעזולטאַטן, אָדער ער קען פירן צו פאַרשטאַרקן דעם איבערלעכן קאָנפליקט צווישן יאָ און ניין.

וואָס מער מען באַקענט זיך מיט אונדזער היגער יוגנט אַלץ מער קען מען באַמערקן סימנים פון אַן אינערלעכער צעריסנקייט בעת זיי רעפלעקטירן וועגן זייער יידישער אַנגעהעריקייט. דער אויסגלייכנדיקער דרוק פונעם אַמעריקאַנער שטייגער טעמפּט אָפּ די דעפּענסיווע מעכאַניזמען וואָס האָבן ביז איצט באַשיצט דאָס זעלבסטשטענדיקע לעבן פון אַ פאָלק אין גלות. דאָס דריקט זיך אויס אויף הונדערטער אופנים, דירעקטע און אומדירעקטע. פון דער אַנדער זייט טליעט אין אונדזער יוגנט, אַפילו ביי די דערווייטערטע, אַן עמאָציאָנעל־אָנגעלאָדענע צענטריפּעטאַלע טענדענץ, אַ טענדענץ וואָס ציט זיך אין דער יידישער ריכטונג. די קראַפט פון דער דאָזיקער טענדענץ איז, פאַרשטייט זיך, ניט גלייך ביי די פאַרשיידענע גרופּירונגען פון דער יידישער יוגנט לויט די איינפלוסן פון היים, דערציאונג, אידעאָלאָגיע און פאַרבינדונ־גען אין לעבן. אין לעצטן סך־הכל לאָזט זיך די דאָזיקע טרייב־קראַפט פאַר־מולירן אין אומבאַשטימטע, נעפּלדיקע טערמינען: אַ פאַרלאַנג עס זאָל בלייבן אַ יידישע ענטיטעט און אַ חוב צו זיין אַ טייל פון איר.

דער אינערלעכער קאָנפליקט ווערט נאָך מער פאַרשאַרפט צוליב דעם וואָסביידע קעגנערישע כוחות אַפּעלירן ניט צום זעלביקן אַספּעקט פון גייסטיקן לעבן. עס איז דעריבער ניט קיין פראַגע וועגן דעצידירן צווישן צוויי געוויכטן אויף דער זעלביקער וואָגשאָל. וואָרעם די שטרענג־ראַציאָנאַלע אַרגומענטאַציע איז אויף דער זייט פון וואָס מער זיך אויסמישן מיטן אַרום, אָבער דער יידישער תוך באַוועגט זיך אין אַן עמאָציאָנעלן אוניווערס אַרומגע־רינגלט מיטן רייץ פון אַ מסירת־נפשדיקן אידעאַליזם וואָס דאָס יידישע זיין, און זיין גאַנצקייט, הויכט פון זיך אַרויס. מיר האָבן דאָ צו טאָן ניט אַזוי ווייט מיט צוויי קעגנערישע כוחות ווי מיט צוויי פאַרשיידענע וועלטן וואָס ציען זיך אין פאַרשיידענע ריכטונגען.

דער דאָזיקער אינערלעכער קאָנפליקט, אויף פאַרשיידענע מדרגות פון שאַרפקייט, איז אָנזעעוודיק כמעט ביי אַלע קאַטעגאָריעס פון אונדזער יוגנט. אויף דער פראַגע וואָס זיי האָבן ניט ליב ביי יידן, איז אָפט דער ענטפער: „סעגרעגאַציע״, דאָס אָפטע וואָרט איז clannishness. דאָס מערקווערדיקסטע איז וואָס מען הערט דעם זעלביקן ענטפער אַפילו פון אַזעלכע וואָס דער־קלערן, אַז זיי פירן זיך דורכויס אָרטאָדאָקסיש, ד״ה „געטאָ״־מעסיק. אין אַן אויספאָרשונג פון מאַריאַן ראַדקע [11]) איז פאַראַן אַ גרופּע וואָס זי רופט „אָרגאַניזירטע ציוניסטן״. 33.4% פון זיי דערקלערן, אַז צווישן די זאַכן וואָס זיי געפעלט ניט ביי יידן איז clannishness. קענטיק אַז אויך זיי זענען ניט

פריי פונעם דערמאָנטן אינערלעכן קאָנפליקט. אויב אָרטאָדאָקסיע באַטייט אַ ווייטגייענדיקע אָפּגעזונדערטקייט פון דער ניט־יידישער סביבה, זענען די אימפּליפיקאַציעס פון אַקטיוון ציוניזם אַ קולטורעלע און געזעלשאַפטלעכע אַריינגעטאָנקייט אין אייגענעם פאָלק. לאָגיש וואָלט דאָס זיכער ניט געדאַרפט אַרויסרופן קיין פּראָטעסט קעגן דער אידייע פון אָפּגעזונדערטקייט. אָפּט דאַכט זיך מיר אַז דאָס שרייאיקע אָפּטרייסלען זיך clannishness איז אַ מיטל צו באַפרידיקן די טעאָרעטישע איבערצייגונג וואָס גייט להיפוך צו אייגענע איבערלעבונגען.

אַזוי קומען מיר צוריק צו די צוויי יונגעלייט מיט וועלכע איך האָב אָנגעהויבן. די סתירה צווישן זייערע האַרבע אַרגומענטאַטיווע רייד און שפּעטערדיקע יידישע מעשים איז גאַנץ נאָרמאַל אין אונדזערע יוגנטלעכע קרייזן, כאָטש די עקסטרעמע האַרבקייט פון די רייד איז ניט דער געוויינט־לעכער מוסטער וואָס מיר באַגעגענען. די האַרבע אָדער די מילדע פאָרם אין וועלכער דער קאָנפליקט דריקט זיך אויס הענגט אָפּ נאַטירלעך פון די פאַרשיידענע באַדינגונגען אין לעבן, און, ניט ווייניקער, פון דער פּער־זענלעכקייט.

בכל אופן ווייזט זיך אַרויס דער גרויסער כוח פון אונדזער ירושה. ניט געקוקט אויפן צעשטערערישן כאַראַקטער פון אַמעריקאַנער לעבן פאַרן יידישן אויסגעפּרואוווטן שטייגער, האָבן דאָך אונדזערע קינדער איינגעזאַפּט אין זיך אַ באַלעבנדיקן שטאָף וואָס וואָרצלט טיף אין זייערע נשמות. אמת, דאָס איז ניט קיין מאַטעריאַל וואָס מען קען פון אים מאַכן אַ טעאָלאָגישן ראַציאָנאַליזאַציע פון יידישן קיום. מען מוז אויך לײדער מודה זיין אַז ווי עס זעט איצט אויס טראָגט ניט אין זיך דער דאָזיקער מאַטעריאַל קיין צו גרויסע שאַפנדיקע פּאָטענצן. דאָס איז דאָס טרויעריקע אינעם יידישן לעבן פון די אָנקומענדיקע דורות, אויף וויפיל עס מאַניפעסטירט זיך אין איצטיקן מאָמענט. אונדזער קולטור איז צו־אַלט און צו־רייך; מיר זענען ניט געוואוינט צו אַן עקזיסטענץ וואָס ווערט ניט כסדר שאַפעריש באַנייט. איז טאַקע אמת אַז דער פונקציאָנירנדיקער יידישער מאַטעריאַל אינעם לעבן פונעם היינטיקן גלות גיט ניט, לײדער ניט, קיין צו־רייכע הבטחות. אָבער מען קען יאָ פון אים בויען — לכל־הפּחות פאַר אַ יידיש־לעבעדיקן מיעוט — אַ יידיש לעבן וואָס איז מער צעמענטירט, אָרגאַניזירט, און ווערט געפירט מער אינטענסיוו כדי צו באַרייכערן דעם זינען פון אונדזער זיין. אמת, דאָס קען בלויז פאַרלייכטערן די אינערלעכע קאָנפליקטן אויף וועלכע איך האָב אָנגעוויזן, אָבער אויסמיידן זיי קען עס ניט, קען קיין זאַך ניט. וואָרעם לאָמיר געדענקען, אַז מיר לעבן איצט איבער, בכל תפוצות ישראל, אַ נייעם גלות וואָס איז אינגאַנצן אַנדערש פון די אויפטרייסלונגען אין דער יידישער פּסי־כיק זינט חורבן בית־שני און פונעם געשטאַלט פון גלות צו וועלכן אַלע

פריערדיקע דורות זענען געוואוינט געוואָרן. די אינערלעכע צעריסנקייט, אויף אַ מאַסן־פאַרנעם, איז איינע פון די וויכטיקסטע כאַראַקטער־שטריכן פון אָט דעם נייעם גלות.

(1954)

## ביבליאָגראַפיע


1. Jurgen Ruesch, "Social Technique, Social Status and Social change in Illness" in *Personality in Nature and Culture,* Clyde Kluckhohn and Hanry A. Murray, 1948, 117-131.

2. Lloyd Warner and Leo Srole, *The Social Status of American Ethnic Groups,* Yankee City Series, Vol. III, 1945.

3. Kluckhohn and Murray, ibid, 17.

4. Margaret Mead and Rhoda Metraux, (eds) *Culture at a Distance,* 1953, 380.

5. Geoffrey Gorer, *The American People,* 1948, 85.

6) י. קאַפּעלאָוו, אַמאָל איז געווען, 1926, 43־44.

6. W. Lloyd Warner and Leo Srole, ibid., 115.

8. Rev. Casimir Peter Sirvaitis, *Religious Folkways in Lithuania and Their Conservation Among the Lithuanian Immigrants in the United States.* Washington, D. C., 1952.

Hershl Shanks, "Jewish Gentile Intermarriage", *Commentary,* October 1953.

10. Warner and Srole, ibid., 294.

11. Marian Radke, *The Meaning of Minority Membership to Jewish College Students, American Jewish Congress, New York* (מימיאָגראַפירט)

# יידישע דערציאונג אין אַמעריקע

דאָס יאָר 1910 פֿאַרדינט אַן אויסצייכענונג פֿון דער געשיכטע פֿון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. אין יענעם יאָר, ווי מיר וויסן, האָט זיך געעפֿנט די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע, אָדער יידיש־וועלטלעכע, שול. אַזאַ מין שול האָט זיך טאַקע געהאַט באַוויזן נאָך מיט צוויי יאָר פֿריער, אָבער יענע איז געווען אַ פּריוואַטע אונטערנעמונג און שנעל אונטערגעגאַנגען. די שול פֿון 1910 איז געווען אַ געזעלשאַפֿטלעכער פּרואוו, איר פֿאָטער איז געווען די פּועלי־ציון פּאַרטיי, און איר איז באַשערט געווען צו זיין דער אָנהייב פֿון אַ גאַנצער ריי שולן פֿון זעלביקן טיפּ, וואָס אויך אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן געעפֿנט איבערן גאַנצן לאַנד.

אמת, לויט דער צאָל תּלמידים וואָס די דאָזיקע שולן האָבן אַרומגענומען זענען זיי ניט געווען קיין גרויסע כוואַליע אינעם ים פֿון יידישער דערציאונג. אָבער היסטאָריש איז אין דעם פֿאַל ניט אַזוי וויכטיק דער קוואַנטיטאַטיווער פֿאַרנעם נאָר דער פֿאַקט וואָס עס האָט זיך באַוויזן אַ נייער טיפּ שול, אַ נייער צוגאַנג צו יידישער דערציאונג, אַנדערע מכשירים און אַ נייער טיפּ לערער, דורכצופֿירן די געשטעלטע אויפֿגאַבעס.

אין זעלביקן יאָר 1910 איז געשען נאָך עפּעס וואָס האָט געעפֿנט אַ ניי קאַפּיטל אין יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. אינעם דאָזיקן יאָר האָט די דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע קהילה אין ניו יאָרק געעפֿנט אַ ביוראָ פֿאַר יידישער דערציאונג און ד״ר שמעון בענדערלי איז געוואָרן דער פֿירנדיקער כּוח פֿון דער נייער אונטערנעמונג.

דר״ בענדערלי איז ניט געווען קיין אויסגעשולטער מענטש אויפֿן דער־ציערישן פֿעלד. אָבער ער האָט פֿאַרמאָגט אַנדערע מעלות וואָס האָבן דאָס ווייט אַריבערגעוואויגן. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ פֿייערדיקע באַגייסטערונג וואָס האָט געוואַרעמט, געוועקט און אָנגעצונדן אַלעמען אַרום זיך. ער איז געווען אַן עקספּערימענטירער פֿון ערשטן ראַנג; שטענדיק האָט ער געזוכט עפּעס נייעס, עפּעס וואָס איז אַנדערש, וואָס קען אויפֿרודערן און צוציען, און איז געווען ווייט פֿון פֿאָרמעל־רעליגיעזע אָפּהאַלטן וואָס זאָלן אים שטיין אין וועג. זיינע עקספּערימענטן מיט נייע, מאָדערנע לערנביכער, זיין ספּעקולערער צוגאַנג צום העברעאישן לימוד, זיין ניט מאַכן קיין חילוק צווישן יינגלעך און מיידלעך בנוגע דער נייטיקייט פֿון יידישן וויסן, דאָס, און אַ סך אַנדערע דרכים צו וועלכע ער האָט זיך געריסן, האָבן אַרויסגערופֿן ביטערע מחלוקתן קעגן אים, דער עיקר מצד די פֿרומע יידן. אָבער ער האָט פֿאַרמאָגט די אומ־דערשראָקנקייט פֿון אַ גייסטיקן רעפֿאָרמירער און איז מיט עקשנות געגאַנגען אויף זיין וועג.

דאָס נייע קאַפּיטל אין יידישער דערציאונג וואָס ער האָט געעפנט באַשטייט אָבער ניט בלויז אין זיינע עקספּערימענטאַלע אויפטועך, נאָר אויך, דער עיקר, אין אַנדערע צוויי מאָמענטן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו האַמערן אויפן פונקט אַז יידישע דערציאונג דאַרף זיין די אַחריות ניט פון פּריוואַטער איניציאַטיוו, אָדער פון אָרגאַניזירטע גרופּעס מיט גוטע כוונות, נאָר פון גאַנצן יידישן כלל. דאָס צווייטע, ניט ווייניקער וויכטיק, איז דער פאַקט וואָס ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט תלמידים, יונגעלייט מיט יידישער און אַלגעמיינער בילדונג, מיט טיפן יידישן באַוואוסטזיין, און זיי צוגעצויגן, איינגעשפּאַנט אין זיינע אַלץ־וואַקסנדיקע פּראָיעקטן לטובת יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. די דאָזיקע יונגעלייט, אַ סך פון זיי זענען שפּעטער געוואָרן די אָנפירער פון ביוראָען, קאָמיטעטן פון יידישער דערציאונג אין אַנדערע שטעט, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט צו וועקן און מונטערן דעם יידישן כלל און אים צוציען צו דער דאָזיקער אויפגאַבע.

בענדערלי איז אויך געוועזן מאָדערן אין דעם וואָס ער האָט געטראַכט וועגן זיינע פּראַקטישע טעטיקייטן אין טערמינען פון ציפערן, טאַבעלעס, דיאַגראַמען, און פאַרשפּרייט די דאָזיקער באַדערפעניש אַרום זיך. זיינע תלמידים, אַלע מאָדערן־געשולטע מענטשן, זענען נאַטירלעך געגאַנגען אויפן זעלביקן וועג.

דער דאָזיקער וועג פון שטענדיק האַלטן די האַנט אויפן דופק פון יידישער דערציאונג אין לאַנד — לכל־הפּחות יענע אַספּעקטן וואָס לאָזן זיך אויסדריקן אין ציפערן — האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. לאָקאַלע ביוראָען און קאָמיטעטן טוען דאָס אין די גרענעצן פון די באַזונדערע שטעט. אין דעם פּרט צייכנט זיך אויס דער יידישער דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו יאָרק, וואָס פאַר אים איז די אויפגאַבע אַ סך שווערער צוליב זיין פאַרנעם, דער צעטיילטקייט און צעשפּרייטקייט פון דער יידישער באַפעלקערונג אין דער ריזיקער וועלט־שטאָט. די זעלביקע אויפגאַבע פאַר יידישער דערציאונג פון גאַנצן לאַנד פירט דורך די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר יידישער דערציאונג.

די אָרגאַניזירטע יידישע דערציאונג צייכנט זיך באמת אויס מיט געבן אונדז כסדרדיקע דעטאַלע אינפאָרמאַציע פון יאָר צו יאָר וועגן שטייגן און פאַלן און וועגן אַנדערע מאָמענטן וואָס די דאָזיקע געוואַלדיק־קאָמפּליצירטע טעטיקייט רופט אַרויס. סטאַטיסטישע אַמטן אַרבעטן גאַנץ אינטענסיוו, קלייבן ידיעות און פאַרמולירן זיי לויט אַלע כללים פון פאַרגלייכיקע צאָלן. ווער עס נייטיקט זיך אין מאַטעריאַלן פון דעם סאָרט איז ניט שווער זיי צו קריגן. מען קען דעמאָלט האָבן פאַר זיך טאַבעלעס וואו פאַרשיידענע יאָרן ווערן געמאָסטן איינס מיטן אַנדערן; מען באַקענט זיך מיט געוויסע פאַקטן פון אַלע סאָרטן שולן, ישיבות, תלמוד־תורה׳ס, קאָנגרעגאַציע־שולן, זונטיק־

שולן, וועלטלעכע שולן, „פֿאַונדיישאַן סקולס" (טאָג־שולן פֿאַר קינדער פֿון קינדערגאָרטן־עלטער ביז די ערשטע צוויי־דריי קלאַסן פֿון פּאַבליק־סקול), בקיצור, עס איז פֿאַראַן געגוג מאַטעריאַל צו באַרייכערן קוואַנטיטאַטיווע ידיעות.

איך מיין ניט דערמיט צו זאָגן אַז מיר ווייסן שוין אַלץ. אָ, זייער ווייט דערפֿון. בכלל, „אַלץ", שלימות, איז אַ געטלעכער אַטריבוט און איז ניט געגעבן געוואָרן דעם אָרעמערן בשר־ודם צו דערגרייכן. שוין אָפּגערעדט פֿון די קוואַליטאַטיווע זייטן, וואָס זענען אַזוי אומגעהייער ווי כטיק און וואָס קענען ניט לאָזן הערן פֿון זיך אין דער שפּראַך פֿון ציפֿערן. אָבער די אַרבעט וואָס ווערט געטאָן איז דאַנקבאַר און גרויס. טאַקע איצט ווערט פֿאַרענדיקט אַ פֿאַרצווייגטע אויספֿאָרשונג אין ניו יאָרק פֿונעם יידישן דערציאונגס־קאָמיטעט. דאָס איז אַ דריי־יאָריקער פּראָיעקט וואָס וועט אונדז געבן דעטאַלע ידיעות וועגן דער איצטיקער לאַגע אין יידישער דערציאונג אין דער גרעסטער יידישער שטאָט אין דער וועלט. אַחוץ דעם ווערט געאַרבעט אויף אַן אויספֿאָרשונג איבערן גאַנצן לאַנד, אַן אויספֿאָרשונג אויף גאָר אַן אַמביציעזן פֿאַרנעם, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון פּראָפֿ' אָסקאַר דזשאַנאָווסקי, און זי ווערט דורכגעפֿירט פֿון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פֿאַר יידישער דערציאונג. אַלע צדדים וואָס זענען פֿאַראינטערעסירט אין יידישער דערציאונג וואַרטן מיט אומגעדולד אויף די רעזולטאַטן פֿון דער דאָזיקער ריזיקער אונטערנעמונג.

קיין בר־דעת וועט זיך ניט איינרעדן אַז אַלע אַזעלכע אונטערזוכונגען, די סאַמע בעסטע, די גרינטלעכסטע, וועלן ברענגען די ענדגילטיקע תירוצים אויף אַלע קשיות. דאָס גרעסטע וואָס מען קען האָפֿן איז אַז זיי וועלן גענויער אָנווייזן אויף די שטאַרקע און שוואַכע פּונקטן, זיי וועלן אויפֿדעקן ווייניק־באַמערקטע ווינקלען וואו מיר האָבן געהאַט גרויס הצלחה, וואו מיר זענען דורכגעפֿאַלן און וואו אָנשטרענגונגען האָבן סתם גאָרניט געפּועלט. די וויכטיקייט פֿון די אַלע זאַכן קען מען גאָר ניט מגזם זיין. אָבער ווען מען ווערט פֿאַרטיק מיט דעם אַלעם הייבט זיך אָן די אַרבעט פֿון אַנאַליזירן, יעדער אויף זיין אייגענעם שטייגער, פֿון אויסטייטשן, אַריינטייטשן, און דאָס רופֿט אַרויס ווייטערדיקע קשיות וואָס לאָזן ניט רוען, אַ באַקאַנטשאַפֿט מיט דער קאָנקרעטער לאַגע אילוסטרירט דעם ענין זייער בולט.

אין 1949 איז די צאָל תלמידים אין אַלע יידישע שולן פֿון לאַנד געוואַקסן אויף 6.9% אין פֿאַרגלייך מיטן פֿריערדיקן יאָר. אין 1950 איז די צאָל ווידער געוואַקסן אויף 4.2%, אין 1951 האָבן מיר שוין אַ וואוקס פֿון 13.4%. אין 1952 הייבט זיך ווייטער די צאָל אויף 11.1%. אַזאַ בשורה דערפֿרייט זיכער דאָס האַרץ פֿון אַלע וואָס זענען פֿאַראינטערעסירט אין יידישער דערציאונג. נאָך מער, אַ סך מער, איז געווען דער וואוקס פֿון די טאָג־שולן, וואו די קינדער באַקומען סיי די יידישע, סיי די אַלגעמיינע דערציאונג.

עס זענען פאַראַן זייער ערנסטע חילוקי־דעות וועגן די דאָזיקע סאָרטן שולן. אין דער לעצטער שורה צעטיילן זיך די מיינונגען אויף אַ פונקט וואָס איז ווייט ניט ניי אין דער געשיכטע פון אַמעריקאַנער יידישער דערציאונג. פון איין זייט זענען פאַראַן אַזעלכע וואָס האַלטן פאַר שעדלעך דאָס אָפּרייסן זיך פון דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער וועלט וואָס געפינט איר אויסדרוק אין דער פּאַבליק־סקול. פון דער אַנדער זייט קומען די וואָס פון זיי שרייט אַרויס די זאָרג פאַר יידישער קענטעניש און דעם יידישן גייסט וואָס די נאָכמיטאָג־שול קען ניט געבן אין דער געהעריקער מאָס.

וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן די מיינונגען פון ביידע צדדים מוז מען מודה זיין אַז די וואָס נעמען אויף זיך דעם ריזיקן עול פון אַ טאָג־שול, סיי דעם פינאַנציעלן, סיי דעם אַדמיניסטראַטיוון, ווייזן בלי ספק אַרויס זייער באַגייסטערונג און מסירת־נפש פאַר אינטענסיווער יידישער דערציאונג. ווען מען האָט דאָס אין זינען וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן דער וואוקס פון טאָג־שולן אין די לעצטע יאָרן. אין 1935 זענען געווען דריי שטעט וואָס האָבן פאַרמאָגט 17 טאָג־שולן; אין 1945 זענען שוין געווען 15 שטעט מיט 78 טאָג־שולן און אין 1950, 50 שטעט מיט 130 אַזעלכע שולן. אין 1935 זענען אין די טאָג־שולן געווען 4,600 תלמידים און אין 1950 — 21,500.

ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין די סיבות וואָס האָבן געקענט פירן צו אַזאַ וואוקס דעמאָלט שווימען אַרויס ערנסטע קשיות און מיינונגען וואָס פירן צו מער זיכערקייט אין אונדזערע אָפּשאַצונגען. די באַגרענעצטקייט פון ציפערן באַשטייט אין דעם וואָס זיי ווייזן בלויז פאַקטן, ניט קיין סיבות, און גראָד דאָ זענען די פאַקטן אַליין צו ווייניק ווען מען פאַרשטייט ניט דעם זינען וואָס שטעקט אין זיי.

מען וואָלט זיך, למשל, געקענט פאָרשטעלן, אַז די דערמאָנטע פאַקטן זענען אַ פועל־יוצא פון צוויי הויפּט־סיבות. ערשטנס, האָט דאָס יאָרן־לאַנגע האַמערן מצד שול־פירער און עסקנים אויף דער וויכטיקייט פון יידישער דערציאונג פאַר אַ יידיש־קינד, ענדלעך אויפגעוועקט דעם נייעם דור עלטערן; דאָס יידישע געוויסן האָט זיך ביי זיי אויפגעכאַפּט און זיי האָבן גענומען שיקן זייערע קינדער אין די יידישע שולן. צווייטנס, די באמת טעכנישע אויפטוען, די נייע מעטאָדן, פּראָגראַמען, לערער, געביידעס, זענען געוואָרן מער צוציענדיק סיי פאַר די עלטערן, סיי פאַר די קינדער.

ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי וואָלט די פרייד געווען באמת אין לשער. וואָרעם דאָס וואָלט געקענט זיין אַן אָנווייז אַז יידישע דערציאונג האָט דערגרייכט אַ סטאַבילן צושטאַנד, און אַז דאָס מוז פירן דערצו אַז בקרוב וועט די יידישע שול פאַרכאַפּן דעם גרעסטן רוב פון אונדזער קינדער־באַפעלקערונג. דאָס וואָלט אויך געגעבן אַ רעכט צו האָפן אַז די איין־טאָג שול, די זונטיק־שול, וואָס פאַרנעמט איצט אַזאַ גרויסן פּלאַץ אינעם געבוי פון

יידישער דערציִאונג (לויט אַן אָפּשאַצונג אין פרילינג, 1952 — 52.4% פון אַלע יידישע שול־תלמידים איבערן לאַנד), וועט רעדוצירט ווערן צו אַ ראַנד־פּאָזיציע, און עס וועט וואַקסן און פאַרטיפט ווערן די פּראָגראַם פון דער יידישער שול וואָס בלייבט אַ האָפענונגסלאָזער בעל־מום ווען זי ווערט באַגרענעצט בלויז אויף איין טאָג אין דער וואָך.

אָבער די לאַגע, ווי זי איז, פירט צו אַנדערע סיבות וואָס וועקן אַנדערע געדאַנקען און אַן אַנדער צוגאַנג צו די געשעענישן. קודם־כל איז וויכטיק צו געדענקען אַז די דערמאָנטע פּאָזיטיווע פאַקטן פאַלן צונויף מיט צוויי אומגעהייערע געשעענישן אין יידישן לעבן: די מאָוימדיקע קאַטאַסטראָפע אין מזרח־אייראָפּע און דער אויפקום פון מדינת ישראל. אַז אַזאַ קאַטאַסטראָפע זאָל אויפטרייסלען און צערודערן דאָס יידישע געוויסן, זאָל וועקן אַ פאַרלאַנג זיך צו דערנענטערן צו ישראל סבא, לאָזט זיך לייכט פאַרשטיין. אָבער ווי טיף און דויערדיק אַזאַ פאַרלאַנג קען ווירקן, דאָס איז שוין אַן אומזיכערע זאַך. די עלטערן פונעם ערשטן הי־געבוירענעם דור האָבן נאָך געפילט דעם בראָך פון דער אייגענער משפחה אויף יענער זייט ים, און האָבן געמוזט אַריינ־ברענגען דעם טרויער צו זיך אין דער היים, אַפילו צו די אייניקלעך. וויפיל וועט דערפון בלייבן ביים ווייטערדיקן דור, ביי נאָך אַ דור ווייטער? אַזעלכע זאַכן, ווי גרויס די טראַגעדיע זאָל ניט זיין, קענען ניט שאַפן קיין שטענדיקע סטימולירנדיקע קראַפט אין סאָציאַלן לעבן.

דער כוח פון מדינת ישראל איז שוין עפּעס אַנדערש. אָבער דאָ זענען פאַרוויקלט אַזוי פיל באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פאַקטאָרן אַז מען טאָר גאָר ניט וואַגן זאָגן נביאות. דער גרעסטער כוח וואָס קען ווירקן אויף דורכשניטלעכע עלטערן בנוגע דער יידישער דערציִאונג פון זייערע קינדער, ליגט אין דער נאָענטסטער סביבה אין וועלכער זיי לעבן. די לופט פון דער דאָזיקער סביבה, כדי זי זאָל אָנהאַלטן אַ פּערמאַנענטע וואַרעמקייט, מוז פאַרמאָגן אַ טעמפּעראַטור וואָס שטאַמט פון איר אייגענעם קלימאַט, פון די אַטמאָספערישע געשעענישן אינעם לאָקאַלן יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז מדינת ישראל וועט זיין אַ שטענדיקער טרייב־כוח אין אַלע תפוצות, אָבער ווי ווייט דאָס וועט העלפן אויסשפּרייטן דעם דערציִאונגס־שטח אין דער יידישער אַמעריקע, דאָס הענגט אָפּ פון צופיל פאַקטאָרן, סיי אין דער מדינה, סיי אין אַמעריקע, וואָס לאָזן זיך ניט פאָרויסזען.

בנוגע די טאָג־שולן ווייסן מיר אַז דאָס האָט אַ סך צו פאַרדאַנקען דעם אָנקום פון מזרח־אייראָפּעאישע פרומע יידן, די פרומע פון יענעם טיפּ וואָס קען באין אופן ניט שלום מאַכן מיט דער סביבה פון דער פּאָבליק־סקול און מיטן קאַרגן סכום יידישע ידיעות וואָס אַ נאָכמיטאָג־שול קען געבן. וועגן דעם דאָזיקן טיפּ יידן קען מען שוין זיכער זאָגן נביאות. עס קען קיין ספק ניט זיין אַז זיין צוקונפט אין אַמעריקע, אין גרעסערע צאָלן, קען ניט מער

אָנהאַלטן ווי איין דור. ווען ער וועט זיך בייטן, אויף דאָס מינדסטע זיך צופּאַסן צו די נייע באַדינגונגען — וואָס דאָס איז אומפאַרמיידלעך — ווערט ער שוין אַן אַנדער מענטש און איז ניט מער דער טיפּ אַזוי ווי מיר קענען אים איצט. דאָס איז בכלל ריכטיק וועגן יעדער עקסטרעמער אידעאָלאָגישער גרופּע; די מינדסטע פּשרה מיט דער סביבה ברענגט זי אום. ווען צו דעם אַלעם קומט נאָך צו די עקאָנאָמישע שפּע פונעם לעצטן יאָרצענדליק וואַרפט דאָס אויך אַ ליכט אויף די פאַרגרעסערטע ביודזשעטן וואָס יידן האָבן זיך דערלויבט אויפן פעלד פון דערציאונג. דאָס רופט אויך אַרויס חשדים וועגן מעגלעכע ענדערונגען, און ניט צום בעסערן, ביי ערגערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען.

לאָמיר אויך ניט פאַרגעסן אַז נאָך אַלע אָפּטימיסטישע חשבונות געפינען מיר נאָך אַלץ ווייניקער פון אַ העלפט יידישע קינדער אין לאַנד רעגיסטרירט אין יידישע שולן. אַוודאי דאַרף מען אַפּלאָדירן דעם פאַקט וואָס די אַמאָליקע 25־30 פּראָצענט זענען געבראָכן געוואָרן. אָבער ווען מען דערמאָנט זיך די ראָלע פון דער יידישער דערציאונג אין אונדזער היסטאָרישן לעבן אַפילו ביי די ערגסטע באַדינגונגען, זעען מיר ווי ווייט מיר זענען נאָך אין אַמעריקע פון אַן אידעאַלן צושטאַנד. עס איז דעריבער נאַטירלעך מען זאָל נאָך אַלץ רעדן וועגן דער פּראָבלעם פון יידישער דערציאונג. איך פיל אָבער אַז מיר וועלן זיך טיפער דערגראָבן צום עיקר ווען מיר וועלן באַטראַכטן, פאַרביי־גייענדיק, דעם באַגריף פּראָבלעם.

אין אונדזער אידיאָמאַטישן יידיש ווייסן מיר פון אַ סך ווערטער וואָס דערציילן אונדז פונעם מאָמענט ווען עס איז שווער צו דערגרייכן וואָס מען וויל. עס איז פאַראַן אַן עיכוב, אַ מניעה, אַ צרה, אַ שטער, אַן אָנשיקעניש, אַ שטיין אין וועג. היינט איז אַלץ אַ „פּראָבלעם". מדינת־ישראל איז אַ פּראָבלעם, יידיש־העברעאיש איז דאָך אַוודאי אַ פּראָבלעם, יידישע דערציאונג איז דאָך זיכער אַ פּראָבלעם.

עס איז פאַראַן אַ שאַרפע נפקא מינה צווישן די עלטערע יידישע ווער־טער און דעם וואָרט פּראָבלעם. די ערשטע אַקצענטירן בלויז די שוועריקייט, זיי שטרייכן אונטער די עקזיסטירנדיקע לאַגע, נאָר שווייגן אינגאַנצן וועגן אַ מעגלעכן אויסוועג. אָבער „פּראָבלעם" איז עפּעס אַנדערש. מיר ווייסן פון פּראָבלעמען אין אַריטמעטיק, אַלגעברע, געאָמעטריע. דאָרט האָבן מיר אַ לאַגע וואו עס זענען דאָ שוועריקייטן; עס איז אויך דאָ, נעמט מען אָן, אַן אויסוועג, נאָר מען זעט אים ניט פון אויבן־אויף. די פּראָבלעם איז צו געפינען אָט דעם אויסוועג. אין מאַטעמאַטיק זענען, פאַרשטייט זיך, פאַראַן פּראָבלעמען אויף וועלכע מען האָט נאָך קיין ענטפער ניט געפונען. נאָר דער באַגריף פּראָבלעם איז אין זיך כולל ניט בלויז די שוועריקייט וואָס

מען הייבט אַרויס נאָר אויך דעם צוטרוי אַז אַן ענטפער איז דאָ, נאָר מען דאַרף אים אויסזוכן און אַרויסשלעפּן פון זיין באַהעלטעניש.

אַנדערש איז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל און אין יידישן לעבן אַוודאי און אַוודאי. דער גלויבן אַז אויף אַלע שוועריקייטן קען מען געפינען אַן ענטפער ווען מען זוכט מיט גענוג חשק און פעאיקייט, איז אַן איבערדעניש אויף וועלכער פאַנטאַסטישע אויטאָפּיעס זענען געבויט. אין לעבן איז אַ סך מער רעאַליסטישער צו זיין אַ מסתפק במועט. אין לעבן דאַרף מען דאַנקען גאָט ווען מען קען פאַרבעסערן, פאַרלייכטערן. עס קומט פאָר זעלטן ווען מען קען גרינטלעך פאַרענטפערן פּראָבלעמען, איז דאָס אויך אין ניט־עיקר־דיקע זאַכן.

מען קען אפשר מיינען אַז ס'איז בעסער צוצוגיין צו שווערע אויפגאַבעס מיטן נאַאיוון גלויבן אַז פאַר אַלץ אין דער וועלט איז דאָ אַן אויסוועג. דאָס גיט קוראַזש און רופט אַרויס באַגייסטערונג. אַוודאי איז פאַראַן אַ שטיק אמת אין דעם. אָבער ווען מען לייגט אַוועק אויף דער אַנדער וואָגשאָל די דורכפאַלן, די אַנטוישונגען, און די ביטערע טענות וואָס דאָס ברענגט, קען מען בעסער אָפּשאַצן די מעלות פון ניכטערקייט.

אין סאַמע פונדאַמענט ליגט אין יידישער דערציאונג אין אַמעריקע ניט קיין פּראָבלעם נאָר אַ לאַגע, און דאָס טאָר מען קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן פון זינען. נעמט, למשל, די פראַגע פון צייט, פּשוטע פיזישע צייט. די קינדער לערנען אין סקול פינף שעה אַ טאָג. ווען איר רעכנט צו די באַדערפענישן פון שפּילן זיך אין גאַס, מואוויז, הייַנט איז נאָך צוגעקומען טעלעוויזיע. איצט באַרעכנט וויפיל עס בלייבט נאָך פאַר דער יידישער שול.

ד״ר סיימאָן גרינבערג, פון יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, האַלט אַז די מינימום צייט וואָס מען דאַרף כדי צו געבן אַ קינד כאָטש אַן עס־לעפל יידיש וויסן איז 250 שעה אַ יאָר אין משך פון צען יאָר צייט. דאָס איז ווייט ניט צופיל אויף אויסלערנען דאָס סאַמע ביטיקסטע פון אונדזער רייכער יידישער קולטור. מילא, עס איז איבעריק צו דערמאָנען ווי ווייט, זייער ווייט, דאָס איז — ווען מיר בעמען אַ דורכשניט פון אַלע שולן — פונעם פּאַקטישן צושטאַנד. די פאָדערונג איז אַ גאַנץ מילדע, אָבער מען דאַרף האָבן מער ווי די יידישע צוגעבונדנקייט פון דורכשניטלעכע יידישע עלטערן, און דאָס געוויינטלעכע יידישע קינד אין אַמעריקאַנער באַדינגונגען וואָלט געדאַרפט האָבן ווייניקער זייטיקע יצר־הרעס, כדי מקיים צו זיין די דאָזיקע מצוה, וואָס איז גאָרניט אַזוי לייכט.

יידישע שולן האָבן שוין איינגעפירט טאַנצן, שפּילן, קונסט, אַלץ כדי צוצוציען וואָס מער קינדער און כדי בעסער צו ווירקן אויף די עלטערן. אָבער ווי מען זאָל ניט וועלן מוז דאָס אַלץ אַוועקנעמען צייט פון די דירעקטע יידישע לימודים, וואָס האָבן סיי ווי צו ווייניק פאַר זיך אַליין. דאָ איז

ניט שייך צו זאָגן אַז מען קען זיך קליגן צו געפינען אַן ענטפער. עס איז ניט קיין פּראָבלעם; עס איז אַ לאַגע.

אַ סך האָבן ליב צו פאַרגלייכן יידישע דערציאונג אין אַמעריקע מיט דער לאַגע אין דער אַלטער היים. זיי טוען דאָס צו וואַרפן אַן אומחן אויף דעם וואָס זיי זעען דאָ. דאָס איז אָבער זייער אַ קרומער פאַרגלייך. אין מזרח־אייראָפּע איז דער חדר געווען די איינציקע שול פאַר יידישע קינדער, און דער סאָציאַלער דרוק אַז קינדער מוזן גיין אין חדר איז, אין יענער אָפּגעזונדערטער יידישער וועלט, ניט שוואַכער געווען פון אַ געזעצלעכן דרוק. ביי אונדז, דאָ, גייען דאָך די קינדער אין דער שול פון לאַנד. כאָטש בנוגע דער פּאָבליק־סקול איז דער סאָציאַלער דרוק געגוג גרויס, פונדעסטוועגן פונקציאָנירט די סקול אונטער אַ צוואַנג־בילדונג געזעץ. דער צוואַנג וואָס באַהערשט די סקול שטרייכט נאָך מער אונטער די לויזע פרייוויליקייט וואָס די יידישע שול רופט אַרויס. עס איז אַפילו שווער אַרויסצורופן אַ צווינגענדיקן מאָראַלן חוב אין די ראַמען פון פרייוויליקייט, ווייל די יידישע וועלט און דאָס יידישע שטייגער־לעבן איז מער ניט אַזאַ אָפּגעזונדערטע אייגנאַרטיקייט און די ליניע צווישן אינעווייניק און דרויסן איז ניט שאַרף געגוג. ווי אַזוי דאָס רופט זיך אָפּ אויף יידישער דערציאונג ווייסן מיר, אָבער דאָס איז ניט קיין פּראָבלעם. עס איז אַ לאַגע.

פרייוויליקייט אין אַזאַ מין ראַם מאַכט שווער צו האָפן אַז די יידישע שול וועט ווען עס איז דערגרייכן אַן איבערוועגנדיקן רוב יידישע קינדער. אָבער דער דאָזיקער רעזולטאַט ווערט באַלד אַ סיבה און פירט צו ווייטערדיקע רעזולטאַטן. איך האָב אַמאָל זיך דורכגערעדט מיט 55 יידישע קינדער פון שול־עלטער, אַלע תלמידים פון אַ יידישער שול. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז יעדער פון זיי האָט אַ צאָל אינטימע יידישע פריינד וואָס באַזוכן ניט קיין יידישע שול. די קלענסטע צאָל אַזעלכע פריינד איז געווען 5. איז ניט שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס אַ צאָל פון די קינדער מיט וועלכע איך האָב געשמועסט האָבן זיך מודה געווען אַז ווען זייערע עלטערן צווינגען זיי ניט, וואָלטן זיי גיכער געוואָלט פאַרברענגען מיט זייערע פריינד אין גאַס איידער קומען אין שול. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס רוב עלטערן צווינגען ניט, אָדער צווינגען ניט אַזוי שטאַרק. מען קען נאַטירלעך זיך צוטשעפּען צו עפּעס אַ שולדיקן און זאָגן מוסר. עס איז אָבער ניכטערער איינצוזען אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך אפשר אויך אַ פּראָבלעם, אָבער דער עיקר אַ לאַגע.

אַזוי וואָלט דער צעטל פון „ניט־פּראָבלעמען" געקענט זיך ציען ווייטער און ווייטער. פאַרשטייט זיך אַז די „לאַגע" פון דער לאַגע ווירקט אויף דעם אַז דאָרט וואו מען קען יאָ עפּעס פאַרלייכטערן, און אַפילו פאַרענטפערן, ד"ה, דאָרט וואו מיר האָבן באמת צו טאָן מיט פּראָבלעמען, זאָל עס אָנקומען שווערער און פאָדערן אומגעווייינטלעכע עקשנות. און כאָטש, ווי אָנגעוויזן, דער

וואוקס פון דער צאָל תּלמידים אין די לעצטע יאָרן האָט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען אַלגעמיינע, גרויסע געשעעענישן אין יידישן לעבן, דאַרף מען אָבער אויך אַריינרעכענען אין חשבון די אינערלעכע אויסבעסערונגען אין שול־פירונג וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין משך פון דער צייט. אין ליכט פון די געוואַלדיקע מניעות וואָס די אַמעריקאַנער סביבה רוקט אַרויס קען מען גיכער אָפּשאַצן ווי שווער עס איז די אַרבעט, ווי אָנגעשטרענגט די מי אויף דער גאַנצער ליניע פון די עקסטרעם־פרומע ביז די וועלטלעכע. עס זענען געמאַכט געוואָרן גרינטלעכע און וויט־גרייכנדיקע אויסבעסרונגען אין לערנ־ביכער, אין מעטאָדן פון לערנען, אין צוגרייטן און אויסאַרבעטן פּראָגראַמען, אין אויסער־פּראָגראַם טעטיקייטן, ביז מער־צוגעפּאַסטע געביידעס. אין דעם צעטל דאַרף מען אויך אַריינרעכענען דעם פאַקט וואָס די קהלשע קאַסעס באַטייליקן זיך אַלץ מער און מער אין פאַרלייכטערן די ביודזשעט־שווע־ריקייטן פון די שולן.

די הצלחה פון יידישער דערציאונג הענגט אָפּ פון צוויי פונדאַמענטאַלע דערגרייכונגען: די אַרעמקייט פון גאַס און היים אין זייער יידישקייט־פאַרמעגן פאָדערט אַז די שול זאָל שאַפן אַזאַ אַטמאָספערע וואו דאָס קינד זאָל קענען אַריינוואַקסן, און זיך פילן באַטייליקט, אין דער גורל־דראַמע פון יידישער עקזיסטענץ. אָן דעם איז יידישער המשך ניט מעגלעך. יידישע דערציאונג איז אויך פאַרבונדן מיט וויסן, אַ סך וויסן. אָן דעם איז קרעאַטיווער יידישער המשך ניט מעגלעך.

די דאָזיקע צוויי מאָמענטן שטרייכן אונטער מיט דער גאַנצער האַרב־קייט די געוואַלדיקע שוועריקייטן צו אַנטוויקלען אַ פּאַסיקן לערער־פּערסאָנאַל פאַר דער יידישער שול. ניט ווייניקער קענען מיר אויך אין דעם דערזען טענדענצן פון דער צוקונפט. אינטענסיווע יידישע דערציאונג אין אַמעריקע פאָדערט אַזאַ מאָס יידישע איבערגעגעבנקייט און שטענדיקן באַוואוסטזיין פון יידישן תּכלית, וואָס בלויז קלענערע צאָלן זענען זוכה דערצו. איז אונדז באַשערט צו האָבן צוויי סאָרטן שולן: אַזעלכע וואו דאָס לערנען איז קאַרג, אויבנאויפיק, פאַרלאַנגט ווינציקער צייט און אָנשטרענגונג, און אַזעלכע וואָס באַשטייען אויף מער וויסן, מער צייט פאַר יידישע לימודים, מער טעטיקייטן מיט יידישן אינהאַלט. דער שכל איז מחייב אַז די ערשטע וועלן זיין די מאַיאָריטעט, די צווייטע, אַ מיעוט. אַז דער דאָזיקער מיעוט זאָל ניט זיין צו מיעוט׳דיק, דאָס איז די שווערע אויפגאַבע פון אַלע וואָס גיבן זיך אָפּ מיט יידישער דערציאונג. אָבער סיי ווי איז גוט צו געדענקען אַז אויב יידן אין גלות ווערן כאַראַקטעריזירט ווי אַ מינאָריטעט אין לאַנד, דעמאָלט איז די יידישע קוואַליטעט פון אָט דעם יידישן לעבן אָפּהענגיק פון אַ מינאָריטעט אין דער מינאָריטעט.

(1954)

# דאָרט און דאָ

די ווערטער „דאָרט" און „דאָ" באַנוץ איך איצט אין אַ גאַנץ ספּעציעלן זינען. מיט „דאָרט" מיין איך מזרח־אייראָפּע, אָדער „אויף יענער זייט ים", אָדער „די אַלטע היים", פֿאַרשטייט מען שוין אַז „דאָ" באַצייכנט אַמעריקע, די פֿאַראייניקטע שטאַטן. קיינער איז נאַטירלעך ניט מסופק אַז דער טראַגיש־אומגעבראַכטער דאָרט איז געווען ווייט אַנדערש פֿונעם אַמעריקאַנער דאָ. פֿאַראַן גענוג אַזעלכע וואָס געפֿינען זיך טאַקע דאָ, אָבער זייער אופֿן פֿון אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן רעאַגירן, זייער פּסיכישע רעאַליטעט, איז אַ וועלט פֿון זכרונות, זכרונות פֿון דאָרט. אַפֿילו ווען טאָג־טעגלעכע דערפֿאַרונגען צווינגען אַרויף ממש מיט געוואַלד די אַנדערשקייט פֿונעם דאָ, וועלן זיי דאָס העכסטנס אָנערקענען דע פֿאַקטאָ, אָבער זיי קענען ביי זיך ניט פּועלן דאָס אויך צו אָנערקענען דע יורע, אין געדאַנק, אין זייער טעאָרעטישן צוגאַנג, אַזוי צו זאָגן. דאָס לעצטע וואָלט מחייב געווען צו בייטן וואָרצלדיקע געוואוינהייטן אין טראַכטן און פֿילן און דאָס איז שוין גאָר ניט קיין קלייניקייט.

אָבער עס לוינט זיך צו זען מיט מער קלאָרקייט דעם אונטערשייד צווישן דאָרט און דאָ. לאָמיר נעמען אַ ביישפּיל וואָס רייסט ממש מיט די אויגן. גלייך ווי עס האָט זיך געעפֿנט אין אַמעריקע די ערשטע יידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול אין 1910, האָט זיך אויפֿגעהויבן די פֿראַגע וועגן דעם פּלאַץ פֿון רעליגיע, אָדער רעליגיעזע עלעמענטן, אין דער שול־פּראָגראַם. די פֿראַגע האָט זיך אויפֿגעהויבן און מער ניט אָפּגעלאָזן. אין 1918, אויפֿן צוזאַמענפֿאָר אין סיראַקיוז, דערציילט יואל ענטין (שול־אַלמאַנאַך, פֿילאַדעלפֿיע, 1935, 121), האָבן זיך די באַטראַכטונגען אויסגעצייכנט „מיט האַרבע סכסוכים וועגן העברעאיש און רעליגיע".

די שלום עליכם שולן וואָס האָבן זיך אונטערשיידט פֿון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע, אָדער פֿאַרבאַנד־שולן, אין דער פֿראַגע וועגן דעם העברעאיש־לימוד האָבן אָבער גענומען די זעלביקע פּאָזיטיווע שטעלונג צו „רעליגיע", וואָס האָט זיך אויסגעדריקט דער עיקר אין פֿייערן יידישע ימים־טובים. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס האָט אַרויסגערופֿן הייסע וויכוחים, ספּעציעל נאָך אין אַ צייט ווען עס האָט זיך צו אונדז דערטראָגן פֿון דער קאָמוניסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד דער ווילדער שטראָם פֿון מיליטאַנטישן אַטעאיזם.

וועגן דעם שלום עליכם פֿאָלק־אינסטיטוט שרייבט ליפּע לעהרער אין דערמאָנטן אַלמאַנאַך. גיט ער דאָרט איבער די פּרינציפּן פֿון אינסטיטוט וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דער קאָנפֿערענץ פֿון 1927. אָנגענומענע פּרינציפּן זענען נאַטירלעך אַ פּועל־יוצא פֿון פּשרות צווישן צדדים. זאָגט זיך דאָרט, שוין נאָך אַלע פּשרות, אַז די יידיש־וועלטלעכע סביבה „קוקט

ניט אויף רעליגיע ווי אויפֿן יסוד פֿון אונדזער גײַסטיקן לעבן. די יידישע רעליגיעזע מנהגים זענען פֿאַר איר נאָר אַ טייל פֿון אונדזער דורות־לאַנגן פֿאָלקס־שאַפֿן" (דאָרט, 140). דאָס פֿאָדערט נאַטירלעך די פּאָזיטיווע באַציאונג צו „פֿאָלקס־שאַפֿן".

וועגן די אַרבעטער־רינג שולן שרײַבט אין אַלמאַנאַך פּ. געליבטער. ציטירט ער דאָרט פֿון אַ הקדמה צו אַ פּראָגראַם פֿון די אַרבעטער־רינג שולן וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין 1927: אויף דרײַ זײַלן שטייט די קינדער־שול פֿון אַרבעטער־רינג: זי איז אַ יידישע, אַ סאָציאַליסטישע און אַ פֿרײַ־דענקערישע" (דאָרט, 35). דאָס לעצטע וואָרט, פֿרײַדענקערישע, וואָס קלינגט היינטיקע צײַטן אַביסל גרילצנדיק־נאַאיוו, איז מסתמא געווען אַ נאַטירלעכע קאָנצעסיע צו די אַנטי־רעליגיעזע געשרייען פֿון דער רוסישער איבער־קערעניש. אין דער פּראַקטיק האָט זיך ווינציק וואָס געביטן פֿונעם אָנהייב פֿון די שולן, וואָרעם שוין אויפֿן ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון די אַרבעטער־רינג שולן אין 1920 איז אויפֿגעקומען די פֿראַגע וועגן פֿײַערן יידישע ימים־טובים און עס איז באַשלאָסן געוואָרן לטובת עטלעכע ימים־טובים.

וועגן דעם אָנהייב פֿון די שולן אין אַמעריקע דערציילט אויך א. גלאַנץ־לייעלעס. ער איז אין 1911 צום ערשטן מאָל אַרויסגעפֿאָרן איבערן לאַנד צו בויען יידישע שולן לויט אינסטרוקציעס פֿון דער ס"ט פּאַרטיי. וועגן דעם פּונקט וואָס ווערט דאָ באַרירט דערציילט ער אַזוי: „בײַ אונדז גופֿא זענען אויפֿגעקומען וויכּוחים וועגן דעם ווי אַזוי עס זאָל זײַן דער צוגאַנג צו יידישע ימים־טובים, אַ רעליגיעזער צוגאַנג צי בלויז אַ היסטאָרישער. אין יעדן פֿאַל איז בײַ אונדז ניט געווען קיין שום ספֿק אַז די יידישע ימים־טובים דאַרפֿן געהאַלטן און געפֿײַערט ווערן. מיר האָבן שטענדיק געפֿילט אַז דאָס האַלטן ימים־טובים איז זייער אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר פֿאַר דער נאַציאָנאַלער ,בויאונג' פֿון דעם יידישן קינד. גלײַכצײַטיק איז אין די ס"ט שולן געווען שטאַרק קענטיק זייער פּראָלעטאַריש־סאָציאַליסטישער אײַנשטעל" (שול־פּנקס, שיקאַגאָ, 1948, 203).

בקיצור, דאָ אין אַמעריקע, כאָטש צווישן דערוואַקסענע האָט מען נאָר וואָס געהאַט דורכגעלעבט אַ צײַט פֿון קעמפֿערישער אַפּיקורסות, וואָס מען האָט שפּעטער געבומען רופֿן ראַדיקאַלעכץ; כאָטש וועלטלעך, אומרעליגיעז, פֿרײַדענקעריש, זענען געווען גאַנץ חשובֿע אַדיעקטיוון צו באַצייכענען אַ יידנס לעבנס־פֿילאָסאָפֿיע, דאָך ווען עס איז געקומען צו בויען שולן האָט אויפֿגע־לעבט שלום עליכמס „צוריקגעשמועסט". אַ שטאַרקער אײַנדרוק פֿירט צו דעם אַז בײַ זיך פּריוואַט האָבן די שול־פֿירער זיך ווינציק וואָס געזאָרגט וועגן דער „נאַציאָנאַל־פּאָעטישער ווידערגעבורט פֿון דער יידישער רעליגיע", לויט ד"ר זשיטלאָווסקיס היתר, אָבער ווען מען איז געקומען פּנים־אל־פּנים מיטן נײַעם דור קינדער האָט מען געפֿילט אַז עס וועט זיי קיין געזונט ניט

צוקומען ווען מען וועט פון זיי באַהאַלטן דאָס גאַנצע ביסל שטייגערישע האָב און גוטס וואָס אונדזערע זיידעס האָבן אונדז געלאָזן. אין אַמעריקע, מיט איין וואָרט, האָט רעליגיע — אָדער דאָס וואָס מען רופט מיט דעם נאָמען — געפּאָדערט אַז מען זאָל צו איר ניט צוגיין מיט לאָמיך־געמאַכיקן לייכטזין אָדער מיט די פּליטערלעך פון „פּאָעזיע": אַז אין די „זאַבאַבאָנעס" פון דער אַלטער ירושה איז פאַראַן עפּעס וואָס קען זיין סכנותדיק־ערנסט פאַר יידן און דערלאָזט ניט אַז די „פיזיק" פון וועלטלעכקייט זאָל צו לייכט קענען גובר זיין די מעטאַפיזיק פון רעליגיע.

ווי האָט עס אויסגעזען דאָרט? וואָסערע שוועריקייטן האָט די פאָרמולע וועלטלעך אַרויסגערופן דאָרט? על־פּי רוב זייער ווייניק. דער חידוש דערפון באַשטייט אין דעם וואָס סוף־כל־סוף האָבן מיר דאָ צו טאָן טאַקע מיט אַן אַלט וואָרט אָבער גאָר אין אַ נייעם זינען. מיר זענען ניט געוואוינט געווען צו באַנוצן דאָס וואָרט וועלטלעך ווי אַן אויסגעטיילטע קאַטעגאָריע פון ניט־רעליגיע וואָס רייסט זיך צו אַנטי־רעליגיע. היינט אויב אַזוי איז דאָך נייטיק געווען קלאָר צו מאַכן דעם נייעם טייטש ווי אַ לעבנס־דרך וואָס דאַרף באַהערשן די גאַנצע יידישע שול־דערציאונג.

אָבער דאָס איז ניט פאָרגעקומען. דער פּעדאַגאָגישער חודש־זשורנאַל די נייע שול איז געווען די מער־טעאָרעטישע פּעריאָדישע אויסגאַבע פונעם יידיש־וועלטלעכן שולוועזן אין פּוילן. דער ערשטער נומער (1920) הייבט זיך אָן מיט אַ דערקלערונג פון דער רעדאַקציע וועגן „אונדזערע אויפגאַבן". דאָרט רעדט זיך וועגן דער אַרבעטס־שול, די מאָדע־פאָרמולע פון יענער צייט וואָס האָט אַלעמען פאַרכאַפּט. עס ווערט אָבער ניט געפילט אַז מען דאַרף אויסאַרבעטן אַ דרך וואָס זאָל הלכה למעשה אַרויסברענגען געבוי ווי אַזוי עס דאַרף זיך אויסדריקן אין דער שול יידיש־וועלטלעך. עס קען זיין אַז אינעם נאָמען ליגט שוין דער ענטפער. וואָרעם נייע שול, אָן שום וואונק וועגן דעם אַז עס איז אַ יידישע שול, מאַכט דעם איינדרוק אַז בלויז דאָס נייע און אַלגעמיינע אין דערציאונג איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פּראָבלעם, ניט דאָס יידישע. אמת, אַרום די צישאָ־שולן זענען געווען אויך אַזעלכע וואָס די קאָנסעקווענצן פון „וועלטלעך־ניט־רעליגיעז" האָבן טיילמאָל באַאומרואיקט. דאָס קען מען זען אין די באַמערקונגען פון י. כעזין: „איבעריקער ראַציאָנאַ־ליזם" (נייע שול, 1922, נומ. 3), אָדער פון א. גאָלאָמב: „נאָכאַמאָל וועגן רעליגיעזער דערציאונג" (דאָרט, נומ. 6). אַנדערע האָבן זיך געשראָקן אַז דאָס פּירט מען זאָל זינדיקן קעגן „נאַציאָנאַלער דערציאונג". אָבער די וואָג־שאָל האָט שטאַרק אַריבערגעוואויגן, לכל־הפּחות טעאָרעטיש, אויף דער זייט פון אומבאַפלעקטער וועלטלעכקייט.

ווי געזאָגט איז ניט געווען קיין גרויסע אָנשטרענגונג גענויער צו דע־פינירן וואָס דער טערמין באַטייט. אפשר ווי אַ מער־ווייניקער אומדירעקטע

דעפיניציע פון וועלטלעך קען אונדז דינען אַזאַ מין געגעבענע כאַראַקטער־ריסטיק פון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע״: „אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע איז ניט געווען קיין שפּור פון רעליגיעזער דערציאונג. מען האָט ניט געהיט קיין כשרות, מען האָט ניט געדאַוונט, מען האָט ניט אָפּגעהיט קיין יידישע ימים־טובים און דאָך איז דער אַנשטאַלט געווען דורכויס יידיש, יידישלעך, פאָלקס־טימלעך״ (ח. ש. קאַזדאַן: די געשיכטע פון יידישן שולוועזן אין אומאָפּהענ־גיקן פוילן, 1947, 396). וואָלט שוין באַלד געווען גוט און פיין, דערציילט אונדז אָבער דער זעלביקער שרייבער מיט דריי זייטן ווייטער: „ווי געזאָגט, ניט געווען אין סאַנאַטאָריע קיין רעליגיעזע פאָרמען, הגם אַ פייערלעכן סדר האָט מען געפּראַוועט אין גייסט און סטיל פונעם יום־טוב״. צו זאָגן אַז מען האָט דאָרט ניט אָפּגעהיט קיין יידישע ימים־טובים און אַז מען האָט געפּראַוועט אַ סדר „אין גייסט און סטיל פונעם יום־טוב״ איז עפּעס ניט אַזוי גלאַטיק. מעגלעך אַז דאָס איז ניט געווען די איינציקע סירכא אין דער וועלט־לעכקייט פון דער סאַנאַטאָריע. מען דאַרף באמת מאַכן זייער אַ שטאַרקע אָנשטרענגונג צו זיין וועלטלעך (ניט־רעליגיעז) קאָנסעקווענט ווען מען וויל ניט בכוונה און פלאַנמעסיק אָפּטייטן דאָס יידישע אין יידישע קינדער. אָבער עס זעט אויס אַז דאָרט איז טאַקע מעגלעך געווען זיך צו פרייען מיט דער אילוזיע פון קאָנסעקווענטער וועלטלעכקייט און אין דער זעלביקער צייט זיך נאָך מער פרייען מיט דער נאָך גרעסערער אילוזיע פון „יידיש, יידישלעך, פאָלקסטימלעך״, לכל־הפחות אויף איין דור, אפשר אויף צוויי דורות. יאָ, דאָרט איז עס מעגלעך געווען.

אמת, עס קען זיך אויך דאָרט אַרויסכאַפּן אַן איינצלנע שוואַלב מיט אַפּיקורסישע געדאַנקען קעגן ריינער, אומבאַפלעקטער וועלטלעכקייט. אין צווייטן באַנד פון דער בונדישער צייטפּראַגן (1910) שרייבט אַן אָנגעזעענער בונדישער טוער בזה הלשון: „די אינטעליגענץ אונדזערע און די אויפגע־קלערטע אַרבעטער מעקן אָפּ אַלע פאַרבן פון זייערע לעבנס־פאָרמען. אַלץ איז גרוי און וואָכעדיק. איך ווייס ניט קעגן וועלכן פונקט פון אונדזער פּראָ־גראַם וועלן מיר זיך פאַרזינדיקן ווען שבת וועט ליגן אויפן טיש אַ ווייס טישטוך, ביינאַכט וועט מען אָנצינדן ליכט (מען קען אָנצינדן ליכט אָן אַ ברכה און אָן טרערן), ווען אין פּסח, דער יום־טוב פון פרילינג און פרייהייט, וועט אין אונדזער וואוינונג אַלץ שיינען און לייכטן ווי אין יעדער יידישער שטוב; ווען שבועות וועט אין שטוב זיין גרינס; ווען תשעה־באב וועט זיך אויך ביי אונדז פילן דער נאַציאָנאַלער טרויער, אַאַז״וו״ (ציטירט לויט ח. ש. קאַזדאַן: פון חדר און שקאָלעס״ ביז ציש״אָ, 1956, 280). אַזעלכע געדאַנקען זענען דאָרט אַ יוצא מן הכלל. עס האָט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן אַזאַ שיר־ניט־רעליגיע אין די צוואַנציקער יאָרן צווישן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען וואָס האָבן באַשטימט דעם טאָן און צוגאַנג פונעם זייער־און־זייער

וועלטלעכן צישאַ. און דאָך, ווי געזאָגט, איז דאָרט מעגלעך געווען אַז מיט דעם אַלעם זאָל זיך פאָרט ניט לאָזן שטאַרק פילן די אילוזאָרישקייט פונעם „יידישלעך" ביי די דאָרטיקע וועלטלעכע.

דאָס איז געווען פוילן. דאָרט האָבן הונדערטער יאָרן יידישע געשיכטע און טויזנטער יאָרן יידישע טראַדיציע אויפגעבויט אַ פאָלק־געשטאַלט אַזוי אייגנאַרטיק, אַזוי אַרומנעמענדיק אַז יעדער ייד, מיט אָדער אָן זיין ווילן, האָט פסיכיש געמוזט לעבן ווי אַ טייל פון אַ גאַנצקייט, סיי פון אַ קולטור־גאַנצקייט, סיי פון אַ היסטאָרישער. אָט דאָס איינזאַפּן אין זיך די איבערלעבונג ווי אַ טייל פון אַ גאַנצקייט איז אַ פסיכישער היסטאָריזאַציע־פּראָצעס וואָס האָט געגעבן באַזונדערע איגערלעכע קאָלירן דעם יידישן יחיד פון די עלטערע דורות. עס איז אַ פּראָצעס וואָס ציט אויס די פעדעם פון אונדזער לאָקאַלער און יחידישער עקזיסטענץ און פאַרשפּינט אונדז אין אַ רעגנבויגן פון צייטן און וועלטן וואו געפילטע יידישע גאַנצקייט שפּאַרט אָן. ניט אַזוי לייכט וועפּט זיך אויס אַזאַ לופט אין געציילטע יאָרן, בפרט ווען אָט די פסיכיש־היסטאָרי־זירנדיקע פאַקטאָרן ווייזן נאָך געגוג לעבנס־סימנים אין דער אַרומיקער יידישער וועלט.

איך בין זיך משער אַז יעדער פון די וואָס האָט זיך באַטייליקט אין ערשטן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע אין 1921 איז אַליין אין זיינע יונגע יאָרן געגאַנגען אין חדר און איז אויסגעוואַקסן אין אַ הויז וואָס איז געווען פאַרוויקלט אין אַ געוועב פון גאַנץ־יידישער היסטאָרישער איבערלעבונג. איינער פון די דעלעגאַטן (י. גאַרדין) האָט געזאָגט: „מיר דאַרפן באַקעמפן די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן אין דער שול. אונדזער לאָזונג דאַרף זיין ניט יידישע דערציאונג נאָר סאָציאַליסטישע דערציאונג אויף דער מוטער־שפּראַך, צוגעפּאַסט צו דער פסיכאָלאָגיע און לעבנס־באַדינגונגען פון יידישן קינד". אויך ער איז אַמאָל געווען אַ חדר־ייִנגל און געטראָגן אין זיך דעם פּאָעטישן כוח פונעם ווייט־היסטאָרישן יידישן דויער. יענע אַלע דעלעגאַטן האָבן זיכער געלייענט און גרויס הנאָה געהאַט פון שלום עליכמס טביה און זיך געקוויקט מיט די געמאַכטע פאַלש־טייטשן פון די פסוקים און מאַמרים, טייטשן וואָס מישן אויס צייטן און לענדער און שטעלן אַוועק לויפיקע גע־שעענישן אין ווייטע ראַמע אַזוי אַז ציט און שטח ריגען אויס אין אַ מין קוים־געאַנטער יידישער מעטאַפיזיק.

ביי יענע וועלטלעכע איז ניט געווען אַזוי נייטיק צו געבן אַ פּרעציזע דעפיניציע פונעם טערמין, ווייל אַ חוץ אַלעמען איז דאָס אויך געווען אַ פּראָטעסט־באַגריף, ניט אַ סך־הכל פון ריין־טעאָרעטישע אויסגעאַרבעטע הנחות. עס איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן דער אָרגאַניזירטער יידישער פרומ־קייט, וואָס זיי האָבן גערופן — ווי עס פּאַסט פאַר אַ געדאַנק וואָס פּאָלעמי־זירט מער ווי ער טראַכט — מיטן היסטאָריש־פאַלשן און אומגערעכטן נאָמען

„קלעריקאַליזם״, אַ וואָרט וואָס שטאַמט פון דער הערשנדיקער קריסטלעכער וועלט און פון באַדינגונגען וואָס האָבן ביי יידן קיין עקוויוואַלענט ניט.

אָבער זאָל זיין קלאָר אַז וועלטלעכקייט, וואָס ווייטער זי ווערט געפירט, אַלץ מער שיילט זי אַראָפּ ניט בלויז די אויבערשטע הויט פון יידישער עקזיסטענץ נאָר אויך דעם טיפערן זינען פון זיין געבונדענעם היסטאָרישן דויער. אפשר אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל איז תשעה־באב. ריין־לאָגיש קען וועלטלעכקייט האָבן טענות צו אַלע יידישע ימים־טובים און געדענק־טעג. פאָרט איז אין זיי אַלע פאַראַן אַ רעליגיעזער עלעמענט. אָבער תשעה־באָב האָבן נבוכדנצר, טיטוס און פערדינאַנד און טאָרקוועמאַדאַ איינגאַנצן פאַרוועלטלעכט. וואָלטן די וועלטלעכע זיכער געדאַרפט פּראָקלאַמירן תשעה־באָב ווי זייער טרויער־טאָג. דער איינציקער תירוץ וואָס ווערט אין דעם פאַל געגעבן איז דאָס וואָס די געשעענישן פון תשעה־באָב זענען פאָרגעקומען שוין זייער אַ לאַנגע צייט צוריק. אָבער אַוועקרייסן זיך פונעם פריער און זיך האַלטן ביים שפּעטסטן שפּעטער — וואָס דאָס איז דאָך תמיד געווען די טענדענץ פון וועלטלעכקייט — איז שוין ניט בלויז ניט־רעליגיעז נאָר אַן אָנשטרענגונג צו צערייסן די היסטאָריזירנדיקע פעדעם פון דער יידישער אינטימסטער איבערלעבונג.

אָבער יידיש, יאָ, יידיש איז מער ווי אַ שפּראַך, זאָגט מען אונדז. דאָס איז אמת בתנאי מיר זאָלן עס ווי געהעריק קוואַליפיצירן. פאַר די וואָס ניט בלויז איז יידיש די מוטערשפּראַך נאָר זיי זענען אויך אויסגעהאָדעוועט גע־וואָרן אין דער פריער־געשילדערטער דאָרטיקער וועלט און האָבן באַוויזן אין זיך איינצוזאַפּן דאָס אידיאָמאַטישע און היסטאָרישע בלוט וואָס פליסט אין די אָדערן פון יידיש, אָט ביי זיי, און בלויז ביי זיי, קען יידיש זיין מער ווי אַ שפּראַך, קען יידיש זיין אַ שאַרף־געצייכנטע קולטורעלע אייגנאַרט.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן אַז אויך אין יידיש איז דאָרט פאָרגעקומען אַן אויסדאַרנדיקער „וועלטלעכקייט״־פּראָצעס. דער ניי־געשאַפענער פאַרטיי־זשאַרגאָן איז זיכער „מער ווי אַ שפּראַך״, אויב ניט אַביסל ווייניקער. ווען שפּעטער האָט זיך באַוויזן די טענדענץ אויפצולעבן דעם לומדיש־רייכערן יידיש, צו אָפּעריירן אָפטער מיט פּסוקים און מאַמרים, איז דאָס אויף טייל וועלטלעכע געפאַלן זייער שווער. זיי האָבן געזען אין דעם בלויז פאַלשע חנדלעך. זיי האָבן ניט געכאַפּט די פּסיכאָלאָגישע סיבה פאַרוואָס דער סטיל וואָס האָט פריער געקלונגען ווי בטלנות, אפשר רעאַקציע, איז פּלוצלונג געוואָרן אַזוי חנעוודיק. אָבער דער לומדיזירנדיקער יידיש, געפעפערט מיט ציטאַטן פון אויטענטישע יידישע קוואַלן, ברענגט אונדז אַריין אין דער היסטאָריש־אָנגעלאָדענער און היסטאָריזירנדיקער יידישער לופט וואָס אַן דעם איז אַ ייד ווי אַ חומר אָן אַ יוצר. עס איז אויסגעוואַקסן אַ דאָרשט נאָך אָט דעם יידישן יידיש. דערפאַר האָט מען דאָרט זיך געקענט אָנטאָן אין

נאָקעטן וועלטלעך און זיך פּאַסיק פאַרדעקן מיטן געפילטן מער־ווי־שפּראַך ייִדיש, אָבער דאָ, דאָ איז אַנדערש, לחלוטין אַנדערש.

וואָס זשע איז געווען דער פּועל־יוצא? איין זאַך איז זיכער, ווי גרויס עס זאָל ניט האָבן געווען די צאָל פון די וואָס האָבן זיך געפונען דאָ און פּסיכיש געלעבט דאָרט, האָבן זיי אָבער ניט געקענט אויסמיידן די ברוטאַלע קלעפּ פון דער רעאַלער אַמעריקע. האָבן מיר טאַקע געזען אַז גלייך אין אָנהייב האָבן די היגע ייִדיש־וועלטלעכע שולן געמאַכט היפּשע שטעך אין דער וועלט־לעכקייט אַריין. היינט איז ניטאָ קיין אייניציקע ייִדיש־וועלטלעכע שול וואָס וואָלט אַ קאָנסעקווענט־וועלטלעכן ניט פאַרשאַפן קיין עגמת־נפש.

מיט יאָרן צוריק איז געקומען אַהער אַ צישאָ־לערערין פון פּוילן. זי האָט דאָ באַקומען אַ שטעלע אין אַ שלום עליכם שול. ווען עס איז געקומען פּסח האָט די פאַרוואַלטונג באַשלאָסן צו אַראַנזשירן אַ יום־טובדיקע פייערונג מיט פאַרבייסנס. ווען די לערערין האָט אויסגעפונען אַז מען פּלאַנעוועט עס זאָל קיין חמץ ניט זיין, האָט זי געשטעלט אַ תנאי אַז אויב עס וועט זיין אַזוי וועט זי צו דער פייערונג ניט קומען. שוין יאָרן לאַנג ווי די אַרבעטער־רינג מיטלשול האָט איינגעפירט אַ צערעמאָניאַלן דריטן סדר. איך שטעל מיר פאָר אַז ווען עס וואָלט דאָרט אַ לערער געשטעלט אַ תנאי אַז ביי דער סעודה דאַרף אויך זיין חמץ, וואָלט מען אים געפירט צו אַ דאָקטאָר וואָס קען זיך אונטערנעמען צו היילן אַ וועלטלעכן פּסיכאָפּאַט. נאָר בנוגע אידעאָלאָגישער קאָנסעקווענטקייט איז זיכער די לערערין געווען גערעכט.

ביי טייל קומט אויס אַז וועלטלעכקייט איז אַ קוואַנטיטאַטיווער באַגריף און הענגט אָפּ פונעם סכום שולחן־ערוך וואָס מען היט אָפּ; וואָס ווייניקער שולחן־ערוך אַלץ מער וועלטלעך. לויט דעם זענען די קלאַסישע רעפאָרמער, אַזעלכע ווי גייגער און האָלדהיים, געווען די סאַמע וועלטלעכסטע ייִדן. אָבער גראָד יענע האָבן מורד געווען אין שולחן־ערוך דווקא אין נאָמען פון ריינער רעליגיע. אַוודאי ווערן טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע נאָרמען אָפּגעשוואַכט, אָדער אינגאַנצן בטל, אין דער היינטיקער וועלט. עס איז אָבער זייער אַ פּרימי־טיווער קוק צו האַלטן אַז דאָס איז אַ נצחון פאַר אידעאָלאָגישער וועלטלעכ־קייט ביי ייִדן. אייגנטלעך איז די ייִדישע רעליגיע אַליין ניט אַלעמאָל אַזוי דורכויסיק „רעליגיעז”, אַז אַ רב פּסקנט אַ שאלה וועגן כשר און טריף איז ער רעליגיעז; ווען ער גיט אַרויס אַ פּסק־דין אין אַ דין־תורה איבער דיני ממונות, למשל, איז ער ריין יורידיש־וועלטלעך.

דער חילוק צווישן דאָרט און דאָ — און איך מיין דעם דאָאיקן „דאָ”, ניט דעם „דאָ” וואָס איז נאָך טיף פאַרוואָרצלט אינעם דאָרט — באַשטייט אין דעם וואָס דאָרט האָט מען זיך באַמיט צו שאַפן אַן אידעאָלאָגישע שפּאַל־טונג צווישן רעליגיעז און וועלטלעך, מיטן ציל אינגאַנצן צו פאַרוואַרפן דאָס ערשטע, און אויפקומען ווי אַ נייער שאַפערישער כוח אין ייִדישן פאָלקישן

המשך. די איינרעדעניש אַז מען קען מאַכן אַזאַ אָפּעראַציע אין יידישער טראַדיציע און נאָך בלייבן פּאָזיטיוו־יידיש איז אַן אילוזיע וואָס דאָרט איז זי געווען מעגלעך. אָבער דאָ וואו צו אַלע צרות איז אויך קיין אייגענע לעבנס־שפּראַך ניטאָ, מוז וועלטלעך באַטייטן זיך אָפּזאָגן פון יידישער היס־טאָריזירנדיקער טראַדיציע בכלל, ממילא יעדע אינטימע שייכות צום יידישן כלל.

ווי געזאָגט זענען די יידישע לעבנס־תנאים און די לעבעדיק־פונקציאָ־נירנדיקע ירושה געווען דאָרט פון אַזאַ מין אַז עס האָט זיך געקענט שאַפן די אילוזיע פון אַ פולבלוטיק יידיש לעבן געבויט אויף דער טעאָריע פון וועלט־לעכקייט. היינט איז פאַראַן נאָך איין אָרט וואָס איז מסוגל צו שטיצן אַזאַ אילוזיע. דאָס איז מדינת־ישראל, כאָטש אויך דאָרט, זאָגט מיר מיין יידיש לעבנס־געפיל, וועט די אילוזיע זיך אַרויסווייזן פאַר אַן אָפּנאַרעריש ליכט. אָבער דאָ — און וואָס מער מיר באַנעמען דעם כאַראַקטער פון היגן לעבן אַלץ מער זענען מיר קלאָר — האָט אַזאַ אילוזיע ניט אויף וואָס זיך צו האַלטן. יעדע פאָרם פון יידישן לעבן וואָס איז דאָ באַשערט צו געדייען וועט, פאַר־שטייט זיך, זיין ווייט פון די רעליגיעזע און שטייגערישע חומרות פון אַמאָליקן שטעטל. דאָס וועט זיין אַפילו ביי די מהדרין מן המהדרין. אָבער דאָס פירנ־דיקע ליכט וועט אַלץ מוזן זיין די יידישע טראַדיציע, אַ געוועב פון עלעמענטן וואָס אַז מען וויל דווקא אַנאַליזירן לויט אַן אָנגעגעבענעם שליסל, קען מען געפינען רעליגיעז־באַהויכטע וועלטלעכקייט און וועלטלעך־אָריענטירטע רע־ליגיע, און אַז מען וויל גרונטעווען נאָך טיפער קען מען זיך דערשלאָגן צו זייער אַ פאַרדעכטיקטן אויספיר. דאָס רירנדיק־פּאַטעטיש טוליען זיך צו יידישער פאָלקישקייט אין גלות־באַדינגונגען, איך מיין דאָרט וואו אַלץ אַרום באַשווערט מיט אַזעלכע ביטערע שטרויכלונגען אונדזער יעדן פרייען, שאַפנ־דיקן טראָט, איז גענוג וואונדער איבער וואונדער. און ווען אַזאַ געפיל יאָגט מיט אומאויפהערלעכן אינערלעכן אימפּעט דעם אידעאָלאָגיש־וועלטלעכן יידן, פאַלט אַ שטאַרקער חשד אַז אין דער לעצטער שורה וואַקסט עס אַרויס אויך ביי אים פון אַ פסיכישער ספערע וואָס געהערט צום רעליגיעזן אוניווערס. אַנדערש וואָלט אפשר דער סאַמע יידישער קיום קיין קיום ניט געהאַט.

(1957)

# דער צווייטער אָנהייב

מיט אַרום 25 יאָר צוריק האָט זיך אין דער מאָדערנער יידישער שול־באַוועגונג גענומען באַווייזן עפּעס אַזוינס וואָס קען באַטראַכט ווערן ווי אַ צווייטער אָנהייב אין דער געשיכטע פונעם טיפּ שול וואָס שטעלט דעם טראָפּ אויף יידיש. אין אַ געוויסן זינען איז אין יענער צייט, אָנהייב דרייסיקער יאָרן, אויך פאָרגעקומען עפּעס נייעס אין אַמעריקאַנער יידישער שול־דערציאונג בכלל. ווען ד״ר אַלעקסאַנדער דושקין האָט אין 1944 פאַרעפנטלעכט אַ קורצן באַריכט פון „פערציק יאָר יידישער דערציאונג אין אַמעריקע״ [1]) שטעלט ער אַוועק דאָס יאָר 1933 ווי אַ צייט ווען „מער און מער יידישע קהילות האָבן רעאָרגאַניזירט זייערע צענטראַלע אינסטיטוציעס אַז זיי זאָלן איינשליסן אין זייערע פּראָגראַמען אַלע גרופּעס און שטאַנדפּונקטן אין יידישער דערציאונג: קאָמונאַלע און קאָנגרעגאַציאָנעלע, אָרטאָדאָקסן און רעפאָרמערס, קאָנסערוואַטיוון און ראַדיקאַלן, העברעאיסטן און יידישיסטן, ציוניסטן און ניט־ציוניסטן. עס וואַקסט דאָס אַחריות־געפיל ביי יידן פאַר דער דערציאונג פון אַלע יידישע קינדער״.

אָבער אין דער דערציאונגס־געשיכטע פון דער יידיש־יידישער שול איז דעמאָלט פאָרגעקומען אַן אָנהייב וואָס האָט געהאַט בלויז אַ באַגרענעצטע ענלעכקייט צו דער אַלגעמיינער לאַגע. די ענלעכקייט איז באַשטאַנען אין דעם טיילווייזן אויסגלייך און דערנענטערונג צווישן די אידעאָלאָגיש, אָדער רע־ליגיעז, אָפּגעזונדערטע יידן וואָס זענען געקומען אומברחמנותדיק צעטיילטע פון יענער זייט ים. עס איז פאָרגעקומען אַן אָנהייב פון אַ כאַראַקטעריסטיש־אַמעריקאַנישער דערנענטערונג און קאָאָפּעראַציע. דאָך, און אין צוגאָב צו דעם, איז אין דער באַוועגונג לטובת דער יידיש־יידישער שול פאָרגעקומען אַן אָנהייב פון אַביסל אַן אַנדער סאָרט וואָס פאַרדינט אַז איצט, 25 יאָר שפּעטער, זאָל מען זיך דערויף אָפּשטעלן מיט דער כוונה עפּעס צו לערנען דערפון.

דער ערשטער אָנהייב וואָס רעכנט זיך כראָנאָלאָגיש פון 1908, אָדער 1910, האָט אַרויסגערוקט פּראָבלעמען אין יידישער דערציאונג וואָס האָבן דערגרייכט זייער פולע שאַרפקייט אין די צוואַנציקער יאָרן. דעמאָלט האָבן שוין עקזיסטירט דריי טיפּן שולן — פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, פון שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט און פון אַרבעטער־רינג — וואָס זענען באמת געווען ערנסט צעטיילט צווישן זיך. די חילוקי־דעות זייערע האָבן אַרויסגעהויבן אַ נייעם צענטער פון גייסטיקן אינטערעס אין אַ סביבה וואָס האָט ביז דעמאָלט קנאַפּ וואָס געטראַכט וועגן דעם.

די מחלוקה האָט זיך געדרייט אַרום דריי פונקטן. קודם־כל און אין

פּרט פון ערשטקייט, איז געווען די פראַגע וועגן העברעאיש אין דער שול. אַלע האָבן מודה געווען אַז יידיש איז אַן ערשטער תּנאַי. די פראַגע איז בלויז געווען ווי פרי, פון וועלכן קלאַס דאַרף מען אָנהייבן לערנען העברעאיש. די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן, וואָס זענען גלייך אין אָנהייב געווען פאַרטראָטן אין די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, זענען געווען, ווי יידישיסטן, געניגט מען זאָל אָפּלייגן דאָס לערנען העברעאיש אויף וואָס שפּעטער; די פּועלי־ציון, וואָס זענען געווען אויסגעהאַלטן צוויי־שפּראַכיק, זענען באַשטאַנען אַריינצופירן דעם לימוד העברעאיש וואָס פריער.

אומדירעקט האָט זיך דאָס אויך פאַרבונדן מיט דער שטעלונג צו דער יידישער רעליגיע ווי אַ לימוד אין דער שול. וואָס מער יידישיסטיש אַלץ ווייטער פון רעליגיעזע געגועים, אַלץ מער קאָנסעקווענט אַטעאיסטיש. אין יענער תּקופה פון הייסן ראַדיקאַליזם האָבן אַפילו רעליגיעז־אָנגעהויכטע ביט געוואָגט צו גיין ווייטער פון העפלעכער „דאַמען־ערע״ ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער אַלטער יידישער טראַדיציע. איינער פון די איניציאַטאָרן פון די ערשטע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן, י. ענטין, פאָרמולירט עס אַזוי: „אָנהייב ווינטער פון יאָר 1912 איז אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטע שולן־צוזאַמענפאָר וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פעדעראַציע פון די פּועלי־ציון און פאַרבאַנד־שולן. דאָס איז געווען דער ערשטער אויפטו פון צוזאַמענפאָר. דער צווייטער איז געווען די טעאָרעטישע קריסטאַליזירונג פון דער באַוועגונג, דער עיקר בנוגע יידיש און העברעאיש ווי גלייכבאַרעכטיקטע שפּראַכן און בנוגע דער יידישער רעליגיע, וועגן וועלכער עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּאָזיטיווע רעזאָלוציע, פון היסטאָרישן און קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט״ [2].

רעליגיע פון אַ קולטור־היסטאָרישן שטאַנדפּונקט״, ווי אַ לימוד פאַר קליינע קינדער, און אָנרופן דאָס „אַ פּאָזיטיווע רעזאָלוציע״ בנוגע רעליגיע, איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער „פאַר־היסטאָרישער״ צייט. מען קען דערין זען ווי ניי די גאַנצע שול־אונטערנעמונג איז געווען ביי יענעם קרייז אין יענער צייט. ווייל אין דער אמתן האָבן זיך די וויכוחים געדרייט אַרום געזעלשאַפטלעכע אידעאָלאָגיעס, פּאַרטיי־פילאָסאָפיעס וואָס זענען, אָן שום ספּעציעלע און שייכותדיקע באַוואָרעניש, אַריבערגעטראָגן געוואָרן, ווי זיי שטייען און גייען, אויף דער נייער שול־פּלאַטפאָרם. אָט דאָס איז געווען דער צווייטער פּונקט אין די אויפגערודערטע חילוקי־דעות פונעם ערשטן אָנהייב.

די אַרגומענטאַציע אַרום דעם דאָזיקן פּונקט האָט זיך קאָנצענטרירט אויף די באַגריפן פּראָפּאַגאַנדע און דערציאונג. די טענה איז געווען אַז די מאָדערנע יידיש־יידישע שול איז לכתחילה אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפן שעדלעכן פונדאַמענט פון פּראָפּאַגאַנדע, ד״ה, אַ געוויסע גרופּע מענטשן, יידישע ראַדיקאַלן, האָט באַשלאָסן צו אַרבעטן דערפאַר אַז זייערע קינדער זאָלן,

ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, גיין אויף די אידעאישע וועגן פון די טאַטעס און מאַמעס. ממילא דאַרף מען בויען ספּעציעלע אינסטיטוציעס פֿאַר די קינדער כדי דאָס צו דערגרייכן. די עלטערן האַלטן פון יידיש, אָדער פון יידיש־העברעאיש, דאַרף מען זען אַז די קינדער זאָלן דאָס איבערנעמען. די עלטערן זענען סאָציאַליסטן, אָדער אַטעאיסטן, אָדער גלייכגילטיק צו רעליגיע, דאַרף מען איצט — נאָכדעם ווי די יונגע פּאַרטיי־חברים פון יענער זייט ים זענען אין אַמעריקע געוואָרן טאַטעס און מאַמעס — זען אַז די קינדער זאָלן אויסוואַקסן מיט די שטעלונגען פון זייערע עלטערן צו אַלגעמיינע און יידישע פּראָבלעמען. בקיצור, דאָס איז ניט געווען קיין מאָמענט אין פֿאָלקישער פּלאַנירונג נאָר אויפצוהאַלטן אַ באַשטימטע אידעאָלאָגיע.

אַזאַ פֿאַרלאַנג מצד אַנהענגער פון אַן אידייע לאָזט זיך פֿאַרשטיין, אָבער דאָס קען בלויז אין בעסטן פֿאַל זיין דער ציל פון נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע קינדער־קלאַסן פאַר קינדער פון נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע עלטערן. אָבער שול־דערציאונג ביי אַ פֿאָלק איז גאָר אַן אַנדער ענין. די פּראָטעסטאַנטן, למשל, זענען זיכער באַרעכטיקט צו שאַפֿן זונטיק־קלאַסן פאַר די קינדער פון זייערע מיטגלידער און זיך טאַקע דאָרט פאַרנעמען מיט אָפענער אָדער פאַרשטעל־טער פּראָפּאַגאַנדע לטובת פּראָטעסטאַנטיזם, אָבער פון דעם ביז דער דער־ציאונגס־אינסטיטוציע פון אַ פֿאָלק איז זיכער אַ ווייטער מהלך.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז עס איז גאָרניט שווער אָנגע־קומען פאַר דעם סיראַקיוזער צוזאַמענפאָר פון די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן אין יאָר 1918 צו בייטן דעם נאָמען אויף פֿאָלקשולן. אַלע האָבן געפֿילט אַז דער אַלטער נאָמען שטאַמט פון אַ צייט ווען „נאַציאָנאַל" איז געווען טריף פֿאַר די וואָס האָבן זיך אידענטיפיצירט מיט דער לעצטער מאָדע אין פּראָ־גרעסיוון דענקען — „ראַדיקאַל". ממילא האָט דער אַלטער נאָמען זיך איינ־געשטעלט פֿאַר אַ הכשר אויף נאַציאָנאַל דורך אָנהענגען אויף דעם די מאָדערנע מזוזה פון יענער צייט — „ראַדיקאַל". אַרום דער צייט פונעם צוזאַמענפֿאָר האָט זיך יידיש פֿאָלק־באַוואוסטזיין שוין געהאַט גענוג איינגע־וואָרצלט אַז מען האָט מער קיין הכשר אויף נאַציאָנאַל ניט געדאַרפט און דאָס וואָרט ראַדיקאַל האָט זיך געמאַכט אַ שם וואָס איז געווען צו אומ'חנעוודיק אַז מען זאָל עס וועלן אַרויסשטעלן ווי אַ שילד. איז דערפון געוואָרן „פֿאָלק־שול", אָבער קיין זאַך אַחוץ דעם נאָמען האָט מען ניט געביטן.

פֿאָלקשול איז מחייב צו טראַכטן אי אין פֿאָלק־טערמינען, אי אין הסכם מיט די לעצטע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען אויפן פעלד פון דערציאונג. די פראַגע וועגן העברעאיש־יידיש, למשל, דאַרף זיך קודם־כל רעכענען מיט דעם וואָס די באַרופענע דערציערישע וועלט ווייסט וועגן לערנען שפּראַכן אין דער עלעמענטאַר־שול. דאָס זעלביקע איז ריכטיק בנוגע רעליגיע, סיי אין זינען פון באַשטימטע גלויבנס, סיי אין שייכות צו ריטואַלן און צערע־

מאָניעס. אמת, אַפילו ווען מיר זאָלן דאָס שטאַרק האָבן אין זינען איז נאָך אַלץ דערפון ניט געדרונגען אַז אַלע וועלן שוין ממילא קומען צום זעלביקן רעזולטאַט. אָבער לכל־הפּחות וועלן וויכוחים געפירט ווערן אויף גאָר אַן אַנדער ליניע און ניט דאַרפן בלייבן אין דער ראָם פון פּאַרטיי־אָריענטאַציעס.

דאָס, אומגעפער, זענען געווען די טענות פון די וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אַ ריין־דערציערישן צוגאַנג. די אַמביציע איז געווען צו שאַפן צווישן יידן אַ „דריטן צד", אַ גרופּע וואָס איר אויפגאַבע זאָל זיין צו שטעלן אויפן ערשטן פּלאַן דעם ציל פון יידישער פאָלק־דערציאונג און בויען אינסטיטוציעס וואָס זאָלן זיך פאַרנעמען מיט די נייעסטע אויפטועץ אויפן פּעדאַגאָגישן פעלד דעם ציל צו דערגרייכן. אָט וועגן די נייעסטע פּעדאַגאָגישע אויפטועץ האָט מען זיך שטאַרק געהיצט איבער דער גאַנצער מערבדיקער וועלט אין די צוואַנציקער יאָרן, וואָס אַן עכאָ דערפון האָט גאַנץ הויך אָפּגעקלונגען אין אַלע טיפן יידישע שולן. אַזעלכע נעמען ווי דיואי, קילפּאַטריק, דעקראָלי און אַנדערע שול־רעפאָרמערס זענען געווען אויף די ליפּן פון אַלע וואָס האָבן געטראַכט וועגן נייע דרכים אין דערציאונג, האָבן די געדאַנקען פון אַלע דערציערישע גדולי הדור אויך אָפּגעקלונגען אין אונדזער וועלט וואָס האָט געזוכט אַ נייעם צוגאַנג.

דער דריטער פּונקט וואָס איז געוואָרן אַ סלע־המחלוקת איז באַשטאַנען אין דעם וואָס טייל האָבן זיך געלאָזט איבעררעדן פונעם אולטראַ־ראַדיקאַליזם, וואָס די רוסישע רעוואָלוציע האָט פאַרשטאַרקט. זייער טענה איז געווען אַז דער ציל פון דער יידישער שול דאַרף זיין צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק צווישן די קינדער און דינען ווי אַ קעגן־גיפט אַנטקעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן גייסט פון דער פּאָבליק־סקול. דער דאָזיקער צוגאַנג האָט אינגאַנצן זיך דערווייטערט פונעם באַגריף פאָלקשול און האָט אין דער אמתן באַטראַכט די מאָדערנע יידישע שול ווי אַן אינסטיטוציע פאַר די קינדער פון יידישע אַרבעטער וואָס זענען, אָדער דאַרפן זיין, „באַוואוסטזיניק" אין אַלט־היימישן זינען פונעם וואָרט.

ווי מען קען זען האָבן אַלע דריי פּונקטן, און די טענות און די פּאָלעמיקעס אַרום זיי, געהאַט אַ נאָענטע שייכות צום ערשטן נאָמען נאַציאָנאַל־ראַדיקאַל, נאָר בעת די ערשטע צוויי פּונקטן האָבן געוואָלט אַרויסברענגען פאַרשיידענע פּירושים אויפן וואָרט נאַציאָנאַל, האָט דער לעצטער פּונקט אַרויסגעהויבן מיט אַלע שטאַרקסטע אַקצענטן אויסטייטשונגען פונעם באַגריף ראַדיקאַל. דאָס האָט זיך צום קלאָרסטן אַרויסגעוויזן אין אַ געביטענעם מאָטאָ. לכתחילה האָט די נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול געוואָלט געווינען „דאָס יידישע קינד פאַר יידישן פאָלק", איז געקומען דער שפּעטערדיקער האַמערדיקער נוסח און צוגעשטעלט אַ וואָרט, דאָס זעלביקע וואָרט, צו ביידע טיילן פונעם מאָטאָ: „דאָס יידישע אַרבעטער־קינד פאַרן יידישן אַרבעטער־פאָלק".

די דאָזיקע תקופה פון מחלוקתן און היציקער אַרגומענטאַציע, וואָס האָבן אייגנטלעך געשטאַמט פון פריערדיקן פּאַרטיי־קאַמף, ניט פון דער ביי־געבוי־רענער שול, האָט זיך אָנגעהויבן לעשן מיט אַרום 25 יאָר צוריק. מען דאַרף אויך געדענקען אַז בינו לבינו איז פאָרגעקומען נאָך עפּעס וואָס האָט געהאָלפן טרייבן דערצו אַז יענע הייסע וויכוחים זאָלן זיך וואָס גיכער פאַרענדיקן. איך האָב דאָ אין זינען דעם אויפקום פון די קאָמוניסטישע אָרדן־שולן. עס איז געגוג צו לייענען אַ לידל אין אַן אָנהייבער־ביכל פון יענע שולן כדי מען זאָל דאָס פאַרשטיין.

איך בין אַ יאַט אַ בראַווער,<br>
טאָ זיי מיט מיר כאַווער.<br>
איך בין פון אָרדן־שולן, כאַווער לענינס קינד.<br>
איך גיי ניט אין כיידער.<br>
איך גלייב ניט אין סיידער.<br>
מיר זענען פּיאָנערן, לאָמיר טאַנצן אַ ראָד.<br>
ניט קיין יאָנטעוו איז יאָמקיפּער, ראָשהאַשאָנע.<br>
עס איז יאָנטעוו ווען מיר גייען מיט רויטע פאָנען [8]).

ווען מען שטייט פּנים־אל־פּנים מיט אַזאַ אומגליק אין יידישער דערצי־אונג מוז מען דערפילן אַז אַלע אַנדערע חילוקי־דעות זענען צו־קליין אויס־צוגראָבן צו טיפע שפּאַלטן. עס האָט זיך דעריבער אָנגעהויבן אַ טעאָרעטישע דערנענטערונג צווישן די וואָס האָבן געפילט אַז זיי דאַרפן זיך וואָס מער דערווייטערן פון „כאַווער לענינס קינד".

וואָס ווייטער די דערנענטערונג איז געגאַנגען אַלץ מער איז קלאָר געוואָרן אַז דער וואָרצל פון די חילוקי־דעות שטאַמט גיכער פון אַ ירושה פון יענער זייט ים און פון לעבנס־תנאים וואָס האָבן זייער אַ קנאַפּע שייכות צו אַמעריקאַנער באַדינגונגען איידער פון היגן לעבן און פון די פּראָבלעמען וואָס וואַקסן אויס פון היגער, קאָנקרעטער שול־אַרבעט. אין איין שול־אָרגאַניזאַציע האָבן זיך טוערס מער געוואָרעמט מיט ווערטער און לאָזונגען פון דער ציוניסטישער ירושה, ביי אַן אַנדער אָרגאַניזאַציע האָט מער אויס־געגומען אַ פּאָלקישע לופט און ביי אַ דריטער איז סאָציאַליזם געווען מער אָנגעלייגט. מען קען ניט זאָגן אַז דאָס האָט זיך לחלוטין ניט אָנגעזען אין דער שול־פּראָגראַם, אָבער מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז דער חילוק איז געווען אַ סך גרעסער אין די רייד פון די דערוואַקסענע וועגן דער שול ווי אין דער אַרבעט פון די לערערס אין די קלאַסן.

אָבער כאָטש מען האָט אַזוי געדיכט געלעבט מיט דער לופט פון אַ ירושה האָט דער אַמעריקאַנער „אויסגלייכער" ניט פאַרפעלט צו טאָן זיין אַרבעט, אָפט בלא־יודעים. די שפּיציקסטע שפּיצן פון די חילוקי־דעות האָט דער אַמעריקאַנער אויסגלייכער שטילערהייט אָפּגעפּיילט. לערערס האָבן גע־

ביטן שול־אָרגאַניזאַציעס און ניט געדאַרפט בייטן כחות השערה די לימודים אָדער מעטאָדן אין די קלאַסן. לערנביכער זענען אויסגעקליבן געוואָרן לויט פּעדאַגאָגישע איינזעעניש, ניט לויט אידעאָלאָגישע פּרינציפּן. אין עטלעכע שטעט האָבן גענומען פונקציאָנירן פּאַראייניקטע שולן, ספּעציעל פון דער מיטלשול־מדרגה, און ווי עס ווייזט אויס, איז מען אויסגעקומען אָן פּראַג־ראַמאַטישע רייסערייען פון צו־שאַרפן סאָרט, לכל־הפּחות האָט עס ניט צע־בראָכן דעם שלום־בית.

דער דאָזיקער פּראָצעס איז, נאַטירלעך, ניט פאַרגעקומען מיט אַ מאָל. מען קען אויך ניט זאָגן אַז יעדער סימן פון דער געווירשנטער אַנדערשקייט איז אַבסאָלוט אָפּגעווישט. ראשית זענען טאַקע פאַראַן דערציערישע חילוקי־דעות צווישן אונדז וואָס מען דאַרף בשום־אופן ניט איגנאָרירן. והשנית זענען ירושות, אַפילו פון אַ צייט און אַ לעבן וואָס זענען איצט בלויז פאַר־בליבענע סימנים פון פאַרשוואונדענע וועלטן, פון אַזאַ מין שטאָף וואָס ווירקן חלומדיק אַפילו ווען זיי האָבן ניט קיין וואָרצלען אין דער לעבעדיקער וואָר. אָבער סאָציאַל לעבן איז בלויז מעגלעך דורך פּשרות.

אין משך פון די יאָרן האָבן געווירקט דריי פאַקטאָרן וואָס האָבן די דערנענטערונג אין געדאַנק און געפיל, כאָטש ניט אָרגאַניזאַציאָנעל, נאָך נענטער געבראַכט. קודם־כל, דער פּראָצעס פון אַריינוואַקסן טיפער אין דער אַמעריקאַנער סביבה, און מיט אַ שטייגנדיקער פּאָזיטיווער באַציאונג צו איר. דער חלום פון אַן אידעאָלאָגישער ירושה וואָס האָט צעטיילט איז פאַרבלאַסט געוואָרן אין ליכט פון אַן אַמעריקאַנער וואָר וואָס ברענגט צונויף. דער צווייטער פאַקטאָר איז דער מאַוימדיקער נאַציסטיש־קאָמוניסטישער חורבן אויף אונדזער פאָלק. דריטנס, דער אויפקום פון מדינת־ישראל וואָס איז פון אַ קאַנדידאַט אויף אַ פאַקט געוואָרן אַ פאַקט. איז מער ניט שייך צו פירן וויכוחים נאָר אויסנוצן דאָס וואָס ער קען געבן און ער קען לכל הדעות געבן אַ סך פאַר יידישער דערציאונג אין חוץ־לארץ.

בנוגע דעם ערשטן פאַקטאָר, דאָס אַריינוואַקסן אין אַמעריקע, איז פאַראַן נאָך אַן אַספּעקט וואָס האָט אָנגעהויבן שפּילן אַ הויפּט־ראָלע אין יידישער דערציאונג. עס האָט אַרויסגעהויבן אַ נויט וואָס דאַרף און מוז זיין דער סאַמע אויסגאַנג־פּונקט פון אַלץ וואָס מיר נעמען אונטער אויפן דערציערישן פעלד פאַר יידישע קינדער. דעם מאָטיוו „קיום" האָט אונדזער ירושה פון יענער זייט ים ניט געטראָגן אין זיך. דאָרט האָט יידישער קיום געהערט צו יענע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייטן וואָס דאָס עצם פרעגן וועגן זיי איז אָדער אויף אַרויסצורופן אַ שמייכל אָדער אַן אויסדרוק פון קרענקלעכן יאוש. אָבער דאָ, וואָס וואַרעמער עס האָט אונדז אַרומגענומען די דעמאָקראַטישע פרייהייט פון לאַנד, האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן די שרעק פון מיתה בנשיקה. ממילא איז די יידישע שול געוואָרן אַ כוח וואָס דער סאַמע ווילן צו פאָלקיש לעבן איז

זיין ערשטער מאָטיוו. דאָס איז שוין בטבע אַזאַ מאָטיוו וואָס, אַזוי גיך ווי דער כאַראַקטער פון דער לאַגע צווינגט אים אַריין אין באַוואוסטזיין, איז שוין ניט שייך ער זאָל אַרויסרופן חילוקי־דעות. אַדרבא, אַזאַ מאָטיוו טרייבט צונויף די צדדים אַלץ ענגער און מאַכט פון זיי אין תוך איינציקן צד.

דער מאָטיוו קיום האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן וואָס אָפטער און מער איינגעקריצט אויף די ליפּן פון אַלע טיילן פון יידישער דערציאונג אין אַמעריקע. עס איז זייער ריכטיק וואָס ח. בעז פאַרענדיקט זיינס אַ רעפעראַט [4] מיט דער באַמערקונג אַז די אינערלעכע פּראָבלעמען פון די שולן זענען ווייניקער וויכטיק ווייל: „גלייכצייטיק לויערט אָבער די גרעסטע געפאַר פון קולטורעלער אַסימילאַציע און פאַרפרעמדקייט" אין אַמעריקע. איז כאָטש מיר זענען היינט אַזוי שטאַרק באַזאָרגט וואָס מיר האָבן ניט גענוג לערער פאַר יידישער דערציאונג בכלל, דאַרף מען אָבער אין דער זעלביקער צייט ניט פאַרגעסן אַז די פּראָבלעם איז נאָך האַרבער ווי מען שטעלט זיך פאָר. ניט בלויז פעלן לערער נאָר עס פעלט נאָך מער דער ספּעציעלער טיפּ לערער וואָס איז לויט זיין כאַראַקטער, פּערזענלעכקייט און וויסן, באַרופן דורכצופירן די אידעאַלע שליחות פון ראַנגלען זיך מיטן מלאך המות פון אָפּפרעמדונג.

צו פאַרשטיין דאָס אַלץ, צו דערפילן דעם אמת פון אונדזער לאַגע, דעם כאַראַקטער פון אונדזער ביז איצטיקן אויפטו, און וואו מיר דאַרפן לייגן דעם טראָפּ אין דער צוקונפט, צו דעם אַלעם האָט אונדז געפירט דער גייסט וואָס האָט באַהערשט דעם צווייטן אָנהייב.

(1957)

## ביבליאָגראַפיע


1) Religious Education, July-August, 1944.

2) י. ענטין: „די יידישע פאָלק־שולן", שול־אַלמאַנאַך, פילאַדעלפיע, 1935.

3) אַרבעטער־שול, צונויפגעשטעלט פון בעצאַלעל פרידמאַן, 1934. ציטירט לויט יודל מאַרקס אַרטיקל: „דרייסיק יאָר יידישע שול אין אַמעריקע", געדאַנק און לעבן, 1948, באַנד V, זייט 20.

4) די יידיש־וועלטלעכע שול אין די פאַראייניקטע שטאַטן. רעפעראַטביים צוזאַמענפאָר פון נאַציאָנאַל־ראַט פאַר יידישער דערציאונג, אָפּגעהאַלטן 23סטן־27סטן מאַי, 1956 (מימיאָגראַפירט).

# חדר און חינוך

אָרגאַניזירטע יידישע דערציאונג איז איינע פון די עלטסטע אינסטיטוציעס ביי יידן. איר אָנהייב גייט צוריק נאָך צו דער צייט פון בית־שני. דער חדר, אַזוי ווי מיר קענען אים איצט פון די געבליבענע רעשטלעך זיינע, איז שוין אויך אַלט אַ סך הונדערטער יאָרן. אָבער מיטן אָנקום פון די נייע פאָרמען אין יידישער דערציאונג זינט דער השכלה, זענען ניט בלויז געביטן געוואָרן אינהאַלט און מעטאָדן, נאָר אַפילו די טערמינען פון אַלטן, איינגעזעסענעם חדר האָט מען משנה שם געווען אויף נייע, אַזוי ווי דער אומבייט וואָלט פאָרגעקומען ניט בלויז אויבן־אויף נאָר טאַקע אין סאַמע וואָרצל. דער חדר מתוקן האָט בלויז צוגעגעבן דעם „מתוקן" צום נאָמען, אָבער דעם „מלמד" איינגאַנצן פאַרוואָרפן און אַוועקגעשטעלט דעם „מורה". פאַרשטייט זיך אַז פון „בעלפער" איז קיין זכר ניט געבליבן און פון די כיתות זענען געוואָרן מחלקות. אין די לערן־אינסטיטוציעס וואו יידיש שפּילט אַ הויפּט־ראָלע איז די טערמינאָלאָגיע געביטן געוואָרן נאָך גרינטלעכער.

קודם־כל איז פון „חדר" געוואָרן „שול". אין דער אמתן האָט מען פון דעם וואָרט אַ סך צרות, ווייל שול איז דאָך דער לאַנג־איינגעוואָרצלטער נאָמען פאַר אַ בית־הכנסת און מען האַלט זיך אין איין פּלאָנטערן צווישן אַ שול וואו מען דאַוונט און אַ שול וואו קינדער לערנען. טייל געפינען אַן אויסוועג אין דעם וואָס זיי רופן דעם פּלאַץ פון דאַוונען סינאַגאָגע. אָבער בלויז די וואָס האָבן אויפגעהערט דאַוונען האָבן געקענט ביי זיך פועלן צו מאַכן אַזאַ בייט. די יידן וואָס קומען טאַקע אין שול אַריין דאַוונען, פאַר זיי איז סינאַגאָגע אַ פרעמדע, דייטשמערישע זאַך; זענען זיי טאַקע געבליבן ביי שול, און די אינסטיטוציעס וואו זייערע קינדער לערנען רופן זיי מיט אַנדערע נעמען: תלמוד־תורה, ישיבה, אאז"וו.

אַנדערע, פון די ניט־דאַוונער, ראַטעווען זיך דערמיט וואָס די קינדער־שול רופן זיי „שולע". אָבער דאָס איז צו דייטשמעריש און עס האָט זיך ניט אָנגענומען. מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן אַז עמעצן זאָל איינפאַלן אויפצוהאַלטן דעם נאָמען חדר נאָר מיט אַ נייעם אינהאַלט. אין דער אמתן, דער דאָזיקער פּראָצעס פון אַריינגעבן אַ נייעם אינהאַלט אין אַלטע ווערטער קומט ביי אונדז פאָר כסדר. אַז מען זאָגט היינט „מתקן זיין, תיקון" מיינט מען נאַטירלעך ניט דאָס אייגענע וואָס אונדזערע זיידעס האָבן געהאָט אין זינען בעת זיי האָבן באַנוצט די זעלביקע ווערטער. מיר האָבן אַ סך צו פאַרדאַנקען דער יידישער ליטעראַטור, דער עיקר פּאָעזיע, פאַר צופּאַסן אַלטע ווערטער צו די איבערלעבונגען פון אַ מאָדערנעם מענטשן. ניט בלויז איז יידיש

דורך דעם באַרייכערט געוואָרן נאָר עס ליגט אַ חנ׳עוודיקער רייץ אין דעם וואָס מען באַ׳טעמ׳ט מיט אַלטן וויין דעם געשמאַק פון מאָדערנעם וואַסער. אָבער עס לייגט זיך גאָרניט אויפן שכל אַז מען זאָל אַן עלעמענטאַר־שול אָנרופן דרדקי־חדר. אַפילו אַזאַ אומשולדיק וואָרט ווי חינוך — וואָס האָט ניט באַקומען אַזאַ שלעכטן שם ווי חדר, מלמד אָדער בעלפער — לאָזט זיך אויך ניט אַריינטראָגן צו פאַרנעמען דעם פלאַץ פון דערציאונג.

איז מסתמא פאַראַן עפעס אַ זינען אין דעם וואָס מיר פילן זיך אַזוי ווייט, וואָס מיר זעען אַ תהום צווישן חדר און שול. מען קען ניט לייקענען אַז אַלץ איז טאַקע גרינטלעך אַנדערש פון דעם ווי אַמאָל איז געווען. די מענטשן וואָס טוען די אַרבעט געהערן צו אַן אַנדער טיפ. די לימודים, די מעטאָדן, זענען פון אַן אַנדער סאָרט. די פאָדערונגען און דער אופן פון קאָנטראָלירן קענטענישן זענען פון אַן אַנדער מדרגה. אָבער נאָך דעם ווי דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן בלייבט נאָך פאָרט איבער אַ טיפער שניט וואָס טיילט פאַנאַנדער דעם אַמאָליקן חינוך פון היינטיקער דערציאונג. דאָס איז אַזוי פונדאַמענטאַל אינעם פסיכישן שינוי צווישן דעם אַמאָל און היינט ביי יידן אַז היסטאָרישע זעלבסט־קענטעניש פאָדערט מען זאָל זיך אויף דעם גענוי־ער אָפשטעלן.

נאָר קודם־כל, וואָס זענען די צילן פון יידישער דערציאונג לכל הדעות? לאָמיר פרוּוון דעפינירן אין אַלגעמיינע טערמינען די דאָזיקע צילן אַזוי אַז מיר זאָלן אויפכאַפן אין זיי אַ פונדאַמענטאַלן אמת וואָס זאָל זיין גילטיק פאַר אַלע צייטן און פאָרמען וואָס יידן האָבן אָנגענומען מדריך צו זיין וואַקסנדיקע דורות פון אונדזער פאָלק. די צילן קענען זיין אַ סך, און מען קען זיי אויסדריקן אויף פאַרשיידענע אופנים. עס הענגט אָפ פונעם ספעצי־עלן מאָמענט פון יידישן לעבן וואָס אין דעם איז דער אָדער יענער פאַראינ־טערעסירט. אָבער אינעם אַלגעמיינעם, אַרומנעמענדיקן, וואָס ליגט אין יעדן מין דעפיניציע איז פאַראַן איין פונדאַמענטאַלער פונקט. אין ליכט פון אָט דעם פונקט דאַרף דערציאונג ביי יידן איינוואָרצלען אין יידישן קינד אַ פאָזיטיוון צוגאַנג צו אַלץ וואָס איז אויטענטיש יידיש. זי דאַרף באַוואָ־פענען דאָס קינד מיטן נייטיקן וויסן און מיט דער פעאיקייט איבערצולעבן אַן אינטימע שייכות צום גאַנצן סך־הכל וואָס דריקט זיך אויס אין אַזעלכע באַגריפן ווי כלל־ישראל, יידיש פאָלק, יידישע געשיכטע, קולטור, טראַדי־ציע, יידישקייט, און אַלע מעגלעכע אויסדרוקן פון די היסטאָרישע ווערטן און אידייען פון דער פילפאַרביקער וועלט וואָס פיגורירט אונטערן וואָרט יידיש.

עס קענען גאָרניט זיין קיין חילוקי־דעות וועגן דעם אַז דאָס איז טאַקע גע־ווען די גרעסטע זאָרג פון אונדזערע זיידעס און עלטער־זיידעס. לאָמיר, ווי אַן אילוסטראַציע, זיך אָפשטעלן אויף איין מאָמענט אין עלטערן יידישן חינוך

וואָס האָט אויסגעזעצן זייער מאָדנע און וואָס וועגן דעם זענען אָנגעגאַנגען שאַרפע וויכוחים. איך האָב דאָ אין זינען דעם פאַקט וואָס אין חדר האָט מען אָנגעהויבן צו לערנען חומש פון ויקרא. דאָס איז פּשוט אויסטערליש, ווייל ויקרא איז פאַר אַ קינד די סאַמע אומאינטערעסאַנטסטע טייל פון חומש, בעת די מעשיות פון בראשית זענען דאָך ממש פאַרכאַפּנדיק. פאַרוואָס זאָל מען אין אָנהייב אַרויפצווינגען אויף קליינע קינדער תורת־כהנים וואָס איז זיי אַזוי פרעמד? אַפילו דעם מדרש, ווייזט אויס, איז די זאַך געווען קשה. ווי דער שטייגער באַנוצט זיך דער מדרש מיט זיין האָמילעטישן דרך צו פאַרענטפערן, אָדער אָנגעבן אַ טעם פאַרוואָס מען הייבט אָן פון ויקרא: די קינדער זענען טהורים, די קרבנות זענען טהור, זאָלן די ריינע לערנען ריינקייט. אַזאַ דערקלערונג רייצט נאָך מער צו וועלן טאַקע באמת פאַרשטיין דעם שכל פון דער זאַך. בראשית קומט כראָנאָלאָגיש און לאָגיש פריער, איז אויך אינטערעסאַנט, פאַרוואָס גראָד ויקרא?

ראַביי לואיס פינקעלשטיין צייכנט־אויף אַן אינטערעסאַנט בילד פון רבי עקיבא׳ס לעבן ווען ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן געדאַרפט איינחזרן די פאַשיידענע דינים פון די אַלע סאָרטן קרבנות, געדענקען די דינים פון טומאה און טהרה, די פאַרשיידענע סימפּטאָמען פון הויטקראַנקייטן, די פּרטים פונעם יום־כיפּור ריטואַל, דאָס אַלץ וואָס מיט דעם, און מיט נאָך אַנדערע רעגולאַציעס און איינפירן, איז אָנגעפילט דער ספר ויקרא, און וואָס זענען אַזוי ווייט פון די אינטערעסן פון אַ קינד. דער שרייבער פאַרענדיקט: „זיין לערער, מסתמא אַ פּראָווינציעלער מלמד וואָס זיין מענטאַליטעט און זיין לומדות איז געווען פונקט גענוג צו באַפרידיקן די פאַרלאַנגען פון קינ־דער פון זעקס־זיבן, האָט ווייניק געקענט העלפן עקיבא׳ן. ער האָט, ווייזט אויס, חרטה געהאַט אויף זיין גאַנצער טרחא, ניט געקוקט אויף זיין צוזאָג צו רחל׳ען, און זיך אומגעקערט צו זיין פריערדיק לעבן ווי אַ פרייער און צופרידענער עם־הארץ" (עקיבא, 1936, 25).

פאַראַן, ווי מיר ווייסן, אַ צאָל טעאָריעס וואָס באַמיען זיך צו דערקלערן די זאַך אויף אַ שכלדיקן אופן. דער דערמאָנטער פינקעלשטיין, טאַקע אין פאַרבינדונג מיט זיין באַשרייבונג פון ר׳ עקיבא׳ס לעבן (דאָרט, 24), האַלט אַז דער איינפיר אָנצוהייבן פון ויקרא איז פּראַקטיצירט געוואָרן מיט הונ־דערטער יאָרן פאַר ר׳ עקיבא׳ן אין די ערשטע עפּנטלעכע שולן אין ארץ־ישראל. די דאָזיקע שולן האָבן געשאַפן די כהנים מיטן ציל צו לערנען זייערע קינדער דורכצופירן די ריטואַלן אין בית־המקדש. פון דעם נעמט זיך וואָס די זעלביקע טראַדיציע איז פאַרבליבן ביז מיט אַרום אַכט הונדערט יאָר נאָך חורבן בית־שני.

די דאָזיקע טעאָריע רופט אַרויס אַ סך קשיות. קודם־כל, פאַרוואָס אַזאַ איינפיר, וואָס פאַלט אַזוי שווער אויף קינדער, און איז דאָך ביט מער ווי

אַ מנהג, זאָל זיך האַלטן מיט אַזאַ אייגעשפּאַרטקייט אין משך פון אַזוי פיל דורות, איז באמת ניט פאַרשטיין. אָבער דאָס וויכטיקסטע איז וואָס מיר האָבן ניט קיין שום דאָקומענט צו באַווייזן ווען דער דאָזיקער פּראָגראַמאַטישער פּונקט אין חינוך איז איינגעפירט געוואָרן.

פאַראַן נאָך אַנדערע טעאָריעס. אָבער, ווידער אַמאָל, מיר זענען מחויב אַלץ צו בויען אויף השערות, ווייל קיין זיכערע ראיות זענען ניטאָ. וואָסער השערה לייגט זיך בעסער אויפן שכל? מיר דאַכט זיך אַז די ריכטיקסטע איז די וואָס עס לייגט פאָר ראַבּיי נייטן דרייזין. ער האַלט אַז דער דאָזיקער איינפיר איז אָנגענומען געוואָרן נאָכן חורבן בית־שני. אָט וואָס ער שרייבט: „כדי עס זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן די האָפענונג אַז עס וועט נאָך אויפשטיין אַן אייגענע יידישע מלוכה און אַז דער בית־המקדש וועט צוריק אויפגעבויט ווערן, האָבן די גייסטיקע פירער פון פאָלק איינגעפירט דעם דאָזיקן מנהג. דורך אָנהייבן פון ויקרא זעט דאָס קינד די בילדער פון ישראלס פאַרלוירענע גרויסקייט און די וויכטיקע ראָלע וואָס דער בית־המקדש האָט געשפּילט אין יידישן לעבן. אויף אַזאַ אופן איז די האָפענונג פון פאָלק געהאַלטן געוואָרן אין די הערצער פון די קינדער אין צאַרטן עלטער" (היסטאָרי אָוו דזשואיש עדיוקיישאָן, 1940, 83). מיר ווייסן אַז לכתחילה האָט מען טאַקע אָנגעהויבן לערנען חומש מיט קינדער פון בראשית און דאָס אַריבערגיין צו ויקרא איז געווען אַ נייעס. דאָס אַליין איז אויך אַ ראיה לטובת ראַבּיי דרייזינס מיינונג. מיר זענען אָבער ניט מחויב אָנצונעמען זיין קוק אַז דאָס איז געווען אַ בכיוונדיקער פּלאַן מצד מנהיגים פונעם דור. פון מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע ווייסן מיר גענוג זיך פאָרצושטעלן ווי אַזוי אַזעלכע ענדערונגען אין דער שול פּראָגראַם קענען פאָרקומען דורכויס אומבאַוואוסטזיניק און דאָך זאָלן זיי מיט אויסגערעכנטע טריט פירן צו באַפרידיקן אַ געפילטע באַדערפעניש.

עס לייגט זיך זייער שטאַרק אויפן שכל אַז ניט בלויז דער סדר ביים לערנען חומש, נאָר אויך דער מער־וואָרצלדיקער אַלגעמיינער געדאַנק פון תורה לשמה, וואָס האָט דורכגענומען אַלע מדרגות פון יידישער דערציאונג דורך אונדזער גאַנצער געשיכטע, קען אויך דערקלערט ווערן אויפן זעלביקן אופן, מיט די זעלביקע מאָטיוון וואָס האָבן אונדז געשטאַרקט און דערהאַלטן דורך אַלע דורות. אַנדערש וואָלט באמת געווען צו שווער צו פאַרשטיין דעם סאַמע וואָרצל פון אונדזער היסטאָרישן גאַנג אין יידישן חינוך. אַ פרעמדער, אַ מענטש וואָס זיין צוגאַנג אין לעבן איז פאַרמירט געוואָרן פון אַן אַנדער עטנישער קולטור, וואָלט געקענט מיינען אַז דער טראַדיציאָנעלער יידישער חינוך איז געלעגן אין די הענט פון פאַרפאַלענע בטלנים. זיי האָבן זיך לחלוטין ניט גערעכנט מיטן טעגלעכן לעבן פון פאָלק, מיט דער נאָענטסטער סביבה וואו די קינדער וועט אויסקומען צו לעבן און ציען פון דאָרט זייער יניקה. דער פרעמדער וועט פשוט נשתומם ווערן ווען ער וועט פּרובירן דאָס

אויסגלייכן מיטן שם וואָס יידן האָבן אין דער וועלט ווי אַ פֿאָלק וואָס צייכנט זיך אויס מיט זייער רעאַלער פּראַקטישקייט.

ווען מיר באַטראַכטן דעם פּראָגראַמאַטישן פּרט פֿון אָנהייבן מיט ויקרא און דעם אַלגעמיינעם געדאַנק פֿון תורה לשמה, ווי עפּעס וואָס שפּיגלט אָפּ אַ ריכטונג אין דער געשיכטע פֿון יידישן חינוך, באַקומען מיר, דאַכט זיך, אַ טיפֿערן אַריינבליק אין די גייסטיקע און די רעליגיעז־פּסיכאָלאָגישע כוחות וואָס אונדזער קיום אין גלות האָט איינגעשפּאַנט. וואָרעם אַ געהעריקער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פֿון דער דאָזיקער ריכטונג איז בכוח אַרויסצוברענגען רעזולטאַטן וואָס קענען קלאָר מאַכן אַ סך פֿאַקטן און פֿאַקטאָרן פֿון אונדזער לעבן אין די גלות־תנאים.

פֿאַראַן איין זייט פֿון דער הלכה, ווי אַ לימוד אין גמרא־חדר, וואָס מען דאַרף תמיד געדענקען. ווען מיר באַטראַכטן די חילוקי־דעות און וויכוחים וואָס מיט זיי איז פֿול דער יידישער סדר־היום פֿון היינטיקן טאָג, ווען מיר אַמפּערן זיך וועגן יידישקייט, וועגן שולחן־ערוך, וועגן דינים און הלכות אין שייכות צו יידישן אויפֿפֿיר, קען זיך אַמאָל אויסווייזן אַז תלמודישע הלכות האָבן צו טאָן על־פּי רוב, אפשר דורכויס, מיטן טעגלעכן לעבן און דעם רעליגי־עזן אויפֿפֿיר פֿון דער איצטיקער צייט. ווען מען טראַכט דערפֿון איז לייכט זיך צו כאַפּן אַז דאָס איז ניט ריכטיק. די דינים און הלכות וואָס קומען צו אונדז פֿון משנה און גמרא האָבן אין גאָר אַ סך פֿאַלן, אפשר אין רוב פֿאַלן, אַ שייכות צו באַדינגונגען, צייטן סאָציאַלע באַציאונגען, און אינסטיטוציאָנעלע לעבנס־פֿאָרמען וואָס האָבן קנאַפּ וואָס צו טאָן מיט אונדזער היינטיקן לעבן, אָדער מיט גלות־לעבן בכלל, אַפֿילו פֿאַר די מהדרין מן המהדרין פֿון פֿאָלק ישראל. דאָס איז אמת וועגן אַלע סדרים פֿון תלמוד, אַפֿילו אַזעלכע ווי מועד, וואָס האָט דאָך אַ שייכות צו שבת, יום־טוב און אַנדערע גרויסע מאָמענטן פֿון יידישן לעבן וואָס שפּילן אַזאַ אָנגעזעענע ראָלע ביי אונדז ביזן היינטיקן טאָג. פֿאַר יידן, און יידישן חינוך, איז געווען אַ קנאַפּע נפקא מינה צי די באַשטימונגען פֿון דער הלכה זענען געווענדט, לאָמיר זאָגן, צו די פּראָגעס וועגן שבת, עירוב, וכדומה, אָדער צו אַזעלכע ענינים ווי קרבנות אָדער די פֿונקציעס פֿון כהן גדול. בקיצור, דער אמתער ווערט פֿון די לימודים וואָס זענען באַטראַכט געוואָרן ווי עיקרדיקע אין חינוך איז ניט באַשטימט געוואָרן פֿון דער שייכות וואָס זיי האָבן געהאַט ווי אַ מורה־דרך אין פּראַקטישן רעליגיעזן אָדער אַלגעמיינעם יידישן לעבן.

דער דאָזיקער קוק אויף די אויפֿגאַבעס פֿון חינוך איז, זעט אויס, געווען געבויט אויפֿן פּרינציפּ אַז מען דאַרף מחנך זיין דאָס יידישע קינד צו באַ־טראַכטן אונדזער לעבן פֿון אַלע צייטן ווי אַן אַרומנעמענדיקע גאַנצקייט און ספּעציעל אַקצענטירן די ביבלישע עפּאָכע און די צייט פֿון בית־שני, וואָרעם אין יענע צייטן געפֿינט זיך דאָך דער קוואַל פֿון אַלץ וואָס איז יידיש אין

וואָרצל. לאָמיר האָבן אין זינען אַז דער זעלביקער פּרינציפּ, אויף וויפיל ער איז געווען פּאַרטאָן אין דער פּראַקטיק פונעם חינוך־פּראָצעס, איז אָנגעווענדט געוואָרן אין צייטן און לענדער וואָס זענען אַזוי ווייט צעשיידט אין רוים און צייט ווי בבל און שפּאַניע, פראַנקרייך און ליטע, מזרח־אייראָפּע און תימן, און אַזוי ווייטער. אויך איצט ווערט דער זעלביקער פּרינציפּ אָנגעווענדט אין די חדרים פון דער עקסטרעם־אָרטאָדאָקסיע אומעטום וואו זיי איז געראָטן זיך צו באַפעסטיקן. דאָס אַלץ פאָדערט מיר זאָלן טיפער זיך אַריינ־טראַכטן אין די פּסיכאָלאָגישע באַזונדערקייטן וואָס טיילן פאַנאַנדער מאָ־דערנע דערציאונג און דעם טראַדיציאָנעלן חינוך ביי יידן. דורך דעם וועלן מיר גיכער קענען אַרויסהייבן יענע מאָמענטן וואָס זענען אַזוי וויכטיק, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט אַז חדר און חינוך זאָלן קענען פאַרצייכענען אומגלייבלעכע דערגרייכונגען, וואָס האָט זיי געגעבן דעם כוח צו שאַפן דעם גייסטיקן מאַטעריאַל צונויפצוהאַלטן דור נאָך דור אונטער פיינלעכע תנאים.

דאָס דערמאָנט די היציקע וויכוחים וואָס האָבן אויפגערודערט די דער־ציערישע לופט אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן וועגן אָנווענדן די מאָדערנע, אָדער פּראָגרעסיווע, דערציאונג־טעאָריעס אין דער יידישער שול. די נעמען פון באַרימטע דערציאונג־פילאָסאָפן ווי דיואי, קילפּעטריק און זייער גלייכן אין אייראָפּעאישע לענדער זענען געווען אויף אַלעמענס ליפּן און יידישע דערציער האָבן ביי זיי געזוכט אַן ענטפער אויף אונדזערע פּראָב־לעמען. פאַרשיידענע מאָטאָס, שלאָג־ווערטער, לאָזונגען, פאָרמולעס, זענען באַנוצט געוואָרן כדי וואָס בילדלעכער אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק וועגן דעם נייעם צוגאַנג אין דערציאונג. פון די אַלע איז, דאַכט זיך מיר, דאָס געראָטנסטע שלאָג־וואָרט, דאָס וואָס האָט איינגעשלאָסן אַלע אַנדערע, געווען פּעדאָצענטרישע שול, ד״ה, די שול וואו דאָס קינד איז דער צענטער, וואו דאָס קינד איז דער ערשטער און וויכטיקסטער שותף אין דערציערישן פּראָ־צעס. דאָס האָט שטאַרק אַפּעלירט צו די יינגערע מיטגלידער פון דער יידישער דערציאונגס־פּראָפעסיע, ווייל דאָס איז געווען אַן אינטימער אויס־דרוק פונעם צייטגייסט און פון די דעמאָקראַטישע שטימונגען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. מען קען דעם געדאַנק פון די נייע אידייען אין דער־ציאונג פאָרמולירן גאַנץ קורץ: קינדער זענען פּערזענלעכקייטן אין פּראָצעס פון וואַקסן. ממילא האָבן זיי אינטערעסן און נויטן וואָס זענען כאַראַקטעריס־טיש פאַר זייער עלטער. די שול קען בלויז דעמאָלט מצליח זיין אין די אויפ־גאַבעס וואָס זי נעמט אויף זיך אויב אירע טעטיקייטן וועלן לכתחילה פּלאַנירט ווערן אַז זיי זאָלן אי פאַרלייכטערן, אי באַרייכערן און סטימולירן די נאַטיר־לעכע ביאָלאָגישע, פּסיכאָלאָגישע און סאָציאַלע טריט וואָס פירן פון קינדהייט צו דערוואַקסנקייט. עס איז געווען זייער שווער גובר צו זיין דעם רייץ פון אַזעלכע געדאַנקען, און אין אַ געוויסן זינען איז דאָס אַ גערעכטער צוגאַנג.

פֿאַראַן אָבער מאָמענטן וואָס מען האָט אינגאַנצן אַרויסגעלאָזן פֿון חשבון בעת מען האָט געטראַכט וועגן אָנווענדן די דאָזיקע פֿילאָסאָפֿיע אויף ייִדישער דערציִאונג. ווען מען לאָזט זיך אַרײַן אין פּסיכאָלאָגישע אַבסטראַקציעס וואָס פֿירן צו די געדאַנקען פֿון אַ פּעדאָצענטרישער שול, אַז דאָס קינד איז דער עיקר מיט וואָס מען דאַרף זיך רעכענען, דעמאָלט איז אפֿשר ניט נייטיק צו האָבן אַ קלאָר בילד וואָס מען מיינט מיטן באַגריף „קינד". עס קען דאָך ניט זײַן אַז זיי האָבן אין זינען געהאַט עפּעס אַן אַלגעמיינע, פּלאַטאָנישע אידייע וואָס האָט אַ קנאַפּע שייכות צום לעבעדיקן קינד וואָס געפֿינט זיך צווישן אונדז. זיי האָבן בלויז געקענט טראַכטן וועגן אַ קינד וואָס איז געבוירן געוואָרן און געלעבט אין אַ באַשטימטער קולטור־וועלט און אונטער טויזנט דירעקטע און אומדירעקטע השפּעות וואָס אַזאַ וועלט ברענגט מיט זיך. זיי האָבן מסתּמא ניט געמיינט אַ קינד סתּם אַזוי, נאָר דאָס אַמעריקאַנער קינד, דאָס בריטישע קינד, אאַז״וו.

ווען מען וויל, למשל, פֿאַרשטיין סטענלי האָלס באַרימטע אַרבעט: וואָס קינדער ווייסן שוין ווען זיי הייבן אָן גיין אין שול (1883), איז גוט צו גע־דענקען אַז זײַן אויספֿאָרשונג האָט געהאַט צו טאָן מיטן אַמעריקאַנער קינד. אַן ענלעכע אַרבעט וועגן קינדער אין אַן אַנדער קולטור, אונטער אַנדערע תּנאָים, וואָלט מסתּמא אַרויסגעבראַכט גאָר אַנדערע רעזולטאַטן בנוגע דעם וואָס קינדער ווייסן איידער זיי הייבן אָן גיין אין שול. מיט איין וואָרט, דער־ציִאונג איז זייער אַ קאָמפּליצירטע און קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונג. מעג דאָס קינד שפּילן די הויפּט־ראָלע אין דער שול על־פּי טעאָריע, אָבער די קאָנקרעטע טעטיקייטן און דער אַלגעמיינער צוגאַנג ווערן סיי ווי באַשטימט ניט בלויז פֿונעם רוישיקן און שטיפֿערישן שותּף, פֿון קינד, נאָר אויך פֿון די צאָלרייכע שטילע שותּפֿים, ווי, למשל, פֿונעם גייסט פֿון דער צײַט, פֿון דער געגעבענער טראַדיציע, קולטור, געשיכטע, געזעלשאַפֿט, בקיצור פֿון דער גאַנצער סבֿיבֿה. קומט אויס אַז דער ציל פֿון דער פּעדאָצענטרישער שול איז צו דערנענטערן דעם דערציִערישן פּראָצעס צו דער דרויסנדיקער וועלט וואו דאָס קינד לעבט און שפּילט זיך, אַ וועלט וואָס האָט איר אייגענע פֿאַרב און פֿאָרם לויטן כאַראַקטער פֿון איר קולטור.

די אייגנאַרטיקסטע ייִדישע קולטור־סבֿיבֿה אין די לעצטע יאָרהונדערטן ביז 1939 איז געווען די ייִדישע וועלט פֿון מזרח־אייראָפּע. זי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר ייִדישער שאַפֿערישקייט, מיט איר בולטער אַנדערש־קייט און מיט איר אינעווייניקסטער נעענטערקייט צו אונדזער אויטענטישער טראַדיציע אין פֿאַרגלײַך מיט יעדן אַנדערן ייִדישן ישובֿ אין מערבֿ. די דאָ־זיקע ייִדישע קולטור־וועלט איז געווען ביז איצט די לעצטע אין אונדזער גלות־געשיכטע וואָס איז געווען אַ פֿאַררונדיקטע קולטורעלע גאַנצקייט אין זיך אַליין און די אינטימסטע וועלט־סבֿיבֿה פֿאַרן ייִדישן קינד.

איצט איז יידישע דערציאונג אין גאָר אַן אַנדער לאַגע. די דרויסנדיקע וועלט וואָס אַרבעט אויס דעם כאַראַקטער פונעם קינדס טעטיקייטן, זיין שפּילעריי, זיינע טעלעוויזיע־פּראָגראַמען, זיינע באַציאונגען מיט חברים, דאָס אַלץ האָט אַ קנאַפּע שייכות מיט עפּעס אַ ציל וואָס קען, אין זיך אַליין, פירן צו דער עקזיסטענץ פון אַ יידישער שול. די צוויי וועלטן זענען אַזוי וויט איינע פון דער אַנדערער אַז קיין שום דערציערישע מיטלען און קיין מעטאָדישע פּאָרטלען קענען ניט אויסבויען די נייטיקע בריק צווישן זיי. אָט דער תהום צווישן די צוויי וועלטן שאַפט פאַר אונדז אַ פּראָבלעמאַטישע לאַגע וואָס אויף איר קען קיין ענטפער ניט זיין, סיידן מיר גייען צו צו יידישער דערציאונג אין טערמינען פון באַדערפענישן וואָס איבערלעבונגען פון אַ גאַנץ באַשטימטן מין רופן אַרויס.

זאָל אַ קאָנקרעטער ביישפּיל אונדז ווייזן וואָס איך מיין מיטן תהום צווישן צוויי וועלטן, ממילא אונדזער יידיש־דערציערישע פאַרלעגנהייט אין אַמעריקע. אַ יידישע הילף־אָרגאַניזאַציע וואָס איר ציל איז צו העלפן נויט־באַדערפטיקטע יידן אויף יענער זייט ים, איז פאַראינטערעסירט צו אַפּעלירן צו יידישע קינדער און בעטן ביי זיי ביישטייערונגען. די פּראָפּאַגאַנדע־ליטע־ראַטור אין דער דאָזיקער קאַמפּאַניע איז, זעט אויס, געבויט אויפן געדאַנק אַז בעת מען ווענדט זיך צו יידישע קינדער פאַרן צוועק צו העלפן יידן דאַרף מען אָננעמען אַז צו אונדזערע קינדער וועט ניט אַפּעלירן ווען מען וועט זיך באַנוצן מיט ציטאַטן פון יידישע ספרים, אָדער אינצידענטן פון אַמאָליקן אָדער איצטיקן יידישן לעבן, אָדער געדאַנקען פון גרויסע יידישע פּערזענלעכקייטן, ווי אַן אָנרעגונג צו העלפן יידן וואָס געפינען זיך אין אַ שווערער לאַגע. עס איז, הייסט עס, בעסער אַז מען זאָל אונדזערע קינדער ניט געבן צו פילן אַז זייער אָפּשטאַם האָט עפּעס צו טאָן מיטן דערמאָנטן מאָראַלן חוב.

אַזאַ צוגאַנג איז, אין אַ געוויסן זינען, אַן אומבאַוואוסטזיניקע אָדער בכיוונדיקע פאַרלייקענונג פון אַן עיקר פון יידישן גייסטיקן לעבן אין משך פון אונדזער גאַנצער געשיכטע. די דאָזיקע פאַרלייקענונג ווערט נאָך מער אַקצענטירט דורך דעם וואָס די בריוו צו די קינדער צו העלפן אין דער געלט־קאַמפּאַניע ווערן, על־פּי רוב, אונטערגעשריבן פון עפּעס אַ באַרימטן מיטגליד פון דער ספּאָרט־פּראָפעסיע. מען גיט אויך אָפּ עפנטלעכן כבוד צו די וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער הילף־קאַמפּאַניע. די אָנערקענונג דריקט זיך אויס אין אַ מתנה, אַ בייסבאָל וואָס אַ באַרימטער שפּילער פון אַ פּאָפּו־לערן טים האָט אויטאָגראַפירט.

אויב דער אָנפירער פון דער דאָזיקער אַרבעט צווישן יידישע קינדער וואָלט געוועזן באַקאַנט מיט געוויסע מאָדערנע טעאָריעס אין דערציאונג, און אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון אירע פּרינציפּן, וואָלט ער לייכט געקענט

באַרעכטיקן זיין שטעלונג. אמת, ווען די בריוו צו די קינדער וואָלט אונטער־געשריבן אַ יידישער געלערנטער, אָדער אַ רעליגיעזער פירער, אָדער בכלל אַן אָנגעזעענע יידישע פּערזענלעכקייט, וואָלט עס געווען מער אין גייסט פון אונדזער אַלטער טראַדיציע וואָס מיר זענען אַזוי שטאָלץ מיט איר. עס איז אויך ריכטיק אַז אַן אָרגאַניזאַציע וואָס באַדינט יידן און ווערט אויסגעהאַלטן פון יידן וואָלט געדאַרפט האָבן עפּעס אַ חוש פאַר יידישע דערציערישע התחייבותן ווען זי ווענדט זיך צו יידישע קינדער. אָבער פון דער אַנדער זייט, איז ניט בייסבאָל און די „העלדן" פון דער דאָזיקער פּראָפּעסיע נעענטער צום האַרצן פון די קינדער ווי לערנען און תורה? דאַרפן ניט די טעטיקייטן וואָס מען וויל אַז אונדזערע קינדער זאָלן זיך אָפּגעבן מיט זיי זיין פּעדאָ־צענטריש? דער פאַקט וואָס אַזאַ מעטאָד ווערט טאַקע באַנוצט און ער ברענגט גוטע רעזולטאַטן, פון שטאַנדפּונקט פון זאַמלען געלט, וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט באַשטעטיקן אַז דאָס איז אויך דערציעריש דער ריכטיקער וועג. אַזאַ מין פּראָגמאַטישער אַרגומענט ווערט אָפט באַנוצט מצד די וואָס זיינען איינגעגלייבט אין „פּראָגרעסיווער" דערציאונג.

איך האָב דאָ לחלוטין ניט בדעה צו זאָגן מוסר יענער אָרגאַניזאַציע. סוף־כל־סוף איז איר אַרבעט דאָך ניט אויפן פעלד פון יידישער דערציאונג און מען קען אפשר ניט פאַרלאַנגען אַז זי זאָל זיך רעכענען מיט דעם וואָס ליגט איר ניט אין זינען. אָבער יידישער דערציער קענען זיך ניט פאַרגינען צו איגנאָרירן די פאַרלעגנהייטן וואָס די סביבה וואו אונדזערע קינדער לעבן שטעלט פאַר זיי אַוועק. דער שטענדיקער איינפלוס וואָס האַמערט כסדר אויף דער נשמה פון אונדזערע קינדער איז, ווי מיר ווייסן, ניט בלויז ניט־יידיש, נאָר אָפט אויך אַנטי־יידיש. יידישע דערציער מוזן דאָך זיין באַזאָרגט ווען אַזעלכע השפּעות רייסן זיך אַריין אין די אינטערעסן און איבעם וואוקס פונעם דור וואָס דאַרף אָט־אָט איבערנעמען אונדזער ראָלע אין יידישן לעבן.

אין אַ געוויסן זינען, און ביז אַ געוויסער מאָס, איז אַלעמאָל אַזוי געווען. אמת, בלויז אין אַ געוויסן זינען; אין אַמעריקע איז עס אַ היפּש ביסל אַנדערש. דאָך איז אויך דער „געוויסער זינען" פאַר אונדז וויכטיק. די וועלט וואָס האָט אַרומגערינגלט אונדזערע קינדער אין די גלות־לענדער איז געווען געבויט און געטריבן אין ריכטונגען וואָס זענען געווען ווייט פון דעם וואָס אונדזערע זיידעס האָבן געוואָלט שאַפן אין חדר און אין דער היים. אין די פרימאָרגן־תפילות געפינען מיר דעם פּסוק פון וזאת הברכה: „אַ תורה האָט אונדז משה באַפוילן, אַ ירושה פון דער איינזאַמלונג פון יעקב". לויט דער גמרא (סוכה מ"ב, א) איז דאָס דער ערשטער פּסוק וואָס מיט אים דאַרף דער פאָטער באַקענען זיין זון אין זיין יונגן עלטער. דער דאָזיקער פּסוק האָט אַ שייכות צו אַ פאָלק און אַ צייט וואָס איז זייער ווייט פון אונדז. אַפילו ווען מיר זאָלן אָננעמען אַז אַ קליין קינד קען ווי עס איז אויפנעמען די

סימבאָלישע „איינזאַמלונג פון יעקב", קען עס אָבער בשום אופן ניט אויפ־כאַפּן די שייכות צווישן דעם און דעם „דאָ און איצט" וואָס מאָדערנע דער־ציאונג שטרייכט אונטער מיט אַזאַ עקשנות.

וואָס עלטער עס ווערט דאָס חדר־קינד אַלץ מער דערווייטערן זיך זיינע לימודים פונעם „דאָ און איצט". די ווענדונגען אין דאַווענען צו שמות י"ג (קדש לי כל בכור, אאַז"וו), אָדער צו זבחים ח', א (איזהו מקומן של זבחים, אאַז"וו), זענען טויזנטער יאָרן ווייט פון דער באַלדיקער סביבה און איר רעאַלן לעבן. אָט דאָס שטענדיקע פּסיכאָלאָגישע אַריבערטראָגן זיך פון דער נאָענטסטער, לעבעדיקער וועלט צו ליכטיקערע לאַנג־פאַרגאַנגענע טעג איז געוואָרן אָפּטער און אינטענסיווער דורך דעם וואָס אונדזער טראַדיציע האָט אויפגערייצט אין אונדזערע זיידעס אַ באַדערפעניש צו געפינען דעם טעם פאַר יעדן מנהג, פאַר יעדן איינפיר, מעג ער זיין ווי אומוויכטיק, אַ טעם וואָס דאַרף זיך שטיצן אויף אָנגעגנומענער, אויב מעגלעך ביבלישער, אויטאָריטעט. אַזוי שטייט אין דער תורה, אַזוי מיינט די גמרא, אאַז"וו. דאָס האָט, ווי מיר ווייסן, געפירט צו פּילפּול, פּשטלעך, צו דער געוואויבהייט צו דרייען מיטן גראָבן פינגער. פון דער אַנדער זייט איז אַלץ מער פאַרשפּרייט געוואָרן, און האָט אַלץ מער אויסגענומען, דער דאַזיקער דרך ווי אַ באַוויז־מעטאָד. אַזוי, למשל, דערציילט גידערמאַן אין זיין געשיכטע פון דערציאונג און קולטור ביי יידן אין דייטשלאַנד (1888, 95), וועגן אַ שמש וואָס פלעגט אָנקלאַפּן אויף אַ באַשטימטן אופן ביי די יידן פון דער שטאָט צו וועקן צו „עבודת הבורא". דער באַרימטער פּוסק הרב ישראל איסערלין האָט דערקלערט דעם מעטאָד פונעם שמש דורך דעם נומערישן באַטרעף פון די אותיות פון אַ וואָרט אין אַ ביבלישער פראַזע.

תנ"ך, תלמוד און פּוסקים האָבן אַרומגענומען די שול־פּראָגראַם פון אַלע מדרגות פון חדר ביזן היינטיקן טאָג. דאָס האָט ממילא געפירט עס זאָל אויפגעבויט ווערן אַ באַזונדערע חדר־וועלט פאַרן יידישן קינד. דאָס שפּיגלט זיך אויך אָפּ אין דעם וואָס יחיאל שטערן רופט „מלחמות שפּילן". אָט וואָס ער שרייבט (ייוואָ בלעטער, באַנד 31־32, 1948, 68): „על־פּי רוב זענען די מלחמות געווען אינסצעניזאַציעס פון די קאַפּיטלעך פון די נביאים וואָס קינדער האָבן געלערנט די זעלביקע וואָך אין חדר, ווי די מלחמות צווישן די שופטים און די פאַרשיידענע פעלקער וואָס זענען באַפאַלן דאָס פאָלק ישראל, אָדער די מלחמות פון קעניג שאול מיט די פּלישתים, דוד און גלית, אאַז"וו. איין מחנה פלעגט פאָרשטעלן מיט זיך די מחנה פון די יידן און די אַנדערע האָט געשפּילט די ראָלע פון דעם פאָלק וואָס האָט געפירט מלחמה מיט די בני־ישראל. עס פלעגט שוין אַזוי אויסקומען אין דעם שפּיל אַז די מחנה פון די בני־ישראל האָט אַלעמאָל געוואונען".

אַן ענלעכע טענדענץ געפינען מיר אין יידישן פאָלקלאָר. פאַראַן אַן

אַלטע לעגענדע וואָס איז געווען זייער פּאָפּולער צווישן יידישע קינדער ביז מיט אַ דור, צוויי, צוריק. עס איז געווען פאַרבונדן מיט אַ מצוה צו הרגענען שפּינען, ווייל די שפּינען האָבן געבראַכט פייער צו פאַרברענען דעם בית־המקדש (זע ילקוט שמעוני, סימן תת״ק, ס״ד). די ניט־געפּלאַנטע אָנשטרענגונג צו טרייבן אונדזער באַוואוסטזיין צו פריערדיקע עפּאָכעס פון יידישן לעבן און צו פאַרגאַנגענע היסטאָרישע געשעענישן ווערט אין ערגעץ ניט אַרויסגעבראַכט אויף אַ מער איבערצייגנדיקן אופן ווי אין די דירעקטע און אומדירעקטע ווענדונגען צו מעשיות, געדאַנקען און ציטאַטן פון תנ״ך, תלמוד און מדרשים וואָס פילן אָן די יידישע שפּראַך. דער חנעוודיקער הומאָר וואָס ווערט געבוירן פון די בכיוונדיקע פאַלש־טייטשן פון פסוקים און מאמרים, ווי מיר געפינען זיי אין די מיילער פון טייל העלדן אין שלום עליכמס ווערק, ווייזט אונדז מיט רייצנדיקער קלאָרקייט ווי ווייט און ווי טיף אַזאַ שפּעטער דור ווי שלום עליכמס איז נאָך געווען גייסטיק אַריינגעצויגן אין אַ וועלט, אַזוי אַנדערש, אַזוי ווייט אין צייט און אָרט, אַזוי דורכגענומען מיט אַנדערע אידייען און אידעאַלן, אַזוי היסטאָריש עכט און דורכדרינגלעך יידיש, אין פאַרגלייך מיט דער וועלט וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר.

אָט איז גאָר אַ בילדלעכער ביישפּיל פון יידישן לעבן אין אַמאָליקן שטעטל. דאָס באַשרייבט חיים שויס די פייערונג פון שמיני עצרת:

„עס רעגנט, עס גיסט אין דרויסן. די געסלעך פון שטעטל זענען אַ געדיכטע בלאָטע. מען טראַכט פון איין זאַך: עס זאָל נאָר ניט לאַנג רעגענען און מען זאָל קענען נאָך יום־טוב אַרויספאָרן פאַר מסחר אין די דערפער און שטעטלעך אַרום. אין שול אָבער בענטשט מען גשם מיט אַ צאַרטן ניגון, פול מיט תחנונים, זינגט דער חזן, צוזאַמען מיטן עולם, אַ תפילה אויף רעגן". ארץ־ישראל דאַרף רעגן (דאָס יום־טוב־בוך, 1933, 152).

אַלץ וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז איצט קען מאַכן דעם איינדרוק אַז חדר און חינוך האָבן זיך דורכויס קאָנצענטרירט אויפן עבר; אַז זיי האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין חוש פאַרן לעבן פון לויפיקן טאָג. אין אַ געוויסן זינען איז דאָס ריכטיק. איך מיין, עס איז ריכטיק אויב מיר נעמען די דערמאָנטע פאַקטן אַזוי אַז מיר פּאַסן זיי אַריין, ווי עס טוט אַ מאָדערנער מענטש, אין אַ באַשטימטער כראָנאָלאָגישער צעטיילונג פון היסטאָרישע פערזענלעכקייטן און געשעענישן. אָבער ווען מיר רעכענען זיך מיט דער פּסיכאָלאָגישער השפּעה אויפן יידישן קינד מצד די פּראָצעסן פון חינוך אין די באַדינגונגען פון חדר, וועט אַזאַ צוגאַנג זיין דורכויס פאַלש.

אין חינוך — דער דרך אין יידישער דערציאונג וואָס קען בלויז אָנגערופן ווערן מיטן דאָזיקן באַזונדערן נאָמען — איז בכלל ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם וואָס מען קען באמת אָנרופן געשיכטע. דער פּרינציפּ פון „אין

מוקדם ומאוחר בתורה", אַז אין דער תורה איז ניטאָ קיין פריער און קיין שפּעטער, גיט איבער אַ פּינקטלעך בילד פון דער יידיש־פּסיכאָלאָגישער און פּעדאַגאָגישער רעאַליטעט פון יענער צייט. יעדער איינציקער פון אונדז, אַפילו דער וואָס איז באַוואָפנט מיט מאָדערנער בילדונג און מאָדערנע דענק־מעטאָדן, איז אונטערגעוואָרפן געוויסע מאָמענטן ווען דער געשיכטע־חוש האָט צו אים קיין צוטריט ניט. דאָס איז ספּעציעל אין פאַלן פון פּסיכישע קריזיסן. וואָרעם געשיכטע, די צייט־דימענסיע פון געשעעענישן, איז מחייב ניט בלויז אַ פריער־שפּעטער נאָר אויך די ענדערונגען, אַנדערשקייטן, וואָס ליגן אין סאַמע באַגריף פון צייט־גאַנג. לאָמיר זיך פאָרשטעלן אַז מיר גרייטן זיך צו באַגעגענען אַ באַליבטן יוגנט־פריינד וואָס מיר האָבן אים לאַנגע יאָרן ניט געזען. מיר געדענקען אים פון דער צייט ווען ער האָט זיך אויס־געצייכנט מיט יוגנטלעכער געשיקטקייט, לעבעדיקייט, פיזישער און גייס־טיקער באַוועגלעכקייט. ווען מיר טראַכטן וועגן אים איז נאַטירלעך מיר זאָלן האָבן פאַר זיך דאָס באַליבטע בילד פון אַמאָליקע יאָרן. צו וועלן אים זען איז ניט בלויז קאַלטער בייגיר, נאָר אויך דאָס ריכטן זיך אויף דער באַפרידיקונג וואָס די אַמאָליקע חברשאַפט האָט אונדז געבראַכט. עס איז, אין אַ געוויסן זין, אַ פּסיכאָלאָגישער קריטישער מאָמענט.

אַז אַזעלכע באַגעגענישן לאָזן זיך אויס מיט ביטערער אַנטוישונג, דאָס זענען מעשים בכל יום. אונדזער שולד באַשטייט אין דעם וואָס בעת מיר האָבן וועגן אים געטראַכט זענען מיר אַנטלאָפן אין אַ מין עיר־מקלט וואו דער היסטאָרישער חוש האָט קיין שליטה ניט. מיר האָבן געטראַכט וועגן אים אין טערמינען פון שטענדיקייט, אָדער אייביקייט. דאָס האָט אונדז גע־געבן דעם תענוג פון אַמאָליקע איבערלעבונגען. מיר האָבן אים ניט פאַר־גליכן מיט זיך אַליין אין איצטיקן מאָמענט; ווען עס קומט צו זיך אַליין האָבן מיר בכלל אַ טענדענץ זיך צו באַפרייען פון היסטאָרישער זיגזאַגיש־קייט; מיר זעען זיך ווי אַ סטאַבילער עפּעס וואָס איז איין מאָל פאַר אַלע מאָל. ווען מיר טראָגן אַריבער דאָס גאַנצע בילד, פונעם יוגנט־פריינד און פון זיך אַליין, אויף די איבערלעבונגען פון אַ פאָלק אין אַ קלעם פון פּסיכאָלאָגישע קריזיסן, באַקומען מיר אַן אָנונג פון דער רעאַליטעט וואָס איז געווען דאָס פעלד פון טראַדיציאָנעלן יידישן חינוך.

אין דער אמתן האָט דאָס קינד געלערנט אין חדר ניט געשיכטע נאָר דראַמע, די דראַמאַטישע פאַנאַנדערוויקלונג פון אַ מעשה אין גראַנדיעזן פאַרנעם, אַ מעשה וואָס אירע העלדן זענען גאָט, וועלט, פאָלק, אומגעוויינטלעכע פּערזענלעכקייטן. אָט די אַלע זענען געוואָרן דער קוואַל פונעם קינדס פּערזענלעכער גייסטיקער יניקה. די חדר־מענטאַליטעט האָט נאַטירלעך גע־וואוסט אַז משה רבינו איז געווען פריער און יהושע בן נון שפּעטער. דאָס איז דאָך געלעגן אינעם גאַנג פון דער מעשה. אָבער דאָס קינד האָט זיך

אויף דעם ניט אָפּגעשטעלט. מען האָט אים ניט געלערנט צו שענקען אויפ־מערקזאַמקייט צום כראָנאָלאָגישן סדר פון, לאָמיר אָנכאַפּן, הלל און ר׳ עקיבא, אָדער אַנדערע תנאים. ניט דער סדר אין צייט נאָר דער אונטערשייד אין קוואַליטעט, אין גייסטיקן פּאַרנעם, איז געווען דער עיקר. די וויכטיקייט וואָס די טראַדיציע האָט צוגעשריבן צו געשעענישן, פאַקטן, מענטשן, אויסטייטשונגען און גלייבונגען, אין דעם איז געלעגן דער כוח פון דער פּסיכאָלאָגישער השפּעה אויפן קינד.

נאָך מער, עפּעס איז פאָרגעקומען מיטן געפיל וואָס בינדט זיך מיטן גאַנג פון צייט אַז עס האָט אַרויסגערופן אייגנאַרטיקע סימנים אין דער מענטאַלי־טעט פון חדר און חינוך. די העלדן פון דער יידישער דראַמע זענען געבראַכט געוואָרן אין אַזאַ ענגער און אינטימער שייכות מיטן קינד אַז „עבר", אויף וויפיל אַזאַ אָריענטאַציע האָט געקענט אַרויסשווימען, איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין אַ איצטיקער צייט, אָדערביידע, דער אַמאָל און דער איצט האָבן זיך צונויפגעגאָסן; עס איז דערפון אַרויסגעקומען אַן אייגנאַרטיקער צייט־פּראָדוקט, אַ פּסיכאָלאָגישע איבערלעבונג וואָס מען וואָלט געקענט רופן „חדר־צייט". ווי מיר ווייסן איז אין חדר, פון אַלע מדרגות, ניט געווען אַזאַ לימוד ווי געשיכטע, ממילא איז ניט געווען קיין מיטלעלטער וואָס זאָל זיך אויסשפּרייטן און צעשיידן די ביבליש־תלמודישע דראַמע פון דער וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער איצטיקער צייט. מעשיות פון ביבלישע און תלמודי־שע פּערזענלעכקייטן, פון רש״י, רמב״ם, ווילנער גאון, חסידישע רביים, אַלע האָבן זיך סצעניש אַרויסגעהייבן פון זעלביקן געוועב וואו פריער־שפּעטער האָט פּשוט ניט געקענט האָבן קיין וועזנטלעכע שייכות צום אויפגענומענעם עיקר.

דאָס האָט באַטירלעך געבראַכט צו דעם אַז עס איז געבוירן געוואָרן אַ געפיל פון אומפּאַרמיטלטער דירעקטקייט צווישן דעם דראַמאַטישן לימוד און דער צייט ווען מען האָט אים געלערנט. די דראַמאַטישע געשעענישן, אַלע פּרטים, אַלץ וואָס די מעשה וועגן יידן איז אין זיך כולל, איז אויף אַזאַ אופן פאַראינערלעכט געוואָרן, האָט זיך באַהעפט צום וואַקסנדיקן מענטשן אינעם קינד. די וויטערדיקע און זייטיקע ידיעות פון יידן, יידישן לעבן און יידישקייט, וואָס זענען אַרויסגעשוואומען אינעם דאָזיקן פּראָצעס זענען געווען אַרומיקע דעקאָראַטיווע צוגאָבן צו די איבערלעבונגען פונעם קינדס פּערזענלעכער פאַרוויקלטקייט אין דער גרויסער, גראַנדיעזער דראַמע פון כלל ישראל, ווען מיר זענען מוסיף צו דעם די פאָרשטעלונגען פונעם עתיד, די צוקונפט־דימענסיע, דעם משיחישן אחרית הימים, דעם לעצטן אַקט פון דער דראַמע, שניידט נאָך שאַרפער אַרויס די מערקווערדיקע אייגנאַרטיקייט פונעם צונויפגאָס פון צייט וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענ־טאַליטעט פון חדר און חינוך. אמת, די משיחישע גאולה איז ניט געווען קיין באַשטימטער לימוד. לויטן כאַראַקטער פון דאָזיקן אידעאַל קען דאָך קיין

רייד ביט זיין פון פאַרוואַנדלען אים אין אַ לימוד, אַ פּראַגראַמאַטישן ענין, וואָס פאָדערט אַ מעטאָדיש־גראַדירטע לאָגישע הסברה. אָבער סיי ווי האָט דער משיח־אידעאַל אָנגעפילט די אַטמאָספערע און מיט זיין מיסטישער פאַנ־טאַסטיק איז ער געוועזן דער פּאַסיקער פינאַל פון דער גאַנצער איצט־לעבעדיקער יידישער דראַמע.

דאָס לעבן אין גלות האָט אַרויסגעלייגט אויף יידישער דערציאונג התחיי־בותן פון אַזאַ אומגעהייערער אחריות אַז מען קען גאָר ניט געפינען קיין גלייכן דערצו ביי קיין אַנדער פאָלק. די אויפגאַבע צו העלפן צעמענטירן די גאַנצקייט פון אונדזער פאָלק, זיין גייסטיק, קולטורעל, רעליגיעז און סאָציאַל לעבן, אונטער די שווערסטע לעבנס־תנאים וואָס קענען באַפאַלן אַ בשר־ודם, די דאָזיקע אויפגאַבע, וואָס אין דעם איז געווען געוועבן אונדזער בוכ־שטעבלעכער קיום, איז ניט געפאַלן אויף קיין אַנדער אינסטיטוציע פון דער יידישער געזעלשאַפט מיט אַזאַ דריקנדיקער וואָג ווי אויף דער יידישער שול. יידישע דערציאונג איז געווען מחויב אויסצונוצן כוחות וואָס דרינגען אַריין אין די טיפסטע שיכטן פון דער מענטשלעכער נשמה כדי צו דערפילן איר שליחות.

ווען מיר כאַפּן אַ קוק אויף צוריק און באַטראַכטן די ראָלע וואָס אַלט־פרענקישע דערציאונג, חינוך, האָט געשפּילט, און דעם פּלאַץ וואָס דער חדר האָט פאַרנומען אין פאַרגאַנגענע טעג; ווען מיר דערמאָנען זיך וואָס דער חדר האָט אויפגעטאָן צו שטאַרקן אונדזער ווילן צו לעבן, צו וועקן אונדזערע קרעאַטיווע כוחות, צו העלפן אָנפילן אונדזער קיום מיט אַ ממשותדיקן זינען; ווען מיר נעמען אויף דאָס בילד פונעם חדר אין אַזאַ ליכט מוזן מיר מודה זיין אַז דער מלמד מיטן קאַנטשיק, וואָס מען האָט אים אַזוי בייז אויפגעוואָרפן זיינע חסרונות, האָט פונדעסטוועגן דערפילט זיין מוראדיק־שווערע אויפ־גאַבע בשלמות.

וועגן די חסרונות פונעם חדר האָבן מיר געהערט זייער אַ סך און זייער אָפט. די קריטיק איז אָבער כמעט שטענדיק אַן אומגערעכטע ווען דאָס רעדט אַ מאָדערנער מענטש מיט אַ מאָדערנער מענטאַליטעט, אַן אויפגעהאָדעוועטער אין דער אַטמאָספערע וואו היסטאָרישער חוש און היסטאָרישע צייט־צעטיי־לונג האָבן באַפאַרבט שכל און באַציאונג צו אַלץ אין דער וועלט. עס איז אומגערעכט צו קוקן מיט היינטיקע אויגן אויפן נעכטיקן חינוך. נאָך ערגער איז ווען מען וועגט ניט אַלץ וואָס דער חדר שטעלט מיט זיך פאָר אויף דער וואָגשאָל וואו עס געפינען זיך אויך דערציאונג־סיסטעמען פון אַנדערע שכנותדיקע פעלקער פון דער זעלביקער צייט. ניט קיין קלענערער חטא איז צו פאַרגעסן די ספּעציעלע פאָלקישע התחייבותן וואָס די גלות־לאַגע פון אונדזער פאָלק האָט, אונטער די ספּעציפישע שווערע תנאים פון יענער צייט, אַרויפגעלייגט אויף יידישער דערציאונג.

עס קען, פאַרשטייט זיך, קיינעם ניט איינפאַלן אַז עס איז געוואונטשן — אָדער מען קען — אויפלעבן דעם דרך פון חדר אין דער היינטיקער צייט, ביי היינטיקע באַדינגונגען, און צוריק בייטן דעם לערער אויף אַ מלמד. אמת, די פאָלקישע סכנות וואָס שטאַמען פון אַ גלות־לעבן זענען היינט ניט שוואַכער, אין אַ געוויסן זינען אַ סך גרעסער, ווי זיי זענען אַמאָל געווען. די סכנה איז שוין גרעסער צוליב דעם אַליין וואָס אין די חדר־צייטן, אין די צייטן פון מלמד און חינוך, האָבן אַלע יידן איבערגעלעבט דאָס געפיל אַז זיי זענען אין גלות און אָנגעשעפּט כוחות זיך צו ווערן. איצט, אין דער צייט פון לערער, און שול, און דערציאונג, זענען פאַראַן אַ סך צווישן אונדז וואָס רייסן זיך אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם עול פון גלות־געפיל, אַפילו ווען דער עול פון גלות אַליין בלייבט ליגן אויף די אַקסלען. אָבער סיי ווי איז היינט דער כאַראַקטער פון גלות לחלוטין אַנדערש, און דער ייד אַליין איז אויך אַנדערש. יידישע דערציאונג האָט נאָך אַלץ, און מוז כסדר האָבן, די זעלביקע אויפגאַבע וואָס דער חדר בנוגע דעם קיום פון פאָלק אין אַלע זיינע פאַרצווייגונגען. דער פאַקט וואָס גאָר אַ היפּשע טייל פון די איצטיקע דורות האָט בכלל קיין יידישע דערציאונג ניט באַקומען איז אַ פּועל־יוצא פון די ספּעציעלע סכנות פון דער היינטיקער צייט. דער אויפקום פונעם געבילדעטן עם־האָרץ ביי יידן — געשולט אין אַלגעמיינער בילדונג און קען לחלוטין ניט, און שעמט זיך ניט מיט זיין ניט־קענען, קיין צורת אַלף — איז עפּעס נייעס אין אונדזער געשיכטע און אַ וויטערדיקער ניט־פריילעכער אָנזאָג וואו מיר האַלטן אין דער וועלט. דאַרף אויך איצט יידישע דערציאונג זיך ראַנגלען מיט מוראדיקע שטרויכלונגען. אָבער פּונקט ווי די צייט איז אַן אַנדערע, קענען, מוזן, די מיטלען אויך זיין נאָר פון אַזאַ מין. זיי דאַרפן זיך קענען אַריינפּאַסן אין דער ראַם וואָס נעמט אונדז אַלע אַרום אין דער קולטור פון דער איצטיקער עפּאָכע. מען קען ניט פאַרוואַנדלען דעם ישיבה־קאָלעדזש אין אַ ישיבה פון פּומבדיתא. עס איז אָבער גוט צו פאַרשטיין די פּסיכאָלאָגישע וואָרצלען פונעם חינוך וואָס אונדזער פאָלק האָט אויפגעבויט אין יענע צייטן.

דער צוגאַנג צו יידישער דערציאונג אין אַלע פריערדיקע צייטן האָט געוואָרצלט אין אַ פּסיכישער וועלט וואָס האָט געקענט פאַרשמעלצן די דריי היופּט־אָפּשניטן פון צייט — נעכטן, היינט און מאָרגן — אין איין אַרומנעמענדיקער צייט־דימענסיע, וואָס דעמאָלט ווערט דערפון אַ דראַמאַטישע דירעקטקייט צווישן דער פּערזענלעכקייט פונעם תלמיד און די געשעעענישן וואָס ווערן אַרויסגעהויבן. דאָס אַלץ האָט נאַטירלעך בלויז געקענט געטאָן ווערן אויפן חשבון פונעם קינדס וואַקסנדיקן חוש פאַר די ברייטערע, אָביעקטיווע סעקווענצן פון היסטאָרישע פּראָצעסן וואָס לייגן אַרויף זייער חתימה אויף יידישע איבערלעבונגען. פון שטאַנדפּונקט פון היינטיקן טאָג איז דאָס אַ גרויסער חסרון, אָבער דעמאָלט האָט די מעלה ווייט אַריבערגעוואויגן.

עס איז אַפּילו ניט נייטיק צו דערמאָנען, אַז דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן לויט אַן אויסגערעכנטן פּלאַן, ווייל דער טרייב־כוח איז ניט געקומען פון רעזאָנירנדיקע אַרגומענטן נאָר פון טיפערע, אומבאַוואוסטזיניקע מאָטיוון. דער קולטור־מצב און דער גייסט פון דער צייט, ווען דאָס אייגנאַרטיקע פון טראַדיציאָנעלן יידישן חינוך האָט זיך אַנטוויקלט, איז ניט געווען מסוגל אויפצונעמען באַוואוסטזיניק קלאָר־פאָרמולירטע מיטלען פאַר אַזעלכע צילן ווי די וואָס ווערן דאָ אָנגערירט. אָבער מיר ווייסן שוין צו־גוט אַז די קראַפט פון אַ ווירקנדיקן פאַקטאָר איז ניט שוואַכער צוליב דעם וואָס ער לעבט ניט מיטן זכות פון אַן אויסגעחשבונטן פּלאַן. על־פּי רוב זענען אומבאַוואוסט־זיניקע מאָטיוון אַ סך שטאַרקער טאַקע צוליב דעם וואָס זיי ציען יניקה פון טיפערע פסיכישע שיכטן, שיכטן וואָס זענען צו־ווייט פון אונדזערע דורכ־געטראַכטע כוונות.

עס קען זיך אפשר אויסווייזן אַז דער געגעבענער אַנאַליז איז זיך סומך אויף לופטיקע אַבסטראַקציעס וואָס זענען ניט גענוג וואָגיק. דאָס וואָלט דאַכט זיך מיר, געווען אַ פאַלשער איינדרוק. סוף־כל־סוף האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט פסיכישע איבערלעבונגען וואָס האָבן געטריבן אונדזער פאָלק צו שאַפן אַ מערקווערדיקע דערציאונג־סיסטעם, אַ סיסטעם וואָס האָט אונדז געגעבן גייסט און גבורה אין אַ לעבן וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אומפאַר־גלייכלעכע היסטאָרישע טראַגעדיע.

(1958)

# פֿאָלק און אידעאָלאָגיע

מען דאַרף זיך ניט גריבלען צו טיף אין אַמעריקאַנער געשיכטע, פֿון די פּילגרים־פֿאָטערס ביזן היינטיקן טאָג, צו פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס רעליגיע האָט זיך ביי אונדז דערדינט צו אַזאַ חשיבות, פֿאַרנעמט אַזאַ רעספּעקטאַבעלע פּאָזיציע אין דער עפֿנטלעכקייט, און מעטאַפֿיזישע רעליגיעזע טערמינען געהערן צום גוטן טאָן אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. בלויז די וואָס זענען דאָ פֿרעמד, די וואָס האָבן נאָך ניט אויפֿגעכאַפּט דעם סך־הכל פֿון אַמעריקאַנער היסטאָרישע געשעענישן און די גייסטיקע אַטמאָספֿערע אַרום זיי, בלויז אַזעלכע דערוווּנדערטע, מיינען אַז ס'איז פֿאַראַן אַ שרייאיקע סתירה צווישן אַזאַ באַציאונג צו רעליגיע פֿון איין זייט און אַ לעבן וואָס איז אין תוך, לויטן פּאָפּולערן טייטש פֿון ווערטער, סעקולער, צייכנט זיך בכלל ניט אויס מיט פֿרומער דבקות, שוין אָפּגערעדט פֿון יענע אָבערגלויבנס וואָס מען שרייבט געוויינטלעך צו די עלטערע דורות. די פּאַראַייניקטע שטאַטן האָבן געגנוג צו פֿאַרדאַנקען אי זייער סאַמע אויפֿקום, אי די ברויזנדיקע כוואַליעס מענטשלעכע ענערגיע וואָס זענען אַריינגעגאָסן געוואָרן אין זייער ריזיקן אויפֿוואוקס, דעם דאָרשט נאָך רעליגיעזער פֿרייהייט, די גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון אייגענעם לעבן און אייגענעם אויפֿ־פֿיר, אויך וויפֿיל דאָס איז ניט קיין שטער פֿאַר אַנדערע.

מען דאַרף קיינעם ניט איינשמועסן, אַז אַזאַ פֿרייהייט־דאָרשט מוז דווקא פֿונקציאָנירן מיט הייליקער אויסגעהאַלטנקייט, אַז מען קען אין מענטשלעכע וועלט־געשעענישן אויסמיידן די שוואַכקייטן, אַפֿילו קרענקלעכקייטן פֿון אונ־דזער אָפּט־נעבעכדיקער טבֿע. אָבער דער כאַראַקטער פֿון אַ ליניע וואָס ציט זיך אין אַ באַשטימטער ריכטונג ווערט ניט געביטן צוליב דעם וואָס זי ווייזט אַרויס אָפּווייכונגען, אָפֿט זייער טרויעריקע אָפּווייכונגען, פֿון איר אַל־געמיינעם גאַנג. עס איז גענוג צו געדענקען, אַז אין דער מענטשלעכער גע־שיכטע איז דער דאָרשט נאָך פֿרייהייט תּמיד געווען, על־פּי רובֿ דירעקט, טיילמאָל אומדירעקט, אַ דאָרשט נאָך רעליגיעזער פֿרייהייט. מען דאַרף ניט זיין צו געוואַגט צו האַלטן, אַז דאָס האָט זיך, אין תוך, ניט שטאַרק געביטן אַפֿילו ביים היינטיקן טאָג. באַמיט זיך נאָר צו האַלטן דאָס אויג געווענדט צו יענער זייט פֿון אייזערנעם פֿאָרהאַנג, וועט איר דאָס באַמערקן, לכל־הפּחות, זעכציק מאָל אין אַ מינוט.

ווי עס זאָל ניט זיין, רעליגיע ווערט ביי אונדז געהאַלטן אויף דער מדרגה פֿון הויכן פּרעסטיזש. אמת, אָרגאַניזירטע רעליגיע, ווי אָרגאַניזירטער סאָציאַלער מעכאַניזם בכלל, נוצט דאָס טיילמאָל אויס ניט בלויז פֿאַר דער אייגענער טובֿה, נאָר אויך פֿאַר דער רעה פֿון אַנדערע. דער גאַנג פֿון איינ־

סטיטוציעס, רעליגיעזע צווישן זיי, איז ניט תמיד מקפיד אויפן לעבן פון די וואָס האַלטן ניט מיט זיי, אָבער יעדער מלבוש מוז האָבן אַן אונטערשלאַק, און וואָס טייערער דער מלבוש אַלץ ביליקער זעט אויס דער שטעכיקער גלאַנץ פונעם אונטערשלאַק.

האָבן זיך אין אַמעריקע צונויפגעטראָפן צוויי טענדענצן. פון איין זייט האָט דער גורל, אין גאַנץ קאָנקרעטע נויטן, געטריבן צו ווערן איין נאַציע. דער אויסשפרייט פון איין שפּראַך און איין ענגלישע קולטור האָט נאָך מער אַקצענטירט דעם גאַנג פון איין נאַציע. פון דער אַנדערער זייט האָט רעליגיעזע פרייהייט געמאָנט פאַרשיידנקייט, צעטיילטקייט, בכלל, פרייהייט צו זיין אַנ־דערש. אָבער דער אידעאַל צו לעבן ווי איין נאַציע קען גיכער פאַרטראָגן צעטיילטקייט, צעטיילטקייט אין אָרגאַניזירטע רעליגיעזע פאָרמען, ווי פאַר־שיידנקייט אין פאָלקישע קולטורן. דאָס האָט מסתמא אויך געהאָלפן צו דעם אַז רעליגיע, אַלע אויסדרוקן פון אָרגאַניזירטן און פריוואַטן רעליגיעזן לעבן, זאָלן דערהויבן ווערן צו אַן אידעאַלער פּאָליטישער נאָרם בעת עס זאָל גלייכצייטיק הערשן אַ גאַנץ קענטיקער סאָציאַלער דרוק קעגן יעדער אַנדערשקייט פון פאָלקישער קולטור און יעדן פאַרלאַנג זיך סאָציאַל אויס־צוטיילן מצד אַן עטנישער גרופּע. בקיצור, עטניש־קולטורעלע אַסימילאַציע און רעליגיעזע סעגרעגאַציע האָבן זיך גלייכצייטיק אויסגעאַרבעט ווי אָנ־גענומענע אידעאַלע נאָרמען אין היגן עפנטלעכן לעבן.

יעדער מענטש וואָס פאַרמאָגט אַ געניטן חוש הראיה פאַר סאָציאַלע דער־שיינונגען קען דאָס לייכט אויפכאַפּן מיטן נאַקעטן אויג. אויב די חושים, אַפילו די שפּירעוודיקסטע, זענען ניט גענוג פאַרלאָזלעך — און בנוגע דעם דאַרף מען זיין שטאַרק געוואָרנט — זענען געקומען פאָרשער, סאָציאָלאָגן, און דאָס באַשטעטיקט מיט ראיות וואָס לאָזן מער ניט איבער קיין ספק. צי עס געפעלט אונדז יאָ אָדער ניט, סיי ווי קענען די קולטור־פּלוראַליסטן זיך טאַקע אָנ־נעמען מיט אַ שטרעבן גובר צו זיין אַ שטאַרקע טענדענץ, אָבער מען קען ניט לייקענען, אַז די דאָזיקע טענדענץ איז אַן אַרויסשטאַרצנדיקער פאַקט אין לעבן פון דער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט.

ווען מען ברענגט דאָס אַלץ אין בעענטערער שייכות מיטן היגן יידישן לעבן ווערט דאָס אַ גאַנץ ערנסטער ענין, און עס קען ווערן נאָך ערנסטער וואָס מער מיר וועלן זיך דערשלאָגן צום פּינטעלע תוך פונעם ענין. וואָרעם אין דער אמתן, ווען עס קומט צו יידן, וואָלט מען געקענט פרעגן: למאי נפקא מינה? דער פּשוטער ייד פון אַ גאַנץ יאָר טראַכט זיך זייער ווייניק אַריין צי עס איז ביי אונדז פאַראַן אַזאַ ליניע וואָס צעשיידט דאָס פאָלקיש־קולטורעלע פונעם רעליגיעזן. סוף־כל־סוף, אויב ער לעבט ווי אַ ייד, אַפילו אינעם קאַרגסטן, מינדסטן, זינען פונעם וואָרט, צעשטערט ער שוין דערמיט אַליין יעדע ווייטגייענדיקע מחיצה צווישן די צוויי. מיר אַליין איז אויסגע־

קומען אַזוי פיל מאָל צו אַרגומענטירן וועגן דעם, אַז איך האָב שוין פאַרלוירן דעם חשק נאָכאַמאָל צו באַרירן די טעמע. פאַר מיר איז אַבסאָלוט קלאָר, אַז צו זיין אַ ייד אין חוץ־לארץ, דער עיקר, צו וועלן דאָס זיין, איז אין זיך גופא אַ רעליגיעזער אַקט, אומאָפּהענגיק פונעם רעליגיעזן אָדער אַפילו אַנטי־רעליגיעזן אויפפיר פונעם בעל־דבר. היינט אויב אַזוי, איז ווידעראַמאָל: למאי נפקא מינה? וועלן מיר פאַר די אַרומיקע פונקציאָנירן ווי רעליגיעז אויסגעטיילט, כאָטש אין דער אמתן וועלן מיר זיין, אָדער אויך זיין, פאָלקיש באַזונדער, ווייל אין יידישן לעבן איז אַנדערש פשוט אוממעגלעך. אויב אַזאַ ייד וועט פייערן בלויז איין איינציקן יידישן יום־טוב וועט ער זיך דערמיט צובינדן מיט איין פאָדעם צו דער רעליגיע פון אונדזער געשיכטע, אַפילו ווען ער וועט זיך דווקא וועלן איינרעדן אַז דערמיט בינדט ער זיך צו בלויז צו דער געשיכטע פון אונדזער רעליגיע.

אָבער דערמיט אַליין קען מען דעם ענין ניט אָפּ׳פּטרן. עס בלייבט נאָך אַלץ אַ מעגלעכקייט חושד צו זיין אַז דאָס געפיל פון פאָלקישער שייכות איז מחייב איבערלעבונגען, אפשר אויך פראַקטישע קאָנסעקווענצן, וואָס זענען אַנדערש פון איבערלעבונגען און התחייבותן אונטערן דרוק פון הוילער רעליגיעזער צוגעבונדנקייט. לאָמער נעמען פון איין זייט אַן עקסטרעמען רעפאָרמער, אַזאַ וואָס לעבט און האַנדלט לויט דער איבערצייגונג אַז יידישקייט איז בלויז אַ רעליגיע, למשל אַ מיטגליד פונעם „קאָונסיל פאַר דזשודאַ־איזם". פון דער אַנדערער זייט וועלן מיר באַטראַכטן דעם פראַקטישן אויס־דרוק פונעם צוגאַנג צו יידן וואָס עס ווייזט אַרויס, כאָפּן מיר אָן, אַ רעקאָנ־סטרוקציאָניסט. איך דערמאָן ספּעציעל די דאָזיקע גרופּע ווייל איינער פון זייערע אַני מאַמינס איז „יידישע פאָלקישקייט", ד״ה, יידישע רעליגיע און יידיש פאָלק ווערט ביי זיי טעאָרעטיש אָנערקענט און אינטים קאָמבינירט. מיט וואָס איז אַנדערש דער קאָנקרעטער צוגאַנג צו יידן וואָס די טעאָרעטישע חילוקי־דעות צווישן די צוויי רופן אַרויס?

מיר וועלן דאָ אינגאַנצן אויסלאָזן די באַציאונג צו מדינת ישראל. אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו דער מדינה ווייזן אויך אַרויס סאַטמאַרער חסידים און דאָגמאַטישע בונדיסטן, כאָטש ביידע מאַניפעסטירן געגנוג וואָרעמקייט צו אַנדערע פאָלקישע אַספּעקטן פון יידישער עקזיסטענץ. איך וואָלט געוואָלט אויך פאַרבייגיין אַלץ וואָס ווערט געזאָגט פון דער פּלאַטפאָרם, געשריבן אין אַרטיקלען און ביכער, נאָך מער דאָס וואָס ווערט געזאָגט אין דער היץ פון וויכוחים. אין אַזעלכע מאָמענטן ווערן גיכער אַרויסגעבראַכט אינדיווידו־עלע טעמפּעראַמענטן, אָדער פאַרלאַנגען זיך צוצופּאַסן צום אָפיציעלן דרך פון באַשטימטע קרייזן, ווי ערנסט איבערגעגעבענע פערזענלעכע געפילן אָדער שטעלונגען. מיר גייט איצט אין אויסגעפינען וואָס די דאָזיקע צוויי פאַר־גליכענע פילן, לעבן איבער אינעווייניק, אין האַרצן, אין שייכות צו אונדזער

קיום. ווערן ביידע גלייך אַנגערירט פונעם גורל פון יידן אין אַנדערע לענדער? מיר קענען זיך לייכט פאָרשטעלן, אַז דער רעקאָנסטרוקציאָניסט וועט האָבן אַ סך נחת ווען ער וועט דערהערן די בשורה אַז יידן אין אַמעריקע, אָדער אין אַנדערע לענדער, האָבן שאַפעריש באַרייכערט יידישע גייסטיקע ווערטן. וועט אַזאַ בשורה אַרויסרופן ענלעכע געפילן ביים מיטגלידער פון „קאָונסיל״? ווי וועלן זיך פאַרגלייכן די אומפאַרמיטלטע אינערלעכע אָפּרופן ביי ביידע פון אַ ידיעה, אַז געמישטע חתונות האָבן זיך פאַרגרעסערט, אָדער פאַר־קלענערט? די פראַגע איז אויף וויפיל עס ברייטערן זיך אויס די געפילטע שייכותן צו יידן ביי די צוויי און ווי ווייט גרייכן זייערע אינטערעסן צו די פאַרשיידנסטע פאַרצווייגונגען פון אונדזער עקזיסטענץ.

כדי דאָס צו דערגיין, און דערגיין אויף אַן אופן אַז מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן אויף די רעזולטאַטן, איז פאָלג מיך אַ גאַנג. ווען מען זאָל זיך נעמען אַנאַליזירן וואָס עס קומט פאָר אין האַרצן פון די צוויי, אויף ווי ווייט זייערע געפילן צו יידן זענען שטענדיקע אָדער צייטווייליקע, לויט געגעבענע לעבנס־תנאים, אויף ווי ווייט זייער אידענטיפיצירן זיך מיט יידישן לעבן איז אַריינגעבויט אין סאַמע געשטאַלט פון דער פערזענלעכקייט, אויף וויפיל זיי טראָגן אין זיך אַ היים־באַציאונג צו אַנדערע צייטן און געשעענישן פון אונדזער היסטאָרישן גאַנג אין דער וועלט, ווען מען זאָל דאָס אַוועקשטעלן ווי אַן אויפגאַבע וועלן מיר אויסגעפינען אַז דער ענין איז אַ סך קאָמפּליצירטער ווי עס קען זיך אין פלוג אויסווייזן. די פאַראַנענע פּסיכאָלאָגישע אינסטרו־מענטן וואָס מען קען מיט זיי איצט אָפּערירן קענען אפשר אונדז אינגאַנצן ניט געבן קיין ענטפער מיט פולער זיכערקייט.

עס זענען אָבער פאַראַן זאַכן וואָס מען מעג אָננעמען, ווי די פילאָסאָפן רופן עס, אַ פּריאָרי, ד״ה, נאָך איידער מיר האָבן ראיות עס צו באַווייזן. מיר מעגן, למשל, אָננעמען אַז ווען קינדער וועלן אויסוואַקסן אונטער דער השפעה פונעם קוק אַז יידן טיילן זיך בלויז אויס דערמיט, וואָס זייער אמונה איז אַנדערש ווי די רעליגיע פון זייערע שכנים, קען עס זיך אָפּרופן זייער ממשותדיק אויף זייערע יידישע מחשבות און מעשים. אויב דאָס איז ריכטיק, דעמאָלט איז אין אַ געוויסן זינען ניט שייך צו פרעגן צי יידן זענען אַ ראַסע, אַ פאָלק, צי אַ רעליגיע. מען קען בלויז פרעגן וואָס יידן זענען געווען ביז איצט, ריכטיקער, ווי יידן אַליין האָבן באַטראַכט דעם כאַראַקטער פון דער קרובה׳שאַפט וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר. וואָרעם פון איצט אָן און ווייטער, אונטערן דרוק פון אַ גריטלעך־געביטענער לאַגע, וועט עס זיך ווענדן אין דעם וואָסער בליק אויף יידן מען וועט וועלן ביי אונדז איינפלאַנצן. עס קען אויך זיין אַז ביי איין סאָרט יידן וועלן מיר אָננעמען אַ געשטאַלט פון איין באַשטימטער סאָציאַלער גרופּירונג און ביי אַ צווייטן סאָרט יידן גאָר אַן אַנדער געשטאַלט. און, ווידעראַמאָל, אויב די פריערדיקע השערה איז

ריכטיק, דעמאָלט וועט מען אפשר קענען אַרויסזען לויט געוויסע דרויסיקע מאַניפעסטאַציעס פון אַ יידן צו וואָסער סאָרט ער געהערט; ער קען זיין אַ רעליגיעזער ייד, אַ פאָלק־ייד, אַן אָפּשטאַם־ייד, מאַלע וואָסער ייד אַ ייד קען זיין. סוף־כל־סוף איז דאָס דאָזיקע בילד גאָר ניט אַזוי ווייט פון דעם וואָס מיר געפינען ביים היינטיקן טאָג. דאָס איז דאָך אייגנטלעך געלעגן אינעם באַגריף „יהודי״ וואָס דער היגער מזרח־אייראָפּעאישער ייד האָט אָנגעווענדט אויף יידן פון דייטשישן אָפּשטאַם און אונטערגעשטראָכן דערמיט זיין אייגענע אַנדערשקייט. אמת, אונדזער מזרח־אייראָפּעאישער ברודער איז זיכער גע־ווען אומגערעכט ווען ער האָט צוגעשריבן אַלע דייטשישע יידן דאָס זעלביקע יידישע געשטאַלט, אָבער דער חשד וועגן גרופּירונגען ביי יידן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַנדערע שייכותן צו זייערע ברידער, דאָס זעט אויס צו זיין געבויט אויף רעאַלע יסודות.

אויף אַזאַ אופן האָבן מיר, הייסט עס, צו טאָן ניט מיט הוילע טעאָרעטי־שע חקירות. אָבער אַז אַזאַ לאַגע קען זיך שאַפן דאָ אין אונדזערע אייגענע הימען, אין אַ ישוב וואָס זיין ווייט־גרעסטער רוב שטאַמט פון יידן מיט דער מזרח־אייראָפּעאישער ירושה אין זייער פּסיכישן אייגנס, דערצו זענען מיר ניט געוואוינט. טאָ זאָל אַ מעשה שהיה אונדז העלפן זיך אַריינטראַכטן טיפער אין דעם ענין.

שוין אַ קיימא לן פון אַ היפּשע צאָל יאָרן ווי מיר קומט אויס צו פאַרברענגען זומער־צייט אויף אַ פּלאַץ וואו עס קומען זיך צונויף דריי דורות יידן: דער זיידע, דער טאַטע, דאָס אייניקל; דער ערשטער, דער יידיש־יידישער, האָט לכל־הפּחות זיין קינדהייט פאַרבראַכט אין דער אַלטער היים, דער צווייטער און דריטער זענען הי־געבוירענע. איז אין יענעם פּלאַץ איינגעפירט אַז תשעה־באָב ווערט אָפּגעריכט מיט אַ פּאַסיקן ריטואַל, לויטן כאַראַקטער פונעם טרויער־טאָג. כאָטש ניט מיט די פּרטים פון דער געירשנטער, פרומער טראַדיציע. דאָרט ווערן אויך דורכגעפירט אַנדערע מאָ־מענטן פון טראַדיציאָנעל־יידישן כאַראַקטער, שבת, למשל. אַמאָליקע יאָרן, ווען די זיידעס זענען נאָך געשטאַנען אויף דער ייִנגערער זייט פון די מיטעלע יאָרן, און אין האַרצן האָט נאָך רויט געטליעט דער אַנטי־רעליגיע־זער רעוואָלט פון די בחורשע יאָרן אויף יענער זייט ים איז זיי זייער ניט געפעלן געוואָרן דאָס וואָס זיי האָבן גערופן „קאָנצעסיע צו רעליגיע״.

אין יענע יאָרן, ווען די זין און טעכטער זענען נאָך געווען קליינע קינדער, איז נאַטירלעך דער זיידע געווען דער ראש־המדברים פון די אומצופרידענע. ער האָט גערעדט אין נאָמען פון לעבעדיק קעגן אָפּגעלעבט, פון ניי קעגן אַלט און וויסנשאַפט קעגן גלויבן. מען האָט געקענט זען בחוש אַז דער הוילער קלאַנג פונעם וואָרט תשעה־באָב האָט אין אים אַרויסגערופן אַסאָצי־אַציעס וואָס אַ ניכטערער, שכלדיקער מענטש דאַרף זיך, לויט זיין קוק, דער־

ווייטערן פון זיי. פלעגט ער טאַקע פּראָטעסטירן אָבער נאָך מער חוזק מאַכן, אָפּלאַכן פון דער „אויגן־גלאָצעניש" און דעם טאַראַראַם אַרום „קלאָג אויפן חורבן בית־המקדש". ער האָט די דאָזיקע ווערטער אַרויסגערעדט ממש מיט אַ תל־מאַכנדיקן הומאָר.

אַז זיינע קינדער זענען אויסגעוואַקסן, אַליין געוואָרן טאַטע־מאַמע, האָט זיך אין יענער צייט דער זיידע שוין געהאַט אַ היפּש ביסל איינגעשטילט. איר ווייסט דאָך, אין דער יוגנט רעדט דאָס מויל לויטן גלייכליניקן שכל, כאָטש די האַנט טוט דאָס וואָס דאָס אומדיסציפּלינירטע האַרץ דיקטירט. אַז מען קומט אַריין אין די עלטערע יאָרן הייבט אויך אָן דאָס מויל זיך איבער־צובעטן מיט דער באַצווינגענדיקער שליטה פונעם האַרצן. אַחוץ דעם זענען געקומען אַנדערע סיבות פון אַ זייער קריטישן כאַראַקטער וואָס האָבן אַביסל איינגעוויגט דאָס אַמאָליקע צעברויזטע מלחמה־געפיל פונעם זיידן ווען זיין אויג האָט זיך פאַרטשעפּעט אין די יידישע דרכים פון די פריערדיקע דורות. אַז די זיידעס זענען געוואָרן רואיקער האָבן די אַמעריקאַנער־געבוירענע טאַטע־מאַמע איבערגענומען די פירנדיקע ראָלע פון די אומצופרידענע מיט אָפּריכטן תשעה־באָב, כאָטש מיט גאָר אַן אַנדער קנייטש.

וואָרעם דער זיידע האָט געזען ביי זיינע עלטערן דעם אַמאָליקן תשעה־באָב: דאָס אויסטאָן די שיך, זיצן אויף נידעריקע בענקלעך, פאַסטן, זאָגן וויינענדיק קינות מיטן דורכנעמענדיקן ניגון. דאָס וואָס ער האָט איצט געזען, כאָטש שטאַרק מאָדיפיצירט אין יעדן פּרט, האָט מסתמא אויפגעוועקט זיין יוגנטלעכן רעוואָלט קעגן „פאַנאַטיזם", זיין איינשטעלן זיך פאַר „ליכט" קעגן „פינצטערניש". דאָס אָפּריכטן תשעה־באָב בכלל, מאַכט ניט אויס אין וואָסער פאָרם, דער הוילער געדאַנק אַז דאָס וואָס ער האָט אַמאָל מיט אַזאַ ביטערקייט פאַרוואָרפן ווערט ווידער אַן אַקטועלער ענין, דאָס איז ביי אים אויסגעקומען ווי אַ פאַרלאַנג אים צוריק צו שלעפּן צו דער דערווייטערטער אָפּגעשטאַנענקייט פונעם פרימיטיוון אַלטן שטעטל. אָבער זיין אַמעריקאַנער קינד האָט קיינמאָל קיין טראַדיציאָנעל־יידישן טרויער־טאָג ניט געזען. אים איז דעריבער דער גאַנצער ענין אויסגעקומען קרענקלעך, ווי עפּעס אַן אָנפאַל פון היסטעריע. ער איז שוין געוועזן געוווינט מאָדערן צו אָפּערירן מיט וויסנ־שאַפטלעכער אַרגומענטאַציע. ער האָט געטענה׳ט אַז עס איז פּסיכאָלאָגיש אומגעזונט, ספּעציעל פאַר קינדער, זיי אַריינצוברענגען אין אַן אַטמאָספערע פון טרויער־זכרונות. ער האָט געטראַכט אַז מענטשלעך לעבן — בפרט ווען עס דאַרף זיין דערציעריש געזונט — דאַרף באַשטיין פון ערנסטע מאָמענטן און פון „גוד טיים". וואָסער געזונטער מענטש פאַרנעמט זיך מיט דראַמאַטי־זירן חורבן? אַז אין אַזאַ שטעלונג און געפיל שפּיגלט זיך אָפּ דער אַמעריקאַנער קולטור־שטייגער און די היגע לעבנס־תנאים, דער דאָזיקער חשד איז אים אַפילו ניט איינגעפאַלן.

ווען עס האָבן גענומען אונטערוואַקסן די אייניקלעך, דער צווייטער אַמעריקאַנער דור, דעמאָלט איז אַרויסגעשוואומען גאָר אַ נייער קוק אויף אָפּריכטן תשעה־באָב. ווידער אַן אומצופרידנקייט, אָבער גאָר פון אַן אַנדער מין, אַזאַ וואָס ניט זיידע־באָבע, ניט טאַטע־מאַמע האָבן פון דעם געוואוסט. דאָ האַלטן מיר שוין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה מיט אַלץ וואָס אונדז יידן האָט געטראָפן אין דער דאָזיקער צייט. דער אַקצענט פון געפּראַוועטן תשעה־באָב האָט מיט אַ באַזונדער טראָפּ גענומען איינשליסן אונדזער נייעם, גרעסטן חורבן. אָבער די אומצופרידנקייט האָט זיך ניט איינגעשטילט, אַפילו ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן אַז בנוגע אומ־צופרידנקייט, ווער שמועסט ווען מיר האָבן אין זינען די וואָס האָבן עס אָפּן אויסגעדריקט, האָבן מיר צו טאָן מיט בלויז אַ קליינעם מיעוט פון די דריי דורות אין פאַרשיידענע צייטן. דאָס איז אָבער ניט קיין גרויסע טרייסט אין אונדזער פאַל, ווייל דער דאָזיקער מיעוט איז זייער סימפּטאָמאַטיש. אין סאָציאַלן לעבן זענען פאַראַן צייטן, קריטישע צייטן, ווען דער אָפּרוף פון אַ קלייניער צאָל קען זיין פון גרויסער פּסיכאָלאָגישער וויכטיקייט. דאָ איז טאַקע דער חידוש געוואָרן אַזוי גרויס אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן עפּעס צו טאָן כדי אויסצוגעפינען פּרטים.

דאָס געפיל פון אומגעריכטער שטוינונג האָט זיך גענומען פון אַ פּשוטער אויסרעכענונג. עס האָט זיך געלייגט אויפן שכל אַז די גלייכגילטיקייט וואָס טייל ווייזן אַרויס צו תשעה־באָב־טרויער נעמט זיך דער עיקר דערפון וואָס די אַרויסגעהייבענע געשעענישן זענען דאָך אַזוי ווייט פון דער איצטיקער צייט, און פאָרגעקומען זענען זיי אין זייער ווייטע לענדער, אַז די פּעדעם וואָס ציען זיך פון „דאָ און איצט" ביז „דאָרט און דעמאָלט" זענען צו־דין צו וועקן דאָס צוציענדיקע מיטגעפיל. אַפילו ווען דער תשעה־באָב צערעמאָניאַל שליסט אויך איין רייד און ווענדונגען פון גירוש שפּאַניע, אַנדערע גירושים פון מיטלעלטער, אָדער אַזעלכע שפּעטערדיקע טראַגעדיעס ווי גזירת ת״ח ות״ט, אַפילו דעמאָלט קען דאָס ווינציק וואָס בייטן. דאָס לאָזט זיך נאָך גיכער פאַרשטיין ווען מיר ווייסן, אַז די יידישע דורות פון איצטיקן טאָג האָבן דאָך אַזעלכע אומברחמנותדיקע קאַרגע ידיעות וועגן אונדזער ווייטן אַמאָל, איז דאָך שוין צוליב דעם אַליין אַ סך שווערער אויפצואוועקן ביי זיי געפילן וואָס בלויז פּסיכישע נאָענטקייט קען אויפטרייסלען. האָט זיך דעריבער לייכט געקענט אויסדאַכטן אַז דאָס אָפּשטעלן זיך און אונטערשטרייכן באַזונדער דעם לעצטן חורבן וועט אָנצינדן אַ נאָענטקייט אַפילו ביי דער קליינער צאָל וואָס האָט דאָס פריער ניט אַרויסגעוויזן. דער לעצטער חורבן איז דאָך כמעט „דאָ" און „איצט", סיי אין זינען פון ווינציק אָפּגערוקט אין צייט, סיי אינעם רירנדיקן זינען פון האָבן פּערזענלעכע בלוט־שייכותן, פאַמיליע־אָנגעהע־ריקייט, מיט מיליאָנען וואָס זענען אַזוי טראַגיש, אַ סך אויך אַזוי העלדיש,

אומגעקומען. פונדעסטוועגן, אויב עס האָט זיך עפּעס געביטן ביים צווייטן אַמעריקאַנער דור איז עס געווען גאָר פון אַן אַנדער מין, גאָר עפּעס אַנדערש פון דעם וואָס עס האָט געקענט אויסקומען על־פּי שכל.

אמת, די נייע לאַגע האָט געפירט צו דעם, אַז די זיידעס האָבן האַלב־פאַרשעמט זיך ביסלעכוויַיז געגומען איבערבעטן מיטן גייסט פון אונדזער אַלטער טראַדיציע. רעליגיע בכלל און תשעה־באָב בפרט האָבן אויפגעהערט אַרויסצורופן דעם אַמאָליקן ווידערווילן און חוזק. ביי די זין און טעכטער האָט זיך ווייניק וואָס געביטן. זיי, מיט פולער רירנדיקער אינפאָרמאַציע וועגן די גרויליקע טויטן פון זייערע משפחות אויף יענער זייט ים, זענען ניט געקוקט אויף דעם אַלעם, געבליבן פּונקט אַזוי גלייכגילטיק, טייל פון זיי פּראָטעסטירנדיק, ווי פריער, ווען זיי האָבן רעאַגירט אויפן אײנפיר פון אַ ספּעציעלן טרויער־טאָג, אַפילו ווען דער טראָפּ איז שטאַרק געלייגט געוואָרן אויפן לעצטן יידישן חורבן. אָבער מיט די אייניקלעך איז פאָרגעקומען עפּעס אַנדערש. די אומצופרידענע האָבן פון אײן זייט געגומען אַרויסוויַיזן אַ צאַרטע באַציאונג צו יידישע ריטואַלן און געדענק־טעג, און ניט דווקא צו אַזעלכע וואָס פּאַסן זיך אַריין אינעם אידעאַל פון אַ „גוד־טיים". אָבער ניט געקוקט אויף דעם האָט דער תשעה־באָב, פון דער אַנדער זייט, אַרויסגעבראַכט אַ צוגאַנג פון גאָר, גאָר אַ נייעם שניט.

די פאַקטן זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין די ענטפערס וואָס אַ פרעג־בויגן האָט געשטעלט. מיט די פראַגעס האָט מען זיך געווענדט בלויז צו יוגנטלעכע אין עלטער פון 14 ביז 18. קיין נאָמען האָט קיינער ניט גע־דאַרפט אָנגעבן, כדי דער ענטפערער זאָל זיך פילן פריי אין אַלץ וואָס ער וויל זאָגן. אַלע פראַגעס, זייער ווייניק אין צאָל, האָבן זיך געדרייט אַרום דעם צי אַזאַ טרויער־צערעמאָניע איז גוט, צי מען וואָלט געדאַרפט עפּעס בייטן אָדער אינגאַנצן אָפּשאַפן. כדי ניט צו פאַרפלאָנטערן דעם ענין וועל איך זיך, מיט איין אויסנאַם, אָפּשטעלן אויף דער פאָרם פון די פראַגעס, אויף די באַוואָרענישן וואָס זענען אָנגעגומען געוואָרן, אַזוי ווי, למשל, ניט אָנגעבן קיין נאָמען, אָדער אויף די פאַרשיידענע פּרטים פון די ענטפערס.

קודם האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וואָס העכער דער עלטער אַלץ קילער די באַציאונג, אַלץ בולטערע סימנים פון אָפּגעפרעמדקייט לויטן יידישן קוק פון אַ פאַרוואָרצלטן מזרח־אייראָפּעאישן ייד אויף יידן. אַחוץ דריי פון די אויסגעפרעגטע איז קיינער ניט געווען דערפאַר מען זאָל אינגאַנצן אויפהערן אָפּצוריכטן תשעה־באָב, דאָס רוב האָט פאָרגעשלאָגן ענדערונגען. די וואָס האָבן זיך ערנסטער אָפּגעשטעלט אויף נייטיקע ענדערונגען האָבן אונטער־געשטראָכן אַז עס דאַרף געטאָן ווערן ניט אין אַ געמיט פון טרויער נאָר אין אַ פּראָגראַם וואָס איר ציל איז צו דערקלערן. די ספּעציעלע טרויער־שטימונג מאַכט אויף אַ טייל דעם איינדרוק פון קרענקלעך. דער פאַקט וואָס

די אַלע האָבן באַנוצט דאָס זעלביקע וואָרט MORBID באַווייזט אַז זיי האָבן שוין פריער געשמועסט וועגן דעם און זיי האָבן אויפגעכאַפּט אַ וואָרט וואָס עמעצער האָט אַריינגעוואָרפן מיט אַ געפיל אַז אַזאַ באַצייכענונג דריקט אויס אַקוראַט וואָס זיי האָבן אין זינען. די אַלגעמיינע טענדענץ איז קלאָר: עס וואָלט אַ סך מער צופרידן געשטעלט צו האָבן אַן אָנדענק־פּראָגראַם מיט אינפאָרמאַטיווע רעדעס איידער אַ ריטואַל וואָס איז געווענדט צו האַרץ און געמיט. איינער שרייבט: „מען דאַרף אָבער ניט מאַכן טרויעריק״. אַ צווייטער לאָזט וויסן: טרויער אויף מענטשן וואָס מען האָט ניט געקענט האָט ניט קיין זינען״. דער חילוק צווישן טרויערן און דערקלערן איז, פאַרשטייט זיך, זייער גרויס. די צוויי געהערן צו גאַנץ אַנדערע פּסיכאָלאָגישע ספערעס, וואָלט דעריבער געווען אינטערעסאַנט צו דערגיין פאַרוואָס ביי טראַגישע געשעענישן זאָל דאָס צווייטע זיין מער ניחא ווי דאָס ערשטע.

אַ סך וויכטיקער איז עפּעס אַנדערש וואָס איך האָב געפונען אין טייל ענטפערס, עפּעס אַזוינס וואָס אויף דעם האָט מען זיך בשום אופן ניט געקענט ריכטן. די טענה איז געווען פאַרוואָס מען דערמאָנט בכלל דעם לעצטן חורבן, די טראַגעדיע פון די זעקס מיליאָן; פאַרוואָס מען שטעלט זיך ניט אָפּ דורכויס אויף חורבן בית־ראשון און בית־שני. די דאָזיקע רייד רופן אַרויס אַ פריקרע געפיל, עפּעס אַזוי ווי דער לעצטער חורבן וואָלט מיט זיין יאָמערלעך געשריי אין אונדז געצילט אַריבערצושרייען, אויסקאָנקורירן די חורבנס פון אַמאָל. דער לעצטער חורבן, הייסט עס, ציט אָפּ אונדזער אויפמערקזאַמקייט פון דעם וואָס וואָלט געדאַרפט זיין דער עיקר.

איינער שרייבט: „תשעה־באָב דאַרף בלויז זיין וועגן חורבן בית־המקדש, מען דאַרף גאָר ניט דערמאָנען די פייניקונגען פון די נאַציס״. אַ צווייטער שרייבט: „עס וואָלט געווען בעסער אַז יידן זאָלן פאַרגעסן און אינגאַנצן ניט רעדן וועגן דעם״. אַ דריטער דריקט אויס זיין ווידערווילן קעגן דער־מאָנען אונדזער בייעסטע טראַגעדיע ממש מיט אומקאָנטראָלירטן צאָרן: דורך אונטערשטרייכן וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעטאָן מיט יידן, שרייט אויס דער פּראָטעסטירער, „פּרעדיקט מען האַס צו די דייטשן, וואָס דאָס איז דאָס זעלביקע וואָס היטלער האָט געטאָן צו די יידן״. מיט איין וואָרט, מען דאַרף טאַקע האָבן אַ ספּעציעלע געלעגנהייט פאַרן אָנדענק פון די יידישע היס־טאָרישע טראַגעדיעס, אָבער דעם גרעסטן און סאַמע לעצטן חורבן — אַ חורבן וואָס אין זיין גרויל האָט ער קיין גלייכן ניט אין רעקאָרדירטער מענטש־לעכער געשיכטע, און איז נאָך איצט צאַפּלדיק־וואַרעם כמעט ווי לעצטע נייעס — גראָד דאָס דאַרף מען אויסמיידן און ניט ברענגען אויף די ליפּן ביי דער ספּעציעלער געלעגנהייט פאַרן אָנדענק פון יידישע היסטאָרישע קאַטאַסטראָפעס.

ווי קליין עס איז געווען די צאָל וואָס האָט אַרויסגערוקט אַזעלכע געפילן

און מיינונגען איז אַלץ שווער, זייער שווער, דאָס אַריבערצוטראָגן, און נאָך ערגער, ווען דאָס איז געקומען פון יונגע יידן, אונדזער נאָענטסטע צוקונפט, און צום ערגסטן, וואָס די אַרומיקע עכטע און וואַרעם־יידישע סביבה איז ניט בכוח געווען צו נייטראַליזירן דעם פיינלעכן אויסדרוק פון דער דאָזיקער יידישער מענטאַליטעט. אָבער, שווער צי לייכט, סיי ווי דאַרף מען זיך אָנטאָן אַ כוח און זיך באַמיען דאָס צו דערקלערן.

אַט אַזוי קומען מיר צו די געפילן וואָס זענען פאַרבונדן מיט אונדזער קוק אויפן כאַראַקטער פון יידישער שותפות. איז דער כאַראַקטער פון אונדזער קרובה'שאַפט אַ פּאָלקישע, אַ רעליגיעזע, ביידע צוזאַמען? אמת, דער דער־מאָנטער פרעג־בויגן גיט אונדז בלויז אַ מעגלעכקייט זיך צו באַוועגן אין אַ וועלט פון השערות. אָבער מיר דאַכט זיך אַז מען קען זייער בולט דערשפירן דעם אמת וואָס אין זיי שטעקט. אַחוץ דעם זענען פאַראַן נאָך אַנדערע דירעקטע און אומדירעקטע ראַיות וואָס ברענגען די השערות אַ היפּש ביסל נעענטער צום רעאַלן געשטאַלט פון דער אָביעקטיווער לאַגע.

עס קען דאָך ניט זיין אַז עפּנטלעך־אָנערקענטער טרויער, טרויער בכלל, זאָל זיין אַזוי שטאַרק דערווידער אַפילו די איבערגעגעבנסטע דינער פון „גוד טיים". טרויער־סצענעס אויף טעלעוויזיע־פּראָגראַמען, סיי אין די נייעס פון טאָג, סיי אין די געשאַפענע מעשיות, זענען ניט קיין זעלטנקייט, און עלטערן און קינדער קוקן אויף זיי מיט גרויס „פאַרגעניגן" און אָן שום פּראָטעסט. אין היגע יידישע היימען איז שטאַרק פאַרשפּרייט דער איינפיר פון יאָרצייט און ביי דער ריכטיקער געלעגנהייט ברענגען די ספּעציעל־פּראָדו־צירטע ליכט און דאָס שטילע פלעמל אין גלאָז וואַרפט אַזאַ קילן אומעט און דעם שאָטן פון טויט וואָס עס דערמאָנט. ניטאָ אין אַמעריקע קיין תפילה ביים דאַווענען וואָס קען זיך פאַרגלייכן אין פּאָפּולאַריטעט מיט „יזכור". אויך דעם אַלגעמיינעם שטייגער פון לאַנד איז די אָפיציעלע טרויער־צערעמאָניע ניט פרעמד. דאָס לייגן בלומען אויף באַרימטע קברים אויף אַרלינגטאָן סעמעטערי, מיט דער גאַנצער צערעמאָניע פון אויסדריקן טרויער און אָפּגעבן כבוד, איז אַ טיף־איינגעוואָרצלטער מנהג אין אַמעריקע. אמת, דאָס יידישע גייסטיקע לעבן האָט אויסגעבויט פון אונדזערע טרויער־טעג גרויסע, קרעאַטיווע מאָנומענטן. דאָס איז אַ פאַרדינסט וואָס מען דאַרף הויך אָפּשאַצן. אָבער דער עצם געדאַנק פון אָפּריכטן טרויער, אַפילו אין סיסטע־מאַטישער אָרגאַניזירטקייט, ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן, קען ניט אַרויסרופן קיין אָפּשטויסיקע געפילן ביי די קינדער פון מענטשן־מין. אויב מיר געפינען דאָס ביי אונדז יאָ, אַפילו ביי אַ מיעוט שבמיעוט — ספּעציעל ביי יידן וואָס צייכענען זיך אויס מיט גרויס־פאַרטראַכטע, דראַמאַטיזירטע טרויער־טעג — איז דאָס אַ חידוש וואָס פאַרדינט אַלע אָנשטרענגונגען מען זאָל אים דערקלערן.

איך געפין דעם ענטפער אויף דער רעטעניש אינעם חילוק צווישן פאָל־

קישער קרובה׳שאַפט און די שייכותן וואָס שטאַמען פון אידעאָלאָגישער נאָ־ענטקייט, אין אונדזער פאַל, רעליגיע. דער פאַקט וואָס ביי אונדז ווערט אין דער אַלגעמיינער עפנטלעכקייט שטאַרק אַקצענטירט אַז מיר זענען דער עיקר „קאָרעלידזשיאַניסטס״, אַט דאָס פירט צו פסיכישע אָפּרופן וואָס מיר, מזרח־אייראָפּעאישע יידן, זענען צו זיי ניט געוואוינט. פאָלקישע צוגע־בונדנקייט, נאָך מער די וואָס בויט זיך אויף אינטימער קאָמבינאַציע פון פאָלק און אמונה, פאַרמאָגט אַן אינטענסיווע פאַמיליע־קוואַליטעט. פונקט ווי די נאָענטסטע מיטגלידער פון אַ משפחה צווישן זיך פאַרמאָגט זי אויך אַ געוויסע עמאָציאָנעלע שטענדיקייט, און די קעגנזייטיקע התחייבותן ווערן געפילט ווי אַ מאָראַלער חוב אין זיך גופא, עפּעס אַזוינס וואָס קומט צו אונדז פון דער עטישער טבע פונעם סדר העולם. דאָס איז אַ כאַראַקטער־שטריך וואָס אידעאָלאָגישע נאָענטקייט אין זיך אַליין צייכנט זיך מיט דעם ניט אויס. פאַמיליע־צוגעבונדנקייט ווערט אויך געפילט ווי עפּעס וואָס קומט פריער, וואָס ליגט אין סאַמע וואָרצל פון מענטשלעכער נאָענטקייט בכלל. אידעאָ־לאָגיע, אויך רעליגיעזע אידעאָלאָגיע, קומט שפּעטער, פאַראייניקט מענטשן ערשט אין רייפן עלטער. בקיצור, מיר זענען גורל־פאַרבונדן אין פאַמיליע, מיר זענען פּראָגראַם־פאַראייניקט אין אידעאָלאָגיע. אמת, רעליגיע איז אַ היפּש ביסל אַנדערש פון סתם אידעאָלאָגיע, ווי למשל, פּאָליטישע און סאָ־ציאַלע אידעאָלאָגיעס וואָס באַהערשן די וועלט אין דער איצטיקער צייט. רעליגיע לעבט אין אַ מיסטישער ראַם וואָס ברענגט אַרויס חברשאַפט פון אַ ספּעציפישן כאַראַקטער, אַזאַ וואָס איר טענדענץ איז אָפּצוטעמפּן די באַ־זונדערע שאַרפקייט פון אינדיווידועלע אונטערשיידן. ממילא אַרבעט זיך אויס אַזאַ נאָענטקייט מיטן גייסט פונעם חסידישן אנשי שלומינו. אָבער דעמאָלט פליסט אַריין אַ פאָלקישער עלעמענט אין דער רעליגיעזער נאָענט־קייט, ווי מיר זעען עס אַזוי קלאָר ביי די קוויקערס, מענאָניטן און אַנדערע פון דעם מין.

דאָ רעדט זיך ניט וועגן רעליגיע און איר כאַראַקטעריסטישער סעק־טאַנטישער אינטענסיווקייט. מיר זעען טאַקע דאָ, אין אַמעריקע דעם אונטער־שייד צווישן פאָלקישער און רעליגיעזער שותפות. ווען מען דאַרף העלפן די ברידער און שוועסטער אין פרעמדע לענדער, קען מען זיך זייער וויניק פאַרלאָזן אויף קריסטלעכער שותפות, אָבער עטנישע קרובה׳שאַפט איז באַ־זאָרגט און שטרענגט זיך אָן צו פאַרזאָרגן. ביים פאָלק אַפּעלירט מען אין נאָמען פון „אייגענע״; קירכן־ברידער, געוויינטלעכע אידעאָלאָגישע ברידער, לעבן ניט איבער דאָס געפיל פון בלוט־נאָענטקייט.

אַחוץ דעם, מענטשן וואָס זיי פאַראייניקט אַ סיסטעם פון געדאַנקען, ממילא דער פּראַקטישער אויפפיר וואָס שטאַמט אָפּ פון אָט דער נאָענטקייט אין דענקען, אַזאַ פאַראייניקונג, אַפילו ווען זי ווערט פאַרשטאַרקט דורך

געהערן צו איין אָרגאַניזאַציע, קען צעבראָכן ווערן אַזוי שנעל ווי געדאַנק און שייכותדיקע מאָמענטן אין אויפפיר בייטן זיך ביי איינעם אָדער ביי אַ צווייטן. אַז איינער ווערט אויס קאָמוניסט, אָדער אויס וועגעטאַריער, גט ער זיך מיט זיין פריערדיקער חברה און פּאַרטיק. אָבער די נאָענטקייט פון פאַמיליע־שייכות איז „משפחה", וואָס איז ניט קיין פאַרבינדונג „על תנאי". דאָס עצם געפיל פון משפחה דערלאָזט דאָס ניט. אָט אַזוי שפיגלט זיך אָפּ דער אונטערשייד צווישן די צוויי אין דער נשמה, מאַכט ניט אויס וואָסערע קאַפּריזן די פאַרצווייגונגען און אָפּווייכונגען פון פּראַקטישן לעבן קענען אַרויסברענגען. ווי עס זאָל ניט זיין, מיר לעבן דאָ אין אַ וועלט־סביבה וואָס האַלט אין איין האַמערן, און האַמערט אַריין אין די מוחות פון די וואַקסנדיקע דורות, אַז יידישע קרובה'שאַפט איז בלויז פון רעליגיע־מין. דאָס, שטעל איך מיר פאָר, העלפט אַראָפּשיילן דעם אָנוואוקס פון פאַמיליע־געפילן צו יידן, געפילן וואָס אונדזער אייגן אינערלעך לעבן מוז סטימולירן און שטאַרקן. אָבער די אַלגעמיינע טענדענץ גייט אין אַן אַנדער ריכטונג, זי רייסט זיך אַלץ מער איבערצולאָזן עטלעכע דינע פעדעם פון אַ הוילער אידעאָלאָגישער קוואַליטעט. אמת, דאָ לאָזט זיך פאַראַפראַזירן דעם נביא יחזקאל: און וואָס אייך קומט אויפן זינען וועט קיינמאָל ניט זיין, וואָס איר זאָגט אַז מיר וועלן זיין ווי רעליגיעס פון אַלע אומות. דער גאַנצער יידישער גאַנג דורך די דורות, די עצם מעגלעכקייט פון יידישן קיום איצט, יעדע קרעאַטיווע ענערגיע וואָס אונדז איז נאָך באַשערט, דאָס אַלץ קען ניט דערלאָזן עס זאָל קומען צו אַ צושטאַנד אז מיר זאָלן אַזוי אויסגעטריקנט ווערן און נאָך אַלץ בלייבן לעבן. אָבער די טרייבנדיקע טענדענץ אַליין, מעג אַפילו בלויז אַ טייל פון איר מקוים ווערן, איז גענוג אַרויסצורופן אין אונדזער קרובה'שאַפט אַן ענדערונג וואָס, לכל־הפחות, אונדזער מזרח־אייראָפּעאישער שבט האָט פון דעם ניט געוואוסט.

אָט אַזוי לאָזט זיך לייכטער פאַרשטיין דעם קליינעם מיעוט וואָס ווייזט אַרויס אַזאַ שטויגנענדיקע קאַלטקייט צום לעצטן חורבן, זייער פאַרלאַנג צו דערווייטערן זיך דערפון וואָס מער. כדי צו טראָגן אין זיך דאָס געשריי פון דער דאָזיקער טראַגעדיע דאַרף מען זיין דורכגעדרונגען מיט פאַמיליע־געפיל, מיט דער קוואַליטעט פון אַ קאַטאַסטראָפע אין דער אייגענער היים. אָבער די וואָס געפינען זיך אונטער דער שליטה פון אַן אידעאָלאָגישער קוואַליטעט ווי אַ יסוד פון יידישער שותפות, ביי זיי מוז זיך עס פילן ווי מיר וואָלטן געוואָלט איבערדאַנק זיי אַריינציען אין אַ ריינער משפחה־שייכות וואָס ווערט זיי פרעמדלעך.

זעט איר, חורבן בית־המקדש איז שוין עפעס אַנדערש. דאָס קען לייכט מאַכן דעם איינדרוק אַז עס האָט בלויז צו טאָן מיט „רעליגיע"; עס איז בית־המקדש, ירושלים, גלויבן אין איינציקן גאָט קעגן געצנדינעריי, אַלטע

רעליגיעזע טראַדיציעס, דאָס קען שוין זיין טרויער פון פּאַסיקן סאָרט. ווען מען פאַרזיכערט מיר אַז צווישן די הי־געבוירענע יידן זענען פאַראַן היפּשע צאָלן וואָס זענען ניט גרייט זיך צו באַטייליקן אין עפנטלעכע שמחות לכבוד יום העצמאות — אַפילו אַזעלכע וואָס אַפּלאָדירן מיטן גאַנצן האַרצן, און אויף אַ ממשותדיקן אופן, דעם אויפקום פון מדינת־ישראל — פאַרשטיי איך דאָס גאַנץ גוט. זעט איר, מאַכן חנוכה פאַר אַ היים־יום־טוב און עס אויסדריקן בפני כל עם ועדה, דאָס איז עפּעס אַנדערש. דאָ איז אַלטע טראַדיציע, דער נוסח פון דער געווייטשנטער חשמונאים־מעשה איז דורכויס רעליגיעז; עס האָט אויך צו טאָן מיטן אַמאָל־אַמאָל און מיט אידייען גיכער ווי מיט לעבע־דיקע מענטשן. מדינת־ישראל, פון דער אַנדער זייט, איז רעאַליסטיש־ערדיש, לויפיקע נייעס, צו דעם קען מען זיך באַציען אַפילו מיט אַ פריידיקע הסכמה אָבער בלויז אויף דער געדאַנק־מדרגה.

צווישן די ענטפערס אויפן דערמאָנטן פרעג־בויגן געפין איך אַן אַנדער אומדירעקטע באַשטעטיקונג פון דער השערה וואָס ווערט דאָ פאָרגעשלאָגן.

איינע פון די געשטעלטע פראַגעס לייענט זיך אַזוי: „אַ יידישער שרייבער האָט פאָרגעשלאָגן מען זאָל ברענגען אַהער דעם קערפּער פון איינעם פון די אומגעקומענע יידן אין לעצטן חורבן אין אייראָפּע און אויפשטעלן אין אַמעריקע אַ פאַרהייליקט אָרט וואָס מען זאָל רופן דער „אומבאַקאַנטער יידי־שער מאַרטירער". ווי האַלט איר פון אָט דעם פאָרשלאָג?" די דאָזיקע פראַגע איז ניט געשטעלט געוואָרן פון דער העלער הויט. עס איז פאַרבונדן מיט אַן עפּיזאָד וואָס איז פאָרגעקומען אַביסל פריער. סוף מיי, אין דעקאָריישאָן דעי פון 1958, איז פאָרגעקומען אַ צערעמאָניע אויף אַרלינגטאָן סעמעטערי לכבוד דעם „אומבאַקאַנטן זעלנער". מען האָט דעמאָלט אויסגעגראָבן די קערפּערס פון צוויי געפאַלענע אַמעריקאַנער זעלנער, איינעם אין קאָרעאַ, דעם צווייטן אין פראַנקרייך, מען האָט זיי געבראַכט אַהער און דורכגעפירט אַן אימפּאָזאַנטע צערעמאָניע, וואָס אין איר האָבן זיך באַטייליקט די גרויסע פירער פון לאַנד און אַ צאָל באַזוכער און דערמיט אויסגעדריקט מיטגעפיל און פאַרערונג פון גאַנצן אַמעריקאַנער פאָלק.

פון די 14־15 יאָריקע האָבן אַרום אַ העלפט געהאַלטן אַז דער פאָרשלאָג איז אַ גוטער; די אַנדערע העלפט איז געווען אומצופרידן. פון די 16־18 יאָריקע האָט בלויז אַרום אַ פינפטל מסכים געווען מיטן געדאַנק. די איבע־ריקע האָבן זיך אָפּגעשאָקלט דערפון. וואָס זענען געווען די מאָטיוון פון די וואָס האָבן געהאַט אַ נעגאַטיווע מיינונג?

טייל האָט געהאַלטן אַז דער גאַנצער פאָרשלאָג איז ניט אין גייסט פון דער יידישער טראַדיציע. דאָס איז אייגנטלעך אַ נעגאַטיווע מיינונג וואָס דרינגט אַרויס פון אַ פּאָזיטיווער באַציאונג צו יידישקייט. וועלן מיר אַזאַ צוגאַנג אַרויסנעמען פון חשבון; סיי ווי האָבן בלויז עטלעכע אויסגעדריקט

אַזאַ געדאַנק. די איבעריקע האָבן זיך געשטעלט קעגן צוליב גאָר אַנדערע מאָטיוון. אַט זענען אַ פּאָר ציטאַטן: „מען מעג האָבן אַזאַ געפיל אָבער מען דאַרף עס ניט ווייזן עפנטלעך צו רייסן די אויגן". אַ צווייטער זאָגט: „מיר האָבן שוין אין אַמעריקע אַן אומבאַקאַנטן זעלנער, דאָס איז גענוג. רעליגיע דאַרף זיך ניט מישן אין אַזעלכע זאַכן". אַ דריטער: „מען דאַרף זיך ניט אָפּטיילן פון אַמעריקע. אַזאַ פאָרשלאַג קען מען דורכפירן אין מדינת־ישראל".

עס וואָלט געווען פאַלש צו האַלטן אַז אַזוי לאַנג ווי יידן וועלן בלייבן יידן איז גאָרניט מעגלעך, אַז אונדזער קרובה'שאַפט זאָל זיין געוויקלט בלויז אינעם דינעם פאָדעם פון „קאָרעלידזשיאָניסטס". דער כאַראַקטער פון אונדזער עקזיסטענץ קען דאָס ניט דערלאָזן. אָבער אַז מיר קענען דערפירט ווערן צו אַזאַ פונקט אין אונדזער געפיל וואו דער מהלך צו פאַלקישער אויסגעלייזדיקט־קייט איז ניט צו ווייט, ווען דעם קען, דאַכט זיך מיר, ניט זיין דער מינדסטער ספק. זאָל מען אויך ניט מיינען אַז עס מוז זיין אַ דענערווירנדיקע סתירה צווישן אַנערקענען אַז יידישקייט איז בלויז אַ רעליגיע און גלייכצייטיק ניט אָפּהיטן די שטייגער־עלעמענטן פון דער רעליגיע וואָס ווערט דערקלערט ווי איינציקער סימן פון דער יידישער גרופּירונג. וואָרעם דער וואָס האַלט אַזוי, קען דערמיט בלויז אויסדריקן אַ טעאָרעטישע שטעלונג. עס קען, הייסט עס, זיין אַז ער איז טאַקע ניט שטייגעריש רעליגיעז פאַר זיך אַליין, ער איז בלויז אַזאַ וואָס דערקלערט יידישן קיום אין יודאַאיסטישע טערמינען.

ווי עס זאָל ניט זיין, דאָס עצם אַקצענטירן אַז אונדזער שותפות איז געבויט דורכויס אויפן יסוד פון דער יידישער אמונה קען האָבן אַ גרויסע השפּעה אויף געדאַנקען און מעשים פון די וואָס ווערן דערצויגן אין אַזאַ גייסט. דער דאָזיקער חשד ווערט נאָך שטאַרקער צוליב דעם, ווייל די כוחות וואָס טרייבן צו פולבלוטיקע יידישע שייכותן זענען צו קליין, צו קאַרג און צו אומ־דערוואַקסן, בעת די קעגנערישע כוחות, די פאַקטאָרן וואָס פירן אַוועק פון אַזאַ ריכטונג, פאַרמאָגן אַלע אייגנשאַפטן פון גרויס, ברייט, און נצחונדיק שטאַרק. מיר ראַנגלען זיך שטילערהייט, אַז דער גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, זאָל ניט ווערן אַזוי אַנטי־יידישט אַז ער זאָל ניט פאַר־שטעלן די נאָענטקייט צו אונדזערע אָבות, אברהם און יצחק און יעקב.

איך זע נאָך עפּעס, נאָך צוויי עפּעסן. פון איין זייט געניסן מיר מיט אַזאַ רחבות די ברכה פון אַמעריקאַנער פרייהייט וואָס אונדזער לאַנגע געשיכטע האָט אין משך פון צוויי טויזנט יאָר צו ווייניק געהאַט הנאה דערפון. פון דער אַנדערער זייט לעבן מיר איבער אַן אַלטע יידישע שרעק אין אַ נייער דראָענדיקער אויסגאַבע, די שרעק אַז אַלגעמיינע בילדונג ביי יידן וועט העלפן פאַרשטאַרקן אומוויסן אין דער יידישער לעבנס־ספערע. אַ טיפּישער אויסדרוק פון גלות אַמעריקע.

(1959)

# אויסדערוויילטקייט און גלות

אונזער מיטשמועסער האָט אויף זיך גענומען אַ געבענטשטע עובדא: צו טרייסטן יידן אין דער איצטיקער טראַגישער צייט. זיין טענה איז אַז אין תוך איז דאָס וואָס מיר זעען איצט שוין אַמאָל געווען, אַ סך מאָל געווען אין דער יידישער געשיכטע. ביי יידן זענען אַלעמאָל געווען אַפּיקורסים וואָס האָבן עובר געווען אויף יעדן דין פון דער תורה; געווען אַסימילאַטאָרן וואָס זיי איז דווקא געפעלן דער דרך פון די אַרומיקע פעלקער; געווען משומדים וואָס האָבן געלעסטערט זייער פאָלק אין דער שטיל און בפרהסיא; געווען דורות וואָס האָבן קיין צורת אַלף ניט געקענט און ניט אָנגעהויבן צו וויסן מאי דקאמרי רביצין. בנוגע רדיפות און בלוט־פאַרגיסונג איז אוודאי היינטיקע צייט ניט קיין יוצא מן הכלל. אַמאָל זענען געווען ווייניקער יידן, האָט מען ווייניקער גע׳הרג׳עט, היינט זיינען פאַראַן מער, — הרג׳עט מען מער. ניין, די וואָס קענען יידישע געשיכטע דאַרפן ניט נתפעל ווערן. אַלץ וואָס טרעפט מיט אונדז היינט האָט שוין אַ סך מאָל פריער געטראָפן, און דאָך האָבן מיר עס אויסגעהאַלטן. וועלן מיר היינט אויך אַריבערטראָגן — נצח ישראל לא ישקר.

אָבער די אַלטע קשיא לאָזט ניט רוען: ווי אַזוי האָבן מיר זיך דאָך געקענט אויפהאַלטן ווי אַ פאָלק? יעדער מענטש מיט אַביסל אינטעלעקטועלער נייגע־ריקייט, ווער שמועסט נאָך אויב ער איז אויך אַ ייד, קען ניט מיד ווערן צו טראַכטן וועגן דער דאָזיקע פראַגע וואָס רייצט און כישופט מיט אַלע שפּאַנונגען פון רעטעניש און סוד. די תירוצים וואָס ווערן געגעבן זיינען אונדז גאַנץ גוט באַקאַנט. איינער וועט זאָגן,אַז די שטענדיקע רדיפות האָבן אונדז אויפגעהאַלטן. אַ צווייטער וועט זוכן די סיבה אינם כוח פון אַלטע טראַדיציעס. אַ דריטער וועט געפינען דעם ענטפער אין די אייביקע ווערטן פון דער יידישער רעליגיע. אַ פערטער וועט אַלץ צושרייבן צו די ספּעציפישע עקאָנאָמישע פונקציעס פון יידן אין גלות. אַ פינפטער וועט זיך סומך זיין אויף אַ פּסיכישן דראַנג זיך אויפצוהאַלטן ווי אַ קיבוץ. נאָך אַנדערע וועלן מסתמא אויסאַרבעטן אַ מין פיינקוכן פון אַלע פאַקטאָרן צוזאַמען און אַוועקלייגן אויפן שפּיץ אַ ראָזשינקע, דעם „הויפּט־פאַקטאָר".

דעם אמת געזאָגט געפעלט מיר בכלל ניט אַזאַ מין גאַנג ווען עס האַנדלט זיך וועגן דערקלערן אַזעלכע גראַנדיעזע סאָציאַלע דערשיינונגען ווי דער קיום פון יידישן פאָלק. אָפּט האָב איך אַ חשד אַז אַ סך פון אונדז גיבן זיך ניט אָפּ קיין קלאָרן חשבון וועגן דעם עצם באַגריף „פאַקטאָר". מען רעדט וועגן זיי עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען לעבעדיקע מאַשינען וואָס דרייען זיך אַרום אין די גאַסן און טרייבן די וועלט. אַחוץ דעם פאַרגעסט מען אַז פאַקטאָרן,

וואָס מען זאָל אונטער דעם וואָרט ניט פאַרשטיין, ווען צוויי אָדער מער פון זיי קומען זיך צוזאַמען ווערען אַלע געביטן, און זיי זיינען שוין ניט מער דאָס וואָס זיי זענען אויס צו זיין בעת מען טראַכט וועגן זיי באַזונדער. אַ רעליגיע פון שלום און רחמנות קען ווערן אַ כוח וואָס שפּרייט מלחמה און גרויל. מאַלע וואָס עס קען ווערן פון אַ פאַקטאָר ווען ער האָט חתונה מיט אַנדערע פאַקטאָרן. אָבער דאָ גייען מיר אַריין אין אַ חקירה וואָס האָט שוין באמת ניט קיין שייכות צו אונדזער ענין.

ווי עס זאָל ניט זיין, איין זאַך איז קלאָר: ווען מיר רעדן וועגן יידישן קיום מיינען מיר דערמיט צו זאָגן אַז עס זענען תמיד געווען אָביעקטיווע און סוב־יעקטיווע סימנים דורך וועלכע סיי די וועלט, סיי מיר אַליין האָבן געפילט און געוואוסט אַז מיר זענען אַ גורל־פאַרבונדענער קיבוץ, אַ פאָלק. אָבער וואָס איז אַזוינס אַ פאָלק? זינט מאָריץ לאַצאַרוס האָט זיך פאַרטיפט אין דער דאָ־זיקער פראַגע, און זיך באַמיט צו געבן אַ סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן ענטפער, זינט יענער צייט זיינען שוין אַ סך וואַסערן פאַרשוואומען. זיין געדאַנק טראָגט נאָך אָבער אַלץ אין זיך גרויסע מעגלעכקייטן. ער האָט זיך דער עיקר אָפּגעשטעלט אויף דער אַפעקטיווער זייט, אויף דעם אַז אַ פאָלק באַשטייט קודם כל פון מענטשן וואָס פילן זיך ווי אַ פאָלק. דאָס איז זייער וויכטיק. כאָטש ניט גענוג. געפיל איז צו אַלגעמיין און צעשוואומען. לאַצאַרוסעס געדאַנק וואַרט נאָך אַלץ אויף אַ ווייטערדיקן און גרינטלעכן אַנאַליז.

וואָרעם געפילן זיינען ווי דער ים, תמיד אין מעכטיקן אויפברויז, באַווירקט פון ריזיקע כוחות וואָס פון אויבן־אויף לאָזט זיך בשום אופן ניט זען פון וואַנען זיי נעמען זיך, און זייער שטורעמדיקע באַוועגלעכקייט ווערט געמאָסטן לויטן אויפשטייג און כאַראַקטער פון די כוואַליעס וואָס הויבן זיך און ווילדעווען אויף זיין אויבערפלאַך. מען וואָלט געקענט אויסרעכענען אַ גענוג לאַנגע רשימה פון אַזעלכע פאַרשיידן־פאַרביקע און פאַרשיידן־קרעפטיקע כוואַליעס וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דעם יידישן „ים". אָבער איך וועל זיך דאָס איצטיקע מאָל אָפּשטעלן בלויז אויף צוויי פון זיי: דאָס געפיל פון אויס־דערוויילטקייט און דאָס געפיל אַז מיר זענען אין גלות. איך שטרייך אונטער „געפיל" ווייל מיך וועלן דאָ קנאַפּ וואָס פאַראינטערעסירן אָביעקטיווע פאַק־טאָרן, אָדער געדאַנקלעכע אַנטוויקלונגען פון די דאָזיקע צוויי מאָמענטן ווי אידייאישע באַגריפן. איך האָב דאָ גיכער אין זינען די פּסיכישע איבערלעבע־נישן וואָס יידן האָבן געטראָגן אין זיך ווי אינערלעכע אידענטיפיקאַציע־צייכנס אַז זיי זענען לעבעדיקע גלידער פונעם יידישן פאָלקס־אָרגאַניזם.

אײדער מיר טרעטן צו צום עיקר הענין וועט נויטיק זיין זיך אָפּצושטעלן אויף צוויי פּסיכאָלאָגישע טערמינען וואָס וועלן שפּעטער כסדר באַנוצט ווערן. סוף כל סוף, ווען מיר רעדן וועגן געפילן האָט דאָס אַ שייכות צו אַלע מענטשן. דאָס פּירט אונדז צו באַטראַכטן אויף אַ ווייל עטלעכע זייער אינטערעסאַנטע

דערשיינונגען אינעם לעבן און כאַראַקטער פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט בכלל.

.2

## אַפעקטיווע און לעגאַלע פּערזענלעכקייט

דער געדאַנק אַז יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך איז שוין גאַנץ אַלט און האָט תמיד געקלונגען ווי אַ באַשיינפּערלעכער אמת. אָבער ווען מיר דערמאָנען זיך וואָס מיר ווייסן היינט וועגן דער טבע פון מענטשן וואָלט מען אין יענעם אַלטן געדאַנק געדאַרפט אַריינפירן צוויי זייער וויכטיקע קאָרעקטיון. ערשטנס, אַ מענטש איז ניט איין וועלט נאָר אַ סך וועלטן. צווייטנס, וואָס ער זאָל ניט זיין איז ער ניט אין גאַנצן פאַר זיך. ביי יעדן פון אונדז וואַקסט און אַנטוויקלט זיך אַ פּערזענלעכקייט מיט אַן אייגענעם גאַנג און אַן אייגענעם טאָן. אָבער די דאָזיקע פּערזענלעכקייט איז ניט די זעלביקע ביי אַלע געלעגנהייטן. אָפט, אונטער געוויסע באַדינגונגען, איז זי אַקוראַט דער היפּוך פון דעם וואָס זי איז ביי אַנדערע. אַ מענטש קען זיין אי אַ קאַרגער, אי אַ מילדער, אי אַן אויפגערעגטער, אי אַ רואיקער, אי אַ נאָכגיביקער, אי אַן איינגעשפּאַרטער. עס ווענדט זיך אָן דער געלעגנהייט און אָן דער ספּעציפישער פּסיכאָלאָגישער מאַשינעריע וואָס יעדע געלעגנהייט שטעלט אויף.

ווען מען זאָל באַשרייבן ווי אַ מענטש פירט זיך אויף אין זיין פּריוואַטן לעבן און דערנאָך באַשרייבן ווי אַזוי ער— דער זעלביקער — ווייזט זיך אַרויס בעת ער איז צווישן מענטשן, וואָלטן מיר באַקומען צוויי בילדער וואָס זענען היפּשלעך אַנדערש איינס פונעם אַנדערן. מען מעג גאַנץ דרייסט זאָגן אַז יעדער מענטש פאַרמאָגט אַ פּריוואַטע פּערזענלעכקייט און אַן עפנטלעכע פּערזענלעכקייט וואָס זיינען אָפט לחלוטין ניט שוה בשוה צווישן זיך. ניט בלויז קען מען דאָס באַמערקן ווען מען קוקט אויף אַ מענטשן פון דרויסן, נאָר אפילו ער, דער מענטש אַליין, פילט און ווייסט ווי אַנדערש עס איז דאָס בילד וואָס ער האָט וועגן זיך אין זיינע פּריוואַטע ד׳ אמות פון דעם וואָס ער זעט און שפּירט וועגן זיך אין עפנטלעכן לעבן. רעדנדיק וועגן מענטשן בכלל רופט אויס פּאַסקאַל: „וואָסער פאַרזעעניש דער מענטש איז! אַזאַ נייעס, אַזאַ מאָנסטער, אַזאַ כאַאָס, אַזוי פול מיט סתירות, אַזאַ וואונדערקינד! אַ שופט פון אַלץ אין דער וועלט. אַ שוואַך ווערעמל אויף דער ערד, אויפהאַלטער פון אמת, אָפּפאַל־כלי פאַר אומזיכערקייט און גרייזן, די גלאָריע און די חרפּה פונעם אוניווערס!״ ווען מען נעמט אַוועק די פינקלדיקע רעטאָריק פון די דאָזיקע געדאַנקען איז דאָס דער ריינער אמת, ניט בלויז וועגן מענטשן בכלל נאָר טאַקע וועגן יעדן יחיד. מיר זענען פול מיט סתירות, ווייל די געלעגנהייטן פון לעבן זענען אַזוי געבויט אַז זיי זענען אָפט סותר איינס דאָס אַנדערע. די נפקא מינה

צווישן דער פּריוואַטער און עפנטלעכער אָרגאַניזאַציע פון דער מענשלעכער פּערזענלעכקייט וואַרפט זיך באַזונדערס בולט אין די אויגן.

אין פּריוואַטן לעבן דאַכט זיך אונדז אַז מיר זענען אינגאַנצן אָנגעוויזן אויף זיך אַליין, און אַז די אייגנשאַפטן וואָס מיר ווייזן אַרויס שטאַמען בלויז פון אינעווייניק, און האָבן ניט די מינדסטע שייכות מיט דעם וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט פריער, אָדער מיטן איינפלוס פון דרויסנדיקע סיטואַציעס אין מענטשן. מיר ווייסן אַז די אַלע אימפּולסן, און געפילן, און געדאַנקען, און בייגונגען, און פאַרגעניגנס, און עגמת נפש׳ן, וואָס מיר שפּירן אין זיך — און פון דרויסן קען זיי דאָך קיינער ניט זען — מיר שטעלן זיך פאָר אַז דאָס אַלץ פליסט דירעקט פון אונדזער „איך". ווען מיר ווערן עלטער, רייפער, אידענטיפיצירן מיר דאָס וואָס איז שטענדיקער אין אונדז, דאָס וואָס חזר׳ט זיך אָפּט איבער, מיט אונדזער פּערזענלעכקייט. אַזוי וואַקסט אויס אין אונדז די אָפּעקטיווע פּערזענלעכקייט, אַ סיסטעם פון געפילן, בייגונגען אאַז״וו, וואָס אין זיי פילן מיר די מאָטיוון פון אונדזער אינעווייניקסטן לעבן, דעם כוח און דעם זינען פון זיך ווי אַן „עפּעס" אין דער וועלט אויף וויפל מיר שאַצן דאָס אָפּ פאַר זיך אַליין.

אָבער אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואו מיר זענען כסדר פאַרבונדן מיט אַנדערע, כסדר אָפּהענגיק פון זיי, דאָרט שטעלן מיר אָן אַלע קאָנטראָלמעכאַניזמען וואָס מיר באַזיצן צו בייגן אונדזער טבע אַזוי אַז זי זאָל זיך וואָס מער האַרמאָניש אַריינפּאַסן אין די סאָציאַלע פאָדערונגען וואָס ווערן אונדז געשטעלט. אפשר איז גאָר ניט ריכטיק צו זאָגן אַז מיר „בייגן אונדזער טבע", ווייל אויך דאָס „בייגן" איז אַ טייל פון דער זעלביקער טבע וואָס דאַרף געבויגן ווערן. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ווערן זאַכן רעגולירט דורך מנהגים, כללים, נאָרמען. מיר העלפן זיי אַליין שאַפן כאָטש זיי באַגרענעצן אונדזערע האַנדלונגען אויף טריט און שריט. מיר פילן אַז צו געוויסע זאַכן האָבן מיר אַ רעכט, צו אַנדערע ניט. אָט דאָס געפיל פון רעכט איז אָפּט אַ צייט אויף פאַרלאַנגען און אַמביציעס פון דער אָפּעקטיווער פּערזענלעכקייט ווען זיי קומען אין קאָנפליקט מיט די אינטערעסן פון די אַרומיקע. מיר הייבן אָן צו פילן אַז ס׳איז פאַראַן אַ נאָענטע שייכות צווישן רעכט און גערעכט, מאַכן מיר ערגער די ראַמען אַרום דער אָפּעקטיווער פּערזענלעכקייט. אויף אַזאַ אופן וואַקסט אויס אין אונדז נאָך אַ פּערזענלעכקייט וואָס איז נאַטירלעך גאַנץ שטאַרק פאַרבונדן מיט דער ערשטער, און דאָך פאַרמאָגט זי אין זיך אַן אייגענעם טאָן, דעם טאָן פון רעכט — אַ לעגאַלע פּערזענלעכקייט.

ראַנגלענישן צווישן אָט די צוויי „נשמות" אין אונדז ווייזן זיך אַרויס גאַנץ אָפּט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. אָט זיצן מיר ביי אַ פאַרזאַמלונג. איינער פאַרשרייבט זיך צום וואָרט, ווייל מאַכן אַ פאָרשלאָג. ער פילט אַז זיין פאָרשלאָג וועט ווייזן אַ פשוט׳ן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע. הייבט ער אָן פילן אַז די

אַנדערע רעדנער פאַרשטייען ניט וואָס דאָ טוט זיך, רעדן אומוויכטיקע זאַכן אָדער סתם נאַרישקייטן. אָט וועט ער עפענען דאָס מויל און אַלעמען וועט ווערן ליכטיק אין די אויגן. אים הייבט זיך אָן דוכטן אַז דער פאָרזיצער פאַרזעט זיין נאָמען אויפן רעדנער־צעטל, אַנדערש וואָלט ער שוין לאַנג געדאַרפט קריגן זיין וואָרט. זיין אַפעקטיוו פערזענלעכקייט לאָזט אים ניט רוען, פּלאַצט ער אַרויס: „פאַרוואָס קריג איך ניט קיין וואָרט?" דער פאָרזיצער ענטפערט: „אַנ־דערע האָבן זיך פאַרשריבן פריער, אייער ריי איז נאָך ניט געקומען". זיין אַפעקטיווע פערזענלעכקייט פילט אַז דאָס האָט מיטן עניין קנאַפּ וואָס צו טאָן. ווארעם יענע רעדן דאָך נאַרישקייטן בעת ער האָט אַזאַ קלוגן פאָרשלאַג צו מאַכן. אָבער אַ געצוואונגענע רואיקייט בינדט דעם אויסבראָך וואָס רייסט זיך פון אים. דער ריין פאָרמעלער אַקט פון „אַנדערע האָבן זיך פאַרשריבן פריער" איז אַ לעצטער פסק־דין וואָס באַהערשט זיין לעגאַלע פערזענלעכקייט, און דאָס פאַרהילכט די אַפעקטיווע שטראָמען וואָס רייסן זיך פון אים.

פאַרשטייט זיך אַז דער נצחון איז ניט אַלעמאָל אויף דער זייט פון דער לעגאַלער פערזענלעכקייט. פאַרקערט, אין מאָמענטן פון ערנסטע קריזיסן האָבן די אפעקטיווע דאָרשטן על פּי רוב דאָס לעצטע וואָרט. מיר באַנוגענען, ד. ה. מיר באַמיען זיך אַריינצואוואַרפן אַ שיין פון „רעכט־גערעכט" אין דער טונקל־קייט פון „וויל" און „מוז". ווי עס זאָל ניט זיין דאָס לעבן פון יעדן מענטשן איז פול מיט אַזעלכע קאָנפליקטן און זיי באַשטימען פאַקטיש דעם כאַראַקטער און דעם גאַנג פון אונדזערע באַציאונגען צו זיך אַליין און צו אַנדערע.

נאָך עפּעס: בעת מיר רעדן וועגן אַפעקטיווע און לעגאַלע דערשיינונגען אין דער מענטשלעכער פסיכיק, לויט ווי די ווערטער ווערן דאָ באַנוצט, האָבן מיר צו טאָן מיט נאַקעטע פאַקטן, עפּעס וואָס קומט אין אונדז פאָר. דערמיט ענדיקט זיך נאָך אָבער ניט די גאַנצע מעשה. ניט בלויז קומט דאָס פאָר אין אונדז, נאָר מיר האָבן אויך אַ געפיל וועגן דעם, מיר ווייסן עפּעס וועגן דעם, כאָטש דאָס וויסן קען זיין זייער שאַטנדיק און אָפּגעריסן. אָבער ווען מענטשן נעמען אויף פאַקטן, ווער שמועסט נאָך ווען דאָס זענען פאַקטן וועגן זיך אַליין, ווערן זיי באַאַרבעט מיט אַ געוויסער אָפּשאַצונג. ס'איז ניט בלויז אַ פאַקט נאָר עפּעס וואָס איז גוט אָדער שלעכט, וויכטיק אָדער ניט, גערעכט אָדער אומ־גערעכט. פונקט ווי דאָס מענטשלעכע אויער נעמט אויף לופט־כוואַליעס און מאַכט פון זיי קלאַנגען, אַזוי נעמט אויף די גאַנצע פערזענלעכקייט די פאַקטן פון דער וועלט און מאַכט פון זיי ווערטן. קומט אויס אַז בעת מיר מאַכן אַ סך הכל פון אַן אָפּשניט פון אייגענעם לעבן, אָדער ווען מיר דערוויסן זיך וועגן זיך דורך לויב־געזאַנגען אָדער באַשולדיקונגען פון אַנדערע — אין אַזעלכע און ענ־לעכע פאַלן אָפּערירן מיר ניט מיט סתם זאַכן וואָס מיר האָבן אָפּגעטאָן, מיט גע־דאַנקען וואָס מיר האָבן געטראַכט אָדער געפילן וואָס האָבן אונדז באַהערשט,

נאָר דער עיקר מיטן ווערט וואָס דאָס אַלץ האָט פון שטאַנדפּונקט פון אַ געוויסן אידעאַל וואָס איז אונדז טייער.

מען דאַרף נאָך מוסיף זיין אַז דער דורכשניטלעכער, נאָרמאַלער מענטש האָט אַ טענדענץ זיך צו זען אין ליכט פון די פּאָזיטיווע ווערטן פון זיין פּערזענלעכקייט, פון די מעלות, ניט פון די חסרונות. רעליגיעזע דיסציפּלין, וואָס שטרייכט אונטער מיט אַזאַ ריזיקער קראַפט דעם מענטשנס זינדיקייט, איז אַן ערנסטע אָפּאָזיציע צו דער דאָזיקער טענדענץ, דעריבער האָט זי געמוזט שאַפן גרויסע קאָמפּענסאַטאָרישע מיטלען כדי צו קענען אויפהאַלטן אַזאַ פּסיכישן צושטאַנד. דערמיט זענען פאַרבונדן אַ סך דערשיינונגען אין רעליגיעזן לעבן. אפשר די גרעסטע פאַרגיטיקונג איז דאָס וואָס צו דערזען די אייגענע זינדיקייט, און ממילא דאָס לאָזן זיך אויפן וועג פון חרטה און תשובה, שוין דאָס אַליין איז אין דער רעליגיעזער ספערע אַ הויכע מדרגה, אַ גרויסער פּאָזיטיווער ווערט. סתם קוקן אויף זיך ווי אויף אַ נידעריקער בריאה, דאָס איז אַזוי שווער סובל צו זיין. אַזאַ שטריך אין אַ מענטשן קען אים פירן צו פולשטענדיקן פּסיכישן פאַנאַנדערפאַל. אָבער ווען דאָס דאָזיקע געפיל גופא איז אַ מאָראַלישע דערהויבונג, און פאַרגרעסערט נאָך די פּאָזיטיווע ווערטן וואָס מיר זוכן אין זיך, דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין.

דאָס וואָס איז ביז איצט געזאָגט געוואָרן וועגן דעם איינצלנעם מענטשן לאָזט זיך אויך אָנווענדן אויף דער פּסיכיק פון אַ צעמענטירטן כלל. אויך דער כלל האָט זיין אַפעקטיווע און זיין לעגאַלע פּערזענלעכקייט. יעדע גרופּע האָט אַ געוויסע פאַרשטענדעניש, אָדער אַ געפיל וועגן זיך, וועגן דעם אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון דער גרופּע אין איר גאַנצקייט. אָבער די דאָזיקע אָנונג קען זיך בייטן, אָפט גאַנץ גרינטלעך בייטן, ווען עס קומט אויס זיך צו באַגעגענען מיט אַנדערע גרופּעס, אָדער אפילו אין געדאַנק זיך צו פאַרגלייכן מיט זיי. אַפעקטיוויטעט און לעגאַליטעט שטעלן אַנדערע פאָדערונגען סיי דעם יחיד, סיי דעם כלל. דאָס זעלביקע קען געזאָגט ווערן וועגן דער טבע צו זען אין זיך ניט קיין הוילע פאַקטן נאָר ווערטן, אָדער וועגן דער טענדענץ זיך צו שאַצן לויט די פּאָזיטיווע ווערטן. בקיצור, אין די דאָזיקע פונדאַמענטאַלע פּרטים איז פאַראַן אַ קנאַפּע נפקא מינה צווישן אַ יחיד און אַ ציבור.

### .3

### דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט

אויף וויפיל די אַמעריקאַנער „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט” לאָזט וויסן אַז אַלע מענטשן זיינען געבוירן געוואָרן גלייך, אויף אַזויפיל דריקט זי אויס ניט קיין פּסיכאָלאָגישע טעאָריע נאָר אַ פּאָליטישע פילאָסאָפיע. דער

שאַרפסטער פּאָליטישער דענקער, און יעדע צווייפיסיקע בהמה גסה וואָס איז אַ בירגער פון לאַנד — ביידע גייען צו די וואַלן, זייערע שטימען האָבן אַקוראַט די זעלביקע וואָג, ביידע האָבן די זעלביקע דעה און האָבן דאָס זעלביקע רעכט צו באַאיינפלוסן דעם גורל פון פאָלק. אַפעקטיוו פילט און ווייס דער דענקער אויסגעצייכענט אַז ער איז מער פאַרלאָזלעך אין פּאָליטישער טעטיקייט, אַז ער שטייט העכער, אַז ער איז אַן „אויסדערוויילטער" אין פאַרגלייך מיטן אַנדערן. דאָך וועט ער מיט אַלע זיינע אינטעלעקטועלע כוחות, אויב ער פאַרמאָגט אַ דעמאָקראַטישע מענטאַליטעט, זיך איינשטעלן פאַר אַזאַ פּאָליטישער אָרדענונג. אָבער מיך אינטערעסירט דאָ דער עיקר דאָס וואָס ער וועט פילן אַז אין אָט דעם דעמאָקראַטישן דרך ליגט אַן אַקט פון גערעכטיקייט. די אַפעקטיווע אומ־גלייכהייט ווערט געצוימט פון לעגאַלער גלייכהייט, און דערמיט ווערט באַ־פרידיקט אַ טיפער מאָראַלער דאָרשט.

סאָציאָלאָגן ווייזן כסדר אָן אַז יעדע גרופּע, יעדער שבט, יעדעס פאָלק, האָט תמיד אויסגעאַרבעט ביי זיך אַ געפיל פון אייגענער העכערקייט. ניט בלויז איז דאָס אמת, נאָר קיין שום גרופּע וואָלט ניט געקענט איינהאַלטן איר סאָציאַלן קיום, וואָלט געמוזט פאַנאַנדערפאַלן, אויב זי וואָלט ניט איינגעזען אין זיך קיין פּאָזיטיווע ווערטן, און זיך ניט דעפינירט אין טערמינען פון אָט די ווערטן. פאַרשטייט זיך אַז אַזאַ געפיל קען שטייגן צו מדרגות וואָס עס ווערט בפירוש געפערלעך. וואָרעם עס איז נאָך ווייניק וואָס מען לעבט אַליין, מען דאַרף נאָך אויך לאָזן לעבן אַנדערע. אָבער דאָ קומט אַריין די לעגאַלע פּער־זענלעכקייט און שטעלט אַוועק די פּאַסיקע גרענעצן אין די פּאַסיקע ערטער. טיילמאָל טוען מיר דאָס אַלץ אויף אַ ריין רעטאָרישן אופן, דורך דערקלערן, למשל: „מיר זאָגן ניט אַז מיר שטייען העכער פון אייך, מיר מיינען נאָר אַז מיר זענען אַנדערש". אָבער שטילערהייט־אַפעקטיוו — ווייסן אַלע דעם אמתן טייטש פון אַזאַ מין „אַנדערשקייט", סיי ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ יחיד, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ קיבוץ.

אָבער זייער אָפט איז דאָס אַ סך מער ווי הוילע רעטאָריק. די מאָראַל פון דער לעגאַלער פּערזענלעכקייט צווינגט אונדז צו צעטיילן מענטשלעכע אייגנ־שאַפטן, אַזוי אַז מיר בלייבן „אויסדערוויילטע" אין איין פעלד, און מיר דער־לאָזן אַ העכערע פּאָזיציע פאַר אַ שכנישער גרופּע אין אַן אַנדער פעלד. אַן אַנדערש מאָל איז דאָס אַן אונטערשייד צווישן פילן און האַנדלען. מיר פילן זיך העכער אָבער האַנדלען ווי גלייכע, וואָס דאָס אַליין ווירקט אַז עס זאָלן אָפּגעפּיילט ווערן די שפּיצן פונעם געפיל פון העכערקייט. אָבער איינס דאַרף זיין קלאָר: וואָס מער מענטשן לעבן אַן אָפּגעזונדערט לעבן, וואָס ווייניקער זיי קומען אין באַציאונגען מיט אַנדערע, אַלץ פרייער ווערט זייער וועלט פאַר דער שפּיל פון דער אַפעקטיווער פּערזענלעכקייט. די ווייטסטע פאָרם פון אָפּ־געזונדערטקייט איז ניט קיין אינדזלדיקע עקזיסטענץ, נאָר אין סיטואַציעס ווען

מען פילט זיך אַרומגערינגלט מיט שונאים, ווען מען דאַרף כסדר זיך היטן פאַר אָנפאַלער, אָדער זיך דאַנגלען מיט זיי. פאַרקערט, אין אַן אַטמאָספערע פון קעגנזייטיקער פריינדשאַפט לעבט אויף די לעגאַלע פערזענלעכקייט און מאָנט איר גרעסטן צינז.

עס איז דאָ ניט בייטיק אַריינצוגיין אין דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פונעם „אתה בחרתנו" געפיל ביי יידן. איך וועל זיך בלויז באַנוגענען מיט אונטערשטרייכן אַז יידן זענען געקומען אויף דער וועלט ניט בלויז ווי אַ פאָלקישער קיבוץ נאָר אויך ווי אַן אידעאָלאָגישע ריכטונג. ממילא האָבן זיי געהאַט צו טאָן ניט בלויז מיט ווערטן — דער עיקר, ווי שוין באַמערקט, פאָזיטיווע ווערטן — וואָס קומען אויף אין יעדן צוזאַמענלעבן פון מענטשן, נאָר אויך מיט אַזעלכע וואָס ווערן באַוואוסטזיניק און פלאַנמעסיק פאַרטראַכט און מיט אַן איינהייטלעכער כוונה דורכגעפירט. דאָס אַליין איז גענוג אַז מיר זאָלן פאַרשטיין אַז ביי יידן האָט די אידייע און דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט געמוזט זיין אַ סך שאַרפער און פונדאַמענטאַלער ווי ביי אַנדערע פעלקער. ווען מען גיט נאָך צו דעם פאַקט פון אַ פאַרוואָגלט און געפייניקט לעבן אין גלות, דעמאָלט קען מען בלויז זאָגן אַז אויב יידן וואָלטן אויפהאַלטן זייער קיום אָן דעם צעמענטירנדיקן און טרייסטנדיקן געפיל פון אויסדערוויילטקייט, וואָלט דאָס געווען אַ רעטעניש ניט משיג צו זיין.

דער היסטאָרישער גורל פון פונדאַמענטאַלע מענטשלעכע טענדענצן איז נאַטירלעך אַ סך אָפּהענגיק פון די אידייאישע געביידעס וואָס ווערן אויף זיי אויסגעבויט. וואָס איז ביי יידן געוואָרן פון דער טענדענץ זיך צו דעפינירן אין טערמינען פון די אייגענע פאָזיטיווע ווערטן? וואָסער אידייאישן אינהאַלט האָט ביי יידן אָנגענומען דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט? די שכינה, וואָס,לויט דער לעגענדע, באַגלייט אונדזער פאָלק אין אַלע גלות'ן, האָט אָנגעפילט די יידישע נשמה אי מיטן גייסט פון „אשר בחר בנו", אי מיטן גאַנצן פסיכישן קאָמפּלעקס וואָס רופט זיך „גלות". אָבער בעת דאָס צווייטע, די פסיכיק פונעם גלות־געפיל, איז דער עיקר אַ פונקציע פון דער יידישער אומה, איז דאָס ערשטע, אויסדערוויילטקייט, דער אינטימסטער אויסדרוק פון דער יידישער אמונה, אויף וויפיל עס איז בכלל מעגלעך צו צעטיילן די דאָזיקע צוויי מאָמענטן אין גייסטיקן לעבן פון יידישן פאָלק. אמת, דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט קען אַמאָל זיין אַ פּועל יוצא פון הוילן סאָציאַלן צונויפבונד, ספּעציעל אין מאָמענטן פון אַ גרויסן קריזיס. דאָס קען מען טרעפן ביי משפחות אָדער אַנדערע סאָרט גרופּעס, זיכער ביי פעלקער. אָבער דעמאָלט פעלט דעם דאָזיקן געפיל די קאָנטראָל פון אַ מאָראַלן אידעאַל, און דעריבער קען עס אין עקסטרעמע פאַלן זינקען צו דער מדרגה פון אַ „הערן־ראַסע" מיט דער גאַנצער גייסטיקער דעגענעראַציע וואָס דאָס איז מחייב. אָבער דעם

יידישן „אתה בחרתנו", מיטן אידעאָלאָגישן אמונה־ליכט וואָס האָט אים שטענדיק געפּירט, איז באַשערט געווען זייער אַ דערהויבענע קאַריערע.

מען מוז מודה זיין אַז אין סאַמע באַגריף „אויסדערוויילטקייט" מוז תמיד זיין אַן אומדירעקטע קאָנאָטאַציע פון עפּעס וואָס איז העכער, בעסער. אָבער עס איז פאַראַן אַן אומגעהייערער אונטערשייד צווישן אַן אומדירעקטער קאָנאָטאַציע און אַ דירעקטן טייטש. ביי יידן איז דאָס: „אשר בחר בנו מכל עם, ורוממנו מכל לשון, וקדשנו במצוותיו" — „וואָס האָט אונדז אויסדערווילט פון אַלע פעלקער, אונדז דערהויבן פון אַלע שפּראַכן און אונדז געהייליקט מיט זיינע מצוות". דאָ זענען וויכטיק צוויי מאָמענטן וואָס וועגן אַלץ אַריבער. קודם כל האָט דאָ די יידישע בחירה דעם זינען פון מענטשן וואָס האָבן אויף זיך גענומען אַ שווערע אויפגאַבע, גאָטס מצוות. אין דעם זינען איז „אויסדערווילט" דאָס זעלביקע וואָס אויסגעקליבן דורכצופירן אַ באַשטימטע פונקציע. אַזעלכע מענטשן טראָגן אין זיך פאַרדינסטן ניט צוליב דעם וואָס אין זיי ליגט עפּעס פאַרבאָרגן אַן אינערלעכע העכערקייט, נאָר ווייל די אַרבעט וואָס זיי טוען איז אַ העכערע. איך ווייס, אויף מאָדערנע מענטשן ווערט באַזונדערס פאַלן שווער דער „אויסדערווילט פון אַלע פעלקער, דערהויבן פון אַלע שפּראַכן". אָבער דאָ קומט אַריין דער צווייטער מאָמענט וואָס ווייזט אַז מיר האָבן אַן ערנסטן טעות. היינטיקע צייטן אַז מען זאָגט „פאָלק" האָבן מיר אין זינען אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אָדער סתם אַ קולטורעלע אַנדערשקייט. ה. ג. וועלס אין אַ שפּאַסיקן מאָמענט פון נאַאיוון בריטישן ראַציאָנאַליזם דערקלערט אַז אַ פאָלק איז אַ גרופּע מענטשן וואָס האָט, אָדער וויל האָבן, אַן אייגענעם אויסלענדישן מיניסטעריום. פאַרשטייט זיך אַז אויב דאָס איז „פאָלק" דעמאָלט איז דער יידישער „אתה בחרתנו" בלויז שוואַכזיניקע גאווה. אָבער לאָמיר גוט האָבן אין זינען אַז אין יענער צייט איז „עם" געווען אַן אידעאָלאָגישע ריכטונג, עס איז געווען יהוה קעגן געצנדינערייי, עס איז געווען תורה קעגן עבודה זרה. יידן זענען געווען אויסדערווילטע פון יהוה'ן אין בוכשטעבלעכן זינען פונעם וואָרט. אין אונדזער מאָדערנער צייט הערן מיר אַקוראַט די זעלביקע „אַתה בחרתנו"־דערקלערונגען פון קעגנערישע אידעאָלאָגיעס.

די יידישע אויסדערוויילטקייט האָט זיך באַזונדערס דערהויבן דערמיט וואָס איר פּשרה צווישן דער אַפּעקטיווער און דער לעגאַלער פּערזענלעכקייט האָט נאָך מער געלייגט דעם טראָפּ אויפן פונדאַמענטאַלן מאָראַלן טאָן פון דער תורה. דער „אתה בחרתנו" פאַרענדיקט זיך מיט אַ מין דעפיניציע פון אָט דעם באַגריף — „וקדשנו במצותיו". מיר זענען, הייסט עס, געהייליקט דערמיט וואָס מיר טוען. איר, די אַנדערע פעלקער, האָט אַ ברירה, טוט אויך דאָס זעלביקע וועט איר אויך זיין געהייליקט. לויטן נביאס פאָרויסזאָגונגען וועט טאַקע קומען אַזאַ צייט, און דעמאָלט וועט „די וועלט זיין פול מיט וויסן ווי וואַסער באַדעקט דעם ים", דעמאָלט וועלן, ווייזט אויס, אַלע

מענטשן זיין אויסדערוויילטע. די אויסדערוויילטקייט איז ניט בלויז אַ פאַקט נאָר אויך אַ טרייב־קראַפט צו דערהויבן אַנדערע, און דאָס אַליין איז דאָך לאָגיש מחייב אַז פאָטענציעל זיינען אַלע מענטשן גלייך.

די אידייע פון יידישער אויסדערוויילטקייט האָט געהאַט אויסצושטיין זייער אַ סך אַטאַקעס אפילו פון ליבעראַלע קריסטן. דאָס לאָזט זיך פאַרשטיין, ווייל זיי טייטשן דאָס אויס ווי אַ גלויבן אין בלוט־העכערקייט, זייער ניט קיין חנ׳עוודיקער באַגריף. אָבער מיר איז אַ גרויסער חידוש אויף אונדזערע מאַרקסיסטיש־סאָציאַליסטישע יידן וואָס זענען אַזוי אויפגעבראַכט אַנטקעגן דעם דאָזיקן גלויבן. ביי זיי איז דאָך דער „פשוט׳ער אַרבעטער״ מיט זיין „געזונטן אינסטינקט״ ממש אַ העכערע בריאה. נאָך מער, זיי גלויבן דאָך אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז באַרופן פון דער געשיכטע דורכצופירן די מיסיע פון ברענגען אויף דער וועלט די „ממשלה פון פרייהייט״. מען דאַרף, דאַכט זיך, ניט האָבן קיין צו מוזיקאַליש אויער צו כאַפּן אין די דאָזיקע ווערטער דעם אַלטן רעליגיעזן קלאַנג. וואָרעם „באַרופן״ איז כמעט אַן עקזאַקטער סינאָנים פון „אויסדערוויילט״, און „געשיכטע״ — אָט די געשיכטע וואָס דאַרף זיין די באַפעלעריך און דורכפירערין פון גאַנצן מענטשלעכן לעבן — דאָס איז ממש „גאָט״. היינט אויב דער פּראָלעטאַריאַט קען זיין אויסדערוויילט פון גאָט, פאַרוואָס קענען יידן ניט זיין כאָטש „באַרופן פון דער געשיכטע״? אמת, ביי מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן איז זייער געדאַנקען־גאַנג אַ רעזאָנירטע טעאָריע געבויט אויף נאַטירלעכע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען, בעת ביי יידן האָט מען אָפּערירט מיט „ניסים״, מיט „אַנטפּלעקונג״ און מיטן אמת פון דער טראַדיציע. אָבער דער אונטערשייד איז גיכער אין שפּראַך, אין גייסטיקן קלימאַט און אין באַווייז־מעטאָדן, ניט אין די עצם באַגריפן. מיט וויסנשאַפט האָבן ביידע ניט וואָס צו טאָן. עס איז אומגעפער די זעלביקע נפקא מינה וואָס ביי אַ געוויסן יידן אין צוויי פאַרשיידענע צייטן פון זיין לעבן. לכתחילה, ווען ער איז געווען אַ גלויביקער ייד, האָט ער געשוואוירן ביי אַ „גאָט אין הימל״, און נאָך דעם, ווען ער איז אַרויס לתרבות רעה און געוואָרן אַן אַפּיקורס, האָט ער זיך גענומען שווערן ביי אַ „נאַטור אין הימל״. איך האָב אָפט געהאַט דעם איינדרוק אַז ווען יענע יידן זענען אַזוי בייז אויפן „אשר בחר בנו״, אַרט זיי ניט אַזוי שטאַרק דער „בחר״ ווי דער „בנו״, זיי ווילן רעזערווירן די דאָזיקע פּריווילעגיע פאַר אַן אַנדער „בנו״.

ניין, מיר האָבן זיך לחלוטין ניט וואָס צו שעמען מיט דער אידייען־געביידע וואָס אונדזער פאָלק האָט אויפגעבויט אויף די פונדאַמענטן פון דער יידישער אַפּעקטיווער פערזענלעכקייט. מען מוז אָבער מודה זיין אַז אין מאָדערנע צייטן זיינען די סאָציאַל־לעגאַלע פאָדערונגען אין יעדן פון אונדז געוואָרן אַזוי גרויס אַז יעדע פאָרם פון אויסדערוויילטקייט אָדער באַרופנקייט דאַרף זיך רעכענען מיט אַ שטאַרקן אינערלעכן ווידערשטאַנד.

מיר לעבן היינט אין אַ וועלט וואָס איז געוואָרן כמעט ווי איין גרויסע שטאָט. עקאָנאָמיש עסן מיר אַלע פון איין טעלער, אַזוי צו זאָגן. גייסטיק אָטע־מען מיר אַלע מיט זייער ענלעכע אידעאַלע ווערטן וואָס פונקציאָנירן לכל הפחות ווי אַ העכערע מאָס צו מעסטן אונדזערע עטישע באַציאונגען. די אַמאָ־ליקע יידישע געטאָ־אָפּגעזונדערטקייט איז כמעט פאַרשוואונדן. מיר טרעפן זיך מיט אונדזערע שכנים נעענטער און אָפטער אין יעדן ווינקל פון אינדי־ווידועלן און סאָציאַלן לעבן. די מחיצה צווישן די צוויי גייסטיקע וועלטן פון יידן און גוים איז אַלץ דינער און דינער געוואָרן. אַ סך פון אונדז האָבן אפילו זיך אָנגעהויבן צו פילן אומבאַקוועם ביים באַנוצן דאָס וואָרט „גוי״, ניט בלויז צוליב די אַסאָציאַציעס פון דערונטערדיקייט וואָס זענען דערמיט פאַרבונדן נאָר דער עיקר ווייל עס דריקט אויס דאָס אַמאָליקע געפיל פון אונדזער פולער אָפּגעשלאָסנקייט פונעם גויאישן לעבן וואָס כאַראַקטעריזירט שוין מער ניט אונדזער איצטיקע יידישע וועלט.

אַזעלכע באַדינגונגען צווינגען ממש אויף אונדז אַרויף אַ ברייטערן און טיפערן וואוקס פון דער לעגאַלער פערזענלעכקייט אין אונדזער נשמה. עס ווערן ביי אונדז פאַרשאַרפט די געפילן פון רעכט, רעכט וואָס מיר זענען מאָראַליש מחויב צו געבן אַנדערע, רעכט וואָס מיר פילן אַז ס׳איז דער חוב פון אַנדערע אונדז צו געבן. אָבער געפילן פון קעגנזייטיקער רעכט־מאָראַל קענען בלויז זיין אַ פּועל יוצא פון אַ פילאָסאָפיע פון מענטשלעכער גלייכהייט. אויף אַזאַ אופן ווערן געבוירן אין אונדז אינערלעכע איבערלעבענישן וואָס זייער טענדענץ איז צו נייטראַליזירן די סענטימענטן פון אייגענער העכערקייט, אָפּצו־שוואַכן די נייגונג זיך צו אידענטיפיצירן צו אינזייטיק מיט די פּאָזיטיווע ווערטן וואָס לעבן אין אונדז.

פון אַ שטרענגן לאָגישן שטאַנדפּונקט איז טאַקע ניטאָ קיין שום סתירה צווישן דעם יידישן באַגריף פון אויסדערוויילטקייט און אַלגעמיין מענטשלעך־רעכטלעכער גלייכהייט, פּונקט ווי ס׳איז ניטאָ קיין סתירה צווישן דער פריווי־לעגירטער פּאָזיציע פון אַן אויסגעקליבענעם העכערן באַאַמטן און זיין מענטש־לעכער גלייכהייט מיט די אַנדערע פון דער באַפעלקערונג. אָבער דאָס איז בלויז אַזוי אין אַבסטראַקטער לאָגיק. אין קאָנקרעטן לעבן קען זיך אין אַזעלכע פאַלן אַנטוויקלען אַ געפיל פון יחוס וואָס איז שוין אויך מחייב אַ געפיל פון אַלגעמיינער העכערקייט. דאָס איז באַזונדערס שכיח ווען די אויסדערוויילטקייט איז ניט באַגרענעצט אין צייט און ניט געשאַפן פון מענטשן נאָר זי איז אַן אייביקע און אַ סאַנקציאָנירטע פון אַ געטלעכער השגחה.

וויכטיקער זענען די פּסיכישע פּראָצעסן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין דער נשמה פון היינטיקן יידן. אפילו ווען ער האָט אַ פאַרבאָרגן געפיל פון גייסטיקער אויסדערוויילטקייט ציטערט ער דאָס צו באַשטעטיקן אפילו פאַר זיך אַליין. אָט די ציטערניש אויף וויפיל זי איז אַ מאָראַלישע אין תוך — שטאַמט פון זיין

אויסגעברייטערטער לעגאַלער פּערזענלעכקייט וואָס ווערט שאָקירט פון יעדער אינערלעך־געפילטער פּריווילעגירטער פּאָזיציע, אפילו ווען ר״ין לאָגיש קענען ביידע לעבן גאַנץ בשלום אונטער איין דאַך. דאָס פירט צו אַן אינערלעכער אומזיכערקייט, וואַקלעניש און אַ לייכטער גרייטקייט איבערצוגיין פון עקס־טרעם צו עקסטרעם אין אָפּשאַצן די ווערטן פון אונדזער גרויסער ירושה. דער אמת איז אַז בעת מיר רעדן היינט וועגן יידישער אויסדערוויילטקייט האָבן מיר אין זינען אַ היסטאָרישן, ניט קיין איצט פונקציאָנירנדיקן, אידייען־קאָמפּלעקס, אַן עפּנטלעך־אינדיפערענטע באַציאונג צום דאָזיקן גלויבן, ווי אַן איצטיקער כוח אין גייסטיקן יידישן לעבן, זעט זיך אַרויס גאַנץ קלאָר אפילו אין אָרטאָדאָקסישע קרייזן.

וואָלט יידישקייט געווען בלויז אַ רעליגיע, אָדער אפילו דער עיקר אַ רעליגיע, וואָלט דאָס געווען באמת אַ פּאַטאַלער צושטאַנד. וואָרעם די זעלבסט־שטענדיקע רעליגיע קען ניט האָבן קיין זכות הקיום סיידן זי איז ניט בלויז אַנדערש נאָר אויך העכער און אמתדיקער. פון דעם איז בלויז איין טראָט צום געדאַנק אַז אירע אָנהענגער זענען אויסדערוויילטע פון גאָט צו שפּילן אַ באַשטימטע ראָלע אינעם גורל פונעם מענטשלעכן מין. אונדזערע רעפאָרמער פון נייַנצנטן יאָרהונדערט האָבן דאָס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, כאָטש זיי האָבן ניט געקענט געפינען קיין קאָנסעקווענטן אויסוועג פון דער סתירה וואָס איז געלעגן אין זייער צוגאַנג. פון איין זייט האָבן זיי זיך באַמיט צו באַווייזן דעם אוניווערסאַלן כאַראַקטער פון דער יידישער רעליגיע, און אַרויסנעמען פון איר יעדע אָנצוהערעניש אויף איר ספּעציעלן יידישע אינ־האַלט. פון דער אַנדערער זייט האָבן זיי געדאַרפט אונטערשטרייכן די ספּעציעלע העכערע מעלות וואָס בלויז די יידישע רעליגיעזע ירושה באַזיצט. אַזוי, למשל, האָט גייגער — דער טעאָרעטישער וואָרט־פירער פון רעפאָרם — אַרויסגע־נומען די ווערטער „מכל האומות" פון דער תפילה „כי בעמך ישראל בחרת מכל האומות". אַזוי האָט ער אויך פון „אתה בחתנו מכל העמים" אַרויסגעלאָזן די ווערטער „מכל העמים". אָבער אין דער אמתן האָט ער דערמיט ווייניק וואָס דערגרייכט. ווען עס פאַרבלייבט דער „אתה בחרתנו" איז שוין אַ קנאַפּע נפקא מינה צי עס שטייט „מכל העמים" צי ניט, עס ווערט שוין ממילא פאַרשטאַנען. וואָרעם דאָרט וואו עס זענען פאַראַן אויסדערוויילטע מוזן זיין אַזעלכע וואָס זענען ניט אויסדערוויילט, אַנדערש האָט דאָך דער באַגריף פון אויסדערוויילט־קייט קיין שום זינען ניט. בכלל, וואָס אוניווערסאַלער עס איז אַן אידייע, אַלץ מער פּאַרטיקולאַריסטיש מוז זיין די גרופּע וואָס איז איר אָנהענגער, ווייל אַזאַ גרופּע מוז דאָך באַזונדערס אַרויסגעהויבן ווערן כדי מען זאָל קענען אָנזען אין די הויכע אמתן צו וועלכע זי האָט דערגרייכט.

ווען עס איז אָבער געקומען צו די פּאָליטישע עלעמענטן זענען די רעפאָר־מער געגאַנגען ביזן אומ׳ברחמנות׳דיקן לאָגישן סוף. דאָס זעט זיך אַרויס ניט

בלויז אין דעם וואָס זיי האָבן באַפרייט דעם סידור פון יעדן זכר פון ציון און ירושלים. אַנדערע אָפּעראַציעס ברענגען דאָס אַרויס אַ סך קלאָרער. נעמט, למשל, די תפילה: „תקע בשופר גדול לחרותנו, ושא נס לקבץ גלויותינו". יצחק מאיר ווייז האָט דאָס געטאָן אַזוי: „תקע בשופר גדול לחרות כל העמים, ושא נס ליחדם בברית שלום". ניט צו וועלן הערן דעם ספּעציעלן יידישן וויי־געשריי, און פאַרשליסן דאָס האַרץ פאַר דער באַזונדערער באַדערפעניש אין „חרות", איז אַ גייסטיקער אַסקעטיזם וואָס האָט פּשוט אַ שלעכטן מאָראַלן געדרוך. אָדער נעמט, למשל, אַזאַ מין גאַנג: אין דער תפילה „מודים" דאַנקען יידן דעם אייבערשטן פאַר זיין הילף און באַשיצונג און: „ועל נסיך שבכל יום עמנו" — פאַר די נסים וואָס גאָט טוט מיט אונדז יעדן טאָג. אַ ייד האָט זיכער געמעגט פילן אַז בלויז דורך נסים זענען מיר געבליבן אין דער וועלט. אָבער ווייז, דער שטרענגער ראַציאָנאַליסט, וואָס טאָר ניט גלויבן אין נסים, האָט אַרויסגעוואָרפן דעם דאָזיקן זאַץ. דער ראַציאָנאַליזם איז בייגעקומען זיין פאָלקס־געפיל. אַזעלכע ווייטגייענדיקע אָפּעראַציעס האָבן זיי אָבער ניט געקענט מאַכן אויפן „אתה בחרתנו". פאַרקערט, זיי האָבן דאָס אומדירעקט אונטערגעשטראָכן דורך זייער מיסיע־טעאָריע, וואָס דאָס איז אייגנטלעך די אַלטע אידייע פון אויסדערוויילטקייט אין אַ מאָדערנעם מלבוש.

אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין. דאָס איז דאָך דער לעצטער אידייאישער עיר מקלט, אויב מיר ווילן בכלל זיין יידן. ווי מיר ווייסן איז דער שטח צווישן רעפאָרם און שמד, אָדער, אין בעסטן פאַל, צווישן רעפאָרם און פולער אָפּפרעמדונג פון יידן, געוואָרן גאַנץ קליין. דאָך אויב אַזאַ שטח איז פאָרט געבליבן נעמט זיך עס, גלויב איך, ניט פונם כוח וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אין דער אידייע פון אויסדערוויילטקייט, נאָר גאָר אין אַן אַנדער ווינקל, אינעם ווינקל פון אונדזער פאָלקישער געבונדנקייט וואָס זיי האָבן בשום אופן ניט געקענט איבעררייסן.

ווי שוין באַקאַנט איז דאָס געפיל פון יידישער אויסדערוויילטקייט אַ פונקציע פון דער יידישער אמונה בעת די וויטאַליטעט פון דער יידישער אומה האָט געגערט אונדזער גלות־געפיל. איז אָבער געשען אַזוי אַז דער „אתה בחרתנו" איז געוואָרן אַלץ שוואַכער אין האַרצן, און אַלץ שטאַרקער אייף די ליפּן פון די טעאָרעטיקער פון רעפאָרם, כאָטש אויף אַן אומדירעקטן אופן. פונקט דער היפוך איז געשען מיטן גלות־געפיל. מיט צונג און פען האָט מען עס אויסגעראָטן מיטן וואָרצל, אָבער אין האַרצן האָט עס געגנאַגט און ניט אָפּגעלאָזן. אין דעם האָבן אַרויסגעהאָלפן סיי אָביעקטיווע באַדינגונגען סיי אינערלעכע איבערלעבענישן. די אָביעקטיווע לאַגע וואָס האָט אַרומגערינגלט די דייטשישע יידן האָט ממש געשריגן פון אַלע דעכער אַז יידן זענען אין גלות. און כאָטש יידן האָבן אַזוי פּאַטעטיש אַפּעלירט צו דער דייטשישער לעגאַלער פערזענלעכקייט, האָבן זיי אָבער בשום אופן ניט געקענט אויפהערן צו פילן

דעם פאַקט, דעם נאַקעטן ברוטאַלן פאַקט — גלות. ווען דאָס האָט זיך צונויפ־געפאָרט מיט דער געבליבענער יידישער ירושה, מיט אירע פאַלקישע וואָרצלען, מיטן טיפן געפיל אַז מיר זענען יידן, האָט דאָס געמוזט ווירקן ווי אַ פּאָזיטיווער כוח אפילו צווישן די וואָס האָבן געמיינט אַז ס׳איז מעגלעך צו בלייבן יידן ווי אַ רעליגיע און דאָך אויפהערן צו זיין יידן ווי אַ היסטאָרישע עטנישע פאָרמאַציע. וויזט אויס אַז גלות־געפיל האָט אין זיך גרויסע פּאָטענציעלע שאַפערישע מעגלעכקייטן.

## 4.

## גלות־געפיל

אַ תלמודישע לעגענדע וויל האָבן אַז „אויף יעדן אָרט וואו ישראל איז פאַרטריבן געוואָרן איז מיט זיי די שכינה אויך פאַרטריבן געוואָרן". די „שכינה" איז אַ רייכער פילפאַרביקער סימבאָל. אָבער ווען עס רעדט זיך וועגן „גלות" מעג מען דרייסט באַנוצן דעם דאָזיקן סימבאָל ווי אַן אויסדרוק פונעם גאַנצן קאָמפּלעקס פּסיכישע צושטאַנדן וואָס פאַרשפּיצן זיך אינעם געפיל אַז מיר זענען אין גלות. דאָס דאָזיקע געפיל איז, ווי ווייט איך ווייס, נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט געוואָרן פאַר אַן אָביעקט פון אַ סאָלידער פאָרשונג. דאָס נעמט זיך מסתמא פון דעם וואָס גלות איז אויך אַ פאַקט, אַ גרויסע צאָל פאַקטן; זיי זענען פאַרבונדן מיט רעליגיעזע, עקאָנאָמישע, סאָציאַלע באַגרענעצונגען און ווילדע רדיפות. האָבן די ביטערע פאַקטן זיך אַזוי שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן אַז זיי האָבן פאַרשטעלט די פּסיכישע ווירקלעכקייט וואָס האָט זיי באַגלייט אויף טריט און שריט. וואָרעם דאָס געפיל פון גלות האָט געגלעט די וואונדן און געמילדערט די גיפטיקייט פון די טראַגישע גלות־פאַקטן. אין די אַלטע צייטן האָבן זיגנדיקע אימפּעריעס חרוב געמאַכט די היימען פון אַ סך פעלקער און זיי פאַרטריבן אין דער פרעמד, אָבער בלויז יידן האָבן די פרעמד פאַרוואַנדלט אין אַ גלות. דער מדרש דריקט דאָס אויס אויף אַ פּרימיטיוו־בילדלעכן אופן. אויפן פּסוק „גלתה יהודה" זאָגט דער מדרש: „אומות העולם אינם גולים, אלא אף על פי שגולים אין גלותם גלות. אומות העולם שאוכלים ושותים מיינם אין גלותם גלות. אבל ישראל שאין אוכלים מפתם ואין שותים מיינם גלותם גלות. אומות העולם שהן מהלכין באסקפטיות שלהם אין גלותם גלות. אבל ישראל שהולכין יחפין גלותם גלות. לכך נאמר ,גלתה יהודה'" (מדרש איכה רבתי, נ"ט, ע"ב). יענע פעלקער זענען אונטערגעגאַנגען ניט דערפאַר ווייל זיי האָבן קיין היים ניט געהאַט נאָר ווייל זיי האָבן אין דער פרעמד קיין אייגענע גייסטיקע היים, מיט קענטיקע נאָרמען פון אַן אייגן לעבן, ניט געקענט אויפבויען. ביי יידן איז אַנדערש געווען, און אַ סך מער ווי דער מדרש ברענגט אַרויס.

ווען דער קעניג פון די כאַזאַרן דריקט אויס זיין מיטגעפיל מיטן געפּאַלענעם מצב אין וועלכן יידן געפינען זיך זאָגט ר׳ יהודה הלוי׳ס העלד אין זיין „כוזרי״: „מיר זענען אפילו קיין גוף ניט, בלויז צעשפּרייטע אברים ווי די טרוקענע ביינער וואָס יחזקאל האָט געזען. אָבער די דאָזיקע ביינער, אָ, מלך פון די כאַזאַרן, וואָס האָבן אויפגעהאַלטן אין זיך אַ שפּור לעבנס־קראַפט — ווייל אין זיי איז אַמאָל געווען אַ האַרץ, מאַרך, אָטעם, נשמה און שכל — זענען בעסער ווי טייל גופים וואָס ווערן געמאַכט פון מאַרמאָר און ליים. יענע האָבן אַ קאָפּ, אויגן, אויערן, און אַלע אברים, וואו עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין רוח חיים, וואו אַזעלכס קען אפילו אין זיי ניט זיין, ווייל זיי זענען ניט קיין אמת׳ע מענטשן נאָר נאָכגעמאַכטע מענטשן״. אָבער אויך ר׳ יהודה הלוי׳ס ווענדונג צו אַן אַמאָליק לעבן וואָס זיין שאָטן איז די נשמה פון די איצטיקע „טרוקענע ביינער״ איז בלויז איין טייל פונעם בילד וואָס דאָס גלות־געפיל שטעלט מיט זיך פאָר. דאָס דאָזיקע געפיל האָט פאַר אונדז געשאַפן אַ טרייסטבּדיקן ראַציאָנאַל און אַ גאַנצע גייסטיקע וועלט אין וועלכער און מיט וועלכער זיך אויסצולעבן: אַ פאָרשטעלונג פון סיבות פאַר דער טראַגעדיע פון חורבן, אַ וויזיע פון אַ גרויסן טאָג פון ליכטיקן אויפבוי, און אַ געפיל פון אַ דערוויילַיקן לעבנס־צושטאַנד צווישן חורבן און גאולה. אָט דאָס איז גלות.

גלות איז דעריבער ניט סתם אַזוי זיך „פרעמד״ אָדער היימלאָזיקייט, און ממילא דער היפוך פון היים. עס איז אַ לעבנס־געפיל פון גאָר אַן אַנדער קאַטעגאָריע. וואָרעם אויף וויפיל דאָס איז אַ פּסיכישע איבערלעבעניש איז עס אַנגעטרונקען מיט די קוואַלן פון אַ היים וואָס איז געווען, פון אַ היים וואָס וועט זיין, און פון די שאַפנדיקע פּאָטענצן פון אַן אינערלעכער היים וואָס איז איצט דאָ.

עס איז נאַטירלעך פאַר די וואָס האָבן ליב צו אָטעמען מיטן אָטעם פון דער יידישער געשיכטע אַז זיי זאָלן טראַכטן וועגן דער ראָלע פון גלות אין אונדזער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. עס איז ניט ווייניקער נאַטירלעך אַז די מיינונגען וועגן דער דאָזיקער ראָלע זאָלן זיין ווייט צעטיילט. אין איין עקסטרעם געפינען זיך אַזעלכע ווי, למשל, הערמאַן כהן, וואָס האַלטן אַז דער אונטערגאַנג פון דער יידישער מלוכה איז געווען אַ ברכה, ווייל ערשט דאָס האָט געעפנט דעם וועג אַז די הויכע אידייען פון יידישקייט זאָלן זיך קענען אויפהאַלטן בקדושה וטהרה, אומבאַפלעקט פון די וואָכעדיקייטן פון אַ פּאָליטישער עקזיסטענץ. דער אַנדערער עקסטרעם האַלט אַז נאָכן חורבן בית שני, אָדער נאָכן בר־כוכבא־אויפשטאַנד, איז די יידישע געשיכטע בכלל „איבערגעריסן״ געוואָרן, און זי וועט זיך ווידער אָנהייבן ערשט ווען עס וועט קומען אַ סוף צום גלות.

מיינונגען זענען נאַטירלעך אָפּהענגיק פון די דעפיניציעס פון די ווערטער אויף וועלכע זיי זענען זיך סומך. וואָס איז אַזוינס „יידישקייט״? וואָס באַטייט

אַן „איבערגעריסענע געשיכטע‟ פון אַ פֿאָלק וואָס לעבט און קען זיין געשיכטע „ווידער אָנהויבן‟? איידער מיר קומען צו אַ הסכם וועגן דעם זינען פון אַזעלכע באַגריפֿן איז שווער עפּעס צו זאָגן וועגן די אַרויסגעזאָגטע מיינונגען. אָבער ווען מיר דערנענטערן זיך צו קאָנקרעטע פּרטים איז מיר באמת שווער צו פֿאַרשטיין די יענע וואָס ווילן אין גאַנצן פֿאַרלייקענען די קאָלאָסאַלע שאַפֿע־רישקייט פֿון יידישן פֿאָלק אין גלות. פֿאַרשטייט זיך, די וואָס האַלטן אַזוי ווייסן אויסגעצייכנט, און בייגן דעם קאָפּ, פֿאַר אונדזערע שיינענדיקע יחוס־בריוו פֿון מענטשן, ווערק, באַוועגונגען, אַלגעמיינע ווערטן, בקיצור פֿון אַלץ וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פֿון די גאַסן און געסלעך אין אַלע לענדער וואו אונדזער פֿוס האָט געטראָטן. זיי ווייסן דאָס, כאָטש זיי ווערן ניט מיד אונטערצושטרייכן די שאָטנדיקע זייטן, די מוראדיקע איינזאַמקייט, די ענגע גרענעצן, די ווייט־קייט פֿון פּראַקטישן לעבן, די צוריקגעצויגענע און אַריינגעצויגענע מענטאַ־ליטעט וואָס האָט ניט געקענט שאַפֿן קיין גרויסע קאָנסטרוקטיווע נאַציאָנאַלע פּלענער, א. אַ. וו.

טיילמאָל דאַכט זיך מיר אַז אין אַזעלכע אַרגומענטאַציעס איז פֿאַראַן אַ פּשוטער לאָגישער פֿעלער. זיי רייסן אַרויס אַן עפּאָכע פֿון איר גאַנצן היסטאָרישן צוזאַמענהאַנג, און קוקן אויף איר דורך מאָדערנע ברילן, קען מען שוין ממילא ניט זען איר שאַפֿערישן, פּאָזיטיוון אויפֿטו וואָס איז געווען אַזוי בולט אויפֿן הינטערגרונט פֿון יענער צייט. עס איז פּונקט ווי מען רייסט אַרויס אַ ציטאַטע פֿון אַן אָרגאַניש־געבונדענעם קאָנטעקסט און מען דרינגט פֿון איר אַרויס דאָס וואָס דער טעקסט גופֿא איז לחלוטין ניט מחייב. אָבער מיר גייט דאָ דער עיקר אין דעם וואָס יענע אַרגומענטאַציעס פֿאַרזעען דאָס גרעסטע פּסיכישע ווערק וואָס יידן האָבן געשאַפֿן אין דער גלות־עפּאָכע. איך האָב אין זינען די אַלע פּסיכישע צושטאַנדן וואָס ווערן סינטעטיזירט אינעם גלות־געפֿיל, און די אַלע טיף־דרינגענדיקע מאַניפֿעסטאַציעס — פֿון אָפּריכטן חצות ביזן עקסטאַטישן משיח־גלויבן — וואָס האָבן גענערט און דערקוויקט די נשמה פֿון אונדזער פֿאָלק.

מיטן באַגריף „גלות‟ קומט פֿאָר עפּעס וואָס איז זייער ענלעך צום מזל פֿונעם באַגריף „רוים‟ אין פֿילאָסאָפֿיע. אַ לאַנגע צייט האָט געלעבט דער אַריסטאָטעלישער געדאַנק אַז רוים איז דאָס וואָס אַנטהאַלט אַלע אָביעקטן פֿון דער דרויסנדיקער וועלט. דאָס איז אַ באַגריף פֿון אַ ליידיקן חלל וואָס האָט גאָרניט וואָס צו טאָן ניט מיט די זאַכן וואָס געפֿינען זיך אין אים, זיכער ניט מיט די מענטשן וואָס נעמען אויף די דאָזיקע זאַכן. אַזאַ באַגריף פֿון רוים האָט אַרויסגערופֿן די שווערסטע פֿילאָסאָפֿישע און פּסיכאָלאָגישע פּראָ־בלעמען וואָס לאָזן זיך פּשוט ניט פֿאַרענטפֿערן. ערשט קאַנט האָט דערזען אין רוים אַן אינטימע שייכות צו דער מענטשלעכער פּסיכיק. שפּעטער איז די דאָזיקע שייכות נאָך ברייטער געוואָרן און שליסט איין אויך די זאַכן,

און זייער גאַנצע „געשיכטע", אַזוי צו זאָגן. עפּעס וואָס איז זייער נאָענט צו דעם קומט אויך פאַר מיטן באַגריף „גלות". געוויינטלעך פאַרשטייט מען אונטער דעם וואָרט אַרומיקע באַדינגונגען: באַגרענעצונגען, שנאה, רדיפות. גלות איז דער חלל, מיר זענען די „זאַכן" וואָס געפינען זיך אין אים. מיר רופן דעם חלל „גלות", ווייל ער איז ניט גלאַטיק, און עס ליגט זיך ניט אין אים באַקוועם; ער איז בערגיק, און טאַליק, און שטעכיק, בקיצור — גלות.

אַוודאי קען מען „גלות" באַטראַכטן אויך פון דער דאַזיקער זייט, און אַוודאי איז דאָס ניט עפּעס אַזעלעכס וואָס קען אונדז פאַרשאַפן נחת. עס פאַרמאָגט ניט גענוג לופט פאַר גייסטיקער עקספּאַנסיע וואָס יידיש־מענטשלעך לעבן דאַרף האָבן. אָבער אין אָט דעם טראַגישן גוף פון גלות האָבן יידן אַריינגעבלאָזן אַזאַ גרויסע נשמה, אַזאַ ריזיקע גייסטיקע קראַפט, וואָס איז געווען אַן אויפמונטערונג און אַ היילונג. זי האָט אונדז געגעבן אי כוח צו ליידן, אי דעם אומגעשטילטן דאָרשט צו שאַפן און בויען אַן אייגן לעבן. זי האָט אין אונדז אויפגעוועקט אַ מערקווערדיק און אייגנאַרטיק געפיל וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט. געוויינטלעך קומט פאַר אַז דאָס באַוואוסטזיין פון אַ צושטאַנד וואָס האָט אַ דערוויילקן כאַראַקטער שוואַכט אָפּ יעדן פאַרלאַנג זיך אַנצושטרענגען, שלאָגט אַראָפּ די פליגלען, מאַכט גייסטיק מיד. ביי אונדז האָט טאַקע דער גלות געגעבן דאָס שאַרפסטע באַוואוסטזיין פון זיין פאַרבייגייענדיקייט, פון זיין דערווייליקייט, און דאָך האָבן מיר אין דעם געפילט אַ דערווייליקייט וואָס איז אַ פונקציע פון וויט־געאַנטער אייביקייט. האָט דאָס נאָך מער פאַרשטאַרקט אונדזער מוט, אונדזער אימפּעט, צו בויען אַן אינערלעך־רייך לעבן, כאָטש די פרעמדע שווערד איז כסדר געהאַנגען איבער אונדזערע קעפּ. מיר האָבן געבענקט נאָך אַ לאַנד, ארץ־ישראל, אַ לאַנד וואָס דורות און דורות האָבן פאַר די אויגן ניט געזען, און געבענקט האָבן מיר מיט אַזאַ בענקשאַפט וואָס זינגט די וועלט איז אַ וועלט, און מענטשן זענען צעטיילט אין פעלקער האָט נאָך אַזאַ אומגעוויינלעכע סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע איבערלעבעניש ניט איינגעשפּאַנט די נשמה פון אַ היסטאָרישן קיבוץ אויף הונדערטער, טויזנטער יאָרן. און דאָך, בעת מיר האָבן זיך געטוליעט צו ציון אין אונדזער וויזיע האָבן מיר מיט שטאָלץ און שמחה געטייטלט אויף דער אָדער יענער עיר ואם בישראל וואָס מיר האָבן געבויט אין גלות צווישן אומגליק און חורבן. די פאַרבאָרגענע קוואַלן פון פּאָטענציעלער אוןווירקלעכער שאַפערישקייט וואָס דער גלות האָט געעפנט — סיי ביי יחידים, סיי ביים כלל — איז באמת ניט אויסצושעפּן און ניט אָפּצושאַצן.

האָב איך מורא אַז די וואָס זעען דאָס ניט, און קענען דעריבער ניט אָפּשאַצן די סטימולירנדיקע טרייב־כוחות פון גלות, נעמט זיך עס דערפון וואָס זיי זעען קודם כל דעם גוף פונעם גלות, דעם פיזישן חלל, אַן עפּעס

אין וועלכן יידן געפינען זיך, ניט די גייסטיקע זייט, דעם עפּעס וואָס געפינט זיך אין יידן. אָבער אַ סך האַרבער און באַדויערלעכער איז דער טעות פון די וואָס מען רופט זיי מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „גלות׳יסטן", כאָטש פאַרן רוב פון זיי פּאַסט זיך באמת ניט דער דאָזיקער נאָמען, ווייל זיי האָבן מיט פולן באַוואוסטזיין אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט „גלות" פון זייער וואָקאַבולאַר און ווילן דורכויס ניט דערלאָזן מיר זאָלן רופן מיט אָט דעם טערמין די לענדער וואו מיר לעבן.

אינעם וויכוח וועגן דעם קאָנסטרוקטיוון ווערט פון אונדזער גלות־געשיכטע פאַרן יידישן קיום איז נאַטירלעך אַז די אַזוי גערופענע גלותיסטן זאָלן האַלטן מיטן פּאָזיטיוון צד. זיי זענען תמיד גרייט מיט אַ ליסט פון אַלע באמת גרויסע ווערטן וואָס יידן האָבן געשאַפן אין גלות, וואָס דאַרף דינען ווי אַ קלאָרע ראיה אַז זייער געדאַנק וועגן אַ גליקלעכער צוקונפט פאַר אונדזער פאָלק אין די איצטיקע וואוין־לענדער איז געבויט אויף אַ זיכערן היסטאָרישן פונדאַמענט. זיי פאַרגעסן אָבער וועגן דעם גרינטלעכן פּסיכאָלאָגישן אונטערשייד צווישן זיי און די אויף וועלכע זיי זענען זיך סומך.

צו זאָגן אַז גלות האָט געבויט, אָדער גלות האָט געשאַפן, איז דאָך נאַטירלעך הוילע רעטאָריק. מיר מיינען, פאַרשטייט זיך, ניט די אַבסטראַקציע גלות, נאָר די קאָנקרעטע יידן וואָס האָבן געלעבט אין גלות. אָבער די שאַפנדיקע כוחות פון יענע יידן האָבן דאָך געשטראָמט פון זייער געפיל־באַוואוסטזיין אַז זיי זענען אין גלות, מיט די אַלע פאַרבונדענע פּסיכישע צושטאַנדן וואָס דאָס איז מחייב. דאָרט וואו דאָס דאָזיקע געפיל איז אָפּגע־טויט געוואָרן, ווי למשל אין דער אַמאָליקער אַלעקסאַנדריע, איז טאָקע גע־וואָרן אויס גלות און אויס יידן. היינט ווי קענען מענטשן, וואָס ווילן אויס־וואָרצלען פון אונדז יעדן סימן פון אַ גלות־באַציאונג צום גלות, זיך פאַרגלייכן מיט יענע וואָס גראָד אַזאַ באַציאונג האָט אַריינגעגאָסן זאַפט און קראַפט אין זייערע בויענדיקע יידישע כוחות?

די אויפפאַסונג פון גלות ווי אַ ריין אָביעקטיווע אַרומיקע וועלט, ווי אַ „חלל", וואָס מען קען אים מיט טעכנישע מיטלען מאַכן אומשעדלעך, האָט זיך, דאַכט זיך מיר, צום שטאַרקסטן נוקם געווען אָן די בונדיסטן. כדי זיך צו באַפרייען פונעם קאָמפּליצירטן גלות־באַגריף האָבן זיי אים צעשניטן אויף דריי טיילן. עס איז אויסגעקומען אַז די איצטיקע יידישע לאַגע קען רעדוצירט ווערן צו דריי שלעכטסקייטן וואָס פאַרביטערן אונדז דאָס לעבן: אַ שלעכטע אָרדענונג, שלעכטע מענטשן, שלעכטע געזעצן. וועט די אָרדענונג ווערן גוט, וועלן מענטשן ווערן גוט, וועלן די געזעצן ווערן גוט, און דאָס וועט נאַטירלעך פירן צו אַ פריי און גליקלעך יידיש לעבן. דער צעהויקערטער חלל וואָס

רופט זיך גלות וועט אויף אַזאַ אופן אויסגעגלעט ווערן און מיר וועלן זיך דאָרט פילן ווייך, באַקוועם, ווי גאָט האָט געבאָטן.

דאָס איז לחלוטין אַן אַנדער צוגאַנג ווי עס האָבן פאַרמאָגט די וואָס האָבן געבויט און געשאַפן אין גלות, וואָס האָבן אין זיך אַליין אַריינגעבויט דעם גלות ווי אַ צינדנדיקע, שאַפנדיקע קראַפט. גלות איז קודם כל מחייב אַ געפיל פון אַן אינערלעך לעבן וואָס רייסט זיך צו גייסטיקער עקספּאַנסיע, און וווּיטיקט ווייל דרויסנדיקע צוימען פאַרשטעלן דעם וועג. די עצם עק־זיסטענץ פון אַ קליינעם קיבוץ אין אַ גרויסן סאָציאַלן ים וואָס איז אַנדערש, וואָס פליסט שטורמיש אין אַנדערע ריכטונגען, שטייט שוין ממילא פּנים אל פּנים מיט אַ כוח וואָס באַגרענעצט, וואָס צוימט, וואָס ברעכט און צעשטערט די שענסטע און אידעאַלסטע אַמביציעס וואָס אַזאַ קיבוץ קען אַרויסברענגען. דער שאָדן וואָס אַזאַ כוח קען ברענגען איז אין גאַנצן ניט אָפּהענגיק פון זיינע דירעקטע כוחות, וואָס קענען זיין די בעסטע. דאָס ליגט אין דער לאַגע, ניט אינעם כאַראַקטער פון דער אָרדענונג, פון די מענטשן, אָדער די געזעצן. דער געדאַנק, אַז סאָציאַליזם האָט די מינדסטע שייכות מיט פאַרזיכערן דעם קיום פון יידישן פאָלק אין גלות איז די גרעסטע זעלבסט־אָפּנאַרעריי אין דער מאָדערנער יידישער געשיכטע. קיין איין פאַלשער משיח אין דער גאַנצער יידישער היסטאָרישער דערפאַרונג האָט אונדז ניט געקאָסט אַזאַ אומגליקלעך־טייערן פּרייז וואָס אונדזער דור האָט באַצאָלט, און וועט נאָך צאָלן און צאָלן, פאַר אָט דער בלענדנדיקער אילוזיע.

לעצטנס האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרבייטן „גלות־פאָלק" אויף „וועלט־פאָלק". איך ווייס ניט וועמען עס קומט די קרוין פאַר אָט דעם איינפאַל. אָבער איך שטעל מיר פאָר אַז דאָס נעמט זיך פונעם פאַרלאַנג אָפּצושטויסן דעם צער וואָס ליגט אין „גלות", און צו פּראָקלאַמירן דעם חשובן ראַנג וואָס ליגט אין „וועלט". דאָס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט ווען דער אומבייט זאָל זיין אין אידייען, ניט בלויז אין ווערטער. דערווייל זעט עס מיר אויס צו זיין בלויז אַ רעטאָרישע ענדערונג אָן שום אינהאַלט. וועלט־פאָלק קען בלויז מיינען אַ פאָלק וואָס זיינע טיילן געפינען זיך אין אַלע לענדער פון דער וועלט. אויף אַזוי ווייט איז דאָס אַ ריין פיזישער פאַקט. וואו זשע שטעקט אין דעם די שמחה פונעם הויכן טיטל וועלט־פאָלק? אויך די גלות־יידן האָבן געוואוסט אַז מיר זענען „אומעטומיק", ווי היינטיקע פּאָעטן דריקן זיך אויס, אָבער זיי האָבן עס גערופן „צעזייט און צעשפּרייט", אַ טערמין וואָס דריקט אויס צער, געדריקטקייט. וואָס זשע איז דער אויפטו ווען מען נעמט די זעלביקע אידייע, און מען רופט זי אָן מיט אַן אויסגעפּוצטן אַדיעקטיוו? מעגלעך אַז „וועלט־פאָלק" וויל אָנווייזן ניט אויפן הוילן פיזישן פאַקט פון זיין צעזייט און צעשפּרייט, נאָר אויף עפּעס אַן אידייע, אַ מין וועלט־מיסיע, אָבער דעמאָלט מאַכט דאָס באַגרענעצטע „פאָלק" קאַליע וואָס די אוניווערסאַלע

„וועלט״ וויל פאַרריכטן. בכל אופן, דאַרף מען דאָס קלאָר אַרויסברענגען. סתם זיך באַנוגענען מיטן ברייטן „ראַזמאַך״ פון „וועלט־פאָלק״ אָן שום חקירה ודרישה וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך האָט ניט קיין זינען און איז פשוט פאַרפירעריש.

דערווייל זע איך ניט איין ווי אַזוי מיר קענען בלייבן וואָס מיר זענען און זיך אָפּזאָגן פונעם באַגריף גלות, דעם כאַראַקטעריסטישסטן, דעם טיפּישסטן אויסדרוק פון יידישן אינטעלעקטועלן און עמאָציאָנעלן אידיאָם. אמת, גלות קען האָבן די פאַרשידנסטע מדרגות פון בעסער און ערגער. עס קען אַפילו זיין אַ גלות וואו דער „חלל״ איז וויכער פאַר יעדן יידן באַזונדער און האַרטער פאַרן יידישן כלל, און פאַרקערט די זעלביקע זאַך. אוודאי איז פאַראַן אַ גרויסע נפקא מינה צווישן די דאָזיקע מדרגות. אָבער גלות בלייבט גלות. און דער וואָס פילט אין אַזאַ לאַגע דעם יאָך פון אַ גלות לעבט אויך מיט האָפענונגען אויף גאולה. און ווען קיין האָפענונג אויף גאולה איז ניטאָ — גאולה פון דער לאַגע, ניט פון דער אָרדענונג׳ פלוס מענטשן פלוס געזעצן — שטאַרבן אָפּ די קרעאַטיווע פּאָטענצן פון פאָלקישן אָרגאַניזם. וואָרעם אַ גלות־פאָלק איז אַזוי לאַנג פאָלק ווי עס איז געבענטשט מיטן געפיל פון גלות. אַזוי שנעל ווי עס הערט אויף צו פילן דעם טעם פון גלות הייבט עס אָן צו פאַרלירן דעם טעם פון פאָלק.

5.

אונטערן דרוק פון דער נייער צייט

דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט און דאָס געפיל פון גלות זענען אייגנטלעך צוויי פאָרמולעס פון אַן אומגעהייער גרויסער צאָל פּרטים וואָס האָבן מאַניפעסטירט אונדזער פּסיכיש פאַרמעגן ווי אַ לעבעדיק פאָלק. דער דרוק פון דער נייער צייט האָט אינערלעך אָפּגעשוואַכט דאָס ערשטע ניט בלויז ווי אַן איבערצייגונג נאָר אויך ווי אַ געפיל. די צעטיילונג צווישן דער אָפּעקטיווער און דער לעגאַלער פערזענלעכקייט האָט נאָך עפּעס געלאָזן, אָבער דאָס געבליבענע פונעם „אתה בחרתנו״ איז צו בלאַס אַז עס זאָל קענען דינען ווי אַן ערנסטער אָנשפּאַר אין אַזאַ טראַגישן קאַמף פאַר אונדזער קיום ווי מיר דאַרפן פירן. מיטן צווייטן, מיטן געפיל פון גלות, איז פאַרגעקומען אַ מאָדנע זאַך. די אָביעקטיווע לאַגע איז אָן אַן אויפהער געווען אַזאַ אַז יעדער טראָפן יידישקייט אין אונדז האָט געשפּירט בחוש אַז מיר זענען אין גלות. אַפילו אויטאָנאָמיעס און געזעצלעכע פאַרבאָטן פון אַנטיסעמיטיזם האָבן דאָס ניט געקענט פאַרשטעלן. אָפּעקטיוו, הייסט עס, זענען מיר געבליבן גלות־יידן אין אַלטן, טראַדיציאָנעלן, עכטן זינען פון וואָרט. אָבער דער טראָפּ פון דער וועלט איז געלעגן אַזוי שווער אויפן צעשייד־פּונקט „רעאַקציע־פּראָגרעס״

אַז אין אַ סך פון אונדז האָט די לעגאַלע פּערזענלעכקייט געפאָדערט מיר זאָלן איבער־דעפינירן אונדזער גלות־געפיל. ניט פון גלות ליידן מיר, לויט דעם דאָזיקן צוגאַנג, נאָר פון רעאַקציע. אַזוי קומט אויס אַז גלות איז אין תוך גאָרניט קיין יידישער ענין, און ס׳איז גאָרניט נייטיק מיר זאָלן זיך באַזאָרגן מיט אייגענע פּסיכישע כלי־זיין כדי זיך צו באַשיצן.

עס זענען געווען צוויי אָרגאַניזירטע באַוועגונגען וואָס האָבן געצויגן די מוראדיקסטע קאָנסעקווענצן פון דער דאָזיקער לאַגע: דער רעפאָרמער אין מערב און די בונדיסטן אין מזרח. די רעפאָרמער האָבן, ווי אַ פּועל יוצא פונעם קאַמף פאַר עמאַנציפּאַציע, טעאָרעטיש „אויפגעגעבן" דעם גלות, כאָטש פּראַקטיש האָט ער אַראָפּגעשריגן פון אַלע דייטשישע דעכער און אַרויסגעשריגן פון אַלע יידישע יידן אין יענעם לאַנד. פאַרקערט, אינעם אתה בחרתנו האָבן זיי זיך באַמיט מיט אַלע כוחות אַריינצובלאָזן אַ טעאָרעטישע נשמה, כאָטש די פּראַקטישע געלעגנהייטן האָבן ביים פּשוטן דייטשישן יידן, מיט זיין רייסן זיך צו דערנענטערן צו די גויאישע שכנים, קנאַפּ וואָס אונטערגעשטיצט אַזאַ גייסטיקע יחסנות. אַזוי איז ביי זיי דער יידישער קיום בלינד געוואָרן אויף איין אויג, דעם רעכטן אויג.

די בונדיסטן זענען געגאַנגען אַביסל ווייטער. אָפן האָבן זיי זיך בכלל ניט מפלפּל געווען וועגן אַזעלכע ענינים. עס איז ממש צו שטוינען, און דאָס איז דער בעסטער עדות פונעם גרויליקן דרוק פון דער צייט, אַז אַזאַ וויכטיקע און צאָלרייכע פּאַרטיי האָט אין משך פון איר גאַנצער עקזיסטענץ ניט געזאָגט קיין איין אינציק וואָגיק וואָרט וועגן יידן און יידישקייט. זייענדיק געבונדן צו דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער באַוועגונג האָבן זיי בכלל געהאַט אַנדערע דאגות אויפן קאָפּ. זיי האָבן זיכער געמיינט אַז שטעלונגען צו „רעאַקציע־פּראָגרעס" זענען שוין ממילא כולל אַלץ וועגן יידן. אָבער אין דער אונטערשטער שורה האָבן זיי אָן שום קוואַליפיקאַציעס און באַוואָרענישן זיך אָפּגעזאָגט קאַטעגאָריש פון דער יידישער אַפעקטיווער פּערזענלעכקייט און אָפּגעוואָרפן ביידע, אי דאָס געפיל פון אויסדערוויילטקייט, אי דאָס געפיל פון גלות. אַזוי איז ביי זיי דער יידישער קיום בלינד געוואָרן אויף ביידע אויגן.

פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די לאָגיק פון דער לעגאַלער פּערזענלעכקייט אין איר ווידערווילן צום גלות־געפיל. די לענדער וואו מיר לעבן איצט זענען אונדזערע פּסיכאָלאָגישע און יורידישע היימען. דאָס וואָס אין זיי קומט פאַר איז אונדז זייער שטאַרק נוגע, סיי פון אַ יידישן, סיי פון אַ מענטשלעכן שטאַנדפּונקט. אויב גלות־געפיל קען אונדז אָפּפרעמדן, אָדער אַפילו אָפּקילן אונדזער וואַרעמקייט צום לאַנד און זיינע אינטערעסן, און צו זיינע שווערע פּראָבלעמען פון רעאַקציע־פּראָגרעס, וואָלט דאָס געווען פאַר אונדז די גרעסטע סכנה. אַפילו דער אומקוואַליפיצירטער

אָנהענגער פון אַן אייגענעם יידישן טעריטאָריעלן צענטער קען פאַרשטיין אַז עס וועט זיין אַן אומגליק פאַר אַזאַ צענטער אויב די יידן אין גלות וועלן בלייבן פרעמדע אין זייערע לענדער, און דאָס דאָרטיקע לעבן וועט זיי ניט אָנגיין ווי דאָס לעבן פון אַן אייגענער באַרעכטיקטער און געפילטער היים.

אָבער די לאָגישע שוואַכקייט פון אַזאַ מורא באַשטייט אין דעם וואָס „גלות" ווערט אויסגעטייטשט ווי דער היפוך פון אַ פּאָליטיש־אומאָפּהענגיקער היים, אַזוי אַז פּסיכאָלאָגיש מוז געטריישאַפט צו איינס אויסשליסן דאָס צווייטע. די גאַנצע יידישע געשיכטע אין גלות, אַ געשיכטע פון יידן, וואָס האָבן דאָס גלות־געפיל געטראָגן אין האַרצן און אין באַוואוסטזיין, לייקנט דאָס אָפּ. יעדעס ביסל פריינדלעכקייט, וואָס די פרעמדע הערשער, אָדער די ניט־יידישע שכנים, האָבן אונדז אַרויסגעוויזן, האָט אַרויסגערופן ביי יידן אַ וואַ־רעמע צוגעבונדנקייט צום גאַנצן לעבן פון לאַנד. בכלל, דאָס לעבן פון מענטשן ווערט ניט געפירט לויט לאָגישע, נאָר לויט פּסיכאָלאָגישע כללים, און פּסיכאָלאָגיש איז וויניק צו זאָגן, אַז דאָס זענען ניט קיין סתירות; דאָס איז דאָך באמת דער נאַטירלעכער לעבנס־גאַנג פון דער מענטשלעכער נשמה. מיליאָנען היגע אירלענדער זענען וואַרעמע אַמעריקאַנער פּאַטריאָטן. דאָס שטערט זיי אָבער ניט צו האַלטן מיט אירלאַנד אין איר איצטיקער נייטראַ־ליטעט. אַזעלכע פּילפּאַכיקע געטריישאַפטן איז דאָס טיפּישסטע, וואָס מיר געפינען צווישן מענטשן.

אָבער אַפילו דאָס איז אַ שוואַכע אַנאַלאָגיע צו דער אילוזאָרישער סתירה פון אַ יידיש־גלות־געפיל אין אַ לאַנד, וואָס אַלע זיינע אינטערעסן זענען אָרגאַניש געבונדן צו אונדזער לעבן. גלות איז אַ פּסיכישע דערפאַרונג, וואָס ליגט אין סאַמע וואָרצל פון דער אַפעקטיווער יידישער פּערזענלעכקייט אויף וויפיל זי איז יידיש גאַנץ, אויף וויפיל אירע לעבנס־זאַפטן זענען ניט אויס־געטריקנט. צוגעבונדנקייט צום לאַנד רירט אָן אַפעקטיוו דעם אַלגעמיינעם מענטשן אין אונדז, אָבער אויך די יידישע פּערזענלעכקייט, פון דער לעגאַלער זייט, וואָס וואָרצלט ניט וויניקער אין דער טיפעניש פון אונדזער וועזן, און זי רופט אַרויס גלייכצייטיק אַ באַציאונג, וואָס טראָגט אין זיך אַלע פּאָטענצן פון וואַרעמסטן פּאַטריאָטיזם. פּונקט ווי עס איז ניטאָ קיין שום סתירה צווישן זיך פילן אַן „אויסדערוויילטער", ד"ה, זיך דעפינירן לויט די אייגענע פּאָזיטיווע ווערטן, און זיך איינשטעלן מיטן גאַנצן האַרצן פאַרן געדאַנק פון מענטשלעכער גלייכהייט, אַזוי איז אויך ניטאָ קיין שום פּסיכאָ־לאָגישע סתירה צווישן טראָגן אין זיך דאָס געפיל פון גלות און זיין וואַרעם צוגעבונדן צום לאַנד אין דער זעלביקער צייט. אַ סך יידישע דורות האָבן דאָס באַוויזן אויף זייער אַ רירנדיקן אופן. יידן באַווייזן דאָס אין איצטיקן מאָמענט מיט ראיות וואָס פאַרחתמענען דעם דאָזיקן פאַקט מיט פייער און בלוט עד סוף כל הדורות.

און אפשר רייס איך זיך אין אַן אָפענער טיר? אפשר טראָגן מיר אַלע דאָס גלות־געפיל, נאָר טייל פון אונדז האָבן פשוט מורא מען זאָל יידן צוליב דעם ניט חושד זיין אין גלייכגילטיקייט צום גורל פון לאַנד, דעריבער באַהאַלטן זיי דאָס? אויך דאָס וואָלט געווען גלות־געפיל, אָבער אויף דער לינקער זייט, וואָס באַליידיקט די חשיבות פון אַ מענטשן. דר. יעקב קלאַצקין דערציילט וועגן אַ פּאַסירונג בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. די פּאַרשטייער פון דער סינאַגאָגע אין האַמערשטיין, מערב פּרייסן, „האָבן זיך מיט צאָרן אָפּגעזאָגט מקבר צו זיין אַ יידישן זעלנער פון פראַנקרייך" אויפן דאָרטיקן יידישן בית־עלמין. האָבן זיי באמת געפילט אַזאַ שנאה צום טויטן יידישן זעלנער ווייל ער איז פון אַ פיינטלעכער אַרמיי, אָדער האָבן זיי מורא געהאַט, אַז מען קען זיי נאָך באַשולדיקן אין „אינטערנאַציאָנאַלן יידנטום"? איך וויל יענע יידן קיין מוסר ניט זאָגן. פּיקוח נפש איז דוחה כ׳ווייס וואָס. איך קען מיר פּאָרשטעלן אַז דייטשע קאַטאָליקן וואָלטן אַנדערש געקוקט אויף אַ טויטן קאַטוילישן זעלנער פון פראַנקרייך. אָבער, מילא, יידן זענען אין גלות. אויך די וואָס פּאַרלייקענען דאָס זענען פסיכיש און פיזיש אין גלות. אָבער די וואָס ווילן דאָס מיט די ליפּן אָפּוואַרפן שפּרינגט עס אַרויס ביי זיי אויף אַ פּאַרשטעלטן אופן וואָס איז שוין עטיש ניט אַזוי ציכטיק און עסטעטיש ניט אַזוי שיין. טאָ לאָמיר אין גלות זיך מאָראַליש שטאַרקן און זיך אָפּן אָנערקענען ווי גלות־יידן, און לערנען אונדזערע קינדער דאָס צו זיין, אַזוי אַז ווען „והיה כי ישאלך בנך לאמר" — זאָל דער תירוץ ליגן ווי אויף דער האַנט.

(1944)

# דער באַגריף גלות

דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז אין אונדזער איצטיקן קאַטאַסטראָפאַלן מצב וועלן מיר ניט אַרונטערפאַלן אונטער דער שליטה פון אַ קאַבאַליסטישער מיסטיק, און עס וועט נישט אויפשטיין קיין שבתי צבי מיט אַ בשורה פון גאולה אויף די ליפּן. מעגלעך, אַז ערגעץ וואו האָט זיך שוין יאָ באַוויזן אַזאַ משיחישע פיגור, אָבער יידן, ווי היינטיקע, מאָדערנע מענטשן, האָבן מסתמא אים גלייך איבערגעגעבן אין די הענט פון אַ קאָמפּעטענטן פּסיכיאַטער. דאָס האַרץ זאָגט מיר אויך, אַז מיר דאַרפן זיך איצט ניט ריכטן אויף דער גלעטנדיקער טרייסט און אינערלעך־יידישער דערהויבנקייט פון אַ ניי־אויפקומענדיקער חסידות, מיט אירע רייכע קוואַלן פון גלויבן און האָפענונג, מיט איר אַלכעמישן איבערשמעלצן דאָס וואָס דערנידעריקט און דערשלאָגט אין יידישן צער אויפן רייַנסטן גאָלד פון לויטערער שמחה און עלית נשמה. דער איצטיקער חורבן איז געקומען אין אַ צייט ווען התפשטות הגשמיות קען מער ניט זיין קיין פּאָפּולערע לאָזונג אַפילו פאַר אַ פאָלק וואָס זיין גשמיותדיקער יסוד איז אַזוי קרענקלעך־שלאַבעריק.

פונעם יאָר 70, דעם יאָר פון חורבן בית שני, ביזן היינטיקן טאָג זענען אַ סך וואַסערן פאַרפלאָסן, אַ סך טייכן וואו יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אָן אַן אויפהער, און דאָך זענען מיר דאָ, לעבעדיקע עדות פון אַ ווייטן עבר, און האָבן נאָך אַפילו דעם כוח צו צינדן וויסנשאַפטלעך־אָביעקטיווע יאָרצייטליכט נאָך אונדזערע אַמאָליקע שונאים און שכנים. יענע האָבן שוין לאַנג אויסגעהויכט זייערע נאַציאָנאַלע נשמות אויף די פאַרשיידענע בית־עלמינס פון דער אַמאָליקער וועלט, בעת מיר, זייערע צעטראָטענע קרבנות, גייען נאָך אַלץ אַרום אויף דער ערד מיט אַ לעבעדיקן קאָפּ וואָס חלומט גרויסע פאָלקישע חלומות. זעט אויס, אַז אונדז, טראַכטנדיק אין היסטאָריש־נאַציאָנאַלע טערמינען, האָט דער גלות גאָרניט געשאַט.

„ניט געשאַט?" פרעגט אַ פאַרשפּרייטע מיינונג, און ענטפערט: „ניין, אונדז אַן אייביקע טובה געטאָן. איצט, אחר המעשה, מעגן מיר זיך פאַרגינען צו זיין גרויסמוטיק און באַדאַנקען די רוימער ניט בלויז פאַרן חורבן, נאָר אויך פאַרן דורכפאַל פונעם בר־כוכבא אויפשטאַנד. וואָרעם וואָלטן מיר געבליבן אויף אונדזער לאַנד, וואָלטן מיר מסתמא געהאַט דעם זעלביקן גורל וואָס אַנדערע פעלקער פון יענער צייט, עס וואָלט שוין פון אונדז קיין שריד ופליט ניט געבליבן". דאָס איז, פאַרשטייט זיך, אַ היסטאָריאָסאָפישע ספּעקולאַציע, וועגן וועלכער עס קען קיין זיכערקייט ניט זיין, אָבער מען קען ניט לייקענען אַז אַזאַ מעגלעכקייט לייגט זיך גאַנץ גוט אויפן שכל. איך קען גאַנץ גוט פאַרשטיין, אַז דאָס הייליקע לאַנד פון ר' יהודה הלוי'ס בענקשאַפט

זאָל זיין אַ שטאַרקערער פאַקטאָר אינעם צונויפהאַלט פונעם שפּאַניש־יידישן ישוב ווי די רעאַלע ערד וואָלט געווען פאַר אַ ישוב אין ארץ־ישראל גופא. די פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען פון יענער צייט האָבן זיכער געהאָלפן, אַז דער דאָזיקער כמעט־פּאַראַדאָקס זאָל קענען זיין אַן אָביעקטיווער אמת. סיי די ברייטע מעגלעכקייטן פאַר אַן אָרגאַניזירט, אייגנאַרטיק קהילה־לעבן אין גלות, סיי דאָס וואָס די פעלקער האָבן גאַנץ לייכט אונדז געקענט פאַרגינען זיך אַרומצוטראָגן מיט אַ „פּסיכיש" ארץ־ישראל, האָבן אונדז געקענט אָנפילן מיט די ריזיקסטע אויסהאַלט־כוחות וואָס דאָס אידעאַלע אין יידישן גייסט, און אין גייסט בכלל, פאַרמאָגט.

אָבער ניט בלויז דאָס. מען ווערט ניט מיד אונטערצושטרייכן די אומגעהייערע ווערטן וואָס מיר האָבן געשאַפן דווקא אין דער גלות־צייט. דער צעטל איז זייער לאַנג און זייער אימפּאָזאַנט; פון תלמוד בבלי ביז די לעצטע פּוסקים און מפרשים, פון פילון פון אַלעקסאַנדריע ביז ר' נחמן קראָכמאַל, אָדער הערמאַן קאָהען. היינט דער אַלץ־אַרומנעמענדיקער לעבנס־שטייגער, יידישע שפּראַך, פאָלקלאָר, ליטעראַטור, דאָס מאָדערנע העברעאיש, אויפבוי פון ארץ ישראל. דער גלות דאַרף ביי זיך גאָרניט אַראָפּפאַלן, און בנוגע יידישע שאַפערישקייטן קען ער אויסהאַלטן דעם שטרענגסטן עקזאַמען מיט די גרעסטע אויסצייכענונגען. מיר האָבן אין גלות געלעבט לענגער ווי אין אַן אייגן לאַנד. מיר האָבן איןביידע עפּאָכעס געהאַט גענוג צרות און ניט ווייניק נחת. אָבער דער נחת פון גלות, דער פאַקט וואָס מיר האָבן דערלעבט דאָס אַלץ צו דערציילן, און האָבן נאָך כוח זיך צו ווערן קעגן דעם מלאך המות וואָס לויערט אויף אונדז, דאָס דאַרף אויף אונדז מאַכן דעם שטאַרקסטן איינדרוק. וואָרעם על פּי שכל וואָלט מען זיך געדאַרפט ריכטן אַז אין גלות, פרעמדע, אומגעבעטענע געסט, שוואַכע אין די הענט פון שטאַרקע, אַ קליינע צאָל אין די הענט פון גרויסע מענגעס, ניין, אין אַזאַ לאַגע, וואָלט מער פון אונדז קיין זכר ניט געדאַרפט בלייבן אין אַ גאַנץ קורצער צייט. זעט אויס, אַז מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אויף דער וועלט און ער האָט אונדז דווקא אין גלות דן געווען לחיים ולא למות. איז דאָך מעגלעך, אַז גלות פאַרמאָגט אין זיך אַזעלכע צעמענטירנדיקע און אויפהאַלטנדיקע כוחות וואָס אַפילו אַן אייגן לאַנד האָט זיי ניט.

איך קען ניט געפינען קיין לאָגישן פעלער אין דער דאָזיקער אַרגומענטאַציע. איך וועל נאָך גיין ווייטער און זאָגן, אַז ווען עמעצער זאָל וועלן אויפהייבן דעם מצב פון גלות, פון יידישן גלות, פון דעם וואָס איז טראַדיציאָנעל תמיד געלעגן אין באַגריף גלות, צו דער מדרגה פון אַן אידעאַלן צושטאַנד, וואָלט ער געהאַט אַ גענוג שטאַרקן היסטאָרישן פונדאַמענט אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן. דאָס פאַרפירערישע אין די דאָזיקע טענות הייבט זיך אָן ערשט דעמאָלט, ווען מען וויל דערפון עפּעס דרינגען אויף דער היינטיקער

צייט, אין אַ צייט פון אויס־גלות. אין ערשטן יאָרהונדערט האָבן די רוימער חרוב געמאַכט ארץ ישראל, און עס הייבט זיך אָן די גלות־עפּאָכע אין אונדזער געשיכטע. אין ניינצנטן יאָרהונדערט האָבן עמאַנציפּירטע יידן, אונטער דער ווירקונג פונעם צייט־גייסט, חרוב געמאַכט דעם גייסט פון גלות, דעם גייסט וואָס בלויז ער האָט אָנגעפּילט אונדזערע שאַצקאַמערן מיט די אַלע געשאַפענע אוצרות אין די אַכצן הונדערט יאָר וואָס צווישן לאַנד־חורבן און גלות־חורבן.

פאַרצייטנס זענען יידן ניט געווען די איינציקע פאַרטריבן צו ווערן פון זייער לאַנד און פאַרוואָגלט צו ווערן אויף פרעמדער ערד. יידן זענען קיינמאָל ניט געווען די איינציקע מינאָריטעט־גרופּע, אַ שכן ביים הערשנדיקן באַלע־באָס פון לאַנד, אָבער יידן זענען יאָ די איינציקע זיך צו שאַפן דאָס געפיל און ממילא דעם באַגריף גלות, וואָס שפּילט אַזאַ אומגעהייערע ראָלע אין אונדזער ליטעראַטור און פאָלקלאָר זינט גלות בבל. געוויינטלעך באַנוצן מיר דאָס וואָרט גלות ווי אַ סינאָנים פון תפוצות ישראל, אָדער חוץ לארץ, פּשוט ווי אַ באַצייכענונג פון די ערטער, וואו יידן לעבן ביי פרעמדע פעלקער, ניט אונטער אַן אייגענער ממשלה, און האָבן ניט קיין נאַציאָנאַל־היסטאָרישע תביעות אויפן לאַנד. דאָס איז באמת ניט מער ווי אַ ריין דרויסנדיקע כאַראַק־טעריסטיק פון דעם וואָס אונדזער פאָלק האָט אַריינגעלייגט אין אָט דעם באַגריף. דער כוח פון גלות אין יידישער געשיכטע קען דאָך ניט ליגן אין באַשטימטע פיזישע פונקטן פון דער וועלט. אַ היסטאָרישער כוח מוז דאָך האָבן צו טאָן מיט מענטשן וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אויף באַשטימטע אופנים. ממילא, ווען מיר רעדן וועגן גלות, נעמט דאָס אין זיך אַריין דער עיקר גלות־יידן, אייגנשאַפטן, כאַראַקטער־שטריכן, באַציאונגען, לעבנס־פאָרמען, פון מענטשן וואָס האָבן געמאַכט פונעם לעבן אין דער פרעמד אַ געשטאַלטנדיקע פאָלקישע ספערע פון אַ באַשטימטן טיפּ. עס איז דעריבער פאַלש, ווען מיר באַנוצן גלות אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען בלויז אַ פיזישער באַגריף, אַ באַשטימטער פלאַץ אויף דער ערד, אָדער בלויז אַ פּאָליטישער באַגריף, אַ מינאָריטעט אין שכנות ביי אַן אַנדער פאָלק וואָס איז אַ סך גרעסער אין צאָל. דאָס לעצטע איז אויך אמת וועגן אַנדערע פעלקער און דאָך האָבן זיי אַזאַ באַגריף קיינמאָל פאַר זיך ניט געשאַפן.

גלות איז ניט קיין גלייכגילטיקער פאַקט, נאָר דער עיקר אַן אָפּשאַצונג פון אַ פאַקט און אַ געוויסע באַציאונג צו אים. עס איז „ביטערער גלות", אָדער „גלות נעבעך". עס איז „לאַנג ווי דער יידישער גלות", און דער „לאַנג" איז דאָ ניט קיין הוילע באַצייכענונג פון צייט, נאָר אויך פון דער ביטערקייט און דער נעבעכדיקייט וואָס די דאָזיקע צייט טראָגט אין זיך. נאָך מער, גלות איז מחייב אַ האָפענונג אויף גאולה. דאָס זענען באמת צוויי זייטן פון דער זעלביקער מטבע. אָן גאולה איז מער ניטאָ קיין גלות אין היסטאָריש־יידישן זינען. עס ווערט דערפון בלויז אַ צייט פון פיזישער

מאַטערניש, ווי ביי אַמאַליקע שקלאַפן. נאָך ערגער: עס ווערט בלויז אַ צושטאַנד וואָס אָדער מען מאַכט שלום מיט אים, אָדער מען זוכט זיך פון אים אַרויסצוגליטשן, ניט ווי אַ פאָלק נאָר ווי יחידים. אַזוי זענען יידישע דורות און ישובים אונטערגעגאַנגען. זיי האָבן געוואָלט, אָן העכערע נאַציאָנאַלע האָפענונגען, בלייבן אין די גלות־לענדער, אָבער ניט זיין אין גלות. די יידישע געשיכטע ווייס פון עטלעכע גלותן; יעדער מיט זיין אייגן פנים. אָבער איין כאַראַקטעריסטיק פאַרבינדט זיי אַלע: זיי ענדיקן זיך מיט אַן אומקער, צו אַ פריי לעבן אין אייגענעם לאַנד. דער מינדסטער בר דעת וועט פאַרשטיין, אַז די אומגעהייערע קרעאַטיווע ענערגיע, וואָס דער גלות האָט אַרויסגעוויזן, האָט געצויגן איר יניקה פונעם גאולה־חלום, וואָס האָט תמיד געשוועבט איבער זיין יאָמערטאָל.

עס איז וויניק צו זאָגן, אַז גלות האָט גענערט די משיח־אידייע. די עקסטראַוואַגאַנטע משיח־בילדער, וואָס אונדזער פאָלק האָט ניט אויפגעהערט צו מאָלן און צו אָרנאַמענטירן, זענען אַ טייל פון דער סאַמע דעפיניציע פונעם גלות־געפיל וואָס מיר האָבן אין זיך געטראָגן. וואָרעם דער עצם זינען פון גלות איז אי זיין דערוווײַליקייט, אי די געבענטשטע פאַרגיטיקונג וואָס גרייט זיך פאַר אונדז אין די טעג וואָס וועלן קומען. דעריבער האָט די פאָלקס־פאַנטאַזיע געמאָלן מיט די גרויליקסטע פאַרבן די חבלי משיח. תלמוד און מדרשים זענען פול מיט די שוואַרצע בילדער פון די יסורים, וואָס מיר וועלן דעמאָלט דאַרפן אַריבערטראָגן. ניט בלויז צרות פון שונאים, אויך דער גייסטיקער מצב אין דער אייגענער היים וועט אַלץ ווערן ערגער און ערגער. קיינער וועט דעמאָלט ניט פאָלגן דעם פסק דין פון בית דין. דאָס לעבן וועט ווערן הפקר. קיינער וועט ניט לערנען קיין תורה. פרומע יידן וועט מען פאַראַכטן. דער בית הכנסת וועט ווערן אַ הויז פאַר אויסגע־לאַסנקייט. דערפאַר אָבער, ווען דער גרויסער טאָג וועט קומען, ווער וועט זיך מיט אונדז קענען פאַרגלייכן? פונקט ווי עס זענען שוואַרץ און גרויליק די בילדער פון די צרות, אַזוי זענען בלענדנדיק ליכטיק און איינגעטונקען אין שכינה־לויטערקייט די בילדער פונעם גרויסן שכר, וואָס גרייט זיך פאַר אונדז. ירושלים וועט דעמאָלט זיין דאָס וואונדער פון דער וועלט. די גאַנצע שטאָט וועט שטיין אויף אַ הויכן באַרג, צען פרסאות (איבער דרייסיק מייל) העכער ווי איצט, און זי וועט זיין אויסגעשפרייט ביז די טויערן פון דמשק. ווען מען רעדט וועגן די שאַפנדיקע כוחות פון גלות און מען לאָזט אויס דעם פסיכישן צושטאַנד פונעם גלות־יידן, איז פונקט ווי מען זאָל וועלן באַווייזן, אַז די ענגלישע שטאָט סטראַטפאָרד, אָדער לאָנדאָן, פאַרמאָגט אין זיך אַליין געניאַלע מעגלעכקייטן, והא ראיה: שעקספירס ווערק.

די אַטאַקע אויפן גלות אין מזרח־אייראָפּע, ביים סוף פון נײַנצנטן יאָר־הונדערט, איז געקומען פון צוויי זייטן. קודם כל, דער ציוניזם. איך האָב

דאָ, פאַרשטייט זיך, ניט אין זינען דעם ציוניזם ווי אַ פּראַקטישן פּלאַן צו געפינען אַן אויסוועג פון אונדזער לאַגע. דאָס געהער ניט צו דער טעמע, וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט. איך מיין דאָ דער עיקר דאָס ציוניסטישע אָפּ־גרענעצן זיך פון דער אַזוי־גערופענער גלות־פּסיכאָלאָגיע. די צאָרנדיקע אָפּאָזיציע קעגן דעם האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה אין ארץ ישראל, ווען דער ישוב איז געוואָרן געבוגג גרויס און וויכטיק צו שפּילן זיין געוואַלדיקע ראָלע אין אַלגעמיינעם יידיש־נאַציאָנאַלן אויפבוי. דאָס האָבן די בויער פון ארץ־ישראל, די קינדער פון די גלות־יידן, געוואָלט אַראָפּשאָקלען פון זיך יעדן סימן פון די, וואָס האָבן זיי געגעבן די געבענטשטע תאווה צו ווערן ארץ־ישראל־בויער.

מען מוז מודה זיין, אַז דער טראַדיציאָנעלער געטאָ־ייד האָט אין זיין מסירת נפשדיקער זעלבסט־פאַרטיידיקונג אויסגעאַרבעט ביי זיך אַ סך אייגנ־שאַפטן וואָס זענען לחלוטין ניט צוגעפּאַסט צו בויען אַ לאַנד, ארץ־ישראל, יאָ מלוכה אָדער ניט מלוכה. די דערוויטערטע באַציאונגען צו אַלגעמיינע פּאָליטישע געשעענישן, צו וועלט־זאַכן בכלל; דער שטענדיקער פּחד פאַרן שטאַרקערן, בייזן שכן; די ווערטן, סקאַלעס און יחוסדיקע בילכערקייטן, וואָס יענער ייד האָט אָוועקגעשטעלט אין שייכות צו יידישער און וועלטלעכער בילדונג, צום אויסקלייב פון פּרנסות; זיינע פאַרעלטערטע באַגריפן וועגן דער נייטיקייט און די פאָרמען פון אָרגאַניזאַציאָנעלן מעכאַניזם אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן, דאָס אַלץ איז זיכער ניט קיין פּאַסיקער קאַפּיטאַל אין אַזאַ ריזיקער פּיאָנערישער אונטערנעמונג ווי דער אויפבוי פון אַ יידיש ארץ־ישראל. דער זעלביקער ייד האָט אָבער אויך אויפגעבויט אַ שטייגער, אַ געמיט, מאָראַלע נאָרמען אין זיינע באַציאונגען צו ייד און מענטש, אַ גאַנצע פּסיכישע וועלט, וואָס אָן דעם איז יידיש לעבן אין ארץ־ישראל נאָך מער ווי אין חוץ לארץ — און איך מיין טאַקע יידיש לעבן — בכלל אומדענקבאַר.

יענעם יידן האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס המשכדיקע לעבן פון אונדזער פאָלק אויף אַזאַ רירנדיק־אינטענסיוון אופן, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט. בלויז פון אים האָבן דאָך די, וואָס שאַפן היינט יידישע קולטור־ווערטן, אָדער בויען ארץ־ישראל, געקראָגן אונדזער רייכע ירושה, דאָס גאַנצע יידישע און מענטשלעכע פייער אין די הערצער פון אונדזער גייסטיקער שארית הפליטה. יענער ייד האָט דאָך אַזוי פאַרפערזענלעכט זיין טיפע יידישקייט, אַז אַפילו ווען ער האָט געלעבט אַליין אין אַ מדבר, אָדער אַרומגערינגלט פון שונאים און פרעמדע, האָט ער געקענט אָפּהיטן זיין ירושה און איבערגעבן זי אין איר מאָראַלער דערהויבנקייט די קומענדיקע דורות.

מען האָט אַמאָל געפרעגט ביי אַ חסידישן רבין: „פאַרוואָס קענען ערלעכע יידן לעבן אַליין אין זייער פרומקייט און זענען ניט להוט איבערצורעדן אַנדערע צו גיין אויף זייערע וועגן, בעת אפּיקורסים ווילן רק אַריינציען

אַנדערע יידן אין זייערע דרכים?" דער רבי האָט געענטפערט: „דער וועג פונעם ערלעכן יידן איז ליכטיק, האָט ער ניט קיין מורא צו גיין אַליין, דער וועג פונעם אַפּיקורס איז פינצטער, וויל ער האָבן חברים מיט זיך ער זאָל זיך ווייניקער שרעקן". אָט דאָס געפיל פונעם אינערלעכן ליכט אין זיך האָט דער גלות־ייד אַזוי שטאַרק געהיט אין משך פון דורות, אַז קיין רשעות־דיקע ווינטן האָבן עס ניט געקענט פאַרלעשן. יאָ, בלויז גלות־פּסיכאָלאָגיע האָט דאָס געקענט דערגרייכן. ווי אומדאַנקבאַר עס איז מצד די מאָדערנע אייניקלעך אויפצוהייבן אַ האַנט קעגן אים.

די גלות־פּסיכאָלאָגיע איז געווען אונדזער שוץ און אונדזער פעסטונג. דאָס, וואָס מיר באַטראַכטן איצט פאַר חסרונות, זענען געווען גרויסע מעלות אין זייער צייט, אין באַשטימטע לעבנס־תנאים. ווען נייע צייטן זענען גע־קומען, זענען פאַרגעקומען ענדערונגען אַפילו ביי די אַלטפרענקישע יידן. סיי דער גלות, סיי ארץ ישראל האָבן פון דעם געוואָסן. דער גאַנג פון די דאָזיקע ענדערונגען איז זייער אַן אינטערעסאַנט קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון טראַדיציאָנעל־יידישער לעבנס־פּייאיקייט, וואָס איז לייַדער נאָך ניט סיסטעמאַטיש אויסגעטיילט געוואָרן. די סכנה שטעקט ניט אין דער מעג־לעכקייט וואָס די איצט־געוואָרענע חסרונות פון דער טראַדיציאָנעלער יידיש־קייט וועלן פאַרבלייבן, נאָר אין דעם וואָס אירע גרויסע מעלות פאַר אונדזער מלחמת הקיום וועלן פאַרלוירן גיין.

דעם 15טן יוני, 1943 איז געווען אַ טאָג פון נאַציאָנאַלן טרויער אין ארץ־ישראל. אין יענעם טאָג האָבן זיך אונדזערע קינדער פון ארץ ישראל געווענדט צו די קינדער פון די אַליאירטע פעלקער מיט אַ רוף צו העלפן ראַטעווען די פאַרבליבענע קינדער פון אונדזער פאָלק אין איראָפּע. דאָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ פייערלעכער צערעמאָניע אויפן באַרג מסדה לעבן ים המלח. עטלעכע יוגנטלעכע האָבן אַרויפגעקלעטערט אויפן באַרג, פאַנאַנדערגעוויקלט אַ פאָן אויף וועלכער עס איז געווען אויפגעשריבן, מיט איין פאַרביטן וואָרט, אַ פסוק פון תהלים: „אים אשכחך גולה תשכח ימיני". זאָל דאָס זיין אַן אויסדרוק פון אַ געביטענער אָפּשאַצונג פון גלות, גלות־יידן און גלות־פּסיכאָלאָגיע? בולטע סימנים ווייזן, אַז יאָ. הלוואַי.

אָבער די אַטאַקע אויפן גלות איז אויך געקומען אויף אַן אַנדער אופן — לויט מיין מיינונג, אויף אַן ערגערן אופן — פון אַ זייט וואָס מען האָט גאָרניט באַמערקט. זי איז געקומען דווקא פון די, וואָס מען רופט זיי גלותיסטן, און דווקא אין נאָמען פון גלותיזם. דער געדאַנקען־גאַנג פון די אַלע אידענ־טיפיצירטע און ניט־אידענטיפיצירטע גלותיסטן האָט געהאַלטן, אַז די לענדער אין וועלכע מיר לעבן דאַרפן אויפגעפאַסט ווערן ניט אין טראַדיציאָנעלן זינען פון אַ מין צייטווייליקן צושטאַנד, נאָר ווי אַ נאַטירלעך וואוין־אָרט וואָס איז אונדזערס, און איז אונדזער נאָרמאַלע היים, פּונקט ווי פאַר אַנדערע

פעלקער וואָס זענען אונדזערע שכנים. אמת, אונדזער לעבן איז ניט צו גן־עדנדיק אין די דאָזיקע לענדער, ניט ווי יידן, ניט ווי מענטשן בכלל. איז בנוגע אונדזער אַלגעמיין־מענטשלעכן מצב די לאַגע ניט צו פויגלדיק פאַר אַלע, אויך פאַר די פעלקער וואָס מען רופט נאָרמאַלע. בלייבט בלויז, אַז מיר זאָלן זיך פאַרבינדן מיט די פּראָגרעסיווערע טיילן פון יענע פעלקער, כדי צו פאַרבעסערן אונדזער מערכה. דאָס וועט שוין ממילא אָפּשאַפן אונדזער נידעריקן סטאַטוס ווי יידן. ווארעם מיט דער הילף פון די קעמפנדיקע טיילן פון די אַרומיקע פעלקער וועלן מיר קענען אויפבויען דאָס יידישע לעבן אויף אַזעלכע יסודות, וואָס זאָלן פאַרזיכערן אונדזער קיום אין די ראַמען פון אַן אייגן יידיש לעבן. די יידישע געשיכטע באַווייזט, איז ווייטער געגאַנגען די טענה, אַז מיר קענען אויך אָן אַן אייגן לאַנד זיך פאַרזיכערן מיט אַ קרעאַטיוו, פולבלוטיק יידיש לעבן. וואָרעם דאָס וואָס מיר האָבן געשאַפן אין גלות האָט זיך גאָרניט וואָס צו שעמען לגבי דעם וואָס דאָס אַמאָליקע ארץ ישראל פאַרן חורבן האָט אונדז געגעבן. אין דער אמתן, דאָס סאַמע קרעפּטיקסטע און באַשיצנדיקסטע, מיט וואָס מיר לעבן איצט, איז אַ פּראָדוקט פון גלות. די, וואָס פאַראַכטן דעם גלות, פאַרסמען די קוואַלן פון וועלכע מיר האָבן געצויגן און ציען נאָך איצט אונדזער גייסטיקע יניקה.

אַזאַ אַרגומענטאַציע לאָזט זיך גאַנץ גוט פאַרשטיין און פאַרמאָגט אין זיך אַ שכל וואָס עס לוינט זיך גענויער צו אַנאַליזירן. אָבער איר מאָדנע אומקאָנסעקווענטקייט און זינדיקע פאַרפירערישקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אין איר ערשטן טראָט צעשטערט זי דעם גלות ביז זיינע טיפסטע יסודות, דערנאָך באַנוצט זי דעם זעלביקן גלות ווי אַ פונדאַמענט אויף וואָס זיך צו שטיצן. זאָל קודם כל דערמאָנט ווערן אַז דאָס וואָרט „גלותיסטן" איז בלויז באַנוצט געוואָרן פון אַ שרייבער דאָ און דאָרט. די אָרגאַניזירטע באַוועגונגען, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביי אַזאַ געדאַנקען־גאַנג, האָבן אַזאַ באַגריף אַפילו ניט געקענט אָנערקענען. זיי האָבן לכתחילה אַרויסגעוואָרפן דאָס וואָרט און דעם באַגריף „גלות" פון זייער יידישן וואָקאַבולאַר. קוקט דורך די גאַנצע וועלטלעכע, ריכטיקער, סעקולערע, ליטעראַטור ביי אונדז זינט דעם אָנהייב פונעם יאָרהונדערט און באַמערקט ווי סיסטעמאַטיש, ווי בכיוונדיק, דאָס דאָזיקע וואָרט איז אויסגעמיטן געוואָרן. אידעאָלאָגישע אויסגעהאַלטנקייט האָט דאָס געפאָדערט. בלויז ווען מען האָט געדאַרפט ברענגען ראיות פאַרן פּאָזיטיוון ווערט פון אונדזער צעשפּרייטקייט, האָט מען זיך געמוזט איבערבעטן מיטן טראַדיציאָנעלן טערמין. אויף אַזאַ אופן איז דאָס געווען די ביטערסטע אַטאַקע אויפן היסטאָרישן זינען פון גלות, אָבער געמאַכט אַזוי פאַרשטעלט — בלי ספק, פאַרשטעלט אויך פון די, וואָס האָבן די אַטאַקע געמאַכט — אַז דאָס אַטאַקירטע האָט אַפילו דעם אָנפאַל ניט געקענט באַמערקן.

דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן אַן אומקאָנסעקווענטקייט, וואָס איז אַ צופע־ליקער לאָגישער פעלער. דאָ איז אַ סך מער פאַרוויקלט אַ פאַרשטענדעניש פאַר די סטימולירנדיקע כוחות אין דער יידישער געשיכטע וואָס דאַרף זיין אונדזער וועגווייזער אין די איצטיקע קריטישע צייטן. די יידן, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפן אין גלות, האָבן אויך געפילט דעם „עול פון גלות", די פענטעס און צאַמען מיט וועלכע דאָס אַנדערשדיקע אַרומיקע לעבן דריקט און באַשווערט דאָס רייסן זיך צו אייגנאַרטיקן פאָלקישן אויסדרוק. ניט אומזיסט זענען גלות און גאולה געגאַנגען צוזאַמען, אַ פאַקט און אַ חלום, וואָס ביידע זענען איינס, וואָס איינס איז די באַלעבנדיקע נשמה פונעם צווייטן. אויך זייער אויסדרוק אָפּריכטן גלות פּאַסט זיך אַריין אויסגעצייכנט אין זייער געפיל פון דער גאַנצקייט וואָס צווישן די פיזישע אייגנשאַפטן פון גלות־פאַקט און די פסיכישע אייגנשאַפטן פונעם גלות־ייד. וואָרעם אָפּריכטן גלות איז אַ פּראָצעס פון לייטערונג דורך ליידן וואָס ברענגט צו דערלייזונג. דער גאַנצער פּאָזיטיווער ווערט פון גלות נעמט זיך פון זיין נעגאַטיוון זינען. אַזוי שנעל ווי גלות ווערט ניט בלויז אויפגעפאַסט אידעאָלאָגיש, נאָר טאַקע ממש געפילט, ווי אַ נאַטירלעכער, פאַרבלייבנדיקער, אין זיך פאַרענדיקטער צושטאַנד, מוז ער פאַרלירן זיינע אַלע שאַפערישע פּאָטענצן. דאָס האָט זיך אָבער און ווידער אַמאָל אָפּגעשפּיגלט אין אַ סך ישובים זינט מיר זענען אין גלות. וואָס מער יידן מאַכן די גייסטיקע גרענעצן פון דער גלות־היים אויך פאַר גרענעצן פון זייער דאַרשט נאָך אינערלעכער יידישער עקספּאַנסיע, אַלץ מער פאַרלירן זיי דעם ווילן און די אַחריות צו באַרייכערן די דאָזיקע היים מיט עכטן, ספּעציפישן יידישן צושטייער. עס קען ניט זיין קיין גלות־פאָלק, וואָס זאָל אין גאַנצן בלייבן פאָלק אין אַ גלות וואָס ווערט אין גאַנצן אויס גלות. פאַרשטייט זיך, דאָס איז גערעדט געוואָרן בלויז דעמאָלט ווען מיר פאַרשטייען דעם טערמין אין זיין פולן און רייכן זינען ווי ער איז מיט הארץ און קאָפּ אויסגעטייטשט געוואָרן פון אַ יידיש־לעבנדיק יידיש פאָלק. דעם דאָזיקן אויסטייטש האָט טרעפלעך אויסגעדריקט דער קאָרעצער רבי. זיין פירוש אויפן געדאַנק, אַז די שכינה איז אין גלות, איז געווען אַזאַ: „בלויז יציאת מצרים איז געווען אַ פולע גאולה, ווייל אַלע יידן זענען אַרויסגעגאַנגען. דעריבער דאַרף די שכינה זיין מיט יידן אין די אַנדערע גלותן, כדי צו באַשיצן די וואָס פאַרבלייבן דאָרט". יאָ, אַן דער שכינה, וואָס גיט דעם גלות זיין טיפסטן זינען און זיינע רייכסטע כוחות, אָן דעם בלייבט זייער ווייניק פון גלות און נאָך ווייניקער פון יידן.

נאָך גרויסע קאַטאַסטראָפעס זענען גלות און גאולה געווען די הויפּט־טעמע פון יידישער פאַרטיפטקייט, פון תפילהדיקער מעדיטאַציע. אַזוי איז געווען אין קבלה נאָך גירוש שפּאַניע. אַזוי איז געווען אין חסידות נאָכן חורבן פון גזירות ת"ח ות"ט. אין קבלה איז דאָס געוואָרן אַ געדאַנק און

אַ געמיט, וואָס האָט אַלץ באַהערשט. די בעלי קבלה, אין זייער מיסטיש־פילאָסאָפישן שוואונג, זענען אַלץ ברייטער און העכער געשטיגן מיט זייערע עקסטראַוואַגאַנטע גענעראַליזאַציעס. גלות און גאולה האָבן גענומען אַריבער־שטייגן ביי זיי די ריין יידישע גרענעצן. זיי זענען געוואָרן אוניווערסאַלע גע־שעענישן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דער גאַנצער באַשאַפונג. אָבער דער ריין יידישער מאָמענט איז פונדעסטוועגן שטענדיק אונטערגעשטראָכן געוואָרן. דער דאָרשט נאָך יידישער גאולה האָט אין דער קבלה קיינמאָל ניט אָפּגעלאָזן.

חסידות, ווי פּראָפ. שלום וויל האָבן אין זיין ווערק וועגן קבלה, איז געווען מער גלות־אָריענטירט, און זיך דערמיט אָפּגעגרענעצט פון דער פריערדיקער קבלה. עס איז אָבער ניט שווער איינצוזען אין דער געבליבענער חסידישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר, אַז דער גלות איז ביי די חסידים ניט געווען דאָס פיזישע לאַנד וואו זיי האָבן געלעבט, נאָר אַ באַגריף מיט דער פולער עשירות פון זיין פסיכישער פאַרצווייגטקייט. זייער גלות איז ניט עפּעס וואָס פאַרענדיקט זיך אין זיך גופא, נאָר פירט צו אַ רירנדיקער בענק־שאַפט נאָך ארץ ישראל. הונדערטער חסידישע מעשות, ווערטלעך און תורהס קערן זיך כסדר אום צו דער טעמע פון גלות ווי אַ מינוס־צושטאַנד, וואָס ווערט באַלאַנסירט דורכן טרוים פון נאַציאָנאַלער גאולה.

דער גלות פון גלותיזם איז געווען פון אַן אַנדער מין. ער איז געווען אַן אויס־גלות אין די לענדער פון גלות. דאָך האָט ער געשאַפן אַ פאָרם פון אַ סעקולאַריזירטער גאולה, וואָס האָט זיך געלייגט אויפן שכל אין זיין צייט. עס איז אויסגעקומען, אַז דער „עול פון גלות" ליגט ניט אין אָט דעם צושטאַנד גופא, נאָר אין ריין דרויסנדיקע אַספּעקטן וואָס מען קען בייטן צום גוטן דורך ריין דרויסנדיקע באַוואָרענישן. זאָל מען איינפירן געזעצן, וואָס וועלן יידן געבן די געהעריקע רעכט; זאָל מען בייטן די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון לאַנד און יידן זאָלן אָנערקענט ווערן ווי אַ גרופּע מיט אייגנאַרטיקע בויטן, וואָס דאַרפן באַפרידיקט ווערן; זאָל נאָר אָפּגעשאַפט ווערן די אומ־געזעצטע שנאה צו אונדז — דאָס אַלץ וועט שוין ממילא ברענגען די גע־האָפטע גאולה. דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט — לחלוטין אַנדערש ווי די גלות־פילאָסאָפיע פונעם גלות־יידן — וויל האָבן אַז מיר האָבן דאָ ניט צו טאָן מיט דער אינערלעכער טבע פון אַ באַשטימטן מצב, נאָר מיט געוויסע דרויסנדיקע באַדינגונגען וואָס קענען געביטן ווערן דורך מאַניפּולירן אויף אַ כמעט־מעכאַנישן אופן מיט דער יורידישער, פּאָליטישער און סאָציאַלער מאַשינעריע פון די לענדער, וואו מיר לעבן.

אין דעם שטעקט אַ נאַאיוויטעט וואָס איז אַ סך פון אונדז באַפאַלן, און איז באַזונדערס פאַרשטאַרקט געוואָרן, אין די האָניק־יאָרן וואָס צווישן די צוויי וועלט־מלחמות. דער סוף פון די אַלע מינאָריטעט־פאַרזיכערונגען בכלל, און פון יידן בפרט, אין די דרייסיקער יאָרן, די לאַגע וואָס האָט זיך געשאַפן,

אין דעם פּרט, נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, דאַרף, דאַכט זיך, אַלעמען עפענען די אויגן. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס היינטיקע צייטן פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין אונדזערע גלות־דאגות ניט די אידעאַלע מעגלעכקייטן פאַר אַ יידיש לעבן, נאָר רעכט פאַר יידן, קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן דיסקרימינאַציע. דער טראַדיציאָנעלער ייד, ווי מיר ווייסן, האָט ניט געקענט אָפּטיילן די יידן־פראַגע פון דער יידישער פראַגע. איצט ווייזט זיך אַרויס נאָך קלאָרער, אַז דער גלותיסט איז געווען גערעכט, ווען ער האָט אַרויס־געוואָרפן דאָס וואָרט גלות פון זיין לשון. ווען יידיש לעבן ווערט רעדוצירט צו עלעמענטאַרע מענטשלעכע רעכט, פאַרדינט עס ניט דעם כבוד צו טראָגן דעם נאָמען וואָס די יידישע געשיכטע האָט געגעבן די תפוצות ישראל.

איז אויפגעקומען אַן אַנדער וואָרט, אַ וואָרט וואָס זעט מיר אויס צו זיין אַביסל פאַרדעכטיק. איך האָב דאָ אין זינען דעם אויסדרוק וועלט־פאָלק, און מיין חשד איז, אַז ער וויל פאַרדעקן מיט הוילן רעטאָרישן גלאַנץ דאָס צעבראָכענע יידישע געמיט. קיין גענויע אויפקלערונג וועגן דער אידייע וואָס ליגט אין „וועלט־פאָלק“ איז, ווי ווייט איך ווייס, ניט געגעבן געוואָרן. וואָס זשע וויל אונדז לאָזן הערן דער זאָג, אַז יידן זענען אַ וועלט־פאָלק? אויב מען מיינט דערמיט דעם פשוטן פאַקט, אַז יידן לעבן אין זייער אַ סך לענדער, האָבן מיר דאָך שוין פאַר דעם אַן אַלטן פאָלקסטימלעכן אויסדרוק — צעזייט און צעשפּרייט. אמת, דאָס לעצטע וויל ניט בלויז פעסטשטעלן דעם פאַקט, נאָר עס באַגלייט אים אויך מיט אַ קרעכץ, מיט אַ „נעבעך“. זעט אויס, אַז דער צוועק פונעם נייעם „וועלט־פאָלק“ איז אַרויסצוואַרפן דעם היסטאָרישן קרעכץ, פאַרקערט, ער וויל אונטערשטרייכן אַ מין שטאָלץ מיט דעם וואָס מיר זענען צעשפּרייט איבער אַלע ווינקלען פון דער ערד. אויף וואָסער סמך?

מילא, די וואָס יידישקייט איז ביי זיי אַ מיסיאָנערישע אידייע, לאָמיר זאָגן די אידייע פון עטישן מאָנאָטעאיזם, זיי קען מען פאַרשטיין. וואָס מער יידן וועלן זיין צעשפּרייט, אַלץ ברייטער איז דאָס סאָציאַלע פעלד וואו די אידייע קען זיך אָננעמען. אָבער זיי זענען כאָטש אויסגעהאַלטן דערמיט וואָס זיי זאָגן זיך אָפּ פון „פאָלק“, ווייל זיי שטעלן זיך דאָך ניט קיין פאָלקישע, נאָר אידייאישע אויפגאַבעס. וואָרעם באמת, וועלט און פאָלק זענען אין אַ געוויסן זינען היפוכדיקע באַגריפן. ווען מיר זאָגן „וועלט“ האָבן מיר אין געדאַנק עפּעס וואָס איז אומבאַגרענעצט, וואָס שליסט איין אַלץ און אַלעמען. אָבער דער גאַנצער זינען פון „פאָלק“ ליגט דורכויס אין זיין גאַנץ באַשטימטער אויסגעטיילטקייט, אין דעם וואָס עס איז אַ גאַנץ בולטער „אינעווייניק“ און אַלץ אַרום אים איז „דרויסן“. ווי לאָזט זיך עס פאַרן — אַחוץ צוליב רעטאָרישן עפעקט — די אומבאַגרענעצטע וועלט מיטן דורכויס באַגרענעצטן פאָלק? ווען אַזאַ אויסדרוק ווערט באַנוצט פון מענטשן וואָס שטעלן זיך ניט קיין מיסיאָנערישע אויפגאַבעס אין זייער יידישקייט, און וואָס יידן זענען ביי

זיי דווקא יאָ, און פריער פון אַלץ, אַ פאָלק, זיי איז פשוט שווער צו פאַרשטיין. פאַרוואָס אַזאַ שמחה דערמיט וואָס מיר זענען אַזוי דין צעשאָטן איבער אַלע לענדער און קאָנטינענטן? זאָלן מיר זיך איצט אויך פרייען דערמיט? איצט, ווען די אַרומיקע וועלט האָט ווייניקער האַרץ פאַר עטנישע אַנדערשקייטן ווי אין די פינצטערסטע צייטן פון מיטלעלטער, ווען די געזינטסטע יידישע ישובים זענען אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל, ווען אַחוץ דעם קליינעם ישוב אין ארץ־ישראל איז פאַראַן אַזוי ווייניק טרייסט אין אונדזער אינער־לעכער נאַציאָנאַלער דעמאָראַליזאַציע וואָס איז אַזוי מאוימדיק טראַגיש? איצט אויך?

עס באַפאַלט ממש אַ טרויער ווען וואָרעמע יידן פּראָקלאַמירן אין דער איצטיקער ביטערער צייט די פרייד פון „וועלט־פאָלק". איך פיל אין דעם אַ פאַרלאַנג זיך צו פאַרבלענדן מיט דער שיינקייט פון דער טראַגיק, אַז מען זאָל וואָס ווייניקער זען דעם גורל וואָס זי טראָגט מיט זיך. אָבער דער שאָדן דערפון איז צו ערנסט, און קעגן דעם דאַרף מען וואָרענען. וואָרעם „וועלט־פאָלק", ווען דאָס זאָל קענען דערגרייכן די מדרגה ניט בלויז פון אַ באַגריף, נאָר אויך פון אַ געפיל ביי יידן, דעמאָלט קען עס בלויז פירן צו אינערלעכער באַרואיקונג און, ממילא, צו פאַרגליווערונג אין יידישער אומ־מאַכט. יידן האָבן תמיד געשעפּט כוחות פון דעם וואָס זיי האָבן זיך געפילט ניט ווי אַ וועלט־פאָלק, נאָר ווי אַ גלות־פאָלק, אַ פאָלק וואָס זעט כסדר די שטעכיקע צאַמען אַרום זיין „קענען", זוכט עס מיט די לעצטע כוחות דאָס צו באַלאַנסירן מיט אַלע פייערן פון זיין „ווילן". אַ וועלט־פאָלק האָט שוין אַלץ דערגרייכט, אַ גלות־פאָלק קען בלויז לעבן אין זכות פון זיין נאָך ניט דערגרייכטן חלום. וואָס מער עס איז פאַראַן שטאָלץ און אַ געפיל פון אַ אידעאַלן צושטאַנד אין „וועלט־פאָלק", אַלץ ווייניקער בלייבן כוחות זיך צו ראַנגלען מיט דער וועלט — דערצו נאָך מיט דער איצטיקער מאָראַליש־געפאַלענער וועלט — וואָס וויל ניט זיין ווייניקער פון וועלט, און קען אַוודאי ניט פאַרטראָגן קיין פאָלק, וואָס וויל זיין מער ווי פאָלק.

אונדזער אויפגאַבע דאַרף זיין, פאַרקערט, אונטערצושטרייכן מיט אַלע אַקצענטן אַז מיר זענען אין גלות. אין אַלע תפוצות ישראל, נאָך מער אין דעמאָקראַטיש־פרייע לענדער. ווייל דאָרט וואו מיר האָבן אַ מעגלעכקייט צו זיין בכלל, צו זיין ווי יידן, קענען מיר דערהייבן אונדזער עקזיסטענץ צו דער מדרגה פון גלות. אַוודאי איז פאַר אונדז, אין דער איצטיקער וועלט, דעמאָקראַטישע פרייהייט אַ ליכט און אַ ברכה. אָן דעם קענען מיר בכלל קיין תקומה ניט האָבן, און קיין תקומה קענען מיר ניט האָבן, ווייל די מעג־לעכקייט פון זיין אין גלות ווערט פון אונדז אַוועקגענומען.

גלות־געפיל איז ניט דאָס וואָס ווערט אַרויסגערופן דורך אַנטיסעמיטיזם, און קען זיך דעריבער ניט פאַרוויגן מיט פּאַטאָלאָגישע אויסברוכן פון קעגן־

שנאה. דער גלות־ייִד פּרייט זיך מיט דער פּריינדלעכער דערנענטערונג פון גויאישע שכנים, און פאַרזינקט גלייך אין טרויער, ווייל ער ווייס וואָסער טייערן פּרייז זיין פּאָלקישער איך וועט דערפאַר דאַרפן באַצאָלן. די טראַגיק ליגט אין דער סאַמע טבע פונעם מצב, ניט אין די באַדינגונגען וואָס רינגלען אים אַרום. דער בייזער ווילן פון די אַרומיקע צעברעכט זיין גוף. פונעם גוטן ווילן ווערט קראַנק זיין נשמה.

גלות איז ניט דער היפּוך פון היים. ייִדן האָבן געגנוג באַוויזן זייער היים־געטריישאַפט אין גלות, און דאָס האָבן באַוויזן ייִדן וואָס האָבן געאָטעמט מיטן וואַרעמען גלויבן אין ייִדישן אויסלייז. גלות־געפיל איז בלויז דער דעליקאַטער פּסיכישער אינסטרומענט דורך וועלכן ייִדן קענען דערזען דעם נויטוועודיקן כאַראַקטער פון דער רעאַלער היים, אונדזער היים אין גלות. אַזאַ באַוואוסטזיין פאַרשאַרפט אונדזער ראַנגלעניש פאַר קיום האומה, פאַר־טיפט אונדזערע שאַפנדיקע כוחות, שטאַרקט אונדזער האַנט צו בויען אַן אינדזל אין מיטן ים, און טרייבט אונדז צו זוכן דעם וועג צו דער גאולה.

(1947)

# גלות־פּסיכאָלאָגיע

זינט דעם אָנהייב פון יאָרהונדערט, ווען דאָס וואָרט פּסיכאָלאָגיע איז געוואָרן היימיש אויף אונדזערע ליפּן, איז גלות־פּסיכאָלאָגיע געוואָרן אַ שאַנד־נאָמען אין אונדזער וועלטל. יעדע האַנט וואָס קען נאָר אויפהייבן אַ שטיין האָט אים מיט סאַדיסטישער הנאה געוואָרפן אין דער געשטאַלט פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע. אַלע צרות און אַלע חולאתן, האָט מען געזאָגט, שטאַמען פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע. זי טרייבט אונדז אַוועק פון פּראָדוקטיווע מלאָכות און שטויסט אונדז צו האַנדל א. אַז. וו.

די אומגליקלעכע גלות־פּסיכאָלאָגיע — האָט ניט אָפּגעלאָזט די טענה — צווינגט אונדז צו וואַלגערן זיך „צווישן די רעדער פון דער געשיכטע" (זשיטלאָווסקי), דערלאָזט ניט עס זאָל ביי אונדז אויפקומען אַ פּויערים־קלאַס. אָבער ווי גוט וואָלט אונדז געווען, ווען ערדאַרבעט וואָלט פאַרנומען אַ חשובן פּלאַץ צווישן יידישע פּרנסות אין אַלע תפוצות ישראל. דער אַנטיסעמיטיזם וואָלט דאַך ממש אויסגערונען ווען עס וואָלט געשען אַזאַ איבערקערעניש אין יידישן עקאָנאָמישן לעבן. די ראיות דערצו? אויסגעטראַכט פון קאָפּ, דיקטירט פון טעאָרעטישע דאָגמעס. אויף וויפיל עס זענען בכלל פאַראַן ראיות, ווערט די גאַנצע מעשה אָפּגעלייקנט ביזן גרונט. גיכער באַשטעטיקן אַלע פאַקטן אין אונדזער גאַנצער גלות־געשיכטע אַז „וואָס מיר טוען טוען מיר אָבער יידן זענען מיר", לכל הפּחות אין די אויגן פון ניט־יידן. אָבער אַז מען דאַרף צוזאָגלען די גלות־פּסיכאָלאָגיע צום שאַנד־קלאָץ איז קיין אויסטראַכטעניש ניט פאַלש.

דער שוואַרצסטער פלעק אויף דער גלות־פּסיכאָלאָגיע, וואָס האָט זי אַזוי ווערעמדיק פאַרמיאוסט אין די אויגן פון מאָדערנע דורות, איז געווען פּחדנות. אָט, זעט, טייטלט מען מיט די פינגער: גלות־ייד, מה־יפיתניק, בייגט זיך קנעכטיש פאַרן פּריץ. דאָס האָט אַזוי פאַרפירט אַפילו דעם גרויסן ביאַליק, אַז אין איינעם פון יענע שווידערטעג אין אונדזער געשיכטע האָט ער בלויז געקענט זען דאָס גרויליקע בילד:

„אַנטלאָפן ווי די מייז, באַהאַלטן זיך ווי וואַנצן,
און ווי די הינט געשטאָרבן."

אונדזער גייסטיק לעבן אין גלות האָט אַרויסגעבראַכט אַ מענטשן, האָט אויסגעאַרבעט אַ יידישן טיפּ, וואָס איז איינציק צווישן פעלקער. דאָרט וואו עס איז ניט געלונגען צו שאַפן אַזאַ טיפּ, אָדער וואו ער איז, מחמת אַזאַ אָדער אַן אַנדער סיבה, אָפּגעריסן געוואָרן פון זיינע וואָרצלען, איז זיך דער יידישער קיבוץ פאַנאַנדערגעפאַלן, האָט ער פאַרענדיקט זיינע חשבונות מיטן פאָלק. וואָרעם פונקט ווי מיר דערציילן פון דער גרויסקייט און די נסים

פון אַ פאָלק וואָס האָט אַזוי מוראדיק געליטן און דאָך געבליבן, אַזוי קענען מיר דאָך אויך אויסשטעלן אַ צעטל ישובים, גרעסערע און קלענערע מיט שוואַרצע ראַמען, ישובים וואָס זענען שטילערהייט אַוועק פון דער וועלט. אָבער דער ספּעציעל יידישער טיפּ, דער וואָס האָט די גויאישע וואָך געקענט פאַרוואַנדלען אין יידישן יום־טוב, דער וואָס האָט אין זיינע בלוטן געטראָגן דעם סוד פון נצח ישראל, מיט זיין גייסט לעבן מיר אַלע; זיין זכות איז אונדז בייגעשטאַנען דורך אַלע דורות אין גלות.

דער טראַדיציאָנעלער ייד, דער גלות־ייד האָט אין זיך אויסגעאַרבעט אַ מערקווערדיקע האַרמאָנישע, אויסגעשמידטע גאַנצקייט פון זיינע אינדיווידועלע און געזעלשאַפטלעכע מאָטיוון און צילן.

דאָס געזעלשאַפטלעכע איז ביי אים תמיד געווען דאָס יידישע, דאָס אייביקע לעבן וואָס ער האָט געפילט ווי אַן אינעווייניק אַנטקעגן דעם איבעריקן דרויסן. ער האָט געוואוסט און געלערנט די גרויסקייט פון שיינע מידות, פון ערלעכקייט, עניוות, רחמנות, דעם ציכטיקן וועג פונעם געבענטשטן יחיד אויף דער זינדיקער ערד. אָבער ער האָט ניט געפילט אַז ער זעט דאָס בלויז מיטן ליכט פון די אייגענע, פּערזענלעכע אויגן. אים האָט תמיד געפירט ביי דער האַנט דער פּסוק, אַ מאמר־חז״ל, אַ מדרש, אַ ווערטל פון אַ גאון, פון אַ רבין. וואו נאָך קען מען אים זען, אָט דעם פּשוטן, דורכשניטלעכן מענטשן, וואָס פּסוקים און מאמרים פון זיין פאָלקס־אוצר זאָלן זיין ביי אים אַזאַ שטענדיקער באַגלייטער אַפילו אויף די שטילסטע און אינטימסטע וועגן פון ריין־פּערזענלעכן לעבן? אַ ביטערער גורל שרויפט פאַנאַנדער דאָס לעבן פון טביה דעם מילכיקן, צעשרויפן זיך אויך די טייטשן פון זיינע פּסוקים אין סטיל פון זיין צערודערטער גוטמוטיקייט. וואָרעם דאָס קול פון אַבסאָלוטער ענדגילטיקייט קען מען דאָך הערן בלויז פון דעם „ווי אין פּסוק שטייט״, אַפילו ווען מען דאַרף אַריינפלעכטן אַן אייגענעם פּירוש, כדי צו האָבן די אילוזיע אַז דער פּסוק זאָגט טאַקע דאָס, וואָס די פּערזענלעכע אינעווייניקסטע באַדערפענישן מאָנען.

די מאָראַל פונעם גלות־ייד האָט אָנגעפילט מיט הייליקייט די פאָדערונגען פון פאָלקישער אחריות. דער „כל ישראל ערבים זה בזה״ איז געווען אַ פּירנדיק ליכט אין זיין לעבן. ער האָט געוואוסט אַז די תנאים פון זיין לעבן טרייבן אים זיך צו רעכענען מיטן „למה יאמרו הגויים״.

דער באַגריף „חילול־השם״, אינעם טראַדיציאָנעלן קאָנטעקסט, איז דאָך אַ ריינדיקער עדות פון דער ספּעציפישקייט פונעם מאָראַלישן קאָדעקס וואָס דער גלות־ייד האָט פאַר זיך אויפגעבויט. וואָרעם חילול־השם איז דאָך ניט דער היפּוך פון קידוש־השם. אין דערמאָנטן זינען איז עס דאָך ניט קיין רעליגיעזע קאָנצעפּציע בכלל. עס איז דורכויס אַן אויסדרוק פון דער ריין פאָלקישער אינטערעסן־ספערע. טו ניט דאָס, וואָס קען ברענגען שלעכטס

אויף יידן, אַפילו ווען על פּי דין איז עס כשר וישר, ווייל — חילול־השם איז דאָ אין דער אמתן אַן עקוויוואַלענט פון „שלעכטס אויף יידן", כאָטש מיט אַן אונטערטאָן פון אַ מעטאַפיזישער קוואַליטעט.

אין גלות זענען יידן געשטאַנען פנים אל פנים מיט אַזאַ קאָלאָסאַלער, מוראדיקער קראַפט, אַז אַפילו די אומגעצאַמטסטע פאַנטאַזיע האָט ניט געקענט אויסמאָלן קיין מעגלעכקייט מען זאָל זי קענען פיזיש בייקומען. ממילא האָט די ברירה געקענט זיין בלויז צווישן זיך אונטערגעבן אָדער אומקומען.

די עטלעכע מרידות נאָכן דורכפאַל פונעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד האָבן טיף איינגעקריצט אין דער גלות־נשמה, אַז קיין אַנדער ברירה איז ניטאָ. אָבער אפשר טאָקע אומקומען? אפשר טאָקע זיך לאָזן אויפן וועג פון אַן איינמאָליקן אויפבליץ פון לעצטער גורלדיקער העלדישקייט, אויפבליצן און זיך אויף אייביק פאַרלעשן? דאָס וואָלט געווען די טיפסטע סתירה צום עצם שטאָף, וואָס פון אים איז די גלות־פּסיכיק געוועבט געוואָרן. דאָס איז דער פּסיכישער צושטאַנד וואו אַלע דעפענסיווע מעכאַניזמען דערגרייכן די העכסטע שפּאַנונג און די תאווה צום לעבן, אויף איר אידעאַלסטער מדרגה, דערפילט זיך ווי דער העכסטער זינען פון ישראל אינעם סדר־העולם. דאָס איז דאָס געפיל, וואָס די גמרא פאָרמולירט: „פּונקט ווי די וועלט קען ניט זיין אָן לופט, אַזוי קען ניט זיין קיין וועלט אָן יידן", אָדער ווי אַ מדרש דריקט עס אויס אין פּאָעטיש־טעאָפאַנישן גייסט: „אויב יידן וואָלטן פאַרשוואונדן, וואָלט אויך די תורה פאַרשוואונדן און דער רבונו של עולם אַליין וואָלט פאַרלוירן דעם טייערסטן עדות אַז ער איז דאָ".

אין דער ברירה צווישן אונטערגעבן זיך אָדער אומקומען האָט די גלות־פּסיכיק געפונען אַ מערקווערדיקן אויסוועג: זיך אונטערגעבן פיזיש און בייקומען גייסטיק. אין דעם ליגט דער טיפער זינען פון אַלע כוחות מיט וועלכע דער גלות האָט זיך גענערט. אין דעם ליגט ניט ווייניקער דער גאַנצער סוד פון אונדזער קיום.

אָבער דער אויסוועג גופא טראָגט אין זיך בטבע צוויי וויכטיקע תנאים, וואָס מאַכן באַזונדערס פאַרביק די גלות־פּסיכאָלאָגיע. וואָרעם אויב זיך אונטערגעבן פיזיש כדי בייצוקומען גייסטיק, מוז דאָך זיין אַ באַשטימטער גייסט, אַן אידייע, וואָס טרייבט דאָס אַלץ. ממילא דאַרף דאָך ערגעץ זיין אַ גרענעץ, וואו דאָס אונטערגעבן זיך מוז זיך אָפּשטעלן. דאָס איז יענער פּונקט וואו דער עצם גייסט ווערט פאַרגעוואַלדיקט.

דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז כאָטש פּיקוח־נפש איז דוחה אַ סך פונדאַמענטאַלע מצוות, ווייל — „וחי בהם", ווערט אָבער געפאָדערט קידוש־השם ווען דער שונא פאַרלאַנגט פון אַ יידן מאָרד, זנות, אָדער געצנדינערײַ. פון די דריי האָט בלויז איין עבירה, געצנדינערײַ, צו טאָן דירעקט מיט יידישער אַנדערשקייט. די אַנדערע צוויי האָבן אַ שייכות צו אַלגעמיינער

מענטשלעכער מאָראַל, וואָס איז איינגעוועבט אין יידישקייט, און דאָס ברענגט יענע גייסטיקע דערהויבנקייט וואָס פאַרלייכטערט אי דאָס פיזישע אונטער־געבן זיך, אי עס פילט אָן די נשמה מיט גייסטיקן נצחון אַפילו אין מאָמענטן פון שפלות און געפאַלנקייט.

דער ספר חסידים — אַ ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער גלות־פסיכאָ־לאָגיע — גייט נאָך ווייטער און באַשטייט אויף „יהרג ואל יעבור" ווען דער שונא פאַרלאַנגט: „גיט אונדז אַרויס איינעם פון אייך און מיר וועלן אים אומברענגען, אלא ניט, וועלן מיר אייך אַלע אויסהרגענען" אָדער: „גיט אונדז אַרויס איינע פון אייערע טעכטער וועלן מיר זי מטמא זיין, אלא ניט, וועלן מיר שענדן אַלע אייערע פרויען". אין אַזעלכע פאַלן ווערט אָנגעזאָגט בשום אופן ניט נאָכצוגעבן און נעמען אויף זיך די קאָנסעקווענצן, וואָס זיי זאָלן ניט זיין.

גלות־פסיכאָלאָגיע איז דעריבער אַ גייסט־צושטאַנד, וואָס ניט בלויז קאָנ־צענטרירט ער ביז דער קאָמפּאַקטסטער געדיכטקייט אַלע דעפענסיווע מעכאַ־ניזמען וואָס סאָציאַלער קיום פאַרמאָגט, נאָר ער האַלט אויך וואָך, אין שטענ־דיקער גרייטקייט, אַן איינגעשפּאַרטן, הייליקן ווידערשטאַנד, כאָטש אויף אַ פסיכישער פלאַך. איך ווייס ניט פון קיין שטאַרקערער פאָרמולע פון אָט דעם ווידערשטאַנד ווי דער זאָג פון אַן אַלטן מחבר אַז „צו שטאַרבן אויף קידוש־השם טוט ניט וויי". אָט אַזוי לייכט ער אַרויס, דער פענאָמענאַלער גייסט פונעם גלות־ייד אין זיין גאַנצער פעלדזיקער קראַפט. ער טאַנצט קנעכטיש פאַרן פריץ „מה יפית", ווייל יידן דאַרפן, מוזן לעבן, און קיין אַנדער לעבן אין גלות איז דעמאָלט יידן ניט געגעבן געוואָרן. אין האַרצן האָט ער דעם פריץ מבטל געווען כעפרא דאַרעא אין נצחונדיקן גייסטיקן ווידערשטאַנד. און אַז עס קומט די נסיונדיקע שעה, ווען דער סאַמע קיום פון יידישקייט שטייט אין קאָן, ווען דאָס פיזישע אונטערגעבן זיך ווערט אויך דער באַשטימ־טער סוף פון יידן, דעמאָלט ווייזט אונדז די גלות־פסיכאָלאָגיע דאָס ליכטיק־מענטשלעכע פון טראַגישן קידוש־השם וואָס „טוט ניט וויי". די דאָקומענטן פון דער ביטערער קאַנטאָניסטן־צייט דערציילן ווי די אומגליקלעכע יידישע מאַמע רעדט צו איר קינד, וואָס איז אַ געפאַנגענער אין שונאס הענט. אירע לעצטע ווערטער זענען געווען: „קינד מיינס, בייט ניט אויס דיין העמד", דאָס הייסט, זאָלסט ח"ו ניט בייטן דיין אמונה. אַזוי איז תמיד געהאַלטן געוואָרן וואָך ביזן לעצטן כזית לעבן דער ברענענדיקער יידישער ווידערשטאַנד ווען דער קיום פון ייד אינעם יידן איז געשטאַנען אין קאָן.

די גאַנצע יידיש־שאַפערישע קראַפט פון גלות איז תמיד געווען אַ נאַ־טירלעכע אויסשטראַלונג פון די, וואָס האָבן ממש געטראָגן אויף זייערע אַקסלען דעם עול הגלות און זיך דורכגעדרונגען ביזן ביין מיט אַלע מעלות

און חסרונות פון דער גלות־פּסיכאָלאָגיע. די גמרא זאָגט, אַז אויף פיר זאַכן האָט גאָט אַליין חרטה וואָס ער האָט זיי געשאַפן, און איינס פון זיי איז גלות.

פון דעם דאָזיקן געפיל ציט זיך אַ דירעקטער המשך צו דער תפילה פונעם רבין ר׳ שמעלקע. דער רבי בעט זיך ביים רבונו של עולם ער זאָל אָפּוואַרטן מיט דער גאולה שלמה ביז אַלע פּאַרגויאישטע יידן וועלן זיך אומ־קערן אונטער די פליגלען פון דער שכינה און ראוי זיין אויסגעלייזט צו ווערן צוגלייך מיט די צדיקים. דאָס דאַרף שוין אויך דערקלערן פאַר וואָס דער לעצטער פון די גלותן דויערט אַזוי לאַנג.

דער מאָדערנער, דער היינטיקער יידישער קולטור־שאַפער, אַפילו דער וואָס האָט — אפשר מחמת ריין פּאָליטישע טעמים — אַרויסגעריסן דאָס וואָרט גלות פון זיין וואָקאַבולאַר, איז בלויז מיט איין איינציקן דור אָפּגערוקט פונעם טיפּישן גלות־ייד, און זיינע קרעאַטיווע יידישע כוחות שעפּן נאָך אַלץ פון דער גראַנדיעזער טראַגיק וואָס דאָס יידישע אין זיין טאַטן האָט אים איבערגעגעבן בירושה.

מיר אַלע באַוואונדערן די ריזיקע גייסטיקע כוחות וואָס יידיש לעבן אין די תפוצות־ישראל האָט אַרויסגעוויזן. עס איז אָבער נייטיק אונטערצו־שטרייכן, אַז דאָס איז בלויז מעגלעך געווען און קען איצט מעגלעך זיין, ווען דאָס דאָזיקע לעבן האָט פונקציאָנירט אונטערן צייכן פון גלות און אַריינ־געזויגן אין זיך אַלע שטריכן, געפילן און רגילותן וואָס דאָס איז מחייב.

עס קען קיין שום ספק ניט זיין אַז די גרעסטע שאַפונג פון אונדזער פאָלק אין גלות — דער עצם תנאי וואָס בלויז דורך זיין סטימולירנדיקער קראַפט האָט קרעאַטיווע פאָלקישע חכמה געקענט געוועלטיקן איבער אונדז — דאָס איז אויפבויען אונדזער לעבן אין די תפוצות ווי אַ גלות, אַ לעבן צווישן יסורים און האָפענונגען, אַ לעבן וואָס וואַרצלט זיך אין דער ערד פון יעדן לאַנד און רייסט זיך אין דער זעלבער צייט אויסגעלייזט צו ווערן פונעם שווערן דרוק און דעם שטענדיקן פחד וואָס דאָס אַרומיקע לעבן צווינגט אַרויף, דעם פחד פאַר פערזענלעכע שנאות און אויך די מורא פאַרן פאָלקישן קיום.

אין אַמעריקע, אין יידיש־ענגלישע קרייזן, אַפילו ביי אַזעלכע, וואָס דערקלערן זיך פאַר איבערגעגעבענע ציוניסטן, איז מיר אָפט אויסגעקומען צו זען ווי אַ ציטערניש באַפאַלט זיי ווען עמעצער קאָמענטירט אויף גע־שעענישן אַזוי ווי אויך אַמעריקע וואָלט געווען גלות. דאָס רופט אַרויס אַ רעוואָלטירנדיק געפיל, פּראָטעסטן און היציקע וויכוחים. די טענות דריקן אויס פאַרצווייפלונג און שרעק. וואָרעם אויב גלות „הייסט עס דאָך אַז מיר זענען דאָ אין דער פרעמד; אַז מיר אַליין נעמען אַוועק פון זיך בידים דאָס רעכט פון אייגענע קינדער אין דער אייגענער היים, וואָס דאָס דעמאָקראַטישע געזעץ גיט אונדז. קומט אויס אַז מיר דאַרפן דאָ דערציען אונדזערע קינדער, אַז זיי זענען בלויז איינגעבעטענע געסט אין לאַנד, טאָלערירטע אורחים. אַזאַ

פסיכישער צושטאַנד, טענהן זיי, האָט זיך געפּאַסט פאַר מזרח־אייראָפּע אין די לענדער פון רדיפות, פּאָגראָמען און אָפענער אַנטי־יידישער פּאָליטיק. דאָרט האָבן מיר קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און געמוזט איינאָטעמען אין זיך די געפילן פון גלות־קנעכטשאַפט. ווי מעגן מיר אַריבערברענגען אַזעלכע געפילן אַהער, אין דער פרייער אַמעריקאַנער לופט?"

עס וואָלט אַוועקגעפירט צו ווייט פון דער טעמע, ווען מען זאָל זיך אָפּשטעלן אויף אַזעלכע טענות אין פאַרבינדונג מיט אונדזער לעבן אין אַמעריקע. מיך אינטערעסירט דאָ דער עיקר, די זייער באַגרענעצטע, ריין פאָרמעלע דעפיניציע פון גלות, וואָס ליגט אין די דאָזיקע רייד.

מען באַנוצט דאָס וואָרט גלות ווי דער היפוך פון אייגענער היים, אָדער ווי אַ סינאָנים פון פרעמד. קען מען באַצייכענען די יסורים פון גלות, דעם עול פון גלות, ווי אַ געפיל אַז מיר זענען טאַקע באמת פרעמדע אין די תפוצות־ישראל? אַוודאי האָט מען אונדז אין פאַרשיידענע צייטן און לענדער געגעבן אַזאַ לעגאַלן סטאַטוס. נאָך אָפטער האָט דער דעת הקהל פון אונדזערע ניט־יידישע שכנים אונדז געגעבן צו פילן, אַז מיר זענען אַ פרעמדע צוטשעפעניש. אָבער מיר האָבן זיך דאָך תמיד געוועהרט קעגן דעם. איידער עס איז אויפגעקומען דער עמאַנציפּאַציע־געדאַנק האָבן מיר טאַקע שטאַרק אונטערגעשטראָכן אונדזער גרינטלעכע אַנדערשקייט. אָבער מיר האָבן ניט געזען און ניט געפילט קיין גלייכגילטיקע פרעמדקייט צום לאַנד און זיינע אינטערעסן. ממילא האָבן מיר ניט געקענט מאָראַליש באַרעכטיקן די ביטערע קאָנסעקווענצן פונעם פרעמדקייט־סטאַטוס, מיט וועלכע די אַרומיקע שונאים האָבן אָנגעפילט אונדזער לעבן. וואָלטן יידן — די טיפּישע גלות־יידן, די וואָס האָבן תמיד געפילט אַז זיי זענען אין גלות און געבעטן אויף דער גאולה — געשפּירט אין זיך די צייכנס פון פרעמדקייט און רעאַגירט מיט פרייען ווילן ווי דערוואַקסענע, צוגעקומענע פרעמדע, וואָלטן זיי פּסיכיש ניט פּייאיק געווען אויפצובויען אַזאַ רייך ווירטשאַפטלעך לעבן אין גלות; וואָלטן זיי ניט געקענט אַרויסוויזן דעם כאַראַקטעריסטישן יידישן אונטערנעמערישן גייסט, מיט וועלכן זיי האָבן געבויט און געשמידט און געשאַפן אין אַלע לענדער וואו מיר האָבן געלעבט.

אין דער טאָג־טעגלעכער שפּראַך ווערט גלות פאַרשטאַנען ווי די לענדער פון אונדזער צעשפּרייטקייט, אָדער ווי אַ כוללדיקער נאָמען פאַר די רדיפות, בילבולים און שנאה וואָס מיר האָבן אויסצושטיין אין יענע לענדער. דאָס איז נאַטירלעך בלויז איין זייט פון דער מטבע, פון אַ פּאָלקישן שטאַנדפּונקט די ווינציקער וויכטיקע זייט. עס ווערט דאָ אויסגעלאָזן די גאַנצע סיסטעם פּסיכישע אָפּרופן, וואָס דאָס געפיל פון גלות האָט אין אונדז אויסגעאַרבעט. דער טערמין גלות־פּסיכאָלאָגיע קען שוין אַזאַ טעות ניט מאַכן, ווייל דאָ האַנדלט זיך דאָך וועגן אינעווייניקסטע אייגנשאַפטן, ניט וועגן אָביעקטיווע

צושטאַנדן. ווערט אָבער באַגאַנגען אַן אַנדער פעלער וואָס איז אפשר ערגער.

גלות־פּסיכאָלאָגיע ווערט געזען ווי באַשטימטע מאַניערן, תנועות, גע־דאַנקען, באַציאונגען, אָפּגעריסן פון די צילן וואָס זיי זענען באַרופן געוואָרן צו דינען, פון די היסטאָרישע דערגרייכונגען וואָס זיי האָבן צו פאַרצייכענען און פון די אָנגעלאָדענע מעגלעכקייטן וואָס זיי טראָגן אין זיך. לאָמיר נאָך אַ מאָל נעמען דעם שטריך פון ניט אַנטקעגנשטעלן זיך קריגעריש קעגן פיזישע אָנפאַלן. און בכלל דאָס פּאַסיווע פאַרטיידיקן זיך אַנטקעגן דעם אַקטיוון שונא. זענען די היסטאָרישע פאַרדינסטן פון ר׳ יוחנן בן זכאי גרעסער ווי פון אַן אַנדער יוחנן, יוחנן מגוש־חלב?

ווער קען דאָס אָפּציילן וויפל אַזעלכע בן זכאיס האָבן שפּעטער מעגלעך געמאַכט אַז מיר זאָלן בכלל קענען געדייען אין גלות.

אַפילו אַ קינד קען איינזען, אַז וואָלט אַקטיווע קריגערישקייט געווען אונדזער דרך וואָלט שוין לאַנג פון אונדז קיין שריד ופליט ניט געבליבן. עס וועלן זיין זיכער אַזעלכע וואָס וועלן זאָגן אַז בעסער צו שטאַרבן באַשיצנדיק אונדזער מענטשלעכן כבוד איידער בלייבן ווי הילפלאָזע קנעכט און ציטערן פאַר יעדן ווינטל. נו, דאָס איז געווענדט אָן די צילן וואָס מען שטעלט זיך און וואָסער מאָראַל מען ציט אויף זיך אַרויף.

פאַר אונדזערע עלטערן איז יידישער קיום געווען דאָס איינציקע צוליב וואָס זיי האָבן געלעבט בכלל. פאַר זיי איז דעריבער אַלגעמיינער מענטש־לעכער כבוד געווען אַ קלייניקייט לגבי דעם. זיי האָבן מסתמא אויך געפילט, אַז אַקטיווע קריגערישקייט — אין די תנאים אין וועלכע יידן האָבן געלעבט — גיט צו ווינציקער כוחות צו קאָנען באמת אויסהאַלטן ביזן „סוף פון די טעג״, איידער הייליקע מאַרטירערשאַפט מיט אירע ריזיקע קוואַלן אָנצוטריב־קען דורות און דורות מיט עקסטאַטישער באַהאַפטנקייט צו גאָט און זיין פאָלק. איז ביי זיי גאָרניט שווער געווען צו פאַרמאַסקירן זייער אינעווייניקסטן שטאָלץ מיט דרויסנדיקער הכנעה.

פאַראַן אַ געוויסע אַנאַלאָגיע צווישן דעם צוריקציען זיך פון אַן אַרמיי אין מלחמה־צייט, צוליב סטראַטעגישע אָדער אַנדערע טעמים, און גלות־פּסיכאָלאָגיע. אויך גלות באַטייט אַ שטענדיק צוריקציען זיך כדי אויסצומיידן קאַפּיטולאַציע. עס איז אָבער דאָ איין גרויסער אונטערשייד. דער שטח פון אונדזער שטענדיקן צוריק, אַ גייסטיקער שטח, איז געווען אַזוי ריזיק גרויס אַז אַפילו דער מאַרש פון טויזנטער יאָרן האָט אים ניט געקענט אויסשעפּן. נאָך אַלע טראַגעדיעס און קאַטאַסטראָפעס, פיזישע און גייסטיקע איז אונדזער אַרמיי, אין לעצטן סך־הכל, נאָך אַלץ געהאַלטן געוואָרן גאַנץ אין מוסטער־דיקער דיסציפּלין. און נאָך אַן אַנאַלאָגיע איז פאַראַן. די קאָמאַנדירן פון אַ צוריקלויפנדיקער אַרמיי דאַרפן שטענדיק אין זייער קריטישן מצב מונטערן

און וועקן די אַרמיי כדי אויפצוהאַלטן דעם גייסט פון ווידערשטאַנד, און אָנפילן מיט גבורהשער גרייטקייט, די הערצער פון געפאַלענע און דערשלאָ־גענע. אויך ביי אונדז האָבן אַפילו די מאוימדיקסטע קאַטאַסטראָפעס ניט געקענט אָפּטיילן די גרייטקייט צו אָפענער און פאַרבאָרגענער גבורה. וואָרעם דער זעלביקער פסיכאָלאָגישער פּראָצעס, וואָס פירט צום פּאַסיוון פאַרטיידיקן זיך, האַלט אויך אויף די גרייטקייט צום אַקטיוון קאַמף, ווען די מעגלעכקייט פון אַ מינדסטן נצחון ווערט ניט אָוועקגענומען.

דאָס פאַרדינסט פונעם זעלבסטשוץ־געדאַנק אין אָנהייב פון יאָרהונדערט אין צאַרישן רוסלאַנד געהערט בלי ספק דעם אויפקום פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַלע אירע שאַטירונגען. דער איינדרוק איז פאַר־שפרייט, אַז דאָס האָט דער נייער דור, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דער פריערדיקער טראַדיציע, זיך באַפרייט פון דער מה־יפית־פסיכאָלאָגיע פון זיינע עלטערן. אָט דאָס האָט אים פעאיק געמאַכט צו טראַכטן וועגן אַקטיוון ווידערשטאַנד מיט די זעלביקע כלי־זין ווי דער שונא באַנוצט.

אין דאָזיקן געדאַנק שטעקט אַן אומדאַנקבאַרקייט צו די פריערדיקע דורות וואָס איז ממש אַ זינד. דאָ ווערט לחלוטין ניט אַריינגערעכנט די עקסטאַטישע צוגעבונדנקייט צום יידישן זיין, און די פּאָטענציעלע גרייטקייט זיך קריגעריש צו פאַרטיידיקן, וואָס זיי האָבן מיט אַזאַ רירנדיקער מסירת־נפש אין אונדז איינגעפלאַנצט. אמת, אָט די גרייטקייט איז אין אַמאָליקע צייטן זעלטן אַרויס־געבראַכט געוואָרן. אָבער דאָס דאַרף מען בשום אופן ניט אָננעמען ווי בלויז אַ רעזולטאַט פון יענע־וועלטיקער פרומקייט, פונקט ווי דער איבערגאַנג צו אַקטיווער זעלבסטשוץ דאַרף ניט דורכויס צוגעשריבן ווערן צום אויפגעוועקטן רייך־מענטשלעכן שטאָלץ פון יונגן דור. פאַראַן דאָ נאָך אַ מאָמענט מיט וועלכן מיר דאַרפן זיך שטאַרק רעכענען.

די אַרבעטער־באַוועגונג איז לכתחילה געקומען אויף דער וועלט מיט אַ גרויסן ניט־יידישן שותף, צו וועלכן זי האָט זיך געטוליעט און אין נאָמען פון וועלכן זי האָט אָפּערירט. דאָס איז געווען די אָרטיקע און די אינטער־נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע באַוועגונג. דאָס האָט געגעבן אַ מעגלעכקייט, אַז דער יידישער סאָציאַליזם זאָל פסיכיש זיך באַפרייען פון דער טראַגישער יידישער עלנטקייט, די מאוימדיקסטע קללה אויף אונדזער פאָלק אין דער גאַנצער גלות־געשיכטע. די אָנגעזאַמלטע קאַמף־גרייטקייט פון אַלע פריער־דיקע דורות האָט דאָ דערשפּירט אַ שעת הכושר פאַר אַ מעגלעכן נצחון. דורך דעם איז די דאָזיקע גרייטקייט אַקטיוויזירט געוואָרן, אַרויסגעבראַכט געוואָרן מכוח אל הפועל. אין אַזאַ פּסיכישן צושטאַנד האָבן די פרומע יידן זיך ניט אַריינגעלעבט, זיך ניט געקענט אַריינלעבן. וויפל רעאַלער ווערט איז פאַראַן אינעם גלויבן, אַז מען קען זיך ניט סומך זיין אויף אַ ניט־יידישן שותף ווען עס האַנדלט זיך וועגן פיזישן אָדער גייסטיקן לעבן פון יידן? די דאָזיקע פראַגע

האָט ניט קיין דירעקטע שייכות צו דער טעמע וואָס ווערט דאָ באַהאַנדלט. אָבער דער אמת איז, אַז אין זעלטענע מאָמענטן, ווען אַ שונא איז אָנגעפאַלן אויף דעם יידן און דעם גויאישן שכן אין דער זעלביקער צייט, האָבן יידן, דערפילנדיק די ניט־יידישע באַפעלקערונג ווי אַ ברודער אין צער, זיך אַוועקגעשטעלט מיט כלי־זין אין די הענט. אַזוי איז געווען אין דער צייט פון גזירות ת״ח. אַזאַ שותפות האָט טאַקע ניט געקענט זיין קיין שטענדיקע, ניט בלויז ווייל דער גויאישער צד האָט צו דעם ניט דערלאָזט. אויך דער יידישער צד האָט געמוזט קוקן מיט ציטערדיקער מורא אויף אַזאַ צוזאַמענ־דיקייט וואָס האָט, לויט דער טבע פון אונדזער מינאָריטעט־לאַגע, געפאָדערט מיר זאָלן מקריב זיין אונדזער פאָלקישע אייגנאַרטיקייט, אונדזער גייסטיקן זכות הקיום, ממילא האָבן יענע דורות געטראָגן אויף זיך די גאַנצע קללה פון דער יידישער עלנטקייט, דאָס דורכנעמענדיקע געפיל, אַז מיר זענען אַליין אין אַ ים פון שנאה, פאַרלאָזן פון דער גאַנצער וועלט. איז דעריבער ביי יענע יידן געווען דער עלעמענטאַרער פסיכישער תנאי, אַז די טליענדיקע קריגערישע גרייטקייט זאָל זיך קענען אויפכאַפּן פון איר דערווייליקן דרימל ביי קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן.

אָבער דאָס שטענדיקע אָנזאַמלען אונדזער פאָלקישע ענערגיע פאַר פאַר־טיידיקונג און אויפבוי אויף די פאַרשיידענע מדרגות פון חלום און וואָר, דאָס איז דאָך אייגנטלעך דער סאַמע פונדאַמענט פון דער גלותדיקער מענטאַליטעט.

דער דור וואָס האָט געבויט דאָס איצטיקע ארץ־ישראל, דאָס זענען דאָך זין און טעכטער פונעם טיפּישן גלות־יידן. דאָס האָט ער זיי דורכגעגליט מיט דער תאווה אויסצולייזן דאָס פאָלק. דאָס האָט ער אין זיין מיסטישן עקסטאַז זיי צוגעגרייט אויסצונוצן מאָדערנע מיטלען, לויט די תנאים פון דער צייט און לויט דער מענטאַליטעט פונעם דור. דאָס האָט ער, דער גלות־ייד, אונדז געלאָזן דעם דור וואָס האָט דורכגעפירט רעוואָלוציעס, וואו יידישע באַפרייאונג איז געווען אַ טרייבנדיקער מאָטיוו. דאָס האָט ער אונדז געגעבן דעם דור וואָס האָט געשאַפן די מאָדערנע יידישע און העברעאישע ליטעראַ־טורן. און איצט, אין אָנבליק פון מדינת ישראל, זאָל עס פאַרשריבן און פאַרחתמעט ווערן: גלות־פסיכאָלאָגיע האָט אויפגעבויט ארץ־ישראל.

(1949)

# יידישע אייגנשאַפטן

דער פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע איז זייער שטרענג און זייער פּרעציז אין זיין אַרבעט. זיין העכסטער אידעאַל איז די לאַבאָראַטאָריע, און די גרעסטע דערגרייכונג פון דער מענטשלעכער קולטור, האַלט ער, איז דער עקספּערי־מענטאַלער צוגאַנג. אָבער אין זיינע פרייע מאָמענטן שנורעוועט ער זיך אויף און לאָזט זיך פאַנאַנדער. ער האָט פיינט, זאָגט ער, לייענען דאָסטאָיעווסקין, ווייל ס'איז ווידער אַמאָל לאַבאָראַטאָריע, און דאָס האָט ער גענוג אין ביאָלאָגיע. לייענט ער דעטעקטיוו־ראָמאַנען, שטימט פאַר רעפּובליקאַנער קאַנדידאַטן ווי אַ ירושה־זאַך, און פילט זיך אומבאַקוועם ביי גומער דרייצן.

אין פרייע מאָמענטן, ווייזט אויס, נייטיקט ער זיך זייער שטאַרק. ווען ער פאַרענדיקט זיין פּראָפעסיאָנעלע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט וויל ער שנעל אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם ריגאָריסטישן כאָמעט סיי פון זיין דענקען, סיי פון זיינע מעשים. פאַרוואָס ער וויל אַזוי שטאַרק דאָס פון וואָס ער מאַכט חוזק אין זיינע ביכער און אַרטיקלען, וועגן דעם איז אים מסתמא ניט אויס־געקומען צו טראַכטן. בכל אופן, ביי דער לאַבאָראַטאָריע האָט ער וועגן דעם ניט געפרעגט, און דורך קיין עקספּערימענטן האָט ער וועגן דעם ניט אויסגעפונען.

אין די דאָזיקע פרייערע מאָמענטן ווייס ער אויך, אַז ס'זענען פאַראַן גאַנץ פונדאַמענטאַלע אונטערשיידן צווישן גויאישע און יידישע אייגנשאַפטן, און ער ווייס אַפילו גאַנץ גענוי אין וואָס זיי באַשטייען. איין מאָל, פאַר אַן עקזאַמען, מאַכט ער צו מיר: „אויפן קומענדיקן טעסט האָב איך באַשלאָסן צו שטעלן איין עכט גויאישע פראַגע און איינע אַ טיפּיש יידישע. איר וועט זען עפּעס שיינס“.

איך האָב שפּעטער ניט געפרעגט וועלכע פראַגעס ער האָט געמיינט, אין וואָס עס איז באַשטאַנען די טיפּיש יידישע פראַגע האָב איך, ווי דער אמת איז, ניט געקענט כאַפּן. אָבער וואָס ער האָט געמיינט מיט דער עכט גויאישער פראַגע, אויף דעם האָב איך זיך גראַד יאָ אָנגעשטויסן. ער האָט מיך אָבער אַליין צוגערופן, גענומען דעם צעטל פראַגעס אין דער האַנט און געטייטלט מיטן פינגער: „אָט איז די זעקסטע פראַגע: ,ווייזט אָן אויף דריי ביאָלאָגישע פּראָבלעמען וואָס שווימען אַרויס פון די אונטערשיידן צווישן וויטאַליזם און לאַמאַרקיזם'. דאָס, זעט איר, איז אַ טיפּיש יידישע פראַגע. איך האָב געקוקט אויף די עטלעכע יידן אין קלאַס, זיי האָבן ממש אויפגעלעבט ווען זיי זענען געקומען צו דער זעקסטער פראַגע. דאָס גיט אַ מעגלעכקייט זיך צו פּשטלען, צו פליען אין די הימלען, צו פירן וויכוחים — אַ חיות פאַרן יידישן מוח. און אָט איז די לעצטע, די צענטע פראַגע: 'מאַכט אַ צייכענונג

פון דער בערוון־סיסטעם פון אַ זשאַבע׳. דאָס איז דורך און דורך גויאיש. דאָ האָבן די גוים אויפגעלעבט און די יידן זענען נעבעך געוואָרן געפּלעפּט. איך פאַרשטייט, דאָ העלפט ניט קיין מוח. דאָ דאַרף מען באַנוצן הענט, דעליקאַטע באַוועגונגען פון מוסקלען, ניט פאַר קיין יידן געדאַכט״.

אַז די יידישע און גויאישע סטודענטן האָבן זיך טאַקע געפילט אַזוי ווי ער האָט זיי באַשריבן, דאָס קען איך בשום אופן ניט באַשטעטיקן. איך האָב מורא, אַז אין זיינע „פרייע מאָמענטן״ האָט ער דאָס אין גאַנצן אַליין אויס־געטראַכט. דאָך האָב איך אים זייער גוט פאַרשטאַנען. פונקט ווי מען קען שטימען פאַר רעפּובליקאַנער ווי אַ ירושה־זאַך, קען מען דאָך מיינונגען וועגן יידישע אייגנשאַפטן אויך איבערנעמען בירושה. מיך האָט אויך ביט געחידושט פאַרוואָס איך האָב אים אַזוי גוט פאַרשטאַנען. סוף כל סוף לעב איך דאָך אין דער זעלביקער גייסטיקער וועלט וואו די זעלביקע ירושות שוועבן אַרום אין דער לופט. וואָלט דאָך געווען אַ וואונדער ווען איך וואָלט זיי ניט דער־קענט. איך האָב זיך דאָך אויך גענוג אָנגעהערט וואָס מען זאָגט וועגן יידן און גוים.

יאָ, איך דערמאָן זיך, איינער פון די יידישע סטודענטן, וואָס איז דורכ־געגאַנגען דעם פריערדיקן עקזאַמען איז געווען אַ פרישער אימיגראַנט. גאַנץ ביאַליסטאָק איז געלעגן אין יעדן דריי פון זיינע באַוועגונגען און אין יעדן קנייטש פון זיין ענגלישן־אַקצענט. האָט ער מיר טאַקע שפּעטער געזאָגט, אַז דער עקזאַמען איז געווען לייכט, ממש אַ גאָרניט. אָבער מיט דער לעצטער פראַגע האָט ער געהאַט צרות. גיי מאַך זיי צאַצקעס מיט קונצעלעך פון דער נערוון־סיסטעם פון אַ זשאַבע. מען קען דאָך זיין דער גרעסטער למדן אין יעדן נערוו־פאָדעם פון יעדער זשאַבע אויף דער וועלט, און דאָך ניט קענען מאַכן קיין צאַצקעס מיט קיין מענטשעלעך. אָבער ער איז טאַקע געווען אַ יוצא מן הכלל. ביי די איבעריקע יידן האָב איך ניט באַמערקט קיין שום באַזונדערע שוואַכקייט ווען עס איז געקומען עפּעס צו מאַכן מיט די הענט.

נאָר ירושה איז ירושה, און מיר ירשענען געדאַנקען פונקט ווי די פאָרם פון אונדזערע קליידער. אין דעם פרט איז אַ קנאַפּער נפקא מינה צווישן אַ היגן פראָפעסאָר און אַ היימישן שניידער. אַלע ווייסן מיר, אָדער מיר מיינען אַז מיר ווייסן, אין וואָס עס באַשטייען די אונטערשיידן צווישן יידישע און גויאישע אייגנשאַפטן.

ד״ר זשיטלאָווסקי האָט ערגעץ וואו געזאָגט — איך געדענק ניט וואו און געדענק ניט גענוי זיינע ווערטער — אַז דער גרויסער חילוק צווישן פראַנצויזן און דייטשן באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע דענקען געאָמעט־ריש, די לעצטע — אַלגעבראַאיש. יידן, האָט ער מוסיף געווען, גלייכן זיך אויס מיט דייטשן אין דעם פרט. ער גיט ניט קיין קלאָרע דעפיניציע פון דעם וואָס ער פאַרשטייט אונטער „געאָמעטריש״ און „אַלגעבראַאיש״, אָבער

ס'איז ניט געווען שווער זיך אָנצושטויסן, אַז ער מיינט אומגעפּער דעם זעלביקן אונטערשייד וואָס צווישן קאָנקרעט און אַבסטראַקט, צווישן אַזעלכע וואָס אָפּערירן מיט אָפּגעצירקלטער בילדלעכקייט און אַזעלכע וואָס לאָזן זיך כאַפּן מעטאַפיזישע ענטיטעטן. די ערשטע זענען ערדיש, פּראַקטיש, די לעצטע זענען פאַרליבט אין טעאָרעטישע קאָנסטרוקציעס. יידן געהערן, הייסט עס, צו די לעצטע.

מיר דאַכט זיך, אַז מען קען לייכט באַווייזן ביידע. אויב עמעצער וועט וועלן ברענגען ראיות אַז יידן זענען „אַלגעבראַאיש" וועט ער קענען אָנרופן אַזעלכע נעמען ווי פילון פון אַלעקסאַנדריע, סעדיה גאון, רמב"ם, חסדאי קרשקש, ספּינאָזאַ, הערמאַן קאהען, ואחרון אחרון חביב, אַלבערט איינשטיין. אויב אַן אַנדערער וועט דווקא באַשטיין אויף „געאָמעטריש" וועט דאָס אים אויך ניט שווער אָנקומען. ער וועט טענהן אַז דאָס טראַכטן אין ריין אַב־סטראַקטע טערמינען ציט אין דער אמתן זיין יניקה פון דער גריכישער טראַדיציע. ניטאָ קיין שאַפונג וואָס איז מער טיפּיש יידיש ווי נביאות, און דאָס נביאישע דענקען, די גאַנצע תנכישע רעטאָריק, איז קאָנקרעט־בילדלעך. און אַז איר ווילט קען מען דעם זעלביקן קולטור־פּראָדוקט טייטשן אי אַהין, אי אַהער. אַזאַ כאַראַקטעריסטישע יידישע שאַפונג ווי הלכה און די „בערג־רייסעניש" אַרום דעם, קען באַטראַכט ווערן פון ביידע שטאַנדפּונקטן. אויב מען האָט אין זינען דעם שטאָף און דעם ציל האָט דאָס צו טאָן מיט פּראַקטישע, קאָנקרעטע אופנים פון לעבן. אויב מען האַלט אין אויג די פּילפּוליסטישע מעטאָדיק, די ריינע שטרעבונג צונויפצוברענגען אַ וואַנט מיט וואַנט, די דערווייטערקייט פון אַרומיקן פּראַקטישן לעבן, דעמאָלט איז דאָס הוילע טעאָריע, „אַלגעבראַאיש".

עס קען נאָך עמעצן ווייטער איינפאַלן צו פרעגן אַ האַרבע קשיא. אויב מיר רעדן וועגן אייגנשאַפטן פון יידישן דענקען, וועט ער טענהן, דעמאָלט איז אַ גרויסער ספק צי מיר האָבן אַ רעכט זיך אָפּצושטעלן בלויז אויף די העכערע דענק־מדרגות פון יחידים. עס וואָלט אפשר גלייכער געווען מיר זאָלן זוכן אויסצוגעפינען ווי אַזוי עס טראַכט דער פּשוטער ייד פון אַ גאַנץ יאָר. און אויב מיר זאָלן פסקענען, אַז די דאָזיקע טענה איז אַ גערעכטע איז גאָר קיין שום עצה ניטאָ מיר זאָלן עפּעס דערגיין וועגן דעם סיידן דורך אַ ספּעציעלער פּסיכאָלאָגישער אויספאָרשונג. אָן דעם קען קיינער גאָרניט וויסן וואָס עס קומט באמת פאָר, סיידן מיטן רוח הקודש.

ועל כולם, די אַלע אָנגעגעבענע אויסטייטשונגען פון „געאָמעטריש" און „אַלגעבראַאיש", אָדער אַפילו פון „אַרבעטן מיט מוח" און „אַרבעטן מיט די הענט" זענען בשום אופן ניט קיין גענויע דעפיניציע פון די טערמינען מיט וועלכע מיר האָבן דאָ צו טאָן. מיט אַזעלכע צעשוואומענע רייד קען מען אַלץ

ניט דערגיין צי עס איז טאַקע בכלל פֿאַראַן עפּעס אַ חילוק צווישן יידישן און גויאישן דרך פון דענקען, און אויב יאָ, אין וואָס דאָס באַשטייט.

פון דעם אַלעם איז קודם כל געדרונגען, אַז מען דאַרף זיין זייער אָפּגעהיט ווען מען רעדט וועגן יידישע אייגנשאַפטן, בכלל וועגן נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן. דער פאַקט וואָס דער פריערדיקער יידישער סטודענט פון ביאַליסטאָק האָט ניט געקענט מאַכן קיין צייכענונג בעת די אַמעריקאַנער יידישע סטודענטן האָבן עס יאָ געקענט, ברענגט אויפן רעיון די מעגלעכקייט, אַז דער חילוק איז ניט צווישן יידן און גוים, נאָר צווישן ביאַליסטאָק, פון אַ באַשטימטן קרייז און אַ באַשטימטער צייט, און אַמעריקע. די איילעניש אָפּצופּסקענען וואָס יידן קענען אָדער ווילן איז אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן, און אַ הוילער טעאָרעטישער פּסק דין קען אַמאָל פירן צו גאַנץ טרויעריקע רעזולטאַטן.

מען קען דאָס אַרויסזען פון די רייד פון זייער וואַרעמע יידן בעת זיי קלייבן זיך פּאַנאַנדער אינעם אומגליק פון אַנטיסעמיטיזם. אָט וואָס ד"ר זשיטלאָווסקי זאָגט וועגן דעם ענין: „ס'איז ניט אמת, אַז דער אַנטיסעמיטיזם שטאַמט נאָר פון עשוס פיר־פיסיקער בלוט־דאָרשטיקייט, וואָס איז אַ פאַקט וועלכער קען ניט אָפּגעלייקנט ווערן. ער שטאַמט אָפּ אין דער זעלביקער, אויב ניט נאָך אין אַ גרעסערער, מאָס פון יעקבס גראָזענער פיר־פיסיקייט, פון זיין אַבסאָלוטער צוגעבונדנקייט צו דעם לעבן פון זיין ,טרעבאַ יאַק ניבודזשיץ'. אָט די פיר־פיסיקייט האָט געפירט דערצו וואָס אין אונדזער קאַמף פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ זענען מיר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בריאה, וועלכע שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ אַבי אָפּצוהיטן דאָס לעצטע ביסל לעבן, וואָס אָפּטמאָל פאַרלירט זי יעדן טראַפּן ,יהדות' אין איר שטרעבן צו אַ פּריווילעגירטער שטעלונג פון מענטשן וועלכע קענען זיך אַרויסדרייען פון פיזישער אַרבעט און לאָזן אַנדערע אַרבעטן אויף איר".

יידן צייכענען זיך אויס, לויט דער דאָזיקער טעאָריע, ראשית, מיט האַלטן אַז „יעדעס לעבן איז ווערט געלעבט צו ווערן", אָן שום חשיבות צו זיך אַליין; והשנית, מיר אַנטלויפן פון פיזישער אַרבעט. דאָס צווייטע איז, ווייזט אויס, דאָס וויכטיקסטע. וואָרעם, ווי זשיטלאָווסקי זאָגט ווייטער: „לאָמיר זיך אָפּזאָגן פון אָט דער זייער צווייידייטיקער לאַגע. לאָמיר בעסער אָפּן נעמען די שולד אויף זיך, און זען פּטור צו ווערן פון דעם כישוף וואָס הענגט איבער אונדז, און פון וועלכן מיר ווילן לוידער ניט פּטור ווערן. דער כישוף ליגט — ווי אויבן באַמערקט, און ווי עס איז שוין הונדערטער מאָל פריער אַרויסגעבראַכט געוואָרן — אין אונדזער שטרעבן צו אַ פּריווילעגירטער פּאָזיציע פון מענטשן וואָס דאַרפן ניט אַרבעטן פיזיש" („יידן און יידישקייט", 1939, ז. 88־89).

מילא, איך וועל דאָ ניט רעדן וועגן דער טעאָריע פון עשוס „בלוט־דאָרשטיקייט", וואָס זשיטלאָווסקי גיט איבער ווי אַ זיכערן „פאַקט". דער

עצם טערמין „בלוט־דאָרשטיקייט" קען זיך זיין גאַנץ פיינע „ליטעראַטור", אָבער קען ניט זיין קיין „פאַקט" סיידן מען דערקלערט אָן רעטאָרישע באַפוצעצן וואָס דאָס באַטייט. און דעמאָלט, האָב איך מורא, וועט מען אַ גאַנץ היפש ביסל קענען אַראָפדינגען פונעם „פאַקט".

איצט איז אויך אַביסל פריקרע צו רעדן וועגן דער טעאָריע פון יידישער פחדנות, וועגן אונדזער זיין גרייט צו „לאָזן טאָן מיט זיך אַלץ וואָס איינעם פאַרגלוסט זיך" אויס פחד פאַרן טויט. נאָך די געשעענישן אין די לעצטע יאָרן זעט מען, אַז דאָס איז הוילע טעאָריע, צום אומגליק, אַ שעדלעכע טעאָריע וואָס קען פאַרפירן אַפילו געטרייע יידן. אָבער אַז יידן זוכן אַ פריווילעגירטע פאָזיציע וואו מען דאַרף ניט אַרבעטן פיזיש, און דאָס וואָרט „פיזיש" ווערט נאָך פון זשיטלאָווסקין אונטערגעשטראָכן מען זאָל חס ושלום קיין טעות ניט האָבן, דאָס באַווייזט צום בולטסטן וואָסערע צרות אַ טעאָריע קען אָנטאָן ווען זי ווערט איבערגעגעבן ווי אַ פאַקטיש־באַשטעטיקטע יידישע אייגנשאַפט.

וואָס באַטייט דאָס, אַז יידן אַרבעטן ניט „פיזיש"? לאָמיר אָננעמען אַז אַבסאָלוט אַלע יידן זענען הענדלער, איז וואָס־זשע טוען זיי דעמאָלט? איז דאָס ניט קיין פיזישע אַרבעט? ברענגען סחורה פון איין אָרט צום צווייטן, אַראַנזשירן, קלאַסיפיצירן, פאַרקויפן, איז דאָס ניט קיין פיזישע אַרבעט? מען קען גלייך זען, אַז דאָס וואָרט „פיזיש" ווערט דאָ באַנוצט ניט אין בוכשטעבלעכן זינען. עפּעס ווילט זיך דערמיט אויסדריקן אַ געשריי, געבייזער. ניט אַרבעטן פיזיש איז פונקט ווי זאָגן, אַז יידן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרטן מען זאָל זיי אַלץ ברענגען צום מויל. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, און פאַקטיש, ניט ריכטיק. אלא וואָס דען? דער דאָזיקער מין פיזישע אַרבעט איז ניט פּראָדוקטיוו.

דאָס איז שוין לחלוטין ניט פאַקט, נאָר טעאָריע. אַ טעאָריע קען נאַטירלעך זיין ריכטיק; זי קען זיך פונקט אַזוי גוט אַרויסווייזן פאַר פאַלש. און איידער וואָס־ווען איז אונדזער חוב צו זיין איינגעהאַלטן מיט וואָרט און טאָן. מיר וועלן זיך געפינען אין זייער געהויבענע, אויסגעצייכנטער עקאָנאָמישער געזעלשאַפט אויב מיר וועלן האַלטן אַז האַנדל איז ניט ווייניקער פּראָדוקטיוו, אַ האָר ניט ווייניקער, ווי מאַכן קליידער אָדער מאַכן טעאָריעס. אמת, ניט אַלע פאַכן רופן אַרויס די זעלביקע באַציאונג צו זיך, און פאַרנעמען ניט די זעלביקע פאָזיציע אין לעבן. דער אונטערשייד, אין דעם פּרט, צווישן, לאָמיר זאָגן, שניידער און טעאָריע־מאַכער, איז אומגעהייער, אָבער דאָס באַווייזט בלויז אַז אַחוץ פּראָדוקטיווקייט, און נאָך פאַרשיידענע ריין־עקאָנאָמישע זאַכן, זענען פאַראַן אַנדערע פאַקטאָרן, וואָס העלפן באַשטימען אין אַזעלכע ענינים.

געגנוי וויפיל עקאָנאָמיסטן עס האַלטן מיט איין צד אָדער מיטן צווייטן, וועגן דעם האָב איך קיין סטאַטיסטישע טאַבעלעס ניט אויסגעשטעלט. איך

בין אויך ניט גרייט צו עצהן, אַז מיר זאָלן זיי הייסן שטימען און מקיים זיין די מצווה פון „אחר רבים להטות״. איך קען אויך ניט צושטעלן קיין סטאַ־טיסטישן מאַטעריאַל וועגן דעם וויפיל שניידער עס זענען גרייט צו העלפן מאַכן טעאָריעס און וויפיל טעאָריע־מאַכער וואָלטן זיך אונטערגענומען צו העלפן נייען הויזן. איך בין זיך בלויז משער, אַז אין ערשטן פאַל וועט די צאָל זיין אַ היפּש ביסל גרעסער ווי אין צווייטן. בכל אופן, אַזוי ווי דאָ רעדט זיך דאָך וועגן אַ טעאָריע וואָס האָט צו טאָן מיט אַ באַשטימטן פאַך, איז זאָלן דערוויל פאַכלייט, עקאָנאָמיסטן, פירן די פּלוגתא צווישן זיך. מען קען זיי בלויז בעטן, אַז אַזוי שנעל ווי זיי וועלן צווישן זיך מושווה ווערן זאָלן זיי ניט פאַרגעסן אונדז גלייך צו לאָזן הערן וואָס זיי האָבן באַשלאָסן. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן אַז „האַנדל איז גנבה״, ווי פּרודאָן האָט געפּסקנט, וועלן מיר דעמאָלט אַרויסלאָזן אַ קול קורא וועגן דעם. דערוויל אָבער, ווי לאַנג די מחלוקה איז נאָך ניט איינגעשטילט, איז דאָך אַן עוולה צו באַשולדיקן דאָס פאָלק ישראל אין כל דבר אסור שבעולם. גרויסע וועלט־אידעאַלן זענען טאַקע זייער אַ געהויבענע זאַך, אָבער אַ ברעקעלע יושר גייט דאָך אויך ניט צופוס.

אָט אַזוי לאָזט זיך אויס די מעשה וועגן יידישע אייגנשאַפטן. דער גויאישער פּראָפעסאָר האָט מסתמא אין גאַנצן קיין פאַקטן ניט אויף וואָס צו בויען. ער האָט בלויז גע׳ירשנ׳ט מיינונגען וועגן יידן. דער יידישער פּראָפעסאָר מיינט, אַז אים אַרן די פאַקטן בעת אין דער אמתן שטאַמען גאָר זיינע תרעומות פון דעם, וואָס זיין טעאָריע טייטשט אויס די פאַקטן אויף אַ באַשטימטן אופן. און אַז טעאָריע צעשפּילט זיך איז ניט אַזוי לייכט זי אָפּצושטעלן, דערקלערט זי „דעם כישוף וואָס הענגט איבער אונדז״ ווי אַזאַ „פון וועלכן מיר ווילן, ליידער, ניט פּטור ווערן״. צו דערקלערן די יידישע לאַגע מיט עפּעס וואָס „מיר ווילן ניט״, דערצו נאָך אונטערשטרייכן דאָס וואָרט „ווילן״, איז זיכער ניט קיין פּאַסיקער וויסנשאַפטלעכער אַנאַליז. דאָ רעדט שוין אַרויס פון זשיטלאָווסקין ניט זיין וויסנשאַפטלעכער נייגיר, נאָר זיין יידישער עגמת נפש. ער האָט בלויז אַ טעות ווען ער מיינט, אַז יידישע אייגנשאַפטן האָבן אים פאַרשאַפן דעם עגמת נפש. אין דער אמתן איז דאָס גאָר געווען אַ פּועל יוצא פון זיין אייגענער טעאָריע.

מיינונגען וועגן גאַנץ זיכערע, גורל־באַשטימטע אייגנשאַפטן פון פעלקער זענען אַ סך, אַ סך עלטער ווי דער יידישער גלות. אַריסטאָטעל האָט נאָך אָנגעוויזן, אַז די פעלקער וואָס לעבן אין צפון־אייראָפּע צייכענען זיך אויס מיט זייער בראַווקייט, אָבער זיי פאַרמאָגן ניט די אינטעליגענץ כדי צו שאַפן אַ פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע און איינשטעלן אַ רעגירונג־מעכאַניזם. פאַרקערט, די אַזיאַטן זענען טאַקע געבענטשט מיט שכל און איינפאַל, אָבער זיי פאַרמאָגן ניט דעם נייטיקן גייסט. די גריכן זענען געאָגראַפיש אין דער מיט צווישן

אייראָפּע און אַזיע. ממילא, פסקנט ער, האָט זיי די נאַטור אַליין צוגעפּאַסט צו הערשן אויף דער וועלט. פון דעמאָלט אָן האָבן די אייראָפּייער צוגעקראָגן אַ היפּש ביסל שכל צום פריערדיקן גייסט, און די אַזיאַטן האָבן באַפּרוכפּערט מיט גייסט זייער אַלטן שכל. פון דער אַנדערער זייט האָבן די גריכן, ווייזט אויס, אַביסל פאַרלוירן פון ביידע.

אין דער צייט פון דער מלחמה, ווען מען האָט געדאַרפט טרעפן וואָס דער שונא, אָדער סתם עפּעס אַן אַנדער פאָלק, גרייט זיך צו טאָן, פלעגט מען זיך ווענדן וועגן דעם צו עקספּערטן. פלוני בן פלוני האָט מכמה יאָרן געלעבט אין דייטשלאַנד, ער קען די דייטשן אויסגעצייכנט, און ער פאַרזי־כערט אַז היטלער וועט טאָן דאָס און דאָס, און בשום אופן ניט עפּעס אַנדערש. וועגן יאַפּאַן, אָדער ווישי־פראַנקרייך, האָט מען זיך געווענדט צו אַן אַנדער עקספּערטישן פלוני וואָס האָט גערעדט כמעט אויפן זעלביקן אופן וועגן „זיין" פאָלק. איך ווייס ניט צי די דאָזיקע עקספּערטן האָבן טאַקע אַלעמאָל געטראָפן. איך ווייס בלויז, אַז די אַלע אינטערוויוען מיט עקספּערטן איז געקומען ניט פון דירעקטע פאַראינטערעסירטע צדדים נאָר פון צייטונגען, וואָס זוכן צו שטילן דעם דאָרשט נאָך נייעס.

אין איינס בין איך זיכער. די גענעראַל־שטאַבן פון אַלע פעלקער דאַרפן ניט אַזעלכע עקספּערטן. זיי רעכענען זיך לחלוטין ניט מיט די פּאָפּולאַרי־זירטע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן כדי צו באַשטימען וואָס צו טאָן. ווען עס האַנדלט זיך וועגן „לאָגיסטיק", אָדער סטראַטעגיע, זענען פאַראַן גאָר אַנדערע פאַקטאָרן און חשבונות. מען קען זיך לייכט פאָרשטעלן, אַז יעדער גענעראַל באַזונדער האָט מסתמא זיינע בעסטע איבערצייגונגען וועגן דער טבע פון דייטשן, פראַנצויזן, ענגלענדער אאַז"וו. דאָך האָט דאָס אַלץ ניט די מינדסטע ווירקונג אויף אים בעת עס קומט צו קריגערישע מעשים וואו דאָס לעצטע וואָס אַ פאָלק פאַרמאָגט שטייט אין סכנה. יענע אַלע איינגעוואָרצלטע מיינונ־גען זענען ביי אים, פּונקט ווי ביים דערמאָנטן פּראָפעסאָר פון ביאָלאָגיע, אַ מאַטעריאַל אויף צו שפּילן זיך אין פרייע מאָמענטן. וואו גרויסע זאַכן שטייען אין קאָן דאַרף מען האָבן אַ פעסטערן זייל אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן.

פּונקט ווי די מיינונגען וועגן די אייגנשאַפטן פון פעלקער איז זייער אַלט, אַזוי איז נאָך זייער און זייער יונג די אָנשטרענגונג זיי וויסנשאַפטלעך צו פאָרשן. ווי אין אַלע אַזעלכע פאַלן ווייזט זיך אַרויס, אַז עס האַנדלט זיך דאָ ניט בלויז וועגן ענטפערס אויף פראַגעס, נאָר אויך, טאַקע קודם כל, וועגן באַשטימען גענוי אין וואָס די פראַגעס באַשטייען, דעפינירן מיט פּרעציזקייט די טערמינען וואָס ווערן באַנוצט. קיינער קען ניט אָפּלייקענען, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע פאָרמען און אינהאַלטן ביי פעלקער וואָס זענען כאַראַקטעריס־טיש פאַר זיי, ווייל זיי חזרן זיך איבער, ווייל ביי אַן אַנדער פאָלק וואָלטן זיי אויסגעקוקט פרעמד. זענען אָט די אַלע פון איין טבע? איז מעגלעך

איין דערקלערונג פאַר אַלע? זענען זיי איינגעבוירענע אָדער אַ רעזולטאַט פון באַשטימטע לעבנס־תּנאים? בקיצור, עס איז ניט פאַראַן איין פראַגע נאָר זייער אַ סך, און ביי יעדער פון זיי דאַרף מען געווּי באַשטימען וואָס מיר האָבן אין זינען איידער מיר נעמען זיך געבן אַן ענטפער.

ווען עס קומט צו יידישע אייגנשאַפטן דאַרפן מיר האַלטן פאַר אונדזער מאָראַלישן חוב צו זיין זייער געהיט און צוריקגעהאַלטן. די היסטאָרישע פייער־פלאַמען פון שנאת ישראל האָבן געברענט און אָפּגעברענט אַלץ, אַלץ וואָס שטאַרט אַרויס פון דער ערד אַרום אונדז. פאַראַן זייער ווייניק אייגנ־שאַפטן, וואָס מען שרייבט אונדז צו, וואָס זענען ניט דורכגעוואָרפן כאָטש מיט ברעקלעך, שטויבעלעך, פעדעמלעך פון אָט דער פיינטשאַפט צו אונדז. ממילא, ווען מיר שלינגען זיי איין אַזוי ווי זיי ווערן אונדז דערלאַנגט זענען מיר עלול ניט וויסנדיקערהייט צו פאַרדייען קליינע טראָפּנס יידן־פּאַקטן מיט גאַנצע עמערס יידן־סם. דערנאָך גרויסן מיר זיך מיט דער געוואַלדיקער אָביעקטיווקייט, אַז מיר קענען אַזוי אומפּאַרטייאיש שפּייען אויף זיך אַליין. עס חלומט זיך אונדז גאָרנישט, אַז דאָס שפּייעכץ גופא איז אַ פרעמדע אָנ־זאַמלונג פון דורות וואָס האַלט כסדר אין איין רעגענען אויף אונדז, איז דאָך שווער אויסצומיידן, אַז עס זאָל זיך ניט צוקלעפּן אויך צו אונדזער צונג.

דאַכט זיך מיר, אַז ס׳איז בעסער מיר זאָלן אָנהויבן וואַרפן אַ חשד אויף דער אָביעקטיוויטעט פון אונדזער אָביעקטיווקייט. עס קען דאָך זיין אַז דער עצם דאָרשט צו זאָגן „דעם ריינעם אמת״ וועגן יידן נעמט זיך ניט פון אַזאַ כשרער דורכויס־וויסנשאַפטלעכער פאַרשמאַכטקייט. ווען עמעצער שטרייכט בלויז אונטער אַז ער גרייט זיך צו זאָגן וועגן יידן דעם ריינעם אמת, וואָלט מען דאָך על פּי שׂכל געדאַרפט וויסן וואָס ער איז אויסן. דער ריינער אמת קען דאָך זיין גאָט וויס וואָס. אָבער מערקווערדיק, אַזוי שנעל ווי מיר הערן דאָס ווייסן מיר גלייך, אַז דאָס גרייט זיך דער רעדנער צו זאָגן עפּעס שלעכטס, עפּעס וואָס ער אַליין האַלט פאַר שלעכטס. איז דען דאָס ניט דער בעסטער סימן, אַז אַפילו דער „ריינער אמת״, ווען עס האַנדלט זיך וועגן יידן, איז דורכגענומען געוואָרן פון אַ וועלט־טראַדיציע מיט עפּעס וואָס איז אַ האָרעלע ווייניקער פון ריינקייט און פון אמת?

אָט צוליב דעם איז טאַקע אונדזער מאָראַלער חוב ניט צו זיין צו איבער־געאיילט אין אונדזער פּסק דין וועגן יידישע אייגנשאַפטן. מעגלעך אַז עס וואָלט ניט געווען קיין קרומע עצה מיר זאָלן זיך אין דעם פּרט אומקערן צו די אַלטע אומפּראָגרעסיווע צייטן, פאַרגעסן זיך אויף אַ מינוט, און ווערן גוט אַפילו צו יידן.

(1945)

# מיסטיק

מיר זענען אַלע מיסטיקער, ליבע פריינד, פאַרפאַלענע מיסטיקער. ווייזט אויס אַז ס׳איז קיין אַנדער עצה ניטאָ, מיר קענען זיך ניט באַפרידיקן בלויז מיט וויסן עפּעס וועגן דער וועלט. מיר ווילן דווקא דערגיין וואָס זי איז אין דער אמתן. כאָטש שמועסנדיק דאָס אייגענע טאַקע צוריק, אפשר איז גאָר ניטאָ קיין אין דער אמתן? אפשר האָבן מיר דאָס אַליין אויסגעטראַכט און מיר ווילן עס כאַפּן ווי אַ קאַץ דעם אייגענעם עק? פאַראַן אַ שטאַרקער חשד אַז דאָס איז אַזוי: מיר מעגן לכל הפּחות אָננעמען אַז דאָס אויג, ווי עס איז, איז זיך אומזיסט מטריח צו זען די זאַך ווי זי איז. דער מהלך צווישן די צוויי גייט אַריבער אַלע גרענעצן פון אַלע ווייטסטע מעגלעכקייטן אַז זיי זאָלן ווען עס איז זיך קענען צוזאַמענקומען אויף איין פּונקט. און דאָך, וואָס קען מען זיך העלפן? מיר פּראָיעקטירן, מיר וואַרפן אַריין אין דער וועלט און אין לעבן אַריין, כוחות, געשטאַלטן, ענטיטעטן, און בוקן זיך צו די ווערק פון די אייגענע הענט. מיר ליגן געפאַנגען אין די אָרעמס פון אַ באַצווינגענדיקער מיסטיק.

דער געדאַנק אַז מענטשן דאַרפן זיך בלויז לאָזן פירן פון עם ריינעם, אומגעפעלשטן שכל, האָט געצויגן זיין באַגייסטערונג פון דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט. אין דער דאָזיקער מלוכה געהערט דער טראָן בלי ספק צו דער עקזאַקטער וויסנשאַפט. אָבער וואָס מער פיזיקער, למשל, האָבן טעאָרעטיזירט, זיך איבערגעגעבן דער ממשלה פון די קונציקסטע אינסטרו־מענטן און מאַטעמאַטישע פאָרמולעס, אַלץ מער האָבן זיך דערהערט אין זייערע רייען מיסטישע טענער.

וואָרעם יעדע נייע טעאָריע, יעדער נייער רעזולטאַט פון עקספּערימענטן און העכערע חשבונות, האָט אַלץ מער אָפּגעשטופּט די וועלט פון איר מענטש־לעכן אײַנוואוינער אויף דער ערד. עס איז געוואָרן אַזוי שרעקלעך, אַזוי אומהיימלעך צו לעבן אין אַזאַ מאָדנעם, אָפּגעפרעמדטן חלל. אָט איז אַ וועלט פון צו גרויסע אָדער צו קליינע זאַכן אַז מיר זאָלן זיי בכלל קענען באַנעמען ווי עס געהער צו זיין; אַ וועלט פון ברעקלעך, מאַטעריעלע, האַלב און פערטל מאַטעריעלע, און אַזעלכע וואָס זענען גאָר אין גאַנצן ספק מאַטעריע, ספק ניט־מאַטעריע; אַ וועלט וואָס איז אָנגעפילט מיט אַזעלכע אומגעהייערע דראַמאַטישע געשעענישן צווישן אויפקום און פאַרניכטונג, געשעענישן וואָס באַשטימען אַזוי פיל אַרום אונדז און פון וועלכע מיר וויסן אַזוי ווייניק.

וואָס מער די וויסנשאַפט האָט זיך אַנטוויקלט אַלץ מער איז צווישן אונדז און דער וועלט דורכגעלאָפן אַ גרויסע, אוניווערסאַלע שוואַרצע קאַץ. מיר האָבן אַליין אויסגעטראַכט אַ וועלט וואו מיר זענען אַלץ מער און מער איבעריק געוואָרן. ניטאָ וואָס מקנא צו זיין אַזאַ ביטערן גורל. דער באַרימטער

פיזיקער דזשינס דערקלערט אַז דעם אוניווערס האָט אויסגעטראַכט אַ געדאַנק וואָס באַדט זיך אין ריינער מאַטעמאַטיק. גיי, חבר זיך מיט אַזאַ וועלט בעת מיר אַליין זענען מאַטעמאַטיש אַזוי זינדיק־אומריין.

איז קיין חידוש ניט וואָס גראַד אַזעלכע וויסנשאַפטלעכע רעזולטאַטן האָבן געמוזט לאָזן די טיפערע מוחות מיסטיש־פאַרגאַפט. מיר קוקן אַרום זיך און פרעגן: האָט דאָס אַלץ גאָרניט צו טאָן מיט אונדז, מיט אונדזער גורל? איז דער אוניווערס אַזוי פאַררעטעריש־נייטראַל צו זיין איינציקן אויס־טראַכטער צווישן באַשעפענישן? שיקט זיך צו זאָגן אַז דאָס זאָל זיין אונדזער שכר בלויז דערפאַר וואָס מיר זענען די קרוין פון דער בריאה?

אַזוי עפענען זיך ברייטער, פרייער און תאווהדיקער די וועגן פון דער פאַרוויגנדיקער מיסטיק. מיר מוזן דאָך געפינען אַ וועג אויף צוריק, פאַר־טרייבן די שוואַרצע קאַץ וואָס צווישן אונדז און דעם אוניווערס. וויסנשאַפט־לער רעדן מיט שעמעוודיקער צוריקגעהאַלטנקייט אין דרויסן פון דער לאַבאָ־ראַטאָריע; זיי זענען אָנגעוויזן ניט אויף אינסטרומענטן, ניט אויף מאַטעמאַ־טישע פאָרמולעס, נאָר אויף אינערלעכע, גייסטיקע נויטן, וואָס אָן זייער באַפרידיקונג איז אַזוי שווער, אַזוי דריקנדיק דאָס לעבן. אָט דעמאָלט דער־וועקט זיך דער מיסטיקער אין אונדז וואָס קען ניט אַריבערטראָגן אונדזער צער, באַפרייט אונדז פון אונדזער עלנטקייט, פאַרבינדט אונדז מיט העכערע וועלטן, ביז מיר ווערן כאָטש אין דרימלענדיקן באַוואוסטזיין אַ חלק אלוה ממעל.

טיילמאָל צעשפּילט זיך דער מיסטיקער אין אונדז אין קלענערן, און קליינעם פאָרמאַט. ער נאַרט אונדז אַריין אין זיין וועלט פון שאָטנס און גייסטער אויף אַן אומגעריכטן אופן, און פאַרשטעלט זיך אין שלייערן פון ניכטערער שפּראַך מען זאָל אים ניט דערקענען.

אַנומלטן האָב איך זיך צוגעהערט צו אַ רעדל מענטשן וואָס האָבן זיך היציק געקאָכט איבער פראַגעס פון טאָג. וועגן וואָס רעדן היינט מענטשן? וועגן ארץ ישראל, בערלין, דעמאָקראַטיע, קאַפּיטאַליזם, קאָמוניזם — די געוויינטלעכע מעניו פון היינטצייטיק־אינטעלעקטועלע געפּעכטן. אָבער אָט האָב איך אויפגעכאַפּט אַ וואָרט, אַ פּשוט וואָרט, אַ וואָרט וואָס מיר הערן אַזוי אָפט אין די פאַרשיידנסטע קאָנטעקסטן, און עס האָט אַ בליץ געטאָן פאַר מיין אינערלעך אויג אַ מיסטישע שיין וואָס האָט באַלויכטן אַלע פּנימער. וואָס קען נאָך זיין רעאַליסטישער, מאַטעריעלער ווי דאָס וואָרט פאַקטאָר, און דאָך ווי אַנדערש איז געוואָרן דער זינען דערפון אין דער אייליקער זוכעניש נאָך סיבות פון סאָציאַלע געשעענישן.

ווען מען הערט זיך צו צום באַגריף פאַקטאָר ווי ער ווערט באַנוצט אין דער אימפּולסיווקייט פון מאָמענט איז דאָס בילד אומגעפער אַזאַ: אָט איז דער סאָציאַלער פאַקטאָר, און אַנטקעגן, ווי אַ געטרייער שכן, לעבט זיך אין עושר און אין כבוד דער פּאָליטישער פאַקטאָר. אין דער הויך, אין סאַמע

בוידעם־שטיבל, וועבט זיינע חלומות דער אידעלער און בלאַסלעכער פּסיכאָ־לאָגישער פאַקטאָר. אָבער אונטן, ביים סאַמע פונדאַמענט — ווי טייל גלויביקע און פרומע לייט פאַרזיכערן — לעבט זיך אין זיין מאַיעסטעטישער פּראָמינענץ און באַפעלערישער אַלוויכטיקייט דער עקאָנאָמישער פאַקטאָר, און איז כסדר פאַרנומען מיט מאַכן פּלענער פאַר די איבעריקע וויניקער גליקלעכע און אונטערטעניקע שכנים פון דער דאָזיקער מכשפים־געביידע.

אָט אַזוי ווערן די פאַקטאָרן פאַנטאַסטישע באַשעפענישן, באַשאַנקען מיט מיסטישע כוחות צו טרייבן, שטויסן, קערן און איבערקערן דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן. די פאַקטאָרן לעבן אַן אייגן לעבן אין זיך אַליין, און ציען זייער יניקה פון אַ סודותדיקער קראַפט וואָס זיי טראָגן אין זיך. זיי באַוועגן זיך אין באַזונדערע ספערעס, לויטן מוסטער פון די געהיימע צען ספירות פון דער קבלה, און פון זיי, פון די פאַקטאָרן, בויט זיך אַ גלייכער, דירעקטער וועג וואָס פירט מיט אייזערנער נויטווענדיקייט צו באַשטימטע, שטענדיקע פועל־יוצאס.

ניט בלויז דער פּשוטער דענקענדיקער מענטש, נאָר אַפילו דער גע־שולטער אין אַזעלכע ענינים, אַזוי שנעל ווי ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם כאָמעט פון פּרעציזן טראַכטן, הויכט אַרויס פון אים אַ מין אומפאַרמיטלטער אויסדרוק פון אַ וועלט וואָס שטראַלט מיט מעשה בראשית און מעשה מרכבה, אַ וועלט וואו עס לעבן אין קדושה וטהרה אַלמעכטיקע פאַקטאָרן, מיסטישע באַשעפענישן, וואָס באַשטימען דעם גאַנג פון לעבן דאָ, אונטן, אויף דער זינדיקער וועלט.

אין מאָמענטן פון קאָנטראָלירטן ישוב הדעת קען אַ מענטש טראַכטן דורכויס רעאַליסטיש, און זיך סומך זיין בלויז אויף דעם וואָס איז עמפּיריש באַשטעטיקט, און דאָך וועט ער ניט קענען פאַרשטעלן דעם וועג פאַר דער תאווה צו מיסטיק וואָס זיצט אין יעדן פון אונדז. ער קען אַפילו כשרן די דאָזיקע תאווה פאַר זיך אַליין דורך פאַרדעקן זי מיט טערמינען פון קאַלטן שכל. ער וועט זיך שטיצן אויף אייביקע אמתן, אויף ענטיטעטן געבאָרגטע פון דער פּלאַטאָנישער אידייען־וועלט. אין ערגסטן פאַל וועט ער וואַרטן ביז זיין אָפּגעהיטענער, ראַציאָנאַליסטישער מוח, וואָס שטייט תמיד אויף דער וואַך, וועט כאַפּן אַ דרימל, און דעמאָלט וועט ער, ווי אַ בראָנפן־דאָרשטיקער זיך אַריינכאַפּן אין אַ וועלט פון גלויבנס, שאָטנס, געאַנטע זיכערקייטן, און זיך פאַרשיכורן מיט דער וואַרעמקייט פון אַזאַ ליבן, היימישן אוניווערס. אויב אַפילו ער וועט זיך דערשרעקן פאַרן אָנפאַל פון מיסטישער נאַאיוויטעט קען ער עס טאָן דורך אַן אַנדערן, עפּעס אַ פאַרחלומטן אָנזאָגער פון גוטע בשורות, וואָס וועט פאַר אים שטילערהייט דורכפירן די געגאַרטע שליחות. ער קען, למשל, לייענען עמערסאָנען:

„און ווער עס קעמפט, און ווער עס פאַלט,
נאָר אייביק זיגט גערעכטיקייט".

די שורות וועלן גלעטן זיין האַרץ מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און רחמים, און זיך בעטן ביי אים: „פאַרגעס, פאַרגעס, ברודער, וואָס עמפּירישע געשיכטע זאָגט וועגן די דאָזיקע זאַכן".

פּראָפ. גרשום ג. שלום באַמיט זיך קלאָר צו דעפינירן די פונקציעס פון מיסטיציזם, אין אַ גאַנץ ספּעציפישן זינען. אין פּרימיטיווע צייטן, ווען מענטשן און זייערע געטער האָבן זיך באַגעגנט אויף טריט און שריט איז פאַר מיסטיציזם קיין פּלאַץ ניט געווען. ערשט מיטן אויפקום פון די קלאַסישע רעליגיעס, ווען צווישן מענטש און גאָט איז געוואָרן אַ תהום, ערשט דעמאָלט זענען געבאָרן געוואָרן די מיטלען דעם דאָזיקן תהום אַריבערצושפּרייזן. דאָס איז מיסטיציזם, ווי פּראָפ. שלום באַנוצט דאָס וואָרט.

דאָס איז זייער אַן איינפאַכער, דאָך זייער אַ טיפער געדאַנק, כאָטש די תאווה צו מיסטיק קען זיך גאַנץ שאַרף אַרויסווייזן אַפילו ווען מען שפּאַצירט אין די גאַסן געאָרעמט מיט געטער. אָבער די דאָזיקע תאווה צעבלאָזט זיך אין אַן אומפאַרלעשלעך פייער נאָך דער גרויסער צעטיילונג פון „השמים שמים לה׳ והארץ נתן לבני אדם". עס שאַפט זיך אַ פיינלעכער, דריקנדיקער חלל וואָס וואַרפט אָן אַ פּחד. מען פילט זיך ווי אַ פאַרשטויסענער פונעם באַוואוסטזיין אַז „כי לא יראני אדם וחי". מיר הייבן אָן צו ליידן פון אַ גאָט־קראַנקייט און שטרענגען אָן אַלע אונדזערע כוחות זי צו היילן. איז דאָך קיין חידוש ניט וואָס מיר זענען אַלע מיסטיקער, פאַרפאַלענע מיסטיקער.

עס קען אויך טרעפן אַז די מיסטישע ליידנשאַפט קלעפּט זיך צו צו איין געוויינטלעכן אַספּעקט פון לעבן, קלעפּט זיך צו און בלאָזט פאַנאַנדער אַ מין מיסטישן הויקער אויפן געשטאַלט פון דער טאָג־טעגלעכקייט. אָט אַזאַ קרענקלעכן דרך האָב איך באַמערקט אין וועלטלעכן קרייז ביי יידן.

אַמאָליקע צייטן האָט יידישע מיסטיק אָפּערירט מיט גרויסצוגיקע באַ־גריפן, אידייען וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט אומגעהייערע שטחים פון פאָלקישן גייסט. זי האָט זיך געטוליעט צו גאָט, שכינה, בריאת העולם, גלות, גאולה, תורה, ישראל, אַלץ אַזעלכע טערמינען וואָס יעדער פון זיי האָט אויסגעדריקט, אָדער געקענט אויסדריקן, גאַנצע וועלטן פון אינערלעכן און אַרומיקן געשען. דער וועלטלעכער באַנעם פון יידישן זיין האָט דערהויבן שפּראַך צום סאַמע כסא הכבוד פון אַ מיסטישער יידישקייט. דאָס איז חל סיי אויף העברעאיסטן, סיי אויף יידישיסטן. אָבער די ערשטע, די העברעאיסטן, האָבן כאָטש אַ דערלייזנדיקע פאַרגיטיקונג וואָס די צווייטע, די יידישיסטן, האָבן ליידער ניט. העברעאיש און לשון קודש זענען זיכער ניט היינו הך. העברעאיש איז לויטער שפּראַך, לשון קודש איז מער קודש ווי לשון. אָבער די מיסטישע ראָלע פון לשון קודש אין קבלה האָט זיך פאָרט, בשעת הדחק, געקענט

איבערענטפערן צו העברעאיש אין דער געפיל־וועלט אַפילו פון אַ וועלטלעכן ייִדן. דערצו נאָך בינדט זיך העברעאיש מיטן אויפבוי פונעם נייעם ארץ ישראל, און די דאָזיקע אידענטיפיקאַציע קען אָנפילן די שפּראַך מיט די סימבאָלישע כוחות פון אַ סך אַ גרעסערן שטח, ווייט אַריבער די גרענעצן פון אַ ספּעציעלן נאַציאָנאַלן אידיאַם. דאָך, אחרי ככלות הכל, וועט מסתמא קיינמאָל ניט געראָטן אַז העברעאיש זאָל זיך דערהויבן צו דער מיסטישער מדרגה צו ווערן אַ כוללדיקער אויסדרוק פון היסטאָרישער ייִדישקייט.

ייִדיש פאַרמאָגט אין גאַנצן ניט דעם געהעריקן מיסטישן שטאָף וואָס דאַרף אַרומנעמען אַ צענטראַלן סימבאָל פון גייסטיקן ייִדישן קיום, מוז זיך דעריבער די שפּראַך נאָך מער באַנוגענען מיט אַ דורכויס ראַציאָנאַלן אַפּעליר־כוח. איך וויל זיך אַליין דערמיט דערקלערן פאַרוואָס איך בלייב אַזוי קאַלט, אָפט אַזוי אומצופרידן קאַלט, ווען איך לייען אָדער הער ווי טייל וויזן אַרויס אַזאַ אומגעצוימטע תאווה צו באַהענגען ייִדיש מיט די שלייערן פון מיסטישע כוונות, און טרייבן די שפּראַך אויסצופילן דעם סודותדיקן חלל וואָס צווישן דעם עולם השפל און דעם עולם האצילות פון דער ייִדישער געפיל־וועלט.

אַ ייִד זאָגט מיר אָנומלטן: „מיינע קינדער רעדן שוין ניט קיין ייִדיש. דאָס איז אמת. אָבער איך האָב נאָך אַלץ גרויס אמונה אַז עס קען געשען אַ נס מיט מיינע אייניקלעך. דער כוח פון ייִדיש איז ניט אָפּצושאַצן. ס'האָבן שוין געטראָפן אַזעלכע זאַכן. אָט דאַכט זיך אַז ייִדיש גוססט, ס'איז שוין כלו כל הקיצין. און פּלוצלונג, ס'כאַפּט זיך אויף צוריק און עס לעבט". אָפן גערעדט, מיך שרעקן אַזעלכע רייד. איך פיל אין זיי אַ פּאַראַליזירנדיקע אמונה פון אַ קראַנקער מיסטיק וואָס קען ווערן אַ סכנה. ענלעכע סימפּטאָמען, כאָטש אויסגעדריקט מיט מער רעטאָרישער גלאַטקייט, זענען געוואָרן אָפטע געסט אין אונדזער גערעדטער און געשריבענער עפנטלעכקייט.

שפּראַך האָט אין זיך די גרויסע מעלה וואָס זי איז אומעטום, און דעם גרויסן חסרון וואָס זי איז אין ערגעץ ניט. וואָרעם נאָך דעם ווי מיר ווערן פאַרטיק מיטן געבונדענעם אַרטיקולירטן קלאַנג דערפילן מיר אַז מיר האָבן בלויז אַביסל אַנטפּלעקט אָבער נאָך מער פאַרדעקט. מיר ווילן זיך דערגראָבן צו אַ טיפערער שיכט, צו עפּעס וואָס לעבט הינטער דעם אַלעם: אינהאַלט, אידייע, געפיל, פאַרבאָרגענע רעאַליטעט. אפשר דערפאַר געפינען מיר אַז אין ספּאָנטאַנעם שטראָם פון מיסטישן אויסדרוק פיגורירט אַזוי אָפט די קראַפט פון וואָרט, ניט פון שפּראַך. די אומגעצאַמטע באַוועגונג פונעם וואָרט רייסט זיך פריי אין אַלע ריכטונגען פון גייסטיקן לעבן, בעת שפּראַך טראָגט זיך אַן אַריינגעגלידערטע אין אירע גראַמאַטישע און סינטאַקטישע רעלסן אין די גרענעצן פון אַ פאָרויס באַשטימטן דרך. אַזאַ איז דאָס געפיל און די שטימונג פונעם מענטשן אויף דער זינדיקער ערד, און זיין לעבן ווערט דיקטירט פון די דאָזיקע געפילן און שטימונגען, אָן שום חילוק וועגן דעם ווי אַזוי זאַכן זענען „אין דער אמתן". וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם וואָס

מיר, יידן, זענען דורכגעגאַנגען אין אונדזער לאַנגן, טראַגישן לעבנס־וועג אַלץ מער באַוואונדער איך די טיפע חכמה פון מיין פאָלק וואָס האָט פון שפּראַך, אין זיך גופא, ווי אַ באַזונדער עלעמענט אין אונדזער קולטור, קיינמאָל קיין באַוואוסטזיניקן אידעאַל ניט געמאַכט. ווען עס וואָלט אַנדערש געווען, ווער ווייס צי עס וואָלט נאָך עמעצער היינט געבליבן עס צו דערציילן. די מיסטיק אַרום נאַציאָנאַלע שפּראַכן וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער איראָפּע אין נייצנטן יאָרהונדערט, צוזאַמען מיטן אויפגעוואַכטן נאַציאָנאַליזם ביי קריסטלעכע פעלקער, דאַרף פאַר אונדז קיין מוסטער ניט זיין.

פאַראַן אויך אַ גרילצנדיקער דיסאָנאַנס צווישן דער יידיש־מיסטיק און דעם וואָס עס קומט פאַר מיט יידיש אין די לעצטע יאָרן. ניט לאַנג צוריק זענען אַרויס עטלעכע זאַמלביכער אין סאָוויעטן פאַרבאַנד. איר לייענט דער־ציילונגען, לידער, אַרטיקלען, ניטאָ אין זיי קיין שום סימן פון אַ יידיש לעבן, פון אַ יידישן אָטעם. אַן איינציקער נאָמען ווערט דאָרט כסדר דערמאָנט, יענער האַלב־גאָט וואָס — די הענט ניט געוואַשן, אָבער אויך ער האָט דאָך מיט יידן און מיט יידישן לעבן קיין שום שייכות ניט. פון יידיש האָט, הייסט עס, געקענט ווערן, איז געוואָרן, אַ מין טויטן־מאַסקע, אַ פאַרגליווערט איבערבלייבעכץ, מיט ליידיקע בלוט־געפעסן. לאָמיר אויך געדענקען אַז סאָוועטן־פאַרבאַנד, אין די נאָך־מלחמה־יאָרן, זענען ניט די איינציקע ראיה וואָס מען קען אַלץ מאַכן פון יידיש. אויב דאָס וואָס דאַרף דינען ווי אַ מיסטישע פאַרקערפּערונג פון יידישן זיין קען ווערן אַזאַ אַנטי־יידישע פאַר־זעעניש דאַרף עס זיין פאַר אונדז זייער אַן ערנסטע וואָרענונג.

עכטער מיסטישער שטאָף קען ליגן בלויז אין יענע עלעמענטן פון אַ פאָלקס קולטור וואָס קענען געפילט ווערן, אין זייער אָפּגעזונדערטקייט, ווי אַ הויפּט סיבה פון דערשיינונגען. מיט אַזאַ שטאָף קענען אָנגעפילט ווערן אַזעלכע באַגריפן ווי תורה, גאולה אָדער ישראל. שפּראַך איז אין דער ערשטער שורה דער פועל־יוצא, ניט די סיבה, פון אַן אייגן לעבן. ערשט שפּעטער, ווען זי איז שוין ממילא דאָ, קען זי דאָס דאָזיקע לעבן באַפרוכפּערן. אין אַזאַ רייכער קולטור ווי די יידישע מוז קלינגען ווי אַ גרילצנדיקער דיסאָנאַנס ווען מען וויל אַוועקשטעלן שפּראַך אויף אַ מיסטישן פּעדעסטאַל. סוף כל סוף קען דאָס צו קיין נחת ניט פירן.

אין דער גמרא ווערט דערציילט אַז פיר תנאים זענען אַריין אין פּרדס, זיך אַריינגעלאָזן אין מיסטישע וועלטן. דריי פון זיי זענען טראַגיש נכשל געוואָרן, בלויז איינער, רבי עקיבא, איז אַריין און אַרויס בשלום. ווען יידיש זאָל מיסטיפיצירט ווערן, און געטריבן ווערן איבערצונעמען די קרוין פון פּרדס, האָב איך שטאַרק מורא אַז וויפיל עס זאָלן אַהין ניט אַריינגיין, און ווער זיי זאָלן ניט זיין, וועט קיין איינער פון זיי ניט אַרויס בשלום.

(1948)

# פאָלקס־שטייגער

רעליגיעז און סעקולער

אין 1932, ווען דער באַרימטער פּאַבל־שרייבער אליעזר שטיינבאַרג איז געשטאָרבן אין רומעניע, איז געווען אַ באַריכט אין דער פּרעסע וועגן בייז בלוט וואָס איז פאָרגעקומען בשעת דער לוויה. בלויז איין פּאַראַגראַף פונעם באַריכט איז ביי מיר פאַרבליבן: „די לוויה האָט פּלוצלונג אָנגענומען אַ כאַראַקטער, אַן אַבסאָלוט פרייען פון רעליגיעזער ריטועלישקייט. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט געטראָגן דעם אָרון צום בית עולם . . . איז געגאַנגען בלויזקעפּיק — אַ פאַקט וואָס האָט פאַרשאַפט אַ סך בייז בלוט די יהודים, די אָרטאָדאָקסן, און די . . . אַנטיסעמיטן".

פון דעם קען מען שוין פאַרשטיין פון וואַנען עס האָט זיך גענומען די מחלוקת מיטן בייזן בלוט. עס איז געווען אַ קאָנפליקט צווישן די צוויי צדדים איבער דער באַרימטער היטל־פראַגע ביי אַ לוויה. לויטן באַריכט־שרייבער איז מיטן היטל אויפן קאָפּ געשטאַנען „די רעליגיע", בעת די „אַבסאָלוט פרייע פון רעליגיעזער ריטועלישקייט" האָבן זיך דורכויס געריסן צו „בלויזקעפּיקייט", מילא, בייז בלוט ביי אַ לוויה — בפרט נאָך ביים טויט פון אַזאַ פערזענלעכקייט ווי אליעזר שטיינבאַרג — איז ניט קיין געשמאַקע זאַך. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין איז נאָך וויכטיקער די פּרינציפּיעלע פראַגע וואָס איז פאַרוויקלט אין דער דאָזיקער פּיינלעכער געשעעניש.

דער פריערדיקער אינצידענט איז מיר געקומען אויפן זינען נאָך שלמה מענדעלסאָנס טויט. מענדעלסאָן, ווי מיר ווייסן, איז געווען זייער אַ פאַר־וואָרצלטער יידישער מענטש. דאָס זאָגן עדות אַלע וואָס האָבן וועגן אים געשריבן. אָבער ביי זיין לוויה, ווי מען גיט איבער, איז דאָס געווען אַזוי ניט קענטיק אַז עס האָט ממש אָנגעיאָגט אַ קעלט. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט שאָפּענס טרויער־מאַרש, געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ, און זיך פאַרענדיקט מיט איידעלשטאַטס „גוטער פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן" און דער בונדי־שער שבועה. איז מען הייסט עס ניט אָפּגעקומען בלויז מיט רעדעס. אַ צערעמאָניעלער עלעמענט, מוזיקאַליש אויסגעדריקט, האָט אויך ניט געפעלט, אָבער אָן אַ ספּעציפיש יידישן טעם.

ה. לייוויק, וואָס האָט דאָס בייגעוואוינט, האָט דערפון געהאַט גרויס עגמת נפש. ער האָט עס אויסגעדריקט אין אַן אַרטיקל („טאָג", 28טן פעברואַר, 1948) וואו ער קען דאָס ניט מוחל זיין: „שאָפּענעווען דאַרף מען, און אָנצינדן יידישע יזכור ליכט דאַרף מען ניט? פאַנאַנדערוויקלען די בונדישע שבועה דאַרף מען, יאָ, מען דאַרף. קיין ספק ניט. אָבער אויסשפּרייטן איבער איר

די פליגל פונעם ייִדישן אני־מאמין געזאַנג — מיט וועלכן טויזנטער, טויזנטער פּוילישע ייִדן, מענדעלסאָנס ייִדן, זענען געגאַנגען צום טויט, דאַרף מען ניט?"

געווען דאָרט נאָך עפּעס וואָס האָט לייוויקן אי פאַרדראָסן, אי עס איז ביי אים פּשוט געווען אַ רעטעניש. מיט אַ קורצער צייט פריער, פאַר מענ־דעלסאָנען, איז געשטאָרבן ד"ר איסר גינזבורג. בייביידע לוויות זענען געווען אומגעפער די אייגענע מענטשן. אָבער אַ מאָדנער אונטערשייד: "בשעת ד"ר גינזבורגס לוויה איז דער גאַנצער עולם אין זאַל, אָן אויסנאָם, און אויך די מספּידים, געווען מיט צוגעדעקטע קעפּ, לויטן ייִדישן שטייגער . . . אויף מענדעלסאָנס לוויה איז שוין דער גאַנצער עולם, דער זעלבער עולם, און אויך די מספּידים, די זעלבע מספּידים, אַלע אָן אויסנאָם, געווען מיט בלויזע קעפּ".

דער דאָזיקער אויסגעדריקטער פאַרדראָס האָט צביונען ממש אַרויסגע־בראַכט פון די כלים. אין אַ ביטער־סאַרקאַסטישן טאָן האָט ער טענות ("פאָרווערטס", 6־טן מערץ) פאַרוואָס לייוויק "איז שטאַרק אומרואיק און באַזאָרגט וואָס די בונדיסטן, וועלכע האָבן אַראַנזשירט מענדעלסאָנס לוויה, האָבן ניט באַשטעלט אַ חזן צו מאַכן אַן אל מלא רחמים, און פאַרוואָס דער עולם וואָס איז געקומען צו דער לוויה, און אויך די וואָס האָבן געמאַכט די הספּדים, זענען אַלע געזעסן מיט בלויזע קעפּ". צביון שטיצט זיין טענה אויף כבוד המת: "גלויבט ניט לייוויק אַז צוליב כבוד המת דאַרף מען איינעם ניט מאַכן קיין רעליגיעזע לוויה ווען ער איז ביי זיין לעבן געווען אַ פריי־דענקער און אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון רעליגיעזע צערעמאָניעס?"

מילא, די מעשה מיט "באַשטעלן אַ חזן צו מאַכן אַן מלא רחמים", איז ניט אַקוראַט וואָס לייוויק האָט פאַרלאַנגט. מסתמא וואָלט אויך דאָס לייוויקן ניט געווען שווער צו פאַרטראָגן. אָבער ער וועט דאָך ניט פאָדערן אַזאַ זאַך פון אַנטי־רעליגיעזע מענטשן. עס האָט זיך אים געוואָלט הערן ביי מענדעל־סאָנס לוויה דאָס געוויין פון אל מלא רחמים, די ווערטער: "את נשמת שלמה . . . שהלך לעמו הנהרג על קידוש השם . . ." וואָס דאָס איז ניט דער טראַדיציאָנעלער נוסח, נאָר אַלץ זייער "נייטראַלע" ווערטער, ניט אָנצו־רירן ח"ו די פריידענקערישע געפילן. און וועגן צוגעדעקטע קעפּ שטרייכט לייוויק אונטער "לויטן ייִדישן שטייגער". דאַכט זיך כמעט וועלטלעך־אומ־שולדיק. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. צביון האָט דאָס ניט געקענט פאַרגעבן. אין דער אמתן איז אַביסל אַ חידוש וואָס צביון שטיצט זיך אויף "כבוד המת". די דאָזיקע עטיק האָט דאָך זיכער לכתחילה די רעליגיע אויסגעטראַכט, און די גאַנצע ייִדישע רעליגיעזע טראַדיציע האָט דאָס תמיד אַזוי שטאַרק גע־פאָדערט.

פון אַ שטרענג סעקולערן שטאַנדפּונקט איז דער דאָזיקער פּרינציפּ באמת אַ נאַרישער. אַ טויטער קערפּער, אַ בר מינן, פאַרוואָס זאָל מען אָפּגעבן

כבוד דעם דאָזיקן פוילנדיקן שטיק פלייש? מען קען גיין נאָך אַביסל ווייטער. וואָסערע צערעמאָניעס עס זאָלן ניט זיין ביי אַ לוויה זענען זיי אָבער אַ קלייניקייט לגבי דעם גאַנצן ענין לוויה גופא. איינע פון די טיפּישסטע ירושות וואָס רעליגיע האָט אונדז מיט אַזאַ יראת הכבוד איבערגעגעבן איז זיכער דער לוויה־ריטואַל. אַן אויסגעהאַלטענער ראַציאָנאַליסטישער אַטעאיסט וואָלט געדאַרפט באַטראַכטן ווי אַן איבערבלייבעכץ פון מענטשלעכער ווילדקייט אָט דאָס כלאָפּאָטשען זיך אַרום אַ טויט שטיק מאַטעריע וואָס האָט שוין איצט ניט די מינדסטע שייכות צום לעבעדיקן מענטשן וועלכן מען האָט אַמאָל פאַרערט. עס איז ממש פּאַטעטיש צו זען ווי די אַזוי גערופענע „פריידענקער" לאָזן זיך אַזוי נאַאיוו אָפּנאַרן פון רעליגיע ווען אַ מענטש שטאַרבט. אין דען ניט שכלדיקער מען זאָל אַ טויטן קערפּער שטילערהייט באַגראָבן, אָדער פאַר־ברענען? פאַרוואָס עפּעס כבוד המת? אין רעליגיע דאַרף נאָך דער מת דורכפירן זייער וויכטיקע פונקציעס, ממילא האָט אַ זינען זיך מיט אים אָפּצו־געבן, שאַפן כללים וואָס זאָלן אָנווייזן אויף געוויסע באַציאונגען צו אים. אָבער אין פריידענקעריי, צו וואָס לוויות בכלל? וואָס האָט דאָרט, אין דער פריידענקערישער וועלט, צו טאָן אַ מת?

מען קען נאָך גיין אַ סך, אַ סך ווייטער. האַלטנדיק זיך ביי אַזאַ שכל איז גאָרניט אַזוי לייכט צו פאַרשטיין דעם ענין בית עולם, דאָס שטעלן מצבות גראָד דאָרט וואו פונעם מענטשן איז לחלוטין קיין זאַך ניט געבליבן אַחוץ עפּעס אַ פּאָר נאַקעטע ביינער. עס קען דאָך קיין שום ספק ניט זיין אַז דאָס אַלץ האָט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען די רעליגיע. היינט אויב אַזוי פאַר־וואָס זיך דווקא טשעפּען צום אל מלא רחמים און צום היטל אויפן קאָפּ? בכלל זעט עס אויס אַביסל מאָדנע: פון איין זייט זיך האַלטן ביי אַ רייכער, דורכויס רעליגיעזער ירושה, וואָס איז שוין מסתמא אַזוי אַלט ווי דער גאַנצער מין מענטש, און פון דער אַנדערער זייט מאַכן געוואַלדן צוליב עטלעכע קלייניקייטן אויפן גרונט פון אַנטי־רעליגיע. אמת, די עטלעכע קלייניקייטן זענען בלויז יידישע, בעת דער צערעמאָניאַל אַרום טויט בכלל איז אַן אַל־מענטשלעכער. אויב אַזוי, קומט דאָך אויס אַז די פּראָטעסטירנדיקע געפילן שטאַמען ניט פון ריין אַטעאיסטישן קוואַל. דער פּסק דין זעט אויס צו זיין אַזאַ: דאָס וואָס איז טראַדיציאָנעל ביי יידן איז פאַרעלטערטע אמונה, דאָס טראַדיציאָנעלע ביי אונדזערע גויאישע שכנים איז מאָדערן, וועלטלעך. דאָרט וואוביידע טראַדיציעס טרעפן זיך צונויף, דאָס זענען די איינציקע מאָמענטן ווען מיר מעגן זיין „גוט צו יידן".

מען וואָלט אפשר געקענט טענהן אַז טויט איז סוף כל סוף אַ ריין פּער־זענלעכער ענין: געוועזן אַ מענטש און מער ניטאָ. צו וואָס דאַרף מען דאָס אַרומוויקלען מיט צערעמאָניעלע עלעמענטן וואָס זאָלן ספּעציעל אונטער־שטרייכן די יידישע אָנגעהעריקייט פונעם נפטר? לשם אַרגומענט וואָלט

מען געמעגט אָננעמען אַפּילו אַזאַ קינדישן געדאַנק אויך. אָבער מענדעלסאָנס בונדישע אָנגעהעריקייט איז ניט אָפּגעפּטרט געוואָרן בלויז מיטן אינהאַלט פון די רעדעס. מען האָט נאָך געדאַרפט זינגען די שבועה וואָס זאָל דאָס עמאָציאָנעל פאַרפיקסירן. היינט אויב טויט איז שוין ניט אַזוי שטרענג פרי־וואַט, פאַרוואָס זאָל אײן סאָרט אָנגעהעריקייט יאָ אַרויסגעבראַכט ווערן דורך סימבאָלישע מיטלען און די אַנדערע ניט? וואָס מער מיר טראַכטן וועגן דעם אַלץ געדיכטער ווערן די קאָמפּליקאַציעס. עס לוינט זיך אַביסל טיפער אַריינצוקוקן אינעם גאַנצן ענין.

## דער טרויער־צערעמאָניאַל

דער גאַנצער געדאַנק פון צעטיילן דאָס לעבן אויף רעליגיעז און סעקולער איז געקומען גאַנץ שפּעט. דאָס וואָרט סעקולער שטאַמט פון לאַטיין, אָבער אין קלאַסישן לאַטיין האָט עס גאָר אַן אַנדער טייטש, און אין געוויסע וויסנ־שאַפטן ווערט דאָס טאַקע אויך איצט באַנוצט אין יענעם אַלטן זינען. ערשט אין מיטלעלטערלעכן לאַטיין האָט סעקולער באַקומען דעם טייטש פון עפּעס וואָס געהערט ניט צו דער קירך, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט יענע־וועלטיקייט פון גייסטלעכן לעבן. למשל, גייסטלעכע וואָס האָבן ניט געלעבט אין מאָנאַ־סטירן זענען געווען די סעקולערע. דאָס האָט אויך געפירט צו דעם אַז סעקולער זאָל באַטייטן דאָס ניט זיין פאַרבונדן מיט דער עקלעזיאַסטישער אָרגאַניזאַציע, אָדער עס באַטייט די אינטערעסן פון דער מלוכה ווי אָפּגעזונ־דערט פון די אינטערעסן פון דער קירך.

עס איז לייכט צו פאַרשטיין פאַרוואָס אָט דער באַגריף איז געבוירן געוואָרן אַזוי שפּעט. כאָטש רעליגיע איז מיט קיין איין טאָג ניט יינגער ווי דער מענטשלעכער מין בכלל. כדי רעליגיע זאָל קענען באַטראַכט ווערן ווי עפּעס באַזונדערס, האָט זי פריער געמוזט ווערן זייער שטרענג אָרגאַניזירט און אינסטיטוציאָנאַליזירט. וואָרעם דאָרט וואו דאָס גאַנצע בילד פון טאָג־טעגלעכן לעבן הענגט אויף אַ רעליגיעזן, אָדער בכלל אויף אַן איינהייטלעכן הינטערגרונט, איז דאָך ניט שייך צו טראַכטן וועגן עפּעס וואָס געהערט ניט צו דעם, וואָס איז ניט רעליגיעז. ווען רעליגיע זונדערט זיך אָפּ אין אָרגאַ־ניזירטע טעטיקייטן, שאַפט באַזונדערע אינסטיטוציעס בלויז פאַר אירע איי־גענע צילן, בויט זיך אַריין אין לעבן ווי אַן אויטאָנאָמישער סעקטאָר מיט אייגענע, דיפערענצירטע אינטערעסן, דעמאָלט ווערט ממילא דאָס לעבן צע־טיילט אויף באַזונדערע חלקים, פון איין זייט רעליגיע, און פון דער אַנדערער דאָס וואָס שטייט אין דרויסן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזירטער ספערע.

אויף אַזאַ וועג איז געגאַנגען די גאַנצע קריסטלעכע ציוויליזאַציע, און זיך פאַרשפּיצט אין באַזונדערע פּאָליטישע כוחות: קירך און מלוכה, און

אין באַזונדערע טיילן פון אַלגעמיינעם לעבן. ערשט דעמאָלט איז דאָס אויס־
געדריקט געוואָרן דורך צוויי באַגריפן — רעליגיעז און סעקולער.

פאַראַן עטלעכע גרויסע מאָמענטן אין מענטשלעכן לעבן וואָס פון סאַמע
אָנהויב אָן האָט סאָציאַלער שטייגער זיי באַלאָדן מיט כלערליי גלויבנס, צערע־
מאָניעס, ריטואַלן, און מיט אַ געוואַלדיקער עשירות פון סימבאָלישן אויסדרוק.
איינער פון די דאָזיקע מאָמענטן איז טויט, און דער דעקאָראַטיווער לוויה־
צערעמאָניאַל אַפילו ביי די פרימיטיווסטע שבטים. עס איז פאַקטיש ניטאָ
קיין שום איינפיר ביי היינטיקע לוויות, וואָס שטאַמט ניט פון אַלטע, גאָר
פאַרצייטיקע, טראַדיציעס און גלויבנס.

דער מנהג פון מאַכן הספדים, אויסדריקן דורך רייד גרויס טרויער און
ניט קאַרגן קיין שבחים, דאָס זעט אויס צו זיין אַן אויסגערעכנטער קולטורעלער
אויפטו. אין דער אמתן שטאַמט דאָס פון אַ פרימיטיוון איינפיר, געבויט
אויף פאַרעלטערטע אַבערגלויבנס. אין אַלטן גריכנלאַנד און אין מצרים איז
נאָך קבורה פאָרגעקומען אַ טרויער־מאָלצייט. ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט
האָט מען געדאַרפט אויסרעכענען דעם פאַרשטאָרבענעמס מעלות. רעדן
שלעכטס וועגן אַ טויטן איז געווען געזעצלעך פאַרווערט. ביי די איראָקוואַי
אינדיאַנער דאַרפן די נאָענטסטע קרובים צוקומען צום בר מינן און האַלטן
רעדעס פול מיט שבחים וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם. דאָס זעלביקע איז
אויך איינגעפירט ביי די שבטים פון גרינלאַנד. די לעצטע זאָגן אַז דאָס
נעמט זיך פון דעם וואָס מען וויל ניט דערלאָזן אַז די מתים זאָלן ווערן בייז.
די שבטים פון די אַנדאַמאַן אינזלען, אין אינדיע, דערקלערן דעם זעלביקן
איינפיר דערמיט וואָס זיי ווילן איבערבעטן די גייסטער פון די פאַרשטאָרבענע
וואָס קענען אַנדערש אָנטאָן אַ סך שאָדן. אַן ענלעכע דערקלערונג גיבן די
פרימיטיווע שבטים פון צענטראַל אויסטראַליע, ווייל אויך ביי זיי איז דער
מנהג פון מאַכן הספדים שטאַרק איינגעפונדעוועט.

ווען מען באַגראָבט אַ טויטן, אָדער ווען מען פאַרברענט אים, פאַרוואָס
עפּעס אין קליידער? על פי דעם פשוטן, ראַציאָנאַלן שכל איז דאָס אומזיסטע
פאַרשווענדונג וואָס האָט קיין זינען ניט. ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס געהערט
צו דער קאַטעגאָריע מתנות וואָס מען גיט דעם מת אין קבר אַריין. מערק־
ווערדיק, אַפילו ביי שבטים וואָס גייען נאַקעט ביים לעבן גיט מען דעם מת
עפּעס צו פאַרדעקן בעת מען באַגלייט אים צו זיין לעצטער רו. טייל אויסטראַ־
לישע שבטים וויקלען איין דעם טויטן קערפּער אין אַ טעפּעך. ביי געוויסע
אינדיאַנישע שבטים אין וואַנקואַווער הילט מען אים איין אין קאָלדרעס. די
דערקלערונג איז אַז מען דאַרף זען עס זאָל דעם מת זיין וואַרעם. אַ דייטשער
עטנאָגראַף זאָגט עדות אַז אין פויגטלאַנד, אַ געגנט אין זאַקסן, לייגט מען
אַריין אין ארון אַ שירעם און אַ פּאָר קאַלאָשן. אין שוועדן פלעגט זיין אַן איינפיר
מיטצוגעבן אין קבר אַריין אַ ליולקע, אַ קעסטל טאַבאַק און עטלעכע מטבעות.

די מתנות וואָס מען גיט די טויטע איז אַן אוראַלטער מנהג וואָס דריקט זיך אויס אויף די פאַרשיידנסטע אופנים: פון מיטבאַגראָבן לעבעדיקע קנעכט, אָדער די פאַרבליבענע אלמנות, ביז בלומען און דעקאָראַציעס אויפן קבר. ווען מען האָט מיט יאָרן צוריק אויפגעגראָבן דעם קבר פונעם עגיפּטישן הערשער טוטאַנכאַמען האָט מען דאָרט געפונען אַ גאָלדן קעסטל, באַצירט מיט טייערע אײדלשטיינער און איבעוויניק זענען געלעגן רויזן. זיי זענען פּרעזערווירט געוואָרן אַזוי גוט אַז נאָך טויזנטער יאָרן איז נאָך אין זיי פאַר־בליבן עפּעס פון אַ רויזן־גערוך.

דער מנהג צו באַצירן דעם ארון און דעם קבר מיט בלומען נעמט זיך, לויט טייל אַנטראָפּאָלאָגן דערפון וואָס מען האָט געהאַלטן אַז עס איז אַ הילף פאַרן פאַרשטאָרבענעם אים מיטצוגעבן דאָס וואָס פאַרמאָגט אין זיך לעבנס־שטאָף. אַזוי ווי דאָס איז אַן אַלטער געצנדינערישער מנהג האָבן די ערשטע קריסטן געקוקט קרום אויף דעם. אין אַ הספד וואָס דער הייליקער אַמבראָז, דער בישאָף פון מילאַן, אין פערטן יאָרהונדערט, האָט געמאַכט, האָט ער באַזונדערס אונטערגעשטראָכן: „איך וועל ניט באַשיטן זיין קבר מיט בלומען נאָר אויסגיסן אויף אים דעם ריח פון קריסטוסן, זאָלן אַנדערע שפּרייטן קערב בלומען; אונדזער ליליע איז קריסטוס, און דערמיט וועלן מיר הייליקן דעם מת". אָבער די קירכן־פּאַטערס האָבן ניט אויסגעפירט. דער בלומען־מנהג איז ניט בלויז פאַרבליבן, נאָר געוואָרן אַ טייל פון קריסטלעכן ריטואַל.

אַפילו דער מנהג פון ניט לאָזן דעם מת אַליין איז פאַרבונדן מיט אַן אַבערגלויבן פון טויזנטער יאָרן צוריק. דאָס האָט מען געדאַרפט אַכטונג געבן אַז דעם טויטנס נשמה זאָל ניט אַרומוואַנדערן צווישן די פאַרבליבענע לעבעדיקע. ביי די אירלענדער איז נאָך ביז היינט פאַרבליבן דער מנהג וואָס זיי רופן „ווייק", וואָס דאָס שטאַמט מסתמא פון „וואַך זיין", ד. ה. באַוואַכן דעם בר מינן אַז זיין נשמה זאָל קיין שאָדן ניט אָנטאָן. ביי אָנגעזעענע נפטרים שטעלט מען אַוועק אַן ערן־וואַך, אַן איבערבלייבעכץ פון אַן אַלטן אַבערגלויבישן איינפיר.

דער איינפיר אויפצוגעבן די געוויינטלעכע באַשעפטיקונג אויף אַ געוויסער צייט, קען זיין אַ נאַטירלעכער אויסדרוק פון אָפּגעשוואַכטקייט, פון טרויער, אָבער וועסטערמאַרק האַלט אַז אויך דאָס האָט צו טאָן מיט אַן אַלטן אַבער־גלויבן. מען האָט מורא אַז אַלץ וועט ווערן טמא צוליב די אומריינקייט פון טויט. ער ברענגט פאַרשיידענע ראיות דערצו. ביי די מאַראָקאַנער אַראַבער איז אָנגענומען אַז דאָס גאַנצע שטעטל טאָר ניט אַרבעטן ביז נאָך קבורה. איז גרינלאַנד דאַרף יעדער, וואָס האָט געוואוינט אין זעלביקן הויז מיטן פאַרשטאָרבענעם, אויפהערן אַרבעטן אַ באַשטימטע צייט. ביי געוויסע עסקימאָסן טאָר קיינער פון דער משפחה ניט אַרבעטן דורך דער צייט וואָס „דער שטן פאַרבלייבט אין גוף", ד. ה. אַרום פיר אָדער פינף טעג. ענלעכע

מנהגים זענען פאַראַן ביי די סעמינאָל אינדיאַנער, ביי די סאַמאָאַנער, ביי די באַזוטן, און נאָך אַ סך אַנדערע. ווייזט אויס אַז אונדזער זיצן שבעה איז בלויז אַ וואַריאַציע פונעם שטייגער ביי אַ סך אַנדערע פעלקער.

נאָך אַ לענגערער פאַרשונג קומט פרייזער צום אויספיר אַז אויך טרויער־קליידער, וואָס זענען אַזוי ווייט פאַרשפרייט צווישן מאָדערנע פעלקער, זענען פאַרבונדן מיט אַ טיף־פאַרוואָרצלטן אַבערגלויבן. וואָרעם ביי פּרימיטיווע פעלקער זענען ספּעציעלע קליידער בלויז איין פאָרם פון פּרובירן בייטן דאָס געוויינטלעכע אויסזען אין פאַל ווען עמעצער שטאַרבט. שוואַרצע קליידער זענען זייער שטאַרק פאַרשפּרייט. אָבער ביי פּרימיטיווע שבטים שמירט מען זיך אויך אָן מיט פאַרב, מיט ליים, בכלל מען מאַסקירט זיך, מען בייט דאָס אויסזען אויף פאַרשיידענע אופנים. פרייזער האַלט אַז מען פאַרשטעלט זיך כדי ניט דערקענט צו ווערן פונעם מלאך המות וואָס האָט מסתמא געזען די זעלביקע מענטשן בעת ער האָט אַוועקגענומען די נשמה פונעם פאַר־שטאָרבענעם.

צוזאַמען מיט פרייזערס מיינונג קומט אויך די דערקלערונג וואָס שטיצט זיך אויף דער אומריינקייט פון טויט. דער געדאַנק אַז דער טויטער גוף מאַכט טמא יעדן וואָס רירט זיך צו צו אים, אָדער וואָס קוקט אויף אים, איז שטאַרק פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע טיילן פון דער וועלט. דער יידישער דין איז אין דעם ניט קיין יוצא מן הכלל. קומט אויס אַז טרויער־קליידער, פּונקט ווי אַנדערע פאָרמען פון בייטן דעם אויסזען, ווערן איינגעפירט כדי מען זאָל די אבלים דערקענען און זיי אויסמיידן, אַז מען זאָל אַליין ניט טמא ווערן.

לויט אומצייליקע פּרימיטיווע אַבערגלויבנס זענען מתים זייער סענסי־טיווע „באַשעפענישן", און זייער מאַכט איז אַזוי גרויס אַז זיי קענען זיך ביטער אָפּרעכענען פאַר יעדער עוולה, אָדער באַליידיקונג. וועגן טויטע דאַרף מען רעדן בלויז גוטס, זאָגן אי די רוימער, אי די גריכן. אין כבוד המת שטעקט ניט ווייניקער מורא ווי כבוד. דעריבער איז אַזוי שטאַרק אָנגענומען אַז אַ פאַרלאַנג וואָס ווערט אויסגעדריקט פאַרן טויט איז הייליק, און אַ צוואה מוז פּינקטלעך דורכגעפירט ווערן. אַ באַרימטער אַנטראָפּאָלאָג וויל האָבן אַז דער אומגעהויערער כוח פון טראַדיציע נעמט זיך אויך פונעם פּחד וואָס מען האָט פאַר די געשטאָרבענע אבות, דאָס הייסט פאַר די וואָס האָבן די טראַדיציע געשאַפן. די גרעסטע מורא פון די שבטים אין דרום־מזרח אַפריקע „איז צו באַליידיקן זייערע אבות און דער איינציקער וועג דאָס אויסצומיידן איז צו טאָן אַלץ לויט די פאָדערונגען פון דער טראַדיציע".

אויך דאָס — דער חוב דורכצופירן אַ צוואה מיט אַלע פּרטים — ווערט איצט באַטראַכט ווי אַ מאָראַלער חוב. מיר ווייסן אויך אַז דאָס איז אַ געזעצ־לעכער חוב. לויט אַלע כללים פון ריגאָריסטישער לאָגיק איז שווער צו פאַר־

שטיין פאַרוואָס דאָס זאָל אַזוי זיין. פאַרוואָס זאָל דער הוילער פאַקט פון טויט צוגעבן אַ באַזונדער וואָג צו די פאַרלאַנגען פון נפטר? פאַרוואָס זאָלן מיר פילן אַז מיר באַגייען אַן עוולה אַפילו ווען מיר זעען בחוש אַז ס'איז ניצלעכער און בעסער פאַר אַלעמען ניט צו האַלטן זיך שטרענג ביי די פונקטן פון דער צוואה? דאָך, אַפילו די נאָענטסטע אין דער פאַמיליע וועלן האָבן אַ פריקרע געפיל ווען עפּעס אַ סיבה זאָל זיי צווינגען דורכצופירן אַ פּינטעלע פונעם געשטאָרבענעמס פאַרלאַנג, כאָטש ביי זיין לעבן האָבן זיי אָפט געטאָן אַנדערש ווי ער האָט געבעטן.

עס איז זייער שווער צו „סעקולאַריזירן" אונדזערע געפילן ווען מיר געפינען זיך פנים אל פנים מיט אַ מת, אָדער אַפילו ווען מיר טראַכטן וועגן אים. אַלץ וואָס דער פשוטער שכל איז מחייב פאַרבאַהאַלט זיך אָדער ווערט אין גאַנצן נעלם אין אַזעלכע מאָמענטן. פאַראַן אַ געפיל פון פחד, פון יראת הכבוד, פון מיסטישער פאַרחידושקייט, פון עפּעס וואָס איז קלאָר און אָפן פאַרן אויג און דאָך פול מיט שאָטנדיקער אומגעריכטקייט פאַרן בליק. אַלץ אין אונדז ווערט פול מיט אַ מין פאַרוואָלקנטער, פרעגלעכער שטימונג, וואָס זוכט קיין תירוץ ניט, וואָס איז זיך מיאש אין געדריקטער רעזיגנאַציע.

ניטאָ קיין מנהג אַרום לוויות, אָדער בכלל אין טרויער אַרום טויט, וואָס איז אַזוי יונג ווי די צעשפּאַלטונג צווישן רעליגיעז און סעקולער, וואָס אַ נייער, סעקולאַריזירטער שטייגער פון לעבן האָט אויסגעטראַכט. אַלע אַזעלכע סימבאָלישע, צערעמאָניעלע און ריטועלע אויסדרוקן שטאַמען פון אַ גרוי־אַלטער צייט, מיט קליינע שינויים וואָס זענען אויפגעקומען אין די יאָרן פון רעקאָרדירטער געשיכטע. דער אונטערשייד צווישן אַמאָל און איצט, דאָרט וואו אַזעלכע אונטערשיידן זענען בכלל פאַראַן, ליגט ניט אַזוי ווייט אין די מנהגים גופא, נאָר אינעם אופן אויף וועלכן זיי ווערן אָנגענומען, אינעם אויטאָריטאַטיוון כוח וואָס סאַנקציאָנירט זיי.

פאַרשטייט זיך, ניט אַלע נאָרמען וואָס רעגולירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן ווערן אָפּגעהיט מיט דער זעלביקער האַרבקייט. מיר ווייסן אַז דאָס איז אַזוי ביי אונדז, אָבער אַקוראַט דאָס זעלביקע געפינען מיר ביי פּרימיטיווע שבטים. אין זיינע פאָרשונגען אין מעלאַנעזיע ברענגט בראָניסלאַוו בולט אַרויס דעם פאַקט אַז דער פּרימיטיווער מענטש באַציט זיך אַנדערש צו אַזעלכע כללים וואָס געהערן צו דער קאַטעגאָריע פון קרימינאַל־געזעץ ווי צו די וואָס האָבן צו טאָן מיט טעגלעכער עטיקעט. און אויף ביידע רופט ער זיך אָפּ מיט ווייניקער אָפּגעהיטקייט איידער אויף געלעגנהייטן וואו עס קומט אַריין דאָס געפיל פון באַזונדערער וויכטיקייט, הייליקייט, פון יראה. דאָס לעצטע שליסט איין אין זיך דעם אבלות־צערעמאָניאַל, כאָטש אויך דאָ זענען ניט אַלע פונקטן אַבסאָלוט גלייך אין ווערט.

דער פאַקט וואָס אַלע היטן דאָס אָפּ מיט גרויס ערנסט און כוונה איז

מסתמא דער גרעסטער כוח וואָס ווירקט אויף יעדן יחיד. דער כאַראַקטער פון דער סאַנקציע שפּילט זיכער אַ ראָלע אָבער עס ווענדט זיך פון וועלכער זייט מען קוקט אויף דעם. מען קען אָנטאָן אַ מת אין די בעסטע קליידער כדי אים צו האַלטן וואַרעם, אָדער כדי איבערצובעטן זיין גייסט. דעמאָלט איז דאָס אַ סאַנקציע פון איבערנאַטירלעכע כוחות. מען קען דאָס אויך טאָן צוליב כבוד המת, וואָס דאָס הייסט אַז מען וואַרפט זיך אונטער דעם אָנגענומענעם איינפיר. דאָ איז שוין די סאַנקציע אַ ריין סאָציאַלע. עס קען זיך מאַכן אַז צווישן די צוויי זאָל זיין אַן אונטערשייד אין דער פּראַקטיק. אין נאָמען פון איבערנאַטירלעכע כוחות וועט מען אפשר שטאַרקער פילן דעם מוז בייצוקומען די שווערסטע מניעות, איידער ווען די סאַנקציע שטאַמט ניט פון אַזאַ מיסטישן קוואַל. עס קען אַזוי זיין, אָבער דאָס איז ניט קיין מוז.

ביי יידן איז זיכער אַן אונטערשייד צווישן מדאוריתא און מדרבנן, אָבער ניט אינעם כוח מיט וועלכן די דינים פון ערשטן אָדער צווייטן קוואַל צווינגען זיך אַרויף אויף די טראַדיציאָנעל־אָפּגעהיטענע. פאַר אַזעלכע איז פאַראַן אַ קנאַפּער פּראַקטישער אונטערשייד צווישן „גאָט האָט געהייסן" אָדער די „חכמים האָבן מתקן געווען". די אויטאָריטעט פון די חכמים רופט ניט אַרויס קיין לייכטערע באַציאונג ווי דער אָנזאָג פון דער תורה. דער כאַראַקטער פון דער סאַנקציע דערציילט אונדז זיכער וועגן דער גאַנצער קולטור־אַטמאָספערע אין וועלכער אַ פאָלקס־שטייגער לעבט. ער דערציילט אונדז אויך וועגן דער פילאָסאָפיע, אָדער דעם אינטעלעקטועלן צוגאַנג, פון דעם מענטשן וואָס ענטפערט פאַרוואָס ער פירט זיך אויף אַזוי און ניט אַנדערש. אַ פרומער קריסט קען זיך גרייטן צום ניטל־יום־טוב מיטן קלאָרן געדאַנק אַז דעמאָלט איז אַ גאָט־מענטש געבוירן געוואָרן. אַן אַנדערער קען דאָס טאָן קודם כל דערפאַר ווייל עס איז פּשוט זיינס אַ יום־טוב, ווייל עס איז „נאַטירלעך" אַז מענטשן זאָלן זיך אַזוי פירן.ביידע וועלן מסתמא געטריי היטן אַז אַלץ זאָל זיין גרייט פאַר דער גרויסער געלעגנהייט, כאָטש אין מאָמענטאַלן באַוואוסטזיין איז זייער גרויס דער אונטערשייד אינעם כאַראַקטער פון די סאַנקציעס.

אַ סך מנהגים און איינפירן האָבן זיך געביטן, אָדער זענען אינגאַנצן פאַרשוואונדן. אין אַנדערע פאַלן זענען זיי געבליבן ווי געווען, אָדער אָנגענומען ניט מער ווי אַ נייע אויבערשטע הויט, אָדער געבליבן ווי געווען נאָר עס האָבן זיך גרינטלעך געביטן די אָנגעגעבענע מאָטיוון וואָס דאַרפן אויסדריקן די סאַנקציאָנירנדיקע כוחות. וואָסערע פאַקטאָרן באַשטימען דאָס מזל פון שטייגער־לעבן? פאַרוואָס זאָלן טייל מנהגים בלייבן, אָדער זיך בייטן, און אַנדערע אין גאַנצן אונטערגיין? דער וואָס מיינט אַז דאָס לאָזט זיך לייכט פאַרענטפערן האָט אַ גרויסן טעות. די אַנטראָפּאָלאָגין רות בענעדיקט האָט שוין לאַנג אָנגעוויזן ווי נייטיק עס איז צו שאַפן אַ וויסנשאַפט פון

פאַרגלייכיקן פאָלקס־שטייגער. דערוויל זענען פאָרשונגען אויף אָט דעם פעלד ניט געגאַנגען געגוג ווייט אַז מען זאָל מעגן רעדן מיט זיכערקייט וועגן די אַלע ענינים וואָס זענען פאַרוויקלט אין די דאָזיקע זייער קאַפּריזנע מאַניפעסטאַציעס פון פאָלקישן לעבן. בכל אופן קוקט עס אויס ווי אומבאַ־רעכנט צו וועלן אַזעלכע קולטור־אויסדרוקן שאַרף צעטיילן אויף דער ליניע רעליגיעז־סעקולער. די פריער־געבראַכטע עטנאָגראַפישע פאַקטן בנוגע דעם אבלות־שטייגער זענען דאַכט זיך גענוג צו זען ווי אומזיניק עס וואָלט געווען ווען מען זאָל דאָ פּרובירן אַריינצוברענגען אַזאַ מין צעטיילונג. מיר וועלן באַלד איינזען אַז עס איז נאָך ווייניקער דערלאָזלעך דורכצופירן אַזאַ צע־שפּאַלטונג אינעם גרויסן באַרג יידישע דינים און מנהגים אַרום אַ טויט־פאַל. נאָך ערגער איז ווען מען שטעלט אַוועק דעם גאַנצן יידישן אבלות־שטייגער אין דער קאַטעגאָריע פון רעליגיע, ווי דאָס טוען דאָס רוב פון די וואָס באַ־צייכענען זיך מיטן זייער ניט־אַדעקוואַטן נאָמען „וועלטלעך".

## ענדערונגען אין פאָלקס־שטייגער

די צאָל יידישע דינים, מנהגים, כללים און תקנות וואָס האָבן אַ שייכות צו אבלות ציילט זיך אין די הונדערטער. טייל פון זיי זענען שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. אַנדערע האָבן אָנגעהאַלטן ביז אונדזער דור, אָבער זיי ווערן איצט זעלטן אָפּגעהיט אפילו ביי די מהדרין מן המהדרין. אין תלמוד ווערט דערמאָנט דער מנהג פון אָפּדעקן די אַקסלען ווי אַ צייכן פון טרויער. עס איז שוין לאַנג פון דעם קיין זכר ניט געבליבן. פונקט אַזאַ איז געווען דאָס מזל פונעם מנהג איינצולייגן די בעטן. דער דין איז דעם ערשטן מאָלצייט נאָך קבורה זאָלן די אבלים ניט עסן זייערס נאָר מען דאַרף זיי דאָס ברענגען (סעודת הבראה), דאָס ווערט נאָך אויך איצט פּראַקטיצירט אין אַ צאָל זייער פרומע משפחות. אָבער מען קען זיכער זיין אַז דער דאָזיקער איינפיר וועט לאַנג ניט פאַרבלייבן. פאַראַן, פאַרשטייט זיך, אויך אַזעלכע מנהגים וואָס זענען נאָך איצט לעבעדיקע סימנים פון אונדזער פאָלקס־שטייגער.

אין די אַלע סימבאָלישע און ריטועלע אויסדרוקן פון אבלות געפינען מיר אַזעלכע וואָס טראָגן אויף זיך קלאָרע צייכנס פון גלויבנס אין איבער־נאַטירלעכע כוחות, אָדער אַפילו פּרימיטיווע אַבערגלויבנס. פאַראַן אויך אַנ־דערע וואָס זייער באַשיינפּערלעכער ציל זעט אויס צו זיין צו פאַרשטאַרקן דאָס געפיל פון טרויער, אָדער צו שאַנעווען אַזעלכע געפילן ביי די אבלים, אָדער זיי טרייסטן. מען דאַרף אָבער צוגעבן אַז פאַרצייטיקע מנהגים, וואָס זייער אויבן־אויפיקער איינדרוק זאָל ניט זיין, זענען על פּי רוב דורכגעוועבט מיט דער רעליגיעזער ספערע, מיט דער איינציקער ספערע וואָס האָט דעמאָלט איינגעהילט דאָס גאַנצע לעבן. בלויז די מאָטיווירנדיקע אויס־

טייטשונגען האָבן זיך גרינטלעך געביטן אין משך פון דער צייט. נאָך מער זענען פאַרשפּרייט מנהגים וואָס קיינער טראַכט גאַרניט בשעת מעשה פאַרוואָס און פאַרוועץ, און דער למדן מאַטערט זיך אָנצוגעבן עפּעס אַ טעם וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שכל, אָבער די פּראַקטיק גופא ווערט דורכגעפירט אויטאָ־מאַטיש. מען פירט זיך אַזוי ווייל עס איז אָנגענומען אַזוי זיך צו פירן. עס איז דער געוויינטלעכער אופן פון אידענטיפיצירן זיך מיט דער סביבה וואָס אונדזער געהעריקייט צו איר איז פאַר אונדז נאַטירלעך און איז אונדז ליב.

אויב עמעצער זאָל פּסקענען אַז אַלץ וואָס שמעקט מיט רעליגיע איז טריף, און כשר איז בלויז דאָס וואָס איז דורכויס וועלטלעך, ווי אַזוי וועט ער קענען צעשפּאַלטן, אויף אַזאַ אופן, דעם באַרג מנהגים אַרום טויט? אויב זיין צוגאַנג זאָל זיין אַ היסטאָרישער, לויט אָפּשטאַם, איז די אונטער־נעמונג אין גאַנצן אַ האָפענונגסלאָזע. גרוי־אַלטע מנהגים זענען אַלע איינ־געטונקען אין גלויבנס און אַבערגלויבנס, אויב מען קען בכלל דערגיין אַ טאָלק וועגן זייער אמתן אָפּשטאַם. די איינציקע מאָס קען זיין דער אויבן־אויפיקער איינדרוק. מען קען, למשל, האַלטן אַז פאַרהענגען שפּיגלען האָט מסתמא צו טאָן מיט „רעליגיע". אָבער אָנצינדן ליכט, אָדער שפּילן און זינגען, זעט אויס צו זיין וועלטלעך־כשר. מילא, אַ פרומער סעקולאַריסט, ווען ער וועט, למשל, דערגיין די וויכטיקע ראָלע פון מוזיק ביי רעליגיעזע כינעזישע לוויות און די ראָלע פון געזאַנג אין רעליגיע בכלל, וועט מסתמא דערפילן אַ סירכא אַפילו אין מוזיק. אויף ברענענדיקע ליכט פאַלט זיכער אַ צו אַנזעעוודיקער רעליגיעזער חשד. איך האָב מורא אַז מען וועט אַפילו קיין בייעם סעקולערן אבלות־ריטואַל ניט אַזוי לייכט קענען אויסטראַכטן. דער דאָזיקער רעפּערטואַר, אינעם לעבנס־שטייגער פון די פעלקער און שבטים, איז אַזוי אומגעהייער גרויס אַז ווער וויס צי מען קען גאָר צוגעבן עפּעס נייעס וואָס זאָל באמת זיין ריין פון יעדן שמץ פון רעליגיעזע פלעקן.

בכל אופן, ווען דער סעקולאַריסט זאָל באַשליסן ניט אַריינצולאָזן זיך אין צו ווייטע דרכים, דעמאָלט וועט ער האָבן גרויסע צרות מיט עטלעכע זייער וויכטיקע מאָמענטן פון יידישן שטייגער. קודם כל וואָלט ער געדאַרפט חושד זיין דאָס וואָס ער האָט אַזוי לייכט אָנגענומען דעם קריסטלעכן מנהג פון באַלייגן דעם אָרון מיט בלומען. וואָרעם אויב אויף בלומען ליגט אַ שטאַרקער חשד פון רעליגיעזן — נאָך מער: אַבערגלויבישן — ריטואַל, איז דאָך ניט־בלומען כשר לכל הדעות. וואָלט מען דאָך דאָ זיכער זיך געמעגט האַלטן ביים יידישן שטייגער.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. אין דער גמרא (מועד קטן, כ"ז) ווערן אָנגענומען אַ ריי תקנות אין שייכות צו אבלות וואָס אונדזערע חכמים האָבן מתקן געווען כדי ניט צו פאַרשעמען דעם אָרעמאַן. עס איז למשל געווען איינגעפירט אַז צו דער סעודת הבראה ביי רייכע אבלים האָט מען דאָס עסן

געבראַכט אין גאָלדענע קערבלעך, אָבער צו אָרעמעלייט אין קערבלעך פון צווייגן. האָבן זיך די אָרעמעלייט פאַרשעמט. האָבן די חכמים מתקן געווען אַז מען זאָל דאָס צו אַלעמען ברענגען אין צווייגענע קערבלעך. עטלעכע אַזעלכע אָפּווייכונגען פונעם אָנגענומענעם מנהג ווערן אָנגעגעבן, אַלץ כדי צו ראַטעווען דעם כבוד פונעם אָרעמאַן. עס ווערט אויך דערציילט אַז די לוויה־הוצאות זענען אַמאָל געווען אַזוי גרויס אַז די קרובים פלעגן איבער־לאָזן דעם מת און אַוועקגיין. ביז ס'איז געקומען רבן גמליאל און געהייסן אַז נאָך זיין טויט זאָל מען אים באַגראָבן אין פּשוטער לייוונט. אויף אַזאַ אופן איז, קומט אויס, איינגעפירט געוואָרן די תכריכים וואָס זענען אונדז באַקאַנט.

איז דאָס אַלץ וואָס די גמרא דערציילט אַ פאַקטישער באַריכט פון געשעענישן, אָדער בלויז אַ פּראָבע צו דערקלערן דעם אָפּשטאַם פון אַ לאַנג איינגעפירטן שטייגער אין אבלות? איך ווייס ניט. עס וואָלט זיך מיר גאַנץ גוט געלייגט אויפן שכל אַז דאָס צווייטע איז ריכטיק. אויב יאָ, וואָלט דאָס געהייסן אַז דאָ איז פאָרגעקומען דער דערמאָנטער פּראָצעס פון בייטן די סאַנקציע; אַן אַלטער איינפיר, אפשר געבויט אויף עפּעס אַן אָבערגלויבן, ווערט דערקלערט דורך אַן אָנגענומענער תקנה פון אַ העכער עטישער מדרגה. ווי עס זאָל ניט זיין, זעט אויס אַז די חכמים זענען געווען געניג וועלטלעך אַז זיי האָבן געוואָלט זען אין תכריכים אַ ראַציאָנאַלן גרונט. האָבן זיי דאָך אָבער געלעבט אין גייסט פון דער יידישער ירושה, האָבן זיי דאָס געזען אין ליכט פון אַ מאָראַלן אינהאַלט, און אַזוי איז דאָס פאַרפיקסירט געוואָרן אין דער יידישער טראַדיציע פאַר די וואָס האָבן געוואָלט וויסן דעם טעם פונעם מנהג.

על פי שכל — אויב עס איז בכלל פאַראַן אַ שכל אין צעטיילן אַזעלכע זאַכן אויף רעליגיעז און סעקולער — וואָלטן תכריכים געדאַרפט באַטראַכט ווערן ווי אַ סעקולערער איינפיר. פאַרקערט, די ספּעציעל־פאַרפּוצטע קליידער, לויטן קריסטלעכן מנהג, זענען, לגבי תכריכים, זיכער מער אויף דער רעלי־גיעזער זייט. עס איז די אור־אַלטע אידייע פון מיטגעבן שיינע מתנות די מתים. דערצו נאָך שטעקט אין דעם אַ ספּעציעלער כאַראַקטער פון אבלות וואָס קריסטנטום איז מחייב. לאָזט זיך אויס אַז די סעקולאַריסטן אונדזערע האָבן דווקא פאַרוואָרפן די תכריכים און אָנגענומען דעם פאָרמעלן שוואַרצן אָנצוג מיט די איבעריקע פּרטים פון קליידונג וואָס פאָדערט זיך ביי אָפיציעלע געלעגנהייטן.

אָבער די אומחנעוודיקסטע ביטערקייט זאַמלט זיך אַרום דעם „בלויזן קאָפּ״. מיט היטלען, אָדער אָן היטלען, איז געוואָרן אַ מלחמה־לאָזונג. צוליב דעם אַליין פאַרדינט שוין דער ענין מען זאָל זיך אויף אים גענויער אָפּשטעלן.

דער איבערגעאיילטער פּסק דין אַז צודעקן דעם קאָפּ ביי אַ לוויה הייסט זיין רעליגיעז, און אָפּדעקן דעם קאָפּ — וועלטלעך, איז איינער פון די

שטאַרקסטעביישפּילן פון די פֿאַלשקייטן צו וועלכע אַ פֿאָרמולע קען דערגיין ווען זי אָפּערירט מיט לייכטזיניקע, מאָמענטאַלע איינדרוקן אָנשטאָט סאָליד־געבויטע געדאַנקען. קיין רעליגיעזער קריסט וועט זיכער ניט איבערלאָזן צו אַ רעליגיעזער, אָדער אַנטי־רעליגיעזער, וועלטלעכקייט דעם שטרענגן קריסטלעכן איינפֿיר צו זיין אין בלויזן קאָפּ ווי אַ צייכן פון רעספּעקט און יראה. ער קען דאָס ניט טאָן ווען ער ווייס וואָס דער הויפּט־שאַפֿער פון קריסטנטום, פּאַולוס, זאָגט אין זיין בריוו צו די קאָרינטיער (4,1): „יעדער מענטש וואָס בעט, אָדער זאָגט נביאות, מיט צוגעדעקטן קאָפּ, פֿאַרשעמט זיין קאָפּ". מען קען זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן קיין רעליגיעזע קריסטלעכע לוויה וואָס איז ניט אַרומגערינגלט מיט מענטשן, אַלע מיט בלויזע קעפּ.

פון דער אַנדערער זייט, דער טראַדיציאָנעל־פרומער ייד, וועט בכלל זיך קיין עצה ניט קענען געבן מיט דער פֿאָרמולע רעליגיעז־וועלטלעך. ער ווייס ווי יידן פירן זיך. ער ווייס דעם אונטערשייד צווישן יידיש און גויאיש, נאָר ניט צווישן רעליגיעז און וועלטלעך. אָבער דער געלערנטער ייד, דער וואָס ווייס וואָסער פּראָבלעם גילוי ראש שטעלט מיט זיך פֿאָר אין יידישער פֿאָרשונג, ער וועט זיכער באַוואונדערן די נאַאיווע לייכטקייט פון יענע וואָס זעען אינעם מנהג פון צודעקן דעם קאָפּ אַ ריין רעליגיעזע דערשיינונג, ווי, למשל, כשרות אָדער לייגן תפילין. נאָך מער וועט דאָס אים וואונדערן ווען ער וועט זיך דערמאָנען אַז אין מאָדערנע צייטן שטאַמט דער פּראָטעסט קעגן צודעקן דעם קאָפּ ניט פון פריידענקער נאָר דווקא פון רעליגיעזע יידן, די רעפֿאָרמער, וואָס האָבן דאָס איינגעפירט אין זייער טעמפּל אין בערלין מיט איבער הונדערט יאָר צוריק (1845).

מיט אַ קורצער צייט צוריק (1946) זענען דערשינען צוויי אינטערע־סאַנטע אַרבעטן, איינע אין ענגליש, די צווייטע אין העברעאיש, וואָס באַ־קענען אונדז מיט דער ביז־איצטיקער ליטעראַטור וועגן דער דאָזיקער פראַגע. דאָרט געפינען מיר אויך די אויספירן פון די מחברים. יעדער אויף זיין אייגענעם אופן. אינעם יאָרבוך פון היברו יוניאָן קאַלעדזש האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גרויסע אַרבעט פּראָפעסאָר שמואל קרויס „דער יידישער ריטוס פון צודעקן דעם קאָפּ". יצחק ריבקינד באַהאַנדלט די פראַגע אין אַ ספּעציעלער אַרבעט: „תשובת הרב יהודה אריה מודינה על גילו הראש" (אין ספר היובל לכבוד לוי גינצבורג). וועגן דער לעצטער אַרבעט דאַרף געזאָגט ווערן אַז זי גיט אונדז אַ סך מער ווי דער טיטל איז מחייב. לויטן טיטל קען אויסקומען אַז דאָרט האַנדלט זיך בלויז וועגן די מיינונגען פון איין גרויסער יידישער פערזענלעכקייט. אָבער אין דער אמתן גיט אונדז ריבקינד אויך אַן איבער־בליק איבער דער מאָדערנער ליטעראַטור וועגן דעם ענין.

קרויס שטעלט זיך די אויפגאַבע צו באַווייזן אַז צודעקן דעם קאָפּ איז ניט קיין פֿאָדערונג פון יידישן דת: „מיר האָפן אַז די וויטערדיקע ציטאַטן,

דירעקט פון די מקורים, ווען ענדגילטיק באַוויזן אַז צודעקן דעם קאָפּ איז ניט קיין מוז פאַר אַ יידן אין זיין רעליגיעזן לעבן, פּריוואַט אָדער עפנט־לעך". ער באַנוצט זיך מיט ציטאַטן פון תנ"ך, פון תלמוד, פון דער שפּעטער־דיקער ליטעראַטור, און מען קען ניט לייקענען אַז די ראיות זענען גאַנץ שטאַרקע. עס ווייזט זיך אַרויס אַז אין מיטלעלטער איז דער מנהג פריער געווען אָנגענומען אין שפּאַניע, אָבער ניט אין דייטשלאַנד און פראַנקרייך וואו אַזוי שפּעט ווי אין דרייצנטן יאָרהונדערט האָבן נאָך יידן געדאַוונט אין בלויזן קאָפּ. אַ רבנישע תשובה באַשליסט אַז „ביי אַ לוויה איז דער אבל ניט מחויב צו גיין אין בלויזן קאָפּ". פון דעם זעט זיך אַז גיין אין בלויזן קאָפּ איז געווען אַזאַ אָנגענומענער לעבנס־נוסח אַז מען האָט געדאַרפט מתיר מאַכן צו טראָגן אַ הוט ביי אַן עפנטלעכער געלעגנהייט.

אויב דאָס אַלץ איז ריכטיק פאַרוואָס האָט זיך פאַרט דער מנהג אַזוי טיף איינגעוואָרצלט ווי אַ הלכה למשה מסיני? קרויס באַהאַנדלט ניט די דאָזיקע פראַגע. ער איז פאַראינטערעסירט בלויז אין דער רעליגיעזער זייט. אַזוי ווי עס איז ניטאָ קיין דין וואָס זאָל דווקא פאָדערן מען זאָל אין רעליגיעזן לעבן זיין מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ איז „די גאַנצע פראַגע ניט ווערט די צייט וואָס ווערט אויף איר פאַרשווענדט. זאָל יעדער זיך פירן ווי ער וויל".

ריבקינד שטעלט זיך אָפּ אויפן קאַמף קעגן דעם „בלויזן קאָפּ" וואָס איז שוין איבער הונדערט יאָר אַלט. צום ערשטן קומען די רעפאָרמער וואָס זענען געווען קעגן דעם אָנגענומענעם מנהג דווקא פון אַ רעליגיעזן שטאַנד־פונקט. דערנאָך קומען די וועלטלעכע. די העברעאישע גימנאַזיע אין יפו האָט, ווי באַקאַנט, אַרויסגערופן פלאַמיקע מחלוקת, ווייל מען האָט אין איר געלערנט אַלע יידישע לימודים אין בלויזן קאָפּ. ריבקינד ברענגט אַן אינטערעסאַנטן פאַל פון אחד העמס אַ בריוו: „מיין זון, וואָס לערנט אין דער אָדעסער ישיבה, האָט מיר דערציילט אַז דאָרט איז דער מנהג צו פאַרדעקן דעם קאָפּ ביים לערנען תלמוד. אָבער כדי ער זאָל ניט דאַרפן אָנטאָן זיין הוט אין דער דאָזיקער שעה האָט ער באַשלאָסן ניט אויסצוטאָן אים אַפילו ביי די אַנדערע לימודים". אחד העם האַלט ניט אַז דער בלויזער קאָפּ איז אַזאַ האַרבער וועלטלעכער דין אַז מען דאַרף אים מקיים זיין מיט „יהרג ואל יעבור". אָבער די פרומע וועלטלעכע פון יענער צייט, דער עיקר די יוגנט, האָבן זיך ניט באַציגן צום ענין מיט אַזאַ קילקייט.

יהודה אריה פון מאָדענאַ געפינט טאַקע ניט קיין ענטפער אויף דער פראַגע פון גילוי ראש אין יידישע רעליגיעזע מקורים, אָבער אים אינטע־רעסירט קודם כל די פראַגע פונעם איינפיר, ווי אַ טייל פון רעליגיעזן לעבן, ביי גויים „וואָס דאָס", באַמערקט ריבקינד, „איז באמת די ערשטע און עיקרדיקע פראַגע". דער פאַקט וואָס אין קריסטלעכן ריטואַל איז אַ מוז צו

גייען אין בלויזן קאָפּ פֿאַדערט פֿון יידן אַז, לכל הפּחות, אין רעליגיעזן לעבן זאָל דער שטייגער פֿון צודעקן דעם קאָפּ שטאַרק אָפּגעהיט ווערן.

דער גייסט וואָס האָט געפֿירט צו אַזאַ פּסק דין וואָלט מסתמא היינטיקע צייטן אָפּערירט, אויך מיט אַנדערע באַגריפֿן. דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע לעבן איז אַ פֿאָלקס־שטייגערשע סיסטעם וואו אַ סך זייער וויכטיקע פּרטים ווערן ניט דיקטירט פֿון הלכהשע באַשטימונגען און טראָגן ניט אויף זיך קיין רעליגיעזע סאַנקציעס, אין אמתן זינען פֿון וואָרט. אָבער דאָס אָפּהיטן די דאָזיקע פּרטים איז ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוליב דעם. די יידן אין אַמאָ־ליקן צאַרישן רוסלאַנד האָבן אַזוי ביטער געקעמפֿט פֿאַר זייער ספּעציפֿישער הלבשה אויך ניט דערפֿאַר ווייל מאָדערנע קליידער זענען קעגן דער תורה. אַזעלכע איינגעוואָרצלטע מנהגים, ווען זיי זענען אַנדערש ווי ביי דער אַרו־מיקער ניט־יידישער באַפֿעלקערונג, ווערן מיט דער צייט די עכטסטע סימבאָלן פֿון אַ לעבעדיקער, דורכויס־יידישער רעאַליטעט. דאָס איינשטעלן זיך פֿאַר זיי ווערט געפֿילט ווי דאָס איינשטעלן זיך פֿאַרן סאַמע האַרץ פֿון אונדזער קיום.

די אויפֿגעקלערטע צווישן אונדז, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו דער רייכער, פּילזייטיקער קולטור פֿון דער גויאישער וועלט, האָבן ממילא דערזען אין גויאישן שטייגער די סימבאָלישע פֿאַרקערפּערונג פֿון דער קולטור־עשירות וואָס האָט זיי פֿלוצלונג געעפֿנט די אויגן. דער קורצער ראָק, למשל, איז געוואָרן עפּעס ווי אַ דירעקטער אויסדרוק פֿון בילדונג און אויפֿגעקלערטקייט. דאָס האָט געפֿירט צו באַטראַכטן די לאַנגע קאַפּאָטע ווי פּונקט אַזאַ דירעקטן אויסדרוק פֿון פֿינצטערניש און ווילדקייט. פֿאַרקערט, ביי די טראַדיציאָנעל־פֿרומע איז דער גויאישער שטייגער געווען אַן אויסדרוק פֿון אָפּרייסן זיך פֿון כלל ישראל. זיי האָבן צופֿיל געהאַט אין קאָן און געפֿילט די פֿולע גרויס פֿון דער ריזיקע.

מערקווערדיק איז דאָס מזל פֿון אַזעלכע שטייגערישע מנהגים. מען קען זיכער ניט זאָגן, למשל, אַז דאָס טראָגן אַ הוט ביי פֿייערלעכע געלעגנהייטן, איז אין זיך גופא נידעריקער ווי גייען אין בלויזן קאָפּ. אויב יאָ קוקן פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט וואָלט מען אפשר געדאַרפֿט זאָגן פּונקט פֿאַרקערט. וואָרעם אַראָפּנעמען דעם הוט ווי אַ צייכן פֿון רעספּעקט ווערט צוריקגעפֿירט צום פֿאַרצייטיקן איינפֿיר אויסצודריקן אונטערטעניקייט דורך אַראָפּציען די קליי־דער פֿון דער אויבערשטער העלפֿט פֿון קערפּער, אָדער אויסטאָן די שיך. ביידע מנהגים זענען נאָך איצט אָנגענומען אין געוויסע פּלעצער. אין קריסט־לעכן שטייגער איז, ווייזט אויס, פֿון דעם פֿאַרבליבן בלויז דאָס אַראָפּנעמען דעם הוט.

דער קאָפּ־צודעק, פֿאַרקערט, איז געווען אַ צייכן פֿון העכערן ראַנג. דער יידישער כהן, ווערט נאָך אין חומש אָנגעגעבן, אַז אַ טייל פֿון זיין אָפֿיציעלער

גאַרדעראָב איז געווען אַ „מצנפת", אַ „מגבעת". זעט אויס אַז מיט דער צייט האָט זיך דאָס אויסגעשפּרייט אויפן פּשוטן פאָלק. הייסט עס אַז גיין אין בלויזן קאָפּ שטאַמט לכתחילה פון שקלאַפישער אונטערטעניקייט, בעת דער צוגעדעקטער קאָפּ איז אַן אויסדרוק פון חשיבות. אָבער די אופנים אויף וועלכע עס בייטן זיך די ראָלעס פון מנהגים אין געשיכטלעכן טעאַטער זענען אָפּט ניט צו פאַרשטיין.

## אידעאָלאָגיע און פאָלקס־שטייגער

דער צונויפהאַלט פון אַן אידעאָלאָגישער סיסטעם שטיצט זיך אויף געוויסע פונדאַמענטאַלע הנחות און אַ גרעסערער צאָל פּרטים וואָס ווערן דורך אַ לאָגישער שייכות אַרויסגעדרונגען פון די ערשטע הנחות. מען קען דאָס גלייך זען אין רעליגיע, אויף וויפיל — און בלויז אויף וויפיל — זי איז אַ ריין אידעאָלאָגישע סיסטעם. אויב איך נעם אָן, למשל, אַז די פאָדערונגען פון גוף זענען עפּעס נידעריקס בשעת די דאָרשטן פון דער נשמה זענען דער איינציקער וועג צו גאָט, דעמאָלט פאָדערט לאָגישע אויסגעהאַלטנקייט אַז מען דאַרף האַלטן אין צוים דעם גוף, אַפילו אים פּייניקן. די דאָזיקע שייכות וואו שכלדיקע קאָנסעקווענץ איז די מאָס פאַר ריכטיק און פאַלש, דאָס איז דער טיפּ דענקען וואָס יעדע אידעאָלאָגישע סיסטעם איז נאַטירלעך מחייב.

השכלה, סעקולאַריזם, סאָציאַליזם, דאָס זענען אידעאָלאָגישע סיסטעמען, איינע מער פאַררונדיקט, אַן אַנדערע ווייניקער. סיי ווי איז דער אָנגעוויזענער טיפּ דענקער זייער פּירער און וועגווייזער. פאַראַן אָבער אויך אַנדערע סיסטעמען אין פּסיכישן לעבן, וואָס פירן אויך צו האַנדלונגען און געדאַנקען, אָבער זיי זענען ניט פונעם אידעאָלאָגישן טיפּ. ממילא זוען מען ווענדט אָן אויף זיי אַרגומענטן וואָס שטיצן זיך אויף לאָגישע שייכותן הייסט עס פּשוט ניט גערעדט צו דער זאַך. איך מיין אַז אָט דעם פעלער זענען באַגאַנגען אונדזערע אויפקלערער פון אַלע סאָרטן ווען זיי זענען צוגעטראָטן מיט אינסטרומענטן פון דער אידעאָלאָגישער סיסטעם אָפּצושאַצן די ווערטן פון אַזאַ סיסטעם ווי עס איז פאָלקס־שטייגער. אַ שניידיקער ביישפּיל פון דעם געפינען מיר אין זשיטלאָווסקיס באַרימטער עסיי: „די נאַציאָנאַל פּאָעטישעווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע". דאָרט זאָגט זיך, ווי אַן אַלגעמיינער פּסק דין, אַז „דער שולחן ערוך איז דער געפערלעכסטער טייל פון דער יידישער רעליגיע"; אַז „די מצווה פון מילה איז אַ באַרבאַרישער מנהג, אַ שענדלעכער מנהג, רוי, אָפּשטויסנדיק", און אַז „אין דער נאַציאָנאַל פּאָעטישער ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע טאָר די מצווה פון מילה ניט אַריינגיין". דער פאַקט וואָס מצוות מילה איז אַזוי וואָרצלדיק אין אונדזער לעבן אַז אַפילו די ראַדיקאַלסטע רעפאָרמער האָבן ניט געוואַגט זיך אָפּצוזאָגן

פון איר אין דער פּראַקטיק, האָט אויף אים קיין איינדרוק ניט געמאַכט. אַפילו זיך אָפּשטעלן אויף דעם, זיך רעכענען דערמיט, האָט ער ניט געהאַלטן פאַר נייטיק. די באַציאונג וואָס ער האָט אויסגעדריקט מיט „שענדלעך, אָפּשטויסנדיק", האָט ביי אים אַלץ אַריבערגעוואויגן. זיין גאַנצער אַנאַליז, דער אופן דענקען מיט וועלכן ער אָפּערירט, איז לחלוטין ניט געווען צוגעפּאַסט צו דער לעבנס־סיסטעם וואָס ער האָט באַהאַנדלט.

וואָרעם פאָלקס־שטייגער איז אַ סיסטעם וואָס ווערט צוזאַמען געהאַלטן דורך גאָר אַנדערע כוחות, קומט אויף, בייט זיך, אָדער פאַרשווינדט אונטערן דרוק פון גאָר אַנדערע פאַקטאָרן. ניטאָ אין דעם קיין שכל, און לאָגישע חשבונות האָבן דאָ קיין פּלאַץ ניט. אַז מען וויל קען מען זאָגן אַז פאָלקס־שטייגער איז יענע תאווה וואָס צווינגט מענטשן זיך צו מאַכן „נאַריש" כדי זיי זאָלן קענען לעבן, ווייל אַנדערש איז מענטשלעך לעבן בוכשטעבלעך אוממעגלעך. עס איז אַ סיסטעם מיט אַ סך פּרטים. די וואָס פירן זיי דורך פילן אָן אינטימע געבונדנקייט צווישן זיי, אַ גאַנצקייט, כאָטש זיי זענען בלויז צוזאַמענפאַלן וואָס מען קען אַמאָל דערקלערן דורך היסטאָרישע געשעענישן, און על פּי רוב קען מען זיי בכלל ניט דערקלערן. די דערמאָנטע רות בענעדיקט געפינט אין דער גאַנצקייט פון איין פאָלקס־שטייגער אַזעלכע צוויי שטריכן: גיין באָרוועס און האָבן געשניצטע ביישטעדלעך ביי די טירן. וואָס האַלט צונויף אַזעלכע צוויי — גראַם־שטראַם מאַך מיר אַ לעטניק? זיכער ניט מער שייכות ווי, לאָמיר זאָגן, צווישן ניט עסן קיין חזיר, שלאָגן כפּרות ערב יום כיפּור, עסן קוגל אין שבת, און צינדן יאָרצייט־ליכט.

עס וואָלט געווען אַ שוואַכער תירוץ צו זאָגן אַז מיר פילן אין זיי אַ גאַנצקייט, אַ יידישקייט, ווייל מיר זעען זיי תמיד צוזאַמען, ווייל מען פּראַקטיצירט זיי צוזאַמען. פאַראַן אין דעם אַ סך מער ווי דער הוילער פיזישער פאַקט פון צוזאַמענדיקייט. עס ליגט אין דעם אויך אַ זינען. דאָס זענען דאָך סוף כל סוף אונדזערע סאָציאַלע אידענטיפיקאַציע־צייכנס. זיי אידענטיפיצירן אונדז מיט אַן איינס, אָדער מיט עפּעס וואָס ווערט געפילט ווי אַן איינס, מיטן כלל ישראל. ממילא ווערן זיי אין זיך גופא אויך אַן איינס; זיי נעמען אין זיך אַריין דעם זינען אין דעם געפיל־שטאָף פון דעם וואָס זיי סימבאָליזירן. אין פאָלקס־שטייגער הערשט דער כוח פונעם סימבאָל, איינער פון די ריזיקסטע כוחות אין דער מענטשלעכער פּסיכיק. די ענערגיע פון סימבאָלישער אידענטיפיקאַציע רירט אָן אַ סך טיפערע שיכטן אין דער נשמה ווי לאָגישע אויסגעהאַלטנקייט.

ביי יידן האָט דער דאָזיקער כוח געמוזט אַרבעטן שטאַרקער, אינטענסיווער, פאַרעקשנטער. שטייגער־סיסטעמען בייטן זיך, ברעכן זיך ביי אַלע פעלקער. דאָס איז דער אייביקער קאַמף צווישן עלטערן און ייִנגערן דור וואָס קיין קולטור קען ניט אויסמיידן. אָבער ביי יידן קומט צו אַ ספּעציעלער

פאַקטאָר וואָס איז ביי אַנדערע ניטאָ. ביי אַנדערע פעלקער, ווען דער זון קערט זיך אָפּ פון די עלטערנס טראַדיציעס קען ער העכסטנס זיין אַן אַפּיקורס. אַ פאַרשווועכער פון הייליקייטן, אַ זינדיקער. מען זעט אין אים בלויז דאָס נעגאַטיווע, דאָס צעשטערן אַ באַשטימטן אינהאַלט. אָבער ביי יידן האָט מען אין אַזאַ זון געזען ניט בלויז דאָס אָפּקערן זיך פונעם אייגענעם נאָר אויך דאָס צוטוליען זיך צום פרעמדן, צו אַן אַנדער עטנישער שטייגער־סיסטעם. ער ווערט אַ „גוי", ער גייט אין „גויאישע דרכים", ד"ה, ער האָט אָנגענומען די אידענטיפיקאַציע־צייכנס, די סימבאָלן, פון אַ פרעמד סאָציאַלן לעבן. ממילא איז ער געוואָרן אַ סכנה ניט בלויז פאַר אַ פאַרהייליקטער טראַדיציע נאָר אויך פאַר דעם עצם גאַנצקייט פונעם לעבן וואָס האָט די טראַדיציע געטראָגן.

אין זיין „קאַמף צווישן השכלה און חסידות אין גאַליציע" באַמערקט דר. מאַהלער: „די פרואוון פון דער עסטרייכישער רעגירונג צו גערמאַניזירן יידן פלעגן די חסידים באַטראַכטן פאַר פונקט אַזאַ שווערער גזירה ווי די שטייערן. די רביים ענטפערן מיט אַן עקשנותדיקער פאַרטיידיקונג פון יידיש און פון אַלטע טראַדיציעס אין קליידונג און מנהגים, און זאָגן צו אַז אין זכות פון געטריישאַפט צו יידיש וועט קומען די גאולה. מענדל פון רימענאָוו זעט אין די גזירות פון „נייע מלבושים" און „נייע לשונות" אַ „מעשה קליפה" וואָס דערפירט דערצו אַז די אומות העולם האָבן אַ שליטה איבער ישראל". נייע מלבושים און נייע לשונות געהערן זיכער ניט צו דער לייכטזיניק־אָנגע־וואָרפענער קאַטעגאָריע „רעליגיע", און דאָך איז דאָס געווען גענוג אויפרו־דערנדיקע קאַמף־לאָזונג ניט כדי אויפצוהאַלטן אַ הייליקייט נאָר צו דער־נענטערן די גאולה, די תנאים פון ענדגילטיק־פאַרזיכערטן קיום. וואָרעם די גזירה גופא איז דאָך צו פאַרשטאַרקן די שליטה פון די אומות העולם איבער ישראל, און דער קאַמף קעגן איר איז ממילא אַ קאַמף קעגן עטנישן אומקום. ביי יידן איז דעריבער ניט בלויז אַ פראַגע פון בייטן געוויסע פּרטים אין דער סיסטעם פון אונדזער אייגענער שטייגערשער סימבאָליק, נאָר פון אַריינציען דאָס פאָלק אין אַ פרעמד לעבן, אַ לעבן וואָס רינגלט אונדז אַרום און סטראַ־שעט כסדר אונדזער אָנהאַלט אין דער וועלט דורך דער גאַנצער צייט פון אונדזער גלות־געשיכטע.

## יידישער און גויאישער פאָלקס־שטייגער

דער באַריכט־אָפּגעבער פון שטיינבאַרגס לוויה האָט מסתמא קיין סך ניט געטראַכט ווען ער האָט באַשלאָסן אַז „בלויזקעפּיקייט" הייסט זיין „אַבסאָ־לוט פריי פון רעליגיעזער ריטועלישקייט". וואָלט ער זיך אויף אַ רגע פאַרטראַכט וואָלט ער מסתמא אויסגעפונען אַז דער מנהג איז אַריבערגענומען

געוואָרן פון די גויאישע שכנים וואו „בלויזקעפּיקייט“ איז דורכויס „רעליגיעזע ריטועלישקייט“. אָבער פון וואַנען האָט זיך פאַרט גענומען צו אים אַזאַ איינדרוק? פון וואַנען נעמט זיך ביי אַנדערע זיינס גלייכן דער איינדרוק אַז, למשל, דער קריסטלעכער קאַלענדאַר וואָס הויבט זיך אָן דערמיט וואָס אַ גאָט־מענטש איז געבאָרן געוואָרן — איז „וועלטלעך“, בעת דער יידישער קאַלענדאַר — דער לעגענדאַרער אָנהויב פון דער וועלט־באַשאַפונג — איז רעליגיע?

די מער־טראַכטנדיקע סעקולאַריסטן וועלן מסתמא זאָגן אַז מיר דאַרפן אָננעמען דעם ניט־יידישן מנהג ווייל ער איז איינגעוואָרצלט אין דער גאַנצער מערבדיקער קולטור, ניט בלויז ביי די קריסטלעך־גלויביקע. דאָס וואָלט געווען אַ פעסטשטעלונג פון אַ פאַקט וואָס מען קען ניט לייקענען, אָבער דעמאָלט פאַלט אין גאַנצן אַוועק די פאַלשע פאָרמולע רעליגיעז־וועלטלעך אין שייכות צו אָט דעם מנהג. עס וועט הייסן אַז מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן פונעם טראַדיציאָנעל־יידישן איינפיר ווייל ער איז בלויז אָנגענומען ביי יידן. דאָס רופט אַרויס אַן אומבאַקוועמע לאַגע ווייל עס זונדערט אונדז אָפּ אומגייטיק פון דער אַרומיקער ניט־יידישער וועלט. מיר דאַרפן זיך צופּאַסן, פּונקט ווי מיר האָבן זיך צוגעפּאַסט מיט אונדזער הלבשה, מיט אַלגעמיינער בילדונג, אאַז״וו. דאָס איז זיכער אַ טענה, אָבער די ריכטיקייט פון דער פאָרמולע דערלויבט אונדז צו פרעגן זייער ערנסטע קשיות, וואָס מיר האָבן ניט געקענט טאָן ווען דער תירוץ האָט זיך באַהאַלטן הינטער דער מאַסקע פון רעליגיעז־וועלטלעך.

די פראַגע איז: ווי ווייט וועלן מיר אַזוי גיין? איז עפּעס פאַראַן אַ גרענעץ? אויב קיין גרענעץ איז בכלל ניטאָ, דעמאָלט איז דאָך ניט שייך, איז אויס. אויב עס דאַרף ערגעץ וואו יאָ זיין אַ גרענעץ, איז וואו? לויט וואָסערע פּרינציפּן דאַרפן מיר זי אָננעמען? וואָרעם אַ גרענעץ מוז דאָך זיין דאָס וואָס זונדערט אונדז אָפּ פון די אַרומיקע ניט־יידישע שכנים, היינט לויט וואָסער מאָס וועט איין סאָרט אָפּזונדערונג זיין כשר און די אַנדערע טריף?

די משכילים האָבן אויך געהאַט אַ פאָרמולע אין נאָמען פון וועלכער זיי האָבן זיך אָפּגעריסן פונעם אָנגענומענעם יידישן דרך פון זייער צייט. ביי זיי האָט עס ניט געקענט זיין רעליגיעז־וועלטלעך, ווייל זיי זענען דאָך אַליין געווען רעליגיעזע מענטשן. ביי זיי איז עס געווען פינצטער־ליכטיק. זיי האָבן געקעמפט קעגן אָפּגעשטאַנענקייט. עס איז אויך געווען — און אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין — אַ דערנענטערן זיך צו דער ניט־יידישער שטייגער־סימבאָליק, אָבער ביי זיי איז געבליבן אַ מין חגא׳דיק פאַר־פוצטע יידישע רעליגיע, און זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַן עטיש־פילאָסאָפישן חוב זיך דערמיט אָפּצוזונדערן פון דער ניט־יידישער וועלט. ממילא איז געווען לאָגיש־אויסגעהאַלטן פון זייער זייט זיך אָפּצוזאָגן פון אַלץ וואָס

שטאַמט פון אָפּגעשטאַנענעם יידישן לעבן און איז ניט קיין עכטער אויסדרוק פון אַ קאָנסעקוועטער רעליגיעזער דיסציפּלין. אין דער מאָסע אָפּגעשטאַנענקייטן וואָס מאַכן פינצטער אונדזער לעבן האָבן זיי אויך אַריינגערעכנט דעם זשאַרגאָן, יידיש. די אַרומיקע שפּראַך האָט זיי אַ סך מער געגעבן ווי אַנדערע מאָמענטן פון גויאישן שטייגער־רעפּערטואַר, פאַרוואָס ניט אָננעמען די קולטורעל־העכערע שפּראַך? וואָסערע רעליגיעזע פּרינציפּן בינדן אונדז צו יידיש? השכלה איז ניט געווען קיין באַוועגונג וואָס אַלע אירע אָנהענגער האָבן געטראַכט אַקוראַט אויפן זעלביקן אופן. געווען צווישן זיי צופיל וואַריאַנטן, אָבער אין אַלגעמיין איז דאָס זיכער געווען דער גייסט וואָס האָט זיי באַהערשט.

אָבער די וואָס אָפּערירן מיט רעליגיעז־וועלטלעך, פאַרוואָס זאָל יידיש ניט אַריינגערעכנט ווערן אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווי טראָגן אַ הוט ביי געוויסע געלעגנהייטן? מיר האָבן געזען ווי ר׳ מענדל רימענאָווער און די פון זיין קלאַס האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר יידיש. סוף כל סוף האָט בלויז דאָס אָפּגעזונדערטע לעבן פון אינטענסיוו־טראַדיציאָנעלער יידישער פרומקייט געקענט שאַפן און נערן אַ באַזונדער לשון. אויב, ווידער, יידיש איז ניט רעליגיע, נאָר בלויז אַן אָפּזונדערנדיקער כוח, פאַרוואָס זאָל מען אַנדערע אַזעלכע כוחות פאַרוואַרפן און גראָד אָננעמען דעם?

איך האָב ניט דעם מינדסטן ספק אַז וואָלט שפּראַך געווען ווי אַ טלית־קטן וואָס מען קען אים אויסטאָן אין איין מינוט, אָדער ווי אַ קורץ רעקל וואָס מען קען עס אָנטאָן אין פּונקט אַזאַ קורצער צייט, דעמאָלט וואָלט אין קעמפּעריישן ראַדיקאַלן לאַגער יידיש געהאַט פּונקט אַזאַ מזל, ווייל עס וואָלט באַטראַכט געוואָרן ווי רעליגיע, ווי עס האָט געהאַט ביי די משכילים־רעפאָרמער, ווייל לויט זיי איז עס ניט רעליגיע. דעמאָלט וואָלט אויך די לאַנדשפּראַך געוואָרן אַ דיפּלאָם אויף וועלטלעכקייט, מאָדערנעקייט. אָבער שפּראַך איז אַן אַנדער מין ענין, און דאָס האָט געגעבן דעם „הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל״ דעם לעצט־געבליבענעם שאַנס דעם אָטעם אָפּצוכאַפּן.

וואָרעם זאָל דאָ איין מאָל פאַר אַלע מאָל קלאָר ווערן אַז עס האַנדלט זיך ניט וועגן אַ דאָגמאַטישן פּסק פאַר דעם אָדער יענעם איינפיר אין אונדזער טראַדיציאָנעלן שטייגער. די נייע צייט האָט געבראַכט מיט זיך אונדזער דערנענטערונג צו דער אַרומיקער וועלט. קיין כוח אין דער וועלט איז מער ניט בכוח אָפּצוהאַלטן אונדזער צונויפלעבן זיך מיט אַ סך אָנגענומענע איינשטעלונגען וואָס דרינגען אַריין צו אונדז פון דער ניט־יידישער סביבה. די סעקולאַריסטן וואָס פאַרענטפערן זיך דערמיט אַז זיי פאַרוואַרפן בלויז דאָס פון יידישן שטייגער וואָס איז רעליגיעז, און נעמען אָן בלויז דאָס פון קריסט־לעכן לעבן וואָס איז וועלטלעך, פאַרוויקלען זיך אין לעכערלעכע סתירות. דאָס איז אַ מין שפּילן זיך אין באַהעלטעניש וואָס פאַרשאַפט קיינעם קיין כבוד

ניט. דאָס מזל האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן לעבן צווישן קריסטלעכע פעלקער וואָס ביי זיי האָט די געשיכטע אויפגעבויט אַ מער שטייגערשע איינהייטלעכ־קייט אויף אַ גרעסערן געאָגראַפישן און סאָציאַלן שטח, און ניט געקוקט אויף פּאָליטישע גרענעצן, איידער אין אַנדערע קולטורן.

פאַרשער ווייזן אָן אויף די שוועריקייטן וואָס מערבדיקע אַנטראָפּאָלאָגן האָבן תמיד געהאַט אין זייער צוגאַנג וויסנשאַפטלעך צו פאַרשטיין קולטורעלע אַנדערשקייטן. זיי זענען אַזוי שטאַרק געבונדן צום אייגענעם שטייגער, און זעען זייער אופן פון לעבן אַזוי ווייט פאַרשפּרייט צווישן אַלע שכנישע מערבדיקע פעלקער, אַז זיי האָבן אין דעם בלויז געקענט זען דאָס נאַטירלעכע, דאָס פאַרשטענדלעך־מענטשלעכע, דעם איינציק ריכטיקן אופן אויף וועלכן מענטשן דאַרפן זיך פירן. דאָס אַנדערשדיקע האָט ביי זיי געמוזט אויסזען ווי אַן אָפּווייכונג פון דער נאַטירלעכער, איינציק־ריכטיקער נאָרם. מיר, וואָס לעבן אויך אין דער זעלביקער סביבה, בעת מיר האָבן זיך אַזוי שטאַרק דערנענטערט צו דער אַרומיקער קולטור, זענען אויך באַהערשט געוואָרן פון דער זעלביקער פאַרבלענדעניש. מיר האָבן דערזען אין ניט־יידישן שטייגער ניט בלויז באַקוועמלעכקייט נאָר אויך עפּעס אַן אינעווייניקסטע העכערקייט. ביי די אַנטראָפּאָלאָגן האָט דאָס געשטערט צו באַנעמען וויסנשאַפטלעך דעם ענין פאָלקס־שטייגער. אונדז האָט עס געפירט צו דעם אַז מיר זאָלן כאַאָטיש געטריבן ווערן פון אַ שטורעם־ווינט און, ווי אַ טרייסט, זיך איינרעדן אַז דאָס איז דאָס פיינסטע מיטל פון מאָדערנער טראַנספּאָרטאַציע וואָס מיר האָבן אַליין אויסגעטראַכט.

ניין, עס האַנדלט זיך ניט וועגן עפּעס אַ דאָגמאַטישער תקנה פון אַ פּוסק אחרון. טעאָרעטיש האַנדלט עס זיך, קודם כל, וועגן דעם צוגאַנג צום יידישן פאָלקס־שטייגער אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַ סיסטעמאַטיש אויס־געאַרבעטע טעאָלאָגיע. און אַזוי ווי אַלע פּרטים פון טראַדיציאָנעלן אויפפיר קענען באַשטעטיקט ווערן אָדער אָפּגעפרעגט ווערן אויפן סמך פון אַ לאָגישן אַנאַליז, ממילא קומט אויס אַז אויב רעליגיע ווערט אָפּגעפרעגט, און אויב שטייגער־לעבן ווערט אַוועקגעשטעלט אין דער רובריק רעליגיע, דעמאָלט ווערט מיט איין קלאַפּ אויסגעוואָרצלט אַ לעבן פון דורות. דאָס אַלץ וואָלט נאַטירלעך ניט געקענט פּאַרקומען ווען פאָלקס־שטייגער וואָלט באַטראַכט געוואָרן ווי אַ סימבאָלישע פיקסירונג פון פאָלקישע ווערטן. אין אַזאַ פאַל איז לאָגישער אַנאַליז בכלל ניט שייך, און צו זאָגן „איך גלויב ניט” איז פשוט ניט גערעדט צו דער זאַך. דער פאָלקישער ווערט רעכנט זיך דעמאָלט, קודם כל, מיט דער איינגעוואָרצלטקייט און פאַרשפּרייטקייט אין לעבן פון יידן, און צווייטנס, אויף וויפיל דאָס איז ניט קיין שרייאיקע סתירה צום הערשנדיקן גאַנג פון לעבן. אַזעלכע זאַכן קענען אָבער ניט באַשלאָסן ווערן פון יחידים

לויט פערזענלעכן געשמאַק. דערצו פֿאָדערט זיך אָרגאַניזירטע האַנדלונג פון אַ קאָלעקטיוו.

מען ווערט ממש נשתומם ווען מען כאַפּט זיך ווי לייכטזיניק דער יידישער סעקולאַריזם האָט זיך באַצויגן צו די טיף־דרינגענדיקע און באַשיצנדיקע כוחות פון פֿאָלקס־שטייגער. אונדזער דור איז אין זיינע אינטעלעקטועלע מאָמענטן פֿאַרכאַפּט געוואָרן פונעם אופן דענקען וואָס דריקט זיך אויס אין אידעאָלאָגישע וויכוחים. דער איינציק־מעגלעכער צוגאַנג צום כאַראַקטער און דער ראָלע פון פֿאָלקס־שטייגער אין יידישן קיום האָט פשוט קיין געלעגנהייט ניט געהאָט זיך קלאָר צו מאַכן. פֿאַרדעקן דעם קאָפּ ביי אַ לוויה, אָדער עסן המן־טאַשן אין פורים, איז געוואָרן אַ פֿראַגע פון גלויבן און איבערצייגונג. כאָטש צו גיין אין בלויזן קאָפּ ביי אַ לוויה, אָדער הוליען ניי־יאָר נאַכט האָט מען אָנגענומען ווי אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אָן שום חשד אַז אפשר וואָלט מען אויך דאָ געדאַרפֿט האָבן גלויבן און איבערצייגונג. מיט אַנדערע ווערטער, אין שייכות צו שטייגער־סימבאָליק האָט דער יידישער סעקולאַריזם זיך גע־שטעלט אויף אַן אידעאָלאָגישער ליניע ווען עס קומט צו יידן, און אָנגענומען אַ שטייגערשן צוגאַנג ווען עס האָט צו טאָן מיט די מנהגים פון דער אַרומיקער ניט־יידישער וועלט. אויך די דאָזיקע דיסקרימינאַציע קעגן דער אייגענער היים לאָזט זיך דערקלערן, אָבער עס ווערט ניט לייכטער אויפֿן האַרצן צוליב דעם.

נאָך מער, אָפֿט זענען אַזעלכע זאַכן באַטראַכט געוואָרן ווי נאַרישע קלייניקייטן, קינדער־שפּיל, וואָס פֿאַרדינט גאָרניט קיין ערנסטע אויפֿמערק־זאַמקייט. דערין שטעקט דער גרעסטער טעות. דאָס ניט זען אַז הינטער אָט דעם „זיך נאַריש מאַכן" ליגט אַן עיקר פונעם מין מענטש, און אַן עיקר שבעיקר פונעם מין פֿאָלק, דאָס איז געווען ממש אַ נקמה־אַקט דורך וועלכן די אומפֿאַרלאָזלעכקייט פון דער איבערגעשפּיצטער ראַציאָנאַלער חכמה האָט זיך מיט אונדז ביטער אָפּגערעכנט.

דאָס געפֿיל פון יידישער אָנגעהעריקייט איז ניט קיין פּאַסיווע געשמאַק־זאַך, נאָר אַ תאווה, אַ כוח וואָס זוכט פּאַסיקע געלעגנהייטן זיך צו מאַניפֿעס־טירן. פּסיכאָלאָגיש באַשטייט גלות־לעבן אין דעם וואָס די עקסיסטענץ פונעם פֿאָלק ווערט אויך אָפּהענגיק אָן דער אַנטוויקלונג־מדרגה פון אָט דעם געפֿיל. ביי נאָרמאַלע פֿעלקער איז דער דאָזיקער פֿאַקטאָר אין גאַנצן ניט נייטיק ווייל אָביעקטיווע באַדינגונגען און טעטיקייטן פֿאַרנעמען זיין אָרט. הלוואי וואָלטן מיר וויסנשאַפֿטלעך געקענט אויסאַרבעטן אַ סקאַלע צו מעסטן די אינטענסיווקייט פון יידישער אָנגעהעריקייט. ווי עס זאָל ניט זיין איז פֿאַר אונדז לעבנס־וויכטיק צו וויסן אויף וויפֿיל די האַנדלונגען און אידייען פון פֿאַרשיידענע יידישע גרופּירונגען ווערן דיקטירט פונעם געפֿיל פון יידישער אָנגעהעריקייט.

אַזוי לאַנג ווי דער גאַנצער יידישער שטייגער ווערט אומקריטיש אַריינ־

געפּאַקט אין דער פאָרמולע רעליגיע, און ווערט אָפּגעוואָרפן אין נאָמען פון סעקולאַריזם, דעמאָלט איז אוממעגלעך צו זען וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער דעם. דאָס וואָס די סעקולאַריסטן לאָזן איבער בלויז יידיש אָדער העברעאיש, קען זיין אַז דאָס איז ניט דערפאַר וואָס זיי זענען ניט רעליגיעז נאָר ווייל זיי זענען צו ווייניק יידן, און די ווערטן וואָס באַלעבן דעם יידישן שטייגער האָבן דעריבער פאַרלוירן דעם חן אין זייערע אויגן. זיי זענען צוגעצויגן געוואָרן צום שטייגער פון דער אַרומיקער ניט־יידישער סביבה, און האָבן געלאָזן ביי זיך בלויז שפּראַך ווי אַ לעצט־געבליבענעם סימן פון יידישער אָנגעהעריקייט. ניטאָ קיין שום ראיה אַז דאָס איז אַזוי, אָבער די פאַרפירע־רישע פאָרמולע רעליגיע־וועלטלעכקייט אין שייכות צום גאַנצן שטייגער אונדזערן דערלאָזט ניט מען זאָל זען דעם אמת.

אין דער דערמאָנטער דערקלערונג וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט געגעבן וועגן דער מצווה פון מילה זאָגט זיך ווייטער אַזוי: „דער נייער אויסרייד אַז די מצווה האָט אַ היפּשע היגיענישע באַדייטונג קען, אַפילו ווען ער זאָל זיין געגרינדעט אויף אַ וויסנשאַפטלעכן אמת, ניט דערהויבן דעם פּראָצעס פון מילה צו אַ הייליקער האַנדלונג, סיידן איר וועט פאָדערן אַז אויך די אָפּעראַציע פון אויסשניידן מערידן זאָל דערהויבן ווערן צו דער זעלביקער מדרגה און אויך אַרומגעשטעלט ווערן מיט סנדקס און קוואַטערס". ער פּילט אַז אין אַזעלכע רייד פעלט קילער ישוב הדעת, און אַפילו די עלעמענ־טאַרע טרחא צו שאַנעווען געפילן. מאַכט ער צו דעם אַזאַ באַמערקונג: „איך בעט מיינע לעזער זיי זאָלן גוטהאַרציק פאַרגעבן מיר דעם גראָבן כירורגישן פאַרגלייך וועלכן איך האָב געשריבן מיט אַ גרויסן ווידערווילן. זאָלן זיי ניט פאַרגעסן, אַז אַחוץ די אילוסטראַציע פון דעם געדאַנק, האָט יענער פאַרגלייך נאָך דעם צוועק מיאוס צו מאַכן אין די אויגן פון פאָלק אַ מיאוסן יידישן מנהג". זיין צוועק איז, הייסט עס, ניט בלויז געוועזן עפּעס קלאָר צו מאַכן און צו לערנען נאָר אויך צו פאַרמיאוסן. ספּינאָזאַ מאַכט אַן אינטערעסאַנטע באַמערקונג וועגן דעם דאָזיקן מנהג. אין זיין „טעאָלאָגיש־פּאָליטישן טראַק־טאַט" זאָגט ער: „איך האַלט אַז די מצווה פון מילה איז אַזוי וויכטיק אַז איך וואָלט געקענט גלויבן אַז דאָס אַליין וואָלט געקענט אויפהאַלטן דאָס פאָלק אויף אייביק". וועגן דעם קענען נאַטירלעך זיין חילוקי דעות, אָבער אַוועקמאַכן מיט דער האַנט די וויכטיקייט פון דער מצווה אין אונדזער פאָל־קישער עקסיסטענץ, קען מען ניט לכל הדעות. דעריבער, וואָס מען זאָל ניט טראַכטן וועגן זשיטלאָווסקיס געדאַנקען בנוגע מצוות מילה, אָבער זיין עקל, זיין אויסדריקלעכע תאווה צו פאַרמיאוסן, איז אַן אויסגעצייכנטער ביישפּיל פון אַ צוגאַנג צו אונדזער פאָלקס־שטייגער וואָס רעכנט זיך ניט מיטן געפיל פון יידישער אָנגעהעריקייט און ווערט זיכער פון אים ניט אַרויסגערופן.

(1948)

# טעאָריע און פאַקט

דער מענטש וואָס שטייט דאָ אַנטקעגן מיר איז נאַטירלעך אַ פאַקט, אַ ממשותדיקע זאַך, ניט קיין אינערלעכע איבערלעבעניש, ניט עפּעס וואָס איך קען בלויז פילן אינערלעך אין זיך גופא. איך זע זיין געשטאַלט; איך הער זיין שטים. מיינע חושים נעמען אים אויף ווי עפּעס דרויסנדיקס, אַט איז ער — אַ פאַקט. אָבער אַחוץ אַ פאַקט איז ער אויך, אין אַ געוויסן זינען, מיינס אַ „טעאָריע", ריכטיקער וואָלט געווען צו זאָגן, אַ כמו־טעאָריע געבויט אויף אַ פאַקט. וואָרעם באמת, דער פאַקט באַשטייט דאָך אין דעם וואָס ער איז אַ פיזישע זאַך, אַן אָרגאַניזם, אַ באַשעפעניש. ער האָט הענט, פיס, אַ קאָפּ, ער איז פון אַ באַשטימטער גרייס, ברייט, געפינט זיך אין אַ באַשטימטער פּאָזיציע, ער באַוועגט דעם גאַנצן אָרגאַניזם, אָדער געוויסע טיילן זיינע, אויף אַזאַ און אַזאַ אופן. דאָס זענען אַלע, און עס איז גאָר ניט שייך צו זאָגן אַז עס זאָלן זיין חילוקי דעות וועגן דעם צווישן די וואָס קוקן אויף אים. אין דעם באַשטייט אייגנטלעך דאָס וואָס מיר זאָגן אַז ער איז אַ פאַקט, אַ דרויסנ־דיק־עקזיסטירנדיקער פאַקט.

אָבער גראָד דאָס וואָס איז אַזוי קלאָר און אַזוי זיכער און אַזוי גלייך פאַר אַלעמען, גראָד דאָס שפּילט די קלענסטע ראָלע בעת מיר רעדן וועגן אַ פאַקט, ווען דער פאַקט איז אַ מענטש. יעדער בר־דעת קען פאַרשטיין אַז ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַ מענטשן ליגט דאָס וויכטיקסטע אין די איינ־דרוקן וואָס ער גיט, אין די באַציאונגען וואָס ער רופט אַרויס, אין די האָפע־נונגען וואָס עס דאַכט זיך אַז מען קען לייגן אויף אים, אין דער ראָלע וואָס ער שפּילט, אָדער וואָס מען מיינט אַז ער קען שפּילן, אינעם אייגענעם פער־זענלעכן לעבן, אָדער אויף דער געזעלשאַפטלעכער סצענע. אָבער אין דעם קענען שוין די מיינונגען זיין זייער שאַרף צעטיילט, ווייל עס האַנדלט זיך דאָך ניט וועגן דרויסנדיקע פיזישע פאַקטן נאָר וועגן אויסטייטשונגען, איינדרוקן, וועגן עפּעס וואָס מען פילט מיטן שטרענג־פּערזענלעכן האַרצן, אַזוי צו זאָגן, אָדער וואָס מען דרינגט אַרויס באַוואוסטזיניק, אָדער עס איז בלויז אַ סך־הכל וואָס ווערט אָנגעזאַמלט אומבאַוואוסטזיניק.

אין דעם קענען שוין זיין חילוקי־דעות ניט בלויז צווישן איין אָבסער־ווירער און אַ צווייטן, נאָר יעדער מענטש קען גרינטלעך בייטן זיין אייגענעם קוק אויף אַ צווייטן מענטשן אין פאַרשיידענע צייטן. דער פאַקט — דאָס אַלגעמיינע אויסזען — בלייבט נאַטירלעך דער זעלביקער, אָבער דער איינדרוק, די אָפּשאַצונג, דער אויספיר וועגן דעם וואָסער סאָרט מענטש יענער איז, דאָס קען זיך זייער ראַדיקאַל בייטן, ווי מיר ווייסן עס אַזוי גוט

פון אייגענער דערפאַרונג. סיי אין פריוואַטן, סיי אין געזעלשאַפטלעכן לעבן זענען דאָס מעשים בכל יום. עס טרעפט זיך גאָרניט אַזוי זעלטן אַז אַ נעכטיקער גוטער פריינד זאָל מאָרגן באַטראַכט ווערן ווי אַ בייזער, פאַר־דאָרבענער שונא, און פאַרקערט, אין אַ נעכטיקן רשע קען מען פלוצלונג דערפילן אַז אין דער אמתן איז ער תמיד געווען אַ צדיק. ווען לייכטערע אַנטוישונגען אין דאָך שוין ניטאָ וואָס צו רעדן. פאַר אַ מאָדערנעם מענטשן, וואָס איז געוואוינט צו טראַכטן אין גשמיותדיק־רעאַליסטישע טערמינען דאַרף דאָס זיין אַ רעטעניש ניט משיג צו זיין: די אַזוי־גערופענע פשוטע פאַקטן זענען אַלע געבליבן אַקוראַט ווי געווען, געביטן האָט זיך בלויז די „טעאָריע", און דאָך האָט דאָס געמאַכט אַזאַ איבערקערעניש אין לעבן אַז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען. עס קומט שוין באַלד אויס אַז „טעאָריע" אַליין איז טאַקע שטאַרק גענוג צו מאַכן אַ היפּשן קנייטש אין טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבן.

דער גאַנצער ענין איז בלי ספק זייער ערנסט און פאַרדינט מען זאָל זיך אויף אים לענגער אָפּשטעלן. אָבער אַנטקעגן וואָס איז דאָס בכלל צורייד געקומען? עס איז געקומען פון דעם וואָס איך האָבן אַנומלט געלייענט, מסתמא שוין צום הונדערטסטן מאָל, די פראַגע וואָס לאָזט ניט אָפּ ווען מען טראַכט וועגן חורבן מזרח־אייראָפּע: ווי קומט צו באַשעפענישן פון בלוט טון פלייש אַזאַ סאַדיסטישע הנאה פון נאַקעטער רציחה? ווי קענען מענטשן זיך אַזוי אויסטאָן פון יעדן טראָפּן מענטשלעכקייט? ווי קען מען דאָס אַלץ דערקלערן?

אין פלוג זעט עס טאַקע אויס ווי אַ רעטעניש וואָס לאָזט זיך בשום אופן ניט פאַרשטיין. עס איז אַזוי ווייט אָפּגערוקט פון אונדזער דערפאַרונג, עס איז אַזוי גרינגטלעך דער היפוך אפילו פון די מאָראַלע שטאַמלענישן פון אַ קוים־נאָרמאַלן בן־אדם, אַז עס פעלן אונדז גענוג פּאַסיקע אינסטרו־מענטן עס אַרומצונעמען. דאָס קאַלטע, אינטעלעקטועלע ליכט וואָס מיר ווילן וואַרפן אויף דעם נעמט ציטערן אין אונדזער מוח און פאַרנעמט נאָך די טונ־קעלע שאָטנס וואָס וויקלען זיך אַרום דעם דאָזיקן מאוימדיקן בילד. אפשר איז אויך שולדיק אין דעם דעם פאַקט וואָס מיר — אין אַ געוויסן רעאַלן זינען, אַליין די קרבנות — בלייבן פּסיכיש אָן כוחות ווען מיר באַמיען זיך צו קוקן דורכן אייגענעם אויג ווי עס וואָלט געווען אַ פרעמד פענצטער.

דאָך ווען מען נעמט זיך אַביסל מער אין די הענט אַריין איז ניט שווער צו כאַפּן אַז די קשיה איז גאָרניט אַזאַ האַרבע ווי מען קען דרינגען פון דער גיהנומדיקער סיטואַציע. אַ בליק אין דער מענטשלעכער געשיכטע — ווער שמועס נאָך אין דער יידישער — דעקט פאַר אונדז אויף ענלעכע טראַגעדיעס אין די פאַרשיידנסטע פאָרמאַטן, גרויסע, מיטעלע און קליינע.

אין דער מיקראָסקאָפּישער גרייס זעט מען דאָס יעדן פּראָסטן מיטוואָך כמעט ביי יעדער טיר. אמת, אמת, אונדזער מזרח־אייראָפּעאישע קאַטאַסטראָפע איז די גרוליקסטע פון דעם מין לויט ברוטאַליטעט און פאַרנעם, אָבער דער מין איז דער זעלביקער ווי נעכטן, ווי היינט און ווי — אַ מורא עס אויף די ליפּן צו ברענגען.

וואָרעם יעדער מענטש ווערט אַ סך מאָל באַשאַפן. דעם גרעסטן און פּערמאַנענטסטן חלק האָט אין אים באַטירלעך זיין ערשטער באַשאַפער. אָבער נאָכדעם ווי ער איז שוין אַן עקזיסטירנדיקער פאַקט אויף דער וועלט, באַשאַפט אים אויף ס׳ניי יעדער פון זיינע אַרומיקע, און זעלטן אויפן אייגענעם אופן. ער ווערט דעמאָלט אויס מענטש פאַר זיך נאָר אַ מין צווייפיסיקע „טעאָריע" וואָס לעבט ניט, נאָר „רעפּרעזענטירט" אַ גרופּע, אַ קלאַס: ער איז אַ סטערעאָטיפּ. די בילדער פונעם קאַפּיטאַליסט מיטן גראָבן בויך, מיטן לאַנגן ציגאַר אין מויל, אָדער פונעם פּאָעט מיט די לאַנגע האָר, מיטן צעפּלויגענעם קראַוואַט, זענען גאַנץ גוטעביישפּילן פון אַזאַ צוגאַנג. מען קען זיכער ניט זאָגן אַז דער סטערעאָטיפּ איז אַלעמאָל און אין יעדן פּרט, הוילע אויסטראַכטעניש. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין ווערט ער טיילמאָל אַ טיפּ פון לויטער גוטס, אַן אַנדערש מאָל דורכויס פון שלעכטס. אין ערשטן פאַל האָבן מיר פאַר אים — אַ מענטשן וואָס מיר קענען אַפילו ניט — בלויז לויבגעזאַנג און אין צווייטן פאַל איז לית דין ולית דיין.

פון מדינת ישראל ברענגט מען כסדר גרוסן פון אַזאַ שאַרף־צעטיילטער באַציאונג צו צוויי באַזונדערע גרופּעס. די תימנער יידן לויבט מען ביזן הימל אַריין: זיי זענען אויפריכטיק, ערלעך, האָבן ליב אַרבעט. פאַרקערט, מאַראָקאַנער זענען הוילע שווינדלער, גנבים, אַאַז״וו. מיר איז ניט באַקאַנט קיין איין מער־וויניקער אָביעקטיוו־מיושבדיקע אַרבעט וואָס האָט דאָס פעסטגעשטעלט. זיכער נעמט זיך ניט אַזאַ איינדרוק פון דער הוילער לופט. אָבער ווען איך הער ווי די דאָזיקע ברייטע גענעראַליזאַציעס ווערן פאַרשפּרייט פון סתם געזאָגט־געהערט־גערעדט פיל איך אַז דאָס קען פירן צו געפערלעכע קאָנסעקווענצן. מיר ווערן צו אָפט פאַרפירט פון אילוזאָרישע פאַקטן, אָדער, נאָך ערגער, פון האַלבע אמתן וואָס די צווייטע העלפט צעשטערט דעם זינען פון דער ערשטער.

אַנומלטן בין איך געפאָרן אויף דער באַן און פאַרפירט אַ שמועס מיט מיין שכן, קענטיק אַ גאַנץ אינטעליגענטער מענטש. דער וואַגאָן איז געווען פול, אַ צאָל פאַסאַזשירן האָבן געמוזט שטיין. האָט זיך געטראָפן אַז ניט וויט פון אונדז איז געשטאַנען אַ יונגער נעגער און ביי יעדער סטאַנציע האָט ער זיך אַרומגעקוקט צי עס הייבט זיך ניט עמעצער אויף כדי ער זאָל זיך קענען אוועקזעצן. מיין ווייסער שכן האָט מיך געבעטן אַז אַזוי ווי ער פאָרט וויטער

פון מיר, זאָל איך, ווען מיין סטאַנציע וועט זיך דערנעענטערן, ניט אויפהייבן זיך צו פרי פון מיין פלאַץ, דורך דעם, האָט ער באַמערקט, וועט ער זיך אפשר קענען אויסהיטן אַז דער נעגער זאָל זיך ניט אַוועקזעצן לעבן אים. אויס מורא, אַז אויף מיר קען אַזאַ מאָטיוו ניט מאַכן קיין גוטן איינדרוק האָט ער צוגעגעבן אַז אין דער אמתן האָט ער גאָרניט קעגן נעגערס נאָר ער קען פשוט ניט פאַרטראָגן זייער ספּעציעלן ריח.

ער האָט זיך שטאַרק פאַרחידושט ווען איך האָב אויסגעדריקט מיינע ספקות אין דער ריכטיקייט פון דער מעשה אַז עס איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ ספּעציעלער נעגער־ריח. ביי אים איז אויסגעקומען אַז דאָס איז אַ באַ־קאַנטער פאַקט און האָט גאָרניט וואָס צו טאָן מיט דער ריין־מענטשלעכער באַציאונג צו די טונקל־הויטיקע. כדי צו באַקרעפטיקן מיין סקעפּטיציזם האָב איך אים דערציילט אַ מעשה שהיה. פּראָפעסאָר הוטאָן, דער באַרימטער אַנטראָפּאָלאָג, האָט געפרעגט ביי אַ יאַפּאַנעזישן סטודענט אין האַרוואַרד צי ער שפּירט עפּעס אַ ספּעציעלן ריח ביי ווייסע. דער סטודענט האָט עס ניט בלויז באַשטעטיקט נאָר אויך צוגעגעבן אַז עס איז זייער אַן אומאַנגענע־מער ריח און ער שפּירט זיך זייער שטאַרק אין גימנאַסטיק־זאַל וואו מען שוויצט זייער אַ סך פון די אָנגעשטרענגטע באַוועגונגען.

האָט מען זיך געוואָלט איבערצייגן אין דעם דורך אַן עקספּערימענט. מען האָט אַריינגענומען אין פלעשלעך דעם שוויס פון ווייסע און טונקל־הויטיקע סטודענטן, נאָך שווערע באַוועגונגען אין גאַמנאַסטיק. די פלעשלעך האָט מען געגעבן צו ווייסע סטודענטן און געבעטן זיי זאָלן זיי אויסשטעלן לויט דער אָנגענעמקייט פון די ריחות. אַרויסגעוויזן האָט זיך אַז די אָנגע־נעמסטע און אומאָנגענעמסטע ריחות זענעןביידע געקומען פון די קערפּערס פון ווייסע סטודענטן. איך האָב נאָך צוגעגעבן אַז ווי אַ ייד „געדענק" איך צו־גוט אַז אין מיטלעלטער האָט מען אויך געזאָגט וועגן יידן אַז זיי באַ־ליידיקן די נאָזלעכער פון די קריסטלעכע שכנים. דער בישאָף און פּאָעט פאָרטונאַטוס, פון זעקסטן יאָרהונדערט, איז געווען זיכער אַז פון יידן שפּירט זיך אַ כאַראַקטעריסטישער ריח, כאָטש לויט זיין מיינונג האָבן זיי זיך געקענט באַפרייען דערפון דורך שמד. אפילו דער פילאָסאָף שאָפּענהאַוער האָט געגלויבט אין אַ ספּעציפישן יידישן ריח. אַזוי שפּעט ווי אין 1929 האָט דער אַנטיסעמיטישער דייטשישער אַנטראָפּאָלאָג גינטער פאַרעפנטלעכט אַן אַר־בעט וואו ער שטרייכט אונטער די דאָזיקע איבערצייגונג.

אמת, אין געוויסע פאַלן קען נאָך אַ שמץ דערפון זיין אפשר ריכטיק בנוגע אַ געוויסע גרופּע מענטשן ווי אַ פועל־יוצא פון ספּעציעלע לעבנס־תנאים, אָדער פון אַ באַשטימטער דיעטע, אָבער אַ סך פון אונדז וואָס קומען אין באַרירונג מיט נעגער האָבן בשום אופן ניט געקענט באַשטעטיקן דעם

דאָזיקן חשד. איך אַליין האָב זיך פאַראינטערעסירט דערמיט אין פאַרבינדונג מיט אַן אַרבעט וועגן שייכותדיקע ענינים און אויף וויפיל אייגענע דערפאַרונג האָט אַ וואָג אין אַזעלכע זאַכן, האָב איך ביי די נעגער וואָס איך האָב באַגעגנט קיין שאָטן דערפון ניט געפונען.

עס איז איבעריק צו זאָגן אַז מיין אַרגומענטאַציע האָט געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. מיין שכן האָט זיך אָפּגעשאָקלט מיט עקל ווען ער האָט געזען אַ מעגלעכקייט אַז אַ נעגער זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן אים. ווען איך האָב אויסגעפונען אַז ער איז געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן אין אַ דרומדיקן שטאַט איז מיר זיין באַציאונג קלאָרער געוואָרן, אָבער אָך און ווי צו אַזאַ קלאָרקייט. וואָרעם דאָס האָט דאָך בלויז געקענט מיינען אַז ער האָט געלעבט אין אַ סביבה וואָס האָט אים געקענט דורכדרינגען מיט אַזאַ טעאָריע, און די טעאָריע האָט ווי מיט אַ כישוף אַרויסגעצויגן פון זיך „פאַקטן" כדי זיך באַשטעטיקן.

ביי פּרימיטיווע מענטשן, ווייסן מיר, ווי גרויס עס איז דער מהלך צווישן דער מאָראַלער אחריות וואָס זיי טראָגן צו אייגענע און צו פרעמדע. אין אַ סך פאַלן קען דער אונטערשייד זיין אַזוי גרויס ווי צווישן וואַרעמער פריינד־שאַפט און קאַלטן מאָרד. אָבער אויך ביי אונדז וואַרפט זיך אָפּט אין די אויגן די גרייטקייט מלמד זכות צו זיין אויף אייגענע און זיך באַציען מיט אומ־צוטרוי און שנאה צו פרעמדע פאַר אַקוראַט דעם זעלביקן אַקט. אמת, אין אונדזער ציוויליזאַציע קען אַ נאָרמאַלער מענטש ניט אַזוי לייכט זיך לאָזן אויפן וועג פון מאָרד ביי אַן אומוויכטיקער פּראָוואָקאַציע, אָבער אין קריטישע מאָמענטן זאָל איין גאָט שומר ומציל זיין וואָס דער דורכשניטלעכער מענטש קען אָפּטאָן אַנדערע מענטשן ווען עס געלינגט נאָר אַריינצוגיסן אין אים דעם בייזן טראָפּן פון אַ געהעריקער טעאָריע.

דאָס קומט אייגנטלעך פאָר אין דער צייט פון אַ רעוואָלוציע, און די צוגרייטונג דערצו דריקט זיך אויס צום שאַרפסטן, אויף אַ געדיכט־קאָנצענ־טרירטן אופן, אין לאָזונגען, מאָטאָס, שלאָגווערטער. אין פראַנקרייך זענען אַלעמאָל געווען אַריסטאָקראַטן. עס איז גאַנץ נאַטירלעך אַז דער פּראָסטער מענטש, אָדער דער אָרעמאַן, זאָל ניט ליב האָבן די אַריסטאָקראַטיע. אָבער אין דער רעוואָלוציע פון 1789 איז אַריסטאָקראַט געוואָרן אַ נאָמען פון אַ פּערזענלעך־בייזן שונא וואָס מען דאַרף פּערזענלעך און בפועל ממש אויס־ראָטן. דאָס וואָרט האָט באַקומען אַן אַנדער פּסיכאָלאָגישן טייטש, און דער מענטש וואָס האָט געטראָגן אַזאַ נאָמען איז, אַזוי צו זאָגן, איבער־דעפינירט געוואָרן, און די נייע דעפיניציע האָט פון אים אַוועקגענומען דעם ריינעם קלאַסן־באַגריף, אים געמאַכט פאַר אַ פּערזענלעכן פאַרברעכער פון אַזאַ מין צו וועלכן עס איז מער קיין מאָראַלע התחייבות ניטאָ.

דאָ ליגט דער כוח פון די שלאָגווערטער, צום שניידיקסטן אין די נעגאַ־

טיווע שלאָגווערטער, וואָס ווערן אָנגעווענדט אויף אומבאַליבטע מענטשן אין אַ קריטישער צייט. וואָרעם יעדער מענטש, פון אַלע ציוויליזאַציע־מדרגות, איז דורך־און־דורך אַ מאָראַלע בריאה. כדי צו קענען אין קאַלטן בלוט אומ־ברענגען אַ מענטשן דאַרף דער מערדער, אויב ער איז נאָר ניט פּאַטאַלאָגיש בטבע, צו ערשט אַרויסנעמען די מענטשלעכקייט פון זיין קרבן, אים אַוועק־שטעלן ערגעץ אין דרויסן פון זיין מאָראַלן קאָדעקס, כדי ער זאָל קענען זיין גלייכגילטיק צום מאָרד־אַקט, אָט ווי ער איז דאָס בעת ער צעטרעט אַ וואָרעם. דעמאָלט, פונקט ווי ביי אַ וואָרעם, איז דאָס שוין באמת ניט קיין מאָרד, ווייל אָן דער מאָראַלער קוואַליטעט קען מען גאָר אַזאַ וואָרט ניט באַנוצן. אָדער פאַרקערט, ער דאַרף לכתחילה צושרייבן זיין קרבן אַזעלכע אַנטי־מאָראַלע אייגנשאַפטן אַז עס איז אים אַ מצווה צו פאַרטיליקן, דאָס הייסט, אַז דער מערדער ווערט גאָר מאָראַליש דערהויבן. אין ביידע פאַלן פאַרלירט דער מאָרד זיין מאָרד־כאַראַקטער.

אָט דערין ליגט דער כוח פונעם שלאָגוואָרט, פון נעגאַטיוון שלאָגוואָרט. עס אַנטמענטשלעכט דעם קרבן, עס העלפט מיר זאָלן אים רעדעפינירן און דורכדעם אים דערזען אין דער קאַטעגאָריע פון אַן אַנדער מין באַשעפעניש. אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז עס געווען אַריסטאָקראַט, אין דער רוסישער רעוואָלוציע איז צו ערשט געווען דאָס מאָראַל־באַפרייענדיקע ווערטל קאַפּיטאַליסט, דערנאָך איז געקומען קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, שפּיאָן פון אַ פרעמדער מלוכה, און פאַרענדיקט דאָס ציקל פון לית דין ולית דיין.

אין דער נאַצישער ליטעראַטור, אין זייער פּראָפּאַגאַנדע בכלל, האָט ייד געוגומען שפּילן אַזאַ ראָלע, און ייד איז געוואָרן פאַרבונדן צו אַ מער אַלגעמיינער טעאָריע, צו ראַסע. עס איז ניטאָ קיין סיבה צו זיין מסופק אין דער אויפריכטיקער איבערגעצייגטקייט פון די נאַציס, אָדער זייערע פירער, אין דער ראַסע־טעאָריע, אָדער אין דעם אַז יידן זענען אַזוינס און אַזעלכס. דער כוח פון פּראָפּאַגאַנדע צו פאַרשפּרייטן און איינוואָרצלען אַזעלכע טייוול־שע אַבערגלויבנס — די דעצידירנדיקע קראַפט פון יעדער פּראָפּאַגאַנדע קעגן איינצלנע מענטשן, גרופּעס, פעלקער, אין אַזעלכע ענינים — באַווייזט אַז ווען עס קומט אָפּצושאַצן מענטשן איז פאַראַן אַן אומפּראָפּאָרציאָנעלע איבערוואָג ניט אויף דער זייט פון פאַקטן און לעגיטימע לאָגישע דעדוקציעס נאָר לטובת אומקאָנטראָלירטע איינדרוקן, גלויבנס, צוטרוי, חשדים און צופעליקע האַנדלונגען.

ווען עס קומט צו די נאַציס — און פון דעם וואָס מיר ווייסן שוין איצט וועגן די פּראָצעסן פון סאָוועטישער „גערעכטיקייט" קען מען דאָס שוין אויך זאָגן וועגן די קאָמוניסטישע מלוכות — דאַרף מען פונדעסטוועגן אָפּ־טיילן די דעגענעראַטן, פּאַטאָלאָגישע טיפּן, סאַדיסטישע נעווראָטיקער, און אַלע אַנדערע מיט צעדרייטע פּסיכישע מיחושן, פון די אַקטיווע געדאַנק־

פאַרשפּרייטער אָדער פון די גלייכגילטיקע. ווען מיר רעדן פונעם כּוח פון טעאָריע האָבן מיר באַטירלעך אין זינען דער עיקר די וואָס שאַפן די אַטמאָס־פערע, ניט די דירעקטע מענטשלעכע פייניקער און צווייפיסיקע מאָרד־אינסטרומענטן וואָס זענען דאָך שוין אַ סך קלענער אין צאָל.

פון דעם שטאַנדפּונקט איז דאַכט זיך מיר אינגאַנצן אויסן וועג די פראַגע צי אַלע דייטשן זענען שולדיק, צי בלויז אַ טייל פון זיי. וואָרעם אויב „טעאָריע״, דעמאָלט קען דער אונטערשייד צווישן מענטשן אין דעם פּרט בלויז ליגן אין דער פאַרשיידענער היסטאָרישער לופט וואָס זיי האָבן גע־אָטעמט, אין דעם ספּעציפישן אַטמאָספערישן דרוק וואָס האָט זיי, און דורות פאַר זיי, געהאַלטן אין קלעם. דעריבער דאַרף דער טראָפּ ליגן אויפן כאַראַק־טער פון דער גייסטיקער קולטור ניט פון די מענטשן, די יחידים, וואָס רעדן איר לשון. דער פאַרשטאָרבענער טיפער פּסיכאָלאָג קורט לעווין דערמאָנט אַ טיפּישע דייטשישע כאַראַקטעריסטיק וואָס ער געפינט אין אַ טעלעגראַמע פון אַ דייטשישן מלחמה־רעפּאָרטער. ער לאָזט וויסן פון מלחמה־פראָנט (22טן מערץ 1943) אַז: „אַ סך מער ווי נאָך ווייב און זיכערקייט בענקען אונדזערע זעלנער נאָך אַ נייער, אַ שענערער, אַ מער בלוטיקער מלחמה״. לעווין איז אַליין אַ געבוירענער און דערצויגענער אין דייטשלאַנד פילט ער, פון אַלץ וואָס ער האָט אין זיין לאַנד איינגעאָטעמט, אַז אַזאַ דערקלערונג איז אַקוראַט אין טאָן פון יענער היסטאָריש־אויסגעוואַקסענער קולטור; אַז דאָס וועט געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן אין דער דייטשער עפנטלעכקייט. אַזוי האָט אַ לאַנג־איינגעוואָרצלטע „טעאָריע״ ברוטאַל דעגראַדירט די נשמה פון אַ גרויס פאָלק.

טייל וועלן מסתמא אַרויסשטעלן די טענה אַזאַ אַזאַ צוגאַנג האָט אויך געהאַט די אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע אין דייטשלאַנד נאָך דער מלחמה. עס זענען געלייגט געוואָרן גרויסע האָפענונגען, און אַ סך, אַ סך מיליאָנען האָט מען אויסגעגעבן אויף פועלן ביי די דייטשן זיי זאָלן „בייטן זייער טעאָריע״, אַזוי צו זאָגן, וועגן מענטשן און מענטשלעך לעבן, אויף רע־דעפינירן גייסטיקע ווערטן, אָדער איבערדערציאונג, ווי מען האָט עס גערופן. דאָך זענען זייער קלאָגעדיקע די רעזולטאַטן וואָס זענען דערפון אַרויסגעקומען. דעם ענטפער דאַרף מען אָבער ווייט ניט זוכן. קודם כּל דאַרף דויערן אַ סך יאָרן, אפשר דורות, ביז מען קען אויסראַמען אַ פילזייטיקע ירושה וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין משך פון יאָרהונדערטער. ניט קלענער איז די מניעה פון דער צייט גופא. די פּאָליטישע קאָמפּליקאַציעס וואָס האָבן ניט דערלאָזן דורכצופירן די איבערדערציאונג־פּראָגראַם זענען געווען באַקאַנט. אָבער ניט ווייניקער וויכטיק איז דער פאַקט וואָס גלייך ביי דער טיר, און אין אַ גרויסן טייל פונעם הויז גופא, האַלט אין איין פלאַקערן דאָס פריערדיקע דייטשישע פייער, כאָטש אין געביטענע קאָמוניסטישע קאָלירן. דער נייער

אויפשפּראָץ פון סאָוויעטישן גיהנום, די שנאה צום „קאָסמאָפּאָליטיזם״, קען זיכער אַ סך בעסער אַפּעלירן צום נאַציִשן גייסט איידער די עקזאַלטירטע רייד פון דעמאָקראַטישער „בטלנות״.

בדרך כלל געגומען, ווען אַ מענטש כאַראַקטעריזירט אַנדערע מענטשן, אין דער איילעניש פון טאָג, און שטיצט זיך דערביי אויף „בעיני ראיתי״, מעג מען דאָס אָננעמען ווי אַ געמיש פון איינדרוקן, גלויבנס, פאָראורטיילן, טיילמאָל אַפילו געירשנטע באָבע־מעשות. צו וואָס דאָס קען פירן איז אַלעמען באַקאַנט. אין פּריוואַטע באַציִונגען קען דאָס אָנצינדן צעשטערנדיקע פייערן צווישן מענטש און מענטש. אין געזעלשאַפטלעכן לעבן איז גאָר ניטאָ קיין גרענעץ צו די קאַטאַסטראָפעס וואָס דאָס קען ברענגען.

רעליגיעס, אַלע רעליגיעס, האָבן, יעדע אויף איר אייגענעם אופן, אויפגעבויט רעאַלע און פאַנטאַסטישע שוץ־מיטלען כדי זיך צו היטן פון די דאָזיקע סכנות אויף ווי ווייט דאָס איז מענטשלעך מעגלעך. אויף דער טעמע פון ברידערלעכקייט זאָגן אָן די הייליקע שריפטן פונעם יאַפּאַנעזישן שינטאָ: „דער הימל איז דער פאָטער און די ערד איז די מוטער פון אַלע מענטשן. דעריבער זענען אַלע מענטשן ברידער און זיי דאַרפן אַזוי לעבן. דורך דעם וועט דאָס לאַנד זיין פריי פון שנאָה און צער״. און דער קאָראַן לאָזט וויסן: „אַלע מענטשן זענען איין פאַמיליע, איין פאָלק. אַלע מענטשן זענען ברידער און דאַרפן לעבן ווי ברידער. גאָט האָט ליב די וואָס לעבן אַזוי״.

וועגן דער יידישער ירושה איז דאָך אָפּגערעדט. מיר דאַכט זיך אַז אויפן רירנדיקסטן אופן ווערט עס אויסגעדריקט אין די אומגעוויינלעכע באַוואָרענישן ניט צו מאַכן חס ושלום קיין טעות ווען עס האַנדלט זיך וועגן דיני נפשות. אין די רעליגיעזע הייליקע שריפטן זינדיקט אָפט דאָס קליין־מענטשלעכע קעגן דעם גרויס־געטלעכן. אָבער אין געריכטלעכע פּראָצעסן האָבן מיר צו טאָן מיט פּראַקטישע מיטלען זיך צו היטן פון אַ בייזער טעאָריע. די משנה דערציילט ווי אַזוי דאָס סנהדרין האָט „אָנגעוואָרפן אַן אימה״ אויף די עדות ביי משפטים וואָס האָבן פאַרוויקלט טויט־שטראָף. דאָס איז געטאָן געוואָרן ווייל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַזאַ גרויסער זאַך ווי אַ מענטשלעך לעבן. וואָרעם אָדם הראשון איז געבוירן געוואָרן אַן איינציקער כדי עס זאָל זיין שלום צווישן מענטשן, כדי קיין מענטש זאָל ניט קענען זאָגן דעם אַנדערן אַז זיין פאָטער איז גרעסער פון יענעמס. אַז אַ מענטש פורעמט אויס מיט איין שטעמפּל אַ סך מטבעות זענען זיי אַלע גלייך איינע צו דער אַנדערער. אָבער גאָט האָט אויסגעפורעמט יעדן מענטשן מיטן שטעמפּל פון אדם הראשון און פונדעסטוועגן איז קיין מענטש ניט גלייך צום אַנדערן. דעריבער דאַרף יעדער איינציקער זאָגן: „צוליב מיר איז די וועלט באַשאַפן געוואָרן״.

אין דער רעליגיעזער וועלט האָט בלויז אַ קליינע צאָל צדיקישע גרויסע

פערזענלעכקייטן באַוויזן אַז זיי קענען מיט אַזאַ קוק אויף מענטשן באַפּאַרבן יעדן טראָפּן פונעם אַקטיוון לעבן זייערן. ביי קלענערע עקזעמפּלאַרן פון אונדזער מין געלינגט דאָס אַ סך ווייניקער. אָבער קלאָר איז אַז אין דער באַציאונג צו מענטשן ווען פאַקטן ניט אַריבערוועגן דעם כוח פון גייסטיקן איינשטעל. וואָרעם פאַקטן אָן אַן אויסטייטש זענען טויטער מאַטעריאַל און דער אויסטייטש ליגט אינגאַנצן אין די הענט פון די ווערטן מיט וועלכע מיר אָפּערירן, פון די אַלע גייסטיקע עלעמענטן וואָס איך האָב דאָ זייער אומ־פּינקטלעך באַצייכנט מיטן נאָמען טעאָריע. אַוודאי זענען פאַראַן אָביעקטיווע באַדינגונגען וואָס העלפן אָדער שטערן אין דער אַנטוויקלונג פון העכערע גייסטיקע ווערטן מיט וועלכע יעדער פון אונדז זאָל זיין גענייגט זיך צו אידענטיפיצירן. אָבער דער עיקר ליגט סיי ווי אין איבער־דעפינירן און איבער־דערציען זיך אַליין. דאָס איז זיכער ניט קיין פּערפעקטע עצה צו פאַרענטפערן אַזאַ קריטישע מענטש־פּראָבלעם, אָבער קיין בעסערע האָט נאָך קיינער ניט געגעבן, אפשר איז קיין בעסערע בכלל ניטאָ.

(1952)

# דער סוף פון פאָלקסמענטש

איך ווייס ניט ווער עס איז געווען דער ערשטער אַריינצוברענגען אין אונדזער לשון דעם טערמין פאָלקסמענטש, נאָר אין דריי זאַכן בין איך זיכער: דאָס וואָרט איז ניט קיין אַלטגעזעסענער בירגער אין דער יידישער מלוכה. עס איז צו אונדז געקומען מסתמא אין דער צייט פון אונדזער אייגענעם דור. ניט ווייניקער איז קלאָר אַז דער וואָס האָט צו אונדז דאָס וואָרט געבראַכט האָט געמיינט דערמיט אויסצודריקן עפּעס גוטס, צו סימבאָליזירן די גרויסע מעלות וואָס דער יידישער פאָלקסמענטש באַזיצט. דאָס קען מען לייכט דערקענען אין די איבערטענער און די קאָמפּלימענטאַרע כוונות וואָס מען לייגט אַריין אינעם דאָזיקן וואָרט. דריטנס, דער וואָס האָט עס צום ערשטן באַנוצט איז אַליין קיין פאָלקסמענטש ניט געווען. דאָס איז בלי ספק געווען אַ מענטש פון אינטעליגענטן קלאַס. ער האָט געהאַט אַ באַדערפעניש צו זוכן מיט אויסגערעכנטער כוונה אַ פּאַסיקע באַצייכענונג פאַר אַ באַשטימטן טיפּ. דאָס איז שוין היפּשלעך דערוויטערט פון דער פאָלקסמענטש מדרגה.

וואָרעם דער וואָס די דאָזיקע מדרגה איז דער אינטימער אויסדרוק פון זיין לעבן, וואָס ער איז אינערלעך אידענטיפיצירט מיט איר, קען פּשוט ניט זען קיין באַזונדערע מעלות אין אַזאַ טיפּ. פאַר אים איז דאָס דער נאַטיר־לעכער נאָרמאַלער אופן אויף וועלכן די פּסיכישע מאַשינעריע פון אַ מענטשן, אין אונדזער פאַל, פון אַ יידישן מענטשן, דאַרף פונקציאָנירן. נאָך מער, די עצם כאַראַקטעריסטיק פון אַ פאָלקסמענטש איז מחייב אַז דער פּאָזיטיווער ווערט פון זיין ראָלע ליגט אויך אין דעם וואָס ער גיט זיך ניט אָפּ קיין חשבון דערפון, וואָס זיין גוטסקייט איז אַ ספּאָנטאַנער אויסדרוק פון זיין טבע. פון דעם לאָזט זיך דרינגען אַז דאָס דאָזיקע וואָרט איז צו אונדז געקומען אין אַ צייט ווען דער פאָלקסמענטשלעכער סדר העולם אין יידישן לעבן האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען, זיך ברעכן אונטערן דרוק פון כוחות וואָס זענען ניט שווה בשווה מיטן שטייגער פון וועלכן דער פאָלקסמענטש וואַקסט אַרויס. דער טיפּישער פאָרשטייער פון די אָנגענומענע שיינקייטן פון דער אַמאָליקער, איינגעפּונדעוועטער וועלט האָט גענומען ווערן אַ נאָסטאַלגישע באַוואונדערונג. איז ממילא געוואָרן נייטיק אַ ספּעציעל וואָרט וואָס זאָל אויסדריקן אַ פאַר־שטאַרקטע ראָמאַנטישע באַציאונג.

לאָמיר געדענקען אַז דער פאָלקסמענטש איז ניט דער דורכשניט־מענטש. דאָס לעצטע איז דער עיקר אַ סטאַטיסטישער באַגריף. לויטן דעמאָקראַטישן קוק איז די טובה פון דער גרעסטער צאָל דער העכסטער ציל פון דער סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע. דער דורכשניט־מענטש, דער וואָס פאַרנעמט אַ פּאָ־זיציע צווישן די מיטעלע פּופציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג, איז

שוין צוליב דעם אַליין אַ שטיקל יחסן אין די דעמאָקראַטישע טעאָרעטישע חשבונות.

אַזעלכע ווערטער זוי פּשוטע מענטשן, אָדער ברייטע מאַסן, פאַררופן זיך אויך אויף די וואָס זענען אין דער גרעסטער צאָל, אָבער דאָ ווערט שוין געלייגט דער טראָפּ אויף אַן אַנדער אייגנשאַפט וואָס האָט צו טאָן מיט סאָציאַלער קלאַסיפיקאַציע.

ווען מען רעדט וועגן אַזעלכע מענטשן אויף דער פּאָליטישער טריבונע, האָט מען קודם כל אין זינען זייערע אינטערעסן פאַר וועלכע מען דאַרף זיך איינשטעלן. די ווערטער דריקן אויס מיטגעפיל צום שוואַכן וואָס רופט אַרויס אַ באַדערפעניש זיך אָנצונעמען פאַר זיי, ווייל זיי אַליין, צוליב זייער פּאַסיווער סאָציאַלער פּאָזיציע, זענען ניט בכוח צו זיין דער דעה־זאָגנדיקער פאַקטאָר אינעם גאַנג פון געשעענישן. ממילא זענען די ווערטער מיט וועלכע מען באַצייכנט זיי אויסן אונטערצושטרייכן בלויז זייער עקאָנאָמישע, אָדער פּאָליטישע וואָג און זייער וויכטיקע ראָלע אין דער אַלגעמיינער באַלעבאַטישקייט, כאָטש די דעה ליגט ניט אין זייערע הענט.

ניט דאָס ווערט געמיינט מיט פּאָלקסמענטש. דאָ איז די כוונה צו כאַראַקטעריזירן אינדיווידועלע אייגנשאַפטן. עס איז אַ פּסיכאָלאָגישער באַגריף, אַ סאָרט מענטש וואָס זיין וויכטיקייט באַשטייט אין זיין ניט־געפּלאָנטער אָבער זיכערער ראָלע ביים שאַפן, אָדער אויפהאַלטן, אַ באַשטימטע גייסטיקע אַטמאָספערע.

וואָס זענען די אייגנשאַפטן פונעם פּאָלקסמענטש? לאָמיר זען וואָס עס דערציילט וועגן דעם אונדזער זכרונות־ליטעראַטור. אָט איז אַ בילד וואָס עס מאָלט דניאל טשאַרני אין זיין בוך דוקאָר (93—95):

ווי עס זעט אויס איז דער טאַטע מיינער געווען אַ פּאָלקסמענטש און דערפאַר האָט אים עמך אַזוי שטאַרק ליב געהאַט.

באַזונדערס שטאַרק איז דער טאַטע געווען אויסגעבונדן מיט דוקאָרער שוסטערס, ווייל ער האָט געהאַנדלט מיט לעדער און פלעגט זיי געבן אויף באָרג.

ווען מען נעמט סחורה אויף באָרג גיט מען געוויינטלעך אַ משכון וועלכן מען מוז פריער־שפּעטער אויסקויפן.

מיין טאַטע אָבער איז געווען קעגן משכנות . . . אָבער יואל דער שוסטער, וואָס פלעגט יעדן אָוונט, בין מנחה למעריב הערן אַ קאַפּיטל עין יעקב און איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו אונדזער הויז, האָט זיך איינמאָל אָנגעעצט אויף מיין טאַטן אַז ער מוז ביי אים נעמען אַ משכון.

— ווען מען זאָל, חלילה, אויפהערן נעמען משכנות, איז דאָך שוין דערנסטמאָל אויס וועלט — האָט יואל דער שוסטער איינגעטענהט

מיט מיין טאַטן. האָט מיין טאַטע שוין געמוזט נאָכגעבן און גענומען ביי אים זיין משכון.

דער משכון איז באַשטאַנען פון יואל דעם שוסטערס שבתדיקער קאַפּאָטע, די קאַפּאָטע האָט מען אים געהאַט אויפגעניייט צו דער חופּה און זי איז שוין אַלט געווען, די קאַפּאָטע הייסט עס, אַ יאָר פופצן.

האָט דער טאַטע אַריינגעהאַנגען דעם קאַפּאָטע־משכון אין אַלמער אַריין, אָבער יעדן פרייטיק, פאַר ליכט־בענטשן פלעגט יואל דער שוסטער אַריינקומען צו אונדז אין זיינע פאַרשמאָדערוועטע קליידער, אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אויבערשטן בגד מיט די פאַרלאַטעטע עלנ־בויגנס און אַריינקריכן אין זיין לאַנגער שבתדיקער קאַפּאָטע . . .

דענסטמאָל פלעגט דער טאַטע אַ זאָג טאָן צו יואלן:

— אַ גוט־שבת דיר, יואל.

— גוט־שבת, גוט יאָר — פלעגט יואל ענטפערן, אוןביידע פלעגן מיט שטילע שבתדיקע טריטלעך אַוועקלאָזן זיך אין שול אַריין מקבל שבת זיין.

שבת־צו־נאַכטס פלעגט יואל דער שוסטער באַלד נאָך מעריב קומען ווידעראַמאָל צו אונדז אין הויז. ער פלעגט זייער פּאַרזיכטיק אויסטאָן דעם משכון, אים אַריינהענגען צוריק אין אַלמער אַריין . . .

ווען ס'פלעגט פּאַרקומען אין שטעטל אַ תנאים, אַ חתונה, אַ ברית, צי גלאַט אַזוי עפּעס אַ שמחהלע, פלעגט אויך דענסטמאָל יואל דער שוסטער קומען אין מיטן אַ מיטוואָך צום טאַטן „אויסבאָרגן" דעם משכון זיינעם . . .

אָבער ווען דער טאַטע האָט זיך דערשפּירט שוואַך און קראַנק, האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו יואל דעם שוסטער:

— ווייסטו וואָס, יואל, נעם שוין בעסער דעם משכון צו זיך אַהיים. זעסט דאָך אַז איך האַלט זיך קוים אויף די פיס. כ'האָב שוין פשוט קיין כוח ניט צו פּילעווען דיין משכון. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך. זאָל בעסער דיין משכון זיין ביי דיר אין שטוב.

פונעם דאָזיקן פאָרשלאַג איז יואל דער שוסטער שטאַרק צעטומלט געוואָרן:

— ס'טייטש, וועלוול, כ'קום דאָך דיר אַזויפיל געלט. ווען כ'נעם צו דעם משכון איז דאָך דעמאָלט אויס וועלט . . .

האָבן זיי זיך געדונגען אַזוי לאַנג ביז דער טאַטע איז איינגעגאַנגען אויף יואל דעם שוסטערס פשרה, אַז ער וועט אים אויסשטעלן אַ וועקסל אויף דעם גאַנצן חוב און אַראָפּ פון מאַרק.

דאָ ווערט דאָס פאָלקסמענטשלעכע אילוסטרירט דורך אַ קאָנקרעטן פאַל אין די באַציאונגען צווישן צוויי יידן, באַציאונגען וואָס רירן דאָס האַרץ מיט

זייער מאָראַלער דערהויבנקייט. אין דער תורה־לופט פונעם יידישן שטעטל לאָזט זיך לייכט דערקענען אינעם דאָזיקן אינצידענט דער אינערלעך־געוואָ־רענעם כוח פונעם פסוק (דברים כ״ד, 12־13): „און אויב ער איז אַן אָרעמאַן זאָלסטו זיך ניט לייגן מיט זיין משכון. אומקערן זאָלסטו אומקערן דעם משכון ווי די זון גייט אונטער, כדי ער זאָל זיך לייגן אין זיין צודעק און דיך בענטשן״.

די הויכע אָפּשאַצונג פונעם פּאָלקסמענטש איז פאַרבונדן מיט אַ רייכן קאָמפּלעקס אייגנשאַפטן. אַן אַנדער אַספּעקט רירט אָן מ. אָשעראָוויטש ווען ער שרייבט (געשיכטעס פון מיין לעבן, 44): „בכלל האָט אברהם זיך מיט קיינעם ניט געשאַפט און וואָס מען האָט געדאַרפט טאָן האָט ער געטאָן אַליין און מען האָט קיינמאָל ניט געהערט אַז ער זאָל זיך פאַר עמעצן אויף עפּעס באַקלאָגן. זיין כלל איז געווען אַז אַ מענטש טאָר ניט האָבן קיין גרויסע אויגן און ער דאַרף זיך באַנוגענען מיט וויפיל גאָט שיקט אים צו. וואָרעם וואָס איז דען רייכקייט? וואָס איז דען געלט? גאָרניט מיט גאָרניט. דער עיקר איז נאָר, זיין אַן ערלעכער ייד און לעבן אַזוי אַז מען זאָל דער גאַנצער וועלט קענען קוקן גלייך אין פּנים אַריין און זיך ניט דאַרפן שעמען דערביי״.

אויף ווי וויט אַ ייד קען זיך דערהויבן צום אידעאַל פונעם פּאָלקסמענטש וואָס מיר טראָגן אין אונדזער דמיון, הענגט נאַטירלעך אָפּ פון זיינע ריין מענטשלעכע אייגנשאַפטן. דאָך איז ריכטיק אונטערצושטרייכן די באַזונדער־קייט פונעם יידישן פּאָלקסמענטש, ווייל די יידישע טראַדיציע און דאָס שטעטלשע יידישע צוזאַמענלעבן האָבן געהאַט אַ ווייטגייענדיקע ווירקונג אויף דער פאַרמירונג פון דער פּערזענלעכקייט.

י. קאָפּעלאָוו ווייזט אָן (אַמאָל איז געווען, 243־244): „יחוס, כבוד, זיין לייטן גלייך, איז געווען דער הייוון און דער טייג פון וועלכן דאָס יידישע לעבן אין מיינע צייטן, אין אונדזער שטאָט, איז געווען געקנאָטן. ביי חתונות, בריתן, אין שול, ביי צדקה־זאַכן, ביי אָפּגעבן אַ ייגגל אין חדר, אַלעמאָל האָט מען געהאַט נאָר איין איינציקע זאַך אין זינען: אויספיינען זיך״. קאָפּעלאָוו האָט דערזען אַ וויכטיקן פאַקטאָר אין סאָציאַלן געשטאַלט פונעם שטעטל: ער האָט אים אָבער אויסגעטייטשט לויטן פאַלשן קוק וואָס איז געווען אָנגע־נומען אין זיין צייט.

וואָרעם אויספיינען זיך איז מחייב אַז דאָס וואָס מען טוט האָט פאַר זיך אַליין קיין שום ווערט ניט. מען טוט עס בלויז כדי זיך אַרויסצושטעלן פאַר לייטן. דאָס איז פונקט ווי מען זאָל זאָגן אַז אַ פרוי טוט זיך אָן לויט דער מאָדע ניט דערפאַר ווייל זי זעט שיינקייט אין דעם, אָדער ווייל זי וויל ניט זיין איזאָלירט, פאַרשטויסן פון מענטשן, אָדער ווייל זי וויל ניט זיין אַראָפּ־געפאַלן ביי זיך אין געזעלשאַפט, נאָר זי מאַכט נאָך ריין מעכאַניש דאָס וואָס אַנדערע טוען ניט זעענדיק אין דעם קיין שום אינערלעכן ווערט און זינען. דאָס איז, ווי מיר פאַרשטייען דאָס היינט אַזוי קלאָר, אַבסורד.

אָבער די מידות און מעשים פונעם פאָלקסמענטש, די וואָס מיר האָבן אין אים אַזוי האַרציק ליב, געהערן ניט צו דער קאַטעגאָריע פון פאַרביי־גייענדיקער, אויבנאויפיקער עסטעטיק, זיי וואָרצלען אין טיפערע שיכטן פון דער נשמה. זיי האָבן דער עיקר צו טאָן מיט העכערע מאָראַלע נאָרמען אין צווישן־מענטשלעכע באַציאונגען, וואָס מיר פילן אין זיי די סאַנקציע פון אַבסאָלוטע, אידעאַלע ווערטן. עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַרן פאָלקס־מענטש זיין תמימותדיקע גלייביקייט אינעם אַבסאָלוטן ווערט און טיפערן זינען פון זיין גייסטיקן אוניווערס: לערנען תורה, יידישקייט, מצוות מעשיות בכלל. עס איז אַ תמימות ניט אינעם זינען פון אַ נאַאיווקייט וואָס האָט נאָך ניט באַוויזן צו דערגרייכן די מדרגה פון פולן שכלדיקן אַנאַליז, נאָר אַ מין פריידיק איבערגעבן זיך אין די אָרעמס פון אַן אַנטפּלעקטער זיכערקייט. דאָס איז גאָר אַן אַנדער ספערע ווי די אין וועלכער עס לעבט דאָס שכלדיקע דענקען.

אַוודאי איז אין אַזעלכע פאַלן פון נאָרמירטן לעבן נייטיק די לופט פון סאָציאַלער הסכמה און סאָציאַלער סטימולירונג. אָבער דאָס טיפּישע אינעם פאָלקסמענטש פאַרמאָגט געוויסע אינערלעכע קראַפט זיך אויפצוהאַלטן גאַנץ לאַנג אַפילו אָן, אָדער קעגן, דעם גאַנג פונעם סאָציאַלן שטראָם. יחזקאל קאָטיק דערציילט (מיינע זכרונות, צווייטער טייל, קאַפּיטל 23), אַז ווען ער איז געפאָרן קיין מאָסקווע האָט ער געמיינט אַז דאָס איז אַ שטאָט פון לויטער „קאַצאַפּעס, און אַ יידל וועל איך מסתמא דאַרפן זוכן ווי אַ נאָדל אין אַ וואָגן היי, אָבער איך קום צו פאָרן אין מאָסקווע, טרעף איך אַקוראַט אויף זאַראַדיע גאַס, ביים טויער, וואוהין איך האָב באַדאַרפט אַריינגיין, שטייט אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען אַ יידל אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַזאַ רחבות פונקט ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן".

ווי עס ווייזט אויס האָט זיין משכילישע איראָניע ניט געקענט לייכט פאַרבייגיין אַ לאַנגע קאַפּאָטע אין סאַמע מאָסקווע, אָבער זיין האַרץ איז אים באַלד ווייך געוואָרן: „באַזונדערס גוט איז אין אָוונט אַריינצוקומען אין בית המדרש זען ווי מען לערנט. עס נעמט אָן אַ תענוג צו קוקן. אין שטאָט הייבן זיך צענדליקער קלויסטערס און דאָ זיצן יידעלעך, לערנען הויך אויפן קול, און דאָס שולעכל זעט אויס פונקט ווי דער קאַמעניצער נייער בית המדרש". יאָ, אויך דאָרט, אין דער פרעמדער, אומפריינדלעכער גויאישער שטאָט האָט דער פאָלקסמענטש געקענט געשטאַלטן זיין לעבן ווי אַ מענטש פון זיין פאָלק, כאָטש מען טאָר ניט פאַרזען דעם פאַקט אַז די קליינע יידישע גרופּעס אין מאָסקווע האָבן דעמאָלט געקענט שעפּן געוויס כוח פון דער בליענ־דיקער יידישקייט אין די שכנישע פּראָווינצן פון וואַנען זיי זענען געקומען, פון אוקראַינע, ליטע און פוילן.

דאָס אַמאָליקע יידישע לעבן האָט געשאַפן, געוועקט און גענערט די

פאָלקסמענטש-פערזענלעכקייט. אַזאַ טיפּ קען זיך בלויז אַנטוויקלען אין אַ וועלט וואו עקאָנאָמישע פּראָצעסן זענען געבויט מער אויף פּערזענלעכער באַרירונג, אויף פּנים-אל-פּנימדיקע באַציאונגען; וואו די מחיצה צווישן פּרי־וואַט און עפנטלעך איז דין און דורכזיכטיק, אַזוי אַז דאָס אינעווייניקסטע לעבן פון יחידים איז ניט פאַרשלאָסן און פאַרהוילן פון זייערע שכנים און היימישקייט איז אַ רעאַלע איבערלעבונג וואָס גיסט צונויף דאָס אינדיווידועלע מיטן סאָציאַלן; וואו די אויטאָריטעט פונעם הערשנדיקן שטייגער — תורה, יידישקייט, מידות טובות און מעשים טובים — טראָגט אין זיך די סאַנקציע פון העכערע, אַבסאָלוטע כוחות; וואו, ניט געקוקט אויף אַלע אומפאַרמייד־לעכע חילוקי דעות, מחלוקתן און שנאה צווישן צדדים, איז פאַראַן אַ פולע הסכמה וועגן דעם אידעאַלן טיפּ וואָס אויף אים „שטייט די וועלט".

דער פאָלקסמענטש קען ניט זיין אַזאַ וואָס שמט מיט זיין לומדות, אָדער וואָס קלינגט מיט זיין עשירות, בכלל אַזאַ וואָס פאַרנעמט אַ ספּעציעלע סאָציאַלע פּאָזיציע. אַזאַ מענטש איז נוטה זיך אַרומצוטראָגן מיטן אויפגעבלאָ־זענעם עגאָ פון די אָפטע שבחים וואָס אַנדערע בלאָזן אין אים אַריין. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס איז דער היפּוך פון אונדזער באַגריף פון אַ פאָלקס־מענטש. אָבער אַפילו דאָס אַליין וואָס דער אדם חשוב ווערט ניט געזען אינעם געמיש פונעם תמימותדיקן, אומפּערזענלעכן עולם שליסט אים אויס פון דער פאָלקסמענטש-קלאַסיפיקאַציע.

סיי ווי, די וועלט וואָס האָט דעם פאָלקסמענטש געגערט איז מער ניטאָ. אויך דאָ, אין אַמעריקע, זע איך אים טיילמאָל, אָבער בלויז ווי אַ געוועזענעם, אָדער ווי אַ פּאָטענציעלן, אונטער געהעריקע תנאים. דאָ קען ער זיין אַ סעקרעטאַר פון אַ ברענטש, אַ פּרעזידענט פון אַ לאַנדסמאַנשאַפט, אָדער אַ טוער פון אַן אָרגאַניזאַציע. אַלע באַדינגונגען פון אַמאָליקן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן לעבן האָבן זיך געביטן און די פאָלקסמענטשלעכע תמימות איז אויסגערונען. היינט וויל ער וואָס אָפּטער זען זיין נאָמען אין דער צייטונג, עס פאַרדריסט אים בלויז ווען דער נאָמען איז געדרוקט אין פּעטיט. ער איז זיך מחיה מיטן טיטל פּרעזידענט, און אויב ער איז בלויז אַ טוער ווייס ער אַז פריער אָדער שפּעטער וועט קומען דער פייערלעכער באַנקעט.

ניט בלויז נעמט ער אַ וואָרט אויף פאַרזאַמלונגען, נאָר גלייך ווי ער פאַרענדיקט וויל ער הערן דעם שכנס מבינות אויף זיין רעדע. דער שכן, אויך אַ געוועזענער, אָדער פּאָטענציעלער, פאָלקסמענטש, ווייסט שוין אַז אין אַזאַ פאַל פאָדערט גרויס-שטאָטישע העפלעכקייט צו געבן אַ סופּערלאַטיוון קאָמפּלימענט: „אייער רעדע איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים".

זיינע קינדער מאַכן אים יעדעס יאָר אַן „עניוואוירסערי פּאַרדי", און זיי באַפּוצן אים מיט פּאַסיקע מתנות ווען עס קומט אָן זיין „בוירט-דעי". די פּערזענלעכע קאַלענדאַרישע אינפאָרמאַציע איז אַ נייס אין זיין לעבן צו

וועלכער ער האָט זיך שנעל צוגעוואוינט. איצט, ווען איר וועקט אים אויף אין מיטן שלאָף וועט ער אייך שנעל זאָגן, און אויף אויסווייניק, די פּינקטלעכע דאַטעס ווען ער איז געבוירן געוואָרן און ווען ער האָט חתונה געהאַט, כאָטש עס איז אַ סברה אַז בנוגע זיין געבוירן־דאַטע איז זי שפּעטער צוגעטראַכט געוואָרן, ווייל ער האָט זי קיינמאָל אַקוראַט ניט געוואוסט.

אין דער אַלטער היים האָט ער געוואוסט מער וועגן דעם יידן אין אַנדערן עק שטאָט ווי ער ווייסט דאָ וועגן זיין שכן וואָס זיצט האַרט לעבן אים אין דער שול וואו ער דאַוונט. דאָס פּריוואַטע איז שטרענג פּריוואַט און דאָס וואָס מען דערלויבט צו ווערן עפנטלעך ווערט דיפּלאָמאַטיש קאָנטראָלירט. דער מאָדערניזירטער פּאָלקסמענטש איז געוואָרן אַן אַנדער מענטש, און דער נייער מענטש איז שוין ניט קיין שמח בחלקו. ער איז שוין געוואוינט געוואָרן צו קריגן דעם געהעריקן פּראָצענט אויף זיין אינוועסטיציע, אין זיינע גייס־טיקע און געזעלשאַפטלעכע עסקים, פּונקט ווי אין עקאָנאָמישן מקח וממכר.

אַמאָל, אַמאָל, איז זיין קרייז געווען קליין, אָבער ער איז באַשטאַנען פון נאָענטע און אייגענע. וואָס עס טוט זיך אין ווייטע שטעט און לענדער, פון דעם האָט ער געהאַט בלאַסע ידיעות. אין יענע מקומות האָט ער זעלטן עמעצן געקענט, און נאָך ווייניקער האָבן אים געקענט. אָבער איצט געפינט ער יעדן טאָג אין זיין בריוו־קעסטל אַ רייכע קאָרעספּאָנדענץ. גרויסע געשעפטן בעטן אים צו זיין זייער קונה, צדקה־חברות מארבע פּינות העולם מאָנען נדבות. אומעטום, פון ווייט און ווייטער, ווייס מען זיין נאָמען און אַדרעס. מען רעדט צו אים, מען בעט, מען מאָנט, אָבער על פּי רוב דורך געדרוקטע פּאַפּירלעך. אַפילו די נייס פון דער וועלט האָט ער אַמאָל געהערט אין בית־מדרש, אויפן מאַרק, אַלץ פון לעבעדיקע מענטשן מיט פּנימער וואָס רייסן מיט און שטעקן אָן. היינט נעמט ער זיינע וועלט־ידיעות פון אַ געדרוקט שטיק פּאַפּיר, פון אַ שטומער צייטונג.

אַמאָל זענען פּנחס רפאל משהס און יאַנקל חיים יצחקס געגאַנגען צו־זאַמען אין חדר. זייערע טאַטעס זענען ביידע געווען פּאָלקסמענטשן און אַליין איז זיי, ווייזט אויס, אויך באַשערט געווען אַן ענלעכע קאַריערע. היינט, ווען זיי באַגעגענען זיך אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס, שמייכלט איינער: „גוט מאָרגן, פּאָל", און דער צווייטער ענטפערט: „גוט מאָרגן דזשעק". די וועלט פון פּאָל און דזשעק האָט זיי געטריבן צו אַן אַנדער תכלית. פון דער אַמאָלי־קער באַשערטער קאַריערע, פּונקט ווי פון זייערע אַמאָליקע נעמען, איז ווייניק וואָס געבליבן. נאָך מער, זייערע אַמאָליקע נעמען זענען געווען פאַר־בונדן מיט די נעמען פון זייערע טאַטעס. היינט האַלטן זיי זיך אויף זיך אַליין — אין גאַנצן אַן אַנדער דרך.

אַמאָל איז געווען אַ פּאָלקסמענטש און ער איז מער ניטאָ. וואָלט בכלל מעגלעך געווען אַז אַזאַ טיפּ זאָל זיך ווידער באַווייזן וואָלטן זיינע אייגנשאַפטן

מער קיין מעלות ניט געווען. די וועלט פון יחידישן אויפשטייג, ענערגיע, דינאַמישקייט און אַמביציע, האָט פאַר אים קיין מקום מנוחה ניט געלאָזן.

לאָמיר זיך דערמאָנען אינעם סוף פונעם דערמאָנטן אינצידענט וועגן וועלכן עס דערציילט דניאל טשאַרני. עס איז אָנגענומען געוואָרן יואל דעם שוסטערס פשרה: „אַז ער וועט אים אויסשטעלן אַ וועקסל אויף דעם גאַנצן חוב און אַראָפּ פון מאַרק". אין אַ טיפערן זינען איז דאָס אָבער קיין פשרה ניט. עס איז אַן אַריבערגאַנג פון איין וועלט אין אַן אַנדערער. אין דער וועלט פון וועקסלען איז פשוט ניטאָ מער אַזאַ געלעגנהייט ווי די וואָס דער משכון האָט געגעבן. ממילא איז דער „אַראָפּ פון מאַרק" אַ סך מער ווי דער סוף פון אַן איבעררייד צווישן צוויי יידן. דערמיט הויבט זיך אָן דער פּראָצעס וואָס פירט דערצו אַז דער פאָלקסמענטש גופא זאָל אַראָפּ פון מאַרק.

(1952)

# אויף קבר אבות

בין איך אַזוי געזעסן אין בין־השמשותדיקע מינוטן, האַלב־דרימלענדיק, האַלב־וואַכיק, רק זיך געריסן אַרומצונעמען די וועלט מיט זיכערע געדאַנקען־פּעדעם, און באַמערקט אַז די פּעדעם ווערן אַלץ דינער און צעקריכן זיך, וואָס לענגער מען ציט זיי אויס. אָבער דאָך, בעוונותינו הרבים, דער יצר הרע איז גרויס און די אינטעלעקטועלע תאווה לאָזט ניט רוען. פּלוצלונג הייבט אָן רעגענען אין מוח מיט פֿרעג־צייכנס פֿון אַלע זייטן: פֿון וואַנען? וואוהין? פֿאַרוואָס? וויאַזוי? ממש עס הייבט אָן שווינדלען פֿאַר די האַלב־דרימלענדיקע און האַלב־וואַכיקע אויגן.

פֿון דעם אַלעם שיילט זיך אַרויס עפּעס וואָס איז מער באַשטימט, ניט קיין בילד, נאָר אַ קול, אַן אַלטס, אַן אָפּגעטראָגנס, ווי אַ בעטלער אין צעריסענע בגדים, און מאָנט אַן ענטפֿער אויף דער אַלט־און־גראָ געוואָרענער קשיה וועגן דעם וואָס איז צייטלעך און דעם וואָס איז אייביק. פֿון וואַנען ווייס מען וואָס עס איז באַשטימט אויף היינט־מאָרגן־איבערמאָרגן און וואָס עס איז באַשערט אַז עס זאָל זיך ציען עד סוף כל הדורות מיט אַן עודף? בסך הכל זענען מיר דאָך אַליין צייט־געשטראָפּטע באַשעפֿענישן; אַפֿילו אין פֿאַנטאַסטישע ווינטשעוואַניעס וואָגן מיר ניט אַריבערצוגיין די גרענעץ פֿון הונדערט־צוואַנציק יאָר. היינט ווי קען אַזאַ באַשעפֿעניש זיך אונטערנעמען צו פּסקענען וועגן אייביק?

איז מילא, וועגן אייביק איז טאַקע דער ענין ניט אַזוי פּשוט. וועגן דעם דאַרף מען זיך אַ היפּש ביסל מפֿלפּל זיין, און בין־השמשותדיקע מינוטן זענען גיכער פּאַסיק פֿאַר מעדיטאַציע איידער פּילפּול. אַחוץ דעם, היינטיקע צייטן זענען אַזעלכע פּראַקטישע, ערדישע, ממשותדיקע, מען קען זאָגן, עכט־זשורנאַליסטישע צייטן, איז אפשר גלייכער צו לאָזן דאָס אייביקע לעתיד לבוא און זיך דערווייל חברן מיט דער פּראָסטאָקישער צייטלעכקייט.

אָבער איידער מיר פֿאַרנעמען זיך מיט דעם, שטייט אונדז ווי אַ ביין אין האַלדז די פֿריער־דערמאָנטע קשיה: וואָסערע סימנים האָבן מיר אַז קוקנדיק פֿון דרויסן זאָלן מיר קענען זאָגן מיט זיכערקייט צי עס איז בלויז צייטווייליק, צי עס איז אייביק? נעמט, למשל, די אימהדיקסטע קללה פֿון איצטיקן יאָרהונדערט, פּאָליטישע דיקטאַטור. מיר אַלע האַלטן אַז דאָס איז אַ צייטווייליקע טראַגעדיע. מיר זאָגן דאָס אי ווי אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג, אי ווי אַ טרייסט. אָבער די וואָס זענען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אינעם דיקטאַטאָרישן מין מענטש האַנדלען אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען אונדזער ענדגילטיקער גורל. קיינער קען ניט אָנווייזן קיין זיכערע צייכנס לויט וועלכע מען זאָל מיט פֿולן צוטרוי קענען פּסקענען אַהין אָדער אַהער.

דאָך פאַלט מיר איין אַז אין טייל זאַכן, כאָטש ווייט, ווייט ניט אין אַלע, האָבן מיר פאַרט דעם אָביעקטיוון כוח צו באַשטימען וועגן זייער צייטווייליקייט, לאַנג־דויעריקייט, אָדער אייביקייט. לאָמיר קוקן אויף אַ ווײַלע צוריק און באַטראַכטן די קאַריערע פון אויפרודערנדיקע פּראָבלעמען וואָס האָבן מיט זייער געשפּאַנטקייט צעטרייסלט דאָס קליינע וועלטל אונדזערס. לאָמיר זיך איצט אַרומקוקן און זען וואָס פון זיי איז געוואָרן. פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן אין זייער צייט ממש מרעיש עולם געווען און איצט איז פון זיי קיין הויך ניט פאַרבליבן. טייל זענען אויסגעגאַנגען אין שרעקלעכער אינטעלעקטועלער אָרעמקייט, אַנדערע זענען איינגעשלאָפן אין מיתת נשיקה. געוועזן, געלעבט אַ רוישיק לעבן, און — ברוך דין אמת.

איצט, ווען מיר טראַכטן אויף צוריק, קען מען דאָך זיכער זאָגן וועגן די דאָזיקע מתים אַז זייער לעבן איז געווען אַ צייטווייליקס. אָבער ווי אַנדערש עס האָט זיך געפילט אין יענע יאָרן ווען זיי האָבן מיט אַזאַ פולבלוטיקער לעבנס־ענערגיע פאַרנומען די פּלאַטפאָרם פון דער עפנטלעכקייט. איז דערייבער גוט אַמאָל צו גיין אויף קבר אָבות. אין אונדזער פאַל קענען מיר אַ סך לערנען דערפון. מיר וועלן פאַרבייגיין די פאַרשיידענע קברים, איבערלייענען די יחוס־בריוו אונטער די פ״נס, און זיך דערמאָנען אָן די יאָרן ווען די דאָזיקע נפטרים האָבן אונדז געבענטשט מיט זייער ליידנשאַפטלעכער רוישיקייט; ווען זיי האָבן אַזוי נאַאיוו געגלויבט אַז אַנדערש ווי דער גורל פון אַ בשר ודם איז זייער גורל. אַ מענטש, היינט איז ער דאָ, מאָרגן אין קבר; אָבער שטרעבונגען, פּלענער, אידייען, זיי ראַנגלען זיך אָדער האַלטן אָפּ נצחונות, סתם טויט האָט אויף זיי קיין שליטה ניט.

אַז מען גייט אויף קבר אָבות זעט מען ווי נאַאיוו, ווי אָפּנאַרעריש אַזעלכע איינרעדענישן זענען. כדי דאָס קלאָרער צו באַנעמען וועלן מיר ניט פאַרקריכן צו ווייט אין אַלטן בית־עולם וואו עס ליגן בשלום על משכבם אידייען און פּלענער פון אַ סך צענדליקער, אַפילו הונדערטער יאָרן. אַז מען זעט וואָס עס איז פאָרגעקומען זינט נעכטן־אייערנעכטן, זאָגן מיר, אין די לעצטע 15־20 יאָר, איז אַלץ פרישער אין זכרון און דער דמיון קען פאָרשטעלן די געשטאָרבענע פיגורן אין זייער פולער לעבנס־גרויס.

אָט קוק איך אַריין אין וואָכנבלאַט יידיש, פון 27טן מאַי, 1932. ד״ר זשיטלאָווסקי האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע „בריוו וועגן יידישער ערד־אַרבעט״, דאָס איז אַן אַלטע, איינגעגעסענע טעמע אין מאָדערנער יידישער געשיכטע. זשיטלאָווסקי האָט זיך קיינמאָל ניט געקענט באַפרייען פון איר רייץ, איז וואָס זשע זאָגט ער וועגן דעם ערשט מיט 20 יאָר צוריק? אָט וואָס: „עס איז מיין פעסטעסטע איבערצייגונג אַז וועגן דער געוואונטשנקייט פון אַ יידישן אַגראַר־שטאַנד דאָ אין לאַנד וועלן מיר מיט דעם פאָלק זיך ניט דאַרפן אַסך דינגען. דינגען זיך וועט מען זיך דאַרפן — און ניט נאָר

דינגען זיך נאָר אויך ביטער קעמפן — מיט די אידדייאישע מינאָריטעטן (אונטערגעשטראָכן פון זשיטלאָווסקין), וואָס געוועלטיקן איבער אונדזער עפנטלעכן געדאַנק". דאָס יידישע פאָלק אין אַמעריקע האַלט, הייסט עס, זייער שטאַרק פון פאַרמערײַ. עס איז בלויז פאַראַן אַן אידדייאישע מינאָריטעט — און למען השם, פאַרגעסט ניט, אַז דער טראָפּ ליגט אויף מינאָריטעט — וואָס געוועלטיקט איבערן עפנטלעכן יידישן געדאַנק און איז קעגן ערד־אַרבעט ביי יידן. דאָס איז געווען אין 1932, אין יאָר פון אַ גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן מיט דריי יאָר פריער. די צעטרייסלונג פון דער עקאָנאָמישער באַלעבאַטישקייט פון לאַנד האָט געפירט דערצו אַז אַסך יידן האָבן געדאַרפט בייטן זייערע פרנסות, וואָס זשיטלאָווסקי רופט אָן „דעקלאַסירונג". אָט וועגן דעם נעמט ער זיך אונטער צו באַווייזן: „אַז גאָר אַ גרויסער טייל פון די דעקלאַסירטע וועט מוזן אָנהייבן וועלן זיך ,איבערשיכטן' אין דער ליניע פון די אַגראַרישע פראָפעסיעס".

איך בלייבט שטיין פאַרן דאַזיקן פ"ב ממש אַ געפּלעפטער. עס איז פשוט אומגלויבלעך צו טראַכטן אַז דאָס האָט געקענט געזאָגט ווערן ערשט מיט 20 יאָר צוריק, אין אַמעריקע, און דווקא אין נאָמען פונעם רוב פון יידישן פאָלק. דאָך, עס האָט זיך אַ שיין ביסל געררודערט אַרום דעם דאַזיקן ענין. מיליאָנען רייד אויף פּלאַטפאָרמעס, אין דרוק, פּאָלעמיק, געפּעכטן, און אָט — גע־שטאָרבן. ווער רעדט היינט וועגן דעם? ווער דערמאָנט דאָס? עס איז כמעט ניטאָ קיין פּאַסיקע געלעגנהייט אַז עס זאָל אַרויסשווימען אין זכרון.

וועט מען אפשר טענהן אַז ערד־אַרבעט ביי יידן, דאָס איז אַ צו אַלטע טעמע, געבוירן געוואָרן אין אונדזער מאַטעריעלער און גייסטיקער לאַגע אויף יענער זייט ים. און כאָטש איינער פון אירע טעאָרעטיקער, זשיטלאָווסקי, האָט נאָך גערעדט וועגן איר ווי עפּעס לעבעדיקס אין 1932, איז זי אָבער שוין לאַנג געווען טויט, איז בכלל ניט געווען קיין מאַסן־פאַרכאַפּנדיקע אידייע אין גלות, ווי אַ נאַציאָנאַלע פילאָסאָפיע, סיידן אין די מוחות פון אַ הייפל אינטעליגענטן. די אידייע פון ערד־אַרבעט איז באמת געוואָרן אַ מיטרייסנ־דיקע באַוועגונג ערשט דעמאָלט ווען זי איז געוואָרן פאַרבונדן מיט אַ גרויסן, אַרומנעמענדיקן נאַציאָנאַלן אידעאַל — ציוניזם, טעריטאָריאַליזם — אָבער ניט אָפּגעריסן אין זיך אַליין, בלויז ווי אַ טעאָריע אַז „אין דער סאָכע ליגט מזל־ברכה".

אַסך אינטערעסאַנטער איז צו באַזוכן קברים פון גאָר אַן אַנדער מין וואָס האָבן זיך געמערט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר. געווען אַמאָל לאָזונגען, פּראָבלעמען, וויכוחים אַרום וועלכע מען האָט זיך געהאַמפּערט ביזן ווייסן טאָג אַריין; געווען און פאַרשוואונדן. גייענדיק אַזוי אויף קבר אָבות אין יענעם ווינקל פון בית עולם באַמערק איך אַ מצבה מיט דער אויפשריפט: „פ"ב — פּאַרטייאיש־אומפּאַרטייאיש". די דאָזיקע מחלוקה איז אויפגעקומען

דער עיקר אין דער צייט ווען אונדזערע וועלטלעכע שולן האָבן זיך פֿאַר־צווייגט אין פֿאַרשיידענע דרכים לויט די פּאַרטייען און ריכטונגען פֿון די וואָס האָבן זיי געבויט. דאָס האָט געפֿירט צו אַן אַלגעמיינער שקלא וטריא וועגן פּאַרטייאישקייט און אומפּאַרטייאישקייט. מאַמעלעך מיינע, וואָס דער־מיט האָט זיך אָפּגעטאָן אין יענע יאָרן. עס איז געווען אין בית אשר אין שם דיסקוסיע צי אַ מענטש קען זיין אומפּאַרטייאיש אָדער נישט. איין צד האָט געטענהט אַז אַזוי ווי יעדער מענטש האָט געפֿילן, שטעלונגען, איבער־צייגונגען, מוז דאָס באַפֿאַרבן די מיינונגען און באַציאונגען פֿאַר וועלכע ער שטעלט זיך איין. הייסט עס דאָך אַז יעדער מענטש מוז בעל כרחו זיין פּאַר־טייאיש. דער צווייטער צד האָט זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות צו באַווייזן אַז עס ווענדט זיך ווען, ווער, וואָס, וועמען.

די וויכוחים האָבן אָפּט אָנגענומען לעכערלעכע פֿאָרמען. עס האָט דער־מאָנט דער יינגלשער לאָגיק, אַז אַלץ נעמט זיך פֿון עגאָאיזם. דער שכל דערפֿון איז דאָך אַזאַ באַשיינפּערלעכער אַז מען קען אים ממש מיט די הענט אָנטאַפּן. דער וואָס גיט אַן אָרעמאַן אַ נדבה טוט עס דאָך ווייל דאָס באַ־פֿרידיקט אים, ד״ה, עגאָאיזם. דאָס זעלביקע קען מען זאָגן וועגן דעם וואָס דערהרגעט דעם אייגענעם טאַטן — עגאָאיזם. לערנען מיר דערפֿון אַז רחמנות אויף אַן אביון און הרגענען אַ טאַטן זענען היינו הך. בנוגע פּאַרטייאיש־אומפּאַרטייאיש איז אויסגעקומען אַן ענלעכע לאַגע. אַזוי ווי קיין געטלעך־אָביעקטיווער אמת איז ניט בנמצא צווישן מענטשן פֿירט דאָס שוין בויט־זוענדיק צו דער מסקנא אַז, למשל, פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער צייט פֿון וואַלן און וויסנשאַפֿטלעכער אַנאַליז בשעת אַן אַנטראָפּאָלאָגישער עקספּע־דיציע שטייעןביידע אויף איין ברעט — פּאַרטייאיש.

אָבער ניט געקוקט אויף דער לייכט-לופֿטיקייט פֿון די אויפֿגעבלאָזענע אַרגומענטאַציעס האָט זיך אַרום דעם דאָזיקן ענין געררוישט און געטומלט היפּשע עטלעכע יאָר. העלדזער זענען הייזעריק געוואָרן, פֿלעשער טינט זענען אויסגעליידיקט געוואָרן, און צעהיצטע געמיטער האָבן געשפּריצט מיט פֿלאַמיקער טעמפּעראַטור ביז צום פֿאַרשרפֿהט ווערן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. טאַקע געלעבט עטלעכע יאָר, אָבער פֿאַרט ניט מער ווי אַ חיי־שעה. איצט דאַרף מען רייצן דעם זכרון זיך צו דערמאָנען אַז עס האָט אַמאָל מיט פֿולבלוטיקער ענערגיע געלעבט צווישן אונדז אַ פּאַרטייאיש־אומ־פּאַרטייאיש.

אָט שטייען מיר שוין ביי אַן אַנדער קבר: „פּ״ג — פּראָלעטאַרישע קולטור״. שווער צו פֿאַרגעסן די צייט ווען דער דאָזיקער בר־מינן איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ און געהאַלטן אין בויען פֿאַר זיך אַן אייביקע דירה אויף אונדזער גייסטיקער ערד. דער דאָזיקער תכשיט איז, ווי מיר ווייסן, געבוירן געוואָרן אין דער צייט פֿון דער לינקער מגפֿה,

און זיין מאַמע איז אַ טעאָריע וואָס פאַרדינט אונדזער פולסטע אויפמערק־זאַמקייט.

פאַרשיידענע פירושים אויף מאַרקסיזם האָבן פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע. מאַרקס, ווי מיר ווייסן, איז געווען אַ פילאָסאָף, אַן עקאָנאָמיסט, און זיין כוונה איז געווען אויסצוגעפינען די געזעצן פון סאָציאַלער אַנטוויקלונג. האָט ער אָפּערירט מיט אַבסטראַקציעס וואו קיין מענטשן זעען זיך כמעט ניט אַרויס. עס עקזיסטירן כוחות, באַציאונגען, פּראָדוקציע, געשיכטע, געזעצן, קלאַסן, קלאַסן־קאַמף אאַז״וו, דער מענטש, דער קאָנקרעטער בשר ודם, איז בלויז אַן אָפּשפּיגלונג פון די אַלע אַבסטראַקציעס. יעדער מענטש געהערט צו אַ סאָציאַלן קלאַס מוז ער דאָס ממילא אָפּשפּיגלען אין דעם וואָס ער טוט און טראַכט. מיר האָבן דאָך אַ קימא לן אַז „דאָס זיין באַשטימט דאָס באַוואוסטזיין״, און דאָס זיין טראָגט דורכויס אַ קלאַס־כאַראַקטער. דאַרף מען זיך צוקוקן צו דעם וואָס מענטשן טוען און טראַכטן כדי צו דערשנאַפּן ווי אַזוי דער קלאַס רעדט פון זיי אַרויס. דאָס קען שוין אָבער ניט זיין די אויפגאַבע פונעם פילאָסאָף־עקאָנאָמיסט, אויף דעם דאַרף שוין אַרבעטן דער פּסיכאָלאָג.

מיט אַ סך יאָרן צוריק (1930) האָט ק. נ. קאָרנילאָוו, פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, דערציילט דער פּסיכאָלאָגישער וועלט וואָס און ווי אַזוי עס ווערט געטאָן די אַרבעט אין סאָוויעטן פאַרבאַנד. שרייבנדיק וועגן „פּסיכאָלאָגיע אין ליכט פון דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם״, זאָגט ער אַזוי: „דעריבער נעמען מיר אָן אַז איינע פון די עיקר צווייגן אין פּסיכאָלאָגיע דאַרף זיין קלאַס־פּסיכאָלאָגיע. דער ציל דאַרף זיין צו שטודירן די האַנדלונגען פון באַשטימטע סאָציאַלע גרופּעס אין שייכות צו דער פּאָזיציע וואָס זיי פאַרנעמען אין דער פּראָדוקציע סיסטעם. צוליב דעם . . . גיבן מיר אָפּ דעם ערשטן פּלאַץ צום סאָציאַלן זכרון פון די טעסטירטע מענטשן, וואָרעם מיר האַלטן אַז עס איז ניטאָ און קען ניט זיין קיין אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע אָפּגעזונדערט פון קלאַס־פּסיכאָלאָגיע״.

מילא, איז אַוועקגעגאַנגען אַ סדרה פון זוכן דעם „קלאַס״ אינעם מענטשן. סוף כל סוף, דאָרט וואו מען פאַרלאָזט זיך ניט אין גאַנצן אויף דער אַנטפּלעקונג פון מאַרקס־סיני נאָר מען אַרבעט מיט טעסטן, דאַרף מען הערן וואָס די טעסטן האָבן צו זאָגן. האָט מען טעסטירט און געזוכט, און דערווייל, אויף ווי ווייט דער סוד איז צו אונדז דערגאַנגען, קען מען שוין זיכער זאָגן אַז הילד איננו, דעם מענטשן זעט מען טאַקע אָבער דער קלאַס אין אים לאָזט זיך לייכט ניט כאַפּן.

נאָר פּליסיקע רעדנער און פּלינקע שרייבער האָבן קיין צייט ניט. פאַר זיי איז גענוג אַז דער שכל איז מחייב, און וועגן די פאַקטן וועט שוין זאָרגן דער וואָס די־העגט־ניט־געוואַשן. איז געוואָרן אַ בהלה פּראָלעטאַרישע קול־

טור, מיט געשרייען עד לב־השמים. דער אַרגומענט איז דאָך אַזוי פּשוט, אַז אַפילו אַ קינד קען פאַרשטיין. וואָרעם יעדער מענטש איז דאָך קלאַס. אַז אַ מענטש שאַפט הייסט עס דאָך, אַז קלאַס שאַפט, ממילא, אויב קלאַס שאַפט מוז דאָך אין יעדן שאַפן זיין קלאַס. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן דאָך עטלעכע קלאַסן, זענען דעריבער פאַראַן עטלעכע קולטורן פון וועלכע יעדער מענטש־קלאַס קלייבט זיך אויס דאָס וואָס אים איז נעענטער. פון דעם איז דאָך לייכט געדרונגען אַז די שאַפנדיקע פּערזענלעכקייטן וואָס אידענטיפיצירן זיך מיטן „קלאַס פון דער צוקונפט”, מיטן פּראָלעטאַריאַט, שאַפן אַן אייגנ־אַרטיקן גייסטיקן פּראָדוקט, פּראָלעטאַרישע קולטור.

די קולות פון פּראָלעטאַרישער קולטור האָבן געדונערט ניט בלויז אין יידישע גרענעצן. עס איז געווען אַ וועלט־געדונער. שרייבער האָבן געשריבן, רעדנער האָבן גערעדט, זינגער האָבן געזונגען, מאָלער האָבן געמאָלן, אַלע אין נאָמען פון פּראָלעטאַרישער קולטור. פון אַלע עקן מזרח און מערב האָט אָפּגעהילכט די זעלביקע מעלאָדיע. ערלעכע לייט האָבן זיך געריסן די גאָרגלען אין פּלאָמיקע וויכוחים און ניט געוואָרפן דעם מינדסטן חשד אַז דאָס האָט אפשר וואָכיקע פּאָליטישע פּראָפּאַגאַנדע זיך פאַרשטעלט אין די זיידענע קליידער פון יום־טובדיקער טעאָריע.

מילא, וואָס געווען איז געווען. ווען מיר שפּאַצירן היינט איבער די גאַסן פון דער וועלט און עס ווייזט זיך ניט קיין שאָטן, קיין סימן, קיין שפּור, קיין צייכן, פונעם גאַנצן אַמאָליקן אינטעלעקטועלן טאַראַראַם, באַ־פאַלט אונדז אַ פילאָסאָפישער אומעט. אַזוי גרויס געלעבט און אַזוי קליין געשטאָרבן. ווייזט אויס, אַז ניט ביי מענטשן אַליין זענען קורץ די טעג פון לעבן. „פּ״נ — פּראָלעטאַרישע קולטור”.

האַלטן מיר נאָך אַלץ ביי קבר אָבות. גיי איך מיר אַזוי און זוך אַ קבר און אַ מצבה און קען זיי ניט געפינען. געווען זיכער אַז ערגעץ דאָ אויפן בית עולם וועט זיך מיר וואַרפן אין די אויגן אַן אויפשריפט: „פּ״נ — אַנטי־ציוניזם”; געווען זיכער אין דעם, אָבער ניטאָ. קומט אויס אַז עס לעבט נאָך? ווי קען דאָס זיין?

פון „קדמונים” ווייסן מיר, אַז ציוניזם באַטייט די שטרעבונג צו שאַפן אַן אייגן לאַנד פאַר יידן אין ארץ־ישראל. בלויז אין דעם איז דער ציוניזם געווען אַן אָרגאַניזירטע, געזעלשאַפטלעכע איינס. בנוגע אַלע אַנדערע פּונקטן איז ניטאָ קיין ציוניסטישע פּאַרטיי נאָר פּאַרטייען, און פריי־דענקענדיקע יחידים מיט אייגענע טעאָריעס און אָפּשאַצונגען. דאָס זעלביקע איז תמיד געווען אמת אין שייכות צו אַנטי־ציוניזם. עס איז געווען די קעגנערשאַפט צום געדאַנק פון אַ יידישער מלוכה. פאַרשטייט זיך אַז דערמיט גייען אויך פאַרשיידענע אָנהענגערישע און קעגנערישע געדאַנקען און פילאָסאָפיעס פון יידישקייט און יידישער געשיכטע. אָבער דאָס זענען אַלץ די פּרפּראות

לחכמה וואָס זענען טאַקע זייער וויכטיק. נאָר אין די דאָזיקע זאַכן איז קיינמאָל ניט געווען און איז איצט ניטאָ קיין ציוניסטישע „גלייכשאַלטונג“. ציוניזם, אין דעם זינען, קען מיינען באָראָכאָוו אָדער אחד העם, מאַגנעס אָדער מנחם בייגין, מאַרטין בובער אָדער משה סנה, בן־גוריון אָדער יצחק מאיר לעווין. בנוגע איצטיקע לויפיקע פּראָבלעמען אין מדינת ישראל גופא און אין איר שייכות צום יידישן חוץ לארץ איז כמעט ניטאָ קיין איינע צו וועלכער עס איז פאַראַן אַן אייגהייטלעכע שטעלונג צווישן ציוניסטן.

בקיצור, איצט איז ציוניזם, אין תוכיקן זינען פון דער אידייע, רעאַליזירט. די אויפגעשוואומענע פּראָבלעמען פון דער מדינה זענען געוואַלדיקע, אָבער אין גאַנצן פון אַן אַנדער מין ווי די וואָס מיר האָבן אין די „פּאַר־היסטאָרישע“ צייטן פאַרבונדן מיט דער אידייע. עס וואָלט גאָרניט געווען קיין קרומער געדאַנק אַז ציוניסטן זאָלן איצט פיגורירן אונטער אַ נייער פירמע וואָס זאָל בולטער אויסדריקן די נייע, פאַרצווייגטע אויפגאַבעס פון דער היסטאָריש־געביטענער לאַגע. מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז עס וועט נאָך קומען צו דעם. אָבער דער אַלטער נאָמען האָט אַזעלכע ריזיקע פאַרדינסטן און איז אַזוי טיף איינגעוואָרצלט אין פאָלק, אַז עס איז נאָך צו פרי צו פאַרלאַנגען אַזאַ אָפּעראַציע.

אָבער צו פיגורירן אונטער אַנטי־ציוניזם איז איצט הוילער אומזין, פון אַ רעאַליסטישן שטאַנדפּונקט איז עס פּונקט ווי פירן אַ מלחמה קעגן ראש חודש. מאָראַליש איז דאָס אַ סך ערגער. געווען אַמאָל יידישע וואָרט־פירער וואָס האָבן מיט ערלעכע, אַפילו אידעאַלע כוונות געטריבן אונדזער אָריענטאַציע אין דער ריכטונג פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. דער טראַגישער סוף דערפון האָט אויף זיך לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן. ניט קיין קליינער אומגליק שטעקט אין דער באַמיאונג פון די וואָס ווילן אָפּרייסן אונדזער אָריענטאַציע פון מדינת ישראל אונטערן צודעק פון אַ פאַראַיאָריקן שניי — אַנטי־ציוניזם.

אַוודאי קען מען האָבן טענות צו געוויסע אַקטן פון יחידים אָדער ציוניסטישע קערפערשאַפטן סיי אין ישראל, סיי אין גלות, פּונקט ווי מען קען האָבן אַ גוט וואָרט אַמאָל אויך. עס דאַרף אָבער געטאָן ווערן אין גייסט פון אַ לאָקאַלן אָפּרוף אויף אַ לאָקאַלן מאָמענט, ניט פון אַן אַלטער אויפּ־געהאַלטענער אָפּאָזיציע צו „די ציוניסטן“. מען דאַרף זיין בלינד ניט צו זען דעם נייעם פאַקטאָר אין דער מאָרגנדיקער יידישער געשיכטע. אונדזער לעבן ווי אַ פאָלק וועט באַשטיין ניט בלויז אין דעם וואָס יעדער ישוב וועט שאַפן פאַר זיך נאָר אויך אין די שייכותן צווישן ישראל און די איבעריקע ישובים. איך שטעל מיר פאָר אַז די איינפלוסן וועלן ניט זיין אַזוי איינזייטיק, פון ישראל צום גלות, ווי אחד העם האָט געמיינט, נאָר עס וועט זיין אַ צוויי־וועגיקער פּראָצעס. די גרינטלעך־פאַרשיידענע לעבנס־תנאים אין ישראל און אין גלות וועלן דורך זייערע באַציאונגען זיין מסוגל צו סטימולירן אַנדערע

מינים יידישע ווערטן פוןביידע זייטן, און ממילא פירן צו איינפלוסן פון ביידע אויף ביידע.

אָבער, ווי געזאָגט, איך בין געגאַנגען אויף קבר־אָבות און זיך געריכט צו געפינען אַ מצבה מיט „פ״נ — אַנטי־ציוניזם״, נאָר ווי עס זעט אויס איז דער מת נאָך ניט געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל. דאָס באַווייזט ווי מוראדיק ניט־גלאַטיק עס איז דאָס מענטשלעכע לעבן. אין דער זוכעניש צו באַשטימען וואָס עס איז צייטווייליק און וואָס ניט, איז דאָך דאָ געווען אַ זיכערע געלעגנהייט צו דערזען די בולטסטע סימנים פון צייטווייליקייט, און דאָך . . .

לערנען מיר דערפון אַז אין מענטשלעכן לעבן איז ניט שייך צו זאָגן פעסטע געזעצן, און דער מאָרגן וואָס מען זעט אים נעכטן זעט אויס אין גאַנצן אַנדערש ווי דער מאָרגנדיקער מאָרגן. אונדזער לעבן איז פול מיט רעטענישן און פּאַראַדאָקסן. און אויב מען וועט אייך זאָגן אַז עס קען זיין אַזאַ זאַך ווי אַ טויט וואָס וויל ניט שטאַרבן, זאָלט איר גלויבן.

(1953)

# גרויסע קליינ'קייטן

דער צדיק ר' לייב שרה'ס איז אפשר געו־עכט געוועזן ווען ער האָט געזאָגט: „איך בין ניט געפאָרן צום רבין ר' בער, דעם מעזריטשער מגיד, צו לערנען פון אים תורה נאָר צו זען ווי אַזוי ער פאַרבינדט זיך די שיך". ער איז אפשר געוועזן גערעכט ווען מיר מאַכן דעם געהעריקן פירוש אויפן אַרויסגעזאָגטן וואָרט.

ער האָט געקענט מיינען אַז דער עיקר אין לעבן איז ניט וואָס מען זאָגט נאָר וואָס מען טוט. אויב ער האָט טאַקע דאָס אין זינען געהאַט וואָלט מען געקענט זאָגן: לאו דווקא. עס געוועגדט זיך ווען און וואָס. מעשים זענען טאַקע זייער וויכטיק אָבער רייד קען מען אויך ניט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. ער האָט אויך געקענט מיינען אַז אַ מענטשנס מדרגה דערקענט מען גיכער אין די טאָג־טעגלעכע קליינ'קייטן איידער אין זיינע מוח־שפּאַלטערישע המצאות. אין דעם איז שוין פאַראַן אַן אמת וואָס איז נעענטער צו דער פּראַקטיק פון געוויינטלעכן לעבן.

ער האָט אויך אָבער געקענט מיינען אַ דריטע זאַך וואָס זעט מיר אויס צו זיין טיפער און טרעפלעכער. ער האָט געקענט וועלן זאָגן אַז ווי וויכטיק עס זאָל ניט זיין דאָס וואָס אַ מענטש ציט אַרויס פון זיין אייגענעם פרעזענ־לעכן קוואַל, איז ניט ווינציקער נייטיק, כדי מען זאָל אים באמת און גרינטלעך דערקענען, צו זען וואָסערע מאַטעריאַלן פון ירושה און סביבה ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיך. עס איז אויך וויכטיק צו וויסן אין וואָסער אַריינגע־דרונגענער ירושה־ספערע אַ מענטש לעבט בכלל.

דער אופן פון פאַרבינדן די שיך, פונקט ווי הלבשה אָדער דיעטע, דאָס געהערט ניט בדרך כלל צו די אוצרות פון פערזענלעכן אויפטו. דאָס נעמען מיר פון דור־דורות און פון אַרומיקן לעבן, וואָס ביידע שטעלן מיט זיך פאַר דער קאָמבינירטער יש פון דער געזעלשאַפטלעכער לופט וואָס מיר אָטעמען. דער פאַרגלייך מיט לופט ווערט בכיוונדיק געגעבן. פונקט ווי לופט, וואָס אָן דעם קען אַ מענטש בכלל ניט אויסקומען, איז עפּעס וואָס מען זעט ניט, וואָס מען ווייסט בכלל ניט אַז עס איז דאָ, סיידן מען גיט זיך אָפּ ספּעציעל מיט קשיות וועגן דעם, פונקט אַזוי זענען אין מענטשלעכן לעבן פאַראַן איינפירן וואָס מיר נעמען אָן ניט טראַכטנדיק אַז עס איז גאָר מעגלעך צו לעבן אויף אַן אַנדער אופן.

דער שמועס וועגן פאַרבינדן די שיך ברענגט אונדז אַ גאַנץ גוטן ביישפּיל. יעדער פון אונדז האָט מסתמא אַ שטענדיקן אופן אָנצוטאָן זיינע שיך אין דער פרי. אָבער קיינער ווייסט ניט, סיידן ער וועט ספּעציעל זיך צוקוקן, וואָסער שוך ער טוט אָן פריער, דעם רעכטן צי דעם לינקן. אַלע קליינע פּרטים

וואָס האָבן צו טאָן מיט אַזעלכע איינפּירן ווערן געטאָן מעכאַניש, מען ווייסט ניט וואָסערע מעטאָדן אָדער פּרינציפּן מיר ווענדן אָן דערביי, כאָטש יעדער געדענקט דאָס וואָס ער האָט באַוואוסטזיניק אָנגענומען פאַר זיך. דער סטאָליער ווייסט ווי מען דאַרף האַלטן דעם האַמער, כדי בעסער אַריינצוקלאַפּן אַ טשוואָק, און יעדער פון אונדז ווייסט וואָסער טייל פון דער טעגלעכער צייטונג ער כאַפּט זיך לייענען צום ערשט.

אָט אַזעלכע אומבאַוואוסטזיניק־אָנגענומענע התנהגותן טרעפן מיר ביי גרויסע זאַכן פּונקט ווי ביי קליינינקייטן און ביי גייסטיקע ענינים פּונקט ווי ביי פיזישע. נאָך מער, אין דעם שטעקט אָפּט דער סוד פון דעם וואָס מען מיינט מיט פרעגן אַ קשיה. פאַראַן גענוג זאַכן וועגן וועלכע מען פרעגט ניט: עס וואָלט אויסגעקומען משונה׳דיק צו פרעגן וועגן זיי. אַ שטאַרקער ביי־שפּיל ברענגט אַרויס אַן ענין בולטער. דער מנהג צו פאַרברענען אלמנות אויף די קברים פון זייערע פאַרשטאָרבענע מאַנען איז שוין מסתמא אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען אין אַלע ווינקלען פון אינדיע. אָבער פון סאַמע אָנהייב פון דער ענגלישער הערשאַפט אויף יענעם סוב־קאָנטינענט האָבן זיך די נייע, פרעמדע דעה־זאָגער פאַרנומען מיט אָפּשאַפן דעם איינפיר און עס האָט געדויערט צענדליקער יאָרן ביז דער דאָזיקער מאוימדיקער מנהג איז גע־בראָכן געוואָרן. עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס די פרוי וועלכע ווערט אויף אַזאַ אופן אומגעבראַכט ווערט גערופן „סאַטי“, פון אַן ענלעך וואָרט אין סאַנסקריט וואָס דער טייטש דערפון איז „געטרייע פרוי“. ווען לאָרד וויליאַם בענטינק, דער גאָווערנאָר־דזשענעראַל פון אינדיע, האָט אין 1832 דורכגע־פירט אַ געזעץ וואָס פאַרבאָט דעם דאָזיקן גרויליקן איינפיר, האָבן 18,000 מענטשן, צווישן זיי די חשובסטע פאַמיליעס פון קאַלקוטאַ, אונטערגעשריבן אַ פּעטיציע וואָס בעט מען זאָל צורו לאָזן דעם סאַטי־מנהג.

די ענגלענדער האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן דעם איינפיר, האָבן גע־פרעגט פראַגעס און באַשלאָסן. פאַר די אינדיער איז קיין פראַגע ניט געווען, ווייל ביי זיי איז דאָס געווען דער נאָרמאַלער אופן פון לעבן. אַ פראַגע, הייסט עס, הייבט זיך אויף דעמאָלט ווען עפּעס זעט אויס ניט „נאָרמאַל“, אַנדערש פון דעם אויף וואָס מען דאַרף זיך ריכטן. דאָס וואָס קומט מיטן געוויינטלעכן גאַנג פון געשעענישן רופט קיין קשיה ניט אַרויס ווייל עס זעט אויס צו זיין איינגעוואָרצלט אין סאַמע סדר־העולם.

מיר ווייסן אַז ביי די גדולי הדור זענען קשיות זייער טעגלעך ברויט; זיי האָבן זיך צוגעוואוינט אַז קיין זאַך אין דער וועלט איז ניט געוויינטלעך. אָבער אפילו ביי זיי איז גאָר ניט אַזוי לייכט אָפּצופרעגן דאָס וואָס פאַרמאָגט ניט אין זיך קיין אומגערעכטיקייט. אַריסטאָטל האָט געהאַלטן, אַז שווערע זאַכן פאַלן שנעלער ווי לייכטע, אָבער ער האָט קיינמאָל זיך ניט באַמיט דאָס צו באַווייזן. וואָלט ער דאָס געטאָן וואָלט ער דאָך אויסגעפונען אַז דאָס

איז ניט ריכטיק. ער האָט דאָס אָבער אָנגענומען ווי אַ זיכערע הנחה. דער באַרימטער גריכישער מעדיקער, קלאַדיוס גאַלענוס, פון צווייטן יאָרהונדערט, האָט מסתמא געפּאַלמעסט טויטע קערפּערס און ער האָט טאַקע אויסגעפונען, אַז די אַרטעריעס זענען פול מיט בלוט ווי מען האָט דעמאָלט געגלויבט. אָבער ער האָט קיינמאָל ניט געפרעגט קיין קשיות וועגן די באַוועגונגען פון בלוט־שטראָם. ערשט מיט 1500 יאָר שפּעטער האָט דער ענגלענדער ווילִיאַם האַרווי געפרעגט קשיות וועגן דעם און אַרויסגעבראַכט די פאַקטן פון בלוט־צירקולאַציע.

אויך ביי די דעליקאַטערע ענינים טרעפן מיר אָן ענלעכע לאַגע. אָנגענומענע אידייען און גייסטיקע אָריענטאַציעס זענען ניט אַלעמאָל אַ פּועל־יוצא פון וועגן און מעסטן, פון פרעגן און ענטפערן, בקיצור, פון אויסגעאַרבעטע איבערצייגונגען. זייער אָפּט — דער עיקר ביים עולם וואָס אַזעלכע זאַכן גייען אים ניט אין לעבן — זענען זיי געוירשנטע אַרטיקלען, אָדער איינגעזאַפּטע פון דער אַרומיקער סאָציאַלער לופט. עס וואַרפט זיך, למשל, צו שטאַרק אין די אויגן אַז אַגנאָסטיציזם און אַטעאיזם זענען מער פאַרשפּרייט אין שטעט ווי אין דערפער, ממילא קען מען שוין צוליב דעם אַליין ניט זאָגן אַז יעדער אָנהענגער פון אַזאַ געדאַנק איז צו דעם געקומען נאָך אַן אַנאַליטישן פּראָצעס וואָס ער איז אַליין דורכגעגאַנגען. בכלל, מיר זעען אַזוי אָפּט ווי אידייען — דעמאָקראַטיע, פאַשיזם, קאָמוניזם — ווערן אָנשטעקיק, פאַרכאַפּן מיליאָנען, און אין דעם אַלעם שפּילן די הויפּט־ראָלע פאַקטאָרן וואָס האָבן קנאַפּ צו טאָן מיט אינטעלעקטועלן דין וחשבון.

מהאי טעמא געהערן די דאָזיקע זאַכן צו יענעם סאָרט אידייען וואָס וועגן זיי איז ניט שייך צו פירן וויכוחים. מען רעדט וועגן זיי מיט דער קלענסטער צאָל שכלדיקע אַרגומענטן אָבער מיטן גרעסטן סכום איבערצייגונג. איר וועט אָפּט באַגעגענען ווייסע בירגער פון אונדזערע דרום־שטאַטן, גאַנץ געבילדעטע מענטשן, וואָס וועלן באַדויערן לינטשערייען אָבער זיי באַרעכטיקן אין דער זעלבער צייט. דער שטאַרקסטער אַרגומענט איז אַז ווען די לינטש־מורא וואָלט ניט געהאָנגען איבער די קעפּ פון די שוואַרצע וואָלט קיין ווייסע פרוי ניט געווען זיכער קעגן פאַרגעוואַלדיקונג־אַטאַקעס. איך האָב אַמאָל געשמועסט מיט אַזאַ מענטשן און אָנגעוויזן אַז עס לייגט זיך ניט אויפן שכל פאַרוואָס די געזעצלעכע טויט־שטראָף פאַר אַזאַ פאַרברעך זאָל אָנוואַרפן ווייניקער מורא ווי לינטשן. אָבער די שטאַרקסטע טענה ליגט ממש אויף דער האַנט. אין זעלבן לאַנד האָבן מיר נאָך צפון־שטאַטן וואו נעגער־לינטשערייען זענען קיינמאָל ניט געשען פונדעסטוועגן קומען דאָרט פאָר פאַרגעוואַלדיקונגען מצד שוואַרצע קעגן ווייסע פרויען ניט אָפּטער ווי אין דרום־שטאַטן מיט זייער גוואַלד־סעגרעגאַציע און אַנדערע שרעק־מיטלען קעגן דער נעגערישער באַפעלקערונג.

דאָס זעט אויס צו זיין איינע פון יענע באַשיינפּערלעכע ראיות וואָס שטייען פעסט ווי אַ מויער. אָבער עס האָט וויניק־וואָס געהאָלפן. מיין מיטשמועסער איז געבליבן ביי דאָס זייניקע. דער נעגער האָט ביי אים אַרויסגערופן אַן אָפּשטויסיק געפיל און אַלע זיינע טענות קעגן די שוואַרצע האָט ער אויסגעדריקט מער מיט מינעס פון פּנים איידער מיט די אַרגומענטן פון קאָפּ.

אָבער איך מוז מודה זיין אַז וואָס מער איך טראַכט זיך אַריין אין מיין מער־מענטשלעכער באַציאונג צו די נעגער אַלץ מער ווערט מיר קלאָר, אַז דאָס איז ביי מיר ניט קיין פּועל יוצא פון לאָגישע אַרגומענטאַציעס; אַז צום ערשט איז געווען די באַציאונג און ערשט נאָך דעם איז געקומען דאָס זוכן ראיות, פאַקטן און אַרגומענטן צו באַפעסטיקן אַ בנין וואָס איז שוין פון פריער געווען אַ פאַרטיקער.

דאָס איז אייגנטלעך וואָס מען רופט פאָלק־שטייגער אין ברייטסטן זינען פונעם וואָרט. עס נעמט אַרום אַן אומגעהייער ברייטן שטח, פון פאַרבינדן שיך ביז באַציאונגען צו אידייען און מענטשן, אָבער דער כוח פון שטייגער איבער דער אויספורעמונג פון אַ פּערזענלעכקייט איז אַזוי גרויס אַז אָפט קען אונדז בלויז דאָס קלאָר מאַכן פאַרוואָס מענטשן און פעלקער זענען אַזוי און ניט אַנדערש.

אין אַמעריקע, למשל, ווערט זייער אָפט אונטערגעשטראָכן די חשיבות פונעם מענטשן, דער חוב צו באַשיצן די פרייהייט פונעם יחיד און אים היטן פון סכנות. ויהי היום, האָט זיך געמאַכט אַז איינער אַן אַמעריקאַנער מיטן נאָמען וואָגעלער איז אַרעסטירט געוואָרן אין אונגאַרן אויף דער באַשולדיקונג אין שפּיאָנאַזש פאַר די פאַראייניקטע שטאַטן. וואָגעלער האָט זיך מודה געווען. אַקוראַט דאָס אייגענע האָט געטראָפן מיט אַן אַנדער אַמעריקאַנער, אָטיס, אין טשעכאָסלאָוואַקיע. אויך ער האָט, לויטן „געזעץ" פון יענע לענדער, זיך מודה געווען.

אין טייל קולטורן, אָדער שטייגערס — למשל, די וואָס די קאָמוניסטן ווילן איינוואָרצלען, אָדער מיט וואָס די דייטשן האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט — וואָלט מען אין דעם געקענט זען פּחדנות. זיך מודה זיין אין נעכטיקע־טעג־פאַרברעכנס פאַרשעמט אויך דאָס לאַנד און דאָס אייגענע פאָלק. אָבער אַמעריקאַנער, וואָס פאַר זיי איז פּחדנות דאָס העסלעכסטע וואָרט פון זייער וואָקאַבולאַר, האָבן גראַד פאַר דעם סאָרט פּחדנות קיין בייז וואָרט ניט געהאַט. עס קומט אויס, אַז ראַטעווען דאָס אייגענע לעבן דורך ליגנס קעגן זיך און דעם אייגענעם לאַנד, ווען מען געפינט זיך אין רשות פון שונא, רופט ניט אַרויס קיין בייזע געפילן אַנטקעגן די וואָס האַנדלען אַזוי. והא ראיה, וואָגעלער און אָטיס זענען באַפרייט געוואָרן, געקומען אַהיים, איבערגעגעבן זייערע איבערלעבונגען אין דרוק; זייערע מיינונגען, אָפּשאַצונגען און קאָנ־

פעסיפס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ זייער אָנשטענדיקער געזעלשאַפט. ווי ווייט איך ווייס האָט קיינער ניט פּראָטעסטירט פאַרוואָס מען האָט גאַנץ פיין אויפגענומען מענטשן וואָס האָבן אַזוי און אַזוי געהאַנדלט.

ווי ווייט דאָס איז אַ פועל־יוצא פון אַן איינגעוואָרצלטן שטייגער קען מען זען פון אַ פאַקט וואָס וואַרפט זיך שטאַרק אין די אויגן. אין דער צייט ווען ציווילע אַמעריקאַנער בירגער האָבן אַזוי געהאַנדלט בעת זיי זענען געווען געפאַנגענע אין קאָמוניסטישע הענט, האָבן דאָס זעלביקע געטאָן עטלעכע זעלנער אונדזערע וואָס זענען געווען אין געפאַנגענשאַפט ביי די כינעזישע קאָמוניסטן.

די פון זיי וואָס זענען געקומען צוריק און געטראָגן אויף זיך אַזאַ ערנסטן חטא האָבן געהאַט אויף זיך אַ מיליטערישן פּראָצעס. דאָס איז נאַטירלעך, אפילו די איידלסטע דעמאָקראַטיע פאַרשטייט אַז אין מיליטער מוז הערשן אומברחמנותדיקע דיקטאַטור. די גאַנצע מיליטערישע געזעל־שאַפט האָט דאָך צו פאַרדאַנקען איר עקזיסטענץ דער געקינצלטער מעכאַ־נישקייט פון אַן אַרויפגעצוואונגענער דיסציפּלין וואו יעדער זעלנער איז קודם כל אַ שרייפל אין אַ מאַשין.

זענען דאָ פאָרגעקומעןביידע היפוכים אין דער זעלביקער צייט. פון איין זייט האָט מען די ציווילע זינדיקע באַהאַנדלט מיט וואַרעמער איינ־זעעניש; פון דער אַנדער זייט האָט מען מסכים געווען מיטן גאַנג אַז מיליטער־לייט דאַרפן באַשטראָפט ווערן פאַר דער זעלביקער זינד. אָבער אַ־ביסל מילדקייט האָט דאָך אַריינגערונען פונעם ציווילן שטייגער אין די מיליטערישע פּראָצעסן. עס זענען געמאַכט געוואָרן, אַביסל מער ווי די מילי־טערישע מאָראַל קען עס זיך פאַרגינען, פאַרשיידענע פּרואוון דן צו זיין די אַרעסטאַנטן לכף זכות. דערין האָט זיך געזען דער איינפלוס פונעם אַמערי־קאַנער שטייגער וואָס איז אַזוי טיף פאַרוואָרצלט אין דער לעבנס־פאָרעם פונעם פאָלק.

די פאַרשיידענע מאָמענטן פון פאָלק־שטייגער זענען נאַטירלעך ניט אַלע פון גלייכן ווערט. טייל זענען מער פונדאַמענטאַל, טייל ווייניקער, וואָס וועגן דעם קענען זיין די שאַרפסטע חילוקי דעות. אָבער אַלע וועלן מודה זיין אַז כדי צו דערבליקן וואָס קלאָרער און זיכערער די ענדערונגען וואָס קומען פאָר אין לעבן פון אַ פאָלק איז נייטיק זיך צוצוקוקן צו דעם אויף ווי ווייט עס בייטן זיך די איינגעוואָרצלטע פאָרמען פון שטייגערשן אויסדרוק. אָט די נייע פּריוואַטע און געזעלשאַפטלעכע לעבנס־אויסדרוקן וואָס קומען אָן מיטן כוח פונעם ממילא'דיקן גאַנג פון געשעענישן, זענען דער קלאָר־סטער שפּיגל פון דעם וואָס עס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער פאָלקישער נשמה.

אַזעלכע איבערקערענישן ווי עס זענען פאָרגעקומען ביי יידן, אויפן פעלד פון שטייגער, אין די לעצטע צוויי דורות, איז ניט אַזוי לייכט צו

געפינען אינעם כסדרדיקן אַנטוויקלונג־גאַנג פון פעלקער. איז גוט, פון צייט צו צייט, אויסצוזוכענען געוויסע פּרטים פון די דאָזיקע ענדערונגען כדי מיר זאָלן קענען דערזען זייערע ווייטערדיקע אימפּליקאַציעס.

אַ טיפער שינוי איז פאָרגעקומען אין אונזער קאַלענדאַר־באַוואוסטזיין. אַמאָל האָבן מיר געהאַט אַ יידישן לוח, היינט ווערט אונדזער לעבן געפירט לויטן אַלגעמיינעם קאַלענדאַר. די צייט־צעטיילונג פון לוח האָט אונדז תמיד געהאַלטן אין אַ יידישער ראַם. די טעג פון דער וואָך האָבן זיך געענדיקט מיט שבת. יעדע וואָך איז געווען געבונדן צו אַ סדרה אַזוי אַז דער חומש איז געווען אַן עלעמענט אין דער צייט צעטיילונג פונעם לוח. דער גאַנג פון די דאַטעס האָבן פון זיך אַליין אָנגעזאָגט, צוזאַמען מיט אַ סכום אינפאָר־מאַציעס וואָס די יידישע לופט האָט אין אַלעמען אַריינגעאָטעמט, ווען עס פאַלן אויס די יום־טובים און אַנדערע פאָלקישע און פּריוואַטע (יאָרצייטן, למשל), געלעגנהייטן פון יאָר. דאָס אַליין האָט פאַרשטאַרקט די צוגעבונדנ־קייט צווישן יידן, אפילו מצד די וואָס זענען געווען פיזיש אָפּגעזונדערט.

און וואו איז ערגעץ אַהינגעקומען רעב משה, רעב יאַנקל, רעב דוד? היינט רופן מיר זיי ביי זייערע פאַמיליע־נעמען, אָבער צוזאַמען דערמיט האָבן מיר געפילט אַז מיר מוזן אויך זיך אָפּזאָגן פונעם „רעב". ווי קאָמיש עס וואָלט געקלונגען: רעב זילבערמאַן, רעב קאַן, רעב ווייַנבערג? דער דאָזיקער געפילטער קאָמיזם באַווייזט בלויז אַז אין אָט דער קליינער ענדערונג שפּיגלט זיך אָפּ אַן ענדערונג פון איין וועלט אין אַן אַנדערער. די אַדרעסיר־פאָרעם „רעב" איז אַרויסגעוואַקסן פונעם אידיאָם פון יידיש־געזעלשאַפטלעכע באַ־ציאונגען; דאָס וואָרט איז אַנדערש פון הער, פּאַן, גאָספּאָדין, אָדער מיסטער. וואָרעם אַזוי שנעל ווי מיר האָבן אָנגענומען אַז דאָס פאָרמעלע אַדרעסירן דאַרף באַנוצן דעם פאַמיליע־נאָמען האָבן מיר גלייך דערפילט אַז מיר דאַרפן אָוועקוואַרפן אונדזער „רעב" און צוטשעפּען די אַדרעסיר־פאָרעם פון אַנדערע פעלקער.

צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע געהערן די ווערטער „לערער" און „שול" וואָס האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון מלמד און חדר. אויך ביי אַנדערע פעלקער זענען פאָרגעקומען ווייטגייענדיקע ענדערונגען אין אַלע, אַלע פּרטים פון שול־דערציאונג. דער טיפּ לערער, דער פּלאַץ וואו מען לערנט, די טעכנישע מיטלען פון לערנען, אַלץ האָט זיך גרינדלעך געביטן פון סאַמע פונדאַמענט ביזן דאַך. אָבער דאָס האָט ניט געמוזט אַרויסרופן קיין אומבייט אין די נעמען וואָס מיט זיי זענען די דאָזיקע פונקציעס לכתחילה באַצייכנט געוואָרן. דאָס געפיל אַז מיר טרעטן אַריין אין אַן אַנדער וועלט איז אָבער ביי אונדז געווען אַזוי שטאַרק אַז מיר האָבן מיט אַלע כוחות, אויך רייך־שפּראַכלעך, געוואָלט וואָס טיפער אויסגראָבן דעם תהום צווישן

דעם אַלטן שטייגער און דעם נייעם דרך וואָס האָט אונדז געטריבן זיך צו דערנענטערן צו דער אַרומיקער שכנישער וועלט.

ווען מיר שטעלן זיך אָפּ אויף די סעקולערע מאָמענטן פון אונדזער לעבן — און דאָ האָב איך אין זינען בלויז דעם דאַזיקן שטח — וואַרפט זיך מיר אין די אויגן אַ פונדאַמענטאַלער איבערבייט אין אַ פריערדיקן מנהג פון פאַמיליע־לעבן, איך מיין דעם מנהג פון צוויי בעטן פאַר מאַן און ווייב. דער דאָזיקער מנהג איז נאַטירלעך אַ נאָענטער מחותן מיט דער טראַדיציאָנעלער יידישער צניעות, וואָס דאָס איז אַ מאָראַלע קאַטעגאָריע. עס האָט זיך אָבער אויך באַקומען עפּעס אַזוינס וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקן צומיש פון דער ריין־עסטעטישער זייט. צוויי באַזונדערע בעטן האָבן געמאַכט דעם איינדרוק ניט בלויז פון מער אָנשטענדיק, פון אַן איינפּיר וואָס איז איידעלער, נאָר אויך פון שענער, עסטעטיש־בכבודיקער.

ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט געקוקט אויף אָט דעם ענין איז מיר אויסגעקומען צו לייענען ערשט מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אין ב. דעמבלינס נייעם אויסגעצייכנטן ראָמאַן ערב נאַכט. חנה־לאה פאָדערט פון איר מאַן אַז ניט געקוקט אויף זייער אָרעמקייט דאַרף ער פונדעסטוועגן דינגען אַ דירה מיט צוויי חדרים, ווייל די קינדער וואַקסן אונטער און מען טאָר מער ניט וואוינען אין איין צימער ווי ביז איצט. אָט ווי זי טענה׳ט צו איר מאַן: „יערמע־דוד, מ׳טאָר דאָך ניט אַזוי. אַ ייד טאָר ניט לעבן ווי אַ גוי. עשו, להבדיל, כאַליעט מיטן ווייב און מיט די שרצים אויף איין געלעגער. אַ ייד אָבער, בפרט אַז ער האָט אונטערגעוואַקסענע קינדער, דאַרף זיך אָפּזאָגן פון ביסן ברויט אַבי צו האָבן כאָטש צוויי חדרימלעך". זי זעט אין „איין געלעגער" ניט בלויז אַ זינד קעגן איידלקייט און צניעות נאָר אויך עפּעס וואָס איז מיאוס, עקלדיק.

דער דאָזיקער פאַמיליע־מנהג איז אַזוי טיף אַריין אין די יידישע בלוטן אַז, ווי איך דערקונדיק זיך, איז דאָס אויף יענער זייט ים ניט געביטן געוואָרן ביזן סאַמע חורבן. אפילו די וואָס האָבן זיך פּרינציפּיעל דערווייטערט פון דער יידישער טראַדיציע און געקוקט בייזלעך־קריטיש אויף די דרכים פון אונדזערע זיידעס, האָבן ביזן סוף אויפגעהאַלטן דעם דאָזיקן פּרט אין אונדזער פאַמיליע־שטייגער. קענטיק אַז אין דעם איז געווען מער פונעם יידישן כאַראַקטער־אויסדרוק ווי מען קען זיך פאָרשטעלן בעת מען קוקט אויף אַזעלכע אינטימע שטריכן פון דרויסן.

ביי אונדז דאָ, אין דער נייער היים, האָבן זיך יידן אָן גרויסע שוועריקייטן איבערגעבעטן מיטן מנהג פון „איין געלעגער". אָבער אַן איבערבייט וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַן איבערקערעניש אין די אינטימע מאָמענטן פון אָנגענומענער סעקסועלער עסטעטיק, רירט אָן די טיפערע וואָרצלען פון פאָלקישן כאַראַקטער. עס איז אייגנטלעך אַ סך־הכלדיקע מאַניפעסטאַציע פון

אַ סך אַנדערע פונדאַמענטאַלע איבערקערענישן וואָס זענען אין אונדז פאָרגעקומען.

קומט אויס אַז ר׳ לייב שרה׳ס האָט שוין גאָר געוואוסט וואָס ער טוט ווען ער איז געפאָרן צום רבין ר׳ בער צו זען ווי אַזוי אַ מנהיג הדור פאַר־בינדט זיך די שיך. עס האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפן, אַז אַ חסיד איז געפאָרן צום רבין, געקוקט אויף אַזעלכע זאַכן, איז אים באַפאַלן אַ חרטה און ער האָט גענומען פאָרן צו אַן אַנדער רבין. אמת, ווען אַ פאָלק בייט זיך קומט ניט אָן אַזוי לייכט צו באַשליסן ביי זיך צו „פאָרן" צו אַן אַנדער פאָלק. נאָך מער, ווען אַ פאָלק בייט זיך קען מען אַמאָל דערזען, ווען מען קוקט אַריין אין זיך שאַרף גענוג, אַז די ענדערונג איז פאָרגעקומען אין זיך אַליין, און אויפהערן „פאָרן" צו זיך אַליין איז שוין גאָר אַ שווערע הלכה. איז אָבער פאַראַן אין דעם אַן אַנדער טרייסט וואָס ווערליק היינטיקע גייסטיקע פאַרדינסטן קען מען דאָס אויך ניט מבטל זיין. דאָרט וואו פאָלק־קענטעניש איז אויך זעלבסט־קענטעניש דעמאָלט קען מען, דורך אַרייַנקוקן אין לעבן פון פאָלק, מקיים זיין דאָס קלוגע געבאָט פונעם גריכישן חכם סאָקראַטעס: „קען זיך אַליין".

(1955)

# דריי דורות

מיט אַרום אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק האָט זיך אויף יענער זייט ים געוּומען שטאַרק פאַרשפּרייטן און הייס צעפלאַקערן דער וויכוח צווישן דעם טאַטן און דעם זון. דער טאַטע האָט פון דורות געירשנט די דורכנעמענדיקע אידייען און האָפענונגען פון משיח און ארץ ישראל. דער נאָמען ציון איז נאַטירלעך געווען אַ וואָרט וואָס האָט אים געטרייסט און געוואַרעמט, אָבער דאָס זעלביקע וואָרט מיט אַן „—יזם" צום סוף האָט אים אָפּגעקילט און דערבייזערט. אין אים האָט מען ניט געדאַרפט אָנצינדן קיין אינערלעכע פייערן פאַרן געדאַנק פון דער גאולה שלימה, אָבער דאָס איז ביי אים געווען פאַרקניפּט אין אַ געוועב פון גאָר אַנדערע אַסאָציאַציעס: משיח, גאָט, נסים, גאולה, צדיקי הדור — אַן אַנדער וועלט, אַן אַנדער ספערע. אָבער דער ערדישער רעאַליזם פונעם ציוניסטישן דרך האָט אים אויסגעוויזן צו זיין אַן אָפּלייקענונג פון זיין יידישן תמצית. ממילא האָט פלאַמיק געברענט דער וויכוח צווישן דעם טאַטנס און דעם זונס ציוניזם.

נאָך מער אָפּגעשטויסן, נאָך דערווייטערטער, איז געווען דער טאַטע פונעם זון דעם אחדותניק, אָט דעם וואָס האָט געוואָלט מתקן זיין די גאַנצע וועלט, אָפּשאָפן אָרעם און רייך און זיך געשטעלט קעגן מלכות אַליין. דער דאָזיקער זון האָט נאָך בולטער און מיט די שאַרפסטע אַקצענטן אונטער־געשטראָכן זיין איבעררייסן יעדן פאַרבינדנדיקן פאָדעם מיט די גלויבנס און דעם אויפפיר פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע. דאָס האָט נאָך טיפער און ברייטער אויסגעגראָבן דעם תהום צווישן דעם טאַטן און דעם זון.

דאָס בילד פון אַ זון מיט אַ נעט־ראַזירט פנים, אַן אַ היטל, מיט אַ הלבשה ככל הגויים און מיט אַן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס אין מיטן העלן שבת, עס האָט אויסגעוויזן אַז עס איז ניטאָ די מינדסטע ענלעכקייט צווישן טאַטן און זון. אַפילו דאָס לשון, כאָטש ביידע האָבן גערעדט יידיש, איז דאָך געווען אַזוי ווייט אַנדערש, שוין אָפּגערעדט פון די אינטערעסן און די מאָטיוון וואָס מיט זיי האָט יעדער אָפּערירט.

די מחלוקה צווישן טאַטן און זון האָט ניט אויפגעהערט. דער טאַטע האָט ממש געהאָרעוועט דעם זון מחזיר למוטב צו זיין. עס האָט ביי אים, ווייזט אויס, פאַרט געטליעט אַ האָפענונג אַז עס וועט אים געראָטן צו עפענען דעם זונס אויגן ער זאָל דערזען דעם אמת, זיין אמת. עס קומט אויס אַזוי ווי די ווייטקייט צווישן זיי וואָלט געטראָגן אַ נאָענטקייט אין זיך, אַזוי ווי ניט געקוקט אויפן תהום וואָס האָט ביידן צעטיילט האָט עפּעס אַ קעגנזייטיקע שותפות ניט געלאָזט אָפּקילן אַ געדאַנקלעכע און עמאָציאָנעלע ספערע וואָס האָט זיי ביידן אַרומגענומען.

איז דאָס געקומען פון בלוט־קרובשאַפט? האָבן די ביאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע פעדעם וואָס צווישן טאַטן און זון זיך געצומען ענגער בינדן און פאַרקניפּן ווייל די נייע פאָרמען פון אידייען און אויפפיר האָבן די פעדעם געוואָלט אויסציען, דינער מאַכן ביז זיי וועלן אין גאַנצן פּלאַצן? מסתמא דאָס אויך, אָבער עס לאָזט זיך כמעט מיט זיכערקייט אָננעמען אַז עס איז געווען נאָך עפּעס.

ניט אַלעמאָל איז זיסע הסכמה אַ זיכערער סימן פון נאָענט און ביטערע מחלוקה פון ווייט. אַמאָל איז אַקוראַט דער היפּוך דערפון אַ סך מער אויף דער זייט פון אמת. הסכמה קען אַמאָל זיין דער אויסדרוק פון ניט סענסי־טיווער פאַראינטערעסירטקייט, פון זיך פילן קאַלטלעך צום גאַנצן ענין, פון — זאָל זיין אַזוי, למאי נפקא מינה? פאַרקערט, מחלוקה, קען אויסדריקן דאָס געפיל פון אַן אינערלעכער צערודערונג אין אַן אָרגאַנישער סיסטעם, בעת די לעבעדיקע אברים פון דער סיסטעם זענען אַזוי אינטים פאַרבונדן אַז זיי ראַנגלען זיך צוריק צו שטעלן די פריערדיקע גלייכוואָג. קריגעריי פאַלט אַלעמאָל שווער אויפן זייטיקן, אויף דעם וואָס שטייט אין דרויסן און קוקט זיך צו, אָבער עס קען אויך אין דעם ליגן אַ הייל־מיטל וואָס דריקט זיך אויס אין דער פאָרם פון היציקער מחלוקת, אַן אָנשטרענגונג אויסצוגלעטן די צערודערונג דורך אָוועקבלאָזן דעם שטורעם וואָס האָט זי אַרויסגערופן.

ווען מען קוקט אויף דער זאַך פון דער דאָזיקער זייט דעמאָלט איז די ראַנגלעניש צווישן טאַטן און זון אַן אויסדרוק פון אַן אינטימער נאָענטקייט וואָס איז נאָך אַלץ פאַרבליבן, אַ נאָענטקייט וואָס שרעקט זיך, וואָס קען ניט דערלאָזן, אַז די אָפּפרעמדונג זאָל ווערן צו ערנסט. אמת, די שטענדיקע מחלוקה האָט אין פלוג אויסגעזען ווי אַ פּועל יוצא פון אַ מוראדיקער דער־ווייטערטקייט, אַזאַ וואָס בויט אויס אַן אומדורכדרינגלעכע מחיצה צווישן מענטש און מענטש. אָבער עס איז וואויל באַקאַנט אַז אַ דרויסנדיק בילד קען זיין זייער אַ פאַלש בילד.

אויב עס איז פאַראַן אַ כזית אמת אין דער דאָזיקער השערה, טאָ אין וואָס איז די געבליבענע נאָענטקייט באַשטאַנען? וואָסער אידייע, געפיל, גייסטיקע אַטמאָספערע, האָט נאָך אַלץ געקענט פאַרבינדן דעם אַלט־פרענקישן פרומען טאַטן מיטן ניי־אויפגעקומענעם פריידענקערישן זון? פון וואָסער שטאָף איז געמאַכט געוואָרן די בריק צווישן זיי — אַ חוץ דער שייכות פון בלוט־קרובעשאַפט — וואָס אויף איר באָדן זענען פאָרגעקומען די שטענדיקע, בייזע וויכוחים צווישן די צוויי דורות?

מען דאַרף ניט צופיל זוכן עס צו געפינען. דער אַלטמאָדישער פרומער ייד איז געשטאַנען אויפן זעלביקן ברעט, צוזאַמען מיט זיין ציוניסטישן, אָדער אַנטי־ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן זון, אין דער וואָרצלדיקער מאָטי־ווירונג פון זיין גייסטיקער עקזיסטענץ. די גאַנצע סיסטעם פון דער יידישער

אמונה און יידישן טראַדיציאָנעלן אויפפיר האָט אין גלות געמוזט אַריינזייגן אין זיך אַ ספּעציפישע קוואַליטעט וואָס דער טערמין רעליגיע שעפּט ניט אויס און קען אַפילו זיין דורכויס פאַרפירעריש.

אַ מענטש אין זיינע ד׳ אמות, אַ פאָלק אין זיין לאַנד, אָן אַ שיעור פונקציעס טראָגט אויף זיך אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם, אַן אינדיווידועלער אָדער אַ סאָציאַלער. אָבער די אַלע פונקציעס זענען צוגעבן צום לעבן, אַנגעוואַקסענע צילן, שליחותן, אויפגאַבעס, וואָס דאַרפן מאָטיווירט ווערן אין באַוואוסטזיין; מען האָט פאַר זיך אַ דערקלערונג פאַרוואָס מען שטעלט זיך אַזאַ ציל, אַ דערקלערונג וואָס מען האָט ערשט שפּעטער אויסגעטראַכט, אָבער דער שכל קען אָן דעם ניט אויסקומען. אַנדערש איז אָבער די עצם עקזיסטענץ. זי דאַרף קיין דערקלערונג ניט. מיט איר הייבט מען אָן און זי טראָגט איר באַרעכטיקונג אינעם פאַקט פון איר זיין. אַ מענטש איז אַ קריסט ווייל ער גלויבט אין יעזוסן, אָבער ער איז אַן ענגלענדער ווייל ער — איז עס. ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ באַשטימטן שטח פון דער וועלט און ער איז דעריבער ממילא אַ טייל פון אַ לעבעדיקער סאָציאַלער ענטיטעט וואָס איז נאַטירלעך ענגליש.

ביים פרומען יידן אין גלות האָט אין גאַנצן אויסגעפעלט דער „מאַטע־ריעלער" שותף, דער באַשטימטער שטח פון דער וועלט, וואָס זאָל העלפן אויסבויען די נאַטירלעכקייט, דירעקטקייט, פונעם ייד־געפיל. האָט ער דע־ריבער געמוזט אָנקומען צו אַן אַנדערן, אַ גייסטיקן שותף וואָס זאָל אין זיין פּסיכיק דורכפירן די דאָזיקע פונקציע. אמת, מען קען ניט זאָגן אַז ער איז אין גאַנצן אויסגעקומען אָן דעם ערדישן שטח־פאַקטאָר. ווייזט אויס אַז דער דאָזיקער פאַקטאָר שפּילט זייער אַ פונדאַמענטאַלע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פונעם עקזיסטענץ־געפיל אין אַזאַ סאָציאַלער ענטיטעט ווי עס איז דער כלל ישראל. האָבן יידן געשאַפן סוראָגאַטן וואָס האָבן כאָטש טיילווייז אויסגעפילט דעם חלל. קודם כל, דאָס ערדישע, געאָגראַפישע ארץ ישראל וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גראַנדיעזע ראָלע אין יידישן חלום און יידישער האָפענונג. אַ חוץ דעם האָבן יידן אויסגעבויט דאָ אַ ישוב, אַ קהילה, דאָרט אַן עיר ועם בישראל, אַ ירושלים דליטא, בקיצור, יידן האָבן פאַר זיך געשאַפן כמו־ענקלאַוון וואָס טייל היינטיקע, בלינד־געוואָרענע יידן, רופן זיי מיט פאַראַכטונג געטאָ. די יידישע קוואַרטאַלן אין שטעט און שטעטלעך האָבן זיכער געשפּילט אַ געוויסע ראָלע פון אַ מאַטעריעלן באַזיס פאַרן וואוקס און אַנטוויקלונג פון ייד־געפיל. כאָטש ווי מיר ווייסן האָט אָט די כמו־טעריטאָריעלע זעלבסטשטענדיקייט געגוג געליטן פון יידן וואָס זענען אַרי־בערגעלאָפן אויף יענער זייט, „אַהין", און פון גויים וואָס זענען געקומען „אַהער" מיט ניט־שטאַרק־הומאַנע כוונות.

האָבן זיך יידן געגעבן אַן עצה דערמיט וואָס זיי האָבן צוגעבויט אַן

אינערלעכע וועלט וואו ייד־געפיל איז ניט קיין אויסדרוק פון אַ הוילן עקזיסטענציעלן פאַקט, ווי למשל ענלעכע פאָלק־געפילן ביי ענגלענדער אָדער פראַנצויזן, אַ לכתחילהדיקער פאַקט וואָס דאַרף ניט און קען ניט האָבן קיין מאָטיוו זיך צו דערקלערן. וואָרעם אַ מאָטיוו קען בלויז זיין הינטער דער זאַך וואָס ווערט מאָטיווירט, נאָר עקזיסטענץ קען ניט האָבן קיין זאַך הינטער זיך, ווייל מיט איר הייבט זיך אַלץ אָן. אָבער ביי יידן איז דער כאַראַקטער פון דער אינערלעכער וועלט געווען אַזאַ אַז די עצם עקסיסטענץ האָט גע־טראָגן דעם כוח פון אַ מאָטיוו הינטער זיך: כדי צו דינען גאָט, אָדער ענלעכע סימבאָלישע אויסדרוקן פון עטישע און רעליגיעזע שליחותן און צילן. יידישע עקזיסטענץ האָט, בכן, בלויז אַ ממשות ווען זי דריקט אויס מיט איר עצם פאַראַנענקייט אידייען, כוחות און מאָטיוון וואָס זענען דער וואָרצל פון אַלץ.

די גלות־לאַגע, וואו דער מאַטעריעלער שטח־פאַקטאָר איז נישטאָ, אָדער כמעט נישטאָ, האָט נאָך מער אַרויפגעצוואונגען צו געפינען אין דער יידישער עקזיסטענץ גופא ניט קיין אומאָפּהענגיקן ביאָלאָגישן פאַקט נאָר עפּעס אַזוינס וואָס איז ניט אָפּצוטיילן פון די שליחותן און צילן וואָס מאָטיווירן זי. אין אַזאַ געדאַנקען־גאַנג איז פאַראַן אַ קלאָרע אַנאַלאָגיע צווישן דעם מענטשלעכן אינעם מענטשן, און דעם יידישן אינעם יידן. וואָס איז אַ מענטש? אַ באַשעפעניש וואָס שטעלט זיך צילן און אַרבעט אויס מיטלען זיי צו דערגרייכן. וואָס איז אַ ייד? אַזאַ וואָס שטעלט זיך יידישע צילן און וויל זיי דערגרייכן דורך יידישע מיטלען.

ביים פרומען יידן איז דעריבער יידישע עקזיסטענץ געווען אַ סינאָנים פון אַ דורותדיקער פונקציאָנירנדיקער יידישער „פּראָגראַם", ווי מען וואָלט עס אָנגערופן אויפן מאָדערנעם לשון. דאָס איז געווען אַ פּראָגראַם וואָס האָט פאַרמאָגט אירע אַקטיווע און פּאַסיווע אויסדרוק־מעגלעכקייטן, אַפילו איר מינימום און איר מאַקסימום. אירע מיטלען זענען געווען תורה און מצוות, איר העכסטער ציל — טראַכטנדיק, ניט פון ר' ישראל נאָר פון כלל ישראל — משיח און גאולה. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז לויטן דאָזיקן צוגאַנג קען מען ניט זאָגן אַז עס זענען פאַראַן יידן וואָס פירן דורך אַ „פּראָגראַם", אַזוי צו זאָגן, נאָר אַז אינעם דורכפירן ווערן יידן געבוירן, הייבט זיך אָן יידישע עקזיסטענץ. דער מאמר וואָס לאָזט אונדז הערן אַז ישראל, תורה און גאָט זענען איינס, איז אייגנטלעך אַ פּינקטלעכע דעפיניציע פונעם דאָזיקן געדאַנק.

אמת, ווען מען טראַכט, פון איין זייט, וועגן דער גאַנצער לעבנס־סיסטעם פונעם פרומען טאָטן און, פון דער אַנדער זייט, וועגן דעם אַפּיקורסישן זון, קען מען ניט לייקענען אַז דער מהלך צווישן זיי איז געווען זייער גרויס. דאָס זענען געווען ניט בלויז צוויי וועלטן ווייט אין זייער אַנדערשקייט, נאָר

דער עיקר ווייט, צעריסן, אין דער אָפּשאַצונג וואָס יעדער פון זיי האָט געגעבן פונעם צווייטן. דער פרומער טאַטע האָט געזען אינעם זון זינד און הפקרות, דער זון האָט אָפּגעלאַכט פונעם טאַטנס ווילדן פאַנאַטיזם. ווען מיר באַטראַכטן די צוויי מיטן קוק פון אַ זייטיקן איז באמת שווער צו פאַרלאַנגען אַ שלום צווישן אַ לעבן וואָס בויט זיך אויף געטלעכער אַנטפּלעקונג און אַזאַ וואָס רעדט אין נאָמען פון נאַטור־געזעצן. דאָך איז ניט שווער צו כאַפּן די אינערלעכע נאָענטקייט צווישן דעם יידיש־רעליגיעזן איינשטעל און דעם דערווייטערטן יידיש־סעקולערן בליק פון יענער צייט. וואָרעם אויך דער זון, ניט געקוקט אויף זיין לשון, מחשבה און אויפפיר — און כאָטש „סאָציאַלע רעוואָלוציע״ איז ניט קיין גראַם פאַר תורה און מצוות און „סאָציאַליזירן די פּראָדוקציע־מיטלען״ האָט אַ גאַנץ אַנדער פּנים ווי „משיח־געדאַנק״ — איז ער אָבער געווען אָנגעזאַפּט ביזן אויג מיט אמונה אין דער גאולה וואָס איז ביי אים געווען אינטים געבונדן צו יידישער גאולה. זיין מאַרקסיסטישער, אָדער, בכלל, וועלטלעכער זשאַרגאָן האָט דערין גאָר נישט געשטערט.

דאָס האָט ביידע דורות געהאַלטן צוגעקלעפּט־המשכדיק אין זייער דער־ווייטערטקייט. זיי האָבן טאַקע אין אַ סך פּרטים, אַפילו אין פונדאַמענטאַלע עיקרים, געלעבט אין אַנדערע וועלטן, דאָך וואָס מער מען טראַכט זיך אַריין אינעם וואָרצלדיקן כאַראַקטער פון יענע באַזונדערע וועלטן אַלץ מער כאַפּט מען אויף די פעדעם וואָס פאַרבינדן זיי. ביידע זענען געווען יידיש אינעם זינען וואָס זייער מהות ווי יידן, זייער סאַמע יידישע עקזיסטענץ, איז געווען מאָטיווירט אין נאָמען פון צוקונפט־שטרעבונגען, אידייען, ווערטן, שליחותן.

ויהי היום, איז דער זון אויסגעוואַקסן, אַוועק פון דער אַלטער היים און געוואָרן אַ טאַטע פון אַ זון אין אַמעריקע. צווישן דעם נייעם טאַטן און דעם נייעם זון איז פון דרויסן געווען שווער צו באַמערקן עפּעס אַן אונטערשייד אין לעבנס־אויסדרוק ווי דאָס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן ביי די פריערדיקע צוויי דורות. גאָט, רעליגיע, כשרות, מזוזה, דאַווענען, און אַלע אַנדערע צענדליקער פּרטים און כללים פון דעם מין, האָבן ביי זיי ביידן קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. אויך שפּראַך האָט זיי ניט שטאַרק צעשיידט. דער נייער טאַטע איז געווען היפּשלעך גלייכגילטיק צו זיין יידיש לשון וואָס איז סיי ווי, און אין תוך, ניט געווען אַזאַ אַנדערשדיקע געשטאַלט־לעכע פאָרמאַציע אין פאַרגלייך מיטן נייעם זונס ענגליש; טאַקע אַנדערע ווערטער און קלאַנגען אָבער די אַמאָליקע טיפּישע שטריכן אויפן פּנים שטאַרק אָפּגעריבן. בקיצור, לויטן אויסזען פונעם דרויסנדיקן פאַסאַד האָט מען געקענט זאָגן: מזל טוב, די נייע צוויי דורות האָבן זיך ענדלעך אויס־געגלייכט, דער טאַטע האָט די מאַמע געגומען, מ׳שטיינס געזאָגט.

מיט דער צייט איז אָבער אַלץ שטאַרקער געוואָרן דער חשד אַז דאָס איז ניט די גאַנצע מעשה. אמת, קיין היציקע וויכוחים זענען מער צווישן

די צוויי נייע דורות ניט פֿאַרגעקומען. יעדע מחלוקה, ווען זי האָט זיך אַמאָל צעשפּילט, האָט גענומען אויסקוקן ווי לעכערלעך ביי ביידע צדדים. למאי נפקא מינה? מען האָט שוין באַלד גאָר נישט געקענט געפינען קיין ענין וועגן וואָס צו אַמפּערן זיך. ווען זיי האָבן בכלל גערעדט צווישן זיך האָבן זיי זיך אויסגעלערנט צו נוצן אַ שטיל קול און גלאַטיקע באַוועגונגען. דער נייער טאַטע האָט אין אַמעריקע דערפילט אַז אין באַציאונגען צום זון דאַרף ער ביי זיך אַנטוויקלען אַן אויסגעאַרבעטן טאַקט. ביים זון האָט כיבוד אב זיך אַרומגענומען מיט פֿאַרמעלער העפלעכקייט. אין די געוויינטלעכע, קליינע שמועסן צווישן זיי זענען די טעמעס געווען משפחה־זאַכן, פּערזענלעכע נחתן, שוועריקייטן, אינצידענטן, קורצע באַריכטן וועגן איך־דו־ער־זי, וכדומה. טאָמער האָט זיך דער שמועס אַריינגעריסן אין אַ וויכוח וועגן ערנסטע פּראָבלעמען — יידן, וועלט־לאַגע, לעצטער חורבן, ישראל, און נאָך אַזעלכע היכע ענינים — האָט ער ניט לאַנג געדויערט. דעם זונס ניט צו ליידנשאַפט־לעכע פֿאַראינטערעסירטקייט האָט געלאָזן דעם טאַטן כסדר איבערחזרן זיין אַרגומענטאַציע, ווי אַן אויסגעשפּילטער פּאָנאָגראַף־רעקאָרד וואָס מען האָט פֿאַרגעסן אָפּצושטעלן.

ווען מען האָט זיך טיפער אַריינגעטראַכט אין די באַציאונגען צווישן טאַטן און זון אין אַמעריקע האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד וואָס איז געווען אַקוראַט דער היפּוך פון דעם וואָס מיר האָבן פריער געזען אין דער אַלטער היים. פריער האָט פונעם טיפן תהום וואָס צווישן די צוויי דורות אַרויסגע־קוקט אַ פֿאַרבליבענע וואָרצלדיקע נאָענטקייט צווישן זיי. איצט האָט אין דער דרויסנדיקער נאָענטקייט געלויערט אַ שווינדלענדיקער תהום. ווען די אילוזיע פון דערגרייכטן שלום איז צערונען געוואָרן האָט מען ערשט אַרויסגעזען דעם פולן פֿאַרנעם פונעם תהום. ער איז געווען אַזוי ריזיק, אין אַלע דימענסיעס, אַז קיינער האָט מער ניט געוואַגט, זיך מיאש געווען, צו בויען אַ בריק איבער אים. צווישן טאַטן און זון איז דאָ, אין אַמעריקע, די אָפּגעפרעמדקייט געוואָרן פולשטענדיק און פֿאַרענדיקט. דער זון האָט גענומען אַנדערש דעפינירן זיין יידישע עקזיסטענץ; עס איז געוואָרן אַ הוילער פֿאַקט פון אַ געשעענער פֿאַראַנענקייט וואָס קען צו קיין שום מאָטיווירונג ניט צוגעפירט ווערן. אָט אין דעם האָט זיך אַנטפּלעקט אַ טראַגעדיע וואָס איז אין דער היגער סביבה אומגעריכט באַפאַלן סיי די רעליגיעזע, סיי די סעקולערע יידן וואָס זענען געבוירן געוואָרן מיטן אָטעם פון דער אַלטער וועלט.

דאָרט וואו ייד־געפיל האָט אַ פֿאַרוואָס, מעג עס זיין ראַציאָנאַל פֿאָר־מולירט, אָדער מיסטיש געאַנט, אָדער בלויז סימבאָליש אויסגעדריקט, אָדער אַן ווערטער געפילט, אין די אַלע פאַלן ווערט ממילא דער גאַנצער איך פֿאַרוויקלט אין דעם פּראָצעס. דאָס איז דאָך דער געדאַנק פון „כל עצמותי תאמרנה", מיין גאַנץ וועזן, די גאַנצע פּערזענלעכקייט באַטייליקט זיך, אידענ־

טיפּיצירט זיך מיט אַ יידישן אַקט. אָבער דאָ געפינען מיר זיך פּנים אל פּנים מיט אַ ציוויליזאַציע וואָס איז מער דיפערענצירט, צעטיילט אויף פאַרשידענע פונקציעס, קאַטעגאָריעס, אַריינגעלייגט אין באַזונדערע קעסטלעך וואו איינס קען האָבן אַ קנאַפּע שייכות מיטן צווייטן.

דאָס קעסטל וואו ייד־געפיל האַלט אָן זיין עקזיסטענץ האָט אַ טענדענץ צו נעמען אויף זיך אַ פּראָפעסיאָנעלע הויט, אַ פאַך־באַוואוסטזיין. דער זון ווייס אויסגעצייכנט אַז ווען דער טאַטע שטאַרבט דאַרף ער שטיין לעבן קבר און זאָגן קדיש. ער צווייפלט ניט קיין רגע אַז ער דאַרף עס טאָן. אָבער קענען זאָגן קדיש, דאָס איז לחלוטין ניט זיין זאַך, פאַר דעם איז פאַראַן אַ פּראָפעסיאָנאַל וואָס שפּילט די ראָלע פונעם זאָגער און ער, דער זון, זאָגט נאָך. ביי אַזעלכע טרויעריקע געלעגנהייטן באַמערק איך אָפט אַז אונדזעריקע יידן וואָס שטייען דערביי לאָזן אַראָפּ די קעפּ, ווילן ניט קוקן דעם זון אין פּנים אַריין אים ניט צו פאַרשעמען וואָס ער קען נעבעך קיין קדיש ניט זאָגן. דאָס איז זייער גרויסער טעות. דער זון שעמט זיך גאָרניט, ער האַלט עס ניט פאַר זיין זאַך; עס איז פונקט ווי מיט בגדים. אַוודאי דאַרף יעדער מענטש טראָגן קליידער, אָבער מאַכן זיי, דאָס געהערט צו אַ פּראָפעסיאָנאַל. ניט יעדער מענטש איז מחוייב צו זיין אַ שניידער. אין דער אַלטער היים האָט דער זון געזאָגט קדיש, דאָ זאָגט ער נאָך און צווישן „זאָגער" און „נאָכזאָגער" ליגט, ווייזט אויס, אַ תהום, ניט אַריבערצושפּרייזן.

מען האָט מיר אַנומלט דערציילט וועגן אַן אַנפירנדיקן פּראָפעסיאָנעלן עסקן אין יידישע צרכי ציבור אַז ער האָט געפירט זיין טאָכטער צו דער חופּה אין אַ פּראָטעסטאַנטישער קירך. די אינסטיטוציע וואָס ער איז איר פירער און פאַרשטייער, האָט אַפילו ניט געטראַכט אים דאָס אויפצוּוואַרפן. מעגלעך אַז צווישן די גבאים זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן איינ־געזאָפּט אַביסל יידישע לופט פון מעבר לים און עס האָט ביי זיי אין האַרצן געפּיקט דער „היתכן?" אָבער מען האָט זיי מסתמא באַרואיקט דערמיט וואָס דאָס איז דאָך סוף כל סוף אַ פּריוואַט־זאַך און פּריוואַט־לעבן געפינט זיך אין אַן אַנדער קעסטל, ווייט אָפּגעטיילט פונעם קעסטל וואו עס ליגט יענעם עסקנס פאַרצייכנטער פּלאַן פון זיינע יידישע אויפגאַבעס. אַמאָל איז דער רב אין שטעטל געווען אַ מין גענעראַל, להבדיל, פון אַן אַרמיי, אַלע יידן זענען געווען אַקטיווע זעלנער און ער האָט פאַרלייכטערט זייער לעבן דורך גיין פאָרויס און ווייזן אַ וועג. פונקט אַזוי האָט געטאָן דער פּאַרטיי־פירער. די פּסיכישע נאָענטקייט צווישן רב און פּאַרטיי־פירער איז געווען אַ סך גרעסער ווי עס האָט זיך ביידן אויסגעוויזן. דעם ראַביס פונקציעס זענען אין גאַנצן אַנדערע. ער איז מער אין דער קאַטעגאָריע פון אַ פּראָפעסיאָנעלן שוישפּילער וואָס דאַרף באַדינען מיט זיין פאַך זיין פובליקום, די פּאַסיווע צוקוקער. ווען

די שפּיל איז פֿאַרענדיקט גייען די צוקוקער אַהיים, לאָזן זיך אַריין אין אַ לעבן וואָס ווינקט צו זיי פֿון אַן אַנדער קעסטל.

דריי דורות. מיט די ערשטע צוויי זענען מיר באַקאַנט פֿון פּערזענלעכער איבערלעבונג און פֿון אונדזער מיטשפּיל אין דער גרויסער יידיש־היסטאָרישער דראַמע. אייגנטלעך זענען זיי בלויז וואַריאַציעס פֿון אַ צוויי־טויזנט־יאָריקן נוסח. דער דריטער דור איז עפּעס נייס און נאָך מער — רעטעניש. אַוודאי וואָלט זיך געוואָלט טרעפֿן דעם באַשייד: וואָס קען אַזאַ דור אונדז געבן מאָרגן, איבערמאָרגן? די יידישע געשיכטע אין אַמעריקע איז נאָך צו יונג אונדז צו געבן ממשותדיקע לעקציעס וועגן דער צוקונפֿט.

(1956)

# פאָלק־כאַראַקטער

מיין פריינד, בן פלוני, האַלט גרייט אַ סך שאַרפע ווערטער אָנגעפעפערט אויף זיין צונג. ווען ער רעדט וועגן יידן, וועגן קאָנקרעטע יידישע גרופּירונגען, אַפילו די וואָס ער אַליין געהערט צו זיי, צייכנט ער זיך ניט אויס מיט צופיל קאַרגשאַפט אויף זיינע בייסיקע סאַרקאַזמען. ער פאַרמאָגט אַ פאָטאָגראַפישן זכרון פאַר אַזעלכע ווערטלעך ווי אַז יידן זענען אַן עם קשה עורף, אַן עמא פזיזא; אַז לעבן זאָל מען צווישן גויים, שטאַרבן צווישן יידן; אַז מיט יידן איז גוט קידוש צו מאַכן, בקיצור, ער קען ניט פאַרגעסן דאָס באַרימטע ווערטל: „אַ קליין פאָלקעלע אָבער אַ פאַסקודנע". אָט אַזוי שטראָפט ער מיט זיין בייזערדיקן נוסח אין פריוואַטע שמועסן בעל־פה.

אָבער אין דער עפנטלעכקייט, ווער שמועסט מיט דער פעדער אויף פּאַפּיר, דעמאָלט ווערט אַנדערש די טעמע און אַנדערש דער צוגאַנג; דעמאָלט איז אים מער ניחא אַנטקעגן צו שטעלן יידן קעגן גויים, ווערן יידן לויטער צדיקים און גויים הוילע רשעים. און אַז מען וויל דאָס באַווייזן מיט שטאַרקע ראיות, איז עס ניט קיין צו גרויסע הכבדה. מען נעמט ביי יידן אַזאַ טיפּ ווי שלום עליכמס טביה, און פון גויים קלייבט מען אויס אַ מיטגליד פון קלו קלאָקס קלען און דאָס בילד איז פאַרטיק. נאָך ערגער איז דאָס וואָס דער איבערגאַנג צום עפנטלעכן פּירוש מאַכט פון אַלע יידן איין ייד. עס פאַרשווינדן אַלע באַזונדערע, צעטיילטע גרופּירונגען, וואָס איינע פון דער צווייטער איז אָפּט כרחוק מזרח ממערב.

ניט בעסער איז דאָס וואָס ביי אַזאַ צוגאַנג ווערט פון אַלע גויים איין גוי. עס קומט אויס אַז עס איז ניטאָ די מינדסטע נפקא מינה צווישן, כאַפּן מיר אָן, באַסקן און רוטענער, אָדער צווישן האָלענדער און קראָאַטן. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז מיין פריינד, בן פלוני, איז אַ מזרח־אייראָפּעאישער ייד. ווען ער זאָגט גויים ליגט אים מסתמא אין זינען בלויז סלאַוון און, צוליב אונדזער לעצטן גרעסטן אומגליק, דייטשן. אָבער ער באַמערקט ניט אַז דאָס וואָס ליגט אים אין זינען און דאָס וואָרט וואָס ער באַנוצט שטימען ניט איינס מיטן אַנדערן. נאָך מער, אַפילו ווען אים זאָל ליגן אין זינען ניט בלויז די קאָנקרעטע דערפאַרונג פון זיין פערזענלעך לעבן נאָר אויך דאָס וואָס אים איז באַקאַנט פון זיין לערנען און לייענען, איז אַלץ דאָס וואָרט גויים אַ צו ברייטע ראַם פאַר דעם וואָס ער וויל אין איר אַריינפּאַסן.

וואָס וואָלט אַ ייד געענטפערט ווען מען זאָל אים פרעגן צי ער האָט אויך בדעה איינצושליסן אינעם וואָרט גויים אַזעלכע פעלקער אָדער עטנישע גרופּעס ווי אַביסינער, קאַפירן, עסקימאָסן, טאַסמאַניער און אינדיאַנער?

ער וועט זיין לאָגיש געצוואונגען צו זאָגן יאָ, ווייל סוף־כל־סוף באַטייט דאָך דאָס וואָרט גויים אַלע מענטשן וואָס זענען ניט קיין יידן. אָבער זיין געדאַנק און קאָפּ גייט מסתמא ניט ווייטער ווי קריסטן; אפשר, ספּעציעל צוליב די געשעענישן אין מדינת ישראל, האָט זיך ביי אים די ראַם אַביסל אויסגעצויגן און איז אויך, בשעת הדחק, כולל אין זיך מאַכמעדאַנער. אָבער אפילו אין דעם פאַל קען מען גאַנץ זיכער אָננעמען אַז ווען אַ ייד רעדט וועגן גויים האָט ער דער עיקר אין זינען קריסטן. אַ מזרח־אייראָפּעאישער ייד שטעלט אַוועק נאָך ערגערע גרענעצן וואָס רירן כמעט ניט אָן אַזעלכע גויים ווי, למשל, אַנגלאָ־סאַקסן.

דער פּועל־יוצא איז אינטערעסאַנט. עס קומט אויס אַז אין פּריוואַטן, דירעקטן לעבן, ווען אַ מענטש רעאַגירט אומפאַרמיטלט אויף געגעבענע, באַלדיקע סיטואַציעס — ווי, למשל, מיין פריינד, בן פלוני, ווען ער קאָמענ־טירט אויף איינצלנע אָדער גרופּעס יידן — טוט ער עס לויט אַנדערע פּרינציפּן ווי בעת ער דריקט אויס זיין געדאַנק, זיין טראַכטן, וועגן גענעראַ־ליזירטע באַגריפן. אַזעלכע טערמינען ווי יידן, גויים, זענען אָביעקטן פון געדאַנק; דער קאָנקרעטער ייד, אָדער גוי, רופן אַרויס באַציאונגען פון דירעקטן לעבעדיקן לעבן.

די סתירה צווישן לעבן און טראַכטן, צווישן באַציאונגען צו מענטשן און טראַכטן וועגן זיי, צווישן דעם צוגאַנג צו איינצלנע פון אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער קאַטעגאָריע און טראַכטן וועגן דער זעלביקער קאַטעגאָריע ווי אַ גענעראַליזירטע גאַנצקייט, בקיצור, די סתירה צווישן די דאָזיקע צוויי אופנים פון האַנדלונג און געדאַנק כאַראַקטעריזירן אַ סך ערנסטע רעטענישן פון אונדזער לעבן. עס איז אונדז צו גוט באַקאַנט אַז אַ גוי, למשל, קען האָבן די פיינסטע באַציאונג צו זיינע יידישע פריינד און באַקאַנטע און דאָך קען ער זיין, אין ערנסטן זינען פון וואָרט, אַ שונא ישראל. דאָס זעלביקע איז זייער מעגלעך ביי אַ יידן, סיי אין זיין באַציאונג צו יידן פון זיין סביבה און צו די פון זיין טעאָרעטישן קוק, און אויך צו גויים פון דיביידע מינים, פון זיינע אייגענע פּערזענלעכע באַגעגענישן, פון איין זייט, און פונעם בילד פון גויים וואָס ער טראָגט אין זיין פאָרשטעלונג, פון דער צווייטער זייט.

זאָל דאָס, אגב, אונדז לערנען ניט צו זיין צו איילִיק אין וואַרפן חשדים פון היפּאָקריטישקייט אויף מענטשן ווען מען דערזעט ביי זיי די דערמאָנטע סתירות. עס איז בלי ספק אמת אַז צו האָבן צו טאָן מיט מענטשן וואָס זענען גלייכגילטיק און קאָנסעקווענט איז פאַר אונדז זייער אַ וויכטיקע מעלה. דאָס ווייזט אונדז קלאָר דעם מענטשנס לעבנס־ריכטונג, עס גיט אונדז אַ מעגלעכ־קייט צו וויסן אין פאָרויס ווי אַזוי יענער וועט האַנדלען אין געגעבענע פאַלן. אָבער די דאָזיקע פאָדערונג ווערט פון אונדז שטרענג געשטעלט בלויז אין אונדזערע אייגענע טראַכט־מאָמענטן, ווען מיר ווערן באַהערשט פון די כללים

פון לאַגישן דרך. אין מאָמענטן פון אַקטיוון לעבן איז אונדז מער ניחא דער מענטש וואָס איז אַ האָרעלע ווינציקער קאָנסעקווענט, וואָס מאַכט אַמאָל אַ יוצא מן הכלל, וואָס האַלט אַז „צו גראַמאַטיק דאַרף מען אויך האָבן שכל".

ווען מיר רעדן וועגן די פאַרשיידענע כאַראַקטער־שטריכן פון לעבן און דענקען קען עס מאַכן דעם איינדרוק אַזוי ווי דאָס וואָלטן געווען צוויי באַזונדערע שטראָמען, וואָס יעדער פון זיי איז אינגאַנצן פאַר זיך. דאָס איז דאָך, פאַרשטייט זיך, ניט ריכטיק. מען לעבט טראַכטנדיק און מען טראַכט אין יעדן מאָמענט פון לעבן. זיי ווירקן איינס אויף ס'אַנדערע; זיי פלעכטן זיך דורך איינס מיטן אַנדערן. מוז דאָך דאָס ממילא פירן צו קאָמפּליקאַציעס און צרות מכל המינים. ברענגט דאָס מיך צוריק ניט בלויז צו די סתירות־דיקע שטעלונגען צו יידן מצד מיין פריינד, בן פּלוני, נאָר צו עטלעכע נאָך וויכטיקערע קשיות: וואָס זענען טאַקע יידן אין דער אמתן? וואָס איז די שייכות צווישן רעב ישראל און כל ישראל? וואָס דאַרף מען טאָן כדי, ביים באַשליסן וועגן אַזעלכע ענינים, זאָלן מיר ניט בלויז באַפרידיקן אונדזערע „פּאַטריאָטישע" אָדער אולטראַ־קריטישע געפילן, נאָר טאַקע זיך סומך זיין אויף עפּעס וואָס האָט אַן אָביעקטיוון ווערט? וואָס, גענוי, מיינט אַ מענטש ווען ער זאָגט „יידן" — ליגט אים אין קאָפּ דער עיקר דאָס וואָס עס איז פאַר־שריבן אין „ספר" וועגן דעם עם־הספר? איז ער זיך סומך אויף זיין פּערזענ־לעכע דערפאַרונג מיט יידן? באַזירט ער זיין משפט וועגן יידן אויף לויפיקער נייעס וואו יידן זענען פאַרוויקלט, אָדער אויף די טאָג־טעגלעכע האַנדלונגען פון יידישע אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַציעס? אפשר איז זיין פאַרשטעלונג וועגן יידן אַ קאָמבינאַציע פון די אַלע מאָמענטן צוזאַמען?

דער דורכשניטלעכער מענטש, ווי מיר ווייסן, איז ניט צוגעבונדן צו אַ שטענדיקער מיינונג וועגן אַזעלכע ענינים, ביי אים הענגט אַלץ אָפּ פון דער געלעגנהייט. אַמאָל וועט ער זאָגן: „יידן זענען פּונקט ווי אַלע מענטשן, פאַראַן גוטע און שלעכטע, שיינע און מיאוסע, פּונקט ווי ביי אַלע מענטשן". אַ רגע שפּעטער, ווען די געלעגנהייט בייט זיך, האָט ער גאַנץ באַשטימטע מיינונגען וועגן די אונטערשיידן צווישן ענגלענדער און רוסן, צווישן גויים און יידן, אפילו צווישן גאַליציאַנער און ליטוואַקעס. אָבער אויך אַזעלכע, ווען איר ווירקט אַז זיי זאָלן טראַכטן אַביסל טיפער וועלן זיי אייך מודה זיין, אַז „אַלע גלייך" איז גלאַט אַנדערש פון דעם ווי מענטשן און פעלקער זעען אויס אין דער פּראַקטיק. ווידער „אַלע ניט גלייך" זאָגט זיך אויך לייכטער ווי עס באַווייזט זיך. אין וואָס ניט גלייך? ווי קענען מיר זיין זיכער אַז אונדזער איינדרוק איז אַ ריכטיקער? אָט אַזוי עפנט זיך פאַר אונדז דער גאַנצער פּראָבלעמען־תהום וועגן פאָלק־כאַראַקטער.

אַז יעדעס פאָלק איז אַ האָרעלע אַנדערש, וואָרפט זיך שטאַרק אין די

אויגן, אַלע וועלן, דאַכט זיך, מודה זיין אַז ענגלענדער, למשל, זענען מער טאָלעראַנט ווי, כאָפּן מיר אָן, פּאָליאַקן, און רוסן זענען מער ערנסט און פאַרזאָרגט ווי, למשל, אַמעריקאַנער. איז דאָס שטענדיק אַזוי געווען? האָבן די זעלביקע פעלקער אין אַלע צייטן אַרויסגעוויזן די זעלביקע אייגנשאַפטן? מוז דאָס שטענדיק אַזוי בלייבן? ביי אַ סך וואָס זענען געוואוינט צו כאַראַקטעריזירן די טבע פון פעלקער קומט אויס, אַז די אייגנשאַפטן זענען שטענדיקע, געגעבענע משֵשת ימי בראשית. ממילא איז גענוג צו ברענגען אַ ראיה פון הונדערטער אָדער טויזנטער יאָרן צוריק און אָננעמען, אַז אויב מען האָט דעמאָלט געזאָגט אַז יידן, למשל, זענען אַן עם קשה עורף איז דאָס מסתמא אמת אויך איצט. בקיצור, פאָלק־כאַראַקטער איז אַן איינגעבוירענע זאַך, וואָס קען זיך מער ניט בייטן.

פאַראַן דריי וויסנשאַפטן וואָס זענען דירעקט פאַראינטערעסירט אויסצופאָרשן דעם כאַראַקטער פון פעלקער: אַנטראָפּאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און סאָציאָלאָגיע. קען מען בלויז זאָגן, אַז קיין איינער פון די דריי האָט זיך ניט איינגעגעבן צו באַווייזן אַז פאָלק־כאַראַקטער איז איינגעבוירן. עס איז אַ סך רעאַלער אָנצונעמען, און עס לייגט זיך אויך גרינגער אויפן שכל, אַז דער כאַראַקטער פון אַ פאָלק פאָרמירט זיך לויט די לעבנס־תנאים וואָס נעמען עס אַרום און האַלטן עס אין איין טרייבן אין גאַנץ באַשטימטע ריכטונגען. אמת, אויך פאַרגאַנגענע צייטן זענען אַ טייל פון די לעבנס־תנאים וואָס ווירקן אין איצטיקן מאָמענט. אַ געלערנטער האָט אַמאָל דעפינירט אַ פאָלק ווי אַ גרופּע וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטענדיקן פּלעביסציט וואו אויך די טויטע האָבן זייער שטימרעכט. אָבער, פאַרשטייט זיך, וואָס ווייטער און אַנדערשדיקער, אין פאָרעם און אינהאַלט, עס איז די פאַרגאַנגענע געשיכטע פונעם פאָלק לגבי דעם לעבן פון היינטיקן טאָג, אַלץ מער בייט זיך דער כאַראַקטער פונעם פאָלק אין פאַרגלייך מיט דעם ווי עס איז אַמאָל געווען.

די וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור ווייסט פון אַ סך ביישפּילן פון פעלקער, וואָס האָבן גרינטלעך געביטן זייער כאַראַקטער אין משך פון זייער געשיכטע. איצט, אין דער היינטיקער צייט, איז אַוודאי ניט נייטיק צו גיין צו ווייט כדי צו באַשטעטיקן דעם דאָזיקן געדאַנק. די פוילקייט פונעם רוסישן מענטשן איז געווען אַ שם־דבר. ווען די באָלשעוויקעס האָבן פּראָקלאַמירט זייער ציל אַריבערצויאָגן אַמעריקע האָבן אַלע געלאַכט. אַ פאָלק פון אַבלאָמאָווס, פון פאַרשלאָפענע פּויליאַקעס, קען קיינמאָל זיך ניט אָננעמען מיט יענער פּלאַמיקער אַקטיוויטעט, מיטן רייסיקן דינאַמיזם, וואָס האָט אויפגעלעבט די אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. היינט וויסן מיר שוין, אַז דער סאָוויעטישער מאַשין איז היפּשלעך געראָטן צו בייטן דעם שטריך פון איינגעוואָרצלטער פלעגמאַטישקייט פון רוסישן פאָלק. בכלל, די כאַראַקטער־ענדערונגען וואָס

זענען פאָרגעקומען אין רוסלאַנד בנוגע אַ סך אַנדערע פּרטים איז ממש צו שטוינען.

לאָמיר קומען אַביסל נענטער צו דער אייגענער היים. דערמאָנט זיך דעם יידן פון אונדזער אַלט־אַלטער טראַדיציע, דעם יידן פון „תורה איז די בעסטע סחורה", דעם למדן, דעם חסיד, דעם טעג־עסער, דעם תמימות־דיקן בעל־מלאכה, דעם פאַרגלותטן קרעמער, פאַרגלייכט זיי מיט די יידישע טיפּן פון לעצטן האַלבן יאָרהונדערט און איר כאַפּט גלייך דעם אָפּגרונט וואָס ליגט צווישן זיי. דער רעוואָלוציאָנער פון 1905 אין רוסלאַנד, דער פּיאָנער פון דער צווייטער עליה אין ארץ ישראל, דער אַרויפגעאַרבעטער פּירער פון דער ניו יאָרקער קליידער־פירמע, דער זעלנער, דיפּלאָמאַט און רעגירונג־מענטש פון מדינת ישראל, דער ליטוואַק וואָס איז אַן עסקן אין אַן אַמעריקאַנער רעפאָרמירטן טעמפּל, דער יידישער שרייבער וואָס האָט ניט די מינדסטע שייכות צום אַמאָליקן מחבר און וואָס, אַנשטאָט זיך צו רופן לויטן נאָמען פון זיין בוך, ווי עס איז געווען דער מנהג ביי די שרייבער פון ספרים, איז גרייט צו לאָזן אויסרופן זיין נאָמען פון אַלע גאַניקעס און דעכער; דער פּראָפעסיאָנעלער כלל־טוער, וואָס אָפּגעבן זיך מיט צרכי־ציבור איז זיין פּראָפעסיע; דער ראַביי וואָס איז אין אַלע פּרטים נענטער צום פּראָטעסטאַנטישן גייסטלעכן ווי צום אַמאָליקן רב. נעמט צונויף די אַלע נייע געשטאַלטן און טיפּן, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די טרייבנדיקע כוחות פון יידישן קיבוץ־לעבן זינט דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט, און איר וועט זיך כאַפּן, אַז דאָס איז דאָך ממש אַן אַנדער פאָלק ישראל. זאָל נאָר אַוועקגיין דער דור וואָס האָט אַליין געגעסן טעג און וואָס אין זיין נשמה לייכטן נאָך די פונקען פון יענעם גייסטיקן קאָנטינענט, דעם דור וואָס קען נאָך אַריינגעמען אין זיך מיט אַזאַ אינטימער ליבשאַפט שלום עליכמס אַ טייטש: „כסף וזהב מעשה ידי אדם — געלט באַגראָבט אַ מענטשן", זאָל נאָר אַוועקגיין דער דאָזיקער דור וועלן דאָך בלויז ספרים און ביכער וויסן, אַז עס איז אַמאָל געווען אַן אַנדער, גאָר אַן אַנדער פאָלק ישראל.

מען מוז מודה זיין אַז, אמת, ווען מען גראָבט טיף גענוג אין יעדן פון די דערמאָנטע אויפגעקומענע נייע טיפּן קען מען נאָך געפינען אין זיי סימנים פון ישראל סבא. אָבער פונקט ווי דער היינטיקער זעט אויס אַנדערש פונעם אַמאָליקן מיט זיין לאַנגער באָרד און זיין ספּעציעל־יידישער הלבשה, אַזוי איז ער אויך אַנדערש, ווייט אַנדערש, אינעם פאָלקישן כאַראַקטער וואָס לעבט אין אים.

ניין, עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי איינגעבוירענער, שטענדיקער, אומ־פאַרענדלעכער יידישער כאַראַקטער, אָדער פאָלק־כאַראַקטער בכלל; בלויז דער גאַנצער קאָמפּלעקס פון איצטיקן און געווירשנטן שטייגער, פון דער ספּעציפישער גאונות וואָס דאָס פאָלק האָט אַרויסגעבראַכט — און איז נאָך

איצט געגוג לעבעדיק אין פאָלק — און פון דער גאונות וואָס עס ברענגט איצט אַרויס, פון די אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטלעכע אויסדרוקן וואָס כאַראַקטעריזירן איצט די סאָציאַלע סטאַנדאַרדן וואָס באַשטימען דעם אַפּעליר־כוח פון פאָלק צום יחיד, אָט אין דעם, און אין אַלץ וואָס איז דערמיט פאַרבונדן, שפּיגלט זיך אָפּ דער כאַראַקטער פון אַ פאָלק. דאָס מאַכט אויך קלאָר אויף וואָסערע מעטאָדן מען קען לייגן האָפענונגען ביים אויספאָרשן די טיפּישע אייגנשאַפטן וואָס כאַראַקטעריזירן אַ פאָלק.

איך האָב אַמאָל געהערט ווי עמעצער האָט אין אַ שמועס געוואָלט באַווייזן אַז יידן פאַרמאָגן אין אַ גרעסערער מאָס ווי אַנדערע פעלקער די מידה פון רחמנות. ער האָט זיך געשטיצט אויף דער טראַדיציאָנעלער כאַראַקטעריס־טיק פון יידן: „רחמנים בני רחמנים". דערויף האָט דער צד שכנגד גלייך גענומען וואַרפן מיט פאַקטן פון יידישע אומברחמנותדיקע גזלנים און מערדער. לויט ווי דער ענין ווערט דאָ פאַרשטאַנען, האָבן די טענות פון ביידע צדדים אַ גאַנץ קנאַפּע שייכות צו דער פראַגע אויף ווי ווייט יידן באַזיצן די מידה פון רחמנות. דער צד וואָס איז זיך סומך אויף אַ מאמר חז"ל גייט, ווייזט אויס, מיטן גאַנג אַז דאָס וואָס איז חל אויף יידן פון דער תלמודישער צייט איז שוין ממילא אויך חל אויף יידן פון היינט, וואָס דאָס איז לאו דווקא. חוץ דעם איז דאָך מעגלעך אַז דאָס איז אַ צופעליקע כאַראַקטעריסטיק, וואָס אַ יחיד האָט געגעבן וועגן יידן, וואָס פון דעם איז סתם קיין ראיה ניט. דער אַנדער צד, וואָס שטיצט זיין מיינונג אויף יידישע גזלנים, אַרגומענטירט אין דער אמתן וועגן איינצלנע יידן, ניט וועגן כאַראַקטער פון פאָלק. ווי מען זאָל ניט זיין איינגעגלויבט אַז יידן זענען רחמנים בני רחמנים קען דאָך קיין בר דעת ניט אָפּלייקענען אַז ביי אונדז, ווי ביי אַלע פעלקער, זענען תמיד געווען קרימינעלע פאַרברעכער.

מיר מוזן דעריבער זאָגן, אַז פאָלק־כאַראַקטער דריקט זיך אויס אין עפּעס אַנדערש און אויף אַן אַנדער אופן. ווען דער ערשטער צד וואָלט געקענט באַווייזן פון פאַרשיידענע קוואַלן פון פאַרצייכנטן שטייגער פון יידישן לעבן, אַז ביי אונדז שטייגט די מידה פון רחמנות צו אַ הויכער מדרגה; אַז דער מאָטיוו פון רחמנות איז אַן אָנגענומענער סטאַנדאַרד צו אַפּעלירן צו אַ יידישן עולם אין מאָמענטן ווען אַנדערע פעלקער באַנוצן אַנדערע מעטאָדן; אַז אין אונדזער ליטעראַטור פון פאַרשיידענע צייטן פאַרנעמט דער רחמנות־מאָטיוו אַ וויכטיקן פּלאַץ אין די באַציאונגען ניט בלויז צו איינ־ווייניקסטע, נאָר אויך צו דרויסנדיקע; בקיצור, ווען מען קען באַווייזן אַז אין דער קולטור וואָס פּילט אָן די נשמה און דעם גוף פון אונדזער עקזיסטענץ שניידט זיך אַרויס אַ באַשטימטע אייגנשאַפט וואָס ווערט אָנגענומען ווי נאַטירלעך ביי יידן, דעמאָלט קען מען זאָגן אַז דאָס איז אַ טייל פונעם כאַראַקטער פון אונדזער פאָלק.

זאָלן מיר אָננעמען אַז דער כאַראַקטער פון פאָלק האָט ניט קיין שייכות צו די אייגנשאַפטן פון די איינצלנע מיטגלידער? ניין, דאָס ניט. עס לייגט זיך גאָר ניט אויפן שכל עס זאָל קיין שייכות, און דווקא אַ פּאָזיטיווע שייכות, ניט זיין. דאָס פריערדיקע וויל בלויז זאָגן, אַז ווען מען וויל דערגיין די שייכות צווישן כלל און פרט בנוגע כאַראַקטער, הויבן מיר אויף אַ פראַגע פון גאָר אַן אַנדער ווינקל. מיר ווייסן זייער וואויל אַז דער אויפפיר פון אַ קאָלעקטיוון רבים און דער פּריוואַטער אויפפיר פון די יחידים פון זעלביקן רבים זענען ניט אַלעמאָל היינו־הך, אַמאָל צום גוטן, אַמאָל צום שלעכטן, פון איין צד אָדער דעם צווייטן. מיר נעמען אָבער אָן, מיר זעען עס אויך באַשיינפּערלעך, אַז דער גייסט פון אַ קולטור־ספערע, וואָס מאַניפעסטירט דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק, האָט אַ זיכערע ווירקונג — אויף איינעם מער, אַ צווייטן ווינציקער — אויפן גאַנג פון יעדן מיטגליד אין זיינע פּריוואַטע ד׳ אמות.

דאָ קומען מיר צו אַ געוויסער וואַריאַציע פון דעם וואָס פּסיכאָלאָגן רופן די טעאָריע פון טראַנספּערירונג, ד״ה, אויף ווי ווייט דאָס וואָס מען לערנט זיך אויס ביי איין געלעגנהייט טראָגט זיך אַריבער אויף אַנדערע, ענלעכע געלעגנהייטן. פאַרצייטן זענען ביי יידן געווען נביאים און ביי גריכן פילאָסאָפן. אין דעם האָט זיך אויסגעדריקט אַ טייל פון די כאַראַקטער־אונטערשיידן צווישן די צוויי קולטורן. מען מעג אָננעמען אַז אין פּריוואַטן לעבן פון איינצלנע יידן האָט זיך מער געשפּירט די תורה און גריכן האָבן, אין זייער פּריוואַטקייט, מער איינגעזאַפּט די דרכים פון אַנאַליטישער חקירה. ווי גרויס זענען געווען די צאָלן בייביידע פעלקער וואָס האָבן אין זייער לעבן בולט אַרויסגעוויזן דעם כאַראַקטער פון די קולטורן פון זייער פאָלק? שווער צו זאָגן. עס איז אָבער זיכער אַז ביי יידן איז געווען מער אָנגעלייגט דער דרך פון נבואה און ביי גריכן האָט זיך מער אָנגענומען פילאָסאָפיע. אַנדערש וואָלטן אפשר ביידע גאָרניט געבוירן געוואָרן, און אויב אַ נביא דאָ און אַ פילאָסאָף דאָרט וואָלטן יאָ געבוירן געוואָרן וואָלטן ביידע — ניט האָבנדיק קיין געהעריקע קולטור־לופט צו אָטעמען — פרי אויסגעגאַנגען אָן אַ יורש. אָט די באַלעבנדיקע קולטור־לופט מאַניפעסטירט, אין דער ערשטער שורה, דעם כאַראַקטער פון אַ פאָלק.

מיר זענען אַלע באַקאַנט מיט די טיפע ענדערונגען וואָס זענען פאָר־געקומען אין דער יידישער פּסיכיק זינט די לעצטע צוויי דורות. השכלה, און אַלץ וואָס השכלה האָט מיט זיך געבראַכט, זענען געווען פּועל־יוצא׳ס פון גריבטלעכע און וויט־גרייכנדיקע שינויים אינעם גאַנצן אוניווערס פון יידישן שטייגער און זיין איינפלוס אויפן כאַראַקטער פון פאָלק. איצט, מיטן חורבן פון מזרח־אייראָפּע, און זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל ווערן

געביטן אַלטע מאָטיוון און עס קומען צו נייע ווי סטימולירנדיקע כוחות אין אַקטיוון יידישן לעבן. עס ווערט געבוירן אַ נייער ייד וואָס זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבן קיינמאָל ניט געזען. עס וועט זיין אַ ריזיקע פאַר־שערישע אונטערנעמונג אים צו דערקענען, אָבער די וואָס וועלן נעמען אויף זיך די דאָזיקע אַרבעט וועלן פאַרדינען די דאַנקבאַרקייט פון אַלע וואָס לעבן אין צענטער פון פאָלק.

(1957)

# יום־טוב און נדחה

שוין לאַנג ניט געהערט יידן זאָלן זיך באַגריסן מיט „גוט שבת", „גוט יום־טוב", ביי די פּאַסיקע געלעגנהייטן. אמת, ביי די זייער פרומע יידן איז גאָר ניטאָ קיין אַנדער באַגריסונג־פאָרם אין יענע טעג, פּונקט ווי אין די גאָר אַמאָליקע יאָרן. אָבער איך האָב דאָ אין זינען יידן, טאָקע ניט קיין פרומע, אָבער אַזעלכע וואָס היטן אָפּ אין פּריוואַטן לעבן אַ צאָל טראַדיציאָנעלע מנהגים פון שבת און יום טוב; זיי ווילן לאָזן פילן אין זייערע היימען די יידישע באַזונדערקייטן פון די דאָזיקע טעג. דאָך ווען זיי באַגעגענען זיך איינס ס'אַנדערע אין אַזעלכע טעג קומט דער געוויינטלעכער „גוט מאָרגן", „גוטן אָוונט", ווי אין אַלע וואָכעדיקע טעג פון אַ גאַנץ יאָר.

וואָס די סיבה דערפון זאָל ניט זיין איז עס, קודם כל, אַ פּאַרדריסלעכער שאָד פאַרוואָס עס שטאַרבן אָפּ ביי אונדז אַזעלכע שאַרף־געצייכנטע אויסדרוקן פון אונדזער שטייגערשן אידיאָם. ביי אונדזערע ניט־יידישע שכנים איז די זאַך אַביסל אַנדערש. דאָרט איז שוין פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן רעלי־גיעזע און סעקולערע פייערטעג. עס איז אויך אַ נפקא מינה צווישן פאָלק און פאָלק. מעגלעך אַז אויך פאַרשיידענע היסטאָרישע פּעריאָדן האָבן אַריינ־געבראַכט געוויסע שינויים אין שטייגער פון זייער באַגריסן זיך אין אויסגע־טיילטע ספּעציעלע טעג.

אין אַלגעמיין זעט אויס, אַז אין דער ניט־יידישער וועלט ברענגען די סעקולערע פייערטעג קיין שום ספּעציעלע באַגריסונג ניט; עס איז „גוט מאָרגן", „אַ גוטן טאָג", אאַז"וו. ביי רעליגיעזע יום־טובים איז די טענדענץ צו האָבן באַזונדערע אויסדרוקן לויטן כאַראַקטער פונעם יום־טוב. ביי יידן זענען אויך פאַראַן אין געוויסע פאַלן אַנדערע סאָרטן ווינטשעוואַניעס, למשל, „אַ פריילעכן חנוכה", „אַ כשרן פּסח", אָבער די באַגריסונג־פאָרמען זענען די זעלביקע: „גוט שבת" און „גוט יום־טוב". אין דעם איז ניטאָ קיין שום ספּעציעלקייט לגבי יעדן וואָכעדיקן טאָג. דאָס איז דאָך ריכטיק בנוגע „גוט", היינט דאָס וואָרט „שבת" האָט אויך ניט קיין שום באַזונדערקייט אין זיך; עס איז דאָך דער נאָמען פונעם זיבעטן טאָג פון דער וואָך. אמת, מען זאָגט ניט גוט זונטיק, אָדער גוט מאָנטיק, מען זאָגט בלויז גוט שבת. הייסט עס, אַז לכבוד שבת הייבט מען בלויז אַרויס דעם נאָמען פונעם טאָג, מען שטרייכט אונטער זיין אַנדערשקייט אויף אַן אומדירעקטן אופן, אָבער ניט דער „גוט" און ניט דער „שבת" גיבן אַן אָנצוהערעניש וועגן דעם ספּעציעלן אינהאַלט, רעליגיעזן, לעגענדאַרן, אָדער היסטאָרישן.

עפּעס ענלעכס קען געזאָגט ווערן וועגן „גוט יום־טוב". דאָ ווערט אויך אַרויסגעהויבן דער טאָג אין זיין אַלגעמיינער באַזונדערקייט, אָבער ניט אין

זיין ספּעציפישן אינהאַלט. מען זאָגט ניט „גוט פּסח" אָדער „גוט סוכות", בלויז „גוט יום־טוב". אַלע יום־טובים ווערן פֿאַראַלגעמיינערט אין דער באַגריסונג; מען וויל זאָגן אַז אין דעם און דעם טאָג איז אַ יום־טוב ביי יידן, אַ יום־טוב בכלל, ניט מער. אָט די אַלע שטריכן וויזן ניט בלויז דעם אידיאָמאַטישן ווערט וואָס די דאָזיקע אויסדרוקן האָבן אין יידיש, נאָר אויך דעם ספּעציעלן גייסט וואָס יידיש האָט אַריינגעאָטעמט אין די דאָזיקע באַגריסונג־פֿאָרמען.

אין פּלוג זעט זיך ניט אַרויס קיין שום סיבה פֿאַרוואָס אַזעלכע אידיאָמאַטישע ווענדונגען זאָלן פּלוצלונג פֿאַרשווינדן פון אונדזער לשון. אַפילו ווען עמעצער היט ניט אָפּ שבת און יום־טוב אויף קיין שום אופן, איז נאָך אַלץ שבת דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך און עס איז דאָך ביי אַלעמען אָנגענומען אַז פּסח, אָדער שבועות, זענען טעג פון יום־טוב. די באַגריסונג פֿאַרמאָגט ניט אין זיך קיין שום וואונק פון וואָס עמעצער האַלט, אָדער אין וואָס מען גלייבט, אין יענע טעג. דאָס זענען ריין אידיאָמאַטישע ווענדונגען אין דער שפּראַך. אַ סך „אומשולדיקער" אײדער אַזעלכע ווערטער ווי „מער־צעשעם", אָדער „קיינעהאָרע".

פונדעסטוועגן לאָזט זיך פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס דער וואָכעדיקער „גוט מאָרגן" האָט אַרויסגעשטויסן די באַגריסונג־פֿאָרמען פון ספּעציעלע פֿייערלעכע טעג. עס ווייזט אויס, אַז יענע פֿאָרמען האָבן זיך אין אונדזער פּסיכיק אַסאָציאירט מיטן גאַנצן אַרומיקן שבת־געשטאַלט פונעם אַלגעמיינעם יידישן דרויסן, ניט בלויז פון היימישן, פּריוואַטן אויפפיר. איך האָב באַמערקט יידן וואָס ווען זיי פֿאַרענדיקן דאָס דאַווענען אין שול באַגריסן זיי זיך אייגנס ס'אַנדערע מיט „גוט יום־טוב", אָבער ווען די זעלביקע קומען אַרויס אין גאַס און באַגעגענען אַ פֿריינד קומט אַרויס פון זייערע מיילער אַ נאַטירלעכער „גוט מאָרגן". קענטיק אַז אין אַ וועלט, אַ דרויסן, וואָס ווייזט ניט אַרויס קיין קענטיקע סימנים פון יום־טוב, ווערט די ספּעציעלע באַגריסונג־פֿאָרם אַ שול־זאַך, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ טייל פונעם דאַווענען גופא, אָדער אַ ספּעציעלער וואָרט־צייכן אין חברישער שול־עטיקעט. בלויז טיף־פֿרומע יידן, וואָס זעען כמעט ניט דאָס ריכטיקע געשטאַלט פון דער וועלט אַרום זיך, בלויז ביי זיי איז ניט פֿאַרגעקומען קיין ענדערונג צווישן דעם קליינעם שטעטל אין דער אַלטער היים און זייער אויפפיר אינעם אורבאַנישן, אום־יידישן אַמעריקע.

אַן אַנדער סיבה איז מסתמא געווען דאָס וואָס יידיש איז געוואָרן אַ צו נאָענטער שכן, אַפילו אין זעלביקן יידישן מויל, מיט דער אַרומיקער לאַנדשפּראַך. וואָס נענטער מיר קומען צו אונדזער צייט אַלץ קלענער איז געוואָרן די צאָל יידן וואָס יידיש איז געווען זייער איינציקע נאָענטע שפּראַך און זיי האָבן זיך ניט געפֿילט פֿריי אין דער לאַנדשפּראַך. אָט דער פּראָצעס וואָס דורך אים האָט יידיש אַלץ מער פֿאַרלוירן די פּאָזיציע פון אַ פּאַקטישן

איינשפּראַכיקן אינסטרומענט ביים רוב יידן, איז אָנגעגאַנגען מיט האַסטיקער שנעלקייט אַפילו אין די יידישסטע געגנטן פון מזרח־איראָפּע, שוין אָפּ־גערעדט וועגן אַנדערע לענדער. היינט אויב אין דער נאָענט־געוואָרענער, שכנישער שפּראַך איז ניטאָ דער זעלביקער אידיאָמאַטישער צוגאַנג אויפצו־נעמען ספּעציעלע פייערלעכע טעג, לייגט זיך אויפן שכל, אַז דאָס זאָל אויך העלפן פאַרשטויסן דעם אידיאָמאַטישן אויסדרוק אין יידיש.

דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז עמעצער קען ווערן אומגעדולדיק פון די פריערדיקע פּאַראַגראַפן. סוף כל סוף זענען דאָך דאָס אַלץ קליינינקייטן שבקליינינקייטן אין פאַרגלייך מיט די אַלע גרויסע ענינים וואָס שטייען ברומו של עולם היהודי אין דער איצטיקער זייער ניט־זיסער צייט. אָבער אַ טער־מאָמעטער וויזט אויך בלויז אַ קליינעם, נישטיקן אונטערשייד אין אַ ציפער וואָס פון דעם קען אַמאָל אָפּהענגען אַזוי פיל פון אַ מענטשנס געזונט. וואָס מער מיר טראַכטן וועגן די סיבות פון אָט אַזעלכע קליינינקייטן, אַלץ מער שווימען אַרויס געביטענע צושטאַנדן אויף גרויסע שטחים פון גייסטיקן יידישן אָרגאַניזם. ערשט דעמאָלט דערזעט מען, אַז אָט די אַלע קליינינקייטן זענען אין דער אמתן בלויז סימפּטאָמען פון עפּעס וואָס קען אַמאָל זיין זייער גרויס און זייער וויכטיק.

ווי עס זאָל ניט זיין, בעוונותינו הרבים, ווען גוט שבת און גוט יום־טוב האַלטן זיך אין איין דערווייטערן פון אונדז, איז כאָטש גוט וואָס די טעמעס וועגן שבת און יום־טוב זענען געוואָרן פאַרבעטענע געסט וואָס טרעטן ניט אָפּ פון אונדזער סדר היום. אמת, די באַריידעוודיקע מחמירים, די תפסת מרובהניקעס זענען געוואַלדיק אומצופרידן. זיי טענהן אַז אַמאָל, אַמאָל האָט מען אין ערגעץ ניט „באַהאַנדלט" און ניט „רעפערירט" און ניט „דיסקוטירט" די פּראָבלעמען פון שבת ויום־טוב, נאָר מען האָט זיי געלעבט און איבער־געלעבט. מילא, דער תירוץ איז אַז „אַמאָל־אַמאָל" איז טאַקע געווען, און בלויז געקענט זיין אַמאָל, אָבער היינט מוזן מיר לעבן ניט אין אַמאָל־אַמאָל, נאָר אין היינט־היינט. אמת, מען קען נאָך אַלץ ניט צופרידן זיין דערמיט וואָס בנוגע שבת האָט דער עונג שבת אין צופיל פאַלן פאַרטריבן דעם קבלת שבת. דער שאָדן דערפון באַשטייט דערין וואָס קבלת שבת קען זיך אויס־דריקן סיי אין פאָרמעלע אופנים פון געזעלשאַפטלעכן צונויפקום, סיי אין פאָרמען וואָס ליגן אין די גרענעצן פון אינדיווידועלע פּריוואַטקייטן. קבלת שבת קען פאָרקומען אין געשטאַלט פון דאַווענען מיט אַן עדה יידן, דורך לערנען פּרק צוזאַמען און אין פאָרמען פון דראַמאַטישע ריטואַלן. עס קען זיך אויך אויסדריקן אין דער היים דורך אַ ספּעציעלן מאָלצייט, בענטשן ליכט, וכדומה. אָבער עונג שבת, דאָס האָט ניט קיין שייכות צו טאָן עפּעס פּריוואַט, פאַר זיך און דער אייגענער משפּחה לכבוד שבת. אין דעם שטעקט אַ שוואַכ־קייט ווייל עס באַגרענעצט די מעגלעכע פּסיכישע איבערלעבונג. איז ווידער־

אַמאָל, אין די צייטן פון היינט־היינט צווינגט אונדז דער רבונו של עולם אַליין צו זיין אַ מסתפק במועט.

ווען עס קומט צו יום־טובדיקע פייערונגען ווייזן זיך אַרויס אויף אַ שטאַרקערן אופן די דערמאָנטע טענדענצן, און אויך אַנדערע אומגעווינטשטע סימנים, וואָס באַשווערן דאָס געמיט. די אינערלעכקייט פונעם יום־טוב האָט אַרויסגערופן באַשטימטע, פיקסירטע נאָרמען, ריטואַלן, פאָרמען פון אויסדרוק און אויפפיר. עס ליגט אין זיי אַ וואַרטנדיקער נייגיר, כאָטש זיי חזרן זיך תמיד איבער אויפן זעלביקן אופן, אַ רייץ פון עמאָציאָנעלער געשפּאַנטקייט, יראת הכבודיקע סימבאָלן פון מאָראַלע אידייען, אויפטועריש׳ע פּערזענלעכ־קייטן, היסטאָרישע, אָדער לעגענדאַרע געשעענישן. אָט די פיקסירטע פאָרמען — פאָרמען וואָס דערלאָזן ניט די צופעליקע פרייד פון אַ סתם געלעגנהייט־לעכע פייערונג, נאָר הייבן אַרויס דעם לייכטנדיקן גייסט פון היסטאָרישן זינען און פאָלקישן גורל — אָט די פאָרמען ראַנגלען זיך פאַר זייער אייגנ־אַרטיק לעבן אין דער נייער אַמעריקאַנער סביבה.

די סביבה איז גרויס, רייך און שימערירט מיט אַלע קאָלירן פון רעגנ־בויגן. עס איז אַ סביבה וואו מען עסט חלה אין דער וואָכן און מצות אַ גאַנץ יאָר. פּירות פון אַלע קלימאַטן באַשיינען תמיד די פענצטער פון אַלע פּרוכט־געשעפטן. די קליידער פון די וואָכעדיקע טעג האָבן קיין מורא ניט אַז די שבת־יום־טובדיקע מלבושים וועלן מיט זיי קאָנקורירן. ביי די קינדער איז שוין לאַנג פאַרלאָשן דער אידעאַל מען זאָל זיי מאַכן שטיוועלעך וואָס סקריפּן. זיי דאַרפן אויך ניט וואַרטן ביז שבת צו בעטן ביי דער מאַמען שבת־אויבס.

איז אפשר קיין חידוש ניט — כאָטש ניט ווייניקער גרילצנדיק צוליב דעם — וואָס מען האָט דעם סאַמע נאָמען, דעם באַזונדערן קלאַנג „יום־טוב״, אַזוי פאַרוואָכעדיקט אַזוי ווי מען וואָלט אַרויסגענומען דעם סקריפּ פון די שטיוועלעך פון שלום עליכמס ייִנגל־העלד. יעדער פאָרזיצער פון יעדן לאָקאַלן צונויפקום לכבוד עפּעס אַ ווינקלדיקער געלעגנהייט, וועט אָנהייבן זיין רעדע מיט דערקלערן די סיבות פאַרוואָס: „מיר זענען זיך היינט צוזאַמען געקומען אויפן דאָזיקן יום־טוב״. פּסח איז אַ יום־טוב, און עמעצנס אַ געבוירנטאָג, אָדער אַ סעודה לכבוד זיין אָוועקפאָרן קיין האָצעפּלאָץ, איז אויך ניט מער און ניט ווייניקער ווי יום־טוב. עס גייען כמעט אונטער אַזעלכע ווערטער ווי סעודה, שמחה, ליאַמע, פייערונג, אַלץ מוז זיין דווקא „יום־טוב״. עפּעס האָט מען אויפגעהערט צו פילן אַז דורך דעם ווערן אָפּגעווישט די גרענעצן צווישן דעם פאָלקיש־גראַנדיעזן און דעם ענג־לאָקאַלן. צווישן דער אָנגע־זאַפּטער הייליקייט פון אַ היסטאָריש־דויערנדיקן שטייגער — וואָס פון דעם האָט דער טערמין באַקומען זיין רייכן אוצר פון פריידיקער יראת הרוממות — און אַ שמחה פון אַ קליינעם פאַרנעם אָדער מאָמענטאַלן ווערט, אָדער

לכבוד אַן איינצלנעם מענטשן. אָבער ווי וויכטיק דער דאָזיקער סימפּטאָם זאָל ניט זיין וועט זיין גענוג אים צו דערמאָנען ניט מער ווי פאַרבייגייענדיק. יאָ, עפּעס וואָס איז אַ סך וויכטיקער שטייט אין קאָן.

וואָרעם אַ יום־טוב איז אַ סך מער און אַ סך אַנדערש פון סתם אַ פריי־לעכער געלעגנהייט לכבוד עפּעס אָדער עמעצן. יום־טוב האָט אין זיך ספּע־ציעלע שטריכן וואָס זענען אויסגערעכנט צו האָבן אַ דערציערישן ווערט אויף דור נאָך דור. עס לוינט זיך צו פאַרצייכענען די ספּעציעלע מאָמענטן וואָס מיט זיי צייכנט זיך אויס דער יום־טוב.

ראשית, קיינער טראַכט ניט אויס קיין יום־טוב. ער קומט אויף ביס־לעכווייז, ווי אַ פּועל־יוצא פון היסטאָרישע געשעענישן, אָדער דורכנעמענ־דיקע גלויבנס, און ער וואַקסט אויס אין זיין אימפּאָזאַנטן פאַרנעם, אויב ער ווערט בכלל אָנגענומען. ער איז ניט קיינעמס און אַלעמענס אין דער זעל־ביקער צייט. ער דרינגט אַריין אין דער פּערזענלעכקייט מיטן אויפרודערנ־דיקן כוח פונעם אומפּערזענלעכן. ער איז טראַדיציע, געשיכטע, קולטור, פאָלק, אַלץ אַזעלכע אַבסטראַקציעס וואָס קיין שום קאָנקרעטער כוח קען זיך מיט זיי ניט פאַרגלייכן אין זייער כישופדיקער שליטה איבער דער מענטשלעכער נשמה.

שנית, זיין אינהאַלט איז פיקסירט; ער חזרט זיך איבער פון יאָר צו יאָר; ער פאַרמאָגט אַ מין הייליקן מאָנאָטאָן. דער פלאַץ פאַר אינדיווידועלן אויפטו אַריינצופירן עפּעס נייעס איז נאָר אין פּרטים, אָבער ניט אין דער אַלגעמיינער ראַם. בייט איבער דעם גאַנג פון פּסחדיקן סדר און ער וועט פאַלן טויט אונטער אייערע הענט. אַלעמאָל עפּעס נייעס, נייע איינפאַלן, אָריגינעלע נומערן אין אַ פּראָגראַם, דאָס וואָס ברענגט אינטערעסאַנטקייט אין לעבן פונעם קאָנצערט, וועט אָפּטייטן דעם יום־טובדיקן צערעמאָניאַל.

אויב דער צערעמאָניאַל פאַרמאָגט טעקסט, מוזיק, מוזן זיי זיין ספּעציעל צוגעפּאַסט, און טראַדיציאָנעל פיקסירט, פאַר דער ספּעציפישער געלעגנהייט. בלויז קליינע ענדערונגען, און דורכויס אין גייסט פון די פיקסירטע טראַדי־ציעס, קענען דערלויבט ווערן. אַנדערש וועלן זיי אפשר אַרויסרופן די הנאה פון אַן „אונטערנעמונג", ניט פון יום־טוב.

דריטנס, אַ יום־טוב ליגט ניט בלויז אין געפּראַוועטן צערעמאָניאַל, ער שפּרייט זיך אויס אויפן גאַנצן טאָג, אָדער טעג, וואָס ער דאַרף טראַדיציאָנעל פאַרנעמען. אויך אין דעם שפּילן אַ ראָלע פיקסירטע נאָרמען. ער צייכנט זיך אויס מיט ספּעציעלע לידער, מאכלים און אַנדערע פּרטים לויט באַדינ־גונגען און מעגלעכקייטן.

פערטנס, דער ספּעציעלער חן פון דער פיקסירטער ראַם און דעם רוב פּרטים פונעם יום־טוב, ליגט אין דעם וואָס ער ווערט גלייכצייטיק געפּייערט אויפן זעלביקן אַלגעמיינעם אופן פון אַ פאָלק, פון אַ סאָציאַל־אימפּאָזאַנטן

קאָלעקטיוו. דאָס באַוואוסטזיין אַז מען איז איינער פון אַ סך מיליאָנען, וואָס לעבן זיך אַריין אין דער זעלביקער אַטמאָספערע, אין זעלביקן מאָמענט, אין פאַרשידענע פונקטן פון נאָענט און ווייט, הויבט אויף דאָס פערזענלעכע צו דער מדרגה פון איבער־פערזענלעך. כדי דער יום־טוב זאָל טאַקע אין זיך טראָגן דעם גרויסן סאָציאַלן כוח, און זאָל קענען ווערן אַ פאָלקישער געדענק־טאָג, מוז ער שוין ממילא זיך באַוועגן אין אַ פיקסירטער ראַם און ניט דאַרפן לײַדן פון אינדיווידועלע קאַפּריזן.

פינפטנס, איינער פון די וויכטיקסטע פיקסירטע פונקטן פונעם יום־טוב איז דאָס וואָס ער מוז זיין קאַלענדאַריש באַשטימט. בלויז אין אַ באַשטימטן טאָג פון חודש הייבט ער זיך אָן, און אַזוי לאַנג ווי ער דויערט טראָגן די טעג זיין ספּעציעלן נאָמען. דאָס איז אַזוי נאַטירלעך, אַז צוליב דעם איז לייכט צו פאַרגעסן די וויכטיקייט וואָס אין דעם שטעקט.

געוויינטלעך צעטיילן מיר צייט אויף באַשטימטע חלקים עס זאָל זיין באַקוועמער צו טראַכטן וועגן די געשעענישן וואָס זענען אין זיי פאָרגעקומען. מיר צעטיילן געשיכטע אויף פּעריאָדן, עפּאָכעס, ניט ווייל אַזאַ פּינקטלעכע צעטיילטקייט ליגט אין כאַראַקטער פון היסטאָרישן פּראָצעס, נאָר ווייל דאָס גיט אַ בעסערע מעגלעכקייט צו דערזען באַשטימטע פונקטן וואָס דער היס־טאָריקער וויל אָקצענטירן. דאָס זעלביקע איז ריכטיק ווען מען דאַטירט מיט קאַלענדאַרישער פּינקטלעכקייט די היסטאָרישע געשעעניש וואָס רופט אַרויס אַ יום־טוב, אָבער דאָ קומט צו נאָך עפּעס וואָס איז אַ סך מער ווי באַקוועמ־לעכקייט צו טראַכטן.

דער חומש־היסטאָריקער פון יציאת מצרים איז קאַלענדאַריש באַשטימט ווען ער זאָגט: „און דער דאָזיקער טאָג זאָל אייך זיין פאַר אַ געדעכעניש, און איר זאָלט אים פייערן אַ פייערטאָג צו גאָט; אויף אייערע דור־דורות, ווי אַן אייביק געזעץ, זאָלט איר אים פייערן". ער פאַרענדיקט זיין קאַלענ־דאַרישן נוסח: „און עס איז געווען צום סוף פון פיר הונדערט יאָר און דרייסיק יאָר, איז, געגנוי אין דעם דאָזיקן טאָג, זענען אַלע מחנות פון גאָט אַרויסגעגאַנגען פון לאַנד מצרים". דער „געגנוי" (בעצם היום הזה) קלינגט אַביסל נאַאיוו, אָבער דער רייץ צו קאַלענדאַרישער פּינקטלעכקייט האָט אַ שטאַרקן אָנשפּאַר אָן דער מענטשלעכער פּסיכיק. מיר וואָלטן ממש זיך פאַרלוירן און צעמישטערהייט זיך האַסטיק געטראָגן מיטן אומאויפהערלעכן צייט־שטראָם, ווען מיר וואָלטן ניט געקענט אין באַוואוסטזיין אַרויסרייסן שטיקער צייט און טייטלען אויף זיי מיטן פינגער און דורך דעם אויסטיילן זיי, אין געדאַנק, פונעם גאַנצן כוואַליעדיקן צייט־ים. דאָס וואָלט אונדז פּסיכיש שלעכטס געטאָן דערמיט וואָס מיר וואָלטן ניט געקענט אַרויסשניידן צייט־מאָטיוון אין זייער באַזונדערקייט, דער עיקר אַזעלכע מאָמענטן וואָס אין זיי לאָזט זיך קאָנדענסירן אַ לאַנג־דויערנדיקן פּראָצעס אין דער פאָרם

פון אַן איינמאָליקן אַקט. אָט דאָס אויפכאַפּן אין דער פאָרם פון אַ מין פאַר־גליווערטער געדיכטקייט דאָס וואָס אין לעבן איז אויסגעצויגן און פליסיק; ווען מען צאַמט עס איין נאָך מער דורך אָנגעבן גענויע דאַטעס, באַגרענעצט אויף אַ קורצן שטח פון אָרט און צייט צווישן אַן אָנהייב און אַ סוף, אָט דאָס גיט אונדז בכלל אַ געלעגנהייט אַרומצונעמען מיטן אויג דאָס פאַרגעקומענע און איבערלעבן די געפילן וואָס עס רופט אַרויס.

עס איז כמעט ווי איבעריק צוצוגעבן, זעקסטנס, אַז אַ יום־טוב שעפּט זיין גייסטיקע יניקה פון היסטאָרישע געשעענישן, אידייען, אוניווערסאַלע מאָראַלע כוחות, באַהערשנדיקע גלויבנס וואָס אין זיי ליגט דער זינען און דער ווערט פון לעבן. יום־טוב איז „זמן חרותנו", אָדער „זמן מתן תורתנו", אָדער „זמן שמחתנו", אַלץ מענטשלעכע אידעאַלן און יידישער גורל.

פונקט אַזוי דאַרף מען ניט פאַרגעסן אויך דעם זיבעטנס. יום־טוב איז דאָס וואָס ער איז ווייל ער איז מחייב פּערזענלעכע אַקטיווע באַטייליקונג מצד די וואָס רעכענען זיך פאַר די בעלי שמחה. מיטלעבן, מיטפילן, מיט־ווירקן, אַן דעם ווערט יעדער יום־טוב אַ קאָנצערט, אַ טעאַטער־שפּיל פאַר פּאַסיווע צוהערער און צוקוקער אָן דעם אינערלעכן כוח, ווי אַ יום־טוב, צו שאַפן אַן אינטימערע באַציאונג צווישן מענטש און מענטש. עס פעלט, הייסט עס, יענער פּראָצעס פון שותפותדיקן איבערלעבן און מיטלעבן וואָס מאַכט פון דריי מענטשן אַ מזומן און פון צען אַ מנין.

ווען מען באַטראַכט די געגעבענע כאַראַקטער־שטריכן פונעם יום־טוב בכלל און מען האָט דערביי אין זינען, פון איין זייט, די ספּעציעלע ווענדונגען פונעם יידישן יום־טוב און, פון דער אַנדער זייט, דעם קרענקלעך־אויסגע־בלאָסטן יידישן אינהאַלט פון דער יידישער היים, ווען מען רעכנט זיך מיט דעם אַלעם ווערט קלאָר פאַרוואָס דאָ, אין אַמעריקע, ווערט דער יידישער יום־טוב אַוועקגעשטעלט אויף אַזאַ הויכן שטאַפּל פון דער לייטער אין יידישער דערציאונג. לויט דעם ווערט אויך פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אין קינדער־שולן פון פאַרשידענע טיפּן, אָבער דער עיקר אין די פונעם יידיש־יידישן טיפּ, האָט מען איינגעפירט עפנטלעכע פייערונגען פונעם רוב יידישע יום־טובים. ווי זשע האָט די לופט פון דער אַמעריקאַנער סביבה געווירקט אויפן גאַנג פון די יידישע יום־טוב פייערונגען? ווי האָט זיך דער יידישער יום־טוב אַריינגעפּאַסט אין דער אַטמאָספערע פון פאַרווײַלונג און „גוד טיים" וואָס מיט דעם איז יעדער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער, און באַזונדער די קינדער, אַזוי טיף, אַזוי אומבאַלאַנסירט דורכגעדרונגען?

עס וואָלט זיכער געווען כדאַי צו פאַרגלייכן די פריערדיקע כאַראַקטע־ריסטיק פונעם יום־טוב, וואָס אין דעם ליגט זיין גרויסער דערציערישער ווערט, מיט דעם גייסט און דער פּראַקטיק פון אונדזערע היגע עפנטלעכע יום־טוב פייערונגען. זאָל דערווייל זיין גענוג ווען איך וועל זיך דאָ אָפּשטעלן

אויף איין שטריך, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן ווי אַ זייער־ניט־אָנגעלייגטער גאַסט ביי אונדז. דערמיט ווערט געמיינט אַ שרייענדיק־אומבאַרעכטיקטע פאָרם פון אַ „נדחה" וואָס איז אי ניט אין בעסטן געשמאַק, אי זייער אַן ערנסטער חטא קעגן דעם גייסט פון יום־טוב.

איך האָב זיך פריער אָפּגעשטעלט אַביסל געטנויער אויף דער וויכטיקייט פון דעם וואָס יום־טובים ווערן פּינקטלעך דאַטירט און קומען פאָר אין פעסטגעשטעלטע צייט־גרענעצן. דאָס איז אין דער אמתן איינער פון סאַמע עיקרים אין דער אייגנאַרטיקייט פון דער פרייד־ערנסט קאָמבינאַציע און פונעם עכטן דערציערישן ווערט וואָס מיט דעם צייכנט זיך אויס דער יום־טוב. דאָס איז אַ כאַראַקטעריסטיק וואָס העלפט ראַטעווען דעם יום־טוב פון דער קאַטעגאָריע אונטערנעמונג, פאַרוויילונג, קאָנצערט, וכדומה.

אָבער אין די עפנטלעכע יום־טוב פייערונגען, ספּעציעל נאָך וואו קינדער זענען פאַרוויקלט, האָט זיך ביי אונדז פאַרשפּרייט אַ פאַרדריסלעכער נדחה ווען דער יום־טוב פאַלט אויס אין די וואָכן־טעג; מען לייגט אָפּ די פייערונג אויף דעם נאָענטסטן שבת־צונאַכטס אָדער זונטיק. עס האָט שוין געטראָפן אַז פורים, למשל, איז עפנטלעך געפייערט געוואָרן צוויי וואָכן פאַר פסח און שבועות מיט אַ סוף וואָך פריער. נאָך ערגער איז וואָס דאָס ווערט אָנאָנסירט אין די צייטונגען אַזוי ווי מען וואָלט שוין אין גאַנצן ניט געפילט אַז מען באַגייט אַן עוולה, אַז מען דאַרף זיך שעמען דערמיט. אַזוי האָט מען אַנאָנסירט אַן עפנטלעכע חנוכה־פייערונג דעם זונטיק וואָס נאָך זאת־חנוכה.

דאָס אַלץ נעמט זיך, נאַטירלעך, אויס מורא אַז אין מיטן דער וואָך וועט דער באַזוך פון עלטערן זיין צו קליין. נו, איז דען ניט גלייכער, אַז דער יום־טוב זאָל טאַקע זיין יום־טוב, ווען ביי יידן איז יום־טוב, אַפילו מיט אַ קלענערן עולם? אַחוץ דעם, הייסט עס דען געפייערט אַ יום־טוב ווען מען נעמט אַוועק אַ שטיק פון זיין נשמה, דעם צייט־מאָמענט? צעשטערט מען דען ניט דאָס וואָס מען וויל דערציעריש אויפבויען ווען מען קען מיט אַזאַ לייכטקייט אָפּלייגן אויף שפּעטער אָדער פריער און פייערן אַ יום־טוב ווען ביי יידן, און היסטאָריש, איז וואָך? איך מוז מודה זיין, אַז דאָס וואָס אַזאַ נדחה ווערט פּראַקטיצירט, און דווקא מיט אַלע מיטלען פון פּובליסיטי, און דווקא פון די וואָס דער יידישער יום־טוב איז זיי טייער, איז ניט קיין פריי־לעכער סימפּטאָם פון אונדזער צייט.

(1958)

# דער אָנהייב פון סיסטעמאַטישן יידן־האַס

## 1

### די רעטעניש פון יידנהאַס

די טראַגעדיע פון דער יידישער לאַגע אין דער איצטיקער צייט האָט דערגרייכט אַזעלכע מדרגות וואָס אויב מיר זאָלן אין גאַנצן באַהערשט ווערן פון אונדזערע געפילן איז דאָס איבער די כוחות פון אַ בשר ודם זיך אָפּצורופן אויף זיי מיט נאָרמאַלן ישוב הדעת. אַ שטאַרקער קלאַפּ קען וויי טאָן, קען ווירקן אַז מען זאָל זיך קאָרטשען אין פּיין און שרייען מיט באַנומענע קולות. אָבער אַן ערד־ציטערניש איז עלול אינגאַנצן צו פּאַראַליזירן, אָפּצונעמען הענט און פיס און צעשטערן די רעזאָנאַנס־אייגנשאַפטן פון דער נשמה. דאָס איז מער קיין טראַגעדיע ניט. עס איז שוין ווייט אַריבער די דאַזיקע גרענעצן. דאָך, די וואָס האָבן נאָך ניט פאַרלאָרן דעם גאַנצן קאָנטראָל איבער זיך דאַרפן איינזען אַז די יידן־שנאה וואָס שטייט הינטער דעם אַלעם, ווי קאַטאַ־סטראָפאַל זי זאָל ניט זיין, האָט אויך אַנדערע אַספּעקטן, אַזעלכע וואָס ציינדן אָן דעם געוויינטלעכן מענטשלעכן נייגיר. מיר ווילן באַנעמען, מיר ווילן זיך אַרויספּלאָנטערן פונעם מיסטעריעזן געוועב אין וועלכן דער שכל הישר ליגט ווי אַ געפאַנגענער. וואָס איז דאָס אַזוינס? פאַרוואָס?

געוויינטלעך, ווען מיר טראַכטן, וועגן דעם האַס צו אונדז, עפנט זיך פאַר דער פאַנטאַזיע אַ גרויליק שרעק־בילד. עס הייבט זיך אָן מיטן אַמעריקאַנער גאַסן־יינגל וואָס פאַרשמירט די ווענט פון אַ יידישער שול, און ענדיקט זיך מיטן נאַצי־זעלנער וואָס דערשיסט אַ יידן אויס פליכט און פאַרגעניגן. אָבער די דאָזיקע אויגן־רייסנדיקע פלעקן צערייצן דאָס געמיט און פאַרשטעלן פונעם רואיקן אינטעלעקטועלן בליק די שיטערע און בלאַסערע שאַטירונגען אויפן יידן־פיינטלעכן הינטערגרונט. וואָרעם אונדזערע פיינט געפינען זיך צווישן די וואָס זאָגן עס, און די וואָס פאַרשווייגן עס. עס האָבן אונדז פיינט אַזעלכע וואָס זענען גרייט עפּעס צו טאָן קעגן אונדז, און אַזעלכע וואָס באַנוגענען זיך בלויז מיט אַנטי־יידישע רעפלעקציעס. מיר דערקענען אונדזערע פיינט צווישן די וואָס האָבן מיט אונדז קיינמאָל קיין עסקים ניט געהאַט. אין שעקספּירס צייטן זענען קיין יידן אין ענגלאַנד ניט געווען. דער געניאַלער דיכטער האָט מסתמא קיינמאָל קיין יידן פאַר די אויגן ניט געזען, אַחוץ אפשר עפּעס אַ משומד ערגעץ וואו. דאָס האָט אים אָבער ניט געשטערט צו מאָלן דעם שיילאָק־טיפּ אָט „ווי ער וואָלט געשטאַנען דערביי".

טיילמאָל ווערן מיר, יידן, פאַרכאַפּט ווי פון אַ קאָשמאַר, עפּעס ווי מיר

וואָלטן פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן ערגעץ אין אַ פֿינצטערער הייל. מיר זעען לאַנגע שאָטנדיקע הענט וואָס טייטלען אויף אונדז מיט די פֿינגער: „אָט זענען זיי״. מיר הערן בייזע, כאָרכלענדיקע שטימען: „נקמה, נקמה״. און ווען דער קאָשמאַר צערינט בלייבן מיר שטיין אין קלאָרן זון־ליכט פֿון דער וועלט, פֿאַרשטיינערט פֿון שרעק און וואונדער: וואָס טוט זיך דאָ? זיי, די שונאים אונדזערע, זענען דאָך אויך אַזעלכע מענטשן ווי מיר, מיט בלוט און פֿלייש פּונקט אַזוי ווי מיר, טאָ פֿונוואַנען און פֿאַרוואָס אַזאַ מוראדיקער תהום צווישן אונדז? אין דער איצטיקער צייט איז פֿאַראַן איין מאָמענט וואָס מאַכט דאָס וואונדער נאָך גרעסער, נאָך מאויםדיקער. עס איז אַזוי מענטשלעך אַז מיר זאָלן ווערן פֿריינדלעך געניגט צום שונא פֿון אונדזער שונא. דער וואָס אונדזער פֿיינט האָט אים פֿאַרמשפּט דערוועקט אונדזער מיטגעפֿיל, אונדזער סימפּאַטיע. זעט אָבער וואָס דאָ קומט פֿאָר. מיט אונדז האָבן די נאַציס אָנגעהויבן זייער אינטערנאַציאָנאַלע היטלעריי. אויף אונדז האָבן זיי זיך אין סאַמע אָנהייב אַרויפֿגעוואָרפֿן מיט אַזאַ פֿאַרשאָלטענער אוממענטשלעכקייט, און דאָך, ביי די וואָס שיקן איצט זייערע זין אין טויט־געראַנגל קעגן די נאַציס, יאָ, אויך ביי זיי האָט זיך גאָר פֿאַרשטאַרקט די שנאה צו אונדז. דאָס איז ניט צו פֿאַרשטיין, אַזוי רעטענישדיק, ממש נבהל ונשתומם צו ווערן. ווי אַזוי זאָל מען דאָס אויסטייטשן?

פֿאַראַן אַזעלכע וואָס באַרואיקן זיך אין גאַנצן אין דער עקאָנאָמישער אינטערפּרעטאַציע פֿון אַנטיסעמיטיזם. איך קען דאָס פּשוט ניט פֿאַרשטיין. מיר דאַכט זיך אַז די דאָזיקע דערקלערונג רירט אַפֿילו ניט אָן דעם תוך פֿון דער פּראָבלעם, שוין אָפּגערעדט וועגן פֿאַרענטפֿערן זי. אין יעדן לאַנד זענען פֿאַראַן געגנטן מיט היפּוכדיקע עקאָנאָמישע אינטערעסן. פֿאַרוואָס שאַפֿט זיך ניט קיין שטענדיקע האַס־באַוועגונג צווישן די בירגער פֿון איין געגנט אַנטקעגן די איינוואוינער פֿון דער אַנדערער? אַפֿילו אין יעדער שטאָט זענען פֿאַראַן קוואַרטאַלן וואָס פֿירן צווישן זיך אַ פֿאַרביטערטע קאָנ־קורענץ. די לאָקאַלע געשעפֿטסלייט ליידן פֿון די קאָמערציעלע אונטערנעמונ־גען פֿון צענטער. ס׳איז אָבער ניט באַקאַנט אַזאַ זאַך אַז אין ברוקלין, למשל, זאָל זיך אַנטוויקלען אַן „אַנטי־מאַנהעטעניזם״.

ביי יעדן פֿאָלק זענען פֿאַראַן רייכע און אָרעמע, די היפּוכדיקע עקאָנאָ־מישע אינטערעסן שניידן די אויגן. עס איז נאַטירלעך אַז פֿון צייט צו צייט זאָל דאָס פֿירן צו קאָנפֿליקטן, אָבער בלויז אַמאָל אין אַ זעלטענער, זעלטענער שמיטה, גייען די דאָזיקע קאָנפֿליקטן אַרויס פֿון די געוויינטלעכע ראַמען פֿון מחלוקתן צווישן מענטשן. קיין שטענדיקער „אַנטי״ מיט אַן „יזם״ איז ניטאָ. די פּראָפֿעסיאָנעלע אַרבעטער־באַוועגונג איז לכתחילה געשאַפֿן געוואָרן אָנצו־פֿירן אַ קאַמף פֿון איין עקאָנאָמישן צד קעגן אַ צווייטן, אָבער פֿון דער פּראָ־פֿעסיאָנעלער קאַמף־באַוועגונג איז ניט געוואָרן קיין האַס־באַוועגונג. די עקאָ־

נאַמישע אויסטייטשער פֿון אַנטיסעמיטיזם אַנאַליזירן גרויסע און קאָמפּליצירטע היסטאָרישע פּראָצעסן וואו די פֿאַקטן לאָזן זיך פֿאַרשטיין מער ווי אויף איין אופֿן; זיי גראָבן אויס לאַנגע סטאַטיסטישע טאַבעלעס מיט פּרטים וואָס בלויז אַ פֿאָרשער קען דערזען. ווי קומט עס וואָס אַנטיסעמיטן האָבן זיך דאָס אַלץ דערוואוסט מיט הוילער „אינטואיציע״? בכלל, עקאָנאָמישע ראַנגלענישן צווישן פֿאַרשיידענע מענטשלעכע גרופּעס איז אַן אומאויפֿהערלעכע דערשיינונג אין לעבן. אָבער זייער זעלטן טרעפֿט זיך אַז דאָס זאָל איבערגיין אין אַ שטענדיקער שנאה צווישן די צדדים. פֿאַרוואָס זאָלן יידן זיין אַזוי זינדיק אַז קעגן זיי זאָל די שנאה זיין אַזוי סיסטעמאַטיש און אַזוי גרויליק? און אויב עקאָנאָמישע קאָנקורענץ און איינגעוואָרצלטער האַס גייען ניט תמיד צוזאַמען איז, דאַכט זיך, דער שכל מחייב אַז אַפֿילו ווען די פֿאַקטן פֿונעם ערשטן זאָלן שוין זיין פֿעסטגעשטעלט אָן שום ספֿק, האָט מען נאָך דערמיט בשום אופֿן ניט דערקלערט דאָס צווייטע.

אפֿשר וועלן מיר דאָס בעסער קענען זען ווען מיר וועלן עס רעדוצירן צום קליינעם פֿאָרמאַט. אָט איז, למשל, אַ סוחר מיטן נאָמען דזשאַנסאָן. ער האָט אַרום זיך צוויי קאָנקורענטן פֿון וועלכע ער ליידט גרויסע צרות. איינער פֿון די צוויי הייסט מעקאָרמיק, דער אַנדערער — גאָלדבערג. אין ערשטן פֿאַל, אויב עס קומט בכלל צו שנאה, האָט ער בלויז פֿיינט מעקאָרמיקן פֿערזענלעך, אָבער צוליב גאָלדבערגן ווערט ער אַ שונא ניט בלויז פֿון זיין קאָנקורענט אַליין נאָר פֿון אַלע מענטשן וואָס שטאַמען פֿון יידן. כאָטש מעקאָרמיק האָט אַ היפּשן פֿליך ווירקט דאָס אָבער ניט אַז דזשאַנסאָן זאָל אויסשפּרייטן זיין האַס אויף אַלע פֿליכעוואַטע מענטשן, בעת דורך גאָלדבערגן ווערט יאָ דזשאַנסאָנס שנאה געגענעראַליזירט און נעמט אַרום אַלע וואָס ווייזן אַרויס גאָלדבערגס אַ געוויסע אייגנשאַפֿט — זיי זענען יידן. איך האָב נאָך ניט געהערט אַז עמעצער זאָל פּרובירן עקאָנאָמיש דערקלערן פֿאַרוואָס אין עקאָנאָמישע שייכותן, וואו סיי יידן זענען פֿאַרוויקלט, סיי פֿליכעוואַטע, זאָל מען אין ערשטן פֿאַל ניט גענעראַליזירן און אין צווייטן — יאָ.

נאָך מער, ווען עס קומט צו גענעראַליזירן אייגנשאַפֿטן וואָס מען געפֿינט ביי אַ יידן פּאַסירט ווידער אַ מאָדנע זאַך אין דזשאַנסאָנס פּסיכיק. אויב ער געפֿינט ביי גאָלדבערגן מעלות זענען זיי גאָלדבערגס מעלות, אויב ער געפֿינט ביי אים חסרונות זענען זיי יידישע חסרונות. אַ דערקלערונג וואָס רירט ניט אָן די דאָזיקע מאָמענטן דערקלערט באמת צו ווייניק. סוף כל סוף ליגט דאָך דאָ דער תוך פֿון דער פּראָבלעם.

עפּעס ענלעכס קען געזאָגט ווערן וועגן דער „שעיר לעזאזל״ טעאָריע. אַוודאי איז מעגלעך אַז רעגירונגען זאָלן וועלן איינשטילן דעם צאָרן פֿון פֿאָלק דורך מאַכן יידן פֿאַר די שולדיקע. אָבער אויב מען קען אַזוי מיר־ניט, דיר־ניט אַרויסנעמען אַ גרופּע מענטשן און זיי מאַכן פֿאַר אַ ציל־ברעט פֿון

שנאה, פאַרוואָס עפּעס דווקא יידן, אָדער נעגער, אָדער אַנדערע פון דעם מין? פאַרוואָס זאָל אַמאָל אַזאַ רעגירונג ניט איינפאַלן זיך צו באַנוצן מיט אַנדערע סאָרטן גרופּעס, למשל, וועגעטאַריער, זומער־באַשפּרינקלטע, קאָרטן־שפּילער, אָדער אַלטע בחורים? אויב אָבער דער סאָציאַלער אַקט פון מאַכן מענטשן פאַר אַ כפרה־הינדל איז ניט קיין ריין מעכאַנישער ענין, נאָר עס שטעקט אין דעם אַ טיפער שכל, איז דאָך מעגלעך אַז ניט דער משוגענער איינפאַל פון אַ רעגירונג, נאָר יענער טיפערער שכל איז דער עיקר אין אַנטיסעמיטישן אויפבראַוז. עפּעס זעט עס אויס ניט גלאַטיק אַנצונעמען אַז די גאַנצע מעשה באַשטייט אין הוילן וואַרפן אויף יידן אויסגעטראַכטע חטאים.

צווישן די וואָס ווילן זיך דערנענטערן צו די וואָרצלען געפינען זיך אַזעלכע וואָס שטרייכן אונטער די מענטשלעכע אייגנשאַפט וואָס רופט זיך „קסענאָפאָביאַ" — מורא פאַר פרעמדע. אַפילו קליינע קינדער דערשרעקן זיך ווען פרעמדע קומען צו נאָענט צו זיי. דערוואַקסענע האָבן אויך ניט ליב די וואָס זענען אַנדערש פון זיי אין קליידער, מאַניערן, שפּראַך, רעליגיע, בקיצור, אַנדערש. דאָס, האַלטן זיי, איז דער סאַמע וואָרצל פון אַנטיסעמי־טיזם; אַלע אַנדערע סיבות שפּילן בלויז אַ סעקונדערע ראָלע. די שוואַכקייט פון דער דאָזיקער טעאָריע באַשטייט אָבער אין דעם וואָס זי באַציט זיך אויף געוויסע מאַניפעסטאַציעס פון אַנטאַגאָניזם צווישן מענטשן בכלל, בעת דער עיקר רעטעניש אין אַנטיסעמיטיזם ליגט דאָך אין זיין אַנדערשקייט; זיין לאַנגן דויער, זיין אינטענסיווקייט, און אַנדערע טיפּישע כאַראַקטער־שטריכן וואָס האָבן ניט קיין גלייכן צו זיך. בלייבן מיר ווידער אַרומגערינגלט מיט דער אַלטער טונקעלער מיסטעריע, און דער נייגעריקער מוח רייסט זיך דורך בלינדע ווענט און געהיימע שלייערן און זוכט אַן אויסוועג.

מיר דאַכט זיך אַז ס'איז ניטאָ קיין האָפענונג אַריינצודרינגען טיפער אינעם כאַראַקטער פון יידן־שנאה סיידן מיר האַלטן פאַר די אויגן די כוחות וואָס האָבן זי לכתחילה אַרויסגערופן. דאָס איז בכלל אמת וועגן דערשיי־נונגען וואָס האָבן אַ לאַנגע געשיכטע הינטער זיך. עס וואָלט אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין די איצטיקע יידישע לעבנס־אופנים אויב מען זאָל אין גאַנצן פאַרשטעלן פון זיך די פאָרמיר־כוחות פון אונדזער פאָלק אין תנ"כישע און תלמודישע צייטן. אַפילו ווען עס האַנדלט זיך וועגן מענטשלעכע גרו־פּירונגען און פּראָצעסן וואָס פאַרנעמען אַ סך קלענערע שטחים פון היסטאָ־רישער צייט קען מען זיי באין אופן ניט זען ווי עס באַדאַרף צו זיין אויב מיר לאָזן אויס פון חשבון די כוחות וואָס האָבן געטריבן צו זייער אויפקום.

יידנהאַס ווי אַ סיסטעמאַטישע וועלט־באַוועגונג — מיט די אַלע ערנסטע באַגריפן און אָפּשאַצונגען פון יידן, און די שפּעטער־געבוירענע אַבערגלויבנס און בלבולים — איז אַ קריסטלעכער פּראָדוקט. דעם אמתן אָנהייב דערפון דאַרף מען ניט זוכן אין פּרעה מלך מצרים, ניט אין המנען, אויך ניט אין אַזעלכע

גריכן ווי הערקאַטעאוס פון אַבדעראַ, אַפּאָלאָניוס מאָלאָ, און שפּעטער אַפּיאָן. נאָר אין דער צייט ווען די ניי־אויפגעקומענע פּאָולינישע קירך האָט ניט געקענט אויסבויען קיין בריק צווישן זיך און די ערשטע ייִדן־קריסטן וואָס האָלטנדיק זיך ביי זייער ייִדישקייט האָבן זיי דאָך געוואָלט אויפנעמען דעם נייעם משיח פון נצרת. נאָך מער, גראָד דאָס וואָס קריסטנטום האָט זיך געבויט אויף דער מאָראַל און פונדאַמענטאַלע רעליגיעזע באַגריפן פון דער ייִדישער תורה, גראָד דאָס האָט פאַרמאָגט אין זיך אַלע פּאָטענצן צו שאַפן ביי קריסטן אַזאַ בליק אויף ייִדן אַז מיר זאָלן דערשיינען אין זייערע אויגן ווי אַ דענערווירנדיקע רעטעניש. דאָס מערקווערדיקסטע דערביי איז וואָס געוויסע בילדלעכע מאַניפעסטאַציעס פון ייִדישן קולטור־לעבן פון יענער צייט האָבן ניט ווילנדיק און ניט וויסנדיק גאַנץ שטאַרק געשטיצט אַזאַ בליק.

2

## פאָלק און הלכה

די ייִדישע משפחות וואָס זענען אַרויס פון מצרים איז באַשערט געווען דורכצומאַכן אַ זעלטעטנע קאַריערע אויף אַ מערקווערדיקן אופן. זיי זענען געוואָרן אַ פאָלק ניט אין אייגענעם לאַנד — און אַ לאַנד איז דאָך אַ ריזיקער פאַקטאָר אין צעמענטירן און פאַראייגנאַרטיקן אַ מענטשלעכן קיבוץ — נאָר אין מדבר, וואו דער געדאַנק וועגן אַן אייגן לאַנד האָט זיך ערשט אַנטוויקלט און איז געוואָרן אַן אַקטיווע שטרעבונג. און דער הויפּט־סימן פון ווערן אַ פאָלק איז ניט געווען קיין „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגיקייט" נאָר פאַרקערט, דורך דעקלאַרירן זיך אָפּהענגיק פון אַ גאָט און זיין תורה. דערביי איז אָבער באַזונדערס וויכטיק וואָס כאָטש דער גלויבן אין יהוה איז געווען אַזוי ביי און רעוואָלוציאָנער, דאָך, דער וויכטיקסטער אינסטרומענט וואָס דאַרף דאָס אויסדריקן, די עשׂרת הדברות, גיט זיך אַ סך מער אָפּ מיט מענטשלעכע באַציאונגען צווישן זיך. פון די צען געבאָט האָבן בלויז דריי צו טאָן מיטן גלויבן אין יהוה, די איבעריקע זיבן זענען רעגולאַציעס פון אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבנס־פּיר.

רעדנדיק וועגן דער הלכה זאָגט דער באַוואוסטער קריסטלעכער געלערנטער ד. טרעווערס הערפאָרד: „אויב די וואָס זענען ניט קיין ייִדן איז שווער צו פאַרשטיין (ווי דעם דאָזיקן שרייבער איז דאָס לאַנג שווער געווען) ווי אַזוי דאָס מאָראַלע געזעץ איז פאַרבונדן מיט דער תורה, און ווי אַזוי די פרייהייט פון געוויסן האָט זיך געקענט אויפהאַלטן אונטער די באַגרענעצונגען פון דער הלכה, נעמט זיך, גלויב איך, אָט די שוועריקייט פונעם פאַקט וואָס אין ייִדישקייט זענען רעליגיע און מאָראַל ניט קיין צוויי זאַכן נאָר איין און די זעלביקע

זאַך. פילאָסאָפיש איז אפשר ריכטיקער אונטערצושיידן צווישן רעליגיע און מאָ־ראַל . . . אָבער אַזאַ מין אונטערשייד איז אין יידישקייט ניט מעגלעך". מען דאַרף גאָר ניט גיין אַזוי ווייט ווי צו דער עפּאָכע פון דער הלכה כדי צו דערזען אָט די אומצעטיילבאַרקייט. שוין אין סאַמע אָנהייב, אין די עשרת הדברות, זעט זיך קלאָר אַרויס דאָס דאָזיקע איינהייטלעכע לעבנס־געפיל. מאָראַל ביי אַ פאָלק איז דער צעמענטירנדיקער כוח וואָס רעגולירט זיין צונויפבונד און באַפעסטיקט זיין גאַנצקייט. עס פאַרשאַרפט און צערייצט דעם נאַטירלעכן דאָרשט צו פאַרבלייבן ווי אַ סאָציאַלער אָרגאַניזם איבער אַלע קאָנפליקטן וואָס זיין היסטאָרישער גורל רופט אַרויס. יידן האָבן געלעבט מיט דער באַצווינגענדיקער טראַדיציע אַז גאָט האָט נאָך צוגעזאָגט אברהמען זיי צו מאַכן פאַר אַ גרויס פאָלק. אָט דער פאָלקישער ציל — צו זיין און זיין גרויס — האָט באַקומען זיין אַבסאָלוטע זיכערקייט אין דער סאַנקציע פון אַ גרויסער, דערהויבנדיקער אמונה. ביידע, סיי דער ציל — דער קיום פון פאָלק — סיי די געטלעכע סאַנקציע זענען געוואַקסן צוזאַמען אין דער יידישער פסיכיק, און זיך אַנטוויקלט ווי גלידער פון איין אָרגאַניזם.

די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור, ספּעציעל אין דער צייט פון בית שני, האָט פאַרמאָגט אין זיך אומגעהייערע מעלות פאַרן אייגענעם פאָלקישן קיום, אָבער אויך גרויסע חסרונות פון שטאַנדפּונקט פון אונדזערע באַציאונגען מיט די דרויסנדיקע כוחות. די הלכה, מיט אירע פּרטימדיקע רעגולאַציעס, מיט אירע צוימען און באַגרענעצונגען, מיט איר קלאָרן שטעמפּל אויף יעדן ווינקל, אויף יעדער שפּאַרע, פון אינדיווידועלן און סאָציאַלן לעבן, האָט אויפגעבויט אַן אייגנאַרטיקע וועלט וואָס שטרייכט אונטער און באַפעסטיקט די אַנדערשקייט פון אַ פאָלק. אָבער דאָס וואָס יעדער אות פון יעדן איינפיר האָט געמוזט טראָגן אויף זיך די סאַנקציע פון אַן אַנטפּלעקטן געטלעכן מקור האָט ניט דערלאָזן אַז די טיף־רעגנדיקע מאָטיוון פון פאָלקישן קיום זאָלן אויפטויכן אין באַוואוסטזיין. די דאָזיקע פסיכאָלאָגישע סיטואַציע עפנט די סכנה אַז ביי געוויסע קריטישע געלעגנ־הייטן, און אין געוויסע מענטשלעכע טעמפּעראַמענטן, זאָל דער אמת פון גאָט און דער אמת פון פאָלק ווערן צוויי באַזונדערע, אַמאָל אויך פיינטלעכע, צדדים. בעת מיר דערנענטערן זיך צום סוף פון בית שני, און דעם שפּעטערדיקן דורכפאַל פונעם בר־כוכבא אויפשטאַנד, האָבן אַזעלכע געלעגנהייטן זיך אַרויסגערוקט אויפן שאַרפסטן אופן.

דאָס יידישע לאַנד האָט איבערגעלעבט איין טראַגעדיע נאָך דער אַנדערער. דער בירגער־קריג אונטער אלכסנדר ינאַין, די ברוטאַלע הורדוס־מערדערייען, דער אָנפאַל פון רוים אויף די נאָך געבליבענע רעשטלעך פון יידישער זעלבסט־שטענדיקייט — אַ ברויזנדיקע צייט ווען דער אייביקער מענטשלעכער דאָרשט נאָך אינערלעכער גייסטיקער רו און אַלגעמיינער זיכערקייט געפינט זיין

אויסדרוק אין די עקסטרעמסטע פאָרמען: אין אַנטי־סאָציאַלער אָפּגעזונ־דערטקייט פון איין זייט, און בלוטיקן אַקטיוון קאַמף פון דער אַנדערער.

די פּרושים האָבן אויסגעקליבן דעם וועג פון אינערלעכער באַפעסטיקונג. די גאַנצע אַנטוויקלונג פון דער הלכה און איר אינערלעכער טרייב־כוח איז געבויט אויף דער אידענטיטעט פון גאָט און פאָלק, כאָטש די רייד, ווי עס פּאַסט זיך פאַרן קלימאַט פון דער צייט, זענען כמעט תמיד געווען בלויז אין נאָמען פון גאָט. און כאָטש די שטרענגע רעגימענטאַציע פונעם הלכהשן דרך האָט געמוזט פאַלן שווער אויף דער פרייהייט פון אינערלעכער גייסטיקער באַוועגונג, איז דאָס אָבער געווען אויף דער סינטעטישער ליניע פון דער טראַדיציע און געפונען דעם טיפסטן אָפּקלאַנג אין לעבן פונעם פאָלק.

די צייט איז אויך געווען רייף פאַר יענע יחידים און קליינע גרופּעס וואָס אין קריטישע מאָמענטן ווערן זיי פאַרכאַפּט פון אַן אינערלעכן שטורעם, און רייסן זיך צו די ברייטערע גייסטיקע שטראָמען וואָס זונדערן זיי אָפּ פונעם קאָנקרעטן סאָציאַלן קיבוץ מיט וועלכן זיי זענען פאַרבונדן. אַזוי זענען געבוירן געוואָרן די פאַרשיידענע סעקטעס פון גנאָסטיקער, די אסיים, משיחים, הייליקע, מיט זייערע עקסטאַטישע וויזיעס, מיט זייער דערפילן אין זיך איבער־מענטשלעכע כוחות; זיי זעען דאָס ניט־געזעענע, הערן דאָס ניט־געהערטע, שפּירן זיך פּנים אל פּנים מיט פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, און פאַרלירן זיך אין די הימלען פון אַן עקזאַלטירטער מענטשלעכער מאָראַל וואָס ווערט אַלץ מער און מער אַ נשמה־איבערלעבעניש גיכער ווי אַ קאָנטראָלירנ־דיקע אידייע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

אויך פאַר דעם איז פאַראַן אַן אומגעהייער רייכער קוואַל אין דער יידישער טראַדיציע פון וואַנען צו ציען יניקה. די דיכטערישע מעטאַפיזיק פון די נביאים, די בילדער־רייכקייט פון זייער אויסדרוק, זייער פאַרשיכורנדיקע איבערלעבעניש פון אַ „כה אמר יהוה", און דער אומגעהייערער פאַרנעם פון זייער אוניווערסאַלער מאָראַל, איז בכוח ניט בלויז צו באַגייסטערן און אַרויס־רופן פאַרבאָרגענע רעליגיעזע כוחות, נאָר אויך צו אַנטפּלעקן אין מיסטישע נאַטורן נייע וועלטן און העכערעווירקלעכקייטן. אין קריטישע מאָמענטן פון סאָציאַלער אומרו איז דער דאָזיקער נביאישער שטראָם פון אונדזער טראַדיציע געווען מעכטיק, אַז ער זאָל אין מיסטישע נאַטורן זיך אָפּרייסן פונעם ים פון קאָנקרעטן פאָלקישן לעבן און אָנהייבן פונקציאָנירן אויפן אייגענעם חשבון, אַזוי צו זאָגן. אַזוי האָבן זיך געעפנט טיר און טויער פאַר דער מעגלעכקייט, אַז איינער פון די דערהויבנסטע דערגרייכונגען פון יידישן זשעני זאָל ווערן אַנטפּלעקט, זאָל קענען ווערן אַנטיידישט אין זיין כאַראַקטער, שוין צוליב דעם, וואָס ער ווערט אָפּגעזונדערט פונעם אַלגעמיינעם קולטור־געוועב, אין וועלכן ער איז געבוירן געוואָרן. אידייען, אידעאַלן, פּונקט ווי כעמישע עלעמענטן, בייטן גרינטלעך זייערע אייגנשאַפטן, ווען דער שטאָף,

פון וועלכן זיי זענען געווען אַ טייל לייזט זיך אויף. ממילא איז קיין חידוש ניט, וואָס די דערמאָנטע סעקטעס און זייערע פירער זענען געוואָרן דרויסנדיקע ביי יידן, און זייערע אידעאַלן, כאָטש פון יידישן בלוט און פליש, זענען געוואָרן דערווייטערט און דרויסנדיק פון יידישן לעבן.

אָבער פאַר אַ דרויסנדיקן איז געווען שווער צו באַנעמען דעם געוויינט־לעכן לעבנס־גאַנג פונעם יידישן פאָלק. נאָך שווערער איז געווען צו האָבן אַ סימפּאַטישע פאַרשטענדעניש פאַר די אַלע חומרות פון יידישן טאָג־טעגלעכן לעבן און די איינגעשטעלטע פאָרמען פון די רעליגיעזע ריטואַלן. וואָרעם פאַר אים זענען דאָך די אמתן פון רעליגיעזער דערפאַרונג און פאָלקיש־מאָראַלער דיסציפּלין ניט געווען קיין היינו הך. קיין לאָגיש נייטווענדיקע שייכות איז דאָך צווישן די ביידע באמת ניטאָ. פון דער אַנדערער זייט האָבן די פירער פון פאָלק אַליין דעפינירט זייער לעבן דורכויס אין טערמינען פון רעליגיעזן גלויבן. האָט זיך געמוזט שאַפן אַ תהום צווישן די צוויי צדדים וואָס מען קען בשום אופן ניט אַריבערשפרייזן, ס'איז ווי צוויי מענטשן וואָס רעדן אויף באַזונדערע לשונות און קיין איבערזעצער צווישן זיי איז ניטאָ.

## 3

### קריסטלעכקייט און יידישקייט

צווישן די דערמאָנטע סעקטעס, און פאַרבונדן מיט זיי, זענען אויך געווען די נוצרישע דרשנים. קיין גרויסן רושם אויף די מאַסן פון פאָלק האָבן זיי ניט געהאַט און ניט געקענט האָבן. מען דאַרף אונטערשטרייכן אַז זייער טעטיקייט איז פאָרגעקומען דעמאָלט ווען די גרעסטע אימפּעריאַליס־טישע מאַכט פון יענער צייט האָט זיך פאַרנומען צו צעשטערן די לעצטע שאָטנס פון אַ געבליבענער פרייהייט. יידן האָבן מקריב געווען די טייערסטע לעבנס פון פאָלק, און אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, מיט דער האָפענונג זיך צו ראַטעווען פון די נעגל פון רוימישן אָדלער. די לעצטע קוואַלן פון קאַמף־ענערגיע און אַלע פייערן פון פאָלקישן געפיל האָבן זיך געריסן פון זייערע צוימען. לויטן כאַראַקטער פון יידישן לעבן בכלל, דערצו נאָך אין אַזאַ צייט, האָט מען זיך זיכער ניט געקענט ריכטן אַז טעאָריעס וואָס רעדוצירן זיך צו הוילער אמונה זאָל מאַכן אַ שטאַרקן איינדרוק. אַחוץ דעם קענען גרויסע מאַסן בכלל ניט אָננעמען דעם שטרענגן אינדיווידואַליזירנדיקן סעקטאַנטישן רעזשים וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע עסאָטערישע גרופּעס. ועל כולם איז נאָך צוגעקומען דער פאַקט וואָס די נייע גלויבנס האָבן דיקטירט זייערע אָנהענגער צו שטיין פון דער ווייטן פון די ברויזנדיקע ראַנגלענישן פונעם פאָלק אין זיין פאַרצווייפלטער לאַגע. אַזוי איז אויסגעקומען אַז אַ

גרויסער יידישער מאָראַלער אידעאַל איז פאַרקירעוועט געוואָרן אין אַ ריכטונג וואָס איז געווען דערוויטערט פונעם קאָנקרעטן יידישן לעבן, אָדער אין סתירה דערמיט.

די ערשטע אָנהענגער פונעם נוצרי האָבן זיך געהאַלטן פאַר אמתע געטרייע יידן. זיי האָבן געפילט, אַז זיי דרינגען אַריין אין אייביקן תוך פון דער יידישקייט־אידייע דורך זייער אינערלעכער באַהעפטונג מיט מאָראַליש־העכערע מיסטישע וועלטן. דאָס וואָס איבער זיי האָט געשוועבט די בלי ספק גרויסע פערזענלעכקייט פונעם משיח פון נצרת, האָט נאָך מער פאַר־שטאַרקט די זיכערקייט פון זייער וועג. זיי זענען אויך געווען צוגעבונדן צו געוויסע פונדאַמענטאַלע דינים פון יידישן שטייגער, ווי מצות מילה, שבת, כשרות, פסח. כאָטש מיר וויסן צו ווייניק וועגן די אינערלעכע קאָנפליקטן צווישן די ערשטע יידן־קריסטן, לאָזט זיך אָבער אָננעמען, אַז די גרויסע מחלוקה איז קודם כל באַשטאַנען אין דעם צי מען זאָל האַלטן דעם נייעם גלויבן אין יידישע גרענעצן, אָדער זוכן צו באַקערן די ניט־יידישע פעלקער. דאָס צווייטע וואָלט אָבער ניט געקענט דורכגעפירט ווערן, אויב די נייע סעקטע זאָל זיך האַלטן ביי די יידישע דינים, וואָס זענען פריער דערמאָנט געוואָרן. בכל אופן, די יידישקייט פון די ערשטע יידן־קריסטן איז געווען צו ווייניק פאַר יידן און צופיל פאַר גויים. דער מיסיאָנערישער אידעאַל פונעם פאַולינישן קריסטנטום האָט ביטער געקעמפט אַנטקעגן די פאַרבליבענע יידישע רעשטלעך. ער האָט זיך געריסן, ווי עס איז די טבע פון אַ ריין רעליגיעזער אידייע, צו ווערן קאַטוליש, אוניווערסאַל, אָן שום סימן פון וועלכער ניט איז שייכות צו אַ קאָנקרעטער, היסטאָרישער עטנישער פאָרמאַציע.

די דאָזיקע מחלוקה און אירע רעזולטאַטן ווייזן זיך אַרויס אין די אַפּאָסטאָלישע עוואַנגעליעס פונעם נייעם טעסטאַמענט. אין די ערשטע דריי (מתי, מאַרק, לוקאַס), די אַזוי גערופענע סינאָפּטישע עוואַנגעליעס, געפינט מען ווייניק פונעם אָפענעם אַנטי־יידישן גייסט, כאָטש, ווי מיר דאַכט זיך, די מעשה פון דער קרייציקונג שמעקט מיט ניט באַהאַלטענער יידן־פיינטשאַפט. אָבער אין דער פערטער עוואַנגעליע, יוחנן, איז די שנאה צו יידן קלאָר און גיפטיק: (למשל: 8, 40־49). דער פאַקט וואָס „יוחנן" איז אריינגענומען צווישן די אַפּאָסטאָלישע עוואַנגעליעס זעט אויס, לויט טייל געלערנטע, צו זיין אַן אָנווייז אויף דער פולשטענדיקער אָפּפרעמדונג פון יידן, אויף דעם נצחון פון יענע, וואָס אַ דענאַציאָנאַליזירטע רעליגיע איז געווען זייער אידעאַל.

פאַולוס, דער פאַרשפרייטער פון קריסטנטום צווישן די גויים, דריקט דאָס אויס גאַנץ קלאָר אין זיינע טענות צום טראַדיציאָנעלן יידישן דרך. לכתחילה טוט ער עס אַביסל פשטלדיק, ווי ער וואָלט געוואָלט אויסמיידן ברוטאַלע דירעקטקייט, דערנאָך גאַנץ אָפן מיט אַ פעסטן פּרינציפּיעלן צו־

גאַנג. אין זיין „בריוו צו די רוימער" (2, 25—26) זאָגט ער: „פאַרוואָר מצות מילה איז גוט, אויב דו היטסט די תורה, אָבער אויב דו ביסט עובר אויף דער תורה, ווערט דיין געמלט זיין פאַרוואַנדלט אין ניט־געמלט זיין. דעריבער אויב דער ניט־געמלטער היט אָפּ די גערעכטיקייט פון דער תורה זאָל ניט זיין ניט־געמלט זיין זיך רעכענען פאַר געמלט זיין?" מילא, דאָס איז סטיל פון דער צייט און די רעטאָריק פון אַ פּראָפּאַגאַנדיסט, וואָס פילט די וויכטיקייט פון ווערטער, כאָטש ער בייט אומבאַמערקלעך זייער טייטש. ער, דער אַמאָליקער פּרושי, האָט גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס ביי יידן איז מצות מילה, האָט ער געדאַרפט פּאָמעלעך און מיט גלעטנדיקע רייד אויסדריקן דעם געדאַנק, אַז דער דאָזיקער יידישער איינפיר דאַרף ניט פאַרשטאַנען ווערן אין בוכשטעבלעכן זינען.

אָבער אָט איז די פּרינציפּיעלע שטעלונג. אין זעלביקן „בריוו" (9, 31—32) דערציילט ער וועגן זיין בליק אויפן יידישן לעבן בכלל: „אָבער ישראל וואָס איז נאָכגעגאַנגען דער תורה פון גערעכטיקייט האָט ניט דערגרייכט די תורה פון גערעכטיקייט. פאַרוואָס? ווייל זיי האָבן עס ניט געזוכט דורך גלויבן, נאָר ווי עס קומט אויס דורכן גאַנג פון געזעץ. וואָרעם זיי האָבן געשטרויכלט ביי אָט דעם שטרויכלשטיין". און באַלד נאָך דעם (10, 2—3), גיט ער צו: „וואָרעם איך בין אַן עדות אַז זיי האָבן אַ באַגער צו גאָט, אָבער ניט דורך וויסן. וואָרעם ניט וויסנדיק גאָטס גערעכטיקייט, און זיך פאַרנעמענדיק מיט באַשאַפן זייער אייגענע גערעכטיקייט, האָבן זיי זיך ניט איבערגעגעבן צו דער גערעכטיקייט פון גאָט".

דער זעלביקער געדאַנק, אָבער בילדלעכער און שניידנדיקער, ווערט אויסגעדריקט אין אַן אַנדער פּלאַץ פונעם נייעם טעסטאַמענט (מאַרק 7, 5—6): „דעמאָלט האָבן די פּרושים און די סופרים אים געפרעגט: פאַרוואָס פירן זיך ניט דיינע תלמידים לויט דער טראַדיציע פון די זקנים נאָר זיי עסן מיט אומגעוואַשענע הענט? האָט ער געענטפערט און געזאָגט צו זיי: גוט האָט ישעיה נביאות געזאָגט וועגן אייך, היפּאָקריטן, ווי עס שטייט געשריבן: דאָס דאָזיקע פאָלק גיט מיר אָפּ כבוד מיט זיינע ליפּן, אָבער זיין האַרץ איז ווייט פון מיר". אַזעלכע געדאַנקען זענען ניט זעלטן אין דער קריסטלעכער ביבל. טיילמאָל, ווי אין דער לעצטער ציטאַטע, זעט עס אויס ווי פּשוט ניט גערעדט צו דער זאַך. דער נוצרי וואַרפט אַן אַלגעמיינעם חטא אויף די פּרושים, אָבער ער ענטפערט ניט דירעקט אויף זייער פראַגע. עס קען דאָך ניט געמיינט זיין, אַז עס איז פאַראַן אַן אינערלעכע סתירה צווישן וואַשן זיך צום עסן און דינען גאָט מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער דער ציל איז קלאָר. אינערלעכע רו אין דער רעליגיעזער ספערע קען זיך באַנוגענען מיט אַ געוויסער סומע גלויבנס, דאָס איבעריקע איז אַ טפל אָדער אינגאַנצן ניט נייטיק. ווי שוין באַמערקט, לויט די אָפענע פאָרמולירונגען

פונעם יידישן געדאַנק ביי די פּרושים, ביי יידן בכלל, איז ניט שווער געווען, אַז אין געוויסע מאָמענטן, און ביי מענטשן מיט עקסטאַטישע איבערלעבענישן, זאָל דאָס נאָרמאַלע פאָלקישע געפיל ציען אויף זיך דעם ווידערווילן פונעם קאָסמיש־רעליגיעזן שטראָם, וואָס דאָס זעלביקע פאָלק האָט געשאַפן.

איך קען מיר ניט פאָרשטעלן, אַז יידישקייט זאָל זיך קענען פאַרוואַנדלען אין אַ ריין־רעליגיעזער סיסטעם, און אין גאַנצן אָפּטיילן פון זיך סיי דאָס היסטאָרישע פאָלק־באַוואוסטזיין, סיי דעם סימבאָליש אויסגעדריקטן דאָרשט זיך צו האַלטן ווי אַ פאָלק. אַפילו די וויטגייענדיקסטע רעפאָרמער פון אונדזער צייט, אַפילו די וואָס האָבן אין דייטשלאַנד, ביים אויפקום פון דער רעפאָרם באַוועגונג, גערעדט וועגן אַ יידישער קירך, און בקול רם אויסגעדריקט זייער אַנטי־תלמודישקייט — וואָס האָט געדאַרפט הייסן דו פולשטענדיקע אָפּליי־קענונג, אַז ביי זיי קלאַפּט נאָך אַ יידישער פאָלקישער לעבנס־פולס — אַפילו זיי האָבן דאָס ניט דערגרייכט. די רעפאָרמירטע רעליגיע־יידן האָבן בלויז פאָרמולירט אַ טעאָרעטישע שטעלונג, וואָס טיילט זיי אָפּ פון די פאָלקישע יידן. צו קיין אמת׳ן ריס אין פּראַקטישן לעבן איז ניט געקומען. די רעליגיע־יידן, וואָס האָבן זיך טאַקע געוואָלט אינגאַנצן אָפּרייסן פונעם פאָלקישן קיבוץ, האָבן זיך גע׳שמד׳ט. אַנדערש האָט עס ניט געקענט זיין. די טעאָריע פון אַ יידישקייט אָן אַ יידישער עטנישער עקזיסטענץ טראָגט אין זיך אַן אינערלעכע סתירה, וואָס קיין שום רייד און קיין שום מאַניפּולאַציעס מיט רעטאָרישע פאָרמולעס, קענען דאָס ניט פאַרדעקן.

## 4.

### ווי די קירכן־פאָטערס האָבן אונז פאַרשטאַנען.

יידן וואָס טראַכטן אין טערמינען פון אַ הוילער יידישער רעליגיע זענען מסתמא אונטערן איינפלוס פונעם קריסטלעכן ביישפּיל, אָבער דער משל און דער נמשל זענען אַזוי וויט ניט גלייך, אַז דער אונטערשייד אין די רעליגיעזע באַגריפן און גלויבנס זענען אַ סך, אַ סך קלענער ווי די פאַרשיידענע פּסיכאָלאָגישע ספערעס, וואָס ביידע האָבן באַשאַפן. די היידנישע רוימער האָבן אונדז גאַנץ גוט פאַרשטאַנען. אין זייערע יורידישע טעקסטן פיגורירן יידן אין קלאָרע פאָלקישע טערמינען: Natio, gens, populus.

אַ גאַנץ אַנדער לאַגע האָט זיך געשאַפן, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער קאַטוילישער קירך. אין פערטן יאָרהונדערט איז די קירך אָפיציעל אנערקענט געוואָרן פון דער סעקולערער אָרגאַניזאַציע פון דער רוימישער מלוכה. רוימער און גריכן זענען געוואָרן די פירער פון דער נייער רעליגיע.

פאַר זיי זענען יידן געווען אַ רעטעניש, וואָס דער פשוטער שכל האָט ניט געקענט משיג זיין.

יידן האָבן שוין קיין אייגענעם פּאָליטיש־זעלבסטשטענדיקן צענטער ניט געהאַט. אין אַ צייט, ווען פאָלק־באַוואוסטזיין איז בכלל ניט געקומען צו דער אויבערפלאַך, האָט אַ פאָלק געקענט פאַרשטאַנען ווערן בלויז ווי אָרגאַניזירטע גרופּע אין טעכניש־פּאָליטישן זינען. ווען ביי יידן איז די דאָזיקע טעכנישע אָרגאַניזאַציע צעפאַלן, הייסט עס, אַז דאָס, וואָס האַלט זיי צונויף, קען בלויז זיין אַ ריין־רעליגיעזע שותפות. עס איז גאָר קיין פּסיכאָלאָגישע מעגלעכקייט ניט געווען, אַז די מענטאַליטעט פון די קריסט־לעכע אוניווערסאַליסטן זאָל אַרבעטן אויף אַן אַנדער אופן. דערביי זענען צוגעקומען נאָך אַנדערע מאָמענטן, וואָס האָט די דאָזיקע מענטאַליטעט פאַר־פעסטיקט.

יידן אַליין האָבן זייער עקזיסטענץ דערקלערט בלויז אין רעליגיעזע טערמינען. אַנדערש האָט עס דאָך ניט געקענט זיין. עס איז אפילו ניט מעגלעך געווען, אַז עפּעס אַן אויסטערלישער יידישער יוצא מן הכלל זאָל זען די זאַך אויף אַן אַנדער אופן. אין יענער צייט זענען פשוט ניט געווען די אינטעלעקטועלע מיטלען, די סאָציאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע באַגריפן, דורך וועלכע מען זאָל קענען ווי געהעריק אַנאַליזירן יידיש לעבן און די מאַניפעסטאַציעס פון דער יידישער פּסיכיק. דערצו דאַרף מען נאָך מוסיף זיין דעם דעצידירנדיקן פאַקטאָר, וואָס קריסטנטום איז אַ קינד פונעם יידישן לאַנד און פאָלק, געבויט אויף פאַרהייליקטע אַספּעקטן פון יידישן וועלט־באַנעם. די לכתחילה׳דיקע וויכוחים און מחלוקת׳ן צווישן יידן און יידישע נוצרים זענען דאָך געפירט געוואָרן אויף אַ ריין־רעליגיעזער פלאַך. איצט, ווען יידן זענען געוואָרן „אויס פאָלק״, האָבן די דענקענדיקע רוימישע און גריכישע קריסטן זיי פשוט ניט געקענט תופס זיין. וואָס קען פאַרט זיין דער אָפּהאַלט ביי יידן אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע? די יידישע קאָסמישע רעליגיעזע באַגריפן, די טיפערע מיסטישע דאָרשטן, און די אַל־געמיינע מאָראַלע באַרמען זענען דאָך אויך אַ בולט אויסגעדריקטער פונדאַמענט פון קריסטנטום. דער קאָנקרעטער יידישער שטייגער, אָפּגעריסן פון פאָלקישן הינטערגרונט, פון וועלכן ער וואַקסט אַרויס, און די צילן פון קיום האומה, וואָס ער באַדינט, האָבן געמוזט מאַכן אויף זיי אַ מאָדנעם איינדרוק. זיי, די פרעמדע, דער עיקר די, וואָס האָבן זיך צוגעוואוינט אויפצונעמען דאָס ריין־רעליגיעזע ווי אַ זעלבסטשטענדיקע דערפאַרונג, האָבן אין דעם בלויז געקענט זען עפּעס אַ משונה׳דיקן קאָנגלאָמעראַט פון ווילדע אַבערגלויבנס. ווי אַנדערש האָבן זיי דאָס געקענט פאַרשטיין?

די קירכן־פאָטערס זענען געשטאַנען פאַר אַן ערנסטער דילעמע, און זיי האָבן זי פאַרענטפערט לויט ווי די מענטאַליטעט פון יענער צייט האָט

דיקטירט. דער באַגריף וועגן צוויי וועלטן, איינע פון גוטס און די אַנדערע פון שלעכטס, אַ ליכטיקע און אַ פינצטערע, פון מלאכים און טייוואָלים, איז נאָך פון פריער צוגעגרייט געוואָרן, און קריסטלעכע טעאָלאָגן האָבן דעם באַגריף ווייטער אַנטוויקלט און אָנגעפילט די דאָזיקע וועלטן מיט פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, אַזעלכע וואָס דערהויבן און דערלייזן, און אַזעלכע וואָס פאַרדאַרבן און פירן אויף די וועגן פון טומאה און זינד. עס איז דעריבער געווען באַטירלעך, אַז יידן זאָלן באַטראַכט ווערן ווי אַ ספּעציעלער מין מענטש פון אַ נידעריקערער ספערע, מענטשן וואָס זענען, לויט אַ שפּעטערדיקער פאָרמולע, אויסגערעכנטע שליחים פון „קעניגרייך פון שטן". עס איז ניט קלאָר, ווען עס איז אויפגעקומען די מעשה, אַז די יידן האָבן געקרייציקט דעם נוצרי, איידער עס איז געבוירן געוואָרן די לעגענדע אַז ער איז גאָטס זון, צוזאַמען מיט דעם, אָדער נאָך דעם. בכל אופן, דאָס באַטיטלען יידן ווי גאָט־מערדער האָט פאַר די פירער פון דער נייער קירך געמוזט קלינגען ווי אַ פאַסיקע פּאָזיציע וואָס יידן דאַרפן פאַרנעמען אין סדר־העולם.

אין פערטן יאָרהונדערט האָבן די בישאָפן, אָדער, פּאָפּסטן, ווי טייל בישאָפן האָבן זיך דעמאָלט גערופן, אונדז אויפגעפּאַסט אין בעסטן פאַל ווי אומפאַרשטענדלעכע ווילדע עקשנים, אָבער על־פּי־רוב אַ סך, אַ סך ערגער. עס איז ביי מיר קיין ספק ניט, אַז זיי זענען געווען אויפריכטיק און ערלעך אין זייער בליק. אָבער אַנדערש האָט זיך פאַר זיי דער ענין ניט געלאָזט דערקלערן. דערמיט האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די קירכן־פאָטערס, וואָס זענען געקומען אין באַרירונג מיטן יידישן לעבן. האָסיוס פון שפּאַניע, סילוועסטער דער ערשטער, אייסעביוס פון קסריה, רעדן וועגן יידן ווי אַ „פּערווערזע געפערלעכע און קרימינעלע סעקטע". גרעגאָר פון ניסא באַקלאָגט זיך, אַז יידן זענען אומגלויביקע, וואָס ווילן זיך ניט פאַרלאָזן אַפילו אויף דער גבית־עדות פון משה רבינו און די נביאים. יעראָם האַלט, אַז יידן זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ בייזן גייסט. קיריל פון ירושלים שלאָגט אָן אַ מאָדערנעם טאָן, ווען ער דערקלערט, אַז אונדזערע אָבות זענען געווען פון אַ נידעריקן מין, אָדער „ראַסע", ווי מען וואָלט היינט געזאָגט. היליאַריוס פון פּואַטיע אַנטוויקלט די טעאָריע, אַז אין יידן זיצט אַ בייזער רוח וואָס מאַכט טמא. אַזוי איז געווען, איידער זיי האָבן מקבל געווען די תורה. אָבער די תורה האָט אים אויף אַ צייט פאַרטריבן. שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון נוצרי, איז דער בייזער רוח צוריקגעקומען. אַמבראָזיוס פון מילאַן זעט אין דער יורידישער סיסטעם, ביי וועלכער יידן האַלטן זיך, אַ פאַראַכטנדיקע באַציאונג צו די רוימישע געזעצן. דאָס איז נאַטירלעך פאַר אַמבראָזיוסן, וואָס קען ניט אײנזען, ווי אַזוי אַ רעליגיע קען איבערנעמען פונקציעס, וואָס, לויט זיין געירשנטער דערפאַרונג, געהערן זיי צו דער סעקולערער מלוכה. אָבער זיי אַלע שטייגט

איבער כריסאָסטאָם פון אַנטיאָך, שפּעטער בישאָף פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל. אין אַנטיאָך איז געווען אַן אַלטע פאַרוואָרצלטע יידישע קאָלאָניע. ער איז מיט זייער לעבן געווען באַקאַנט, און, ווייזט אויס, געהאַט אַ סיבה זיך צו שרעקן פאַר דער מעגלעכער ווירקונג פון דער דאָרטיקער סינאַגאָגע אויף די מיטגלידער פון זיין קירך. דערפאַר איז ער אַזוי ביטער, ווען ער באַקלאָגט זיך, אַז „אונדזערע שעפעלעך זענען אַרומגערינגלט מיט יידישע וועלף". ער וואָרנט, אַז דער יידישער בית־הכנסת איז די היים פון געצנ־דינערייַ, פון טייוואָלים, דאָס וואוינאָרט פונעם שטן. אויף אַן אַנדער אָרט זאָגט ער אַרויס אַ געדאַנק, וואָס האָט אַ דירעקטע שייכות מיט אונדזער טעמע: „גאָט האָט קיינמאָל ניט אַנטפּלעקט עפּעס שריפטלעך צו די אויס־דערוויילטע פון אַלטן טעסטאַמענט. ער האָט אַלעמאָל צו זיי גערעדט דירעקט, ווייל ער האָט געזען די ריינקייט פון זייערע הערצער, אָבער די יידן, דערפאַר וואָס זיי זענען אַריינגעפאַלן אין סאַמע תהום פון רשעות, זענען ביכער און געזעצן פאַר זיי נייטיק געוואָרן". דאָ זעט מען שוין קלאָרער, אַז זיינע רייד זענען ניט עפּעס אַן אומגעצאַמטער אויסבראָך, וואָס שפּריצט מיט שנאה אויף אַן אומבאַרעכנטן אופן. אין דער אמתן ליגט אין דעם אַ גאַנץ אָפענע רעזאָנירטע אויפפאַסונג וועגן יידן. עס איז אַן אומבאַהאָלפענע פּראָבע צו פאַרשטיין דאָס אומפאַרשטענדלעכע. יידן זענען געווען אַ רעטעניש, וואָס צעטרייסלט, דענערווירט, מיט וועלכע עס ווערט אומהיימלעך צו לעבן. על־פּי שכל וואָלטן יידן דאָך געדאַרפט זיין די ערשטע צו זען דעם גאַנצן קריסטלעכן אמת, זייער אייגענעם אמת, און דאָך זענען זיי געשלאָגן מיט אַ בלינדקייט, פאַרזונקען אין די גרענעצן פון אַ לעבן פון געזעצן און נאָרמען, וואָס, פון אַן אַלגעמיין־רעליגיעזן שטאַנדפּונקט פון אַ דרויסנ־דיקן, זעט עס אויס צו זיין אָן אַ טעם און אָן אַ זינען.

די ירושה פון אָט דעם בליק אויף יידן האָט זיך מיט אַן אומגעה־הייערער קראַפט פאַרוואָרצלט אין דער מיטלאַלטערלעכער קריסטלעכער פּסיכיק. יידן זענען אויסגעטיילט געוואָרן ווי אַ באַזונדער קלאַס באַשעפע־נישן, וואָס שטאַמט פון דער געהיימער וועלט פון שדים און רוחות. דער קאָנטאַקט צווישן יידן און קריסטן, וואָס איז געווען אַזאַ אָפטער, אַזאַ טאָג־טעגלעכער האָט טאַקע געהאַט אַ טענדענץ צו פאַרבלאַסן די ווירקונג פון אַזעלכע אַבערגלויבנס, אָבער ווי נאָר עס האָט זיך באַוויזן דער מינדסטער קריטישער מאָמענט איז אַרויסגעשוואומען דאָס מאַוימדיקע בילד פונעם ייד־טייוול אין סאַמע צענטער פון דער קריסטלעכער לאַנדשאַפט. עס איז ניט געווען סתם מורא פאַר פרעמדקייט — כאָטש דער דאָזיקער מאָטיוו איז תמיד פאַראַן אין אַזעלכע פאַלן — און זיכער ניט קיין צופעליקער קאָנפליקט צווישן סאָציאַלע כוחות נאָר אַן אומפאַרמיידלעכער, סיסטעמאַ־טישער אויסדרוק פון אַ באַשטימטן גייסטיקן קלימאַט. דאָס אוניווערסאַליס־

טישע קריסטנטום, וואָס האָט זיך איינגאַנצן אויסגעטאָן פון עטנישע עלעמענטן פון מענטשלעכן גייסטיקן לעבן, האָט זיך געמוזט פילן דערשראָקן און געפּלעפט פון דער מערקווערדיקער דערשיינונג, וואָס רופט זיך יידן. סיס־טעמאַטישער יידן־האַס איז געוואָרן אַ מין שוץ־הויט, וואָס דער נייער קירכ־לעכער אָרגאַניזם האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן.

אַזוי האָט זיך די דאָזיקע ירושה געטראָגן דורך לענדער און דורות, יאָרהונדערט נאָך יאָרהונדערט, אָן אַן אָפּשטעל. צייט האָט דעם כוח צו פאַרהיילן וואונדן, אָבער ניט קיין קלענערן כוח זיי צו מאַכן טיפער, בלוטנ־דיקער. יידן־האַס האָט זיך אַרומגערינגלט מיט שוידערלעכע לעגענדעס, מעשיות געבוירענע אין דער פינצטערניש פון בוכשטעבלעכע טויזנט און איין נאַכט. אַלטע מעשיות, פּונקט ווי אַנדערע איבערבלייבעכצן פון אַלטע ירושות, נעמען זיך אָן מיט פאַרזיגלטער הייליקייט, מיט אַנטפּלעקטע אמתן, צו וועלכע דער שכל האָט קיין צוטריט ניט. אין משך פון דער צייט האָבן זיך טאַקע באַוויזן נייע פאָרמען פון לעבן, און אַן אַנדער גייסט האָט גענומען דורכדרינגען דעם מענטשלעכן מוח. מיר האָבן איצט צווישן די פעלקער אַ סך מער, וואָס פאַרשטייען אונדז בעסער, פאַר וועלכע מיר זענען שוין מער ניט אַזאַ אויסטערלישע רעטעניש, אָבער דער כוח פון דעם אַלעם איז נאָך אַלץ צו קליין אָפּצושטעלן דעם אימפּעטיקן שטראָם פון דער טראַדיציאָנעלער באַציאונג צו אונדז ווי צו עפּעס אַן אומהיימלעכער דערשיינונג אין דער וועלט. פון דער אַנדערער זייט, זענען צוגעקומען נייע פאַקטאָרן מיט אַ טענדענץ צו דערהאַלטן ביים לעבן און צו פאַרשטאַרקן דעם אַלטן צוגאַנג צו יידן. אַלע סימנים ווייזן, אַז די היינטיקע ראַסן־טעאָריע, ווי זי ווערט אָנגעווענדט אויף יידן פון אירע הויפּט־אידעאָלאָגן, איז אין דער אמתן בלויז אַ מאָדערנע איבערזעצונג פון די געדאַנקען פון די אַמאָליקע קירכן־פאָטערס.

## 5.

### קריסטלעכע רעליגיע און יידישע קולטור.

אַ סך מיינען, אַז די מחיצה צווישן דעם יידישן און קריסטלעכן דרך איז דורכויס אַ רעליגיעזער. דאָס וואָס האָט יידן צום מערסטן שאָקירט אין דער נייער סעקטע האָלטן זיי, איז געווען דער פאַקט, וואָס דער נוצרי איז אויפגענומען געוואָרן ווי גאָטס זון. יידן — אפילו די וואָס זענען שוין גרייט געווען אין אים צו זען דעם געהאָפטן משיח — האָבן בשום אופן ניט געקענט איינגיין אויף זיין גאָט־כאַראַקטער. האָט דאָס געמוזט פירן צו אַ ברויזנדיקער מחלוקת, וואָס האָט ענדלעך געבראַכט די פולע צעשיידונג, ווייל קיין שלום איז מער ניט מעגלעך געווען צווישן די צוויי רעליגיעס.

מיר דאַכט זיך, אַז די היסטאָרישע פאַקטן, אויף וויפיל זיי זענען באַקאַנט, באַשטעטיקן ניט דעם דאָזיקן בליק. וואָס מער מיר באַקענען זיך מיט די עלטסטע קריסטלעכע קוואַלן, אַלץ מער באַקומט מען דעם איינדרוק, אַז די דינים און מנהגים פון יידישן פאָלקס־לעבן האָבן געשפּילט די הויפּט־ראָלע אין די ערשטע מחלוקתן צווישן די אוניווערסאַליסטישע יידן־קריסטן און די „מינים". וואָרעם די לעצטע, גלייבנדיק אין דעם משיח פון נצרת האָבן אָבער דאָך געוואָלט אויפהאַלטן זייער צוגעבונדנקייט צו יידן דורך אָפּהיטן דעם יידישן שטייגער. דער נצחון פון די אוניווערסאַליסטן האָט ענדלעך געפירט צו אַ פולשטענדיקן גט. די יידיש־קריסטלעכע גרופּעס האָבן זיך מער ניט געקענט אויפהאַלטן. די נייע קירך האָט מיט זיי קיין מגע ומשא ניט געוואָלט האָבן.

די אינקוויזיציע ביים סוף פון מיטלעלטער האָט גאַנץ קלאָר אַרויס־געבראַכט דעם דאָזיקן פּונקט. עס איז ניט נייטיק געווען חושד צו זיין אַ משומד אַז ער לייקנט אָפּ די קריסטלעכע גאָט־זון דאָגמע, אָדער אַנדערע קירכלעכע אני־מאמינס, כדי אים צו באַשולדיקן אַז ער איז אַ מאַראַן. די שפּיאָנען פון דער אינקוויזיציע זענען אינסטרואירט געוואָרן צו זוכן ביי משומדים בלויז סימנים אַז זיי היטן אָפּ יידישע דינים און מנהגים. אויב ביי אַ משומד אין הויז האָט מען פאַרשפּרייט ווייסע טישטעכער אויף די טישן, אָדער אויב ער איז געזעסן שבעה נאָך אַ מת אין דער משפּחה, אָדער אויב ער האָט אָפּגעשניטן די נעגל, זיי באַהאַלטן אָדער פאַרברענט, אָדער אויב ער האָט געפאַסט אין אַ יידישן תענית — דאָס איז גענוג געווען מען זאָל אים ברענגען צום משפט ווי אַ מאַראַן.

די אינקוויזיציע, ווי באַקאַנט, האָט געאַרבעט מיט דער מעטאָדע פון „ווירקן" אַז דער באַשולדיקטער זאָל זיך מודה זיין. זיי זענען געווען קלוג גענוג צו פאַרשטיין, אַז אַזעלכע עפנטלעכע קאָנפעסיעס ווען ביי די מאַסן נאַאיווע גלויביקע זיין די זיכערסטע ראיה, אַז די באַשולדיקונג איז לויטער אמת. אָבער אין וואָס האָט זיך דער מאַראַן געדאַרפט מודה זיין? ניט אַז ער לייקנט קריסטלעכע דאָגמעס, אָדער אַז ער האָט דעם מינדסטן ספק אין זיי. ער האָט בלויז געדאַרפט באַשטעטיקן אַז ער עסט ניט קיין חזיר, און נאָך אַזעלכע זאַכן. עס איז אפילו ניט געמאַכט געוואָרן די מינדסטע אָנ־שטרענגונג, אַז כאָטש ריין־פאָרמעל זאָל דער קרבן באַשולדיקט ווערן אין אַ נעגאַטיווער באַציאונג צו קריסטלעכע רעליגיעזע עיקרים. דער אָפּענער און אָפיציעלער חטא פונעם מאַראַן איז באַשטאַנען אין עפּעס אַ שאָטנדיקן סימן פון צוגעבונדקייט צו יידן, יידישער טראַדיציע און יידישן שטייגער־לעבן.

אויב די רעליגיעזע מחלוקתן וואָלטן געווען די הויפּט־סיבה, וואָלטן מיר מסתמא אַ לאַנגע צייט געהאַט אַ יידיש־קריסטלעכע קירך, און אַ

דעטאַלערן רעקאָרד וועגן אַ צייט, וועגן וועלכער עס איז אַזוי ווינציק געבליבן. יידן־קריסטן וואָלטן זיך אויפגעהאַלטן פונקט ווי אַנדערע אַפּיקורסישע סעקטעס, קעגן וועלכע די קירך האָט ביטער געקעמפט. דער נאָענטסטער ביישפּיל איז, דאַכט זיך, די אַריאַנישע סעקטע, וואָס האָט זיך באַוויזן גאַנץ פרי. צווישן די וואָס האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיט גריכיש־פילאָסאָפישער בילדונג, זענען נאַטירלעך געווען אַזעלכע, וואָס פאַר זיי איז די גאָט־זון־השערה אויך געווען אַ ביטערע פּיל אַראָפּצושלינגען. די אָנהענגער פונעם בישאָף אַריוס האָבן ניט אַקוראַט געלייקנט דעם נוצרי׳ס געטלעכקייט, זיי האָבן אָבער געטענה׳ט מיט אייזערנע אַרגומענטן, אַז דער „פאָטער״ און דער „זון״ קענען ניט זיין פון דער זעלביקער סובסטאַנץ, און אויב דער „פאָטער״ איז דער אייביקער, איינציקער גאָט, מוז דער „זון״ זיין עפּעס אַנדערש, עפּעס וואָס איז אויף אַ מער דערונטערדיקער מדרגה אין פאַרגלייך מיטן „פאָטער״.

אויך בנוגע די אַריאַנער האָט די קאַטוילישע קירך אָפּיציעל געזיגט, אָבער די סעקטע האָט זיך גאַנץ לאַנג אויפגעהאַלטן. זיי האָבן זיך שפּעטער שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן די גערמאַנישע שבטים, און די וויסיגאָטן, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען אין שפּאַניע, זענען געווען אַריאַנער, געפירט פון אַן אַריאַנישן קעניג. לאָמיר אויך ניט פאַרגעסן, אַז דער פריער־דערמאָנטער בישאָף אייסעביוס, וואָס האָט אויף יידן אַרויסגעטראָגן אַזאַ שרעקלעכן פּסק־דין, האָט פונדעסטוועגן זיך איינגעשטעלט פאַר די אַריאַנער ביים רוימישן אימפּעראַטאָר קאָנסטאַנטין. ער האָט געבעטן מער איינזעעניש און טאָלעראַנץ, כאָטש עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ סעקטע, וואָס רירט אָן דעם סאַמע פאַרהייליקסטן עיקר פון דער קריסטלעכער ירושה. פאַרשיידענע אַפּיקורסותן האָבן געקענט אויפקומען און זיך האַלטן אין קריסטנטום, אָבער דער אוניווערסאַליסטישער פּרינציפּ איז געווען דער עיקר, קיין נאַציאָנאַלע קירך האָט ניט געקענט געפינען קיין פּלאַץ אין דער קריסטלעכער סיסטעם, זיכער ניט קיין נאַציאָנאַלע קירך וואָס איז אין דער פּראַקטיק פאַרוועבט אינעם לעבן און די האָפענונגען פון אַ היסטאָרישן עטנישן קיבוץ און זיין קולטור, און די יידן, וואָס האָבן געלעבט אַזאַ לעבן און געהאָפט מיט אַזעלכע האָפענונגען, האָבן געמוזט ווערן דאָס ציל־ברעט פון איר שטענדיקער שנאה.

עס איז אַ טייוולשע איראָניע פון גורל, אַז דער אָנהייב פון אַ סיסטעמאַטישן, אומברחמנותדיקן האַס צו יידן זאָל שטאַמען פון אַן אַלמענטשלעכער ברודערשאַפט, וואָס איר גאָט איז דער גאָט פון דערלייזונג פאַר אַלע מענטשן; אַז קאַלטער האַס צו מענטשן זאָל ווערן אַן אָרגאַנישער טייל פון אַ סיסטעם פון וואַרעמער אַלמענטשלעכער ליבע. דאָס איז שוין דאָס מזל פון יעדן גרויסן אידעאַל, וואָס איז גרייט אין נאָמען פון אידעאַלע מענטשלעכע

חלומות צו פּאַרטיליקן די רעאַלע באַדערפענישן פונעם מענטשן. אַזעלכע אידעאַלן, וואָס אוניווערסאַליסטישער זיי זענען, אַלץ מער זענען זיי עלול צו זיין בלינד צו די גייסטיקע נויטן פון דער פּערזענלעכקייט פון יעדן היסטאָרישן מענטשלעכן קיבוץ. פון דער אַנדערער זייט, וואָס העכער און רייכער עס זענען די קולטור־ווערטן פון אַן עטנישן קיבוץ, וואָס אוניווער־סאַלער זיי זענען, אַלץ שווערער מוז אויף אים פאַלן די שטראָף פון אַזאַ אוניווערסאַליסטישער בלינדקייט. עס איז אַ גליק, וואָס דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער עספּעראַנטאָ־אידעאַל — אַז יעדער מענטש זאָל רעדן עספּעראַנטאָ ווי אַ „נעיטיוו" — איז ניט געבוירן געוואָרן גענוג פרי, און זיך ניט אויסגעדריקט אין אַן אינסטיטוציע מיט אַ הערשנדיקער פּאָליטישער מאַכט. אויב יאָ, וואָלטן מיר געהאַט אָנשטאָט דער מיטלעלטערלעכער אינקווי־זיציע קעגן די אומגלויביקע, אַ שפּראַכלעכע אינקוויזיציע קעגן די „אומ־שפּראַכיקע". ווי גוט וואָלט זיך דעמאָלט געפילט אַ פרומער עוואַנגעליסט פון דער וועלט־שפּראַך, וואָס דאַרף פאַרברידערן אַלע מענטשן, ווען זיין קרבן וואָלט כאַטש אין די לעצטע מינוטן אויסגעשריען „שמע ישראל" אויף עספּעראַנטאָ.

מיר לעבן אַלע אין זכות פון אַ געבענטשטער עקשנות, וואָס גאָט האָט אין אונדז איינגעפלאַנצט. איך ווייס ניט פון קיין בעסערן ביישפּיל פון אַזאַ מין איינגעשפּאַרטקייט, ווי מיר געפינען אין די רייד פון אַ באַרימטן יידישן עקשן: „ווען מען זאָל מיר געבן פאַר אַ מצוה גיהנום און פאַר אַן עבירה גן־עדן, וואָלט איך אַלץ געטאָן מצוות". עס איז אַ גרויס גליק, וואָס מענטשן האָבן אַזעלכע עקשנים. און גוט איז אונדז, וואָס מיר, יידן, האָבן זיי אין אַזאַ גרויסער צאָל. קיין שום שנאה אין דער וועלט איז ניט בכוח זיי אומצוברענגען. זיי טראָגן זייער עקשנות פון דור צו דור און צינדן אָן דאָס ליכט פון אַ הויכן מאָראַלן אמת: די וועלט וועט קיינמאָל קיין מענטש־לעכע וועלט ניט זיין, סיידן זי וועט ווערן אַ וואַרעמע היים, וואו אַלע אַזעלכע עקשנים וועלן קענען לעבן אַזוי ווי דער גאָט פון זייער האַרצן באַפעלט זיי.

(1944)

# שנאת ישראל

Now hatred is by far the longest pleasure;
Men love in haste, but they detest at leisure.

*Byron, "Don Juan"*

אַמאָל, אין בין־השמשותדיקע מאָמענטן, ווען עפּעס אַ שטילע לויטער־קייט איז גובר אין אונדזער נשמה דאָס בליציקע ליכט פון חכמת יון, דערזעט מען אַז ס'איז באמת ניט צו מעסטן און ניט צו דערגרונטעווען די אימה פון יידישן לעבן. אין חכמת יון, אין וויסנשאַפט, איז פאַראַן אַ גרויסע טרייסט ווען מען שטעלט זיך אָפּ פרי גענוג, ווען מען גייט ניט צו ווייט. אָבער אין איינציקער טראָט אַריבער דעם פאַרמאַכטן פאַרהאַנג, און שוין ווערט טונקל, שווער און אומהיימלעך פאַר אַלעמען, אפילו פאַרן בריסקער רב, אַפילו פאַרן ביאַלער רבין. עס מערן זיך די רעטענישן ממש ניט אַריבערצו־טראַגן, און דאָס האַרץ ציט — ניין, ניט די סטאַטיסטישע טאַבעלעס וואָס זענען דעמאָלט אויס אַזוי ווייט פונעם ענין, אַזוי אומבאַהאָלפן עפּעס צו זען, עפּעס צו דערקלערן. דאָס האַרץ ציט צו אַ קאַפּיטל תהלים. רבונו של עולם, ווי אָפּט עס ווייזן זיך די דאָזיקע רגע'ס היינטיקע צייטן, און דאָס אויג באַדט זיך אין אָט די אָפּגרונטן וואָס זענען ניט צו מעסטן, ניט צו דער־גרונטעווען.

עס איז ידוע אַז עשו האָט פיינט געהאַט יעקבן. דער אייערנעכטן האָט דאָס שוין צו גוט געוואוסט. דער נעכטן האָט אויף דעם געלייגט זיין שוואַרצן זיגל. און היינט גיסט זיך אויף אונדז דער האַס פון אַלע קראַנען. דער שונא האָט אונדז פיינט, און דער שונא פונעם שונא — ניט ווייניקער. פונעם קאַלך־אויוון ביזן גאַז־קאַמער, פון דער ווילדער חיה אויף דער רוימישער אַרענע, ביזן פרומען גלח ביים אויטאָ־דאַ־פע, ביזן דייטש אָדער אוקראַינער אין היינטיקן מיידאַנעק, — די פאַרבלוטיקטע קייט ציט זיך, רייסט זיך ניט איבער, און יעדע ניכטערע רגע לאָזט וויסן אַז דאָס איז נאָך ניט דער סוף.

זינט 1933, און נאָך פריער, האָט אַ ווילדער שטורעם־ווינט זיך אַרויס־געריסן פון דייטשלאַנד און זיך געטראָגן מיט פאַרניכטנדיקע בשורות איבער דער וועלט, אַ ווילדער שטורעם־ווינט מיט אַ קרוין פון שנאת ישראל אויפן שפּיץ. איז אָנגעפאַלן אַ טויטנדיקע מורא אויף אַלע עקן פון ים און יבשה. פעלקער און לענדער האָבן גענומען ביילן פויסטן און גרייטן די נייטיקע כלי־משחית אָפּצושטויסן די דראָענדיקע סכנה. אָבער שנאת ישראל האָט זיך

צוגעקלעפּט, געפונען אַ באַקוועמערע היים און אַ וואַרעמערע נעסט אפילו צווישן די וואָס אַנטקעגן זיי האָט די חיה רעה געשאַרפט אירע ציין.

אַפילו ביי אונדז דאָ, אין אַמעריקע, האָט זינט די דרייסיקער יאָרן די יידן־שנאה גענומען וואַקסן צו העכערע מדרגות. יידן האָבן אין דער דאָזיקער צייט ניט אַרויסגעוויזן קיין זאַך וואָס זאָל דאָס דערקלערן, שוין אָפּגערעדט פון באַרעכטיקן. קיין נייע יידישע אימיגראַציע־כוואַליעס האָבן זיך אַהער ניט געטראָגן. מען קען זיכער ניט זאָגן אַז אין דער דאָזיקער פּעריאָדע האָבן זיך יידן מער אָפּגעזונדערט פון זייערע שכנים, די אייביקע באַשולדיקונג קעגן אונדז. די ראָלע פון יידן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן איז זיכער ניט אַנדערש ווי אַמאָל, און דאָך, אַזאַ אויסבראָך פון שוימיקער שנאה. און די וואָס האָבן ליב צו האַמערן מיט אַזאַ מאָנאָטאָנער ריטמישער עקשנות אויף די יידישע פּרנסות, וואָס אַ צווייפלדיקע טעאָריע האָט אַרויפגעלייגט אויף זיי די חתימה פון זינדיקייט, אפילו אונדזערע בעסטע צווישן זיי — פונעם גאָט־פאַרליבטן וואַלדאָ פרענק ביזן ייד־פאַרליבטן יעקב לעשצינסקי — אפילו זיי האָבן קיין מוסר־השכל ניט געלערנט. איינער באַרואיקט זיך אינעם ווייכן געלעגער פון מאַראַליסטישע גענעראַליזאַציעס. דער צווייטער מאַכט פון אייליקע סטאַטיסטישע קאָרעלאַציעס אַ מין מיסטישן שפּיגל צו דערזען „אצבע אלקים“.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מיר אַ פריינד געזאָגט אַז ווי פינצטער אונדזער לאַגע אין אייראָפּע זאָל ניט זיין איז דאָך פאַראַן אַ שטיקל טרייסט. עס וועט אויפוועקן דעם געוויסן פון דער וועלט. אפילו די וואָס האָבן אונדז פיינט און האָבן אין האַרצן געטראָגן נקמה־געפילן קעגן אונדז וועלן זיך איצט פילן געזעטיקט, אַפילו איבערגעפרעסן פון די שבעה מדורי גיהנום וואָס מיר גייען דורך, און די עלעמענטאַרע געפילן פון מיטלייד מיט הילפ־לאָזע, אומגליקלעכ־פאַראורטיילטע, וועלן אָוועקנעמען דעם סם פון זייערע באַציאונגען צו אונדז. אַזוי האָט דאָס נאַאיווע האַרץ געקענט מיינען. אָבער ליידער איז עס פאַרגעקומען גאַנץ אַנדערש. אַלע טירן פון מזרח און מערב האָבן זיך פאַרהאַקט מיט די זיכערסטע שלעסער פאַר אונדזערע געיאָגטע און פאַרטריבענע. וואָס שרייאיקער אַ לאַנד האָט געדונערט קעגן פאַשיזם מיט אַלץ מער פרענטן און ריגלען האָט עס אַרומגעריגלט זיינע גרענעצן עס זאָל חס ושלום קיין טראָט פון די פאַרוואָגלטע גולים ניט אַריבערשפּאַנען. שיפן מיט אונדזערע פאַרמשפּטע קרבנות האָבן זיך געטראָגן איבער די ימים, זייער וויי־געשריי האָט דערגרייכט עד לב השמים, און גאָרניט, אין קול ואין עונה.

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן דאָ, אין אַמעריקע, יידישע באַציאונגען זיך אין קיין זאַך ניט געביטן, ניט אין געדאַנקען, ניט אין מעשים. יידן זענען געבליבן די זעלביקע ווי פריער עקאָנאָמיש, קולטורעל פסיכיש. ניט געביטן?

דאָס איז ניט אינגאַנצן ריכטיק. זיי האָבן אַלץ מער אויפגעגעבן דאָס אימיגראַנטישע אייגנס, א סך פונעם יידישן אייגנס, מיט וואָס זיי זענען אַהער געקומען. זיי האָבן זיך מער דערנעענטערט שפּראַכלעך און קולטורעל צום נייעם לאַנד. און דאָך, עפּעס ווי פון הימל אַראָפּ, האָבן גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס געפונען פאַר לעבנס־נייטיק פּלוצלונג אָנצוהויבן אַ קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, פירן ברייטע פּראָפּאַגאַנדע, אַרויסלאָזן זשורנאַלן, ביכער, מאַכן פאָרשונגען, זיך איינשטעלן, אַטאַקירן, פאַרטיידיקן, באַשטימען בוד־זשעטן פון הונדערטער טויזנטער דאָלאַר צו אינפאָרמירן די אַמעריקאַנער וועלט אַז יידן זענען מענטשן. מען האָט געשאַפן טריבונעס, געעפנט פּלאַט־פאָרמעס צו דערקלערן, זיך אויסצוטענה׳ן מיט אַלץ וואָס יידן־שנאה האָט פאַרכאַפּט, פונעם איידעלן קאָפּ פונעם פּראָפעסאָר ביז דער גראָבער פויסט פונעם גאַסן־יונג. און, הערט איר הימלען, גראָד איז דאָס געוואָרן די וויכטיקסטע פונקציע פון יענע אָרגאַניזאַציעס וואָס פילן זיך צאָרנדיק באַליידיקט ווען עמעצער דערזעט דאָס אָנזעעוודיקע אַז אויך דאָ איז „גלות״.

מערקווערדיק זענען די וועגן פון האַס. עס איז זיכער ריכטיק ווען מיר זוכן סיבות, פאַקטאָרן, געשעענישן וואָס גיסן אַריין דעם דאָזיקן סם אין מענטשלעכע נשמות. אָבער איך האָב מורא אַז מען פאַרקוקט איין אומגעהייער וויכטיקן פאַקטאָר, דאָס איז דער האַס גופא. וואָרעם מיר פאַרגעסן אַז ברויזיקע שנאה, וואָס אירע לכתחילהדיקע סיבות זאָלן ניט זיין, קוים האַלט זי נאָר אָן אַ געוויס לאַנגע צייט, ווערט זי אַליין אַ דינאַמישער פאַקטאָר פון איר ווייטערדיקן גיפטיקן לעבן. צאָרנדיקער האַס פרעסט אויס מיט זיין זשאַווער אַ טיפע סטעזשקע אין דער נשמה. און וואָס מער ער פרעסט אַלץ זשאַווערדיקער ווערט ער, און וואָס מער עס קלייבט זיך אָן זיין זשאַווער אַלץ הונגעריקער ווערט ער ווייטער צו גראָבן און פרעסן. אַזוי מערט ער זיך און שטאַרקט זיך און באַפרוכפּערט זיך אַליין מיט זיינע אייגענע אינערלעכע בייזע כוחות. דער וואָס באַגרענעצט זיין קוק אויף אַנטיסעמי־טיזם מיט דעם וואָס ער זעט איצט אַרום זיך, און מיידט אויס די גאַנצע געשיכטע פון אַ צוויי טויזנט יאָריקן האַס מיט זיין שטענדיקן גליענדיקן פייער דורך לענדער און דורות, אַזאַ מענטש שלאָגט זיך מיט אַ בלינדקייט פון וועלכער ער וועט זיך קיינמאָל ניט באַפרייען. עס וועט גאָרניט העלפן ווען ער וועט אַפילו הונדערט מאָל מכריז ומודיע זיין אַז ער האָט בלויז אין זינען דעם „הויפּט־פאַקטאָר״, און אַז עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע פאַקטאָרן וואָס האָבן ניט קיין מזל צו געהערן צום „הויפּט״. מיט אַזאַ פאַרענטפערונג פאַרן געוויסן פונעם שכל קען קיין בלינדער ניט זעענדיק ווערן.

האַס איז דאָס אויסוואָרף־קינד פון אומבאַהערשטן פחד, און פחד איז דער פירער און פאַרפירער פון אונדזער לעבן. פּסיכיש־קראַנקע פּאַציענטן פאַרלירן אַ סך פון זייערע גייסטיקע פונקציעס, אָבער שרעק, מורא, פחד

— דאָס פאַרבלייבט, בלויז דער טויט קען דאָס אַפּווישן. דאָס איז צו פונ־דאַמענטאַל, איינער פון די מאַטעריאַלן פון וועלכע דאָס גייסטיקע לעבן ווערט אין סאַמע אָנהויב געשפּונען. קיינער גייט ניט אַראָפּ פון זינען איבער איבערגעטריבענער ליבע, פריינדשאַפט, איבערגעגעבנקייט, סיידן דאָס פאַר־וואַנדלט זיך אין אַ פאָרם פון פּחד וואָס צעשטערט די אינערלעכע גלייכוואָג. און דעמאָלט ווערט האַס דאָס צעשטערערישע אָפּוועטער־מיטל וואָס פאַרטיליקט וועלטן.

עס גייט מיר ניט אַרויס פון זינען די באַמערקונג פון אַ רוימישן היס־טאָריקער, טאַציטוס: „עס ליגט אין דער מענטשלעכער טבע אַז די וואָס מיר טוען זיי ווײ זאָלן מיר פיינט האָבן". אויך דאָס איז אַ טיפּישע כאַראַק־טעריסטיק פון פּרעסנדיקער שנאה. אָט לויפן מיר נאָך אַ קריכנדיקן וואָרעם, ווילן אים צעטרעטן. דאָס אָרעמע באַשעפעניש טראָגט זיך אָפּ מיט אַלע כוחות, וויל זיך נעבעך ראַטעווען. יאָגן מיר נאָך מיט שוימיקער בייזקייט, עפּעס ווי מיר וואָלטן ניט געקענט איינשטילן אונדזער צאָרן איבער דער חוצפּה פון אַ באַשעפעניש צו וועלן לעבן. געלינגט דעם וואָרעם זיך צו פאַרשטופּן אין אַ שפּאַרע בלייבן מיר ווי אָפּגעשמיסענע, מיט אַזאַ פאַר־דראָסיקער אַנטוישונג. כאַפּן מיר אים, און ער ווײַזט נאָך סימנים פון לעבן נאָכן ערשטן קלאַפּ פון אונדזער שוך, וואָסער תענוג עס איז אים צו פאַר־ענדיקן מיט נאָך אַ קלאַפּ.

דאָס איז די טבע פון האַס. וואָס אומגליקלעכער, וואָס הילפלאָזער עס איז דער קרבן אַלץ ווילדער ווערט דער האַס צו אים, אַלץ ברענענדיקער ווערט די תאווה אים צו פאַרטיליקן. קיין שטראָף איז ניט צו גרויס, קיין נקמה־געפיל ווערט ניט זאַט, ביז עס בלייבט ניט דער מינדסטער סימן, ניט פונעם פאַרפייניקטן, ניט פון זיין ווייטסטער געדעכעניש. ברענען, שיסן, הענגען, גאַז־קאַמערן, דאָס לאָזט זיך פאַרשטיין. אַ שונא, דאַרף מען אים אומברענגען. אַזוי איז דער סדר העולם זינט קין און הבל. אָבער פייניקן מיט די גרויליק־סטע עינויים אויף האַלב טויט נאָך איידער דער טויט איז געקומען, צוליב וואָס? אויב דער ציל איז פאַרניכטונג וואָס איז דער זינען פון אַזאַ סאַ־דיסטישער שפּיל? בלויז דער נאַאיווער שכל פרעגט אַזעלכע קשיות. וואָרעם „ציל" און „זינען" זענען בלויז די ראַפינירטע בירגער פון דער רייך־אינטעלעקטועלער וועלט. אין דער טונקעלער מלוכה פון בלינדע פּסיכישע כוחות הערשן אַנדערע מאָסן און אַנדערע כללים. דער ווײ־געשריי פונעם געפייניקטן טוט צוויי זאַכן: אי ער באַרואיקט דעם מערדער, אי ער רייצט נאָך מער זיין נקמה־דאָרשטיקן אַפּעטיט, ער זעטיקט אים און הונגערט אים אויס אין דער זעלבער צייט.

געדענקט איר ווי יידישע זעלנער האָבן געליטן עינויים קשים אין די פּוילישע גלות־אַרמייען? ווי געפּלעפט דער שכל בלייבט אין אָנגעזיכט

פון אַזאַ פּחד־קאָמעדיע. זיי, די פּוילישע, מיליטעריש באַזיגטע, דערשלאָגענע, קינדער פון אַ פאָלק וואָס דער זעלביקער מערדער־שכן האָט, פּונקט ווי אונדז, צעטראָטן ווי אַ וואָרעם, און דאָך, אָט באַגעגענען זיי זייער אַלטן פאַרהאַסטן יידן, דעם נאָך אומגליקלעכערן פון זיך, און גלייך כאַפּט זיך די האַנט צו דער האַק. מיר קעמפן זייער קאַמף, מיר פאַלן סוף־כל־סוף אויף זייער שלאַכטפעלד, אָבער די אַלטע שנאה גליט און ברענט. דער צוויי טויזנט יאָריקער האַס מיט זיינע פלאַמענדיקע צונגען פרעסט, צעפרעסט יעדעס ברעקל פון דער נשמה, און פאַרצערט פסיכיש דעם פייניקער און פיזיש דעם קרבן.

אָבער שנאת ישראל איז ניט סתם אַזוי זיך האַס, פונעם סאָרט וואָס מיר געפינען אין אַ יחיד צו אַ יחיד. אפילו די היסטאָרישע אַלטקייט דערציילט ניט די גאַנצע מעשה. קודם כל, האָבן מיר צו טאָן מיט אַ וועלט־פאַרשפּרייטער שנאה וואָס ליגט ווי אַ ניט־פאַרדייעטער סם אין האַרצן פון מיליאָנען, אפשר הונדערטער מיליאָנען. און פּונקט ווי אין היסטאָרישע פּראָ־צעסן שפּילט צייט אַן אומגעהייערע ראָלע אַזוי אויך דאָמינירנדיק וויכטיק די ראָלע פון גרויסע מענטשלעכע צאָלן אין יעדן פאַקט פון סאָציאַלן לעבן. ביי אַ יחיד קען דער כעס פאַרגיין ווען ער ווערט אַ לאַנגע צייט ניט גענערט ווי געהעריק, אָדער נאָך עפּעס אַ טיפן שינוי אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ביי אַ רבים איז שווין דער ענין ניט אַזאַ לייכטער. דאָ סטימולירט איינער דעם צווייטן יעדע רגע מיט ווערטער, מיט מעשים, מיט אַ מינע אויפן פּנים, מיט אַ האַנט־באַוועגונג. דאָ שאַפן זיך נאָרמען, מאָדעס, אָנגענומענע כללים ווער עס זאָל באַטראַכט ווערן „מיט אונדז" און ווער „קעגן אונדז". דאָ איז מען אונטערגעוואָרפן דעם פאַרשאָלטענעם איינפלוס פון פּראָפעסיאָ־נעלע גלאַטע פעדערס, בלאַטע פּראָפּאַגאַנדיסטן, אויפרייצער, העצער. דער גאַסן־רעדנער מיטן געשליפענעם צינגל — ווער שמועסט נאָך ווען ער איז באַזאָרגט מיט אַ הילכיקן, טראַסקעדיקן אָרקעסטער — האָט אַ טיפערע ווירקונג ווי דער שאַרפסטער מוח מיט אַ לעבעדיקן געוויסן. די מורא צו מאַכן די מינדסטע אָפּווייכונג פונעם איינגעוואָרצלטן דרך פון מיליאָנען פיילט אָפּ די שפּיציקע אַנדערשקייט פון אייגענעם לעבן און טראַכטן. און אויב יידן ווערן דערקלערט ווי אַ היסטאָרישער „קעגן אונדז" דעמאָלט איז לית דין ולית דיין.

דער האַס פון אַ גרויסער מאַסע רייסט זיך אַריבער פּאָליטישע און סאָציאַלע גרענעצן, שפּרייט זיך ווי אַ וואַלד־פייער מיט דער גבורה פון אַ פאַרזיגלטן גורל, און צעטראָגט זיין ברען־שטאָף אין די ווייטסטע מקומות. ער פאַרווישט די גרענעצן אין רוים, און אויך אין צייט. ער פלעכט זיך אַריין אין פאָלקלאָר פון דורות. ער פאַרשפּאָרט דעם איינצלנעם קאָפּ די שווערע מי עפּעס אויסצוטראַכטן. ער ווערט קולטור, ירושה, סאָציאַלע

אַטמאָספער. דער אייגענער געדאַנק דאַרף שוין גאָרניט פאָרמולירן, ווייל ווערטלעך, לידער, מעשיות ווערן די לאַיאַלע טרעגער פון דער גיפטיקער שליחות אי פאַרן עופ'עלע, אי פאַרן זקן.

אָבער דאָס איז בלויז די ערשטע העלפט פון דער מעשה פון שנאת ישראל. מיר ווערן געוואָר עפּעס וועגן דער „שנאת", אָבער צו ווייניק וועגן „ישראל". און דאָס איז אויך ניט אַזאַ פשוטער ענין ווי עס קען זיך אין פלוג אויסווייזן. ווארעם די שנאה איז דאָך אין דער אמתן ניט געווענדט קעגן אַ קאָנקרעטן אָביעקט וואָס מען קען אויפנעמען מיט די חושים. דער איינצלנער גליד פון אונזער פאָלק ווערט דאָך גערעכנט בלויז ווי אַן ערדישער פאַרטרעטער פון אַ פאַנטאַסטישן סטערעאָטיפּ — דער ייד — אַ מין אייביקער איינוואוינער פון אַ פּלאַטאָנישער אידייען־וועלט. אַ פיגור וואָס מען קען בלויז פאַרקערפּערן אין אַ ראָמאַן, אָדער פאַרשיילאָקן אויף דער בינע, כאָטש צום קאָנקרעטן, לעבעדיקן יידישן שכן קען מען זאָגן: „מיינע בעסטע פריינד זענען יידן".

הילעיר בעלאָק איז אַ טיפּישער געבילדעטער, רעזאָנירנדיקער אַנטי־סעמיט. זיין שנאה איז ניט אַזוי ווייט צום יידן ווי צום יידן איינעם יידן. ער איז אַזוי ברייטהאַרציק אין דעם אַז ער באַרימט זיך ממש דערמיט וואָס זיין סעקרעטאַרשע — ד"ה אַ מענטש וואָס דאַרף מיטאַרבעטן מיט אים אין זיינע שריפטן און פּלענער — איז אַ יידישע. אָט לאָמיר זיך פּרובירן זיך דערקענען אינעם שפּיגל וואָס ער גיט וועגן אונדז: „דער ייד קאָנצענטרירט זיך בלויז אויף איין ענין. דעם יידנס אַרגומענטאַציע איז קיינמאָל ניט צעטומלט. יידן האָבן דעם כוח צו שטופּן פאָרויס דאָס וואָס דאָס גאַנצע פאָלק וויל, און צו אונטערדריקן דאָס וואָס דאָס גאַנצע פאָלק וויל ניט. עס איז צום אומגליק געוואָרן אַ געוואוינהייט דורך אַזוי פיל דורות, אַז עס איז כמעט געוואָרן אַן אינסטינקט אין דער גאַנצער יידישער נשמה, זיך צו באַנוצן מיטן געוועהר פון געהיימקייט. געהיימע חברות, אַ שפּראַך וואָס מען האַלט געהיים ווי ווייט מעגלעך. זיי באַנוצן זיך מיט פאַלשע נעמען כדי צו באַ־האַלטן געהיימע באַוועגונגען... אָט די אַלע און אַנדערע פאָרמען פון גע־היימקייט זענען געוואָרן די נאַציאָנאַלע מעטאָדע".

מיר ווילן קיין זאַך ניט פועלן אויב מיר וועלן באַווייזן באותות ובמופתים אַז איר, איך, מיר אַלע, זענען אַנדערש, באַציען זיך אַנדערש, טראַכטן אַנדערש, האַנדלען אַנדערש ווייל דערמיט האָבן מיר נאָך ניט געזאָגט וועגן דער מעטאַפיזישער אידייע „ייד" וואָס ליגט דעם אַנטי־סעמיט אין קאָפּ און האַרצן.

שוין ניט איינעם פון אונדז איז אויסגעקומען צו הערן די פראַגע: „נו, גוט, איך בין זיכער אַז איר פּערזענלעך נוצט טאַקע ניט קיין קריסט־לעכע בלוט אויף פּסח, אָבער ווי קענט איר גאַראַנטירן אַז עס איז ערגעץ

ניט פאַראַן אַזאַ סעקטע וואָס פּראַקטיצירט דאָס יאָ?״ מיר אַליין איז אויסגעקומען דאָס צו הערן פון אַ גאַנץ געבילדעטן, נאַאיוון און ערלעכן גוי. און ווען איך גיי אויס מיט אָט דעם גוי די גאַנצע וועלט, לארכה ולרחבה, און מיר זעען באַשיינפּערלעך אַז אַזאַ סעקטע איז ניטאָ, וואָלט עס סיי ווי קיין תירוץ ניט געווען. וואָרעם עס בלייבט נאָך אַלץ אַ מעגלעכקייט אַז די פּלאַטאָנישע אידייע „ייד״ האָט יאָ אַזאַ מערדערישע טבע.

וואָרעם די זעלביקע שנאה וואָס פירט די האַנט צום מעסער פירט אויך דעם פּראָסטן קאָפּ צום סטערעאָטיפּ, און דעם שאַרפערן מוח פירט זי צו דער אַבסטראַקטער אידייע פון סטערעאָטיפּ. אַזעלכע געדאַנקלעכע בילדער ווערן לכתחילה אַוועקגעשטעלט אַזוי אַז מען זאָל ניט קענען מיטן געזונטן שכל צוקומען צו אַ יאָ אָדער אַ ניין. אויף אַזאַ אופן צעבלאָזט זיך דער האַס און באַזאָרגט זיך מיט די מיטלען אי זיך ניט צו קענען אָפּשטעלן, אי זיך ניט צו קענען קאָנטראָלירן. ביי אונדז האָט שנאת ישראל דערפירט צו זייער ממשותדיקע רעזולטאַטן, אָבער אויך דער דאָזיקער גרויל האָט די שנאה ניט אָפּגעשוואַכט, פאַרקערט, ער האָט זי נאָך פאַרשטאַרקט.

אונדזער דור, דער דור צו וועלכן איר און איך געהערן, האָט צו פאַרשריבן אַ מערקווערדיק קאַפּיטל אין דער יידישער געשיכטע, אַ קאַפּיטל פון פרייהייט פאַר דער וועלט, גערעכטיקייט צו אַלע מענטשן־קינדער, אַ יידישע קולטור־רענעסאַנס וואָס האָט געבויט און געטורעמט, אַ טיף פאָלקיש באַוואוסטזיין וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס האַרץ פון גרויס און קליין, נאַציאָנאַלע האָפענונגען און נאַציאָנאַלער אויפבוי וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין דער גאַנצער גלות־געשיכטע. איצט, ווען אונדזער פיזישער סוף זאָל ניט קומען, ווייסן מיר שוין אַז מיר, די געקומענע מיטן מזלדיקן שטערן איבער אונדזערע קעפּ, וועלן אַוועקגיין פון דער וועלט ווי לעבעדיקע עדות פון אַזאַ יידישער טראַגעדיע וואָס די כראָנישע שוואַרץ־זעער פון אַלע צייטן האָבן אַפילו אין זייער פינצטערסטן דמיון זיך ניט געקענט אויסמאָלן. אַזאַ אָנהייב און אַזאַ סוף, גאָט מיינער, ווי שווער דאָס איז אַריבערצוטראָגן.

אַוודאי איז פאַראַן ליכט, און טרייסט, און האָפענונג אויפן מאָרגנדיקן טאָג. דאָך דאַרף מען זיך ניט חידוש׳ן אַז אין אַ רגע ווען דער פולער פחד פון דער איצטיקער שנאת ישראל באַפאַלט אונדז זאָל אַמאָל זיך וועלן איבערגעבן די גאַנצע נשמה אונטער דער ממשלה פון אַזעלכע מאָמענטן. דעמאָלט איז יעדעס ליכט אַ גרילצנדיקער דיסאָנאַנס, און יעדע טרייסט אַ חוצפה און אַ זינד. דעמאָלט פאַרמאַכן מיר די אויגן, און די פאַרגליווערטע בליקן קוקן שטאַר אַהין צו מיידאַנעק, צו טרעבלינקע, און די ליפּן קענען בלויז מורמלען: יתגדל ויתקדש שמה רבא.

(1945)

# נקמה

## אַ שמועס

עטלעכע זענען זיי געזעסן און געשמועסט. דער חורבן פון דער צייט און די מעגלעכע קאָנסעקווענצן דערפון אין יידישן לעבן פון מאָרגן איז געווען די הויפּט-טעמע, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער שמועס פּאַרקי־רעוועט אין אַ ווינקל: „וואָס זאָל מען טאָן מיט דייטשלאַנד?" די רייד זענען אייליק געשפּרונגען פון פּונקט צו פּונקט. ווי אַזוי זאָל מען איינשטעלן זייערע טעריטאָריעלע גרענעצן? קאָנטראָלירן זייער אינדוסטריע? זייערע פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען? זייער דערציאונג, זייער אַקאַ־דעמיש לעבן? וואָס זאָל זיין די לעגאַלע פּראָצעדור און די שטראָף פאַר די מלחמה-פאַרברעכער? זאָל מען דערלאָזן עפּעס אַן אונטערשייד צווישן נאַציס און דייטשלאַנד בכלל? די פראַגן וועגן באַשטראָפן די פאַרברעכער האָט געצויגן די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. וועגן די איבעריקע פראַגן איז מען גאַנץ שנעל דורכגעקומען. ווען די ענינים זענען געוואָרן צו פאַרפּלאָנטערט האָט מען זיי איבערגעלאָזן עד שיבוא ה׳עקספּערט. די עקספּערטן ווייסן אויסגעצייכנט וואָס די דייטשן ווילן און וואָס די וועלט דאַרף. וועלן זיי שוין געפינען אַן אויסוועג. טאָמער וועט מען מאַכן אַ טעות דאָ און דאָרט וועט ניט זיין צו שווער דאָס צו פאַרריכטן. אַזוי לאַנג ווי די ביקסן זענען ביי די עלייס אין די הענט, ניט ביי די דייטשן, וועט מען זיך לייכט קענען אַן עצה געבן.

אָבער בנוגע דער שטראָף פאַר די פאַרברעכער, דאָס האָט אַ לאַנגע צייט געהאַלטן דעם קליינעם עולם געשפּאַנט. דאָ האָט מען זיך שוין ניט געוואָלט פאַרלאָזן אויף די עקספּערטן. יעדער האָט געהאַט זיין פאָרשלאַג, זיין עצה, און ממש אַרויסגעוויזן אַ באַדערפעניש צו מאָלן לעבעדיקע בילדער פון נקמה און שטראָף. עס האָט אפילו ניט אויסגעפעלט דאָס קאָמישע וואָס יעדע ביטערקייט פאַרמאָגט: רייסן לעבעדיקע שטיקער, הענגען מיט די קעפּ אַראָפּ, עפּענטלעכע עקזעקוציעס וואו טויזנטער זאָלן האָבן אַ געלעגנהייט צו באַטייליקן זיך אין אומברענגען די קרבנות, קאַסטרירן אַלע דייטשן אז״וו. אויף וויפיל וועגעטער קענען בכלל אָנצינדן די חושים איז דאָס צימער באַלד פול געוואָרן מיט דער העסלעכקייט און דעם געשטאַנק פון צעקריפּלטע, פוילע גופים, און מיט די גסיסהדיקע כאָרכלערייען פון צעטראָטענע רשעים.

איינער, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פון אַ קאָשמאַר און איבערגעריסן די שווערע סצענע פון זיסער נקמה:

„עס וואָלט פאַר אונדז געווען געזינטער ווען מיר לאָזן אונדזערע נשמות אָטעמען וואָס ווייניקער מיטן פוילן געריך פון נאָך לעבעדיקע דייטשן און וואָס מער מיט די הייליקע יסורים פון שוין טויטע יידן. אויב איר האָט אַזוי פיל פון דייטשלאַנד געלאָזט צו עקספערטן מעגט איר אויך איבערלאָזן די געזעצלעכע און מיליטערישע עקספערטן זיך אָן עצה צו געבן מיט די דייטשע מערדער. די פראַגע פון אונדז איז ניט אַזוי מיר זאָלן טייטן דייטשן, נאָר מיט וואָס זאָלן לעבן יידן? איך האָב מורא אַז וואָס מער מיר וועלן צינדן אין זיך די פייערן פון נקמה, און זיך באַפרידיקן מיט זייערע פלאַמען, אַלץ מער וועלן מיר פאַרברענען אין זיך די גייסטיקע נאָענטקייט צו אונדזערע אומגעקומענע, וואָס בלויז מיט דעם אַליין דאַרפן מיר איצט לעבן".

די איבעריקע האָבן זיך לכתחילה גענומען ווערן אַנטקעגן אַזעלכע רייד. אָבער ווי עכטע יידישע גזלנים האָבן זיי זיך שנעל באַרואיקט. קענטיק אַז די הוילע רייד וועגן נקמה זענען גענוג געווען צו זעטיקן און איבער־זעטיקן אין זיי די דאָזיקע געפילן. באמת, ווען מיר קאָנטראָלירן אין זיך דעם אויפרייס פון ווילדן צאָרן איז ניט שווער איינצוזען אַז דאָס לעבן אין דער פסיכישער אַטמאָספער פון נקמה־געפילן קען זיך אַמאָל שטאַרק נוקם זיין אָן אונדז אַליין. ר' נתן נטע האַנאָווער, אין זיין „יון מצולה", וואו ער באַשרייבט די טראַגעדיעס פון די גזירות ת"ח ות"ט, דערמאָנט בלויז פאַר־בייגייענדיק אויף די געהעריקע פלעצער, אַז „דער אויבערשטער וועט נקמה נעמען פאַר זייער בלוט". דער עיקר פאַראינטערעסירט אים וואָס כמעל־ניצקי און די קאָזאַקן האָבן געטאָן מיט יידן, ניט דאָס אַריינלאָזן זיך אין בילדער פון נקמה. ער פאַרענדיקט זיין ווערק מיט אַ געדיכטער באַשריי־בונג וועגן דער גרויסער ראָלע פון תורה אין די פּאָגראָמירטע געגנטן. מיר זאָלן זיך וואָס מער אָננעמען מיט דעם וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן, לעבן דערמיט, מאַכן אונדזער אבלות און עצבות פאַר אַ פּאָזיטיוון כוח ווייטער צו בויען, און פאַר אַן אינערלעכער וועלט וואו דאָס יידישע אין אונדז זאָל זיך אויסלעבן אין צאַרטסטן ליכט וואָס גייסט פאַרמאָגט, אין ליכט פון טרויער.

אַלע כראָניקעס פון מיטלעלטער, אַלע סליחות, אַלע קינות, פּונקט ווי דער „יון מצולה", האָבן רק געזוכט צו האַלטן לעבעדיק אין אונדזער דמיון די בילדער פון יעדן חורבן און די ווערטן וואָס מיר האָבן פאַרלאָרן. טייל פון זיי האָבן אונדז געוואָלט מאַראַליש דערהייבן דורך טייטלען אויף אונדזערע זינד וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר דער סיבה פון אונדזערע יסורים. מען קען ניט זאָגן אַז זיי האָבן אינגאַנצן דערדריקט אין זיך דעם נאַטירלעכן דאָרשט נאָך נקמה. ניין, זיי האָבן זיך ניט איינגעהילט אין דער אַנטמענטשלעכטער מאָראַל פון אויסשטרעקן די לינקע באַק.

איינער פון יענע פייטנים בעט ביים רבונו של עולם: „ניט אַנטשוויגן

זאָל ווערן מיין פאַרגאָסן בלוט. פאַרגעס עס ניט מיינע מערדער. פאָדער עס פון מיינע פאַרוויסטער״. אַ צווייטער מאָנט: „באַצאָל זיי וואָס גיכער. שנעל שיק זיי דעם בראָך. קער זיי איבער ווי סדום ועמורה״. אַ דריטער גיט אַ דעטאַלע שילדערונג פון יידישע עינויים און העלדישקייט און ענדיקט מיט אַ ווענדונג צום אל קנא ונוקם: „גאָט איז דאָך דער אל נקמות, טאָ באַווייז זיך, דו, גאָט פון נקמה, זע ווי מען הרגעט אונדז פון דיין נאָמען וועגן. באַצאָל זיי, דו גאָט פון משפט, פאַר אַלע זייערע מעשים. גיס אויף זיי אויס דיין צאָרן, פאָדער פון זיי דאָס בלוט פון דיינע אומגעקומענע קנעכט. זאָל די ערד ניט צודעקן אונדזער פאַרגאָסן בלוט, זאָל דער חלל פון דער וועלט פול ווערן מיט אונדזערע וויי־געשרייען״.

אַזעלכע אויסגעשרייען באַגעגנט מען ביי זיי גאַנץ אָפט. אָבער דאָס איז אין דער אמתן ניט דאָס זעלביקע וואָס מיר פאַרשטייען מיט „נקמה״. זיי האָבן ניט גערופן צו קיין מענטשלעכע אַקטן דורך וועלכע זיך אָפּצו־רעכענען פאַר באַגאַנגענע פאַרברעכנס. זיי האָבן זיך געווענדט צו גאָט, צום פּרינציפּ פון אוניווערסאַלער גערעכטיקייט. דאָס יידישע אומגליק האָט, אַחוץ די אייגענע פּיין און יסורים, צעשטערט אין זייער גלויביקן געמיט די איינציקע מעגלעכע פאַרשטעלונג פון אַ נאָרמאַלן סדר־העולם. ווי קען דאָס גאָט צוזען און ניט איינשטעלן אַלץ צוריק לויט די פּרינציפּן פון זיין הדרכה? דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש פונעם פּרימיטיוון נקמה־דאָרשט וואו דער גאַנצער זינען ליגט אין דעם אַז אייגענע מענטשלעכע הענט זאָלן אָפּטאָן די בלוטיקע מלאכה.

אָבער אַחוץ דעם דאַרף מען געדענקען אַז אַזעלכע רייד זענען ביי יענע פּייטנים און כראָניקער בלויז געווען אַ טפל, זיי זענען פאַרטרונקען גע־וואָרן אין שילדערונגען און אין אַ השתפכות הנפש פון גאָר אַן אַנדער אינהאַלט. דאָס איז געווען ביי זיי אַ מין צוגאָב אויסדרוק, אָבער ניט אין דעם האָבן זיי געזען דעם הויפּט־קוואַל פון טרייסט, און ניט מיט דעם האָבן זיי געוואָלט קוויקן דעם פאַריתומטן דור. דער ספר חסידים איז געשריבן געוואָרן אין אַ צייט פון שרעקלעכע רציחות קעגן יידן. דער איינ־געהאַלטענער, דערציילערישער טאָן מיט וועלכן בלוט־פאַרגליווערנדיקע מעשיות ווערן דאָרט איבערגעגעבן איז ממש צו באַוואונדערן. דאָך איז דאָס געוואָרן איינס פון די באַליבטסטע ספרים ביי יידן. דער מוסר־השכל פאַר יידישן אויפפיר צו וועלכן דער שרייבער צילט, דאָס טרייסטנדיקע געפיל פון העכערע מאָראַלע פאָדערונגען, דאָס איז ביי יידן געווען דער עיקר.

## נקמה און שטראָף

נקמה איז קודם כל געבויט אויף דער פּרימיטיווער פּסיכישער טענ־דענץ צו אַטאַקירן און באַזייטיקן אַלץ וואָס שטערט אונדזער פרייהייט

און באַוועגונג, וואָס פאַרשאַפט אונדז פּיין, און וואָס טוט אָן שאָדן אונדז אַליין אָדער אַנדערע וואָס זענען אונדז טייער. די דאָזיקע טענדענץ איז ניט בלויז כאַראַקטעריסטיש פאַר מענטשן, זי איז פאַראַן ביי לעבעדיקע באַשעפענישן בכלל. אָבער ביי מענטשן, מיט דער אומגעהייערער פסיכישער עשירות מיט וועלכער מיר זענען באַשאָנקען, קען זיך מאָמענטאַלער צאָרן אויסשפּרייטן אויף די ווייטסטע שטחים פון צייט, און אויף טויזנטער פּרטים וואָס האָבן דירעקט גאָר ניט צו טאָן מיט דעם אינצידענט פון וועלכן מיר לײדן. אַ מענטש קען אויף אַ היינטיקער צרה זיך אָפּרופן מאָרגן, איבערמאָרגן, אַפילו מיט יאָרן שפּעטער. ער האָט אַ גוטן זכרון, און אָט די ווײַט־גרייכנדיקע געדענק־פעאיקייט פאַרוואַנדלט דעם מאָרגן און דעם איבערמאָרגן אין אַ היינט. דער אַקט פונעם היינטיקן שונא האָט זיך שוין לאַנג פאַרענדיקט, אָבער די שנאה קען אָנהאַלטן דורך חדשים און יאָרן. נאָך מער, דעם שאָדן האָט אָנגעטאָן דער שונא אַליין, אָבער די שנאה קען זיך אויסשפּרייטן אויף זיין פאַמיליע, אויף די קליידער וואָס ער טראָגט, אויף אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט, אויף אַלע זיינע פריינד, אויפן גאָט צו וועלכן ער בעט. אָט דאָס איז דער וועג וואו פונעם פאַרוואונדעטן געוואַלט־געשריי; פונעם מאָמענטאַלן אויפברויז פון פייערדיקן צאָרן בויט זיך אויף אַ גייסטיקע וועלט פון דאָרשטיקער נקמה.

פאַראַן נאָך אַ טענדענץ אין אונדזער נשמה־לעבן וואָס מאַכט די לאַגע נאָך אַ סך, אַ סך ערגער. דער אמת איז, אַז קיין מענטש פילט ניט אַז ער איז אויף אַ רעאַלן אופן אַ טייל פון דער גאַנצער מענטשהייט. מיר פילן אַז מיר האָבן לעבעדיקע שייכותן בלויז צו באַשטימטע גרופּעס, אָדער צו געוויסע אידייען און אינטערעסן וואָס באַשטימטע גרופּעס דריקן אויס. מיר זענען יידן אָדער פראַנצויזן, קריסטן אָדער מאַכמעדאַנער, שניידער אָדער באַנקירן, ווילנער אָדער קאָוונער, ראַדיקאַלן אָדער ליבעראַלן, פון איין פאַמיליע אָדער אַ צווייטער, אָבער אין קיין שום פאַל לעבן מיר ניט איבער קיין אינערלעכע געבונדנקייט צום גאַנצן מענטשלעכן מין. אָט אַזוי אָטע־מען מיר אין סיסטעמאַטישע שייכות׳ן צו באַשטימטע גייסטיקע שטראָמען, און עס שאַפט זיך נאַטירלעך דאָס געפיל פון אַן „אינעווייניק״ און אַ „דרויסן״. די דרויסנדיקע זענען די צו וועלכע מיר האָבן אַ קנאַפּע שייכות, אָדער גאָר קיין שייכות ניט. פון דעם קען מען לייכט פאַרשטיין אַז אַ גרויסע טייל פון סאָציאַל־פסיכישן לעבן באַשטייט אין דער דראַמאַטישער שפּיל פון מאַכן דרויסנדיקע פאַר אינעווייניקסטע און אינעווייניקסטע פאַר דרויסנדיקע.

צו דרויסנדיקע זענען מיר מער אָדער ווייניקער גלייכגילטיק. וואָס גייען אונדז אָן, למשל, די אַביסיניער? זייער זעלטן איז זייער פרייד אונדזער נחת, אָדער זייער אומגליק אונדזער טרויער. פאַרן דרויסנדיקן טראָגן מיר אַ קנאַפּע מאָראַלישע אחריות. ער איז פשוט פאַר אונדז ניט קיין מענטש

אין זעלביקן זינען ווי עס איז פאַר אונדז דער אינווייניקסטער. ווען אַזאַ חברה־מאַן ווערט אונדזער שונא — דורך אָפענע פיינדלעכע אַקטן אָדער לויט אַ באַשטימטער אויסטייטשונג, ווי, למשל, דורך דער ראַסן־טעאָריע — דעמאָלט איז לית דין ולית דיין, די באַציאונג צו אים איז ווי צו אַ ווילדן אָקס. זיינע לײַדן פאַרשאַפן אונדז הנאה, און שעכטן אים ווערט אַ מצווה, אַ מצווה פון שטאַנדפונקט פון דער מאָראַלער אחריות וואָס מיר טראָגן פאַר אינעווייניקסטע. מיר צעברעכן, פאַרפייניקן אים אומגעפער ווי אַ קליין קינד וואַרפט אום אַ שטול אָן וועלכער עס האָט זיך פאַרטשעפעט. צו שונאים איז קיין מאָראַלע אחריות ניטאָ. זיי געהערן ניט אין אונדזער געפיל צו דער זעלביקער קאַטעגאָריע וואָס מיר.

פאַר די יאַקאָבינער, אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז דער מאָנאַרכיסט געווען לכתחילה אַ פּאָליטישער קעגנער. דערנאָך איז ער געוואָרן אינגאַנצן אַ דרויסנדיקער און אַן אַנדער בריאה, אַ שונא וואָס אויף אים וועגדן מיר ניט אָן קיין מאָראַלע מאָסן. דער יאַקאָבינער האָט געקענט לייכט צוקוקן ווי מען פירט דעם שונא צו דער גילאָטינע, כמעט אָן שום געריכטלעכער פּראָצעדור. מען האָט אים אַרויסגעריסן פון דער געזעלשאַפט אָט פּונקט ווי מען נעמט אַרויס אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק וואָס שטאַרט אַרויס פון אַ ברעט. ראָבעספיער האָט אין זיינע פריערדיקע יאָרן ניט געוואָלט אָננעמען קיין ריכטער־אַמט ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז ער קען נאָך חס ושלום אַ מענטשן דאַרפן פאַרמשפטן צום טויט, און דאָס האָט זיין געוויסן ניט דערלויבט. ווען ער איז געוואָרן אַ פירער פון דער רעוואָלוציע האָט ער געשיקט מענטשן צום טויט מיטן זעלביקן געפיל ווי מען דער־הרגעט זלידנע סוף־זומערדיקע פליגן. איז פאַראַן אַ סתירה צווישן די צוויי פאַלן? חס ושלום. ביידע פאַלן שטעלן מיט זיך פאָר צוויי באַזונדערע סיסטעמען פון מענטשלעכע שייכותן, און זיי ווערן באַהערשט פון אַנדערע עמאָציאָנעלע און מאָראַלע כללים. ער האָט מורא געהאַט צו באַשטראָפן מיט טויט אינעווייניקסטע און מענטשן. אָבער אין דער רעוואָלוציע האָט ער בלויז געהאַט צו טאָן מיט דרויסנדיקע און שונאים. אין ערשטן פאַל האָט זיך געהאַנדלט וועגן שטראָף, אין צווייטן, אי וועגן שטראָף אי וועגן נקמה, אָבער דער עיקר איז געווען דאָס געפיל פון נקמה.

דער אונטערשייד צווישן שטראָף און נקמה באַשטייט אייגנטלעך אין דעם וואָס דער פּראָצעס פון באַשטראָפן מוז זיין געבויט אויף געוויסע אָנערקענטע פּרינציפּן, אויף געוויסע רעכט, ווי עלעמענטאַר זיי זאָלן ניט זיין, פונעם פאַרברעכער. דאָס באַטייט שוין אויך אַז ס׳איז פאַראַן אַן אינטימע שייכות צווישן באַשטראָפטן און באַשטראָפער; אַז ביידע געהערן צו איין מין, אַזוי אַז געוויסע כללים פון לעבן זענען חל אויףביידן גלייך, און יעדער פון די צוויי האָט געוויסע זעלבסטפאַרשטענדלעכע התחייבותן צום צווייטן.

אין נקמה פֿאַרשווינדט דאָס אַלץ פֿון באַוואוסטזיין, אפֿילו ווען עס איז דאָרט פֿריער געווען. אין נקמה שפּילט די הויפּט־ראָלע די הנאה פֿונעם פּרימיטיוון רייסן זיך אָנצופֿאַלן. דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז וועגן פֿאַרניכטן, נאָר אויך וועגן דעם פּראָצעס, וועגן דעם אָנפֿאַלן, וואָס פֿירט צו דעם. מען אַטאַקירט מיט די אויגן וואָס זעען דאָס קאַרטשען זיך פֿונעם קרבנס גוף אין מאוים־דיקן ווייטיק. מען אַטאַקירט מיט די אויערן וואָס הערן די וויי־געשרייען פֿונעם קרבנס יסורים און הילפֿלאָזיקייט.

דער עטנאָלאָג באַנקראָפֿט, רעדנדיק וועגן אַלטן מעקסיקאָ, דערציילט אַז ווען אַ מענטש האָט געזינדיקט מיט אַן אשת־איש, און דערנאָך דער־הרגעט איר מאַן כדי זיך צו ראַטעווען, האָט מען אים לעבעדיקערהייט געבראָטן אויף אַ קליין פֿייערל און בעת מעשה געשאָטן זאַלץ און געגאָסן וואַסער אויף זיין גוף ער זאָל ניט אויסגיין אַזוי שנעל. האַלישעד גיט איבער אַז אַזוי שפּעט ווי ביים סוף פֿון אַכצנטן יאָרהונדערט האָט מען אין ענגלאַנד באַשטראָפֿט אַ פֿאַררעטער דורך דעם וואָס מען האָט אים צום ערשט געהאַנגען, און אַראָפּגעשניטן פֿון שטריק נאָך איידער ער איז געווען טויט. דערנאָך האָט מען אים געעפֿנט דעם בויך, אַרויסגענומען די אינגעווייד און פֿאַרברענט. דערנאָך האָט מען אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ און צע־שניטן אויף פֿיר שטיקער. יעדעס שטיק האָט מען באַגראָבן אין אַן אַנדער פּלאַץ. ניט בלויז דאָס אומברענגען, נאָר אויך דער פּראָצעס וואָס פֿירט צו דעם איז אומגעהייער וויכטיק אין נקמה. וואָרעם וואָס מער עס אַנטוויקלט זיך געזעצלעכע שטראָף אַלץ מער ליגט זי דעם טראָפּ אויפֿן פֿאַרברעכער. עפּעס דאַרף געטאָן ווערן צו אים, מיט אים, וועגן אים. נקמה דאַרף קודם־כל שטילן דעם אויפֿברויז פֿון די באַעוולה'טע. נקמה הויבט זיך אָן דערמיט וואָס זי זוכט צו פֿאַרגיטיקן די וואָס האָבן געליטן; קרי־מינעלע געזעצלעכקייט לייגט דעם טראָפּ אויף פֿאַרבעסערן אַ לאַגע, און, אויף איר העכסטן שפּיץ, אַ מענטשן, דעם פֿאַרברעכער. ממילא זענען אין די צוויי פֿאַלן פֿאַרוויקלט גאָר אַנדערע פּראָצעסן פֿון פּילן און טראַכטן; כאָטש דאָס ערשטע איז דער פּסיכישער באַזיס פֿונעם צווייטן

## ביי יידן

די אַנטוויקלונג פֿון אַ העכערער מענטשלעכער מאָראַל מוז זיך שטיצן אויף אַ פֿונדאַמענטאַלן ווינקלשטיין, אויף דער אָנשטרענגונג צו פֿאַרבלאַסן און קוואַליפֿיצירן די צעשייד־ליניע וואָס צווישן אינעווייניקסטע און דרויסנ־דיקע. ביי יידן איז דאָס געווען די מאָראַלע פֿאָדערונגען אין דער באַהאַנדלונג פֿונעם פֿרעמדן. דער עיקר איז דאָ דער מאָטיוו: „ווייל פֿרעמדע זענט איר געווען אין לאַנד מצרים". דאָס הייסט אַז פֿרעמדקייט איז ניט קיין פּסיכישע

כאַראַקטעריסטיק פון אַ מענטשן נאָר אַ סאָציאַלער צושטאַנד אין וועלכן מיר אַלע קענען זיך געפינען, און וואָס קען זיך אויך בייטן. ביי די גריכן איז דער פרעמדער געווען אַ „באַרבאַר״, אַן אַנדער סאָרט מענטש, ביי יידן האָט מען אין אים געזען אַ „גר״, דער זעלביקער מענטש נאָר אין אַנדערע לעבנס־תנאים.

עס איז לייכט איינצוזען אַז אַזאַ בליק זאָל ביי גרויס־מענטשלעכע וויזי־אָנערן, די נביאים, דערפירט ווערן צום באַגריף פון אַ מענטשהייט, פון אַ „שבת אחים גם יחד״, וואו יעדע פונדאַמענטאַלע צעטיילונג אויף אינעווייניק און דרויסן ווערט אינגאַנצן אָפּגעשאַפט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, בלויז אַן אינטעלעקטועלע קאָנסטרוקציע, ווייל, ווי שוין פריער באַמערקט, איז ביי אונדז ניטאָ אַזאַ עכטע פסיכישע איבערלעבעניש וואָס זאָל אונדז פאַרבינדן מיט אַלע מענטשן־קינדער. אָבער די אויפגאַבע פון מאָראַל איז דאָך אייגנטלעך צו באַגרענעצן און אויסברייטן נאַטירלעכע אימפּולסן, צו פאַרריכטן מיטן קאָפּ דאָס וואָס דאָס האַרץ מאַכט קאַליע.

מען מעג זיך זיכער ריכטן, אַז אַזאַ אַטמאָספערע זאָל געבוירן ווערן אין אַ קרימינאַל־קאָדעקס וואָס דערלאָזט ניט אַז דאָס נקמה־געפיל זאָל פאַרגוואַלדיקן דעם דאָרשט נאָך גערעכטיקייט, גערעכטיקייט אויך צום פאַרברעכער. היינטיקע צייטן איז, למשל, פאַר אונדז זייער קלאָר דער אונ־טערשייד צווישן אַ מאָרד וואָס מען באַגייט בכיוון און אַזאַ וואו דער מערדער איז בלויז אַן אומגליקלעכער צופאַל. אָבער אַזאַ אונטערשייד האָט ניט געקענט מאַכן קיין שטאַרקן איינדרוק אין אַ צייט ווען עס האָט געהערשט דאָס רעכט פונעם „גואל הדם״, פונעם בלוט־מאָנער, ד. ה. ווען דער נאָענט־סטער קרוב פונעם הרוג האָט געמעגט אויף אייגענער אחריות טייטן דעם מערדער. אָבער די תורה האָט ניט בלויז געמאַכט אַזאַ אונטערשייד נאָר אויך פאַרזאָרגט עס זאָלן זיין ספּעציעלע שטעט, די „ערי מקלט״, וואוהין דער וואָס איז באַגאַנגען אַ מאָרד בשוגג האָט געקענט אַנטלויפן און זיך ראַטעווען. יענע שטעט האָבן דעם אַנטרונענעם געמוזט אויפנעמען. ער איז אויך געוואָרן אינגאַנצן פריי און זיך געקענט אומקערן אַהיים נאָכן טויט פונעם כהן גדול.

די קרימינאַל־געזעצן ווי זיי ווערן קאָדיפיצירט אין דער משנה, ספּעציעל דאָרט וואו טויט־שטראָף איז פאַרוויקלט, זענען דערגאַנגען אַזוי ווייט אַז לויט זיי איז כמעט אוממעגלעך אַז אַ טויט־אורטייל זאָל בכלל דורכגעפירט ווערן. רבי שמעון בן שטח דערציילט: איך האָב געזען אַ מענטשן נאָכיאָגן אַן אַנדערן אין אַ חורבה אַריין. איך בין אים נאָכגעלאָפן און געזען אַ שווערד אין זיין האַנט פון וועלכער עס האָט געטריפט דאָס בלוט פונעם אַנדערן וואָס איז געלעגן אין גסיסה. איך האָב צו אים געזאָגט: דו רשע, ווער האָט דערהרגעט דעם דאָזיקן מענטשן? איך אָדער דו? אָבער וואָס קען

איך טאָן ? דיין לעבן ווערט ניט איבערגעגענטפערט אין מיין האַנט, וואָרעם די תורה זאָגט : „לויט דעם מויל פון צוויי עדות זאָל געטייט ווערן דער וואָס האָט געטייט. אָבער דער וואָס ווייס דאָס וועט זיך אָפּרעכענען מיט אָט דעם וואָס האָט געטייט זיין ברודער". נאָר אַזוי ווי קיין מערדער וואַרט ניט ביז עס זאָלן זיין צוויי עדות כדי צו הרגענען אַ מענטשן, איז שווער צו זען ווען עס קען זיך מאַכן אַ געלעגנהייט מען זאָל באַשטראָפן אַ רוצח מיט טויט.

די עדות, אויב אַזעלכע זענען שוין יאָ דאָ, האָבן געדאַרפט וואָרענען דעם מערדער אַז ער גרייט זיך צו באַגיין אַ פאַרברעך פאַר וועלכן מען באַשטראָפט מיט טויט. עדות וואָס מען ווייסט אַז זיי זענען ליגנער אָדער אומערלעך ווערן ניט צוגעלאָזן. דאָס איז אויך ריכטיק וועגן אַזעלכע וואָס געהערן צו דער אַלגעמיינער קאַטעגאָריע „רשעים". מען לאָזט אויך ניט צו קיין עדות וועלכע זענען קרובים פון די באַשולדיקער.

צו באַפרייען דעם באַשולדיקטן איז געווען גענוג אַ מאַיאָריטעט פון איין שטים, אָבער כדי צו פאַראורטיילן האָט די מאַיאָריטעט געדאַרפט באַשטיין ווינציקסטן פון צוויי. אפילו אויפן וועג, ווען מען האָט געפירט דעם פאַראורטיילטן צו דער עקזעקוציע, האָט מען דאָס באַלד אָפּגעשטעלט, אויב ער אַליין, אָדער עמעצער אַנדערש, האָט פאָרגעלייגט נייע באַווייזן פאַר דער פאַרטיידיקונג. אויב אָבער ער איז באַפרייט געוואָרן, האָט מען אים שוין מער ניט געמשפּט, ניט געקוקט אויף נייע באַווייזן וואָס מען האָט געקענט ברענגען קעגן אים. דער תלמוד דערקלערט אַז אַ בית דין וואָס האָט פאַראורטיילט אַ מענטשן איין מאָל אין זיבן יאָר איז טיראַניש. רבי אלעזר בן עזריה זאָגט דאָס זעלביקע וועגן אַ בית דין וואָס טוט דאָס איין מאָל אין זיבעציק יאָר. רבי עקיבא און רבי טרפון דערקלערן : „אויב מיר וואָלטן געווען אין סנהדרין וואָלטן מיר קיינמאָל ניט פאַרמשפּט אַ מענטשן צום טויט".

דאָס איז שוין באמת אַביסל צו ווייט געגאַנגען פאַר אַ מלוכה וואָס אַנערקענט פּרינציפּיעל טויט־שטראָף און שאַפט ניט קיין אַנדערע געזעצן וואָס זאָלן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון באַשטראָפן דורך באַרויבן אַ מענטשנס לעבן. אמת, אויב אַ בית דין איז געווען איבערצייגט אין דער שולד פונעם אָנגעקלאָגטן, כאָטש עס זענען ניט געווען קיין זיכערע ראיות דערפאַר, האָט ער געהאַט אַ רעכט אים צו פאַרשפּאַרן אין תפיסה. אָבער דאָס איז נאַטירלעך ניט גענוג. לויט דער מאָראַלער מדרגה פון די בעלי המשנה איז זייער שווער צו זיין איבערצייגט ווען מען קען דאָס מיט קיין אַבסאָלוט־קלאָרע ראיות ניט באַווייזן.

די וואָס שטעלן אַלץ אויף דער פּאַקטישער זייט פון היסטאָרישן מאַטעריאַל וועלן מסתמא טענה'ן אַז די אַלע שטרענגע פאָדערונגען אין ערנסטע קרימינעלע פּראָצעסן טראָגן אַ ריין אַקאַדעמישן כאַראַקטער. זיי

זענען גיכער אַן אויסדרוק פון ביבלישער עקזעגעטיק פון יענער צייט איידער יורידישע נאָרמען וואָס האָבן באַהערשט דאָס רעאַלע לעבן. די גרעסטע צאָל געזעצן פון דעם מין זענען מסתמא פאַרפיקסירט געוואָרן אין אַ צייט ווען טויט־אורטיילן זענען שוין בכלל ניט געלעגן אין יידישער יוריסדיקציע, און די הויך־מאָראַלע געזעצלעכע עקסטראַוואַגאַנצן האָבן מער ניט געהאַט קיין פּראַקטישן ווערט. אָבער פון שטאַנדפּונקט פון די שטענדיקע איינפלוסן אונטער וועלכע דאָס פאָלק איז דערצויגן געוואָרן אין דאָ אַ סך וויכטיקער די גייסטיקע אַטמאָספער וואָס די חז״ל האָבן געשאַפן, דער גייסט פון די פּרקי אבות וואָס האָט דורות און דורות געלערנט דעם בעסטן וועג וואָס אַ מענטש דאַרף אויסקלייבן.

גראָד ווען עס קומט צום דאָרשט נאָך גערעכטיקייט האָבן די חכמים געהאַט אַ גאַנץ זיכערן פונדאַמענט אין דער תורה אויף וואָס זיך אָנצושפּאַרן, און זייער עקזעגעטיק איז געווען אַ דירעקטע קאָנסעקווענץ פון אַ גאַנץ קלאָרן אָריגינאַל: „אַז דו וועסט טרעפן דיין שונא׳ס אָקס, אָדער זיין אייזל, בלאָנדזשענדיק זאָלסטו אומקערן אים, אומקערן צו אים. אַז דו וועסט זען דיין שונא׳ס אייזל ליגן אונטער זיין משא, זאָלסטו זיך אָפּהאַלטן פון איבערלאָזן צו אים; אָפּבינדן זאָלסטו אָפּבינדן אין איינעם מיט אים. זאָלסט ניט פאַרדרייען דאָס רעכט פון דיין אביון אין זיין קריג. פון אַ פאַלשן פּסק זאָלסטו זיך דערווייטערן, און אַן אומשולדיקן און גע־רעכטן זאָלסטו ניט הרגענען; וואָרעם איך וועל ניט לאָזן בלייבן גערעכט דעם שולדיקן״. דער שטענדיקער אומגעהייערער דרוק אויף צו צאַמען עלעמענטאַרע אימפּולסן און בילדלעך אָנווייזן אויף קאָנקרעטעביישפּילן וואָס דעפינירן און צווינגען אַרויף דעם גאַנג פון אָביעקטיווער גערעכטיקייט, דאָס איז דער עיקר אין ביבלישן אָריגינאַל פּונקט ווי אין דער תלמודישער אויסטייטשונג.

באַזונדערס וויכטיק איז דער פאַרזאָג אַז אַ מענטש זאָל ניט אַריבער־טראָגן זיינע בייזע געפילן אויף עפּעס וואָס איז בלויז אומדירעקט פאַרבונדן מיטן שונא, אויף זיין אָקס אָדער אייזל. די טענדענץ אַז מיר זאָלן אויסגיסן אונדזער שנאה ניט בלויז אויף דעם וואָס האָט אונדז דירעקט שלעכטס געטאָן נאָר אויך אויף עפּעס וואָס מיר מאַכן פאַר זייגס אַ סימבאָל, דאָס איז דאָך אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מענטשלעכער נאַטור. דאָס איז דער זינען פון דער אינסטיטוציע פון בלוט־מאָנער ביי געוויסע מזרח־פעלקער וואו מען האָט אַ רעכט צו טייטן ניט בלויז דעם מערדער נאָר אויך אַ מיטגליד פון זיין משפחה, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר סימבאָליש דעם מערדער אַליין. היינטיקע צייטן, ווען קיין „גואל הדם״ איז שוין טאַקע ניטאָ, ווי אָפט מיר גיסן אויס אונדזער בייזן צאָרן ניט בלויז אויף דעם וואָס מיר האָבן פיינט נאָר אויך אויף אַלץ און אַלעמען וואָס האָט עפּעס אַ שייכות צו אים. דאָס

איז אייגנטלעך איינער פון די טרייבנדיקע כוחות אין יעדן אויסדרוק פון נקמה־דאָרשט.

ניטאָ קיין שטאַרקערע פאָרמולע אַרויסצוברענגען דעם מאָראַלן פּראָ־טעסט אַנטקעגן דער דאָזיקער טענדענץ, ווי דער אָנזאָג אַז מען דאַרף שאַנעווען אפילו דעם שונא׳ס אַ שטומע חיה. עס איז דאָך קלאָר אַז דער טראָפּ ליגט דאָ ניט אויף „חיה" נאָר אויף „שונא", אויף דער אומגערעכטיקייט אַז שנאה זאָל זיך אויסשפּרייטן רייך־סימבאָליש. גראָד ברענגט דאָס אַרויף אויפן זכרון אַ היינטיקן אינצידענט אין אונדזער לעבן וואָס פאַרדינט מען זאָל אים דערמאָנען. איך האָב דאָ אין זינען דעם אַטענטאַט פון אליהו חכים און אפרים בן־צורי אויף לאָרד מאָין, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיטן מאָרד פון צוויי אומשולדיקע מענטשן. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ פּראָטעסט־אויסדרוק קעגן דער ענגלישער רעגירונג וואָס דער לאָרד איז געווען איר פאָרשטייער, איר סימבאָל. ס׳איז אפילו אביסל פריקרע צו פּראָטעסטירן דורך מאָרדן, אָבער ניט וועגן דעם גייט עס איצט. איך וויל דאָ אונטערשטרייכן גאָר אַן אַנדער מאָמענט.

אַז צוויי יונגעלייט, אפילו מיט דער הסכמה פון עטלעכע הונדערט פון זייער אָרגאַניזאַציע, זאָלן טאָן אַזאַ זאַך האָט זיכער קיין שייכות ניט מיט דער מאָראַלער אַטמאָספער ביי יידן אין איצטיקן מאָמענט. אַ בעסערע מאַניפעסטאַציע איז דער פּראָטעסט־אָפּרוף פון דער גאַנצער יידישער פּרעסע אין ארץ־ישראל און אין גלות. איך בעט גאָט אַז דאָס דאָזיקע אָפּגרענעצן זיך פונעם מאָרד זאָל האָבן געווען דער עיקר צוליב מאָראַלער אויפגע־בראַכטקייט, ניט צוליב פּאָליטישן טאַקט. איך פאַרשטיי אויך אַז מען האָט געדאַרפט בעטן ביים געריכט צו געבן זיי אַ מילדערע שטראָף, ווייל סוף־כל־סוף זענען זיי דאָך געווען הימל־וויט פון פּשוטע גאַסן־מערדער. ווי עס זאָל ניט זיין, מען האָט זיי פאַרמשפּט צום טויט און דער פּסק־דין איז דורכ־געפירט געוואָרן.

אין אַ חודש אַרום האָט אַ יידישע אָרגאַניזאַציע אין ניו יאָרק געמאַכט אַ שלושים־אָוונט, און לויט די אַנאָנסן האָבן זיך צוויי רבנים באַטייליקט אין דער פּראָגראַם. מען קען לייכט פאַרשטיין אַז דאָס איז געווען ניט בלויז אַ טרויער־אָוונט נאָר אויך אַ פּאָליטישע דעמאָנסטראַציע. די רבנים האָבן זיך, ווייזט אויס, געחתמעט אויףביידע זאַכן. זיי האָבן געהאַלטן אַז מען דאַרף פאַרפיקסירן אין זכרון פון יידן די נעמען פון די וואָס האָבן אומגעבראַכט לאָרד מאָין צוליב זייער מאַרטירערײַ, און אפשר אויך צוליב זייער העלדישקייט. דאָס האָט מסתמא אויך געדאַרפט זיין אַן אָנזאָג דער וועלט אַז דער דאָזיקער דרך פון חכים און בן־צורי איז געוואָרן אַ סאַנק־ציאָנירטער יידישער דרך, אפילו מיט דער הסכמה פון רבנים.

מילא, איך וועל ניט רעדן וועגן דער פּאָליטישער חכמה וואָס האָט געשטעקט אין דער גאַנצער אונטערנעמונג. אָבער די צוויי רבנים, די וואָס דאַרפֿן זיין די העכסטע פאָרשטייער פון יידישער עטיק, האָבן אין מיינע אויגן אונטערגעשטראָכן אַ שאָקירנדיקן עלעמענט. דער אמת איז, אַז רבנים זענען בעוונותינו הרבים געוואָרן אַזאַ וואָלוול אַרטיקל, אַז מיך וואָלט שוין באַלד ניט געחידושט זיי צו באַגעגענען אויף דער פּלאַטפאָרם אפילו פון אַן אַטעאיסטישער דעמאָנסטראַציע. און דאָך האָבן רבנים אויף יענער אונטער־נעמונג ביי מיר אַרויסגערופן טרויעריקע מחשבות וועגן אונדזער אינער־לעכן גייסטיקן צושטאַנד אין דער איצטיקער חורבן־צייט. אַז רבנים זאָלן דעמאָנסטראַטיוו געבן זייער הסכמה אויף דער מאָראַל אַז מען קען אָננעמען אומשולדיקע מענטשן ווי הילע סימבאָלן און ווי אַזעלכע זיי דערהרגענען, דאָס איז ניט אַזוי לייכט צו פאַרטראָגן. אַז ס'איז ניטאָ קיין דעת הקהל פאַר וועלכן זיך צו שרעקן אין אַזעלכע זאַכן, איז זיכער ניט לייכטער צו פאַרטראָגן. איז דאָס אַלץ סימפּטאָמאַטיש פאַר אַ מין אַנט־יידישונג וואָס קומט פאַר ביי אונדז? מעגלעך. ווי עס זאָל ניט זיין קען מען אָבער ניט אָפּלייקענען אַז אַן איבערקער אין אונדזער בליק אויף נקמה — און דאָס ליגט דאָך קודם־כל אין דעם יצר הרע צו באַשטראָפן „סימבאָלן" — באַטייט אַ סך, אַ סך מער ווי דער ערשטער איינדרוק איז מחייב.

## דער איצטיקער חורבן

איצט איז שוין נאָך אַלעמען. דייטשלאַנד ליגט צעטראָטן אונטער די פיס פון די זיגער. אָבער קיין גענויען באַריכט פון אונדזער בראָך אין מזרח־אייראָפּע האָבן מיר ניט, און וועלן דאָס מסתמא אַ לאַנגע צייט ניט האָבן. עס קומען אָן קלאַנגען שלעכטע און ערגערע, און עס איז ניטאָ קיין וועג זיי צו קאָנטראָלירן. די סאָוועטישע רעגירונג איז, ווייזט אויס, פאַראינ־טערעסירט קיינער זאָל צו יענע לענדער קיין צוטריט ניט האָבן, וועט זי מיט אונדז זיכער קיין אויסנאַם ניט מאַכן. גייען מיר אַרום ווי אבלים וואָס קענען אפילו זייערע טויטע ניט ציילן, און צו זייערע לעבן־געבליבענע ניט צוקומען. דאָס אומגליק פון פאָלק מישט זיך אויס מיטן ריין־פערזענלעכן. הונדערטער טויזנטער פון אונדז האָבן לייבלעכע קרובים אין יענע לענדער, און עס איז ניטאָ קיין מיטל מען זאָל עפּעס וועגן זיי דערגיין, אָדער אָר־גאַניזירן אַן אַרבעט וואָס זאָל פירן דערצו אַז מען זאָל עפּעס קענען דערגיין אין דער נאָענטער צוקונפט. די טראַגי־קאָמישע זייט פון דער לאַגע האָט געפירט צו דעם אַז וועגן פאַקטן, אָפענע פאַקטן — וואָס מענטשלעכע מי וואָלט געקענט אויסגעפינען מיט אַ היפּשער מאָס גענויקייט — זאָלן מיר

דאַרפֿן זיך אַריינטאָן אין בלינדע חשבונות און זיך צעטיילן אויף פּעסימיסטן און אָפּטימיסטן.

עס איז אַז אָך און ווי צום בילד וואָס אפילו די אָפּטימיסטן קענען מאָלן. אָבער דאָך קען איך די פּעסימיסטן בעסער פֿאַרשטיין, די וואָס זענען מער און טיפֿער באַזאָרגט זענען עלול צו זען גיכער די טונקעלע קאָלירן. דאָס גיט אַ שאַרפֿערע וואָרענונג און צווינגט צו שטיין אויף דער וואַך. די אָפּטימיסטן בין איך חושד אַז זיי האָבן אַ סיבה צו זיין ווייניקער באַזאָרגט. אפשר האָבן זיי אַנדערע גלויבנס, און אַנדערע האָפֿענונגען, און אַנדערע צו־געבונדנקייטן, וואָס צוליב דעם קענען זיי אַביסל אַראָפּוואַרפֿן פֿון זייער אַחריות צו יידן. ווי עס זאָל ניט זיין, קענען ביידע צדדים זאָגן צוזאַמען מיט ישעיה׳ן: „דער גאַנצער קאָפּ איז קראַנק, און דאָס גאַנצע האַרץ איז אין ווייטיק. פֿון פּוסטריט ביזן קאָפּ איז אין אים קיין גאַנץ גליד ניטאָ, נאָר אַ ריס און אַ בייל און אַן אייטערדיקע וואונד״. איז אפשר גוט מיר זאָלן לינדערן אונדזער צער מיט געשריי: נקמה, נקמה? איז אפשר גוט מיר זאָלן מגדל זיין אונדזערע קינדער לתורה, לחופה ולנקמה?

נקמה איז מחייב אַ געפֿיל אַז דער שאָדן קען פֿאַרגיטיקט ווערן. דאָס איז פֿאַרבונדן מיטן באַרימטן „לעקס טאַליאָניס״, באַצאָלן מידה כנגד מידה — אַן אויג פֿאַר אַן אויג, אַ צאָן פֿאַר אַ צאָן. פֿאַר דער פּרימיטיווער פּסיכיק מיטן אומאַנטוויקלטן „איך״־געפֿיל קען ניט זיין אַזאַ שאַרפֿע נפֿקא־מינה צווישן „מיין אויג״ און „דיין אויג״, ווי דאָס איז ביי אונדז. פֿאַר מיין אויג קען קיין פֿאַרגיטיקונג ניט זיין, ווייל עס איז איינציק, ווייל עס איז אַ פֿונקציע פֿון אַ באַשטימטער פּערזענלעכקייט וואָס איז אויך איינציק. אָבער פֿאַר אַן אויג קען מען באַצאָלן מיט נאָך אַן אויג. אַבי עס ווערט באַצאָלט, גלייכט זיך אויס דער חשבון.

דער פֿון אונדז וואָס לעבט זיך איצט אַריין אין נקמה־דאַרשט און זוכט דאָרט זיין טרייסט, זעט די דייטשישע מערדער, אָבער עס לעבט אין אים נאָך ניט טיף גענוג דער יידישער חורבן. ער לעבט ניט איבער די איינציקייט פֿון דעם וואָס איז חרוב געוואָרן. ביאַליק צאָרנט אין איינעם פֿון זיינע לידער: „פֿאַרשאָלטן זאָל ווערן דער וואָס רופֿט צו נקמה. אַזאַ נקמה, נקמה פֿאַרן בלוט פֿון אַ קליין קינד האָט נאָך דער שטן ניט באַשאַפֿן״. אונדזער איצטיקע טראַגעדיע איז עפּעס מער ווי דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט פֿון אַ „ילד קטן״. ניט בלויז מער אין צאָל, גרעסער אין צעשטערונג, נאָר עס איז פֿאַרטיליקט געוואָרן אַ פֿאָלקישע קוואַליטעט, אַ גייסטיקע אָנזאַמלונג פֿון דורות, מען האָט אויסגעשטאָכן מיין אויג, ניט אַן אויג.

אַ מענטש וואָס האַלט זיין בליק אָנגעשטרענגט אויף אַזאַ חורבן, וואָסער זינען האָט פֿאַר אים נקמה? דאָס דאָזיקע קליינע, נישטיקע, פּרימיטיווע

געפיל קען ער אין זיך לייכט באַפרידיקן מיטן באַוואוסטזיין אַז ס'איז שוין פאַראַן עמעצער וואָס וועט דעם מערדער טאָן זיין רעכט. דאָס — און פאַרטיק. אַחוץ דעם, און אַז מען וועט דערשיסן צען אָדער הונדערט טויזנט דייטשן, למאי נפקא מינה? דאָס ערגסטע איז וואָס דאָס שטענדיקע טראַכטן אין אַזאַ ריכטונג פאַרסמט יענעם שאַפנדיקן טרויער, יענע מאָראַלע דער־הייבונג וואָס פאָדערט מיר זאָלן אייַנאָטעמען אין זיך דעם גאַנצן פאַרנעם פונעם חורבן, פון דער איינציקייט פון יענעם לעבן. אַ גייסטיקע אַטמאָספערע פון נקמה־דאָרשט וועט פון אונדז אָוועקרויבן די שטאַרקסטע כלי־זיין וואָס זענען אונדז נאָך פאַרבליבן, דאָס פּסיכישע צוזאַמענלעבן מיט דעם וואָס איז שוין מער ניטאָ, און צו וועלכן מיר קענען זיך בלויז דערנעענטערן דורך חלום און האָפענונג, דורך דערוווייטערן זיך פון בלוט־תאווה און דורך אָנגעשטרענגטער מי וויִיטער בויען פאַר די קומענדיקע דורות. פון מאַרקוס אוירעליוס איז פאַרבליבן דער געדאַנק, אַז „די בעסטע נקמה איז ניט צו זיין ווי דער וואָס איז באַגאַנגען דאָס פאַרברעכן". די דייטשן האָבן צווישן די צוויי וועלט־מלחמות דערצויגן אַ דור אין שיכרות פון ווילדער נקמה. דאָס וואָס זיי האָבן דערגרייכט קען קיין גרויס הנאה ניט אַרויסרופן. די נקמה וואָס מאַרקוס אוירעליוס גיט אויף איר זיין הכשר איז די איינציקע וואָס מיר קענען זיך דערלויבן, פאַר זיך און פאַר אונדזערע קינדער.

## יידישע פּאָעזיע

אונדזער מאָדערנע קינסטלערישע ליטעראַטור, ספּעציעל די פּאָעזיע, האָט אין איר גאַנצער געשיכטע ניט געהאַט אַזאַ געלעגנהייט צו באַווייזן איר כאַראַקטער און איר פונקציע אין יידיש־פאָלקישן לעבן ווי אין די אומקום־יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער גורל האָט געוואָלט אַז אונדזער טראַדיציאָנעלע קולטור זאָל בלייבן פרעמד און קאַלט צו דער גאָט־געבענטשטער וואָרט־קונסט. דאָס גאָלדענע ליכט פון דער גאָלדענער עפּאָכע אין דרום איז אויסגעלאָשן געוואָרן. אין גייסט פון מערב און פון מזרח האָט דאָס עסטעטישע געמיט זיך ניט אַריינגעפּאַסט. די יונגע יידישע ליטעראַטור האָט צווישן פרומע און האַלב־פרומע יידן — דעם רוב מנין ורוב בנין פון פאָלק — קיין לייענער ניט געהאַט. די צוריק־ווירקונג פונעם דאָזיקן פאַקט אויפן גאַנג פון אונדזער קינסטלערישער ליטעראַטור האָט זיך געמוזט לאָזן שטאַרק פילן. וואָס מאָדערנער די ליטעראַטור איז געוואָרן אַלץ מער האָט זי זיך — מיט עטלעכע אָנגעזעענע אויסנאַמען — דער־ווייטערט פון די פאָלקישע קוואַלן. זי האָט אַ סך געלערנט ביי די וועלט־ליטעראַטורן צו פאַרפיינערן אינהאַלט און פאָרם, און אין דעם איז זי דורכ־געגאַנגען זייער אַ דאַנקבאַרע אַנטוויקלונג, אָבער אינעווייניק, אין פאָלק

גופא, איז פֿאַר איר געווען צו ווייניק טרייב־כוח צו פֿאַרטיפֿן אין דער זעלביקער צייט דעם יידישן מאָטיוו, צו שאַפֿן, אין גרעסערן פֿאָרמאַט — ווידעראַמאָל, מיט עטלעכע אָנגעזעענע אויסנאַמען — אַ מין אייגענעם חסידישן ניגון.

איז געקומען דער אימה׳דיקער אומגליק אין אונדזער געשיכטע און אָוועקגעשטעלט אונדזערע דיכטער פֿאַר אַ גרויסן, שווערן היסטאָרישן עקזאַמען. אַוודאי וועלן זיך דיכטער אָפּרופֿן אויף אַזאַ וועלט־קאַטאַסטראָפֿע. זיי וואָלטן עס געטאָן אַפֿילו ווען זי וואָלט יידן גאַנץ ווייניק אָנגערירט. אָבער וועלן זיי זיך סתם אָפּרופֿן אָדער טאַקע רעדן צו יידן? וועלן זיי ברענגען דעם פֿאָלק דאָס היילנדיקע וואָרט, דאָס גאַנצע וואָרט וואָס קומט פֿון אַ צעבראָכן האַרץ? וועלן זייערע נייע ראַפֿינירטע כלים זיך האַרמאָניש אַריינפּאַסן אין גייסט פֿון פֿאָלק אין אַזאַ צייט?

גרויסע אומגליקן זענען ניט קיין נייעס אין דער יידישער געשיכטע. האָט זיך ממילא געשאַפֿן אַ טראַדיציאָנעלער דרך אין וואָרט־אָפּרוף, וואָס האָט תמיד פֿאַרבונדן אונדזערע וואונדן אין די שרעקלעכסטע צייטן. אַזעלכע פֿאָרמען פֿון השתפּכות הנפש, ווען מיר זאָלן אין זיי זען ניט בלויז קינסטלערישע נאָר אויך נאַציאָנאַלע פֿונקציעס, קענען ניט זיין פֿריי זיך אָפּצורייסן פֿונעם פֿאָלקישן שורש, אַנדערש קען דאָך זייער וואָרט ניט זיין דאָס אינעווייניקסטע וואָרט פֿון אינעווייניקסטע יידן, די אַמאָליקע שרייבער פֿון קינות, פֿון קלאָג־לידער, אַזעלכע ווי, למשל, דוד בן משולם, אָדער קלונימוס בן יהודה, אָדער מנחם בן יעקב, קיינער פֿון זיי קען זיך ניט פֿאַרגלייכן מיט אונדזערע היינטיקע דיכטער, אפֿילו מיט די שוואַכערע צווישן זיי, אין קינסטלערישע כוחות. אָבער אין זייער נוסח ליגט יענע דורותדיקע ירושה מיט וועלכע יעדער יידישער דיכטער פֿון אַ יידישן חורבן מוז זיך רעכענען. אַזאַ סאָרט דיכטונג טאָר ניט אויסשליסן דעם עלעמענט פֿון שטייגער־ריטואַל, וואָס מוז האָבן הינטער זיך דעם היסטאָרישן אָטעם פֿון אַ פֿאָלק. אַזוי זענען אונדזערע דיכטער געשטאַנען אויף זייער ערנסטן עקזאַמען. ווי האָבן זיי אים אויסגעהאַלטן? דאָ שטעלט זיך אויף אַ שאַרפֿע צעטיילונג צווישן די אַמעריקאַנער יידישע דיכטער פֿון איין זייט און די סאָוועטיש־יידישע פֿון דער צווייטער. צום אַמעריקאַנער צד וואָלט מען אייגנטלעך געקענט צורעכענען אַלע יידישע דיכטער, אויך די העברעאישע פֿון ארץ־ישראל. אָפּגעזונדערט בלייבט בלויז דער נוסח פֿון דער סאָוועטיש־יידישער פּאָעזיע מיט דעם אופֿן ווי זי רופֿט זיך אָפּ אויף אונדזער איצטיקן חורבן.

מיט עטלעכע חדשים צוריק האָט ש. ניגער באַרירט די דאָזיקע טעמע אין עטלעכע אַרטיקלען. ער ווייזט אָן ווי דאָס סאָוועטיש־יידישע ליד איז פֿאַרכאַפּט פֿון קריגערישקייט און נקמה־דאָרשט, בעת די אַמעריקאַנער יידישע פּאָעטן ווערן באַהערשט פֿון אַנדערע טענער, אַנדערע מאָטיוון.

ער דערקלערט דאָס דערמיט וואָס דער יידישער דיכטער פון ראַטנפאַרבאַנד „אידענטיפיצירט זיך אינגאַנצן מיט סאָוועט־רוסלאַנד... דער יידישער שרייבער אין אַמעריקע איז יידיש אויך ווי אַן אַמעריקאַנער, און פילנדיק זיך איינס מיטן יידישן פאָלק אין דער גאַנצער וועלט פילט ער זיך ווי אַ קרבן, ווייל ער איז אַ קרבן אפילו דאַן ווען ער איז אַ קעמפער, איז זיין ליד בהכרח א קידוש־השם־ליד, ד״ה, אין תוך גענומען, אַ קלאָג און ניט קיין קאַמפס־ליד״ („טאָג״, 21טן יאַנ.)

אויך מיר דאָ אין אַמעריקע, האָבן געקעמפט אין דער זעלביקער מלחמה קעגן דעם זעלביקן מוראדיקסטן שונא פון אונדזער פאָלק און דער וועלט. אויך מיר האָבן מאַרשירט פון נצחון צו נצחון. אויך אונדזערע זין, אונדזער בלוט און פלייש, האָבן אָפּגעגעבן זייערע לעבנס אָפּצוואַשן די נאַצישע טומאה פון דער ערד. אויך מיר האָבן אַזאַ וואַרעמע, אַזאַ רירנדיק־איבער־געגעבענע באַציאונג צו אונדזער לאַנד, צו אַמעריקע. און גראַד אין דער איצ־טיקער מלחמה האָט אַמעריקע גערעדט צו דער וועלט דורך דעם מויל פון אַ מענטשן, רוזוועלטן, וואָס האָט נאָך העלער געצונדן אונדזער באַגייסטערונג פאַר אַמעריקאַנישע אידעאַלן.

איז אפשר די סאָוועטישע לאַגע אַן אַנדערע ווייל דאָרט האָבן זיי אַליץ געזען מיט די אייגענע אויגן, אַזוי פיל זייערע אייגענע זענען פאַרצוקט געוואָרן פון דער ווילדער חיה, און מיר, דאָ, זענען אַזוי ווייט געווען פון די גיהנום־פייערן? אָבער עס איז כמעט ניטאָ קיין איינער פון אונדז וואָס זיצט ניט שבעה נאָך אייגענע וואָס זענען דאָרט אומגעקומען. אַחוץ דעם, לייענט די לידער־ציקלען וואָס ז. סעגאַלאָוויטש האָט פאַרעפנטלעכט אין „צוקונפט״. ער האָט דאָך אַזוי פיל געזען, אַזוי פיל אַריבערגעטראָגן אויפן אייגענעם לייב, און דאָך ווי נאָענט זיין טאָן און זיינע מאָטיוון זענען דווקא צום גייסט פון די אַמעריקאַנער יידישע פּאָעטן.

זאָל ניט בלייבן דער איינדרוק אַז דאָס אַמעריקאַנער יידישע ליד אויף אונדזער איצטיקן חורבן באַשטייט בלויז אין וויינען און אין רייסן זיך די האָר פון קאָפּ. פּונקט ווי אין די אַמאָליקע קינות און סליחות זענען זיי אויך ניט פרעמד די מאָטיוון פון גלויבן און האָפענונג. אָבער, זאָגט ש. ניגער אין אַן אַנדער אַרטיקל: „זיי זאָגן עס אַנדערש ווי זייערע קאָלעגן אין סאָוועט־רוסלאַנד. זיי זאָגן עס ווי אַ תפילה בלחש, ניט אין נוסח פון אַ הילכיקן און האָפערדיקן קריגס־ליד. זיי ווענדן זיך, כדי צו קענען עס זאָגן, צו טענער און געשטאַלטן פון אַמאָל, ווי אויך צום חלום פון שפּעטער״. („טאָג״, 11טן פעברואַר).

דער אונטערשייד צווישן די צוויי נוסחאות ליגט לחלוטין ניט אין צופעליקע איבערלעבענישן, און פיזישער נאָענטקייט אָדער ווייטקייט פונעם אומגליק. ער ליגט אין דער ספערע פון פסיכישע שייכותן וואָס יידן און

יידיש רופן אַרויס. דער אַמעריקאַנער יידישער דיכטער, ווען ער שרייבט וועגן אונדזער גרויסן חורבן, ווערט נאַטירלעך אַריינגעצויגן אין דער אייגנאַרטיקער וועלט וואָס ציט זיך פון אברהם אבינו ביז אים. ער נעמט זיך אָן מיט איר טאָן, מיט איר טראַגיק, מיט איר מאָראַל, מיט אירע היסטאָריש־אויסגעלעבטע פאָרמען פון צער און טרייסט. דער סאָוועטישער דיכטער, צי דאָס איז אַן איבערגעלעבטע שטימונג, צי אַ פּראָגראַמאַטיש־אָנגענומענער קוק — ער זעט ניט דאָס ספּעציפיש יידישע אינעם חורבן, ער לעבט אים ניט איבער ווי אַ היסטאָרישער ייד. ער איז יידיש אין פאָרם, רוסיש אין אינהאַלט.

דאָס לעצטע ליד פון דעם מין וואָס איך האָב געלייענט, פון אַ סאָ־וועטיש־יידישן פּאָעט, רופט זיך „עס ברענען שוין דייטשישע שטיבער״. אין אָנגעזיכט פון דער הייליקער טראַגעדיע וואָס רופט זיך יידישע געשיכטע, און פון דעם וואָס אונדז איז באַפאַלן זינט 1939, ווי קינדיש, ווי אינפאַנטיל, אַזעלכע נקמה־רייד קלינגען. ווי זאָגט ניגער: „אין דער אַמעריקאַנער־יידישער פּאָעזיע שרייט און וויינט, וואַקלענדיק זיך צווישן האָפענונג און שרעק, די נשמה פון אַ פאָלק און זי שפּילט ווי אַן אָרקעסטער, זי שפּילט אויף אַלע כלים, בעת די סאָוועטיש־יידישע מלחמה־לידער זענען לידער פון אַ מאַר־שירנדיקער אַרמיי, און זיי האָבן אַלע איין טאָן, איין מאָטיוו, זיי זענען אַלע, אין תוך גענומען, איין רעפריין: „אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן״. די הויפּט נפקא מינה באַשטייט אין דעם וואָס ביי די סאָוועטישע זענען מיר אַן אויג, ביי די אַמעריקאַנער — מיין אויג.

די יידישע פּאָעזיע אין אַמעריקע איז געשטאַנען אויף אַן ערנסטן עקזאַמען און זי האָט אים אויסגעהאַלטן מיט גרויס אויסצייכענונג. זי איז בייגעשטאַנען דעם נסיון פון מאָמענטאַלע נקמה־אימפּולסן, ווייל זי האָט דערפילט דאָס היסטאָריש־יידישע אין די שטימונגען און געשעענישן פון מאָמענט. זי האָט ניט דערלאָזן אַז קליינע נקמה־טענער זאָלן פאַלסיפיצירן דאָס אייביקע ליד פון יידישער האָפענונג. דורך דעם האָט זי זיך דערהויבן אי קינסטלעריש, אי יידיש. דורך דעם האָט זי אָנטפּלעקט פאַר מאָרגנדיקן יידישן לעבן דעם פּיטן פון נעכטן אינעם דיכטער פון היינט.

(1945)

# יידישער טרויער

פון ביאַליקן געדענקען מיר די גאַליקע שורות: „דען גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג, אַ שחיטה מיט אַ פרילינג". ווען מיר גיסן אַריין אַ טראַפּעלע סימבאָליש בלוט אין די דאָזיקע ווערטער, דערפילן מיר אין זיי אַ מין קאָנדענסירטן תמצית פון אונדזער גאַנצן שווערן און אייגנאַרטיקן דרך: אַ שחיטה מיט אַ פרילינג. יאָ, עס הערט זיך אַ מין ווידערקלאַנג פון דער גאַנצער יידישער געשיכטע — אַ שחיטה מיט אַ פרילינג.

אמת, אַז מיר האָבן אין זינען דאָס קאָנקרעטע יידישע לעבן, מוז מען מודה זיין אַז על־פּי רוב איז דער פרילינג ניט געווען אַזוי רעאַליסטיש ווי די שחיטה. אָבער למאי נפקא מינה? מיר ווייסן דאָך אַלע אַז אין סאָציאַלן לעבן, אין מענטשלעכן לעבן בכלל, ווערן מיר אָפט באַהערשט ניט פון די ממשותדיקע עקזיסטענצן וואָס שטעכן די אויגן, נאָר גראָד פון די אומגעזעענע דינקייטן, וואָס בטחון, האָפענונג און פאַנטאַזיע מאָלן אויס אין אונדזער וואָרעמען דמיון.

אמת, שחיטה און פרילינג זענען קיינמאָל ניט פאָרגעקומען מיט בוכ־שטעבלעכער גלייכצייטיקייט ווי אין ביאַליקס בילד. אָבער דער פּינקטלעכער צונויפטרעף פון צוויי גלייך־אָנגעשטעלטע זייגערס, שפּילט דאָך דאָ קיין ראָלע ניט. גענוג איז וואָס מיר ווייסן אַז אומגליקן האָבן תמיד געעפנט קוואַלן פון טרייסט, פאַרכאַפּנדיקער אמונה, משיחישע באַוועגונגען, חסידות, קעמפערישן שטאָלץ און ועל כולם: לשנה הבאה בירושלים — אַ שחיטה מיט אַ פרילינג.

יידישער חינוך האָט ניט געקענט אויסמיידן דעם שווערן עול וואָס איז אויף אים אַרויפגעלייגט געוואָרן. וואָרעם שחיטה און פרילינג — אָדער לאָמיר דאָס בעסער רופן טרויער און שמחה — זענען די צוויי ברעגן פון אַ בשותפדיקער ליניע וואָס שלאָגט זיך אָפּ צום קלאָרסטן פון דער יידישער רעאַליטעט. אַ קינד וואָס לעבט, און לעבט זיך אויס אין די געצעלטן פון ישראל, מוז ווילנדיק אָדער ניט ווילנדיק איינזאַפּן אין זיך די שאָטנס און די שטראַלן מיט וועלכע אונדזער ליכט הילט אונדז איין. ווי אַזוי זאָל איך דאָס אויסדריקן אינעם גאַנג פון יידישן חינוך?

אמת, טראַדיציאָנעלער חינוך איז ניט געווען קיין באַוואוסטזיניק־אָרגאַניזירטער און פּלאַנירטער ענין. עס איז ניט געלעגן אין דער האַנט פון די מלמדים אָדער לומדים צו בייטן אָדער איינצושטעלן לויט זייער ווילן און איינזען דעם סדר הלימודים. עס האָבן זיך, אמת, געהערט פּראָ־טעסטן מצד גדולי הדור — ווי, למשל, פון מהר"ל פון פּראָג — קעגן געוויסע

איינגעשטעלטע דרכים אין לערנען. אָבער דאָס האָט כמעט קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן מיט דער ערשטער מדרגה, מיטן דרדקי־חדר, און בכלל האָבן זיך אינהאַלט און מעטאָדן סיי ווי ווייניק געביטן. יידישער חינוך האָט גיכער געהערט צו דער קאַטעגאָריע וואָס מען רופט קולטור־ירושה. אַזעלכע טראַדיציאָנעלע פּראָצעסן, וואָס טראָגן זיך איבער אין זייער גאַנצקייט פון דור צו דור, האָבן אין זיך דעם חסרון וואָס יעדער נייער קנייטש קומט אין זיי פּאַר קריכנדיק פּאַמעלעך און אויף אַ שווערן, פּיינלעכן אופן. אָבער זיי פאַרמאָגן אין זיך די גרויסע מעלה וואָס זיי שפּיגלען אָפּ און דריקן אויס דאָס שטענדיקע און פונדאַמענטאַלע מיט אָרגאַנישער, אַריינגעוואַקסענער קראַפט. לעבעדיקע טראַדיציע איז ווי צירקולירנדיק בלוט, עס פונקציאָנירט, נאָר עס זעט זיך ניט אָן; מיר וויסן ניט דערפון אין נאַטירלעכן גאַנג פון לעבן, אָבער די צוויי ברעגן פון דער יידישער היסטאָרישער ליניע, טרויער און שמחה, דאָס איז דאָס שטענדיקע, דאָס פונדאַמענטאַלע. עס וואָלט געוועזן חוץ לדרך הטבע ווען אונדזער טראַדיציע וואָלט ניט אויסגעאַרבעט אַ געהעריקע פאָרם אין וועלכער די דאָזיקע עמאָציאָנעלע צושטאַנדן זאָלן געפינען זייער אויסדרוק אין לעבן פונעם קינד.

די גאַנצע וואָג פונעם שווערן עול איז נאַטירלעך געלעגן אויף טרויער, ניט אויף שמחה. וואָרעם פרייד ווערט אָנגענומען ווי דער פּאָזיטיוער צושטאַנד צו וועלכן די נשמה פון דער קינדהייט און דער יוגנט רייסט זיך סיי ווי. מען דאַרף ניט אָננעמען קיין ספּעציעלע מיטלען צו סטימולירן דורך פרייד. קינדער וועלן אויסנוצן יעדע טעטיקייט צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ געלעגנ־הייט וואָס מונטערט און דערפרייט מיט שפּיל און אַקטיווער הנאה. טרויער, נעמט מען אָן, איז אַ נעגאַטיווער צושטאַנד. עס איז אַ מין צווינגען זיך צו דערלאַנגען עפּעס וואָס איז געווען, מיטן באַוואוסטזיין אַז ס׳איז מער ניטאָ. עס איז, האַלטן אַ סך, אַן אויסדרוק פון דער קרענקלעכער מאַזאָכיסטישער הנאה פון דער אייגענער אָנמעכטיקייט, פון ליגן מיט הכנעה אין שטויב פאַר דער ענדגילטיקייט פונעם גורל. מען מוז מודה זיין אַז קוקנדיק אויף דער זאַך פון דרויסן, ווען מען איז זיך סומך אויף אַ פאַרגלייך צווישן דעם אָפּרוף אויף שמחה און אויף טרויער מצד מענטשן בכלל און קינדער בפרט, זעט מען פון איין זייט בנוגע פרייד, אויפגעברויזטן חשק, אַ רייסן זיך וואָס מער אויפצונעמען און אַריינצואָטעמען אין זיך, און פון דער אַנדערער זייט, ביי טרויער, אַ מיטגעפיל וואָס צווינגט זיך אַרויף, מאַטערט שנעל אויס, און לאָזט זיך שווערלעך לאַנג אָנהאַלטן. ממילא קען אויסקומען אַז דאָס ערשטע איז געזינטער, נאַטירלעכער, בעת דאָס צווייטע פאַרמאָגט אין זיך אַ שעדלעכקייט וואָס מען דאַרף דערציעריש אויסמיידן.

אַ טיפערער פּסיכאָלאָגישער אַריינבליק אינעם גאַנצן ענין וועט, דאַכט זיך מיר, לייכט אומוואַרפן דעם דאָזיקן פּסק־דין. עס איז ריכטיק אַז טרויער

מאַטערט שנעל אויס, קען בכלל לאַנג ניט אָנהאַלטן, זיכער ניט אין קינדער־לעבן. אָבער דאָס שוואַכט ניט אָפּ די נאַטירלעכקייט, די פּסיכישע נייטיקייט און די אַלגעמיינע גייסטיקע געווינסן אין דערציערישן לעבן פון איבערגעלעבטן טרויער. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס איז אויך דער גאַנג פון אונדזער אַלטער טראַדיציע, און עס וועט זיין שווער צו לייקענען אַז אונדזער היסטאָריש לעבן פאַרמאָגט גענוג אייזערנע כוחות וואָס שטרייכן אונטער די גרויסע פאַרדינסטן פון טרויער־איבערלעבענישן פאַר אונדזערע טיפערע פאָלקישע כוחות.

איך בין ניט זיכער צי דאָס יידישע פאָלק איז אַבסאָלוט דאָס איינציקע וואָס האָט אומגליקן און קאַטאַסטראָפעס פאַרוואַנדלט אין פייערלעכע געלעגנ־הייטן. זיכער זענען מיר די איינציקע צווישן די מערב־פעלקער וואָס האָבן געשאַפן אַזעלכע פיין־צערעמאָניאַלן. אָבער איך האָב ניט געקענט אויסגעפינען קיין שום פאָלק אין אַנדערע קאָנטינענטן וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַזאַ שטריך אין זיין שטייגערשער קולטור. אַלע פעלקער דערפרייען זייער לעבן מיט יום־טוב־טעג. דאָס זענען געלעגנהייטן צו דערמאָנען און האַלטן שטענדיק אין זכרון נצחונות, העלדישקייטן, אָדער בכלל געדענק־טעג איינצוקריצן אין באַוואוסטזיין מאָמענטן פון גליק און הצלחה. מיר האָבן אַחוץ אַזעלכע גע־לעגנהייטן פון היסטאָרישער שמחה אויך טעג פון צער, פון באַוויינען, פון אויפנעמען אויפסניי אין איר פולער אימה אַ פאַרגאַנגענע קאַטאַסטראָפע.

דאָס איז אייגנטלעך דער סאָרט טרויער פון וועלכן ס׳רעדט זיך דאָ. דאָס איז ניט דער צער פון פערזענלעכער אבלות וואָס נעמט אַ מענטשן אַרויס פון זיין געוויינטלעכער סאָציאַלער ראַם, וואָס קען זיינע אַרומיקע העכסטנס אָנפילן מיט סימפּאַטיע, מיטן צער וואָס ליגט אין מיטגעפיל. דאָ רעדט זיך ניט וועגן פאָלקישער עצבות. דער באַשיינפערלעכער צוועק פונעם אויפגעבויטן צערעמאָניאַל איז ניט אַרויסצורופן סימפּאַטיע, נאָר דאָס וואָס פּסיכאָלאָגן רופן עמפּאַטיע, אַן אַטמאָספערע וואָס איז עלול אויפצואוועקן אין האַרצן אַ קאָפּיע פון דער איבערלעבעניש גופא. אַן עמפּאַטישע איבערלעבעניש באַטייט, אַז מען חזרט איבער די אַמאָליקע געשעענישן אויף אַ פּסיכישער פלאַך. מען ווערט אַליין אַ באַטייליקטער און אַ קרבן פון דער קאַטאַסטראָפע. אַזאַ טרויער איז, אַחוץ דער עמאָציאָנעלער דערפאַרונג, אַ נאַציאָנאַלער קולטור־אַקט און אַן אויפגעלעבטע היסטאָרישע אידענטי־פיקאַציע אויפן אינטענסיווסטן אופן. אַזאַ טרויער קען ניט דערפירן צו דער אינפאַנטילער פּאָזיציע פון „מיר איז גוט, איך בין אַ יתום", נאָר צום סאָציאַליזירטן געמיט־צושטאַנד פון אַ מיטשפּילער אין דער טראַגעדיע פון „אבלי ציון וירושלים".

אין דער מערבדיקער קולטור איז אָנגענומען אַז וויינען בפני כל עם ועדה איז אַ חרפּה פאַר דער חשיבות פון אַ מענלעך באַשעפעניש. טרערן

ווערן מיט חוזק פאַררעכנט ווי עפּעס וואָס פּאַסט בלויז ווי אַן אויסדרוק פון ווייבערישער שוואַכקייט. און אויב אַזאַ מין פאַרלירן זיך איז נאָך ווי עס איז דערלויבט ביי אַ ריין־פּערזענלעך אומגליק, איז אָבער אין דער דאָזיקער קולטור ניט געשאַפן געוואָרן קיין אָפענע, פאָלקישע געלעגנהייט ביי וועלכער פאַרגיסן טרערן זאָל זיין אַן אָנגענומענער אָדער דערלאָז־לעכער כלל. עס איז גוט צו געדענקען אַז די אַלע וואָס באַמיען זיך צו באַווייזן מיט פּסיכאָלאָגישע און פילאָסאָפישע ראיות אַז אינטענסיווער, עפנט־לעכער אויסדרוק פון טרויער איז פּסיכיש ניט געזונט, אַז מען דאַרף עס באַטראַכטן מיט אַ ווידערגעפיל, אָט די אַלע זענען דערצויגן געוואָרן אין דער ספּעציפישער פּונעם מערבדיקן שטייגער. אין דעם כלל גייען אויך אַריין די היינטוועלטיקע יידן וואָס האָבן דאָס אין זיך איינגעזאַפּט דורך נעענטערע באַציאונגען מיט די ניט־יידישע לעבנס־ווערטן. עס קען קיין שום ספק ניט זיין, אַז די טעאָרעטישע סברא איז אַ שפּעטערדיקע ראַציאָנאַליזאַציע פון דעם וואָס איז שוין לאַנג געווען אַ פאַרוואָרצלטער איינפיר. מען מוז טאַקע מודה זיין, אַז דאָרט וואו פיזישער נצחון, און נצחון בכלל, ווערט אָוועק־געשטעלט ניט בלויז ווי אַ פּראַקטישע נויט נאָר דער עיקר ווי אַ העכערער אידעאַלער ווערט, אין אַזאַ שטייגערשן פורעם פּאַסט זיך ניט אַריין עפנטלעכע אָנערקענונג פון טרויער־אויסדרוק. וואָרעם אַז מען קוקט מיט אַזעלכע ברילן איז טרויער אַ פאָרם פון אונטערגעבן זיך, ניט פון בייקומען; עס איז אַ מין אָנגענומענער באַשלוס צו באַשענקען מיט אַן עפנטלעכער פּרעמיע פאַר הכנעה. פאַרשטייט זיך אַז דאָס איז בלויז גערעדט ווען מען קוקט מיט אַזעלכע ברילן. בכל אופן, מיר איז ניט באַקאַנט קיין שום דירעקטע וויסנשאַפטלעכע פאָר־שונג וואָס זאָל אַרויסרופן דעם מינדסטן חשד אַז טרויער זאָל האָבן אַ נעגאַטיווע ווירקונג אויפן פּסיכישן לעבן.

מען קען אויך זען די טרויער־איבערלעבענישן אין אַן אַנדער ליכט. עס איז נאַטירלעך אַז אַ פאָלק וואָס האָט אַנטקעגן זיך אַ גאַנצע וועלט, אַ וועלט וואָס איז יעדע רגע גרייט אונדז צו פאַרטיליקן, עס איז נאַטירלעך אַז אַזאַ פאָלק זאָל האָבן אויסגעאַרבעט ביי זיך העכערע מאָראַלע כלי־זין צו פירן די שטענדיקע מלחמה פאַר זיין קיום. עפנטלעכער טרויער איז ניט קיין פּאַסיווער צושטאַנד, אַזוי ווי, למשל, דאָס פּריוואַטע קלאָגן אויף אַן אומגליק; עס איז אַ געפּלאַנטער אַקט פון אַריינקריצן אין זיך דאָס באַוואוסט־זיין אַז גערעכטיקייט איז טיפער, הייליקער געוואָרן דורך יסורים. אָט דאָס וואָס יידן האָבן אַזוי רירנדיק אויסגעשפּילט דעם אַקט פון יסורים צוליב גערעכטיקייט, דאָס האָט אונדז אינערלעך געשטאַרקט און באַפעסטיקט. דאָס איז אייגנטלעך געווען די איינציקע מעגלעכקייט אַרויסצורייסן אַ פּסי־כישן נצחון פון אַ פיזישער מפּלה. עס איז בלי ספק אַ גרויסער חידוש ווען גאָט ענטפערט איבער אַ גרויסע צאָל אין די הענט פון אַ קליינער צאָל, שטאַרקע

אין די הענט פון שוואַכע. אָבער פונעם צופאַל אָדער חידוש, ווערט אַ נס, אַ וואונדער פון אַ מאָראַלער קאַטעגאָריע, ווען באמת ווערן איבערגעגעבנטפערט די אומריינע אין די הענט פון ריינע. דער נייטראַלער צופאַל ווערט אַ מאָמענט אין אַ העכערן סדר העולם.

אַן ענלעכן אויסדרוק הערט מען אָפט אין אַ מאָדערנער אַטמאָספערע. אין אַ מאָמענט ווען אַזאַ מענטש פילט אַז גערעכטיקייט ווערט געדריקט, און ס׳איז ניטאָ קיין כוח דאָס צו פאַרמיידן, הערן מיר אָפט דעם אויסרוף: „אָבער סוף־כל־סוף מוז יושר זיגן". מיר ווייסן אַלע אַז היסטאָרישע פאַקטן באַשטעטיקן לײַדער ניט אַלע מאָל דעם דאָזיקן אָפּטימיסטישן פסק־דין. דערצו האָט דער ממונה איבער דער צעטיילונג פון דער צייט אונדז נאָך דערווייל ניט אַנטפּלעקט ווען מיר דאַרפן רעכענען דעם סוף פון „סוף־כל־סוף". אָבער דאָס איז אַ גאַנץ געזונטע מעטאָדע זיך צו באַשיצן מיט פּסי־כישע נצחונות.

דאָס איז איינע פון די פונקציעס פון עפנטלעכן טרויער, און עס איז שווער צו לייקענען אַז גרויס, זייער גרויס, איז דאָס פאַרדינסט פון דער דאָזיקער פונקציע אינעם ביטערן גורל פון לעבן. עס איז אָבער פאַראַן נאָך אַ ציל וואָס מען קען דערפילן אין טרויער פון אַן אַלגעמיינעם שטייגער. דורך טרויער ווערן מיר אַוועקגעשטעלט פנים אל פנים מיט דער אייביקער וועלט־דראַמע און מיר דערפילן זיך ווי אַזעלכע וואָס שפּילן אין איר אַ הויפּט ראָלע, די ראָלע פונעם קרבן וואָס טראָגט אחריות פאַר די מאָראַלע צילן פון לעבן.

די וואָס האָבן גאָר אַנדערש ניט געקענט תופס זיין דעם גאַנג פון דער וועלט ווי נאָר אַז גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט, אַז אַ מאָראַלער אָטעם דרינגט דורך אַלע באַשעפענישן, אַזעלכע האָבן געמוזט זען אין אומגליק ניט בלויז אַ קייט פון יסורים נאָר אויך אַ שטראָף, אַן אָפּקומעניש פאַר זינד, אַ נויטווענדיק מיטל אומצוקערן די געהעריקע גלייכ־וואָג אינעם אויפגערודערטן מענטשלעכן אוניווערס. דערמיט ווערט אומ־געהייער דערהויבן די ראָלע פון נאַציאָנאַלע אבלים און עס גלעט זיי די טרייסט וואָס ווערט געבוירן אין אינערלעכער דערהויבנקייט.

עס איז פאַראַן אַ טיפער שכל אין דער טענדענץ אַז יעדער פון אונדזערע היסטאָרישע טרויער־טעג זאָל זיין ניט קיין פאַראיינצלטער מאָנומענט נאָך עפּעס אַן אומגליק, נאָר זאָל זיין אַ געדיכטער אויסדרוק פון עטלעכע אַקטן פון דער גרויסער, טראַגישער יידישער דראַמע, וואָס איז אויך וועלט־דראַמע אין דערזעלביקער צייט. אַ משנה אין תענית דערציילט אַז פינף טרויעריקע געשעענישן האָבן געטראָפן מיט אונדזערע עלטערן אין שבעה עשר בתמוז און פינף אין תשעה באב. אויב דאָס איז נאָך ווייניק געווען איז נאָך שפּעטער צוגעקומען צו תשעה באב גרוש שפּאַניע. עס איז גוט אַז דער ספּעציעל

אָפּגעטיילטער טאָג פאַר היסטאָרישער עצבות זאָל אַרומנעמען דראַמאַטישע שטחים און דערמיט אוניווערסאַליזירן דאָס געמיט וואָס שעפּט פון איינצלנע עפּיזאָדן.

דער דאָזיקער צוגאַנג צו טרויער שעפּט פון אַנדערע היסטאָרישע איבערלעבענישן, איז געבונדן צו אַן אַנדער לעבנס־נוסח און האָט באַפרי־דיקט גאָר אַן אַנדער אידעאָלאָגישן אינהאַלט פון אַ פאָלקישער קולטור. עס איז איבעריק אונטערצושטרייכן אַז דאָס יידישע פאָלק האָט אָנגענומען דעם דאָזיקן צוגאַנג. אין טראַדיציאָנעלן יידישן לעבן זענען טרערן און געוויין, ווי אַן אַקט פון אַלגעמיינעם שטייגער פון פאָלק, קיין חרפּה ניט געווען. פאַרקערט, עס איז געווען שטאַרק אָנגענומען. ווי דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן האָבן טייל דאָס איבערגעטריבן כדי אויסצונעמען. ביי אַנדערע פעלקער קומט עס נאַטירלעך פאַר פונקט פאַרקערט: מען האַלט זיך צוריק מיט אייזערנע כוחות אַבי ניט אַרויסצואווייזן קיין „ווייבערשע שוואַכקייט".

ביי יידן האָבן קינדער גאַנץ פרי געלערנט איבערצונעמען דעם דאָזיקן עלעמענט פון שטייגער־לעבן. אָט ווי יחזקאל קאָטיק גיט עס איבער אין זיין אויטאָביאָגראַפיש ווערק „מיינע זכרונות" (241־242):

„און אַז דער זיידע האָט מיט מיר געזאָגט ערב ראש השנה די גרויסע סליחות, האָט ער שרעקלעך געוויינט, און איך האָב פאַר אין ברירה, אויך געוויינט מיטן זיידן. פון מיר האָבן זיך געגאָסן טייכן טרערן. און דער זיידע איז געווען צופרידן וואָס דאָס אייניקל וויינט, דערפאַר וועט אפשר אין מיין זכות גאָט העלפן אונדז אַלעמען.

„נאָר דער זיידע פלעגט זיך אַזוי צעוויינען צו סליחות אַז עס פלעגן אים ציטערן די פיס. אַז איך האָב דערפילט אַז דעם זיידנס קני ציטערן, האָב איך עקסטרע אָנגעשפּאַרט מיינע קני צו זיינע אום צו דערוועקן אין מיר אויך אַזאַ ציטערניש. דאָס, געדענק איך, פלעגט אויף מיר שרעקלעך ווירקן און מיין געוויין פלעגט דערגיין די העכסטע מדרגה. דאָס האָט קענטיק באַזונדערס אויסגענומען ביים זיידן און ער פלעגט מיך שוין אַלעמאָל מיטנעמען צו סליחות, אַפילו ווען איך האָב ניט געבעטן".

דער יידישער לעבנס־שטייגער איז פאַר די קינדער געווען די ערשטע און וויכטיקסטע שול וואו זיי האָבן זיך אויסגעלערנט מיטצולעבן מיט די מאָמענטן פון אויסגעדריקטן טרויער. אמת, קינדער האָבן אָפּט אַריינגעבראַכט דעם גייסט פון שפּיל און פאַרמעסט, און האָבן עפּעס ווי אָפּגעשטויסן פון זיך די אינערלעך־פאַרטיפטע עצבות פון עלטערן דור. דאָס איז פאַרגעקומען תשעה באב נאָך דעם ווי דאָס קליינוואַרג, און יונגוואַרג בכלל, איז פול איבערגעזעטיקט געוואָרן מיטן מעלאַנכאָליש־האַרציקן מאָנאָטאָן פון דער איכה־נאַכט. אויף צומאָרגנס, ווי מיר ווייסן, פלעגן קינדער דורכפירן די

תשעה באב דראַמע אויף אַן אַנדער אופן. אָבער דאָס באַטייט בלויז אַז, סיי פיזיאָלאָגיש סיי פּסיכאָלאָגיש קען מען צו לאַנג ניט אויסהאַלטן דעם דרוק פון שווערן טרויער. דאָס איז מסתמא די סיבה פון דעם וואָס ביים באַטייליקן זיך אין אַ לוויה וועלן מענטשן זוכן אַ געלעגנהייט זיך אָפּצוזונדערן אין קלענערע גרופּעס און עס ווערט פּלוצלונג געשאַפן אַ שטימונג פאַר הומאָר און וויציקייט.

אין חדר זענען געווען פאַרשיידענע געלעגנהייטן אין פאַרבינדונג מיטן לערנען וואָס זייער כוונה איז געווען אַרויסצוהייבן טראַגישע געשעענישן און דערפירן צום עמפּאַטישן געמיט־צושטאַנד. דאָס איז פאַרגעקומען ווען דער רבי האָט דערציילט, מיט אַלע גרוילן, אַזעלכע מעשיות ווי חנה און אירע זיבן זין, די דורכנעמענדיקע פּרטים פון די עשרה הרוגי מלכות, וכדומה אַזעלכע מעשיות פון חורבן און אומקום. אפילו די באַרימטע אויסרעדעניש ביי „אני בבואי מפדן ארם" געהערט אין דעם זעלבן קלאַס.

די משכיליש־סעקולאַריסטישע מענטאַליטעט פון אונדזער דור האָט, ווי ס'איז אונדז אַזוי גוט באַקאַנט, טיף דורכגעריסן דעם גאַנצן טראַדיציאָנעלן שטייגער פון פאָלק. דאָס האָט אָנגערירט ניט בלויז דעם געוועב פון מנהגים, מידות און מצוות מעשיות, נאָר אויך דעם פילאָסאָפישן וועלטבליק וואָס יעדער פאָלק־שטייגער איז אין זיך כולל. דאָס לעצטע פאַרדינט מען זאָל עס באַזונדער אַקצענטירן, וואָרעם דאָס האָט אָפט צו טאָן מיט אומדירעקטע, אָדער זייטיק־אויסגעדריקטע, ווערט־אָפּשאַצונגען פון עטישן און עסטעטישן מין, זעט זיך עס וויציקער אָן און מען באַמערקט ניט דעם אַלגעמיינעם קולטור־אידעאָלאָגישן כאַראַקטער פונעם שאַרפן איבערגאַנג. צו די דאָזיקע מאָמענטן געהערט בלי ספק דער בליק אויף היסטאָרישע געדענק־טעג וואָס ווערן אויסגעדריקט דורך סימבאָלן פון עפּענטלעכן טרויער.

זאָל דאָ גלייך געזאָגט ווערן, אַז איך געהער ניט צו יענע טראַדיציאָנאַליסטן וואָס האַלטן אַז ס'איז מעגלעך אָדער געוואונטשן אויפצוהאַלטן אַלץ פונעם אַמאָליקן יידישן לעבן, אָדער אַז ווען אַ מענטש זעט איין דעם גרויסן ווערט פון אַן איינפיר אין אַ באַשטימטער צייט און סביבה איז שוין פון דעם אַליין געדרונגען אַז עפּעס אַ לאָגישע אָדער עטישע קאָנסעקווענץ פאָדערט פון אים ער זאָל אויף זיך נעמען אַקוראַט דעם זעלביקן עול אין אַלע צייטן און אין אַלע סביבות. פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס מיינען אַז אויב איך בין, למשל, אַ שטאַרקער מאמין אין צינדן ליכט פרייטיק צו נאַכט בין איך אויך שוין מחויב ניט צו וועלן טראָגן קיין נאָזטיכל אין שבת אָן אַן עירוב. אַזאַ מין „קאָנסעקווענץ" איז לעכערלעך. דער וואָס גייט אין אַזאַ דרך איז בלויז פאַר זיך אַ חסיד שוטה; פאַר אונדז, פאַרן לעבן פון פאָלק, איז ער עפּעס ערגערס, ער איז אַ גרויסע סכנה. מען דאַרף זיכער ניט מקנא זיין אונדזער טראַגישע אָרטאָדאָקסיע וואָס ווערט

דעמאָראַליזירט און צעבראָכן ווייל זי וויל זיך ניט בייגן. דער גאַנג פון יקוב הדין את ההר דערשרעקט ניט דעם באַרג, אָבער ער איז עלול אומ־צוברענגען דעם דין צוזאַמען מיט זיינע היטער.

דער משכיליש־סעקולאַריסטישער צוגאַנג איז אין אַ סך פּרטים געווען אומפאַרמיידלעך און געבראַכט גרויסע פּאָזיטיווע ווערטן אין יידישן לעבן — למשל, די קינסטלערישע ליטעראַטור און די וויסנשאַפטלעכע וואָג און מאָס — וואָס האָבן אונדז געמאַכט אַ סך רייכער און געזינטער. אין די לעצטע צייטן האָט מען אָבער אויך אָנגעהייבן איינצוזען די אומבייטיקע, טיפע חסרונות פון יענעם צוגאַנג. חסרונות וואָס זענען צעשטעריש און פון וועלכע מען קען זיך אויסהיטן אפילו ביי לעבנס־תנאים אין דער היינטי־קער צייט און אין די נייע לענדער וואו מיר האָבן גענומען בויען אונדזערע ישובים.

אויך אינעם בליק אויף טרויער איז פאַראַן עפּעס פון אַ מאָדערני־זירטער אויפפאַסונג וואָס דערנענטערט אונדז צו דער ווערט־אָפּשאַצונג פון דער אַרומיקער וועלט און וואָס מיר וועלן דורכויס מוזן איינזאַפּן אין זיך. אָבער צו פאַרוואַרפן דאָס געזונטע און אייגנאַרטיקע פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע וועט ניט בלויז בייטן דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער פון אונדזער פאָלק, נאָר עס איז אויך אַ גרויסע סכנה פאַר אונדזער לעבן אין גלות. וואָרעם די גרויסע פּסיכישע מעלות פון עפנטלעכן טרויער זענען, אַחוץ די טיפע מענטשלעכע עלעמענטן מיט וועלכע זיי צייכענען זיך אויס, געווען אַ ברכה, און אויב ניט קיין רפואה שלמה, זיכער אַ וואָרעמע רפואה, פאַר אונדזער לעבן און אונדזערע יסורים אין מיטן דעם רוישיקן פעלקער־ים פון אַרום.

און אָט האָבן מירביישפּילן פון דער צייט וואָס וויזן די קרומע זייטן פון אַן אומפאַרמיידלעך־מאָדערנעם וועג פון אונדזער דור. עס פאַרשאַפט אַ סך שברת הלב ווען עס האָט זיך נאָך ביז איצט ניט איינגעגעבן, נאָך אַלע פאַרשלאָגן און באַמיאונגען, אויסצואַרבעטן אַ פּאַסיקן טרויער־טאָג נאָך אונדזער לעצטן חורבן. דאָס איז, דאַכט זיך מיר, היפּש פאַרבונדן מיט אונדזער מאָדערנעם אופן פון באַטראַכטן די דאָזיקע מאוימדיקע טראַגעדיע, מיט דער נייער מאָס מיט וועלכער מיר מעסטן די ספּעציעלע ווערטן וואָס זי האָט אין זיך אַריינגענומען און די אופנים אויף וועלכע זי האָט זיי אויס־געדריקט. עס קומט אויס אַז דאָס איינציקע וואָס האָט דעם ווערט פון היסטאָרישן געדענק־שטאָף, וואָס דאַרף תמיד אַרויסגעהייבן ווערן, וואָס דאַרף אַפּעלירן צו אונדזער מענטשלעכער חשיבות, איז ווידערשטאַנד, אויפ־שטאַנד, דאָס פיזישע קעגנשטעלן זיך. פאַרשטייט זיך, אַז אויב דאָס איז דער דרך וואָס מיר דאַרפן אויסקלייבן, דעמאָלט איז גאָר ניט שייך צו שאַפן אַ טרויער־טאָג; דעמאָלט דאַרפן מיר בלויז שאַפן אַ טאָג פון שטאָלץ, פון

גרויסן זיך, און אפשר העלפן אַקטיוו פאַרטרייבן און פאַרגעסן, דעם גרעסטן טייל פון חורבן וואָס קען וועקן גאָר אַנדערע געפילן איידער שטאָלץ און באַוואונדערונג פאַר די העלדן פון אַן אויפשטאַנד. דאָס איז אייגנטלעך די מענטאַליטעט און די לעבנס־פילאָסאָפיע פון די אַרומיקע פעלקער, וואָס האָבן קיין היסטאָרישן טרויער־טאָג ניט געשאַפן, ניט געקענט שאַפן.

זאָל ניט בלייבן דער איינדרוק אַז דער טראַדיציאָנעלער גייסט גרייסט זיך ניט מיט ווידערשטאַנד, אַז אים איז פרעמד דאָס געפיל פון יראת הרוממות פאַר די וואָס שטעלן זיך מוטיק קעגן שונא. מעשיות פון חנה און אירע זיבן זין, אָדער פון די עשרה הרוגי מלכות, און הונדערטער מע־שיות פון דעם מין, זענען גענוג ראיה אַז די טראַדיציע האָט געוואוסט ווי אָפּצו־שאַצן העלדישקייט. אין לעצטן חורבן אונדזערן זענען פאָרגעקומען אַ סך, אַ סך אַקטן פון דעם סאָרט. די רבנים וואָס האָבן ניט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע עדות און זענען אומגעקומען; דער ליכטיקער ביישפּיל פונעם גרויסן וואַרשעווער גאון הרב רב מנחם זעמבא וואָס די קאַטוילישע קירך האָט אים געוואָלט ראַטעווען און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט און באַצאָלט דערפאַר מיטן לעבן, אָדער וואָס שטריגלער דערציילט אין זיין בוך „מיידאַנעק" וועגן האָלענדישע יידן, דאָס זענען העלדישקייטן וואָס פאַרנעמען אַן אויבנאָן אין אונדזער היסטאָרישן זכרון. אָבער אויך דאָס קעגנשטעלן זיך מיט געווער אין דער האַנט האָט אונדזער טראַדיציע אַרומגערינגלט מיט דער געהעריקער באַגייסטערונג. אָט נעמט, למשל, דעם דאָקומענט „מעשה גדולה מן אמן אוקריינא", וואָס דובנאָוו האָט פאַרעפנטלעכט אין ערשטן באַנד היסטאָרישע שריפטן פון ייוו״א. דאָרט ווערט דערציילט וועגן דעם אָנפאַל פון די קאָזאַקן אין 1768. דער שרייבער פאַרגעסט בשום אופן ניט זיך אָפּצושטעלן אויפן מאָמענט פון ווידערשטאַנד:

„בקיצור, די יהודים וואָס זענען אַלע געווען אין דער שול, האָבן זיי זיך אָנגעהייבן צו ווערן מיט כלי־זין. אַזוי איז געווען איין יהודי הנקרא בשמו ר' לייבוש טשאַריגראַד, ער האָט זיך דערוועקט און ס'האָט ביי אים אָנגעהייבן צו זידן דאָס בלוט, ווי אַ פיש אין דער פאַן, און האָט געכאַפּט אַ שווערד אין דער האַנט און האָט געהרגעט איבער צוואַנציק פּוחזים. נאָך אַ יהודי איז געווען הנקרא בשמו ר' משה מנקר, ער האָט זיך געטאָן שטאַרקן נאָך בעסער און האָט עטלעכע פּוחזים געטאָן קוילען מיט זיין מעסער".

פאַראַן דאָ צוויי מאָמענטן דורך וועלכע דער שרייבער ווייזט אַרויס די יידישע ווערטן מיט וועלכע ער אָפּערירט. דאָס ערשטע איז די קוואַלי־פיקאַציע אַז „עס האָט אָנגעהויבן צו זידן ביי אים דאָס בלוט", אַ מין אַקצענטירן די מאָראַלע פאַרענטפערונג פאַר העלדישקייט וואָס שליסט איין אין זיך מאָרד. דאָס צווייטע, וואָס איז נאָך וויכטיקער, איז דאָס וואָס אין

זעלביקן פּאַראַגראַף ווערט שפּעטער דערציילט וועגן אַ פּרוי וואָס האָט דערטרונקען אירע אייגענע קינדער כדי זיי זאָלן ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די רוצחים. דער שרייבער האָט געפילט אַז ער דאַרף דאָס ערשטע ניט אַרויסהענגען אין אַ באַזונדער ראַם; אַז ביידע זענען גלייך־ווערטיקע פּרטים פון איין גרויסער אַלץ־אַרומנעמענדיקער יידישער טראַדיציע.

ווען עס קומט דער חודש אַפּריל, דער חודש אין וועלכן עס איז פאָרגעקומען דער וואַרשעווער אויפשטאַנד, ווערן אין יידישע ישובים אַראַנזשירט אָוונטן צום אָנדענק פון די געפאַלענע קדושים. עס וואָלט נאָך געווען צו פאַרשטיין, צוליב פאַרשיידענע טעמים, אַז דער וואַרשעווער אויפשטאַנד זאָל דינען ווי אַ פּאַסיקע דאַטע אויף צו פאַרפיקסירן דעם גאַנצן חורבן פון אַלע מזרח־אייראָפּעאישע תפוצות ישראל. אָבער ווען איך הער ווי מען רייסט אַרויס איין מאָמענט, ווי גרויס און וויכטיק ער זאָל ניט זיין, ווי מען שטרייכט אונטער, ווי מען לייגט דעם טראָפּ מיט אַלע מעגלעכע אַקצענטן, אויפן אויפשטאַנד און זיינע געפאַלענע, פיל איך אַז דערמיט ווערן פאַרקלענערט און אַנט־יידישט דער אומגעהייערער פאַרנעם און די העכסט אוניווער־סאַלע אימפּליקאַציעס פון אונדזער חרוב געוואָרענע וועלט. עס איז אומ־זיניק אויפצושטעלן אַ סקאַלע פון ווערטן פון העכער־נידעריקער, פאַר אַזעלכע מעשים ווי עס האָבן אַרויסגעוויזן הרב זעמבא, יאַנוש קאָרטשאַק, חנה סענעש אָדער מיכאל קלעפּפּיש. לעבנס־תנאים, געצוואונגענע חשבונות, געשטעלטע צילן, פאַראַנענע פערזענלעכקייטן און קאָנקרעטע מעגלעכקייטן, באַשטימען אינדיווידועלע פאָרמען און אָרגאַניזירטע טאַקטיק אין אַזעלכע קריטישע מאָמענטן. דער עיקר אַז די ביימער זאָלן דעם וואַלד ניט פאַרשטעלן.

אין דער דורכויסיקער אַקצענטירונג פון אויפשטאַנד באַהאַלט זיך דאָס געפיל פון וועלן זיך ריינוואַשן פאַר דער וועלט, פון ווייזן אַז מיר זענען אויך פעאיק צו שלאָגן צוריק. ממילא איז ווידערשטאַנד ניט בלויז אַ נאַטיר־לעכער מענטשלעכער אָפּרוף פון זעלבסט־פאַרטיידיקונג, פון ווערן זיך „בעת עס זידט דאָס בלוט", נאָר פון אויפהייבן זיך צו אַ העכסטער מאָראַל לויט דער מאָס פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע. יידישע טראַדיציע איז, ווייזט אויס, עפּעס אַנדערש אויסן געווען. איר ציל איז געווען ניט אויסצו־גלייכן זיך מיט דרויסנדיקע ווערטן נאָר איבערלעבן זיך צו שטאַרקן. ממילא האָט זי רק זיך געוואָלט דערנענטערן צו דער טראַגעדיע אין איר פּסיכי־שער ספערע.

ווען דאָס האַרץ כאַפּט דעם גאַנצן היקף פון טראַגעדיע, ווערן די איינצלנע פּרטים טיילן פון אַ ווייטן סדר העולם, פון אַ העכערער באַשערט־קייט מיט וועלכן עס איז אונדזער גורל זיך צו ראַנגלען. און עס איז אומ־מעגלעך אַריינצואָטעמען אין זיך די נשמה פון אַזעלכע וועלט־קאָנפליקטן און דורכדרינגען זייער תמצית, סיידן מיר קענען אויפכאַפּן דעם מיסטישן

כאַראַקטער פון די כוחות וואָס זענען אין זיי פאַרוויקלט. איך האָב דאָ ניט אין זינען די מיסטיק וואָס ווערט געבוירן אין מעטאַפיזישן טראַכטן נאָר די וואָס שיילט זיך אַרויס פון פּאָעטישן איבערלעבן, פון דער איבערלעבעניש וואָס קען בלויז אויפנעמען דאָס נייטראַלע בילד אין טערמינען פון זיין פאַר־ממשות׳טן מאָראַלן אָפּבילד. פאַר אַזאַ געמיט־צושטאַנד איז דער אימפּולס וואָס טרייבט צו שלאָגן צוריק אַ באַגרענעצטע נויטווענדיק־מאָמענטאַלע האַנדלונג, אָבער דויערעוודיקער, גרעסער אין ווירקונג, און אַ רייכערער קוואַל פון וואַנען צו שעפּן כוחות, איז דער אינערלעך־פּאַרטיפּטער געשריי: פאַרוואָס קומט עס אונדז? דאָס מוז פירן צו אַנאַליזירן אונדזערע מעשים, פּערזענלעך און געזעלשאַפטלעך. עס פירט צום באַוואוסטזיין פון „ומפּני חטאינו" און עס פאָדערט אַן ענטפער. דער ענטפער קען זיין פאַרשטאַרקטע פּערזענלעכע יידישקייט, אָדער אַ גלייביק געפיל אַז מיר לעבן אין משיחס צייטן, אָדער פאַרכאַפּנדיקע אמונה אין אַ וועלט־אידעאַל, אָדער ענערגישע טעטיקייט פאַר יידישע קולטור־אונטערנעמונגען, אָדער פּראַקטישע אַרבעט לטובת ישוב ארץ־ישראל.

ווי געזאָגט האָבן מיר ביז איצט ניט באַוויזן צו שאַפן קיין אָנערקענטן טרויער־טאָג נאָכן גרעסטן חורבן אונדזערן. דער גייסט וואָס האָט געפירט צו דעם האָט, דאַכט זיך מיר, אויך געבראַכט דערצו אַז אין אונדזערע קינדער־שולן זאָל דער חורבן ניט פאַרנעמען קיין געהעריקן פּלאַץ אויף אַ סיסטעמאַטישן אופן. עס וואָלט שוין זיכער צייט געווען, אַז פון דער גוואַלדי־קער גרויסער חורבן־ליטעראַטור זאָל אָפּגעקליבן ווערן אַ פּאַסיקע זאַמלונג פאַר קינדער אין די שולן. עס וואָלט גוט געווען ווען די שולן פאַר זיך, וואָלטן באַשטימען אַ טרויער־טאָג, צערעמאָניעל דורכגעפירט, און וואָלטן צוגעגעבן דריי וואָכן פריער, ווי מיר האָבן דאָס טראַדיציאָנעל ביי תשעה באב, אויף צו לערנען די זאַמלונג און זיך גרייטן בכלל צום טאָג פון טרויער נאָכן גרויסן חורבן. און פּונקט ווי גלייך נאָך תשעה באב האָבן מיר שבת נחמו וואָלט געווען זייער געזונט פּסיכאָלאָגיש און זייער יידישלעך — אַ שחיטה מיט אַ פרילינג — ווען דער טרויער טאָג זאָל אויספאַלן נאָענט צו דער שמחה פון מדינת ישראל. דאָס וואָלט נאַטירלעך אונטערגע־שטראָכן די פּאַקטישע נאָענטקייט צווישן די צוויי, און ניט ווייניקער די פּאָעטיש־מיסטישע שייכות צווישן זיי וואָס רעדט מיט אַזאַ אינטים קול צום היסטאָרישן יידישן געמיט.

די פראַגע וואָס עס זאָל אַריינגיין אין אַזאַ זאַמלונג פאַר קינדער איז זיכער אַ האַרבע. כאָטש די אַלגעמיינע ריכטונג, לויט ווי איך שטעל מיך פאָר די זאַך, לאָזט זיך גלייך אַרויסדרינגען פון די פריער־אַרויסגעבראַכטע געדאַנקען. אַזאַ זאַמלונג דאַרף זיכער אויסמיידן גרויליקע בילדער פון סאַדיזם און פּיין. עס דאַרף געבראַכט ווערן, אָבער דורכויס אָן באַזונדערע

אַקצענטן, פאַקטן פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד. דער עיקר דאַרף מען זיך קאָנצענטרירן אויף עפּיזאָדן אין וועלכע עס ליגט דער כוח סימבאָליש צו גענעראַליזירן אונדזער היסטאָרישן גורל. זאָל דאָס וויטערדיקע בילד פון יאַנאַס טורקאָוו „אַזוי איז עס געווען” (זייט 472) אילוסטרירן וואָס איך מיין:

„אויף דער באַסער פאַרפרוירענער ערד איז זיך געזעסן אַ ייִדיש קינד פון אומגעפער דריי יאָר און געוויגט אַ קליין וויגעלע אין וועלכן ס'איז געלעגן אַ קינד פון ניט קיין גאַנץ יאָר אַלט. דאָס קלענערע האָט שרעקלעך געוויינט. דאָס האָט אַוודאי אַן אומגליקלעכע מאַמע איבערגעלאָזט בשעת דער אַקציע אירע צוויי קינדער אויף גאָטס באַראָט. אָבער ניט גאָט און ניט מענטשן האָבן זיך אויף זיי מרחם געווען. דאָס קלענערע קינד האָט אומאויפהערלעך געוויינט און גע־שריגן אַז די הימלען האָבן זיך געדאַרפט שפּאַלטן. און די הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן און ס'איז אַראָפּ אַ גרויסער נאַסער שניי. דאָס דריי־יאָריקע מיידעלע, וואָס האָט דעם קלענערן קינד פאַרטראָטן די מאַמע, האָט ניט געוויינט און ניט געשריגן, זי האָט געהאַלטן אין איין וויגן און ניאַנטשען דאָס קלענערע קינד, און פון צייט צו צייט אָפּגעווישט פון איר פּנימל דעם שניי און ווייטער געשאָקלט דאָס וויגעלע”.

„...מיר באַשליסן ביינאַכט זיך אַרויסצוגנבענען און אַריינצו־ברענגען די קינדער. כדי עס זאָל ניט זיין קיין געשרייען, נעמט איינער מיט אַ פלעשל טיי און אַ שטיקל צוקער. ער שלייכט זיך צו צו די קינדער אויף אַלע פיר...

„די זשאַנדאַרן פון קעגן איבער האָבן מסתמא געהערט דאָס סקריפּען פונעם געעפנטן טירל ביי אונדז און געעפנט אַ שיסעריי. דאָס קליינטשיקע קינד האָט אָנגעהייבן צו וויינען. דאָס קליינע מאַמעלע וואָס איז אַפּנים אויף אַ וויילע אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט מיט די אויס־געמאָגערטע הענטלעך פאַרשטעלט דאָס וויגעלע, ווי זי וואָלט עס געוואָלט שיצן פון דער אָנקומענדיקער געפאַר. דעם חבר איז מער ניט איבערגעבליבן ווי איבערצולאָזן לעבן וויגעלע דאָס פלעשל טיי מיטן צוקערל, און זייענדיק איינגעשטעלט יעדע סעקונדע געטראָפן צו ווערן פון אַ קויל, צוריק צו קריכן אויף אַלע פיר אין דערבייאיקן טויער אַריין און איבערוואַרטן ביז די בלוטיקע חיות וועלן אויפהערן שיסן און דאַן... קוים אַ לעבעדיקער צוריקצוקומען צו אונדז.

„ווען איך בין צומאָרגנס אַראָפּ צום טויער זענען די צוויי קינ־דערלעך נאָך געווען אויפן זעלביקן אָרט. דאָס מאַמעלע איז זיך

געזעסן אויף דער נאַסער קאַלטער ערד, דאָס קלענערע נפשל אין
וויגעלע... און לעבן זיי איז געלעגן דאָס פלעשל טיי ניט גערירט.
אויך דעם גאַנצן טאָג האָט זיך דאָס עלטערע קינד ניט צוגערירט
צו דעם און ווייטער געשאָקלט דאָס וויגעלע און קיין געוויין האָט
זיך מער ניט געהערט. ביינאַכט זענען די קינדער פונעם פלאַץ
פאַרשוואונדן".

ווען איך האָב איבערגעלייענט די דאָזיקער שורות ביי יאַנאַס טורקאָוון
איז פאַר מיר אויפגעשוואומען דער נאָמען יורעק. ערגעץ האָב איך עפּעס
געלייענט וועגן אַ יורעק. יאָ, אין וולאַדקעס בוך „פוןביידע זייטן געטאָ־
מויער". אָט וואָס איך האָב דאָרט שפּעטער געפונען (זייט 155):

„יורעק פּיבערט אינגאַנצן. ער פרעגט אונדז געניי אויס וועגן
אונדזערע פאַרבינדונגען מיט קריסטן. ווען ער הערט די ענטפערס,
איז דער שטענדיק אַזוי גוטמוטיקער בחור אַזוי דענערווירט אַז ער
קען ניט איינזיצן אויף אַן אָרט.

„איז עס טאַקע אמת אַז מיר זענען אַזוי הילפלאָז און אַליין?
— רעדט ער ווי צו זיך. אים איז שווער צו גלייבן אין אונדזער
טראַגישערווירקלעכקייט. ער האַלט אין איין איבערחזרן:

„— זאָגט פאַרוואָס, פאַרוואָס העלפט מען אונדז אַזוי ווייניק?
זייך שטים ציטערט, מיר זיצן שטום. וואָס קענען מיר אים ענטפערן
אַז אַליין שטעלן מיר זיך כסדר די זעלבע פראַגע".

וואָסער שייכות האָבן די דאָזיקע צוויי ציטאַטן צווישן זיך? לאָגיש
זייער ווייניק, סימבאָליש זייער אַ סך. דאָס איז מסתמא די ריכטונג אין
וועלכער די פּאָעטישע מיסטיק מיט אירע ווייט־פאַרצווייגטע אַסאָסיאַציעס
שלאָגט זיך דורך אַ וועג.

אונדזער דור האָט זיך אָפּגעריסן פון אַן אַלטן אַנקער און פאַרגעסן
מיטצונעמען גענוג צידה לדרך אַז דער ייד אין אונדז זאָל ניט פאַרהונגערט
ווערן. איצט, אין מיטן שטראָם, איז שווער דער אומקער. וועל איך בעטן
גאָט אַז פון ליכטיקסטן ווינקל אונדזערן זאָל קומען די ישועה. הלוואי
זאָל אין מדינת ישראל פּראָקלאַמירט ווערן אַ טרויער־טאָג נאָכן גרויסן
חורבן און זאָל ער זיך פאַרשפּרייטן איבער אַלע לענדער פון גלות. דער
טרויער־טאָג אין מדינת ישראל וועט יידישער מאַכן די שמחה פונעם
נייעם ישראל און פונעם אַלטן פאָלק ישראל.

(1950)

# קאָנצענטראַציע־לאַגער: קרבן און רוצח

## דער קרבן

בלויז געציילטע יאָרן זענען אַריבער זינט דער גרעסטער קאַטאַסטראָפע אין אונדזער געשיכטע. איינער פון די גדולי הדור אין דעם דאָזיקן יאָמער־טאָל, ש. דובנאָוו, האָט, ווי מען גיט איבער, אָנגעזאָגט פאַר זיין מאַרטירער־טויט, אַז מען זאָל אַלץ פאַרצייכענען און פאַרשרייבן. זיין צוואה איז מיט גרויס פיעטעט אָפּגעהיט געוואָרן. וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אויך אַזעלכע וואָס זענען ספּעציעל געשאַפן געוואָרן פאַר דעם צוועק, האָבן מיט אַ סך מי געזאַמלט דאָקומענטן, גבית־עדותן און אַנדערע טרויעריקע ירושות פון יענער צייט, כדי אַלץ זאָל פאַרצייכנט ווערן לדור־דורות. פאַרלאַגן האָבן פאַרעפנטלעכט ביכער פון די געליטענע: פּעריאָדישע אויסגאַבעס האָבן געדרוקט אַרטיקלען; כמעט אין אַלע מער־באַקאַנטע שפּראַכן האָט דאָס געשריי פונעם חורבן זיך געלאָזט הערן.

די ביבליאָגראַפיע איז אויסגעוואַקסן צו אַ ריזיקער גרייס. מען מעג זאָגן אַז וואָס שייך פאַקטן זענען זיי איצט כמעט אַלע באַקאַנט. עס קענען זיין געוויסע פּרטים וואָס האָבן נאָך ניט דערגרייכט דער עפנטלעכקייט. אָבער זיי וועלן מסתמא ניט בייטן דאָס אַלגעמיינע בילד. דאָס וואָס איז פאַרבליבן נאָך ניט געוויזן און ניט געזאָגט, געהערט שוין ניט צו דער ספערע פון פאַקטן. דאָס זענען איבערלעבונגען, וואָס אָדער קינסטלער וועלן אויסדריקן און וויסנשאַפטלער וועלן אַנאַליזירן אין שפּעטערדיקע יאָרן, אָדער דאָס זענען אַזעלכע אויפטרייסלונגען וואָס בילד, וואָרט און געדאַנק קענען צו זיי בכלל ניט צוקומען.

מיין איצטיקע אויפגאַבע איז זייער אַ באַגרענעצטע. איך וויל אַרויסהייבן בלויז איין שטח פונעם חורבן, דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער, און זיך נעענטער באַקענען בלויז מיט עטלעכע שטריכן פון דער גייסטיקער איבערקערעניש אינעם קרבן און פון דער עניגמאַטישער געפאַלנקייט פונעם רוצח.

דער קאָנצענטראַציע־לאַגער איז לכתחילה פאַרטראַכט געוואָרן ווי אַ מאַסן־תפיסה, ווי אַן אָפּגעגרענעצטער פּלאַץ וואו עס ווערן פאַרשפּאַרט קרי־מינעלע און פּאָליטישע פאַרברעכער. אַזעלכע אַרעסטאַנטן ווערן געוויינט־לעך אַריינגעזעצט אויף באַשטימטע צייטן נאָך דעם ווי זיי האָבן געטאָן עפּעס אַזוינס פאַר וואָס אַ געריכט האָט זיי געפונען שולדיק און אַרויסגעגעבן אַן אורטייל. אין דעם פאַל האָבן מיר צו טאָן מיט אַ מין קריג צווישן שונאים וואָס איז געבויט אויפן קלאָרן, ראַציאָנאַלן פאַרוואָס; דער הערשנדיקער צד איזאָלירט דעם שוואַכערן און פאַרמשפּט אים צו אַ געזעצלעך־מאָטיוויר־

טער שטראָף. דער אַרעסטאַנט איז הילפלאָז אַנטקעגן דעם שטאַרקערן שונא, אָבער די סיטואַציע גיט אים אַ מעגלעכקייט ער זאָל פּסיכיש מאָביליזירן זיין אינערלעך פאַרמעגן וואָס איז אים געגעבן געוואָרן אויף אַרומרינגלען זיך מיטן כוח פון אַן אידייאיש־מאָטיווירטער שנאה, און אַנדערע אינער־לעכע כוחות, כדי זיך צו שטאַרקן גייסטיק.

פאַר אונדזער קרבן איז דער לאַגער ניט געווען קיין תפיסה אין דעם זינען. אַזוי ווי עס האָט אויסגעפּעלט דער ראַציאָנאַלער פאַרוואָס זענען אייגנטלעך קיין צוויי צדדים ניט געווען, פּונקט ווי עס זענען ניטאָ קיין צוויי צדדים צווישן אַ מענטשן און אַ פייער וואָס ברעכט אויס אין זיין הויז. די איזאָלירונג און די אכזריות האָבן ממילא אויך ניט געקענט געפילט ווערן ווי אַ שטראָף, ווייל דער באַגריף שטראָף איז מחייב באַשטימטע זינד און אַ ראַציאָנאַלן באַשטראָפער. אָבער דאָ איז פאָרגעקומען עפּעס אומגע־ווייניטלעכס: די „שריפה", כאָטש אומראַציאָנאַל, איז באַשטאַנען פון מענטש־לעכע געשטאַלטן און די „פלאַמען" האָבן געברענט און חרוב געמאַכט מיט סיסטעמאַטישער, בכיוונדיקער אויסרעכענונג. זענען די יסורים געשוואומען אין אַ ים פון אַ מין רויער, צעשמעטערנדיקער געפלעפטקייט. עס איז פּשוט ניט געגעבן געוואָרן קיין מעגלעכקייט פאַר עפּעס אַן אינערלעך־אָרגאַני־זירנדיקער גייסטיקער אָריענטאַציע.

טויבע בליצבוי דערציילט וועגן איר ערשטן אָנקום אין בערגן־בעלזן. די פרויען האָט מען געצוואונגען זיך אויסצוטאָן נאַקעט ביים בייזיין פון מענער. נאָכדעם האָבן זיי זיך געבאָדן און מען האָט זיי אָפּגעשוירן. אָבער וויכטיקער איז אַזאַ באַמערקונג: „מיר זענען ווידער אַריין אין אַ גרויסן זאַל וואו מען האָט אונדז געהאַלטן פאַרשפּאַרט אַ לענגערע צייט. מיר זענען דאָרט געשטאַנען ווי אויף יענער־וועלט, צעחושטע, איינער האָט דעם אַנדערן ניט דערקענט. איך האָב גערופן מיין שוועסטער וועלכע איז געשטאַנען לעבן מיר, און זי האָט מיר ניט אָפּגעענטפערט, זי האָט מיך ניט דערקענט".[1])

דאָס איז פאָרגעקומען שוין נאָכדעם ווי די זעלביקע קרבנות זענען דורכגעגאַנגען די שבעה מדורי גיהנום פון די אַזוי־גערופענע געטאָס. אַ סך ערגער איז געווען די אויפטרייסלונג נאָך איידער יידן האָבן נעענטער דערפילט די כוונות פונעם דייטשישן רוצח. אויגען קאָגאָן באַשרייבט שוידער־לעכע סצענעס קעגן יידן אין נאָוועמבער 1938. נאָך דעם ווי דער בחור גרינשפּאַן האָט דערשאָסן דעם סעקרעטאַר פון דער דייטשישער אַמבאַסאַדע אין פּאַריז, פאָן ראַט, האָט מען איבער גאַנץ דייטשלאַנד אַרעסטירט יידן אָן אַ חשבון. קיין בוכענוואַלד אַליין האָט מען געבראַכט 9815 יידן; עס איז ניט געווען קיין שום איינזעעניש מיט עלטער. צען־יאָריקע האָבן מאַרשירט צוזאַמען מיט זיבעציק און אַכציק־יאָריקע זקנים. אויפן וועג פון וויימאַרער באַן־סטאַנציע האָט מען דערשאָסן אַלע וואָס האָבן ניט געקענט מיטהאַלטן

מיטן טעמפּאָ פון גאַנג, און די איבעריקע זענע געצוואונגען געוואָרן צו טראָגן אין לאַגער אַריין די פּאַרבלוטיקטע קערפּערס. ביים אַריינקומען אין לאַגער האָט מען די אַרעסטירטע מערדערלעך געשלאָגן אָן שום סיבה. אין דער ערשטער נאַכט זענען 68 יידן אַראָפּ פון זינען.[2] דאָס איז געווען אַן אַנדער עקסטרעמער אופן אויף וועלכן עס האָט געווירקט דער פּלוצלונגער אויס־ברוך פון דער אימה׳דיקער אומגערעכטיקייט.

בענעדיקט קאַוטסקי איז געווען אין לאַגער נאָענט צו זיבן יאָר. בלויז די לעצטע צוויי יאָר איז ער געווען קלאַסיפיצירט ווי אַ „פּאָליטישער" פון אַרישן אָפּשטאַם. ביז דעמאָלט איז ער געווען פאַרצייכנט ווי אַ ייד. גיט ער איבער אַז בעת די אַנדערע פאַרשפּאַרטע אין בוכענוואַלד האָבן געזען אין זיך מאַרטירער פון אַן אידייע, האָבן יידן אויפגענומען זייער גורל ווי הוילע שרעק און אומגליק. ביי די אַנדערע האָבן די ליידן געהאַט אַ פּאָזיטיוון זינען, און געווען אַ קוואַל פון מאָראַלישער שטאַרקונג. פאַר יידן, וואָס האָבן בלויז געזען דאָס נעגאַטיווע אין זייער טראַגעדיע, איז דער דאָזיקער קוואַל געווען פאַרשלאָסן.[3]

מיר וועלן שפּעטער זען אַז דאָס איז ניט קיין ריכטיקע גענעראַליזאַציע. נאָך ערגער איז וואָס דאָ פעלט אַ טיפערער אַריינבליק אין דער לאַגע. דער פייניקער האָט ניט מאָטיווירט זיין אכזריות קעגן יידן אין נאָמען פון אידייען נאָר דער עיקר צוליב „בלוט" און „ראַסע". פאַר יידן איז דעריבער ניט בלויז פיזיש נאָר אויך גייסטיק די טראַגעדיע געווען אַ סך מאוימדיקער ווי פאַר אַנדערע.

עס איז געווען אַ ווילד־פרעמדער אוניווערס, עפּעס אַ טייווליש־מאָדנע רעאַליזירטע אוממעגלעכקייט, וואו עס האָט אָבער געהערשט אַ קאָנסע־קווענטע אינערלעכע לאָגיק אין דער באַציאונג צו די קרבנות. וואָרעם די פּראָגראַם פונעם לאַגער איז געווען אַרבעט און אומקום, אַרבעט פאַר אַ טייל, און אויף דערווייל, אומקום פון אַלע, פון גאַנצן יידישן פאָלק, ווי אַ שנעלער ענדציל. אַרבעט, פונעם טייל וואָס האָט שוין געהאַט די דאָזיקע זכיה, האָט אויך באַטייט אַז די קרבנות גופא העלפן וואָס גיכער און באַ־קוועמער צו פאַרענדיקן די פאַרמשפּטע צום אומקום, און נאָך דעם פון זיך אַליין.

אָבער די לאַגער־אַרבעט, וואָס איז געווען אַ לעבן אין יסורים פון גיהנום, און די צעטרייסלענדיקע וואַרענונג פון טאָג־טעגלעכן טויט, האָט געפּאָדערט גרינטלעך צו בייטן דעם מענטשלעכן מהות פונעם קרבן. אמת, די שרעק פאַרן טויט איז צו וואַרצלדיק מען זאָל זי קענען אָפּשאַפן. זיכער קען מען מיט ברוטאַלן טעראָר צונאָגלען דעם קרבן צו זיין פאַרשאַלטענער איינגע־שפּאַנטקייט, אָבער די אויפּרודערונגען פון זיין האַרץ און די באַהאַלטנקייט פון זיין געדאַנק קענען נאָך אַלץ זיין אַ סכנה פאַרן רוצח, שוין אָפּגערעדט

דערפון וואָס די עצם אידייע פון אומקום פאָדערט אַז דער רוצח, כדי ער זאָל זיך קענען טיפער אַריינלעבן אין זיין ראָלע, דאַרף זען זיין קרבן ווי אַ באַשעפעניש פון אַן אַנדער מין, פון אַ נידעריקן און שעדלעכן מין.

ווי געזאָגט, מען קען די שרעק פאַרן טויט ניט אָפּשאַפן, אָבער עס זענען פאַראַן טיפערע און צאַרטערע ווירקונגען פון טויט אויף אונדזער לעבן. דאָס געשטאַלט פון אַ מת איז אי אַן אומהיימלעכער אויסדרוק פון זיין געוועזנקייט, אי אַ שרעקבילד פון אַן עקזיסטענץ וואָס איז דאָ און ניטאָ אין דער זעלביקער צייט. דאָס אַלץ ווערט אויסגעדריקט אינעם רייכן צערע־מאָניאַל אַרום אַ פאַרשטאָרבענעם, אין דער אידייע פון כבוד־המת, אין דעם וואָס בית־עולמס ווערן אָפּגעזונדערט און דערוווייטערט פונעם לעבעדיקן ישוב, און אין אַ סך אַנדערע פּרטים.

די געוועזנקייט פונעם מת איז בלויז אין פיזישן צוזאַמענלעבן; עמעצער איז צווישן אונדז געווען און מער ניטאָ. אין אונדזער פילן און טראַכטן איז אָט די געוועזנקייט — און דאָס שרעקבילד וואָס איז דערמיט פאַרבונדן — אַ לעבעדיקער טייל פון אונדזער איצטיקייט. אונדזער געפיל און געדאַנק האַלטן אויף אונדזער צוגעבונדנקייט צו אונדזערע געוועזענע און דאָס באַ־רייכערט דאָס לעבן פון יעדן פון אונדז מיט העכערע מחשבות וועגן מענטש־לעכן גורל.

ניט אַזאַ מענטש איז פאַסיק פאַר דער קרבן־פונקציע, וואָס אין דעם האָט זיך דער רוצח געניייטיקט. עס איז ממילא אָפּגעשאַפן געוואָרן די מחיצה צווישן לעבעדיקע און טויטע. די באַריכטן זענען פול מיט אינצידענטן ווען די לעבעדיקע האָבן געדאַרפט טראָגן די טויטע גופים פון מענטשן וואָס זענען געפאַלן לעבן זיי.*) מתים האָבן זיך געוואַלגערט פאַר אַלעמען אין די אויגן. די אויפגעשטעלטע תליות אויף אַ פּלאַץ אַז אַלע זאָלן קענען זען, די שרעק־אָנוואַרפנדיקע קוימענס פון די קרעמאַטאָריעס, די שטענדיקע רייד, וואָרענונגען, אפילו וויצן, וועגן טויט וואָס שטייט לעבן יעדנס טראָט, און אַנדערע דירעקטע און אומדירעקטע בילדער, מעשים און סימבאָלן, האָבן געבראָכן די וואַנט פונעם צווישנשייד צווישן לעבן און טויט. די געצוואונ־גענע פאַרשוועכנדיקע באַציאונג אין אומגאַנג מיט מתים האָט אַלץ מער אָפּגעטויט דעם זינען פון לעבן אין די לעבעדיקע.

אָט זענען צוויי פאַקטן וואָס גיבן איבער אויף אַ בולטן אופן דעם קאָנטראַסט אין דער באַציאונג צו מתים אפילו אין יענע חושכדיקע טעג. אַ פרוי, וואָס געפינט זיך איצט אין ניו יאָרק און איז אין יענע צייטן געווען מיט די פאַרטיזאַנען אַרום ווילנע, האָט מיר דערציילט פון אַ גרופּע יידן וואָס זענען אַנטלאָפן פון פּאָנאַר, דעם אומקום־פּלאַץ פון ווילנער יידן, און אָנגעקומען צו זיי אין וואַלד. נאָך דעם ווי די דאָזיקע יידן האָבן איבערגעגעבן פון וואַנען זיי קומען האָבן זיי דערציילט, אַז זיי אַליין האָט מען געצוואונגען

צו אַרבעטן אַרום פֿאַרברענען די מתים. אין יענעם מאָמענט איז אויסגעוואָקסן אַ וואַנט צווישן זיי און די פּאַרטיזאַנען. די טענה איז געווען אַז מען שפּירט פון זיי אַ שלעכטן ריח, אָבער מיין אינטעליגענטע אינפאָרמירערין גיט באַלד צו אַז דאָס איז מסתמא געווען אַ פּסיכאָלאָגישער ריח גיכער ווי אַ פיזישער. עטלעכע פון דער גרופּע האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעמישט מיט די איבעריקע פּאַרטיזאַנען, די אַנדערע זענען געבליבן איזאָלירט ביזן סוף. דער צייכן פון טויט האָט געיאָגט און געטריבן פון זיי.

אָבער אין לאַגער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַן אַנדער צוגאַנג. ד״ר מינקאָווסקי, אַליין מיטן טעם פונעם נאַצי־גיהנום אין זיין נשמה, וואָס האָט, ווי אַ פּסיכיאַטער, געפאָרשט די פּראָבלעם, זאָגט אָט וואָס: „די דעגראַדאַציע פון די לעבעדיקע אין די לאַגערן האָט געפונען אַן אויסדרוק אין דעם וואָס עס האָט געפעלט דער מינדסטער רעספּעקט פאַר די טויטע. עס איז ניט געבליבן קיין צייט און קיין האַרץ פאַר סענטימענטן. עס זענען בכלל ניט געווען קיין טויטע מענטשן, עס זענען בלויז געווען פּגרים״.[5]

די שטורעמס וואָס די נאַצי־רוצחים האָבן פאַנאַנדערגעבלאָזן אין די לאַגערן כדי אויסצולעשן דעם לעצטן פונק מענטש איגעם קרבן, איז יעדן פון אונדז גוט באַקאַנט. דאָס אָפּטע שמייסן פאַר די מינדסטע חטאים, איז ניט געווען בלויז שטראָף, נאָר אויך מיט דער כוונה אַראָפּצוזינקען דעם פּסיכישן מעמד פונעם קרבן. דער זעלביקער אמת ליגט אין אַזאַ פּרט וועגן וועלכן עס דערציילט טויבע בליצבוי: „קיין לעפל זענען ניט געווען, אַזוי אַז מען האָט געזופּט לויט דער ריי״.[6] אין דער זעלביקער קאַטעגאָריע געהערן אַזעלכע מאָמענטן ווי פייניקן מיט סתם אומניצלעכער אַרבעט. שרייבט פּעלאגיע לעווינסקאַ: „מיר האָבן געטראָגן שטיינער אויף אַ מרחק פון צען און מער קילאָמעטער און אַריינגעוואָרפן אין ראָוו. נאָך עטלעכע טעג, ווען דער ראָוו איז געווען פול, האָט מען אונדז געהייסן נעמען די שטיינער און צוריק־טראָגן אויפן פעלד פון וואַנען מיר האָבן זיי גענומען״.[7] שטריגלער דער־ציילט: „איין מאָל ווען איך האָב געשלעפּט מיט אַ גרופּע אַ שווערן וואָגן האָט איבער אונדז אויפגעזעזן אַ יינגל פון אַ יאָר 13. ער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ ריזיקן שטעקן און נאָכגעמאַכט דאָס שלאָגן פון גרויסע. ער האָט געריסן לעבעדיקע שטיקער און האָט הנאה געהאַט וואָס אַזעלכע גרויסע און דער־וואַקסענע ציטערן פאַר זיין בליק״.[8] דער שרייבער באַמערקט וועגן דעם, אַז דער צער איז דאָ נאָך גרעסער געווען, ווייל „ס׳איז ניט געווען אין ווּעמען אָנצוהענגען דעם דירעקטן צאָרן״. אָבער דאָ איז די טראַגעדיע נאָך גרעסער ווי דער צער, וואָרעם אַזאַ הילפלאָזיקייט לגבי אַ קינד קען אָפּטויטן דאָס עצם שטיק לעבן וואָס איז באַרופן אויפגעקאָכט צו ווערן ניט בלויז פון פיזישן נאָר אויך פון מאָראַלישן ווייטאָג.

אין דער דאָזיקער טראַגעדיע שפּילט אַ גרויסע ראָלע דאָס באַשטראָפן

אָן שום שולד, אפילו אָן דער דערקלערונג פון עפּעס אַ חטא. אַט למשל, דערציילט טאַבאַקסבלאַט אין זיין בוך עבדים היינו וועגן אַ טראַנספּאָרט יידן, ווען זיי זענען צום ערשטן מאָל אַריין אין באַראַק. דער בלאָק־עלטסטער האָט זיך צו זיי געווענדט, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן יעדע ווערטזאַך וואָס זיי פאַרמאָגן, אויב ניט, וועט ער זיי ווייזן וואָס ער קען טאָן. גלייך נאָך דעם האָט ער און זיינע אויסהעלפערס זיך געוואָרפן אויף די נאָענטסטע צו זיי און זיי געשלאָגן אַזוי אַז זיי זענען „געלעגן אויף דער ערד און זיך געוויקט אין אייגענעם בלוט. ביי וועמען מען האָט אויסגעהאַקט די ציין און ביי וועמען מען האָט געשפּאָלטן דעם קאָפּ. אַלע געשלאָגענע האָבן געמוזט איבערגיין אויף דער צווייטער זייט אויוון און אויך געמוזט מיטשלעפּן אַהינצו די וועלכע האָבן פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין און זיך געוואַלגערט אויף דער ערד".[9]) דאָס האָט שוין ניט קיין שייכות צו שטרענגער, אפילו מערדערלעכער דיסציפּלין. דאָס מוז זיך אָנשלאָגן ווי אַ ביטערער סדר העולם, וואָס דאָס נאַטירלעכע פאַרמעגן פונעם מענטשלעכן איך איז ניט צוגעפּאַסט צו דעם, וואָרעם ווען אַ מענטש פאַרשאַפט אונדז פּיין, קען עס זיין אָדער אָן אומגליקלעכער צופאַל אָדער צוליב אַ דערקלערטער סיבה. אויב מיר ווייסן אַז עס איז געטאָן געוואָרן בשוגג קען עס אין אונדז אַרויסרופן אַ געפיל פון פאַרגעבונג, וואָס דאָס איז אַ טרייסט און אַן אינערלעכע שטאַר־קונג. אויב עס איז געטאָן געוואָרן צוליב אַ סיבה, דעמאָלט קענען מיר זיך אינערלעך שטאַרקן דורך אַ חרטה־געפיל, ווען מיר אָנערקענען אונדזער שולד, אָדער דאָס געפייניקטע לעבן באַשיצט זיך דורך אַ ניט־אויסגעדריקטן ווידערשטאַנד, פּראָטעסט. אָבער פּיין פון מענטשלעכע הענט, ניט ווי אַ צופאַל און אָן שום סיבה — בפרט נאָך ווען דאָס קומט פון יידישע קאַפּאָ־הענט, ווי דאָס איז געווען אינעם ציטירטן פאַל — דעמאָלט איז פשוט קיין פּלאַץ ביטאָ פאַר גייסטיקע קאָמפּמיטלען וואָס מיר טראָגן אין זיך. פאַרקערט, זיי ווערן נאָך אַ שטער, זיי פאַרשאַרפן דאָס אומגליק. דער קרבן איז דעריבער געוועזן אונטער אַ דריקנדיקן פּסיכישן צוואַנג אַראָפּצואוואַרפן פון זיך אַלץ מער און מער דאָס נאָרמאַלע איך־פאַרמעגן, כדי ווי עס איז צו קענען באַגעגענען דעם מאָרגנדיקן טאָג.

אינעם פּראָצעס פון אַנטמענטשלעכן דעם קרבן האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע אַ גרויליקער הומאָר וואָס ס׳איז כדאי צו דערמאָנען. מיר זענען אַלע באַקאַנט מיט די ווילדע מושטירונגען, מיט דער קאָמישער און פאַרמאַטערנ־דיקער קאַלעסטעניק און אַנדערע אַזעלכע שפּילערייען וואָס דער פּראָפעסיאָ־נעלער פייניקער האָט פאַרטראַכט. אָבער ווי אַ מאָמענט אין אַנטמענטש־לעכונג איז אפשר דאָס טיפּישסטע די ברויט־שפּיל, וואָס לעאָן שאַלעט, איינער פון די קרבנות, באַשרייבט: „דער בלאָק־עלטסטער פלעגט וואַרפן שטיקלעך ברויט אין אַ ווינקל פון צימער, מיר פלעגן זיך דאַן געבן אַ לאָז

דערצו ווי אַ טשאַטע הונגעריקע הינט, האָט ער באַלד געוואָרפן ברויט אין קעגנאיבערדיקןווינקל. דער מענטשן־געפּלעכט אויף דער ערד האָט זיך צוזאַמען געגעבן אַ וואָרף צום צווייטן ווינקל. מיר האָבן איינער אָפּגעשטויסן דעם צווייטן, געטראָטן איינער דעם צווייטן, געבריקעט. דורך דער גאַנצער צייט איז דאָס צימערל פול געווען מיט הילכיקן געלעכטער״ [10]). עפּעס ענלעכס, כאָטש מיט אַביסל וויניקער הומאָר, איז פאָרגעקומען, ווען איינער פון די פייניקער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן עמער וואַסער צו אַ טויט־דאָרשטיקן עולם. אויף דער פראַגע ווער עס וויל אַ טרונק האָבן זיך נאַטיר־לעך אַלע געגעבן אַ לאָז צו אים. האָט ער שנעל איבערגעדרייט דעם עמער. גלייך האָט זיך באַוויזן דאָס אימה׳דיקע בילד פון ווילדע מענטשלעכע פּנימער מיט אַרויסגעשטעקטע צינגער לעקן די נאַסקייט פונעם שמוציקן שטיינערנעם דיל.

אָבער די אָנשטרענגונג אין פּראָצעס פון אַנטמענטשלעכונג איז געגאַנגען אַ סך ווייטער. זי האָט זיך באַמיט צו צעטרעטן און צעשטערן עלעמענטן וואָס ליגן אַ סך טיפער און אויף וועלכע עס רוט אַ סך בולטער די חתימה פונעם פּערזענלעכן איך. עס איז אפשר איבעריק צו דערמאָנען, אַז דאָס איך־געפיל פאַרנעמט אַ סך אַ גרעסערן שטח ווי עס זאָגט אונדז אַן אויבנ־אויפיקער איינדרוק. עס וועט, למשל, קלינגען פּריקרע מען זאָל זאָגן, אַז ווייב און קינדער זענען אַ מענטשנס סאָציאַלע סביבה, גיכער זענען זיי אַ טייל פונעם אייגענעם איך, פון יענעם גרעסערן טייל וואָס רינט אַריבער איבער די גרענעצן פונעם אייגענעם אָרגאַניזם.

בלויז אַזוי לאָזן זיך פאַרשטיין די ענטפערס וואָס געטאָ־יידן האָבן געגעבן אויף מאָוימדיקע דילעמעס. דוואָרזשעצקי דערציילט וועגן ווילנע: „אַ בחור מיט אַ געלן שיין האָט געקענט פאַרשרייבן זיין מוטער אַלס פרוי און זיינע ברידערלעך און שוועסטערלעך אַלס קינדער, און ראַטעווען זיי, איז ער אָבער אַ חתונה־געהאַטער, שטייט ער פאַר דער ווילדער דילעמע: וועמען ראַטעווען, די מוטער אָדער די פרוי. און פאַרקערט, אַ מיידל מיט אַ געלן שיין האָט געקענט ראַטעווען דעם טאַטן (אַלס מאַן) און ברידער־שוועסטער אַלס קינדער. איז זי אַ חתונה־געהאַטע, שטייט זי פאַר אַ ברירה וועמען ראַטעווען, אַ קליינעם ברודער, שוועסטער אָדער דאָס אייגענע קינד. אין גורל צווישן ברידער־שוועסטער און קינד האָבן אַלע געוויילט דאָס לעבן פון קינד. אין גורל־אויסטויש צווישן מוטער און פרוי האָבן כמעט אַלע געוויילט די פרוי״.[11]) דוואָרזשעצקי אונטערשטרייכט די צוויי ווערטער, אַלע אין איין פאַל און כמעט אַלע אין צווייטן פאַל. דאָס זאָגט עדות אויף אַ געוויסן אונטערשייד אין די צוויי פאַלן בנוגע זייער פאַרוויקלטקייט אינעם איך פון אַ פּערזענלעכקייט.

אינעם כאַראַקטער און אין דער עשירות פון אַ מענטשנס איך האָבן זייער

חלק אויך די אַרומיקע אויף פאַרשיידענע מדרגות. אין דער ערשטער ריי זענען דאָס די באַקאַנטסטע פון דער פאַמיליע, דערנאָך אַ ביסל מער אָפּ־געררוקטע אויף דער ליניע פון מער און ווייניקער אינטימקייט. כדי צו צעשטערן דעם דאַזיקן פאַרמעגן אינעם קרבנס נשמה האָט מען, וואו ס׳איז געווען פאַרן רוצח באַקוועם און מעגלעך, צוזאַמענגעמישט מענטשן מיט וואָס קלענערע שייכותן צווישן זיך. דערציילט לעווינסקאַ, אַז אין לאַגער: „האָבן זיי צעטיילט מענטשן שטרענג לויט געשלעכט, אָבער צוזאַמענגעמישט בכיוון פאַרשיידענע עלטערס, לשונות, נאַציאָנאַליטעטן, רעליגיעס, געזעלשאַפטלעכע קלאַסן״.[12])

לעאָן שאַלעט שרייבט: „אַ סך פון אונדז האָבן געבראַכט מיט זיך פאָטאָגראַפיעס פון ווייב און קינדער. די געשטאַפּאָ־לייט האָבן זיך אַרויפּ־געוואָרפן אויף זיי, מיט הנאה זיי צעריסן אויף פיצלעך, און מיט רייד, צו שמוציק איך זאָל זיי איבערחזרן, זיי צעשפּרייט אויף דער ערד״.[13]) ברונאָ בעטלהיים גיט איבער, אַז מען האָט געצוואונגען די קרבנות זיך אַליין צו באַשולדיקן אין אַלדאָס שלעכטס, באַשולדיקן דאָס ווייב אין סעקסועלער אויסגעלאַסנקייט און פּראָסטיטוציע און שעלטן זייער גאָט. דאָס האָט אָנ־געהאַלטן שעה׳ן־לאַנג, קיינמאָל ניט ווייניקער פון 12 שעה, טיילמאָל 24.[14]) רעיה כגן סומירט די דאַזיקע מאָמענטן מיטן געדאַנק, אַז דער ציל איז געווען אַוועקצונעמען פונעם געפאַנגענעם אַלץ וואָס האָט אים געקענט דערמאָנען פון זיין פריערדיקן לעבן, ווען ער איז געווען אַ פרייער מענטש.[15])

דאָס אַלץ זעט אויס צו האָבן געווען אַן אויסגעאַרבעטער פּלאַן דורך די הענט פון געשולטע פּסיכאָלאָגן. דאָס זעט זיך נאָך בולטער אַרויס אין דער גאָר ניט קליינלעכער שפּיל פון שעלטן גאָט. שאַלעט דערציילט וועגן דעם שווידערלעכן עפּיזאָד. לעבן אים איז געזעסן אַן אַלטער ייד מיט אַ ווייסער באָרד. ער האָט געהאַלטן אַ קליין חומשל אין זיינע ציטערנדיקע הענט. איינער פון די רוצחים האָט עס אַרויסגעכאַפּט פון אים, אַרויסגעריסן די בלעטלעך און זיי צעשאָטן אויף דער ערד און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ דער־שלאָגן אויף טויט זיין קרבן.[16])

צווינגען אַ מענטשן צו באַליידיקן, צעטרעטן זיינע הייליקייטן; אַרויס־רייסן יעדן עפנטלעכן סימן פון זיין יראת הכבוד פאַר זיי, הייסט אונטער־גראָבן דעם סאַמע ווינקלשטיין, אויף וועלכן גייסטיק לעבן האַלט זיך. וואָרעם די כאַראַקטעריסטישע באַזונדערקייט פונעם מענטש אין אַ מענטשן איז דער גאַנצער, דריי־טייליקער צייט־שטח, אין וועלכן ער איז פאַרוואָרצלט — זיין נעכטן, זיין היינט און זיין מאָרגן. דער זיבעץ פונעם נעכטן ווערט באַלעבט פונעם רוח־חיים, וואָס זיינע הייליקייטן אָטעמען פון זיך אַרויס. פון דעם שפּראָצט אַרויס די אַנונג, אַז מיר זענען אַ טייל פון מעשה־בראשית; אַז מיר טראָגן אין זיך די זאָמען פון אַ רייכער קולטור־ירושה; אַז אונדזער

גייסט איז געקניפּט מיט די לעבנס הינטער אונדז; אַז אַ ניט געזעענער אוניווערס הינטער אונדז איז איצט אַ באַהערשנדיקער כוח איבער אונדז.

דער פּועל־יוצא פון אָט דער טיף־גרייכנדיקער צעשטערונג פונעם מענטש אינעם מענטשן איז געווען אַזאַ אויף וועלכן מען האָט זיך געקענט ריכטן. כמעט אַלע באַריכטן פון די קרבנות — נאָך מער פון די פּסיכאָלאָגן צווישן זיי — שטרייכן אונטער, אַז ביים רוב פון זיי איז אָנגעקומען אַ געפיל פון גלייכגילטיקייט צום גורל. דער פּסיכאָלאָג ברונאָ בעטלהיים רופט עס אַ געפיל פון אָפּגעריסנקייט, עפּעס ווי דאָס וואָס איז פאַרגעקומען האָט ניט פאַרוויקלט זייער אייגענעם איך. דאָס איז נאָך פאַרשטאַרקט געוואָרן, דער־קלערט ער, דערמיט וואָס פאַר אַ חטא פון אַ יחיד איז תמיד באַשטראָפט געוואָרן אַ גאַנצע גרופּע, עפּעס אַזוי ווי די אייגענע פערזענלעכקייט וואָלט דערביי ניט געווען.[17]) דער האָלענדיש־יידישער פּסיכאָלאָג, א. א. קאָהען, באַשרייבט די דערמאָנטע פאַקטן אונטערן באַגריף דעפּערסאָנאַליזאַציע וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַפּאַטיע.[18]) מינקאָווסקי האָט באַמערקט אין זיין קלינישער פּראַקטיק מיט קאַצעטלער גלייך נאָך דער מלחמה אַ זייער ענלעכע פּסיכישע לאַגע וואָס ער רופט „אַפעקטיווע אַנעסטעזיע״, אַ צושטאַנד ווען אַ מענטש רעאַגירט בכלל ניט אויף די אַרומיקע געשעענישן.[19]) גאָלד־שטייך, לוקאָוו און סטראַוס גיבן איבער די דערקלערונג פונעם פּאַציענט גאַיוס, בעת ער דערציילט וועגן זיינע איבערלעבונגען אין לאַגער. לכתחילה איז ער געווען שטאַרק אויפגעטרייסלט, אָבער עפּעס אַ „לעטאַרגיע״ האָט אים איבערגעוועלטיקט: „מיר האָבן געוואָלט אַנטלויפן אָבער ניט געקענט; געווען צען פוס שטעכיק דראָט אַרום אונדז. מען האָט אונדז געשלאָגן יעדן טאָג. מיר זענען געווען הילפלאָז. מיר האָבן כמעט קיין געפילן ניט געהאַט״.[20])

רחל אָסטשעגאָ באַשרייבט די דאָזיקע מאָמענטן מיט אַ פּרירנדיקער בולטקייט: „מען האָט אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט, אָפּגעשוירן, אויך די אינטימע טיילן. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערביי איז וואָס קיינער האָט קעגן דעם ניט פּראָטעסטירט, און קיינער האָט דערביי ניט געפילט די מינדסטע בושה... מען האָט דאָ פאַרלוירן יעדן ווילן. די אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט און וועמען עס האָט דערוואַרט יעדן טאָג דער טויט, האָבן זיך לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט אין אויטאָמאַטן. מען האָט ניט געטאָן דאָס וואָס מען האָט געוואָלט, נאָר דאָס וואָס מען האָט געהייסן. מען איז גע־גאַנגען וואוהין מען האָט אָנגעוויזן״.[21])

אַ שאַרפער סימן פון דעם דאָזיקן צושטאַנד איז בלי ספק דאָס וואָס, לויט אַלע באַריכטן, האָט פאַר דער ווייט־גרעסטער צאָל קיין סעקס־פּראָבלעם אינגאַנצן ניט עקזיסטירט. אַזוי, למשל, האָבן בעטלהיים און פראַנקל אויס־געפרעגט זייערע חברים אין לאַגער וועגן דעם אינהאַלט פון זייערע חלומות. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן כמעט ניט געהאַט קיין חלום מיט עפּעס

אַ סעקסועלער סצענע. די חלומות האָבן זיך בלויז געדרייט אַרום ברויט, קוכן, ציגאַרעטן און וואַרעמע וואַנעס. בקיצור, פון די נאַטירלעכע נייטן פון אַ מענטשן האָט דער הונגער אַלץ פאַרשטעלט.[22] ס'איז כמעט ניטאָ קיין איין באַשרייבונג פון די לאַגערן וואו עס ווערט ניט אַ סך גערעדט וועגן דעם שוידערלעכן הונגער. ווי בעטלהיים גיט איבער אין זיין דערמאָנטער אַרבעט, האָט דאָס טעגלעכע עסן פונעם פאַרשפּאַרטן געגעבן אַרום 1,000 קאַלאָריעס, אָבער כדי זיך צו קענען דערהאַלטן אין גוף, נאָך דער אַרבעט וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעצוואונגען, האָט אַ מענטש געדאַרפט פון 3,000 ביז 3,500 קאַלאָריעס.

ד״ר גיזעלאַ פּערל גיט אונדז אַ שוידערלעך בילד פונעם הונגער און פון אַ מיטאָג אין אָשווענטשים. זעקס הונגער־צעווייטיקטע לאַגערניקעס שטייען אַרום אַ טעפּל ריבן־זופּ. מען ציילט יעדן שלונג פונעם שכן אויס מורא אַז ער וועט לאָזן צו ווייניק פאַר די אַנדערע. טומל, מחלוקת, זידלע־רייען, געשלעגן, פאַרשווועכן די טראַגעדיע פון די קרבנות. און דער סוף? אָט וואָס זי שרייבט: „איך בין תמיד געווען צום מערסטן פאַרנומען נאָך אַ מיטאָג. איך האָב געדאַרפט באַנדאַזשירן צעבלוטיקטע ריפּן, רייניקן די וואונדן פון צעקאַליעטשעטע, שטילן דעם ווייטיק פון אָפּגעבריטע. איך האָב געאַרבעט און געאַרבעט וויסנדיק אויסגעצייכנט אַז ס'איז אומזיסט, ווייל צומאָרגנס וועט זיך אַלץ איבערחזרן, אפילו די פּאַציענטן וועלן מסתמא זיין די זעלביקע״.[23]

פונדעסטוועגן וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען, אַז בלויז אַפּאַטיע און פּאַטאַליזם האָבן תמיד באַהערשט די אינערלעכע וועלט פונעם קרבן. ווען דאָס וואָלט געווען אַזוי וואָלט אפשר קיינער פון זיי ניט פאַרבליבן, אפילו די וואָס האָבן אויסגעמיטן טויט־סעלעקציע, און פיזישע יסורים האָבן זיי ניט אומ־געבראַכט. זיי וואָלטן אינערלעך פּאַנאַנדערגעפאַלן און פאַרענדיקט דאָס לעבן אין פּסיכאָז אָדער פולער אויסגעשעפּטקייט. גליקלעכערוויז איז אונדז געגעבן געוואָרן די גרויסע מתנה ניט בלויז צו קענען אַריבערטראָגן פּיין נאָר אויך צו שעפּן פון זיך גופא פּסיכישע מיטלען וואָס זאָלן אונדז שטאַרקן אַז מיר זאָלן זיך בעסער קענען ראַנגלען פאַרן לעבן.

די דערמאָנטע גאָלדשטיין, לוקאָוו און סטראַוס באַמערקן, אַז לויט באַריכטן פון אַ צאָל פּאַציענטן־קאַצעטלער איז דאָס אויפהאַלטן אַ געוויסן זעלבסטרעספּעקט אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין בלייבן לעבן. אַזעלכע מיטלען ווי רייכערן, שטילערהייט רעציטירן פּאָעזיע און אין באַהעלטעניש היטן יידישע יום־טובים האָבן געהאָלפן שטאַרקן די אינערלעכע גאַנצקייט. דער טשעכיש־יידישער פּסיכאָלאָג, ד״ר אוטיץ, גיט איבער אַז די פאַרשפּאַרטע האָבן אָפּט זיך געלאָזן אויף קאָמישע וועגן כדי אויפצוהאַלטן זייער זעלבסט־ווערדע, אַן אַגענט פון אַ פאַרלאַג שטעלט זיך פאָר ווי אַ פּראָפעסאָר פון עגיפּטאָלאָגיע אין

סאָרבאָן; אַן אַנדערער — ווי פּריוואַט־דאָצענט. ווען דאָס לעצטע האָט זיך ניט איינגעגעבן, האָט ער געזאָגט אַז ער האָט פּריוואַט „דאָצירט", ד"ה, געגעבן פּריוואַט לעקציעס צו העלפן שול־תּלמידים.[24]

טאַבאַקסבלאַט דערציילט וועגן אַ מיטל בייצוקומען דעם שטענדיקן, רייסנדיקן הונגער. זיצנדיק אין באַראַק אין זייערע שרעקלעכע עינויים האָבן זיי באַשלאָסן צו שמועסן וועגן די היימישע מאכלים ביי יום־טובדיקע מאָלצייטן. אַזוי גייען אַוועק רייד וועגן שמאַלץ־הערינג מיט דראָבנע ציבעלעס, מיט בוימל און ציטרין, אַביסל יי"ש, איינמאַרינירטן העכט, געהאַקטע לעבער; דערנאָך קומען הינער, גענדז, קאַטשקעס, צימעס, קאָמפּאָט, און אַזוי כסדר, ביז אַלע האָבן זיך שטאַרק צעלאַכט און ווידער גענומען רעדן וועגן עסן און טרינקען.[25]

דער זעלביקער שרייבער דערציילט וועגן אַ סך אַ וויכטיקערן ענין, ווען זיין פּיין איז געקומען צו אַ פּונקט ווען ער האָט שוין מער ניט געקענט אַריבערטראָגן, האָט ער באַשלאָסן זיך צו נעמען דאָס לעבן: „איין מאָל ביינאַכט האָב איך פון מיין קאָץ אָפּגעשניטן צוויי לאַנגע פּאַסן און זיי פאַר־בונדן. האָב איך שוין הייסט עס אַ פּעטליע, האָב איך זיך געטראַכט, און פון דעם בלויזן געדאַנק בין איך רואיקער געוואָרן. איך האָב באַהאַלטן די פּעטליע אין די שפּאַרעס פון דער נאַרע און אַ באַרואיקטער בין איך איינגע־שלאָפן מיטן געפיל, אַז איצט איז מיין גורל אין מיינע אייגענע הענט און ווען איך וויל קען איך אַ סוף מאַכן מיט מיין אייגן לעבן".[26] גליקלעכערווייז האָט זיך דערמיט אַלץ פאַרענדיקט. ווען ער האָט דערפילט, אַז ער איז נאָך אין אַ לאַגע צו האָבן זיין גורל אין די אייגענע הענט איז דער פּסק־דין אַרויסגעקומען צו בלייבן לעבן.

פאַראַן אַ סך סיבות וואָס האָבן פאַרגרעסערט די שאַנסן פונעם פאַר־שפּאַרטן צו בלייבן לעבן. דאָס נעמט אַריין אין זיך אַזעלכע מאָמענטן ווי די פעאיקייט זיך אינערלעך צו פאַרטיידיקן, פיזישער כוח, באַדינגונגען אין אַ באַשטימטן לאַגער אין אַ געוויסער צייט, דער כאַראַקטער פון דער אַרבעט, און צופעליקע קלייניקייטן וואָס האָבן אָפט דעצידירט. למשל, ווען די נאַרע אויף וועלכער מען שלאָפט איז לעבן דער טיר, וואו מען וואַרפט זיך גיכער אין די אויגן פון די אויפזעער, איז די סכנה גרעסער. אַמאָל קען אויך זיין אַ גרויסער חילוק צי מען ליגט אויף אַן אונטערשטער, מיטעלער אָדער אויבערשטער נאַרע. אָבער פון אַלע גייסטיקע מעכאַניזמען וואָס קענען אויפהאַלטן די פערזענלעכע גאַנצקייט פונעם קרבן ליגט דער וויכטיקסטער צווישן זיי אין אַן אַנדער ריכטונג.

איך האָב פריער גערעדט וועגן דעם צייט־שטח אין וועלכן דער מענטש־לעכער איך איז איינגעוואָרצלט. איך האָב דאָרט אָנגעוויזן די וויכטיקייט פון דער פאַרגאַנגענער צייט. לאָמיר איצט באַרירן דעם אַנדערן ברעג פונעם

שטח, די צוקונפט. אין די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר איז אין דער פּסיכאָלאָגישער וויסנשאַפט, דער עיקר אין איר פּסיכיאַטרישן טייל, געלייגט געוואָרן דער גאַנצער טראָפּ אויף דער פאַרגאַנגענהייט. אַ מענטש, האָט עס געהייסן, איז דער וואָס זיין קינדהייט האָט פון אים געמאַכט. קיינער קען ניט אָפּלייקענען די וויכטיקייט פון דער קינדהייט, אָבער צוליב דער דאָזיקער איינזייטיקייט איז אינגאַנצן פאַרזען געוואָרן דער צוקונפט־עלעמענט אין דער אַנטוויקלונג פון דער פּערזענלעכקייט.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך אַלץ מער באַוויזן רעזולטאַטן פון גרינטלעכע פּסיכאָלאָגישע עקספּערימענטן וואָס באַווייזן דעם כוח פונעם צוקונפט־אַספּעקט אינעם גייסטיקן וואוקס פון אַ מענטשן. די צילן וואָס מיר שטעלן זיך צו דער־גרייכן אין דער צוקונפט, סיי אין פּריוואַטן לעבן, סיי אין קלענערע געזעלשאַפטלעכע ענינים, סיי אין אַלגעמיינע סאָציאַלע שטרעבונגען, גיבן קראַפט דעם גאַנג פון אינדיווידועלער אַנטוויקלונג. דאָס הענגט אָפּ נאַטירלעך פון דעם וואָס מען רופט טעכניש אַספּיראַציע־מדרגה, ד״ה, ווי ווייט אינטענסיוו עס איז די דאָזיקע שטרעבונג און ווי ברייט עס איז איר פאַרנעם.

די איינפאַכסטע פאָרעם פון דער דאָזיקער טענדענץ אין לאַגער איז געווען דאָס איינגעשפּאַרטע געפיל אַז עס איז אַ דערוויילִיקער צושטאַנד. געוועזן אַזעלכע וואָס האָבן, אַזוי צו זאָגן, בשום אופן ניט אָנגענומען די טראַגעדיע וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט. זיי האָבן אויף זיך געטראָגן אַן אומאויפהערלעך אומגליק, אָבער אינערלעך געלעבט אין דער ליכטיקער שטענדיקייט וואָס דאַרף קומען. דאָס האָט זיי געטרייסט און געשטאַרקט. ד״ר אוטיץ באַמערקט: „וואָלט מיר אַ באַגלויבטער מענטש געזאָגט דעם ערשטן טאָג אַז איך וועל מוזן זיין אין טערעזיענשטאָט מער ווי דריי יאָר וואָלט איך צוזאַמענגעבראָכן.״ [27]

די צוקונפט־ווענדונג אויף אַ ברייטן סאָציאַלן שטח ווערט אויסגעדריקט דורך מענטשן פון ווייטע געזעלשאַפטלעכע וועלטן. דער פרומער ייד מיט זיין גלויבן אין ביאת המשיח, השארת הנפש, תחית המתים; דער ליבעראַלער רעפאָרמער מיט זיינע געזעלשאַפטלעכע פּלענער, דער סאָציאַליסט מיט זיין אידעאַל איבערצובויען די גאַנצע געזעלשאַפט, ציוניסטן מיט זייער אידעאַל פאַרן יידישן פאָלק, אַלע אַנדערע וואָס זענען דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק פון געוואונטשענע אויסבעסערונגען אין לעבן — די אַלע קען מען אַריינשטעלן אין דער קאַטעגאָריע פון פּערזענלעכקייטן וואָס פונקציאָנירן אין דער ספערע פון אַ העכערער, סטימולירנדיקער צוקונפט־ווענדונג.

אין לאַגער האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזן די פּאָזיטיווע ראָלע וואָס דער דאָזיקער פאַקטאָר קען שפּילן. שטריגלער שרייבט: „ס׳איז שווער צו באַ־הערשן די געפילן און שרייבן רואיק וועגן יענע צוויי ,האָלענדער׳ וואָס האָבן דורך אומפאַרשטענדלעכע וועגן באַקומען אַ קליין תנ״ך און גייענדיק

יעדן טאָג צו דער אַרבעט האָבן זיי זיך אַריינגערוקט אין דער טיף פון דער ריי, האַלטנדיק אין איין אַרויספּרעפּלען פון ספרל אַרויס. מען האָט מיר געזאָגט אַז זיי האָבן אַרויסבאַקומען פון קרעמאַטאָריום עטלעכע ספרים און זיי באַהאַלטן אין אַ געהיים אָרט וואָס נאָר זיי ווייסן דערפון. די בלאָק־עלטסטע איז שוין נמאס געוואָרן זיי צו שלאָגן פאַר דער דאָזיקער אומפאַר־גלייכלעכער עקשנות און זיי האָבן אָוועקגעקוקט ווען זיי האָבן געזען איינעם פון זיי אין די נעכט, ביים קאַרגן לבנה־בלייך, אַריינגעגראָבן די אויגן און אויפקלייבן יעדן פאַרשאָטנטן אות פון די קליינע בלעטלעך אַרויס". [28])

באָנדי, וואָס איז אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט דייטשישע יידן אין 1938, דערציילט אַז די פאַרשפּאַרטע האָבן אינגאַנצן פאַרלוירן זייער קאָנטראָל איבער זיך און קיינער האָט זיך לחלוטין ניט גערעכנט מיט זיין שכן, אָבער אַ יוצא מן הכלל איז געווען אַ גרופּע פון 20 בחורים, וואָס מען האָט אַרעס־טירט צוזאַמען מיט זייער דירעקטאָר אויף אַ פאַרם וואָס איז געווען אַן אַגריקולטור־שול, מסתמא אַ שול פאַר יידישע בחורים צוצוגרייטן זיך אויסצואוואַנדערן. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ רעספּעקטפולע האַנדלונג, קאָנטראָל און אַחריות איינער פאַרן צווייטן. [29])

רחל אָסטשעגאַ גיט איבער שרעקלעכע זאַכן פון טויטלעכער אַפּאַטיע צווישן די קרבנות, דאָך פאַרגעסט זי ניט צוצוגעבן, קענטיק וועגן יידישע סאָציאַליסטן: „ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט אויסזען, איז אויך אין מיידאַנעק געווען געזעלשאַפטלעך לעבן און באַוועגונג, אפילו קולטור־אַקטן. מען פלעגט דערמאָנען יידישע שרייבער, דעקלאַמירן אַ יידיש ליד און ניט אויפגעהערט גלויבן אין בעסערע צייטן". [30])

דער געדאַנק וועגן דער ראָלע פון דער צוקונפט־ווענדונג אין דער נשמה פון אַ פערזענלעכקייט ווערט נאָך קלאָרער אין ליכט פון אַ קאָנטראַסט. לויט בעטלהיימס באַריכט איז דער ניט־פּאָליטישער מיטל־קלאַס געווען צום ווינציקסטן פעאיק אַריבערצוטראָגן דעם ערשטן שאָק. ביי זיי איז אויסגע־קומען אַז דאָ האָט עמעצער געמאַכט אַ טעות. עטלעכע וואָס האָבן זיך גענומען דאָס לעבן זענען געקומען פון דער דאָזיקער גרופּע. בעטלהיימס כאַראַקטעריסטיק זאָגט שוין אַליין, אַז זיי האָבן בכלל ניט געהערט צום פריער־דערמאָנטן טיפּ.

רעדנדיק איצט וועגן דעם קרבן, רעטראָספּעקטיוו, וועט זיין גוט צו דערמאָנען אַן אינטערעסאַנטן מאָמענט. בעטלהיים באַמערקט אַז ווען דער קאַצעטלער איז באַשטראָפט געוואָרן אויף אַ לייכטן אופן, למשל, אַ פּאַטש, האָט ער זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט, ווי עפּעס וואָס מען דאַרף ניט רעדן וועגן דעם. אַזאַ עס־עס־מאַן האָט מען מער פיינט געהאַט ווי אַזעלכן וואָס האָט געהאַנדלט אויף אַ מער גרויליקן אופן. [31]) דאָס איז מסתמא אַ כאַראַקטעריסטיק פונעם קרבן איידער עס האָט אים איבערגעוועלטיקט די

שווערע אַפּאַטיע. ביי נאָרמאַלע מענטשן אויף דער פריי וואָלט אָפּט אויך געווען שווערער צו פאַרטראָגן אַ באַליידיקונג ווי אַן ערנסטן קלאַפּ. עס איז דעריבער גוט צו פאַרצייכענען אַז אַזעלכע, נאָרמאַלע שטריכן באַמערקט מען ביי די אַלע הונדערטער וואָס האָבן פאַרשריבן זייערע איבערלעבונגען נאָך דעם ווי זיי זענען באַפרייט געוואָרן.

אַלע שרייבן פריי און אָפנהאַרציק, אפילו וועגן אַזעלכע מאָמענטן, וואָס נאָך גרעסער ווי דער גרויליקער פּיין איז דער עקל, דאָס וואָס פאַר־מיאוסט און דערנידעריקט. אָבער עס זעט אויס ווי זיי וואָלטן באַשיצט זייער פּערזענלעכע חשיבות דורך באַנוצן דעם לשון רבים, דעם „מיר", טיילמאָל אפילו דעם „זיי". אַמאָל בעמען זיי זיך פּערזענלעך אַרויס פונעם אַלגעמיינעם לשון רבים און גיבן איבער אינצידענטן, פון וועלכע מיר ווערן טיף אויפגעטרייסלט. אָבער זייער זעלטן וועלן זיי פאַרבינדן זיך אַליין, אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע, מיט פּרטים וואָס באַליידיקן, פאַרשעמען.

דאָס איז סוף־כל־סוף זייער אַ געזונטע דערשיינונג. עס איז אַן אינער־לעכער אומקער צו די ווערטן פון דער קולטור־סביבה אין וועלכע מיר לעבן. דאָס, דאַכט זיך מיר, דערקלערט אויך דעם פאַקט וואָס אַ סך פון די אַמאָליקע קאַצעטלער האָבן איצט קיין חשק ניט צו באַרירן די טעמע. געוויינטלעך זאָגט מען, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל עס איז פאַרבונדן מיט אַזעלכע פחדימ־דיקע איבערלעבונגען אַז עס ווילט זיך זיי ניט אַרויפברענגען אויפן געדאַנק. דאָס לייגט זיך לחלוטין ניט אויפן פסיכאָלאָגישן שכל. גיכער איז אָנצונעמען, אַז דער איצט אויפגעוועקטער איך וויל זיך ניט איבערבעטן מיט שענדונג און חרפה וואָס נידערט אַראָפּ דעם ווערט פון זיך אַליין אין די אייגענע אויגן. רעדן וועגן דעם מיט אַנדערע, פאַרעפנטלעכן, אַריינגעמען שותפים צו זיך אין אַזעלכע איך־פאַרשוועכונגען, קען הייסן שלום מאַכן מיט זיי, קען געפילט ווערן ווי פאַרבלייבן אין געפאַלנקייט.

גלייך נאָך דער באַפרייאונג האָט מען זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די מעגלעכע פאַרבלייבנדיקע סימנים פון יענע פינצטערע איבערלעבונגען. פסיכיאַטערן האָבן געזען פאַר זיך צעטרייסלטע געשטאַלטן אין די פאַציענטן וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם לאַגער־גיהנום. אָבער צום גליק איז די פסיכישע באַנייאונג פאָרט צוריקגעקומען צו דער ווייט־גרעסטער צאָל. איינער פון די פאַציענטן וואָס איז געווען אין זייער אַ שלעכטן פיזישן צושטאַנד, האָט דערקלערט: „נאָך דער באַפרייאונג איז מיין לעטאַרגיע שוואַכער געוואָרן, ווייל איך האָב זיך דערפילט... ווי אַ נייער מענטש. כאָטש איך בין געווען קראַנק און ניט געקענט הערן, ניט געקענט רעדן, געווען געשוואָלן, דאָך האָב איך געפילט אינגאַנצן ניי".[32])

מלכה אָושיאַני דערציילט וועגן דעם מאָמענט ווען זי איז פונעם לאַגער געקומען קיין דענמאַרק און דענער האָבן די באַפרייטע באַגריסט. אַט

וואָס זי דערציילט: „זיי זענען באַך אַלץ געוועזן געקליידט אין זייערע ראָוועגסבריקער לאַגער־קליידער, אַלטע שיך, ס׳רוב הילצערנע, און האָבן זיך זשענירט פאַרן עולם וואָס האָט זיי אַרויסגעוויזן אַזוי פיל סימפּאַטיע״.[33]) דאָס וואָרט זשענירט דערציילט די גאַנצע מעשה. דאָס געפיל פון בושה וואָס איז אַזוי אָרגאַניש צונויפגעוואַקסן מיטן אייגענעם איך, האָט דער רוצח זיך באַמיט אַרויסצורייסן און פאַרטיליקן. דאָס נעמט אַוועק אַן אינטימען אידענטיפיקאַציע־צייכן פון דער פּערזענלעכקייט. אַז דאָס איז טיילווייז געלונגען ווייסן מיר, אָבער אַז די באַפרייאונג האָט צוריקגעבראַכט אָט די שווערע אבידה און ענלעכע פּסיכישע אבידות, איז אַ גוטע בשורה. די פאַרבינדונגען וואָס מיר האָבן איצט מיט די קאַצעטלער באַשטעטיקן דורכויס און גריגטלעך די דאָזיקע גוטע בשורה.

## דער רוצח

די מיליאָנען אומגעקומענע קענען מיר מער ניט לעבעדיק מאַכן. איז גוט צו וויסן, אַז דאָס איצטיקע פרייע לעבן האָט געהאָלפן און העלפט פאַרהיילן די פּסיכישע וואונדן פונעם רעשטל פאַרבליבענע. אָבער יענע פּסיכישע וואונדן אין אַ מענטשן וואָס מען רופט ברוטאַליזאַציע, דאָס וואָס דער דייטשישער רוצח האָט אַזוי אומגלויבלעך מאַניפעסטירט, דאָס, זעט אויס, איז אַ סך שווערער צו היילן, בפרט אין דער איצטיקער וועלט־לאַגע אין וועלכער מיר האָבן די טרויעריקע זכיה צו לעבן.

קודם כל איז כדאי זיך צו באַפרייען פון דער לעגענדע, אַז די נאַצי־פירער זענען געוועזן אומנאָרמאַלע, פּסיכיש־קראַנקע מענטשן. ד״ר קעלי, וואָס האָט ווי אַ פּסיכיאַטער באַדינט די נירנבערגער תפיסה און טעגלעך אונטערזוכט די פאַרשפּאַרטע נאַציס, דערקלערט אַז אַחוץ רודאָלף העסן האָט ער ניט געפונען צווישן זיי קיין איינעם וואָס איז געוועזן פּסיכיש ניט מיט אַלעמען. אַזעלכע ווי זיי, שרייבט ער, געפינען זיך אין יעדער שטאָט אין אַמעריקע. דער חילוק איז אין די אַלגעמיינע לעבנס־תנאים און אינעם רעזשים אונטער וועלכן זיי האָבן געלעבט.[34]) אַן ענלעכע מיינונג, אַביסל אַנדערש פאָרמולירט, דריקט אויס ד״ר גילבערט, וואָס האָט אויך ווי אַ פּסיכיאַטער געפאָרשט די נאַצישע מלחמה־פאַרברעכער בעת דעם נירנבערגער פּראָצעס.[35]) אַקוראַט דעם זעלביקן געדאַנק זאָגט אַרויס מעקעלאָר אין זיין אַרבעט וועגן דער אַחריות פאַר דער נאַצישער אויסראָט־פּראָגראַם.[36]) איך ווייס ניט פון קיין פּסיכאָלאָג אָדער פּסיכיאַטער, וואָס האָט געהאַט פּערזענלעך צו טאָן מיט יענע פאַרברעכער, ער זאָל וועלן דערקלערן זייערע מעשים דורך קרענקלעכע פּסיכישע אָפּבייגן.

דאָס שטעלט אַוועק נאָך שאַרפער דעם חידוש: ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען? ווי קענען נאָרמאַלע מענטשן אָפּטאָן אַזעלכע זאַכן? איך

האָב דעם איינדרוק, אַז די לעגענדע וועגן זייער אומנאָרמאַלקייט איז אונ־זערס אַ פאַרצווייפלטע טרחה צו דערקלערן דאָס וואָס מיר קענען מיטן פשוטן שכל ניט משיג זיין, ווייל עס איז אַזוי ווייט אָפּגערוקט פון די ווערטן, מיט וועלכע מיר אָפּערירן אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. הלוואי זאָל דער נאַצי־פענאָמען אונדז לערנען אַנדערש צו באַנעמען דעם מהות פון דער מענטשלעכע בריאה. עס זענען פאַראַן זייער נוצלעכע קאָנסעקווענצן, צו וועלכע אַזאַ לעקציע קען אונדז פירן.

אין דער אמתן איז אונדזער חידוש ניט קיין גענוג דורכגעטראַכטער. דער נאַצי־דרך איז בלויז געווען דער עקסטרעמסטער, דער ווייט־גייענדיק־סטער פונקט אויפן וועג פון מענטשלעכער אוממענטשלעכקייט. אָבער שווידערלעכער אומגאַנג מיט מענטשלעך לעבן האָט זיך אונדז געוואָרפן אין די אויגן, ניט דווקא מצד דייטשן, סיי פאַר דער מלחמה, סיי נאָך איר, אפילו אין איצטיקן מאָמענט. מענטשן וואָס האָבן געגעבן, און גיבן נאָך איצט, זייער שטילע אָדער אָפענע הסכמה צו די דאָזיקע מעשים תעתועים געפינען זיך אין אונדזער נאָענטער שכנות. אָבער מען דאַרף מודה זיין אַז די עקסטרעמע געפאַלנקייט פון די נאַציס פאָדערט אַ באַזונדער דער־קלערונג.

איך וועל דאָ איגנאָרירן אַרויסלאָזן פון חשבון די אויסוואורפן פון דער אונטערוועלט און די באמת פסיכיש־קראַנקע וואָס האָבן זייערע סאַדיסטישע דאָרשטן געזעטיקט מיט די עינויים און דעם בלוט פון זייערע קרבנות. וויכטיקער איז צו באַטראַכטן די גייסטיקע וועלט פון די וואָס האָבן יענע עלעמענטן געגעבן אַ פרייע האַנט איבער אומשולדיקע לעבנס.

גלייך נאָך דער מלחמה, ווען די אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך גענייטיקט אין אַ פּערסאָנאַל פון דייטשן, איז קיין דייטשלאַנד געקומען אַ גרופּע אַמעריקאַנער צו העלפן אויסקלייבן פון אַלע אַפּליקאַנטן אַזעלכע וואָס קענען מיטאַרבעטן אין די דעמאָלטדיקע דעמאָקראַטיזירנדיקע אויפ־גאַבעס פון דער אַמעריקאַנער מאַכט. אָבער דערווייל האָבן זיי שוין געהאַט אַ געלעגנהייט אויסצופאָרשן די פּראָבלעם אַ סך טיפער. איינער פון זיי, דער פּסיכיאַטער בערטראַם שאַפנער, האָט פאַרעפנטלעכט אַ באַריכט פון דער פאָרשונג, פון וועלכן דאָס ערשטע קאַפּיטל הייסט: „פאַרוואָס זענען די דייטשן דייטשיש?״ זיין ענטפער איז אַז דאָס שטאַמט פונעם אויטאָרי־טאַרישן כאַראַקטער פון דער דייטשישער פאַמיליע. ער דערמאָנט די ראָלע פונעם דייטשישן פאָטער מיט זיין אויטאָקראַטישער שטאַרקער האַנט וואָס פאָדערט די קינדער זאָלן אים פאָלגן מיט מיליטערישער מעכאַנישקייט. אַן ענלעכער גייסט הערשט אין די שולן: „די ווייַמאַר־רעפּובליק האָט אָפּגע־שאַפט קערפּערלעכע שטראָף פאַר ניט פאָלגן, אָבער היטלער האָט עס באַלד צוריק איינגעפירט. דאָס האָט ווידער געקענט איינגעפירט ווערן אין די שולן,

ווייל עס איז שוין פריער סאַנקציאָנירט אין די היימען, און עס שאַפט ניט קיין קאָנפליקט ביים דייטשישן קינד ווי עס וואָלט געווען ביים אַמעריקאַ־נער קינד״.[37]

די דאָזיקע פאָרשונג, וואָס איז געבויט אויף טעסטן, אַנקעטעס און שמועסן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט טויזנטער דייטשן, שטרייכט אונ־טער כסדר די ספּאַרטאַנישע מידות וואָס דייטשישע עלטערן זוכן אין זייערע קינדער. דער אידעאַל איז צו אַנטוויקלען אינעם קינד דאָס וואָס די דייטשן רופן *Hartschlaegigkeit*, ד״ה, די פעאיקייט אָנצונעמען קערפּערלעכע שטראָף און ניט קרימען זיך. דערביי דערמאָנט שאַפנער, אַז אין די געשלעגן צווישן די אוניווערסיטעט־סטודענטן, ווען ביי איינעם איז דאָס פּנים צעשניטן געוואָרן איז ער ניט געגאַנגען נאָך מעדיצינישער הילף, נאָר געלאָזט אָנפּילן מיט וואַטע די וואונדן, כדי ביים פאַרהיילן זיך זאָל בלייבן אַן אָנזעעוודיקער שראַם, אַ צייכן פונעם אידעאַל פון מענלעכקייט.[38]

דער דאָזיקער גייסט האָט דורכגעדרונגען דעם דייטשישן שטייגער אין דער היים, אין שול און אין אַלע אַנדערע טיילן פון לעבן. עס איז שווער, און ביט נייטיק צו באַשליסן, אין וועלכן ווינקל די אמתע סיבה ליגט. אין דער קולטור פון אַ פאָלק שאַפט זיך געווינטלעך אַן אַלגעמיין געשטאַלט, אַ כאַראַקטעריסטישע גאַנצקייט וואו יעדער טייל איז אי אַ סיבה אי אַ פּועל־יוצא אין דער זעלביקער צייט. אין סעפּטעמבער 1944, אין סאַמע ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט גענעראַל מאַרשאַל, איינער פון די הויפּט־פּלאַנירער און אחריות־טראָגער פון די אַמעריקאַנער אַרמייען, אַדרעסירט אַ פאַרזאַמלונג פון „אַמעריקען לידזשן״. אין משך פון זיינע רייד האָט ער אויסגערופן: „מלחמה איז די גרעסטע טראַגעדיע פון מענטשלעכן מין״. בנוגע דייטשלאַנד זאָלן דריי פאַלן זיין גענוג צו אילוסטרירן דעם קאָנטראַסט.

ד״ר קעלי דערמאָנט אונדז, אַז אין 1893, אין שלום־צייט, האָט גראַף פאָן העסלער, אַדרעסירנדיק זיינע זעלנער, געזאָגט: „עס איז נייטיק, אַז אונדזער ציוויליזאַציע זאָל בויען אירע טעמפּלען אויף בערג טויטע קערפּערס, אויף אַ ים טויט־געשרייען פון אָן אַ שיעור מענטשן״. און אָט זענען די רייד פון פּראָפעסאָר ערנסט האַזע אין 1905, ווען ער איז געווען פּרעזידענט פון דער דעמאָלטדיקער פּאַן־גערמאַנישער ליגע:

„ווער אין דער צוקונפט וועט טאָן די שווערע און שמוציקע אַרבעט, וואָס יעדע נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט, וואָס איז געבויט אויף אַרבעט וועט תמיד דאַרפן?... וועט דאָס דייטשישע פאָלק דאַרפן פאַרנעמען די פּאָזיציע פונעם שקלאַף? דער ענטפער ליגט אין אונדזער פאַרמשפּטן די אייראָפּייער פון פרעמדן אָפּשטאַם, די פּאָליאַקן, טשעכן, יידן, איטאַליענער און אַזוי ווייטער... צו די דאָזיקע באַשעפטיקונגען פונעם שקלאַף״.

מיט ניין יאָר שפּעטער, ביים אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה,

לייענען מיר אין האַמבורגער נאַכריכטן: „אָפן געזאָגט מיר, מיר זעגען און מוזן זיין באַרבאַרן. אַלץ וואָס אונזערע זעלנער טוען, מאַכט ניט אויס וואָס, כדי צו אַנטמוטיקן, באַזיגן און צעשמעטערן אונדזערע שונאים, איז אַ בראַוועד אַקט און פולשטענדיק באַרעכטיקט״.[39]

די דאָזיקע ראָלע פון דער אינטעליגענץ און דער אַקאַדעמישער פירערשאַפט אין דער קולטור פון אַ פאָלק איז אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכע זאַך. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער דאָזיקער קלאַס ביי די דייטשן באַדעקט מיט אייביקער חרפה. אַ כוללדיק בילד פונעם גיהנום וואָס זיי האָבן געהאָלפן שאַפן גיט אונדז ד״ר מאַקס ווינרייך אין זיין בוך היטלערס פּראָפעסאָרן. אָבער פון אָט דעם קלאַס הייבן זיך אַרויס מיט באַזונדערער אימה די פּסיכאָלאָגן, די וואָס זייער עובדא איז צו געבן אַן אָביעקטיווע אָפּשאַצונג פון מענטשלעכן גייסטיקן לעבן. וואָלטער פּאָפּעלרויטער, פּראָפעסאָר פון באָנער אוניווערסיטעט און דירעקטאָר פונעם אינסטיטוט פאַר אָנגעווענדטער פּסיכאָלאָגיע, איינער פון די גרעסטע אויטאָריטעטן אין פּראַקטישער פּסיכאָלאָגיע, האָט נאָך אין 1933 געגעבן אַ קורס וועגן פּאָליטישער פּסיכאָלאָגיע „געבויט אויף היטלערס מיין קאַמף״. אויף דער נאַציאָנאַלער פּסיכאָטעכנישער קאָנפערענץ אין 1934 אין פּראַג דערקלערט דער דייטשישער דעלעגאַט דיסלדאָרף, אַז בלויז דער דייטשישער אַרבעטער האָט אַ נשמה. ד״ר סימאָנייט, דער וויסנשאַפטלעכער אָנפירער פון די פּסיכאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריעס פון קריגס־דעפּאַרטמענט, שרייבט אַז מלחמה גיט אַ געלעגנהייט זיך אויסצושולן אין מיליטערישער אויפפיר. די מלחמה־מאָראַל דאַרף זיך אַריבערטראָגן אין דער מאָראַל פון טעגלעכן לעבן.

מען האָט אָפּגעזאָגט פון זייערע שטעלעס יידישע פּסיכאָלאָגן מיט די גרעסטע פאַרדינסטן, און זייערע פריערדיקע דייטשישע פריינד האָבן דאָס אויפגענומען מיט פרייד און נאָך צוגעהאָלפן זיי באַליידיקן און איזאָלירן. דער ווילדער אַנטיסעמיטיזם האָט אַריינגעצויגן אפילו אַזעלכע וואָס האָבן זיך געשאַפן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציעס. אין 1945 האָט די אַמעריקאַנער אָקופּאַציע־אַרמיי געזוכט ניט־נאַצישע פּסיכאָלאָגן, און פון דער זייער גרויסער צאָל וואָס דייטשלאַנד האָט פאַרמאָגט, האָט זי געפונען קוים דריי, און בלויז איינעם אין דער אַמעריקאַנער זאָנע.[40]

אַ וועלט וואו מעכאַנישע געהאָרכיקייט איז אַ ווערט אין זיך אַליין קען זיך לייכטער אונטערוואַרפן דער דיסציפּלין פון מיליטערישער פירערשאַפט. דער מיליטערישער גייסט איז בטבע אַזאַ אַז מאָראַלישע סקרופּלען ווערן אָפּגעשוואַכט בנוגע דעם לעבן פון דרויסנדיקע, בפרט צו אַזעלכע וואָס ווערן דערקלערט ווי שונאים. צו דעם איז נאָך צוגעקומען די רייכע אידעאַלע צוקונפט וואָס דער נאַציזם האָט אויסגעחלומט פאַר די דייטשן, איינגעוויקלט אין די הפקרדיקע טעאָריעס פון בלוט און ראַסע. אינעם האַרצן פונעם

דייטשישן מענטשן איז איינגעפלאַנצט געוואָרן אַ פּערווערזע צוקונפט־ווענדונג, וואָס מיט איר אומגעהייער פּסיכישער קראַפט האָבן מיר זיך פריער באַקענט. דער דייטשישער כאַראַקטער פון דעם וואָס דער פילאָסאָפירנדיקער נאַצי זייס אינקוואַרט האָט גערופן „מיליטערישער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו", האָט ענדלעך צעשטערט יעדע מאָראַלע התחייבות צו די וואָס געפינען זיך אין דרויסן פונעם פּריווילעגירטן קרייז פון בלוט און ראַסע. אַזוי האָט זיך אָנגעהייבן אין דייטשלאַנד דאָס וואָס לודענדאָרף האָט באַצייכנט מיט דער פראַזע „זיך גייסטיק טובל זיין אין שטאָל". אָבער אַזוי ווי מענטשן זענען דאָך פאָרט מענטשן, דייטשן איינגעשלאָסן, האָט זיך געפאָדערט נאָך עפּעס כדי אַרויסצוברענגען דעם גאַנצן וועלט־גיהנום וואָס דאָס אַלץ איז מחייב. בלויז אונטער דער נאַטירלעכער רוצחישקייט פון אַן אויסגלייכנדיקער דיק־טאַטור האָט זיך געקענט שאַפן דאָס געשטאַלט פונעם דייטשישן רוצח וואָס וועט פאַרבלייבן לדור־דורות אין דער וועלט־געשיכטע בכלל און אין דער יידישער בפרט.

דער דייטשישער רוצח איז דורכגעגאַנגען אַ גאַנץ אינטענסיווע שולונג. לאָמיר דאָס אָנהייבן מיט דער גרויליק־באַרימטער רעדע וואָס הימלער האָט געהאַלטן אין פּויזן, דעם 4טן אָקטאָבער 1943, פאַר גרופּן־פירער פון די עס־עס : „איך וועל איצט רעדן צו אייך אָפנהאַרציק וועגן אַ גאַנץ ערנסטן ענין. צווישן אונדז קען מען דאָס דערמאָנען גאַנץ פריי און דאָך וועלן מיר וועגן דעם קיינמאָל ניט רעדן אין דער עפנטלעכקייט... איך האָב אין זינען דאָס אויסרייניקן די יידן, דאָס אויסראָטן די יידישע ראַסע. עס איז איינס פון יענע זאַכן וואָס ס'איז לייכט צו זאָגן. ,די יידישע ראַסע ווערט אויסגעראָטן', זאָגט יעדער פּאַרטיי־מיטגליד, — דאָס איז גאַנץ קלאָר, דאָס איז אונדזער פּראָגראַם, ליקווידירן די יידן, אויסראָטונג — מיר טוען עס'. פון די וואָס רעדן אַזוי האָט עס קיינער ניט בייגעוואוינט, קיינער איז עס ניט דורכגעגאַנגען ביזן סוף. אָבער צווישן אייך, דאָס רוב פון אייך ווייסט וואָס עס באַטייט ווען 100 בר־מינַנס ליגן צוזאַמען, ווען 500 ליגן דאָרט, אָדער ווען 1000 ליגן דאָרט. צו האָבן דאָ אַריבערגעטראָגן און — אַחוץ אויס־נאַמען וואָס שטאַמט פון מענטשלעכער שוואַכקייט — געבליבן אָרנטלעכע חברה, — דאָס מאַכט אונדז האַרט, דאָס איז אַ רומפול בלאַט אין אונדזער געשיכטע וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געשריבן געוואָרן און וועט קיינמאָל ניט געשריבן ווערן".[41]

אין 1943, ווען די נאַצישע הענט האָבן שוין געהאַט אונטערגעהאַקט מיליאָנען לעבנס און דער פּיין פון די נאָך לעבעדיקע האָט געריסן די הימלען, איז נאָך אַלץ, הייסט עס, נייטיק געווען צו פאַרהאַרטעווען דעם פייניקער, אַז זיין האַרץ זאָל ניט ציטערן אויס „מענטשלעכער שוואַכקייט". קענטיק אַז מיט אַלע פאַרלייכטערונגען וואָס די דייטשישע לעבנס־סיסטעם האָט געגעבן

האָט מען זיך נאָך געדאַרפט געבוג אָנשטרענגען צו באַשאַפן דעם רוצח ווי מיר זעען אים אין די געטאָס און אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. ער האָט באַקומען אַ גרינטלעכן קורס צו פאַרהאַרטעווען זיך פאַר זיין אויפגאַבע, און די דיסציפּלין־מיטלען זענען געווען פונעם מין וואָס דער דייטשישער „מיליטערישער אימפעראַטיוו" האָט דיקטירט. ערנסט פעדערן, אַליין אַ פאַר־שפאַרטער אין בוכענוואַלד, גיט איבער אַז לכתחילה איז די קרעמאַטאָריע ניט געפּלאַנירט געוואָרן פאַר די אומשולדיקע פאַרשפּאַרטע וואָס מען האָט אומגעבראַכט און אַז די תליות זענען אַ סך מער באַנוצט געוואָרן פאַר די עס־עס־לייט איידער פאַר די לאַגערניקעס.[42])

דער נאַצישער באַשלוס איז געווען אומצוברענגען 3,000,000 סלאַוון און אויסצוראָטן אַלע יידן. אָבער די דורכפירער פון דעם באַשלוס האָבן זיך געשטעלט נאָך אַ ציל: צו מאַכן דעם פּראָצעס פון אויסקוילען מענטשן פאַר אַ שול צו פאַרהאַרטעווען דעם מערדער פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע און פאַר אַלע קומענדיקע אויפגאַבעס פון דער דייטשישער פּאָליטיק, וואָס בלויז דער רוצח־טיפּ וועט קענען רעאַליזירן. דעריבער זענען אומברחמנות־דיקייט, קאַלטער גרויל און אַבסאָלוטע פּינקטלעכקייט אין דורכפירן אומ־מענטשלעכע איגסטרוקציעס געווען דער העכסטער עקזאַמען וואָס האָט געדאַרפט ענדגילטיק פעסטשטעלן אויף ווי־וויט דער רוצח איז רוצחיש קוואַליפיצירט. אונטער אַזעלכע אומשטענדן קענען מיר זיך לייכט פאָר־שטעלן ווי גרויס עס איז געוואָרן די אַמביציע פון יעדן איבערצושטייגן דעם צווייטן.

פונדעסטוועגן איז גוט צו באַמערקן, אַז דער צלם אלהים לאָזט זיך ניט אָפּמעקן ביזן לעצטן שפּור. אפילו מערדערלעכע דיסציפּלין אין די עס־עס־פאָרמאַציעס און די טייוולישע פּראָפּאַגאַנדע האָבן ניט אַלע מאָל דערגרייכט דעם ציל. דער דערמאָנטער פעדערן האָט אויך צו דערציילן וועגן אָנשטענדיקע עס־עס־לייט. דער אויבער־וואַכמייסטער קוטשקאַ, זאָגט עריק אַלטמאַן, איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש: „ער איז געווען אַ מענטש, כמעט אַ חבר".[43]) פעסיע פרענקל־זאַלצמאַן גיט איבער עטלעכע פאַלן פון רחמנות און מענטשלעכקייט מצד דייטשן אין לאַגער און אין דער פאַבריק וואו זי האָט געאַרבעט.[44]) דאָראָטי מאַקאַרדל ציטירט די גבית־עדות פון אַ מיידל, רבקה קליינער, וואָס איז געווען אַכט יאָר ווען מען האָט זי דעפּאָרטירט פון סאָסנאָוועצ, פוילן: „טייל דייטשן האָבן ניט דערהרגעט קינדער, אָבער די דאָזיקע מענער זענען געווען גוט בלויז ווען זענען געווען אַליין אויפן פּלאַץ... מיר האָבן זיך דערשראָקן ווען צוויי אָדער מער זענען געקומען צוזאַמען, ווייל דעמאָלט איז שוין געווען ווער עס זאָל מסר'ן, אויב די אַנדערע האָבן צו איידל באַהאַנדלט די יידן".[45]) ענלעכע פאַלן ווען דער דייטשישער פייניקער האָט אַרויסגעוויזן הומאַניטאַרע געפילן,

אָדער אַז זיין ווילדקייט איז בלויז אַרויסגעצוואונגען פון דרויסן, געפינט מען אין אַ סך באַריכטן.

דער נאָמען פון דייטשישן שאָפער אַנטאָן שמיד, וואָס האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר יידן אין די געטאָס, איז גוט באַקאַנט אין דער חורבן־ליטעראַטור, און ער איז ניט דער איינציקער פון דעם מין. אָבער זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן נאָך צוויי אַזעלכע פאַלן פון אַ גאַנץ היפּשן צעטל.

אין 1941 האָבן דריי פּסיכאָלאָגן פאַרעפנטלעכט אַן אַנאַליז פון 90 אויטאָביאָגראַפישע באַשרייבונגען וואָס האָבן געלעבט אין דייטשלאַנד אין דער צייט פונעם נאַצי־אויפשטייג. פון זיי זענען געווען 61 יידן. איז איבערראַשנד צו געפינען אַז 66 פּראָצענט פון די יידישע אויטאָביאָגראַפיעס דערציילן וועגן פיינע, מענטשלעכע האַנדלונגען מצד נאַציס אין געוויסע מאָמענטן. איין פאַל פאַרדינט מען זאָל אים דערמאָנען מיט פּרטים.

צו איינעם פון די יידן זענען עס־עס־לייט און פּאָליציאַנטן געקומען מאַכן אַ רעוויזיע. נאָך דעם ווי זיי האָבן דורכגענישטערט אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען אין הויז, האָבן זיי אָנגעשטאָפּט די אייגענע קעשענעס מיט פאַרשיידענע אַרטיקלען צו וועלכע זייערע הערצער האָבן געגלוסט. דעם זעלביקן אָוונט האָט זיך באַוויזן איינער פון די וואָס האָבן געמאַכט די רעוויזיע. ער האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ פּעקל מיט זאַכן וואָס ער האָט צוגענומען אין דער פרי. ער האָט זיך אַנטשולדיקט און דערקלערט אַז ער האָט גענומען די אַלע זאַכן כדי צו ראַטעווען וואָס מער פון די גנבים.[46]

זשאַנעט וואָלף, אַ פירנדיקע פיגור אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז געווען אין אַ לעטלאַנדישן לאַגער. דערציילט זי אַז נאָכן אונטערדריקן דעם וואַרשעווער אויפשטאַנד זענען דייטשע זעלנער פון וואַרשע געבראַכט געוואָרן קיין לעטלאַנד. איינער פון זיי, אַן עס־עס־אָפיציר, האָט אין אַ פאַרטרויליכן שמועס מיט איר זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן: „ווי די מלחמה זאָל זיך ניט ענדיקן איך קען זיך מער ניט אומקערן קיין דייטשלאַנד... יעדער איינער האָט אַ רעכט אונדז צו רופן מערדער. איך קען ניט פאַרגעסן די געשרייען פון 65.000 מענטשן וואָס מיר האָבן אומגעבראַכט אין וואַרשעווער געטאָ. ביינאַכט הער איך דאָס פּרעפּלען און די זיפצן פון מענטשן וואָס זענען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. איך זע די צעקרימטע פּנימער פון די טויטע, צעריסענע פון גראַנאַטן. איך קען ווייטער ניט לעבן". צומאָרגנס האָט מען אים געפונען אַן אויפגעהאָנגענעם אויף אַ פענצטער פון אַ הויז.[47]

אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך די טיפּישע נאַצישע דערציאונג אָנגעהויבן גאַנץ פרי און געבראַכט די געהעריקע רעזולטאַטן. אין לערן־ביכער איבער מאַטעמאַטיק פאַר מיטלשולן האָט מען די תלמידים אויפגעגעבן צו באַרעכענען וויפיל גאַז־באָמבעס, מיט אַ באַשטימטער צאָל קילאָגראַמען גיפטיקן

גאַז, מען דאַרף האָבן כדי צו פאַרגאַזן אַ שטח פון אַ באַשטימטער צאָל קוואַדראַט קילאָמעטער. אָדער וויפיל הייזער מען קען אויפבויען פאַר אַ באַשטימטער סומע רייכסמאַרקן וואָס עס וואָלט געדאַרפט קאָסטן צו בויען אַן אַנשטאַלט פאַר אומהיילבאַרע קראַנקע.[48]) די כוונה פון דער לעצטער פּראָבלעם איז געווען, פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע קראַנקע דאַרף מען מאַכן אַ סוף.

דער דירעקטאָר פון אַן אַמעריקאַנער שול אין בערלין, גרעגאָר זימער, האָט זיך דערשלאָגן בייצוואוואויגען פאַרזאַמלונגען פון קינדער און יוגנט־לעכע אונטער דער נאַצי־פּירערשאַפט. אין זיין בוך דערציאונג פאַר טויט דערציילט ער מערקווערדיקע פּרטים פון דעם ווי אַזוי די דאָזיקע קינדער זענען דערצויגן געוואָרן. די מאָטיוון פון בלוט און טויט, פון מאָרדן און אָפּגעבן דאָס אייגענע לעבן, אָן שום צוריקהאַלט, אָן שום אַנדערע איינ־זעעניש, האָבן דורך פאַרשיידענע טעאַטראַלע עפעקטן און מיסטישע סימבאָלן פאַרשיכורט אַלץ און אַלעמען.[49]) דאָס זענען געווען די ערשטע טריט וואָס האָבן געדאַרפט פירן צו דער העכסטער עס־עס־מדרגה.

דער עס־עס־קאַנדידאַט איז דורכגעגאַנגען זייער אַ שטרענגע אונטער־זוכונג. קודם כל איז דאָס אָנגענומען ווערן ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ספּעציעל פאַר אָפיצירן. ער האָט געדאַרפט באַווייזן, אַז ער איז לכל הפּחות פון דורות אַריש. ער האָט געדאַרפט צושטעלן אַן אומבאַפלעקטן פאַמיליע־יחוס ביז 1750, ד״ה, אַז זיין פאַמיליע־בוים איז פריי פון דעגענעראַציע־סימנים. אויב ביי איינעם איז דער רעקאָרד ניט געווען אַזוי ריין, אָדער ער האָט ניט געהאַט קיין דאָקומענטן פון דער געפאָדערטער צייט, האָט ער עס געקענט דערווייזן דורך זיין אויסצייכענונג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אָדער אין די „זאָנדערקאָמאַנדאָס”. אויב עמעצער איז באַגאַנגען אַ Fehmemord ד״ה, שטילערהייט אומגעבראַכט אַ פּאָליטישן קעגנער, דאָס איז געווען דער העכסטער ערן־צייכן.

דער מאָטאָ פון די עס־עס איז געווען „Meine Ehre heisst Treue, לאָיאַליטעט איז פריער פאַר אַלץ, איבער אַלץ, אָן שום תנאים. דער שטאַרק־סטער אופן דאָס צו פאַרזיגלען און צעמענטירן איז דורך בלוט. בלוט־קיט איז געווען דאָס וואָרט וואָס זיי האָבן באַנוצט אין זייער שבועה צו טייטן אָדער גע־טויט צו ווערן ניט טראַכטנדיק קיין רגע, ווען די זאַך פאָדערט עס. אַחוץ דער סוואַסטיקאַ האָבן זיי אויך אָנגענומען דעם שאַרבן מיט די איבערקרייצנדיקע ביינער און מיסטישע אַלט־טייטאָנישע סימנים, ווי סימבאָלן וואָס באַטייטן אייביקייט, טויט און ראַסע־ריינקייט.

ד״ר אַלעקסאַנדער, וואָס האָט זיך באַטייליקט ווי אַ פּסיכיאַטער פונעם אַמעריקאַנער צד, אין פּראָצעס קעגן די פאַרברעכערישע נאַצישע דאָקטוירים, שרייבט, אַז דעם אויסדרוק בלוט־קיט האָט ער צום ערשטן מאָל

געהערט פון דער דייטשקע ד״ר וואַנדאַ פּאָן בעיער, אַ פּסיכאָלאָג. זי האָט געזאָגט, אַז היטלער אַליין האָט געבראַכט די אידייע און אַז דאָס וואָרט האָט ער געפונען אין אַ בוך וועגן דזשינגיס כאַן. דאָרט ווערט דערציילט, אַז די פאַרברעכנס וואָס דעם כאַנס האָרדעס זענען באַגאַנגען, האָט געדינט ווי קיט פון בלוט וואָס האָט פאַרקיטעוועט, צוזאַמענגעהאַלטן די אָרגאַניזאַציע.[50]

הימלער האָט אַוועקגעשטעלט אַן אידעאַלן ציל פאַרן עס־עס־מענטש: ער דאַרף אַנטוויקלען ביי זיך אַ Sterbefreudigkeit, אַ דערהויבענע פרייד מיט זיין אייגענעם טויט, און אויך די גרייטקייט צו מאָרדן. אַזוי איז דער קאָנצענטראַציע לאַגער געוואָרן די שול און דער פּלאַץ וואו ער האָט האָט געקענט אַרויסוויזן זיין Tötungbereitschaft און בכלל הנאה האָבן פון דעם פּראָצעס פון שטאַרבן, זיין Sterbefreude.

ד״ר אַלעקסאַנדער האַלט, זיך שטיצנדיק אויף אַזעלכע פאַקטן, אַז דער נאַציזם האָט אַרויסגערופן אַ צוגאַנג וואָס ער רופט טאַנאַטאָלאַטריע, אַ געצנדינערישע באַציאונג צום טויט. דער דאָזיקער צוגאַנג איז געווען פאַרשפרייט ביי די עס־עס. ער איז זיך משער אַז ווען ד״ר פאַל האָט סיסטעמאַטיש פאַרמאַטערט צום טויט 1200 פראַנצויזישע אָפיצירן אין די דאָראַ־מינעס, צו פּראָדוצירן געווער אין משך פון זעקס וואָכן צייט, איז דאָס געווען צוליב דעם ער זאָל קענען זאָגן דעם פירער, אַז 1200 יונגע לעבנס זענען אומגעקומען צוליב געווער פאַרן רייך. דאָס איז געווען מיט וואָס צו שטאָלצירן.

ד״ר קאַרל געבהאַרט, איינער פון די הויפּט־פאַרברעכער אין די מעדיצינישע עקספּערימענטן אויף די לאַגער קרבנות, האָט — אין אַ צייט ווען ער איז שוין געווען אַ קרימינעלער אַרעסטאַנט — גערעדט מיט שטאָלץ וועגן דעם אויפטו פון זיין שוין טויטן פריינד הימלער. דאָס איז באַשטאַנען אין דעם וואָס הימלער האָט געמאַכט די אויסשולונג פון די עס־עס־לייט אַזוי רעאַליסטיש, אַז אַפילו אין שלום־צייט זענען ביי יעדער מאַנעוורע עטלעכע געפאַלן טויט.

דער דאָזיקער גייסט, ווי מיר ווייסן, האָט אויך דורכגעדרונגען די גאַנצע מעדיצינישע פּראָפעסיע. די פּערווערסיע איז געגאַנגען אַזוי ווייט, ווי אַלעקסאַנדער שרייבט אין דער נאָר־וואָס דערמאָנטער אַרבעט, אין נאָמען פון ד״ר דזשיימס סי. ווייט, אַז עס איז געווען דער חוב פון דאָקטוירים אויף דייטשע סובמאַרינען צו פאַר׳סמ׳ען מיט איינשפּריצונגען שטערער פון דער אָרדענונג. עס איז שוין איצט געווען אין באַקאַנט אַז די פּערווערסיע איז געגאַנגען אַ סך ווייטער.

לוסי אַדעלסבערג, אַ יידישע דאָקטאָרשע פונעם ראָבערט קאָך־אינסטיטוט אין בערלין, איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בירקענאַו. דאָס איז געווען די פרויען־אָפּטיילונג פונעם אָשוויענטשים־לאַגער. זי האָט געאַרבעט אין שפּיטאָל. איינער פון די דייטשישע דאָקטוירים, שרייבט זי, האָט גע־

פאָדערט, אַז מען זאָל אויסהיילן אין צוויי וואָכן צייט די ציגיינער־קינדער וואָס האָבן געליטן פון אַנטצינדונג אין די אויגן. גלייך ווי דאָס איז דורכ־געפירט געוואָרן האָט ער די קינדער געשיקט אין גאַזקאַמער.[51] אַ דאָקומענט וואָס איז צוגעשטעלט געוואָרן דעם נירענבערגער געריכט בעת די נאַצי־פּראָצעסן גיט איבער אַן ענלעכן פאַל מיט דעם אונטערשייד וואָס דאָרט האָט דער שוידערלעך־באַרימטער דאָקטאָר מענגעלע אַליין דערשאָסן די קינדער מיט זיין רעוואָלווער.[52]

אָט דער גייסט ווערט אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ מאַוימדיקער קלאָרקייט אינעם פּראָצעס פון די 23 דאָקטוירים־פאַרברעכער אין 1946. אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זיצט יאָזעף קראַמער, קאָמענדאַנט אין שטרוטהאָפער לאַגער. ער האָט אין גאַז־קאַמער אומגעבראַכט 80 פרויען און צוגעשטעלט די קערפּערס צו פּראָפעסאָר הירט פון אַנאַטאָמישן אינסטיטוט אין שטראַסבורג פאַר זיין קאָלעקציע יידישע שאַרבנס וואָס ער האָט געזאַמלט. דאָס גע־ריכט האָט געוואָלט וויסן צי וואָלט ער זיך באַנוגנט מיט שיסן, צי האָט ער עס געהאַלטן ווי אַ באַפעל וואָס דאַרף דורכגעפירט ווערן דווקא אויף אַ באַשטימטן אופן. די פראַגע איז דעריבער געווען, אויב די פרויען וואָלטן ניט געשטאָרבן פון גאַז, צי וואָלט ער זיי דעמאָלט דערשאָסן. אָט איז זיין ענטפער: „איך וואָלט ווידער פּרובירט מיט דערשטיקנדיקן גאַז דורך אַריינ־לאָזן נאָך אַ דאָזע אין קאַמער אַריין. איך האָב ניט געהאַט קיין שום געפיל ביים דורכפירן די דאָזיקע זאַכן, ווייל איך האָב באַקומען אַ באַפעל צו קוילען 80 פון די פאַרשפּאַרטע אויף דעם אופן ווי איך האָב שוין געזאָגט. דאָס, אגב, איז געווען דער אופן אויף וועלכן מען האָט מיך געלערנט".[53]

דער הויפּט־פאַרברעכער ביים דאָזיקן פּראָצעס, ד״ר קאַרל בראַנדט, מאַכט לאַנגע דערקלערונגען צו באַרעכטיקן די עקספּערימענטן. אָבער איין זאַץ פון זייַנע דערקלערונגען וועט געבן דעם סך־הכל: „וואָלט אַ דאָקטאָר זיך אָפּגעזאָגט דורכצופירן די עקספּערימענטן וואָלט ער זיכער געדאַרפט אָפּגעבן אַ חשבון פאַר דעם. אין אַזאַ פאַל — און דאָ דאַרף מען זיך רעכענען מיטן אויטאָריטאַרישן כאַראַקטער פון אונדזער רעגירונגס־סיסטעם — האָט דאָס פערזענלעכע געפיל פאַר אַן עטישן קאָדעקס, וואָס איז טיפּיש פאַר אַ באַשטימטער פּראָפעסיע, געדאַרפט זיך אונטערוואַרפן דעם טאָטאַלן כאַ־ראַקטער פון דער דאָזיקער מלחמה".[54] דער אויטאָריטאַרישער כאַראַקטער פון דער רעגירונגס־סיסטעם איז דאָ דער הויפּט־טשוואַק, און דאָס דאַרף פאַרשטאַנען ווערן אפילו ווען עס ווערט ניט בפירוש געזאָגט. עס איז דעריבער ניט דער פולער אמת, כאָטש אויסגעדריקט מיט אימה׳דיקער טרעפלעכקייט, דאָס וואָס זייס אינקוואַרט האָט געזאָגט: „עס איז פאַראַן אַ גרענעץ צו דער צאָל מענטשן וואָס מען קען קוילען אויס האַס אָדער אויס בלוטדאָרשט. אָבער עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צו דער צאָל מענטשן וואָס מען קען קוילען

אויפן קאַלטן, סיסטעמאַטישן אופן פונעם מיליטערישן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו״.[55]) כדי דער אמת זאָל אינגאַנצן פול ווערן דאַרף מען נאָך צו דעם צוגעבן די געשיכטע פון דייטשישן לעבנס־שטייגער, די טעאָריע פון בלוט און ראַסע און אַן אידעאַלע צוקונפט, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן, דאָס אויסראָטן פון זיך יעדן מאָראַלן אָפּהאַלט אין דער באַציאונג צום מענטש און, ועל כולם, די מאָנאָליטישע דיקטאַטור וואָס האָט ניט בלויז דעם פיזישן כוח דאָס אַלץ אַרויפצוצווינגען, נאָר פאַרמאָגט אויך די פּסיכישע מיטלען דאָס אַריינצוצווינגען אין האַרצן אַריין.

כמעט אַלע שרייבער און פאָרשער וואָס האָבן זיך באַמיט צו פאַרשטיין די נאַצישע מענטאַליטעט קענען ניט פאַרבייגיין דעם חידוש וואָס דער נאַצי אָפּערירט בכלל ניט מיט קיין מאָראַלע קאַטעגאָריעס. אייסלער, וואָס באַשרייבט זיבן דייטשישע קריגס־געפאַנגענע אין אַמעריקע, שטרייכט אונטער, אַז אין שמועסן מיט זיי האָבן זיי קיינמאָל ניט באַנוצט אַזעלכע אַרגומענטן וואָס האָבן צו טאָן מיט גערעכטיקייט. ריין־מיליטערישע נויטן, אָדער דאָס וואָס זיי האָבן געמיינט אַז דאָס זענען געווען אַזעלכע נויטן, זענען ביי זיי געווען גענוג צו מאָטיווירן אַלץ וואָס די דייטשן האָבן חרוב געמאַכט. דער דאָזיקער שרייבער האָט אויך באַמערקט, אַז בעת אַמעריקאַנער זעלנער האָבן אַ טבע זיך שטענדיק צו באַקלאָגן קעגן דיסציפּלין, אפילו אונטער די בעסטע באַדינגונגען, האָבן יענע דייטשישע געפאַנגענע אַזעלכע טענות לחלוטין ניט געהאַט צו זייערע קאָמאַנדירן. זיי האָבן באַשריבן געוואַלדיקע שטרענגקייט, אָבער דערקלערט, אַז עס קען אַנדערש ניט זיין.[56]) ווען אַלפרעד ראָזענבערג האָט אין די מזרח־געגנטן אויסגעקליבן יידן אויף דעפּאָרטאַציע, ד״ה, טויט, האָט ער נאַטירלעך געלאָזן אויף דערווייל די וואָס מען קען נאָך נוצן אויף אַרבעט, אָבער ער האָט אָן שום חשבון געשיקט צום טויט אַלע יידן וואָס האָבן געהייסן ראָזנבערג.[57]) ראָבערט ליי, איינער פון די נאַצישע גדולים, האָט חרטה געהאַט איידער ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אין תפיסה. קעלי גיט איבער זיינע רייד: „וויבאַלד מען האָט אונדז... אַזוי שטאַרק צעשלאָגן, איז דאָך קלאָר אַז מיר האָבן געמאַכט אַ טעות. אָבער אַזוי ווי אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַזאַ גרויסער טייל פון אונדזער פּראָגראַם, האָב איך באַשלאָסן אַז דאָ איז געלעגן אונדזער גרויסער טעות״.[58]) גערינג, ווי מיר ווייסן, האָט אָנגעפירט די בלוט־רייניקונג פון 1934. אפילו קיין נאָענטע פּערזענלעכע פריינד האָט ער ניט געשוינט. וועגן יענעם שטיקל אַרבעט זאָגט גערינג אָט וואָס: „איך קען אַמאָל שיסן ניט ווייט גענוג אָדער צו־ווייט, אָבער דער עיקר איז שיסן. איך וועל ניט פאַרקרענקלעכן מיינע מיטלען מיט לעגאַליסטישע ספקות, אויך ניט מיט ביוראָקראַטישן דרוק. איך דאַרף ניט דורכפירן קיין גערעכטיקייט. דאָ דאַרף איך בלויז צעשמעטערן, צעשטערן, ווייטער גאָרניט״.[59]) ניטאָ קיין מאָראַלע מאָטיוון, ניט אין חרטה,

ניט אין באַרעכטיקונג. דער דאָזיקער עלעמענט געהערט ניט צו יענער לעבנס־סכעמע ווען עס האַנדלט זיך וועגן דרויסנדיקע אָדער וועגן אַזעלכע, וואָס מען באַשליסט אַוועקצושטעלן אין דער פּאָזיציע פון דרויסנדיקע.

אַן ענלעכן ענטפער, אפשר אינטעליגענטער פאָרמולירט, האָט געגעבן רודאָלף פראַנץ פערדינאַנד העיס, דער הויפּט פון אָשוויענטשים, וואו, לויט זיין אייגענער דערקלערונג, זענען 2,500,000 נפשות אומגעקומען אונטער זיין השגחה ביזן ערשטן דעצעמבער 1943. דער פּסיכיאַטער גילבערט האָט אים געפרעגט צי ער האָט ווען געטראַכט צי די יידן וואָס ער האָט אומגע־בראַכט זענען שולדיק, אָדער האָבן בכלל פאַרדינט אַזאַ גורל. העיס האָט געגעבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז אומרעאַליסטיש צו פרעגן אַזעלכע פראַגן, ווייל ער האָט געלעבט אין גאָר אַן אַנדער וועלט. אָט זענען זיינע ווערטער: „זעט איר ניט, מיר עס־עס־לייט האָבן ניט געדאַרפט טראַכטן וועגן אַזעלכע זאַכן... אַחוץ דעם, איז עס געווען אַן אָנגענומענע זאַך אַז יידן זענען שולדיק געווען אין אַלץ... אָבער סיי ווי, דאָס האָט ניט אויסגעמאַכט. מען האָט אונדז אַזוי געשולט צו פאָלגן באַפעלן און אפילו ניט טראַכטן".[60] און גערינג האָט ריכטיק כאַראַקטעריזירט די פּסיכישע לאַגע ווען ער האָט באַמערקט: „זאָגט וואָס איר ווילט וועגן היטלערן, אָבער באַשולדיקט אים ניט (אָדער מיך) אין זיין מאָראַליש".[61]

אָבער ווי אַזוי איז דאָס פּאָרט מעגלעך געווען? וואו איז מענטשלעך געוויסן? כדי קלאָרער צו פאַרשטיין איז נייטיק מיר זאָלן זיך נעענטער באַקענען אי מיט דער טבע פון דיקטאַטור, אי מיטן כאַראַקטער פון געוויסן. דער אַמסטערדאַמער פּסיכיאַטער טאַס, אַ דעפּאָרטירטער קיין בערגען־בעלזען, שטעלט די פראַגע וועגן נאַצישן געוויסן און ער ענטפערט: „אָבער דאָרט האָבן מענטשן געהאַנדלט לויט זייער געוויסן, דאָס הייסט, לויטן פּאַרטיי־געוויסן אָדער דעם נאַציאָנאַלן געוויסן".[62] זיכער, עס קען ניט זיין קיין מענטש אָן געוויסן, אָבער אַ דיקטאַטור איז באַרופן צו סאָציאַליזירן דאָס געוויסן. אַ דיקטאַטור ווערט געבוירן אין דער ספערע פון אַן אידעאַלער צוקונפט־ווענדונג, איז בטבע אומברחמנותדיק אַגרעסיוו, און קאַנאַליזירט אַלע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס פון אירע אונטערטעניקע צו איין איינציקן באַשטימטן פּונקט. דאָס געוויסן ווערט דעמאָלט אומפּערזענלעך און בויט זיך בלויז אויף סאָציאַלע קאַטעגאָריעס.

ביים רוב מענטשן איז דאָס געוויסן זייער אַ באַוועגלעך פאַרמעגן. מען קען דאָס אַריבערטראָגן אויף אַנדערע רעלסן, ווען קריטישע מאָמענטן אין לעבן שטעלן צו שאַרפע פאָדערונגען. אין קלענערע אָדער גרעסערע סכנות פון פּערזענלעכן לעבן מאַכט מען זיך אַ היתר, ווי מען זאָגט, דאָס הייסט מען בייט איבער דעם שליסל לויט וועלכן דאָס געוויסן פונקציאָנירט. דער שטאַרקסטער פאַקטאָר אין געוויסן־בייטעניש איז דער סאָציאַלער. די קריי־

טישע פּאָדערונגען פון מיין גרופּע, מיין קלאַס, מיין פּאָלק, מיין לאַנד, פּאַר־שטויסן אין ווייטסטן ווינקל דעם כאַראַקטער פון דער פּערזענלעך־עטאַבליר־טער מאָראַל.

אַ דיקטאַטור גייט צום ווייטסטן אין דער דאָזיקער ריכטונג, אי זי שטעלט אין דער גרעסטער סכנה דאָס גאַנצע פּערזענלעכע לעבן, אי זי מאַגנעטיזירט מיט אַן אידעאַלער צוקונפט־ווענדונג פּאַר דער גאַנצער גע־זעלשאַפט צו וועלכער מען געהערט. זי פּאַרוואַנדלט מיט פיזישער מאַכט און פּסיכישן איינפלוס די פּערזענלעכע סכנה אין אַן אומפּערזענלעכער זיכערקייט. דערמיט ווערט געבטן דער גאַנצער טאָן וואָס מען רופט „די שטימפונהאַרצן״.

אין דער מענטשלעכער שפּראַך איז ניטאָ אַזאַ אויסדרוק וואָס זאָל אַזוי גרויליק־טרעפלעך כאַראַקטעריזירן דיקטאַטור ווי דאָס וואָרט ליקווידירן, ווען עס האַנדלט זיך וועגן מענטשן. אינעם דאָזיקן וואָרט ליגט די טראַגעדיע פון אָפּשאַפן די מאָראַלע — מעטאַפיזישע, אויב איר ווילט — מחיצה צווישן לעבן און טויט. עס וויל אַרויסרייסן פון אונדז די טיפסטע עכטקייט פון פּערזענלעכער עקזיסטענץ, די ספּעציעלע באַציאונג, איין און איינציק אין איר שפּירערישן טאָן, וואָס מיר האָבן צו יענעמס טויט. וואָרעם ליקווידירן אַ מענטשן קען באַטייטן אַלץ, פון אַוועקנעמען פון אַ זינדיקן זיין שטעלע ביז אַוועקנעמען פון אים דאָס לעבן. עס וויל אונדז צו געוואוינען מיר זאָלן בלויז טראַכטן וועגן דער נייטיקייט פונעם אַוועקנעמען, און אַז מיר דאַרפן אָפּמעקן אין זיך דעם געפילטן תהום צווישן סתם־שטראָף און אומברענגען אַ לעבן. דער דאָזיקער באַגריף דריקט אויס די מאוימדיקע מאָראַלע דע־גראַדאַציע וואָס וויל אויסלעשן אין אונדז דעם מענטשלעכסטן ציטער אין אַ מענטשלעך האַרץ וואָס שפּירט אין טויט אַן אָפּגעשיידטע, ניט־ערדישע שרעק.

דער עס־עס־מאַן איז געשיקט געוואָרן אין לאַגער צו ליקווידירן, אַוועקנעמען אַ בייזע שטרויכלונג פונעם וועג פון דיקטאַטור. דאָס איבעריקע איז שוין באַזאָרגט געוואָרן פון באַפעלערישע אינסטרוקציעס און דעם זיכערן גלויבן, אַז דערמיט ווערט דערנענטערט די אידעאַלע צוקונפט. די הילפ־לאָזיקייט, די סאָציאַלע אָפּגעריסנקייט און עלנטקייט פונעם קרבן — וואָס דאָס איז געווען דער היפוך פונעם רוצחס אומפּערזענלעכער מאַסן־עקזיסטענץ — האָט אים נאָך מער געררייצט און באַשטעטיקט די אַבסאָלוטקייט פון זיין אמת. וואָרעם לויט יענער לאָגיק איז דאָס צעטראָטענע געשטאַלט פונעם קרבן ניט געלעגן אינעם טעראָר וואָס מען האָט קעגן אים אָנגעווענדט, נאָר דערין האָט דער רוצח געזען באַשיינפּערלעך, אַז זיין קרבן איז בטבע אַ באַשעפעניש מיט אַ קרבן־פונקציע.

דער וועג פונעם מענטשן צום רוצח איז ברייט־אָפן אין יעדער דיקטאַטור.

געוויינטלעך הייבט זיך עס אָן דורך אָפּטעמפּן די מאָראַלע שפּירעוודיקייט, אַז מען קען אָן שום עפנטלעכער געזעצלעכער פּראָצעדור אַוועקכאַפּן אַ מענטשן ער זאָל פאַרשווינדן, אַנטקומען ווערן, און קיינער זאָל ניט וויסן וואו זיין געביין איז אַהינגעקומען. דאָס איבעריקע הענגט אָפּ פון דעם וואָס די ספּעציפישע אַמאָראַלע אידעאָלאָגיע פונעם רעזשים דיקטירט. רציחה האָט, פאַרשטייט זיך, אַ סך פאָרמען און גראַדאַציעס. אין דייטשלאַנד האָט די דיקטאַטור אָנגענומען די ווילדסטע פּראָגראַם וואָס אַ מענטשלעכער דמיון קען אויסטראַכטן. זי האָט ליקווידירט מער און ברוטאַלער ווי אַלע אַנדערע עקזיסטירנדיקע דיקטאַטורן. אָבער אויך ליקווידירן דאַרף ליגן דער טראָפּ, אויב מיר ווילן פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס איז מעגלעך געווען. וואָרעם אינעם באַגריף ליקווידירן, ווען ער ווערט אָנגעווענדט אויף מענטשן, ליגט שוין די מענטאַליטעט פונעם רוצח.

פאַראַן אַ גרויסע באַפרידיקונג אין נעמען אויף זיך שטרענגע דיסציפּלין אין נאָמען פון אַ צוקונפט־אידעאַל וואָס זאָגט צו אַ סך גוטס פאַר זיך און פאַר די מיט וועלכע דו אידענטיפיצירסט זיך. דורך נעמען אויף זיך אַחריות און סכנות צוליב שטרעבונגען און אידייען גיסן מיר אַריין אין אונדזער פּערזענלעכקייט דעם דערהויבענעם טעם פון אַ העכערן און מער פאַרצוויגטן זינען.

אָבער די אינטענסיווקייט פון דער דאָזיקער אינערלעכער באַרייכערונג — די הנאה פון זעלבסט־באַצווינגונג — קען בלויז וואַקסן אינעם געפיל אַז דער אָנגענומענער עול שטאַמט פון אַ פרייער ברירה. וואָרעם די פרייע ברירה, דאָס איז די לופט מיט וועלכער דאָס איך־באַוואוסטזיין אָטעמט.

יעדע דיקטאַטור ווערט פאַרכאַפּט אינעם קלעם וואָס פון איין זייט לייגט זי אַרויף אַ שווערן יאָך אויף אירע אונטערטעניקע אין נאָמען פון אַ צוקונפט־אידעאַל, און פון דער אַנדערער זייט מוז זי אַוועקרויבן די הנאה פון אַ פרייער ברירה. וואָרעם דיקטאַטור באַשטייט אין שטרענגער מיליטאַריזאַציע פון גאַנצן לעבן. די טויערן פון פרייער ברירה ווערן אַלץ מער און מער פאַרשלאָסן און פאַרזיגלט, וואָס דאָס איז עלול מיט דער צייט אָפּצוקילן די באַגייסטערונג פון אָנהענגער.

זענען אָבער פאַראַן קאָמפּענסירנדיקע געלעגנהייטן ווען דער געבונדענער פון דער דיקטאַטור קען איבערלעבן די רעאַלקייט פון זיין איך־עקזיסטענץ. איינע פון די וויכטיקסטע צווישן זיי קומט פאַר דעמאָלט ווען ער קען דערפילן אַ סאַנקציאָנירטע פּערזענלעכע העכערקייט דורך העלפן אַקטיוו פאַרשטויסן, פאַרפּייניקן, די אויף וועלכע עס הענגט דער שאָטן פון אַ גזר־דין אָדער פון אַ געוואָרפענעם אומחן, ד״ה, די וואָס, לויטן גייסט פון דיקטאַטור, עס איז צו זיי מער קיין מאָראַלע אחריות ניטאָ, דאָס איז די געלעגנהייט ווען ער קען געפינען, אין געוויסע ראַמען, גענוג פרייע ברירה

צו געוועלטיקן איבער זיין קרבן. דורך אויסנוצן די דאָזיקע סיטואַציע ווערט ממשותדיק גערזעטיקט דער איך־הונגער פון אַ מענטשן וואָס איז אין זיינע סענסיטיווסטע מאָמענטן געצוואונגען צו לעבן לויט אַ געשטעלטן קאָדעקס פון דרויסנדיקע באַפעלן.

די הנאה פון אַריבערהייבן זיך איבער אַנדערע שטאַמט פון די טיפסטע קוואַלן פון דער איך־איבערלעבונג. זי קען זיין סאָציאַל־אומשולדיק און אָפט אַן עכטע ברכה. אָבער אונטער אַ דיקטאַטור־רעזשים קען זי די געטרייע אונטערטעניקע דערפירן צו ווערן מאָרד־אַגענטן אָדער דירעקטע מערדער. אין דייטשלאַנד האָט עס דערגרייכט צו אַ מדרגה וואָס קיין מאָמענט אין אונדזער געפילטער פריי־ברירה׳דיקער רעאַליטעט האָט אונדז ניט געהעריק צוגעגרייט עס צו באַנעמען.

דער חילוק צווישן דער דעמאָקראַטישער און דער דיקטאַטאָרישער לעבנס־פאָרעם באַשטייט אין דעם וואָס אין דער ערשטער איז דער ציל, אין באַשטימטע ראַמען, אַ פּערזענלעכקייט מיט פאַרשיידן־אָריענטירטע אידייען, לאָיאַליטעטן, פאַראינטערעסירטקייטן, שטעלונגען, אַ פּריוואַט־געפילטע ווערטן־סכעמע און אַן איך־פאַרוואָרצלט געוויסן. עס איז אַ ספערע וואָס מען וואָלט געקענט רופן פּאָליקראַטיע, די הערשאַפט פון אַ סך, אַ סך פאַרבן, ניואַנסן און תוך־מאָמענטן פון דער אינטעלעקטועלער, אידעאָלאָגישער און עמאָציאָנעלער לעבנס־פּאַנאָראַמע. פאַרקערט, דיקטאַטור איז מאָנאָקראַטיע, די הערשאַפט פון איינס, איין אידעאָלאָגיע, אַן איינפאַרביקע שטעלונג צו אַלע צווייגן פון וויסנשאַפט און קונסט, איין דאָמינירנדיקע פאַראינטערעסירטקייט פאַר אַלעמען, אַ געוויסן פון וועלכן פּערזענלעך־אויפגעבויטע ווערטן ווערן אָפּגעפרעמדט, און — וואָס איז אַזוי טיפּיש פאַר יעדער דיקטאַטור — אַ מענטש־דיקטאַטור אָן דער שפּיץ, און ער ווערט געפילט ווי אַ כוח וואָס אין זיין האַנט ליגט די אַבסאָלוטע באַשערטקייט פון דער וועלט.

זיכער קען דער פּאָליקראַטישער מענטש זיך צייטווייליק און פריי־וויליק אַריינוואַרפן אינעם מאָנאָקראַטישן שרובשטיק, ווען זיינע פריערדיקע גלויבנס, השגות און איבערצייגונגען האָבן דאָרט דערזען די דערגרעכנטערונג פון זיינע אידעאַלע צוקונפט־געווענדטע צילן. אָבער די נאַטירלעכע אַגרע־סיווע דיקטאַטור קען בלויז האָפן צו באַשאַפן אַ מער סטאַבילן מאָנאָקראַטישן מענטשן ווען זי וועט זיך שטענדיק האַלטן ביים „מיליטערישן קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו״, אפילו אין ציווילן לעבן און אפילו אין פאָרמעלער שלום־צייט. דאָס איז טאַקע כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער איינציקער דיקטאַטור. איר אומפּערזענלעכער מאַסן־כאַראַקטער פירט אויך דערצו אַז זי זאָל זיך באַנוצן אויפן שרייאיקסטן אופן מיט טעאַטראַלע עפעקטן, פאַרביקע צערע־מאָניאַלן און אַן אָפּזונדערנדיקע סימבאָליק. דאָס גיט דעם אומפּערזענלעכן

מאָנאָקראַט דאָס געפיל אַז ער געהערט צו אַ סאָציאַלער ווערסיע פון „איך בין איינער, ווייטער קיינער״.

אין דייטשלאַנד האָט דאָס געבראַכט דעם בלוטיקסטן רוצח פון אַלע צייטן. וואָסער פּרייז מיר האָבן פאַר דעם באַצאָלט איז אונדז גוט באַקאַנט. אָבער זאָל דאָס ניט פאַרשטעלן אין אונדזער געדאַנק די שווערע אומגליקן וואָס מיר האָבן געליטן און ליידן נאָך איצט פון אַנדערע דיקטאַטורן. דעריבער ווען מיר טראַכטן פון יענער מאָוימדיקער צייט וואָלט געווען אַ סך רעאַליסטישער און אַ סך נוצלעכער ווי אַ מוסר השכל אויפן מאָרגנדיקן טאָג, ווען מיר זאָלן אַביסל גענויער ·אידענטיפיצירן דעם רוצח. ער איז ניט סתם אַזוי דייטשלאַנד, נאָר דייטשלאַנד אונטער אַ דייטשישער דיקטאַטור.

(1953)

# ביבליאָגראַפיע


1) טויבע בליצבלוי, „פון לאָדוש ביז בערגען־בעלזען״, אין בלעטער פון פּיין און אומקום, מעלבורן, 1949, 24.

2) Eugen Kogon, *The Theory and Practice of Hell*, 1950, 163.

3) Benedikt Kautsky, *Teufel und Verdamte*, Zurich, 1946, 155.

4) זע, למשל, די פריערדיקע ציטאַטע פון אויגען קאָגאָן, אָדער מרדכי שטריגלער, מיידאַנעק, בוענאָס־איירעס, 1947, 76; Ernst Wiechert, *Forest of the Dead*, 1947, 67, 82.

5) Eugene Minkowsky, "Obesrvations on the Psychological and Psycho-pathological Consequences of War and Nazism," *American Ose Review*, Spring, 1949, Vol. 6, No. 1, 3-10.

6) בליצבלוי, דאָרט, 27.

7) פיליפ פרידמאַן, אָשוויענטשים, בוענאָס־איירעס, 1950, 84.

8) שטריגלער, מיידאַנעק, 150.

9) ישראל טאַבאַקסבלאַט, עבדים היינו, פּאַריז, 1948, 32.

10) Leon Szalet, *Experiment E, a Report from an Extermination Laboratory*, 1945, 145.

11) מאַרק דוואָרזשעצקי, ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום, פּאַריז, 1948, 119.

12) פרידמאַן, אָשוויענטשים, 181.

13) שאַלעט, 14; זען אויך: יוסף ראָגעל, אוישוויץ (לידער), מאָנטרעאָל, 1951, אַריינפיר.

14) Bruno Bettelheim, "Individual and Mass Behavior in Extreme Situations," *The Journal of Abnormal and Social Psychology*, 1943, Vol. 38, 417.

15) רעיה כגן, בלשכת הגיהנום, מרחביה, 1947, נג.

16) שאַלעט, דאָרט, 14.

17) בעטלהיים, דאָרט.

18) E. A. Cohen, *Het Duitse Concentratiekamp*, Amsterdam, 1952, 245.

19) מינקאָווסקי, דאָרט.

20) J. Goldstein, I. F. Lutkoff and H. Strauss, "A Case History of a Concentration Camp Survivor," *American Ose Review*, Spring, 1951, Vol. 8, No. 1, 11-29.

21) **י. צוקער,** אין די נעגל פון טויט **(פון די איבערלעבונגען פון פרוי רחל אָסטשעגאַ), בוענאָס איירעס, 1947, 108.**

22) **זען, למשל, קאָהען, 1946**; אויך: Hilde O. Bluhm, "How Did They Survive?", *The American Journal of Psychotherapy*, 1948, Vol. 2, 3-32.

23) Gisella Perl, *I Was a Doctor in Auschwitz*, 1948, 41.

24) Emil Utitz, *Psychologie des Lebens im Konzentrationslager Theresienstadt*, Wien, 1948, Cap. IV.

25) טאַבאַקסבלאַט, דאָרט, קאַפּ. **31.**

26) טאַבאַקסבלאַט, דאָרט, **111.**

27) **אוטיץ,** דאָרט קאַפּ. **XIII.**

28) **שטריגלער,** מײַדאַנעק, **163.**

29) C. Bondy, "Problems of The Internment Camp," *The Journal of Abnormal and Social Psychology*, 1943, 453-475.

30) **צוקער־אָסטשעגאַ,** דאָרט, **106.**

31) **בעטלהיים,** דאָרט.

32) **גאָלדשטיין,** לוקאָוו און סטראַוס, דאָרט.

33) **מאַרק טורקאָוו,** מלכה אָוושיאַני דערציילט, **בוענאָס איירעס, 1946, 146.**

34) Douglas M. Kelley, *Twenty two Cells in Nuremberg*, 1947, 2.

35) G. M. Gilbert, *The Psychology of Dictatorship*, 1950, 254.

36) Peter McKellar, "Responsibility for the Nazi Policy of Extermination," *The Journal of Social Psychology*, 1951, Vol. 34, 153-163.

37) Bertram Schaffner, *Father Land*, 1948, 47.

38) **שאפנער,** דאָרט, **56.**

39) קעלי, דאָרט, **3—6.**

40) Franciska Baumgarten-Tramer, "German Psychologists and Recent Events," *The Journal of Abnormal and Social Psychology*, 1948, Vol. 49, 452-465.

41) Leo Alexander, "Destructive and Self-Destructive Trends in Criminalized Society," *The Journal of Criminal Law and Criminology*, 1949, Vol. 39, 553-546.

42) E. Federn, "The Terror as a System, The Concentration Camp," *Psychiatric Quarterly*, Supplement, Vol. 22, 1948, Part I, 52-86.

43) Erich Altmann, *Im Angesicht des Todes*, Wien, 1947, 61-62.

44) **פעסיע פריינקל־זאַלצמאַן,** העפטלינג נומער 94771, **מאָנטרעאָל, 134, 147, 149.**

45) Dorothy Macardle, *Children of Europe*, 1951, 112.

46) G. W. Alport, J. S. Bruner and E. M. Jandorf, "Personality Under Social Catastrophe," *Character and Personality*, 1941, Vol. 10, 1-22.

47) Janette Wolf, "For Life and Freedom," *We Survived — As Told by Eric H. Boehm.*

48) Leo Alexander, "The Molding of Personality Under Dictatorship," *The Journal of Criminal Law and Criminology*, 1949, Vol. 40.

49) Gregor Ziemer, *Education for Death*, 1941.

50) Leo Alexander, "War Criminals and their Motivation," *The Journal of Criminal Law and Criminology,* 1948, Vol. 39, 298-326.

51) Lucie Adelsberger, "Medical Observations in Auschwitz Concentration Camp," *Lancet,* 1946, Vol. 1, 317-319.

52) *Trials of War Criminals,* 1950, Vol. 5, 1075.

53) *Doctors of Infamy,* 1949, 86.

54) *Doctors of Infamy,* 162-163.

55) גילבערט, דאָרט, 256.

56) K. R. Eissler, "Incidental Observations During Psychiatric Surveys on Seven German Prisoners of War," *The American Journal of Psychotherapy,* 1948, Vol. 2, 33-63.

57) קעלי דאָרט, 50.

58) קעלי, דאָרט, 169.

59) קעלי, דאָרט, 63.

60) גילבערט, דאָרט, 255.

61) גילבערט, דאָרט, 293.

62) J. Tas, "The Enigma of Bergen-Belsen," *Knickerbocker Weekly,* Dec. 31, 1945, Jan. 7, 1946.

## ביכער פון לייבוש לעהרער

**די פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור**
אַריינפיר אין פילאמיטאָלאָגיע
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1926

**די מאָדערנע יידישע שול**
פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1927

**אַזוי זענען מענטשן**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1934

**פּסיכאָלאָגיע און דערציאונג**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1937

**יידישקייט און אַנדערע פּראָבלעמען**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1940

Camp Boiberik, *The Growth of an Idea,* 1959

**אַזוי זענען יידן**
פאַרלאַג מתנות, ניו־יאָרק, 1959

א י ב ע ר ז ע צ ו נ ג ע ן :

**פּסיכאָלאָגיע,** פון וויליאַם מעקדוגעל
מיט אַן אַריינפיר פון הוגאָ מינסטערבערג
פאַרלאַג „די הײם״, ניו־יאָרק, 1920

**די ראָמאַנטישע שול אין דייטשלאַנד**
(2 בענד)

פון געאָרג בראַנדעס
פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1921